# אין געיעג נאָך מאָמענטן

## יצחק לודען



### צווייטער באַנד

## די אייביקע רגע

"דער אומבאַקאַנטער קאַצעטלער"
פֿון דעם סקולפּטאָר
פֿריץ קעהלע (1859 –1953).
דער דענקמאָל, נעבן די קרעמאַטאָריעס
פֿון דאַכאַו, איז אַנטהילט געוואָרן דעם
1טן מײַ 1950.



געווידמעט מײַן באַנײַטער משפּחה: –
מײַן לעבנסבאַגלייטערין **אסתּר**, אונדזערע
טעכטער **חנה** און **אורית**, מײַן איידעם **עד**
און די אייניקלעך **טאַליאַ** און **איריס** –
מיט ליבשאַפֿט

**די צווײ בענד פֿון דעם בוך**
דערשײַנען מיט דער הילף פֿון:
**איציק און געניאַ מאַנגער־פֿאָנד**
בײַם קרן יהושע רבינוביץ לאמנויות תל־אביב
**קרן למען בית שלום־עליכם**
**לערנער־פֿאָנד פֿאַר ייִדיש אין ישׂראל**
**אַרבעטער־רינג אין ישׂראל**
**שלום און ישׂראל גאָטײַנער־אינסטיטוט בײַם אוניווערסיטעט פֿון חיפֿה**
פֿאַר פֿאָרשן די געשיכטע פֿון "בונד", ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג
און ייִדישע קולטור אין מזרח־אייראָפּע
**פּיניע קרישטאַל**, מעלבורן און **מאיר נירנבערג**, בוענאָס אײַרעס

## יצחק לודען

# אין געיעג נאָך מאָמענטן

אַקטועלע זשורנאַליסטיק
פֿון היינטיקע און נעכטיקע טעג

### צווייטער באַנד

## די אייביקע רגע



ה. לייוויק־פֿאַרלאַג
בײַם פֿאַראיין פֿון ייִדישע שרײַבער און זשורנאַליסטן אין ישׂראל.
תּל־אָבֿיבֿ • תּשס"ט – 2009

# IN PURSUIT OF THE MOMENT
Book II
The Everlasting Moment
*By Itzhak Luden*

*יצחק לודען:* **צייד הרגעים**
כרך שני: הרגע הנצחי




הילע: **אורית לודען**
צייכענונגען: **יאָסל בערגנער**

מיטהילף ביַי דער קאָרעקטור: **אליעזר ניבאָרסקי**
טעכנישע מיטהילף: **יעל קדם**







ISBN: 965-7348-11-0 :מסת״ב

הודפס בישראל, תשס״ט – 2009
Printed in Isral, 2009

דפוס צור-אות, ירושלים, טל. 02-5389776

# צווייטער באַנד

די אײביקע רגע
מענטש, ווער ביסטו?
קעגנאיבער דער גלעזערנער שטײַג
פֿון נאָענטן אַמאָל
אַן אַרויסבליק אין דרויסן
אַן אַרײַנבליק אין קונסט
דאָס לעבן דערצײלט
איבערזעצונגען
און בלײַבן אַ מענטש
(פּאָלעמיק, מחשבֿות)

באַמערקונגען וועגן שפּראַך-נאָרמירונג

געהייליקט דעם אָנדענק פֿון מײַנע
עלטערן **חנה און אוריש**, מײַנע
שוועסטערס **צירל און ליבעלע** – אַלע
אומגעבראַכט דורך די נאַצי־דײַטשן
אין וואַרשעווער געטאָ, מײַן ברודער
**אַבֿרהם**, אומגעקומען אין 1942 אין
אוקראַיִנע,
און מײַן ברודער **יוסף** (1906–2002)
געשטאָרבן אין ישׂראל

דאָס בוך איז געדרוקט לויטן אויסלייג פֿון ייִוואָ, אָבער מיט לײַכטע אַנדערשקייטן, באַזירט אויף דעם מחברס סטיליסטישע און אַנדערע פּרינציפּיעלע באַוואָרענישן. זיי ווערן אַרויסגעבראַכט און באַהאַנדלט אין צווייטן באַנד פֿונעם בוך, אין דעם אַרטיקל א״נ: **"פּרײַע מחשבֿות וועגן לאָגיק און שׂכל־הישר, טראַדיציע און באַנײַונג אין דער שפּראַך־נאָרמירונג"** (ז״ז 459 – 474)

# די אייביקע רגע

## אויף דער דיכטער איז אַ יעגער

צו יצחק לודען

(אין די שפּורן פֿון דעם אַרייַנפֿיר)

*אויף דער דיכטער איז אַ יעגער*
*נאָר די צייַט זי צילט אין אים,*
*אין דער אייביקער באַוועגונג,*
*אין דעם אייביקן פֿאַרשווינד.*

*ווען די הייסע נייַעס הייַנטיק*
*ווערן מאָרגן אַלט און נישטיק –*
*זעלטן ווער עס קאָן ווי דו*
*צוטראָגן אַ "גײַסטיק פֿרישטיק".*

*אָבער ווער עס הערט געטרייער*
*דייַן פֿאַרטיפֿטע פּובליציסטיק*
*נעמט אַרייַן דייַן וואָרט אין דויער*
*האַפּטיקער ווי בלויז אויף פֿרישטיק.*

רבֿקה באַסמאַן בן־חיים

**אַ גלענצנדיקע צוקונפֿט**

מיר וועלן אַמאָל נאָך קויפֿן טאַטעס
אויף ראַטעס.

סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ

## *צײַטן בײַטן זיך*

אײנע פֿון די בולטסטע אײגנשאַפֿטן פֿון אונדזער עפּאָכע איז די אומגעװײנלעכע געשװינדקײט פֿון דער צײַט. כאָטש מיר װײסן, אַז צײַט װערט געמאָסטן מיט דער גענױקײט פֿון אַן אַטאָמישן זײגער – מיט דער גענױקײט, דוכט זיך, פֿון אײן סעקונדע אױף עטלעכע מיליאַרד יאָרן – דאַרף מען זיך נישט פֿאַררופֿן אױף אײַנשטײנען, כּדי צו באַװײַזן, אַז די צײַט איז אױך אַ רעלאַטיװער באַגריף. אָט לױפֿט זי גראָד פֿאַר אונדזערע אױגן מיט אַזאַ מטורפֿדיקן טעמפּאָ, אַז קײנער קאָן זי נישט דעריאָגן.

אָבער אָנשטאָט צו זאָגן, אַז עס בײַט זיך דאָס לעבן, זאָגן מיר געװײנלעך אַז עס בײַטן זיך די צײַטן. און צוזאַמען מיט די צײַטן בײַטן זיך די באַגריפֿן, די געדאַנקען און אַפֿילו די לידער: "נײַע צײַטן – נײַע לידער", װי עס האָבן געזונגען הײַנע, פּרץ און אַנדערע דיכטער.

נעמט, למשל, די ענדערונגען אין דער טעכנאָלאָגיע װי אין דער פּלאַסטישער קונסט: בײדע צײכענען זײ זיך אױס, אין פֿאַרגלײַך מיט אַלע פֿריִערדיקע צײַטן, מיט זײער געװאַלדיקער פֿאַרענדערלעכקײט, מיט זײער אומגעװײנלעכער באַװעגלעכקײט און אײַנפֿאַלערישקײט. נײַע סטילן, נײַע טעכניקעס און נײַע פֿאָרמען קומען אױף און פֿאַרשװינדן אין אײן אױגנבליק; עס איז ממש אוממעגלעך אױסצורעכענען די אַלע אױפֿגעקומענע און אונטערגעגאַנגענע אַסקאָלעס און ריכטונגען, װאָס זענען אױפֿגעקומען אין די פֿינף און זיבעציק יאָר פֿון אונדזער יאָרהונדערט.

מיט נישט קײן קלענערער געשװינדקײט ענדערט זיך פֿאַר אונדזערע אױגן די פּאָליטיק. דאָס װאָס איז געזאָגט געװאָרן נעכטן, איז שױן הײַנט ·געװאָרן פֿאַרגעסן דורך די זעלבע פּאָליטיקער, און מאָרגן װעלן זײ זאָגן פונקט דאָס פֿאַרקערטע. און אַזױ אױך אין דער פּאָליטישער אױפֿפֿירונג פֿון מענטשן.

לאָמיר נעמען דעם פֿאָלגנדיקן בײַשפּיל: מיט איייניקע יאָר צוריק, פֿאַר דער יום־כּיפּור־מלחמה, האָבן אַראַבער, פֿאָרשטייער פֿון אַראַבישע לענדער אין אויסלאַנד, געוויינלעך מוֹרא געהאַט זיך צו טרעפֿן, און נאָך מער מוֹרא געהאַט זיך צו פֿאָטאָגראַפֿירן מיט אַ ייִד פֿון ישׂראל – כּדי מען זאָל זיי אין זייער היימלאַנד נישט באַשולדיקן אין "קאָלאַבאָראַציע מיטן שׂונא", בעת די ישׂראלים פֿלעגן תּמיד זוכן אַזעלכע געלעגנהייטן און זיי פֿאַרעפֿנטלעכן אין דער פּרעסע. נאָך דער יום־כּיפּור־מלחמה, איז אָבער פֿאָרגעקומען אַן איבערקערעניש צווישן אַנדערן אויך אויף אָט דעם "פֿאָטאָגראַפֿישן" געביט: ווען דער פּאָליטישער סעקרעטאַר פֿון מפּ"ם, נפֿתּלי פֿעדער, איז אויף אַ קאָנפֿערענץ אין פּראָג געזעסן, געגעסן פֿרישטיק און געשמועסט מיט אַ פֿאָרשטייער פֿון דער "פּאַלעסטינער באַפֿרײַונגס־אָרגאַניזאַציע", האָט אים יענער געפֿרעגט, צי ווערט אים דער דאָזיקער פֿאַקט נישט ברענגען קיין שאָדן אין ישׂראל?... און עס האָט זיך טאַקע אויפֿגעהויבן אַרום דעם אַ שטורעם אין לאַנד – אין דער פּרעסע און אין די געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן, קעגן דעם "פֿאַרברעכן" פֿון זיצן און שמועסן מיט אַ פּאַלעסטינער.

דער דאָזיקער "חטא" איז אויך נאָכגעגאַנגען דעם מעקסיקאַנער פּרעזידענט לויִס עטשעווערי‌אַ, ווען צוזאַמען מיט די באַגריסונגען צו זײַן אָנקומען אויף אַ באַזוך אין לאַנד, איז אויך דערשינען אין דער פּרעסע דאָס בילד ווי דער חשובֿער גאַסט נעמט זיך פֿרײַנדלעך אַרום מיטן פּאַלעסטינער פֿאַטאַך־פֿירער יאַסער אַראַפֿאַט.

הײַנט האָבן מיר פֿאַרגעסן וואָס מיר האָבן געפּרעדיקט נעכטן.

פּונקט אַזוי אויך האָט דער חשובֿער גאַסט, דער פּרעזידענט פֿון מעקסיקע, גערעדט אַנדערער דיבורים בײַ אונדז, ווי ער האָט גערעדט מיט אַ טאָג פֿריִער אין אַלעקסאַנדריע, ווו ער האָט זיך געטראָפֿן מיט סאַדאַטן און מיט אַראַפֿאַטן; און אַנדערש ווי ער האָט גערעדט מיט עטלעכע טעג פֿריִער אין אַנדערע אַראַבישע לענדער, אָדער מיט צוויי יאָר פֿריִער בײַ זיך אין מעקסיקאָ־סיטי... דאָס איז דער כאַראַקטער פֿון דער פּאָליטיק, און די פּאָליטיק בײַט זיך צוזאַמען מיט די צײַטן אין אונדזער צײַט.

עס וואָלט אָבער געווען נישט פֿאַרנונפֿטיק צו פֿאַרלאַנגען פֿון די פֿירער פֿון אַנדערע לענדער – צי זיי זענען פֿײַנטלעך, נייטראַל אָדער פֿרײַנדלעך אײַנגעשטעלט צו אונדז – זיי זאָלן טראַכטן אויפֿן זעלבן אופֿן ווי מיר און זאָלן זען די זאַכן פּונקט אַזוי ווי מיר זעען זיי. מיר

ווייסן נישט וועגן וואָס דער מעקסיקאַנער פּרעזידענט האָט גערעדט מיט אַראַפֿאַטן אין אַלעקסאַנדריע. אָבער ווען אַ גרופּע סטודענטן האָט אים פֿאָרגעוואָרפֿן דעם חטא פֿון טרעפֿן זיך מיט אַראַפֿאַטן, און האָט דעמאָנסטרירט קעגן אים בעת זײַן באַזוך אין תּל־אָבֿיבֿער אוניווערסיטעט (ווו עס איז אים צוגעטיילט געוואָרן אַן ערן־דאָקטאָראַט) – האָט דער חשובֿער גאַסט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז ער האָט זיך געטראָפֿן מיט אַראַפֿאַטן, כּדי אים צו מוסרן, הלמאַי ער באַנוצט זיך מיט טעראָר...

דער מעקסיקאַנער פּרעזידענט איז אָבער נישט געווען דער ערשטער אין דער הינזיכט – אויך דער פֿראַנצויזישער אויסערן־מיניסטער האָט זיך בשעתּו געטראָפֿן מיט אַראַפֿאַטן, און עס איז שוין הײַנט כּמעט נישטאָ קיין מדינה אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט שטיצן דעם געדאַנק וועגן אַ פּאַלעסטינער מדינה, – אַפֿילו צווישן די סאַמע פֿרײַנדלעכסטע צו ישׂראל מדינות אין אייראָפּע, און אין לאַטיין־אַמעריקע, אומאָפּהענגיק פֿון די סיבות, וואָס האָבן זיי באַוויגן אָדער געצוווּנגען צו דעם, און עס וואָלט געווען אַ סך געזינטער פֿאַר דער ישׂראלדיקער אויסערן־פּאָליטיק ווען זי וואָלט גענומען אין באַטראַכט דעם דאָזיקן פֿאַקט, צוזאַמען מיטן פֿאַקט, אַז צײַטן בײַטן זיך.

איינער פֿון די ערנסטע חטאָים פֿון אונדזער אויסערן־פּאָליטיק איז געווען, און איז קענטיק ווײַטער געבליבן – די אַלטע קאָנצעפּציע נאָך פֿון פֿאַר דער יום־כּיפּור־מלחמה, אַז ״די צײַט אַרבעט פֿאַר אונדז״. די דאָזיקע אײַנשטעלונג האָט אונדז גורם געווען אַ סך אַנטוישונגען און אַ סך קרבנות.

ווי אַנדערש האָט עס אויסגעזען מיט אַכט יאָר צוריק, נאָכן נצחון אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, ווען מיר האָבן געוואַרט אויף אַ טעלעפֿאָן פֿון די אַראַבער... דעמאָלט איז בײַ אונדז אויפֿגעקומען די קאָנצעפּציע, לויט וועלכער ״די צײַט אַרבעט פֿאַר אונדז״, און זינט דאַן האָט די צײַט אונדז גורם געווען אַזוי פֿיל צרות.

ס׳וואָלט שוין דעריבער געווען צײַט, אַז מיר זאָלן ענדערן אונדזער באַציִונג צו דער צײַט און אָנערקענען דעם פֿאַקט, אַז צײַטן בײַטן זיך.

*לעצטע נײַעס* **15־טער אויגוסט 1975**

(געקירצט)

# צווישן אַ בונט און... אַ בינטעלע

## אַ וויכּוח איבער אַ נאָמען

די פּיקטיוועפֿויזע פֿון "רו" און דאָס פֿאַרלאָזן זיך אויף דעם קורצן זכּרון פֿון מענטשן – קאָן דען זײַן אַ בעסערער רעקאָרד פֿאַר די פֿירער פֿונעם "ליכּוד" צו קומען מיט אים צו די וויילער אין ישׂראל? די רשימה פֿון די "צען הייסע געשעענישן אויף דער וועלט" איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן קורץ פֿאַרן אויסברוך פֿון די געשעענישן אויף די שטחים – אין עזה־פּאַס און אויפֿן מערבֿדיקן ברעג, און אָט די געשעענישן וועלן שוין דאַרפֿן אַרײַנגערעכנט ווערן אויפֿן חשבון פֿון דער "הייסער רשימה" פֿונעם קומענדיקן יאָר – אויב זיי וועלן ביז איבעראַיאָר נישט ווערן פֿאַרגעסן.

דערווײַל אָבער זענען די בלוטיקע אומרוען פֿון דער הײַנטיקער וואָך אויף די שטחים באַגלייט געוואָרן אין לאַנד מיט אַ הייסן סעמאַנטישן וויכּוח צווישן די פּאָליטיקער און פּאַרטיי־טוערס וועגן דעם, צי איז דאָס געווען אַ "מרידה", אַ "ציווילער קריג", אָדער סתּם "אומרוען"; אַן אמתדיקער בונט, אָדער בלויז אַ בינטעלע.

און אפֿשר גאָר... אַ בינטעלע בלומען?

אַבא אבֿן, דער מײַסטער פֿון וואָרטשפּיל און פֿון דיפּלאָמאַטישער סעמאַנטיק, האָט ריכטיק געזאָגט, אַז אָנשטאָט צו זוכן דעם שורש פֿון די אומרוען, און אָנשטאָט זיך מטפּל צו זײַן מיט זײַנע טיפֿערע סיבות כּדי זיך פֿון זיי צו באַפֿרײַען – פֿאַרנעמט מען זיך בײַ אונדז מיט זוכן פֿאַר זיי אַ נאָמען ווי אַזוי זיי אַרײַנצושרײַבן אין דעם ווערטערבוך, און ווי אַזוי זיי צו פֿאַרצייכענען פֿאַר דער געשיכטע.

אין אָט דעם סטעריליש־סעמאַנטישן וויכּוח זיצט אָבער פֿאַרשטעקט דער דיבוק פֿון אונדזער נאַציאָנאַלער מחלוקת וועגן דעם גורל פֿון די באַזעצטע טעריטאָריעס און וועגן דעם גורל פֿון דער מדינה. ווײַל – פֿון דער באַצייכענונג פֿון דעם וואָס עס קומט פֿאָר אויף

די שטחים איז אָפּהענגיק די באַציִונג צו זיי, זייער באַהאַנדלונג, זייער גורל. און אַפֿילו אויך דער גורל פֿון דער מדינה.

יעדער איינער זאָרגט פֿאַרן גורל פֿון דער מדינה. צום מערסטן פֿון אַלעמען זאָרגט דערפֿאַר דער מיניסטער אַריאל שרון. צו דעם צוועק האָט ער אָפּגעקויפֿט אַ הויז אין סאַמען האַרץ פֿון דעם מוסולמענישן קוואַרטל אין דער אַלטשטאָט פֿון ירושלים און האָט דאָרט געפּראַוועט די גרויסע חגיגה פֿון דעם חנוכּת הבית און פֿון אָנצינדן דאָס ערשטע חנוכּה־ליכטל פֿון דעם מאָדערנעם יהודה המכּבי. ער האָט דאָס געטאָן, זאָגט ער, כּדי מקיים צו זײַן דאָס רעכט פֿון ייִדן צו וווינען אין יעדן אָרט אין ארץ־ישׂראל. זײַן אָנוועזנהייט אין דעם אָרט וועט פֿאַרזיכערן, זאָגט ער, אַ פֿרײַען וועג פֿאַר די ייִדן צום כּותל המערבֿי.

דאָס וועט אויך פֿאַרזיכערן אַ פֿרײַען וועג פֿאַר דעם כּנסת־דעפּוטאַט דבֿ שילאַנסקי פֿאַר זײַנע דעמאָנסטראַטיווע מאַרשן צום הר הבית, און אים, שרונען – צום אַמט פֿון פּרעמיער־מיניסטער. דעם דאָזיקן ביטערן פּילול האָט אויך געמוזט אַראָפּשלינגען זײַן פּאַרטיי־חבֿר און ריוואַל, דער פּרעמיער יצחק שמיר, ווען ער איז געקומען אין זײַן הויז מיטמאַכן דעם ספּעקטאַקל פֿון יענער חנוכּה־נאַכט.

דאָס איז טאַקע געווען אַן אומגעוויינלעכער ספּעקטאַקל פֿאַר די אויסלענדישע זשורנאַליסטן און טעלעוויזיע־לײַט, וועלכע זענען געקומען "דעקן" די געשעעניש אין מזרח־ירושלים: אין הויז פֿון דעם מיניסטער האָבן די דרײַ הונדערט געסט געגעסן פּאָנטשקעס און געזונגען "מעוז צור ישועתי". אין דרויסן האָבן דרײַ הונדערט שוטרים געוואָרפֿן באָמבעס פֿון טרערן־גאַז אויף דעם פּראָטעסטירנדיקן המון.

שפּעטער, נאָך דער שׂימחה, האָבן די טעלעוויזיע־לײַט באַגלייט דעם מיניסטער שרון מיט זײַן ווײַב לילי בעת זיי זענען אַוועק שלאָפֿן אין "פּלאַזאַ"־האָטעל אינעם ייִדישן טייל פֿון ירושלים.

אַ דריטל פֿון די עטאַטן, וואָס די פּאָליציי טיילט אויס צו היטן און צו באַשיצן כּלערליי חשובֿע לײַט, וועט מען איצט דאַרפֿן אויסטיילן אויף צו באַשיצן דאָס הויז פֿון דעם מיניסטער שרון ווען ער וועט נעכטיקן אָדער ווײַלן זיך אין דעם הויז אין ירושלים – האָט געזאָגט אין דער כּנסת דער פּאָליציי־מיניסטער חיים בר־לבֿ. צוזאַמען מיט זײַן פֿאַרמע אין נגבֿ וועט די דאָזיקע שמירה אָפּקאָסטן דעם ישׂראלדיקן שטײַער־צאָלער קרובֿ אַנדערטהאַלבן מיליאָן דאָלאַר אַ יאָר. פֿאַר דער זיכערהייט פֿון דעם גיבור פֿון אונדזער צײַט, דעם מאָדערנעם

יהודה המכּבי, איז אָבער קיין שום פּרײַז נישט צו טײַער. ער איז דאָך נישט ערגער און נישט ווייניקער חשובֿ פֿון הרבֿ משה לעווינגער און פֿון די ווײַבער פֿון "הדסה" – כ'מיין די פֿון דעם "בית הדסה" אין חבֿרון – וואָס אויך פֿאַר זיי און פֿאַר זייערע קינדער ווערן אַוועקגעשטעלט ספּעציעלע שמירות פֿון בירגער, וואָס ווערן גערופֿן צו דערפֿילן זייער יערלעכן חובֿ פֿון מיליטערישן רעזערוויסטן־דינסט.

און אויב די דאָזיקע מעשׂים פֿון מקיים זײַן דאָס רעכט פֿון ייִדן צו וווינען אין יעדן אָרט אין ארץ־ישׂראל (נאָך דעם ווי די אַראַבישע אײַנוווינער זענען באַזײַטיקט געוואָרן פֿון דעם ייִדישן קוואַרטל און פֿון זייערע שטובן נעבן דעם כּותל) זענען גורם צו אַלץ נײַע און נײַע טעראָר־אַקטן און צו מאַסן־מהומות – האָט שוין דער פּרעמיער געפֿונען דערויף אַ גאָלדענעם אײַנפֿאַל: פֿאַרשליסן די שטחים פֿון די אומרוען פֿאַר די זשורנאַליסטן, ווײַל זייערע באַריכטן מאַכן אַ שווערן אײַנדרוק אויף דער עפֿנטלעכער מיינונג אין אויסלאַנד.

זיי, די זשורנאַליסטן, זענען דאָס, אַלזאָ, שולדיק אין דעם אַלעם. זיי זענען דער מקור פֿון אַלע פּורעניותן, פֿון אַלע ווילדע שלעק. צוליב זיי פֿאַלן אַזוי פֿיל קרבנות...

און נישט נאָר זיי, נאָר אויך – און אפֿשר טאַקע אין דער ערשטער ריי – שמעון פּרס, צוליב זײַנע פּרוּוון אויפֿצולעבן די "געשטאָרבענע" אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפֿערענץ, און צוליב זײַנע פֿאָרשלאָגן וועגן אַ לייזונג פּטור צו ווערן פֿון דעם אײַטערנדיקן בלאָטער פֿונעם עזה־פּאַס, וווּ 650.000 אײַנוווינער שטיקן זיך אויף אַ שטח פֿון 360 קוואַדראַט־קילאָמעטער (36 ק"ק אין דער לענג און 10 אין דער ברייט), און אין צען־פֿופֿצן יאָר אַרום וועט זייער צאָל שוין דערגרייכן אַ מיליאָן און אפֿשר מער – אין דער צײַט, ווען 2000 מתנחלים לעבן אין לוקסוס אויף אַ טייל פֿון אָט דעם שטח. דאָרט אין דעם שמאָלן עזה־פּאַס דערגייט דאָך דאָס דעמאָגראַפֿישע פּראָבלעם פֿון דער ארץ־ישׂראל השלמה צום העכסטן אַבסורד.

"זייערע פֿאַרלאַנגען זענען זייער באַשיידענע, דער געבראָך זייערער איז זייער אַ נידעריקער" – זאָגט וועגן זיי איינער פֿון די אָנפֿירערס פֿון די מתנחלים. און אויב די אַראַבער מיט די "גאָר באַשיידענע לעבנס־פֿאַרלאַנגען" האָבן דאָך זיך צעבונטעוועט – זענען שולדיק אין דעם: פּרס, דער "מערך", די לינקע און די זשורנאַליסטן, זאָגט דער פּרעמיער יצחק שמיר.

אויב פּרס, דער "מערך", די לינקע און די זשורנאַליסטן זענען שולדיק אין דעם בלוט, וואָס ווערט פֿאַרגאָסן דורך דעם טעראָר און אין די אומרוען אויף די שטחים – זאָל מען זיי אפֿשר, אויב אַזוי, אַרעסטירן? זיי באַגייען דאָך אַ שרעקלעך פֿאַרברעכן!

דערווײַל האָלט עס נאָך נישט בײַ דעם. אַזאַ געדאַנק איז נאָך קיינעם נישט אײַנגעפֿאַלן. אַפֿילו די יונגען פֿון מאיר כּהנא האָבן אַנדערע געדאַנקען ווי אַזוי זיך מטפּל צו זײַן מיט די "אַגענטן פֿון אַראַפֿאַטן". אָבער אויב דער פֿירער פֿון "ליכּוד" און זײַנע געהילפֿן, בתוכם דער מיניסטער אַריאל שרון, וועלן דאַרפֿן אַרויסציִען קאָנסעקווענטע און לאָגישע מסקנות פֿ[ו]ן זייערע געניאַלע געדאַנקען, וועלן זיי זיך שוין דערטראַכטן אויך צו דעם.

קיין בעסערס קאָן מען פֿון זיי נישט דערוואַרטן, אין ליכט פֿון זייערע העצערישע רייד און פֿון זייערע מעשׂים.

אין אָנבליק פֿון זייערע אויספֿירן האָט שוין נישט קיין שום באַדײַט דער וויכּוח, צי די אומרוען אויף די שטחים זענען אַ "בונט" – אָדער בלויז אַ "בינטעלע"...

*לעצטע נײַעס*, **דעצעמבער 1988**



## *אָך, ווי שווע־ע־ע־ר!*

### אַזוי נאָענט – און אַזוי ווײַט...

פּאַראַן שטאַרקע ווערטער, וואָס מחמת זייער אָפּטן באַנוץ ווערן זיי שוואַך און אָפּגענוצט, אָדער, ווי מען רופֿט עס: אויסגעדראָשן. שוין אָפּגערעדט פֿון דעם וואָרט "שלום", וואָס אַלע שטאָלצירן מיט אים, און וואָס אַזוי פֿיל מענטשן טוען אים כּסדר פֿאַרשוועכן; אָדער נעמט, למשל, אַזעלכע ווערטער, ווי: "נאַציאָנאַלער קאָנצענזוס", צי "דאָס פֿענצטער פֿון געלעגנהייטן", אָדער אַפֿילו די פֿראַזע: "דער שלום איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי נאָענט, ווי איצט"... מיר האָבן דאָס שוין נישט איין מאָל געהערט.

אַנדערע ווערטער, וואָס מער מען נוצט זיי, אַלץ מער ווערן זיי ממשותדיק. באַזונדערס אין פּאָליטישן לעקסיקאָן. אַבסטראַקטע ווערטער און באַגריפֿן, וואָס זענען פֿריִער געווען "טאַבו", נישט אַרויפֿצוברענגען חלילה אויף די ליפּן, זענען מיט דער צײַט געוואָרן מאַטעריע. און זיי זענען געוואָרן געכּשרט, לעגיטים, – "פּאָליטיקלי קאָרעקט" – ווי עס זאָגן די אַמעריקאַנער.

נעמט, למשל, די צוויי ווערטער "פּאַלעסטיניען האָמלענד", וואָס זענען געווען בײַ אונדז פּסול־טריפֿה ביז מיט 22 יאָר צוריק – זענען געוואָרן מיט דער צײַט געכּשרט, נאָך דעם ווי דזשימי קאַרטער, דער פּרעזידענט פֿון "קעמפּ־דייוויד נומער איינס", האָט אין יענער צײַט צום ערשטן מאָל זיי אַרויסגעזאָגט פֿון זײַן אַמעריקאַניש־פּרעזידענטישן מויל – און אָט איז עס געוואָרן אַ יש, אַ ממשותדיק פּאַלעסטינער היימלאַנד: די ערשטע פֿאַזע, דער עמבריאָן פֿון דער פּאַלעסטינער מדינה אויפֿן וועג. נאָך דעם איז געקומען "דאָס רעכט אויף זעלבסט־באַשטימונג", דערנאָך די "זעלבסטפֿאַרוואַלטונג", "אויטאָנאָמיע" און די "לעגיטימע רעכט". איצט רעדט מען שוין תּכלית – וועגן דער פּאַלעסטינער מדינה – ווי אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט.

דאָס האָט צוערשט געטאָן די אינטיפֿאַדע, און דאָס האָט דערנאָך ביל קלינטאָן, דער פּרעזידענט פֿון קעמפּ־דייוויד נומער צוויי, שוין מיט אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק געגרעדט וועגן אַ פּאַלעסטינער מדינה בעת זײַן באַזוך אין עזה, נאָך דעם ווי ער האָט אין דער זעלבער צײַט אויסגעמיטן זיך צו טרעפֿן מיט ביבי נתניהו אין ירושלים.

עס איז אָבער נאָך קיינמאָל, טאַקע נאָך קיינמאָל, נישט געווען אַזוי אַקטועל און אַזוי נאָענט צו דער ווירקלעכקייט די פֿראַזע, אַז "דער שלום איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי נאָענט", אַזוי אָט־אָט־אָ מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, ווי איצט – און אין דער זעלבער צײַט אַזוי ווײַט, ווי עס איז געווען נאַפּאָלעאָנס אוצר אויפֿן אַלטן ייִדישן בית־עלמין אין דער פֿאָלקס־לעגענדע און אין דער דראַמע פֿון שלום־עליכם.

– אוף, פוף, ווי שווע־ע־ר!... – האָט זיך קלינטאָן באַקלאָגט אויף די אומגעהײַערע שוועריקייטן אין די פֿאַרהאַנדלונגען אין קעמפּ־דייוויד – און זײַנע ווערטער האָבן אין מײַנע אויערן געקלונגען ווי די פּאָעמע פֿון פּוילישן דיכטער, דעם ייִד יוליאַן טוווים – "דער לאָקאָמאָטיוו". דאָס סאַפּען און דאָס שלעפּן זיך און דאָס דראַפּען זיך פֿון טוווימס אַלטן לאָקאָמאָטיוו איז אַזוי ענלעך צום סאַפּען און צום שלעפּן זיך און דראַפּען זיך פֿון אונדזער שלום־צוג אויפֿן וועג צו זײַן ענדציל, צו זײַן לעצטער סטאַנציע. וואָס מער ער דערנעענטערט זיך צו איר, אַלץ שווערער ווערט דער וועג באַרג־אַרויף, אַלץ גרעסער זענען די שטרויכלונגען און די העמונגען, אַלץ גרעסער ווערט די געפֿאַר פֿון דעם אויפֿרײַס, אָדער – די דערוואַרטונג אויף דער שׂימחה פֿון דער גאולה.

די ערשטע נײַן טעג אין קעמפּ־דייוויד האָבן צעטרייסלט די דערוואַרטונגען פֿון דעם פֿאָלק אין ישׂראל, צערודערט די האָפֿענונגען און צעשטערט די אילוזיעס, וואָס יעדער איינער האָט געטראָגן אין זײַן דמיון. אויפֿן נײַנטן טאָג פֿון דער שווערער מי איז געמאָלדן געוואָרן, אַז די מי איז געווען אומזיסט. עס האָט אפֿשר צוגעפֿעלט דער איינער טאָג, וואָס זאָל די גרופּן־טעראַפּיע אויף דעם זומער־לאַגער אין קעמפּ־דייוויד פֿאַרוואַנדלען אין יענע סימבאָלישע "צען טעג, וואָס האָבן אויפֿגערודערט די וועלט", מיט וועלכע דזשאָן ריד האָט זײַנערצײַט געשילדערט די רוסישע באָלשעוויקישע רעוואָלוציע.

דער נײַנטער טאָג פֿון דעם צעטומלטן יאָ־און־ניין און פֿון דעם אָפּגעלייגטן יום־הדין, איז דורך קלינטאָנען געוואָרן אַריבערגעפֿירט צו דער צווייטער פֿאַזע פֿון דער קאָלעקטיווער מוח־פּײַניקונג, מוח־שווענקונג און זעלבסט־אינקוויזיציע פֿון דעם אויסוואַל צווישן די צוויי שווערע

ברירות, וואָס איינע קומט אויפֿן חשבון פֿון דער אַנדערער. דערווײַל – נאָך אַן אָנשטרענג, נאָך אַ סאָפּען פֿון דעם אויסגעמאַטערטן לאָקאָמאָטיוו.

אויב מען זאָל אויפֿפֿרישן דעם זכרון און איבערבלעטערן די פּאָליטישע כראָניק פֿון מדינת־ישׂראל און די פּירונגען פֿון דעם פּרעמיער אהוד ברק זינט די וואַלן, וואָס האָבן אים געבראַנגט צו דער מאַכט מיט איבער 15 חדשים צוריק; אויב מיר זאָלן זיך דערמאָנען דאָס אומאויפֿהערלעכע נאָכלויפֿן און אַדאָרירן די פּאַרטייען פֿון די פֿרומע, דער עיקר דעם ש״ס, דאָס אָנוואַרפֿן דער ״עבֿודה״ די פּאַרטיייִשע דיסציפּלין צו שטימען אין דער כּנסת פֿאַרן געזעץ צו באַפֿרײַען די ישיבֿה־בחורים פֿונעם מיליטערישן דינסט און זײַן באַרימטע דער־קלערונג, אַז דער פּאַטראָן פֿון די קאָלאָניסטן אויף די ״שטחים״, דער (געוועזענער) מיניסטער הרבֿ יצחק לוי פֿון מפֿד״ל איז אים נאָענטער צום האַרצן ווי יוסי שׂריד פֿון מר״צ – בלײַבט אויף קיין רגע קיין ספֿק נישט, אַז ברק וואָלט ליבערשט געוואָלט אַ גרויס ארץ־ישׂראל, באַוווינט בלויז פֿון ייִדן, מיט אַ ייִדישער הערשאַפֿט איבער גאַנץ ירושלים, אײַנגעשלאָסן מזרח־ירושלים מיט אירע 210,000 אַראַבישע תּושבֿים, און דעם הר־הבית מיט די 60 מעטשעטן אין די 28 אָנגעשלאָסענע אַראַבישע דערפֿער אַרום דער שטאָט, און אײַנגעשלאָסן אויך ישוס קבֿר און די 65 קלויסטערס און 45 קריסטלעכע מאָנאַסטירן אין דער הייליקער שטאָט – דאָס אַלץ וואָלט ער גערן געוואָלט האָבן אונטער דער ייִדישער, דהײַנו אונטער זײַן, הערשאַפֿט – ווען ער וואָלט נישט געדאַרפֿט דערפֿאַר באַצאָלן מיטן קיום פֿון דער מדינה און באַדראָען דאָס לעבן פֿון אירע זעקס מיליאָן אײַנוווינערס, דערונטער אירע פֿינף מיליאָן ייִדן.

ווײַל – דאָס איז די אמתדיקע ברירה, פֿאַר וועלכער ברק און מדינת־ישׂראל זענען געוואָרן אַוועקגעשטעלט: אַ מעגלעכע קעגנזײַטיקע פּשרה מיט די פּאַלעסטינער – אָדער אַ פּאַראייביקטער באַוואָפֿנטער קאָנפֿליקט, מיט באַנײַטן טעראָר, מלחמה און מיט אַלע פֿאָלגן. מיט דער פֿאַטאַלער פּערספּעקטיוו פֿון אַרײַנטרעטן אין אַן אייביקער מלחמה מיט דער גאַנצער מוסולמענישער וועלט – בעת די קריסטלעכע וועלט וועט זיך צוקוקן גלײַכגילטיק, מחמת קיין איינציקע מדינה (אויסער בשעתו גוואַטעמאַלאַ) האָט ביז איצט נישט אָנערקענט ירושלים ווי די הויפּטשטאָט פֿון מדינת־ישׂראל.

אָט וואָס עס דערציילט (אין ״ידיעות אַחרונות״ פֿון (21.7.2000 טעדי קאָלעק, וועלכער איז 30 יאָר געווען דער שטאָט־פּרעזידענט פֿון ירושלים:

*"געציילטע טעג נאָך דער פֿאַראייניקונג פֿון ירושלים אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה איז געקומען צו מיר דוד בן־גוריון. ער איז געקומען זען מיט זײַנע אויגן די אַלטשטאָט, טראָץ דעם וואָס ער האָט אין יענע טעג געלעבט אין זײַן הײַזקע אין שׂדה־בוקר, אָן אַ פֿונקציע און אָן אַן אייגענעם ביוראָ. איך האָב אים באַגלייט צו דער אַלטשטאָט און צו אונדז זענען צוגעשטאַנען אַ צאָל מענטשן, צווישן זיי אייניקע גענעראַלן פֿון צה"ל. אין דעם שמועס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן אונדז, האָבן אַלע געזאָגט נבֿיאות, אַז 'נאָך זייער מפּלה וועלן די אַראַבער איצט מאַכן מיט אונדז שלום'. בן־גוריון, פֿאַראיינזאַמט אין זײַן שטעלונג, האָט געזאָגט צו אַלעמען, אַז זיי זענען זיך טועה. די אַראַבער, אַזוי ווי מיר, זענען אַ שטאָלץ פֿאָלק, וואָס וועט נישט מוחל זײַן אויפֿן כּבֿוד. מיר דאַרפֿן אַנעקסירן די שטחים וואָס זענען אונדז נייטיק, און די רעשט וואָס גיבער צוריקקערן די אַראַבער".*

אין דעם קורצן אַרטיקל דריקט אויס טעדי קאָלעק די מיינונג, אַז

*"אויב ישׂראל וואָלט דערלויבט די פּאַלעסטינער אַרויסצוהענגען זייערע פֿענער איבערן הר־הבית, בעת איבער דעם יידישן קוואַרטאַל וואָלטן געהאַנגען די פֿענער פֿון ישׂראל, וואָלט דאָס בײַגעשטײַערט פֿאַר דער גאַנצקייט פֿון דער שטאָט מער ווי אַלע רעדעס וועגן דער אייביקייט פֿון ירושלים"*

למעשׂה איז ירושלים פֿון שטענדיק אָן צעטיילט, און די אַראַבישע קוואַרטאַלן זענען פֿאַר יידן נישט הייליק. יידן האָבן זעלטן וווען אַרײַנגעשטעלט אַ פֿוס אין די אַראַבישע דערפֿער און אין די מזרח קוואַרטאַלן פֿון ירושלים. דאַקעגן האָבן דאָרט די פּולע קאָנטראָל די מאַכט־אָרגאַנען פֿון דער פּאַלעסטינער אויטאָנאָמיע און זיי האַלטן דאָרט אויף זייערע צענטראַלע אינסטאַנצן. די אײַנוווינער געניסן נישט פֿון די ישׂראלדיקע מוניציפּאַלע באַדינונגען. פֿון וואָס זיי געניסן יאָ, איז – די פֿאַרפֿליכטנדיקע ישׂראלדיקע שטיצע פֿון דער מלוכישער נאַציאָנאַלער פֿאַרזיכערונג.

ירושלים איז אַ מיני־מאָדעל פֿון ארץ־ישׂראל: אויך אויף איר איז חל געווען דער "שנים אוחזין בטלית". גענוי ווי דאָס פּאַלעסטינער פּראָבלעם ווערט באַטראַכט ווי דאָס האַרץ פֿון דעם ישׂראל־אַראַבישן סיכסוך, אַזוי איז ירושלים דאָס האַרץ פֿון דעם פּאַלעסטינער פּראָבלעם, און אין דער זעלבער צײַט אויך דאָס האַרץ פֿון די יידישע טרוימען – און דעריבער נייטיקט זי זיך אין אַן אָפּפֿענער האַרץ־אָפּעראַציע, מיט אַ פּשרה פֿאַר

אַ פֿרידלעך צוזאַמענלעבן צווישן אירע באַווינער. נאָר דאָס קען פֿאַרוואַנדלען ירושלים אין דער עיר־השלום, אין דער שטאָט פֿון שלום, אַנשטאָט זי זאָל ווערן די אייביקע שטאָט פֿון נישט געלייזטע מחלוקתן.

עס איז אָבער אַ גרויסער ספֿק, צי קען דער דאָזיקער חזיון דערגרייכט ווערן, ווען די מחלוקת איז אַזוי שאַרף צווישן ייִדן גופֿא. ווײַל אין דער צײַט ווען אהוד ברק, וועלכער האָט זיך פֿאַרמאָסטן צו ברענגען דעם שלום, ראַנגלט זיך אין קעמפּ־דייוויד מיט אַראַפֿאַטס קעגנערשאַפֿט, מיט קלינטאָנס פֿרײַנדלעכן דרוק אויף אַ פשרה און שלאָגט זיך מיט זײַן אייגענער דעה – קאָכט זיך דאָס לאַנד אין דעם קעסלגרוב פֿון די ספּעקולאַציעס און אַנטיספּעקולאַציעס און ידיעות, וואָס קומען פֿון קעמפּ־דייוויד. נאַדיאַ מטר, די "ייִדישע זשאַן ד׳אַרק", ווי אירע חבֿרים טיטולירן זי, לערנט די פֿרויען פֿון די קאָלאָניסטן זיך אומגיין מיט געווער, די קאָלאָניסטן גופֿא גרייטן זיך צום ווידערשטאַנד.

נאָך דער זיצונג פֿון דער רעגירונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט בלויז אַ העלפֿט פֿון די געבליבענע אין איר מיניסטאָרן (די אַנדערע העלפֿט געפֿינט זיך אין קעמפּ־דייוויד און נאָך זעקס האָבן דעמיסיאָנירט), האָבן זיך צוויי פֿון זיי פֿאַרטיילט מיט זייערע ראָלעס: דער יוסטיץ־מיניסטער יוסי ביילין איז אַוועק אויף אַ באַזוך אין די מזרחקוואַרטאַלן פֿון ירושלים, כּדי אויפֿצוקלערן פֿאַרוואָס מען דאַרף זיי אָנשליסן צו דער סוווערענער פּאַלעסטינער מדינה; דאַקעגן דער אויסערן־מיניסטער דוד לוי, וועלכער איז איצט דער שטעלפֿאַר־טרעטנדיקער שעף פֿון דער רעגירונג, איז אַוועק צום געצעלט פֿון די מתנחלים, כּדי זיך צו סאָלידאַריזירן מיט זיי אין דעם 14טן טאָג פֿון זייער הונגערשטרײַק קעגן דער פשרה, וואָס ווערט אויסגעאַרבעט אין קעמפּ־דייוויד. און דאָס זעלבע קומט פֿאָר אויף דער פּאַלעסטינישער זײַט, ווו די אָפּאָזיציע גרייט זיך צו אַ פֿאַרמעסט טאָמער וועט אַראַפֿאַט נישט דערפֿילן זייערע דערוואַרטונגען.

קלינטאָן האָט שוין נישט קיין סך צו פֿאַרלירן – סײַדן זײַן אָרט אין דער געשיכטע – מיטן פֿאַרענדיקן זײַן פּרעזידענטאַלע קאַריערע אין אַ האַלב יאָר אַרום. דאַקעגן האָבן זײַנע צוויי געסט אין קעמפּ־דייוויד געשטעלט אין קאָן נישט נאָר זייערע פּאָליטישע קאַריערעס, נאָר דעם גורל פֿון זייערע פֿעלקער.

און דער שלום? – אַזוי נאָענט, און נאָך אַלץ אַזוי ווײַט...

אוף, ווי שווע־ע־ער.

*פֿאָרווערטס*, **28־סטער יולי 2000**

# צווישן אָט־אָט־אָטן און סוף־כּל־סופֿן

בעת מיר שרײַבן אָט די שורות, לעבט דאָס פֿאָלק אין מדינת־ישׂראל אין דערוואַרטונג, אַז אָט־אָט קומט שוין טאַקע סוף־כּל־סוף אַ סוף צו די אָט־אָט־אָטן, מיט וועלכע דער פּרעמיער נתניהו שפּײַזט דאָס פֿאָלק אין די צוויי־און־האַלבן יאָר פֿון זײַן רעגירן. ווײַל – אויך צו די אָפּשלעפּענישן מוז דאָך קומען אַ סוף.

די פֿיר טעג, וואָס דער פּרעמיער נתניהו האָט פֿאַרבראַכט אין ניו־יאָרק און אין וואַשינגטאָן, און זײַנע באַגעגענישן מיט דער סטאַט־סעקרעטאַרין פֿרוי אָלברײַט און מיטן פּרעזידענט קלינטאָן און מיט אַראַפֿאַטן, האָבן נישט מצליח געווען צו דערפֿירן דעם שלום־צוג אַפֿילו צו דער סטאַציע פֿון דעם ״צווייטן ריקצוג״. עס איז אָבער געעפֿנט געוואָרן נאָך אַ שפּעלטעלע אין דעם צוגעמאַכטן ״פֿענצטער פֿון דער געלעגנהייט״, ווי נתניהו האָט עס אָנגערופֿן: עס איז באַשלאָסן געוואָרן, 20 יאָר נאָכן הסכּם פֿון קעמפּ דייוויד, אַדורכצופֿירן אַ ״קליינעם קעמפּ דייוויד״ צו דערגרייכן אַ הסכּם מיט די פּאַלעסטינער וועגן דעם ריקצוג פֿון די 13.1 פּראָצענט פֿונעם שטח, איבער וועלכע מען דינגט זיך שוין אַזאַ לאַנגע צײַט.

אין די טעג פֿון חול המועד סוכּות קומט ווידער אַהער דער אַמעריקאַנער שליח דעניס ראָז, און נאָך אים וועט קומען די סטייט־סעקרעטאַרין מאַדלען אָלברײַט, כּדי צוצוגרייטן דעם ״קליינעם קעמפּ דייוויד״, וואָס זאָל זיך אָנהייבן דעם 15־טן אָקטאָבער אין וואַשינגטאָן, מיטן אָנטייל פֿון פּרעז׳ קלינטאָן, נתניהו און אַראַפֿאַט. און דויערן זאָל די באַגעגעניש, ווי עס ווערט געפּלאַנט, ״ביז וואַנען עס וועט אַרויס פֿון איר אַ ווײַסער רויך״...

צי וועלן מיר זוכה זײַן צו דערזען דעם ווײַסן רויך?

לאָמיר נישט פֿאַרגעסן, אַז דעם 14־טן אָקטאָבער ד״י ווערט גענוי 25 יאָר ווי עס האָט זיך פֿאַרענדיקט די יום־כּיפּור־מלחמה, און אין איר טראַגישן זכות איז פֿינף יאָר שפּעטער דערגרייכט געוואָרן דער

שלום מיט מצרים; מיט אַ קורצער צײַט צוריק (דעם 13־טן סעפּטעמבער) איז אָפּגעמערקט געוואָרן פֿינף יאָר, ווי עס איז געחתמעט געוואָרן אין וואַשינגטאָן דער אָפּמאַך פֿון אָסלאָ, וועלכער איז דערגרייכט געוואָרן אין רעזולטאַט פֿון דער פּאַלעסטינער "אינטיפֿאַדע".

אַזוי פֿלעבטן זיך בײַ אונדז אָן אויפֿהער מלחמה און שלום אין אַ מין פֿאַרמעסט ווער וועמען וועט גובֿר זײַן... וואָלט די רעגירונג פֿון נתניהו נישט געהאַט הינטער זיך דעם שלום־שטרעבנדיקן גײַסט פֿון אָסלאָ, און וואָלט זי נישט צוגעמאַכט דאָס פֿענצטער פֿאַר דער זעלטענער געלעגנהייט – וואָלטן מיר שוין געהאַלטן אפֿשר נאָענט צו דער ענד־סטאַציע פֿון אַ געריבטן שלום מיט אונדזערע סאַמע נאָענטסטע שכנים, די פּאַלעסטינער. די רעגירונג האָט אָבער פֿון אים אַרויסגעצויגן די נשמה און האָט צעשטערט דעם קעגנזײַטיקן צוטרוי, וועלכער האָט אָפּגעטראָטן זײַן אָרט דעם געשפּענסט פֿון באַנײַטן טעראָר און פֿון דער פֿאַרשטאַרקטער קעגנזײַטיקער שׂינאה.

אויף וואָס האָט נתניהו פֿאַרשווענדט די צוויי יאָר רייד וועגן "שלום און זיכערהייט"? האָט ער דאָך אָן אויפֿהער געהאַט אָנגעזאָגט, אַז די אַנטשיידונג וועגן "צווייטן ריקצוג" איז אַ פֿראַגע פֿון טעג... אַזעלכע נאָענטע אָט־אָט־אָטן האָט ער שוין אָנגעזאָגט צענדליקער מאָל, און אַלעמאָל געפֿונען נײַע תּירוצים זיי צו דערווײַטערן.

לויטן אָפּמאַך פֿון אָסלאָ, וועלכן נתניהו האָט זיך פֿאַרפֿליכטעט מקיים צו זײַן, דאַרף דער "צווישן־פּעריאָד" זיך פֿאַרענדיקן דעם 4־טן מײַ 1999, און דאַן דאַרף רעאַליזירט ווערן דער ענדפֿולער שלום־אָפּמאַך, וואָס די פֿאַרהאַנדלונגען וועגן אים האָבן געדאַרפֿט זיך אָנהייבן אין יאָר 1996. אויף דעם סמך האָט אַראַפֿאַט אָנגעזאָגט, אַז דעם 5־טן מײַ 1999 וועט ער אייגנהענטיק פּראָקלאַמירן די פּאַלעסטינער מדינה. ווייסן מיר דאָך שוין וויפֿל מיליטאַניטישע דראָונגען און וויפֿל פּאָליטישע ענערגיע נתניהו האָט אַרײַנגעלייגט, כּדי אָפּצווווענדן אַראַפֿאַטן פֿון אָט דער כּוונה.

פֿאַקטיש האָט אָבער אַראַפֿאַט שוין פּראָקלאַמירט די פּאַלעסטינער מדינה מיט צען יאָר צוריק, אין דעצעמבער 1988, אין ערשטן יאָרטאָג פֿון דער אינטיפֿאַדע. מיינט טאַקע נתניהו, און צוזאַמען מיט אים דער רעכטער לאַגער, אַז זיי וועלן זײַן בכּוח צו פֿאַרהאַלטן דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע?

*לעבנס־פֿראַגן* נומ' 557–558, **סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1998**

# פֿון אַלטן צום נײַעם מילעניום

האָט איר שוין אַמאָל געהערט וועגן אַן עקזיסטענץ וואָס עקזיסטירט נישט – און איז דאָך נישט ווייניקער רעאַל, ווי די רעאַליטעט אַליין?

דאָס איז נישט קיין פּילפּול, קיין פֿילאָסאָפֿיע. דאָס איז לעבן.

מיט אַזאַ לעבן טרעטן מיר אַרײַן אין דעם נײַעם מילעניום, דעם דריטן יאָרטויזנט. די דראַמאַטישע אַנטוויקלונג פֿון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע האָט געענדערט אָן אַן ערך אונדזערע באַגריפֿן און אונדזער באַציִונג צו דער ווירקלעכקייט. אַבסטראַקטע באַגריפֿן באַווײַזן זיך פֿאַר אונדזערע אויגן אין אַ רעאַלן לבֿוש – און אויך פֿאַרקערט. מיר ווייסן, למשל – און דאָס שוין פֿון לאַנג – אַז דער צום מערסטן אַבסטראַקטער באַגריף, ווי מאַטעמאַטיק, איז אין דער זעלבער צײַט אויך דער צום מערסטן עקזאַקטער פֿון אַלע באַגריפֿן אין דער שפּראַך און פֿון אַלע דערשײַנונגען אין דער נאַטור. די מאַטעמאַטיק לאָזט זיך מיט דער האַנט נישט אָנטאַפּן, זי איז נישט קיין חומר – אָבער אָן איר האָט נישט דער חומר קיין רעאַלע עקזיסטענץ.




די אַבסטראַקטע מאַטעמאַטיק שענקט אָבער דעם רעאַלן חומר די נייטיקע פּאַראַמעטערס – די אויסמעסטונגען פֿאַר זײַן פֿאָרם און קיום, די מאָסן פֿון דער גרייס און פֿון דער וואָג, די טעמפּעראַטור און אַלע אַנדערע גענוי באַשטימטע אייגנשאַפֿטן.

די קאָמפּיוטער־טעכניק, דער אינטערנעט – דער לעצטער, אין דעם מאָמענט, אויסגעשריי פֿון דער טעכנאָלאָגיע – האָט דערפֿונדן אַ נײַעם באַגריף, וואָס קלינגט ווי אַ לאָגישע סתּירה, גענוי אַזוי ווי די אַבסטראַקטע מאַטעמאַטיק: זי האָט אויסגעטראַכט די אַזויגערופֿענע

"ווירטועלע ווירקלעכקייט", וואָס מיינט, אַזאַ מין פֿיקטיווע רעאַליטעט וואָס עקזיסטירט נאָר אין די "פֿײַלן" און "שופֿלעדער" פֿון די קאָמפּיוטערס; אין דער ווירקלעכקייט עקזיסטירט זי נישט – און דאָך "לעבט" זי און באַווירקט דאָס עקזיסטירנדיקע לעבן...

דאָס נאָרוואָס געזאָגטע קלינגט אפֿשר אין אונדזערע אויערן ווי "געשטויסן וואַסער". די טעכנאָלאָגיע אַנטוויקלט זיך אָבער אין אַ סך אַ גיכערן טעמפּאָ ווי די באַנעמונג פֿון אונדזער געוויינלעכן מוח. אָבער, אָט האָט די פּרעסע דאָ לעצטנס מיטגעטיילט, אַז "אַ ווירטועלע מדינה" פֿון יוגאָסלאַווישע דיסידענטן איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין דער אינטערנעץ: אַ מדינה אָן אַ טעריטאָריע, אָבער מיט אַן אייגענער פֿאָן און עמבלעם, און מיט אַ "ווירטועלער רעגירונג", וואָס רעגיסטרירט און באַשטעטיקט בירגערשאַפֿט און גיט אַרויס פּאַספּאָרטן אאַ"וו., און פֿירט זיך אַזוי ווי עס פֿירט זיך אַ רעאַלע און טעריטאָריאַלע מדינה... עס ווערן שוין אַפֿילו דורכגעפֿירט "ווירטועלע" מיליטערישע מאַנעווערס אין נוסח פֿון "זאָל זיך דיר דאַכטן"; עס איז אָבער נאָך נישט אויסגעטראַכט געוואָרן קיין "ווירטועלע לייזונג" פֿאַר די הונגעריקע און פֿאַר דער סאָציאַלער נויט פֿון מיליאָנען, וואָס וואַרטן אויף די גליקן פֿון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע.

אויב מיר זאָלן ווען כאַראַקטעריזירן דעם אָפּטרעטנדיקן יאָרהונ־דערט, וואָס איז געווען איינע פֿון די דראַמאַטישסטע תּקופֿות אין דער מענטשלעכער געשיכטע, וואָלטן מיר זי באַצייכנט ווי די עפּאָכע פֿון די סאַמע שאַרפֿסטע קאָנטראַסטן – פֿון העכסטער דערהויבונג ביז צו טיפֿסטער דערנידעריקונג; די שענסטע וויזיעס און די מיאוסטע אַנטוישונגען; די העכסטע דערגרייכונגען פֿון מענטשלעכן מוח, פֿון מענטשלעכן געניוס – און פֿון די נידעריקסטע דורכפֿאַלן פֿון מענטשלעכן געוויסן.

וואָס פֿאַר אַ געשעעניש זאָלן מיר אַרויסהייבן און אַוועקשטעלן אין צענטער פֿון דעם אָפּטרעטנדיקן יאָרהונדערט? פֿאַר אונדז, פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק, האָט דער חורבן אויסגעשפּרייט זײַן שוואַרצן שאָטן איבער דער גאַנצער תּקופֿה, ווי דער גרעסטער שאַנדפֿלעק פֿון דער גאַנצער מענטשהייט. קיין שום פּאָזיטיווע דערגרייכונג, אַפֿילו נישט דאָס אויפֿקומען פֿון מדינת־ישׂראל, האָט נישט געקענט זײַן קיין פֿאַרגיטיקונג פֿאַר דעם דײַטשישן מאָנסטער־פֿאַרברעכן קעגן דעם ייִדישן פֿאָלק; און דאָס באַפֿרײַען זיך פֿון צענדליקער פֿעלקער פֿון דער קאָלאָניאַלער הערשאַפֿט, איז נאָך אַלץ נישט קיין פֿאַרגיטיקונג פֿאַר

זייער פֿאַרשקלאַפֿטקייט אין משך פֿון יאָרהונדערטער, מחמת דער טיפֿער נויט, אין וועלכער די פֿעלקער געפֿינען זיך שוין נאָכן דערגרייכן זייער פֿיקטיווע אָדער "ווירטועלע" זעלבשטענדיקייט.

דאָס אַנדערע סימבאָלישע שרעקוואָרט פֿון דעם אָפּטרעטנדיקן יאָרהונדערט איז געווען – סאַראַיעוואָ. אָט די רויִקע הויפּט־שטאָט פֿון באָסניע איז געווען אַן עדות פֿון היסטאָרישע געשעענישן אין אונדזער עפּאָכע – אָנהייבנדיק פֿון דעם "שאָס אין סאַראַיעוואָ", דעם סיגנאַל פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז דער בלוטיקער מלחמה צווישן די לענדער פֿון דער יוגאָסלאַווישער פֿעדעראַציע נאָך איר צעפֿאַלונג – אין דעם לעצטן יאָרצענדליק פֿון דעם יאָרהונדערט, נאָכן דורכפֿאַל פֿון דעם פֿאַשיזם און דעם קאָמוניזם צוגלייַך. עס זענען אָבער נישט אויסגעראָטן געוואָרן די מקורות און די נעסטן פֿון רישעות, פֿון נאַציאָנאַלן האַס, פֿון וועלכע עס האַלטן אין איין אויסוואַקסן נייַע ווילדע שפּראָצונגען פֿון נעאָ־נאַציזם און נעאָ־פֿאַשיזם און די אַטאָמישע געפֿאַר – דעם גאונישן פּראָדוקט פֿון דער מענטשלעכער חכמה פֿון אויפֿבוי און פֿאַרניכטונג.

איינע פֿון די גרויסע זאָרגן פֿון דער מענטשהייט אין אָט דעם אַוועק־גייענדיקן יאָרהונדערט איז געווען – די מורא פֿאַר אַן "עקספּלאָזיע פֿון דער באַפֿעלקערונג", פֿאַר דעם גיכן צוּוווּקס און שטאַרקן איבערפֿלוס פֿון מענטשן, און די מורא, אַז דער ערד־קייַלעך וועט נישט זייַן אין שטאַנד צו באַשפּייַזן אַלע זייַנע באַוווינער.

און – ווידער איז סאַראַיעוואָ געוואָרן דער סימבאָל פֿון אָט דער געפֿאַר – ווייַל אין אָט דער אַזוי מוראדיק פֿאַרוווּנדיקטער שטאָט איז דעם 12־טן אָקטאָבער 1999 געבוירן געוואָרן דאָס זעקס־ביליאָניקסטע קינד. אַזוי איז אָפֿיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דער יו־ען, וועמעס פֿאָרזיצער, ה׳ קאָפֿי אַנאַן, האָט גראָד צו יענער צייַט זיך געפֿונען אין סאַראַיעוואָ. סך־הכּל מיט 40 יאָר צוריק האָט די וועלט געציילט דרייַ ביליאָן נפֿשות – געגנוי אַ העלפֿט פֿון הייַנט. לויט דער אויסרעכענונג פֿון דעמאָגראַפֿישע מומחים איז צו דערוואַרטן אַ פֿאַרטאָפּלונג פֿון דער הייַנטיקער באַפֿעלקערונג אין די נאָענטסטע 70 יאָר.

מיט אָט דער געפֿאַר וועט זיך שוין באַשעפֿטיקן דער נייַער מילעניום. דער געוואַלדיקער פֿאָרשריט פֿון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע וועט אפֿשר זיך קענען פֿאַרמעסטן מיט דעם פּראָבלעם. דערווייַל אָבער דינט די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע דעם דינעם שיכט מיליאַרדערן, וואָס ווערן וואָס אַ מאָל רייַכער, בעת די מערהייט אייַנוווינער פֿון דער וועלט ווערן

אָרעמער, און וואָס אָרעמער די פֿעלקער, אַלץ גרעסער איז זייערע נאַטירלעכע פֿאַרמערונג.

עס ווערט אויסגערעכנט, אַז די דרײַ גרעסטע גבֿירים פֿון דער וועלט – די וועלכע זענען באַרײַכערט געוואָרן פֿון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע, דעם "הײַ־טעק" מיטן אינטערנעט, און פֿון די נאַטירלעכע רעסורסן פֿון ענערגיע – זיי דרײַ פֿאַרמאָגן הײַנט אַ קאַפּיטאַל, וואָס איז גלײַך צו די נאַציאָנאַלע רעסורסן פֿון צוואַנציק מדינות צוזאַמען גענומען...

די גרויסע אידעאַלן פֿון סאָציאַלן יוֹשר, פֿון וועלכן די אַרבעטנדיקע פֿאָלקס־מאַסן האָבן געשעפּט זייערע בעסטע האָפֿענונגען, זענען נישט מקוים געוואָרן אין משך פֿון דעם 20־סטן יאָרהונדערט. זייער פֿאַרווירקלעכונג ווערט אָפּגעלייגט אויף דעם נײַעם יאָרהונדערט. אויף דעם נײַעם יאָרהונדערט איז אויך געוואָרן אַריבערגעוואָרפֿן דאָס רעאַליזירן דעם שלום פֿון מדינת־ישׂראל מיט איר אַראַבישן אַרום.

געזעגענען מיר הײַנט דאָס 1999־סטע יאָר און דעם 20־סטן יאָרהונ־דערט – דעם יאָרהונדערט פֿון די גרויסע האָפֿענונגען און פֿון די נאָך גרעסערע אַנטוישונגען, אַ יאָרהונדערט פֿון גראַנדיעזע דערגרייכונגען און פֿון דערשיטערנדיקע מאָנסטער־פֿאַרברעכנס פֿון דער מענטשהייט קעגן דער מענטשהייט; אַ יאָרהונדערט פֿון די גרעסטע אויפֿטוען פֿאַרן לעבן און געזונט – און אין דער זעלבער צײַט פֿון די בלוטיקסטע מלחמות, פֿון פֿעלקער־מאָרד און, איבער אַלץ, די שחיטה איבער דעם ייִדישן פֿאָלק אין אייראָפּע.

אַזוי טרעטן מיר אַרײַן צעטומלטע און פֿאַרחידושטע אין דעם עניגמאַטישן 21־סטן יאָרהונדערט. מיט אים הייבט זיך אָן דער נײַער, דער דריטער מילעניום פֿון אונדזער ציווילן קאַלענדאַר – לויט דער צײַט־רעכענונג, וועלכע ציילט זיך פֿון דעם געבורט פֿון יענעם "אויסלייזער", וואָס אויף זײַן אויסלייזונג וואַרט די וועלט שוין צוויי טויזנט יאָר.

*לעבנס־פֿראַגן* נומ' 572–571
**31־סטער דעצעמבער 1999**

## און די וועלט האָט זיך נישט איבערגעקערט...

ר בּבן, זענען מיר שוין בשלום איבערגעקומען דעם אָנגעזאָגטן ״סוף פֿון דער וועלט״. די גרויסע וועלט האָו מנצח געווען די קליינע פֿלוי, אָדער משה רבנוס קיִעלע, ווי מען האָט אַ נאָמען געגעבן ״באַג 2000״ און וואָס האָט באַדראָט די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע. ביג דיל. קיין ראַקעטעס זענען נישט געפֿלויגן, די אַטאָמישע רעאַקטאָרן זענען געבליבן אונטער דער פֿולער קאָנטראָל, דער טעכנאָלאָגישער מעכאַניזם פֿונעם לעבן האָט זיך נישט צוזאַמענגעבראָכן, ווי די ״נבֿיאים״ האָבן געדראָט – און די וועלט איז געבליבן וועלט.

דער לעצטער זון־אונטערגאַנג פֿון דעם מילעניום, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אויפֿן האָריזאָנט פֿון די קאַראַבאַס־אינדזלען אויף מזרח פֿון ניי־זעלאַנד און איבער די פֿידזשי־אינדזלען אויף מזרח פֿון קאַלעדאָניע, האָט אויף צומאָרגנס געזאָגט דעם ערשטן גוט־מאָרגן פֿון דעם נייַעם מילעניום צו די תּושבֿים פֿון דעם שכנותדיקן אינדזל סאַמאָאַ אויף דעם מערבֿדיקן האַלב־קייַלעך. די זון האָט אַוודאי נישט געוווּסט וועגן דער בהלה פֿון שרעק און פֿון מיסטעריעזן נייַגער, מיט וועלכן די מענטשן האָבן זי דערוואַרט אויף זייער ערד־קייַלעך.

אַזוי האָבן די אַלע וואָס האָבן געיובֿלט, און די וועלכע האָבן נישט געיובֿלט, זיך אויפֿגעוועקט דעם פֿאַרגאַנגענעם שבת און זיך אַרומגעזען, אַז די וועלט האָט זיך נישט איבערגעקערט.

און דאָך, מיט אַלע שבֿחים פֿאַר דעם 20־סטן יאָרהונדערט, וואָס האָט געגעבן דער טעכנאָלאָגיע אַזאַ מעכטיקן שטויס פֿאָרויס, קענען מיר אים שוין זאָגן ברוך שפּטרנו צוליב די צוויי וועלט־מלחמות און דעם חורבן, וועלכן ער האָט אויף אונדז געבראַכט.

עס איז אָבער געווען אין דער דראַמאַטישער דערוואַרטונג פֿון די יאָרהונדערטער די אַטאַוויסטישע שרעק פֿאַר דעם מאַגישן כּוח פֿון דעם אומבאַוווּסטן. צום סוף האָבן די רעאַליטעט און דער שׂכל הישר מנצח געווען סיי די מיסטעריע, די אָבערגלויבנס, און סיי דעם גלויבן אין דעם

מאַגישן כּוח וואָס ליגט אין דעם קליינעם "מײַזעלע" פֿון דעם קאָמפּיוטער און אין דעם נאָך קלענערן פֿליעלע פֿון דעם "באַג 2000".

אין ישׂראל האָבן די וועכטער בײַ די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין מגידו זיך געלאַנגווײַליקט. בלויז צוויי טוריסטן זענען געקומען זען די אָנגעזאָגטע שלאַכט פֿון דעם אַרמאַגעדאָן – דעם הר מגידו (דעם באַרג מעגידאָ) פֿון דער קריסטלעכער אַפּאָקאַליפּטישער נבֿואה. קיינער פֿון די פֿאַנאַטישע סעקטעס איז נישט געקומען זיך וואַרפֿן אין די אָרעמס פֿונעם שׂטן, קיינער, חוץ יענע צוויי נײַגעריקע טוריסטן, איז נישט געקומען זיך צוקוקן צום סוף פֿון דער וועלט. די וועלט האָט טומלדיק געיובֿלט, און ישׂראל איז אין יענער נאַכט געשלאָפֿן איר רויִקן שלאָף, פֿאַרלאָזנדיק זיך אויף איר אייגענעם ייִדישן קאַלענדאַר.

ישׂראל האָט זיך אויפֿגעוועקט שבת דעם 1־טן יאַנואַר 2000 אין אַ זוניקן וועטער, נאָך אַ נאַכט, וואָס איז דאָ געווען אָן פֿײַערווערק און אָן אַ באַזונדערער שׂימחה. די פֿרומע זענען אינדערפֿרי געגאַנגען אין שיל אַרײַן דאַווענען, די נישט פֿרומע זענען געווען פֿאַרשלאָפֿן פֿון זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן בײַ די טעלעוויזיע־עקראַנען צוקוקנדיק זיך – ווער גלײַכגילטיק און ווער מיט קינאה – צו די אימפּאָזאַנטע חגיגות אין די פֿאַרשיידענע שטעט, ווינקלעך און עקן פֿון דער וועלט. אַנדערע, וואָס האָבן דאָ און דאָרט זיך געווײַלט אין ענגערע קרײַזן און געדונגענע לאָקאַלן – נישט אין די האָטעלן, וועלכע האָבן מורא געהאַט צו פֿאַרלירן דעם הכשר און די כּשרות־צײַגענישן פֿונעם רבנות – זענען זיך רויִק אײַנגעשלאָפֿן אין דעם דריטן מילעניום, וועלכער האָט דערווײַל זיך מיט גאָרנישט אונטערגעשיידט פֿון דעם פֿריִערדיקן.

אָבער אַנשטאָט דער אָנגעזאָגטער שלאַכט פֿון גוג ומגוג (גאָג און מאַגאָג) איז זיי אַנטקעגנגעקומען די שלאַכט פֿון גוג און דעמאַגאָג – און נישט אין מגידו, נאָר אויפֿן גולן, אַרום דעם צווייטן צירקל פֿון די שלום־פֿאַרהאַנדלונגען מיט סיריע. הגם פֿאַר זײַן אַרויספֿאָר זונטיק בראָש פֿון דער ישׂראלדיקער דעלעגאַציע קיין שעפּערדסטאָון נעבן וואַשינגטאָן האָט אהוד ברק באַקומען די ברכה פֿון הרבֿ עובֿדיה יוסף – האָט ער נאָך נישט זוכה געווען צו באַקומען די הייסע ברכה פֿונעם פֿאָלק אין ישׂראל צו זײַן גורלדיקער שליחות: אַ שליחות, וואָס צילט אַ סוף צו מאַכן ענדלעך צו דער בלוטיקער פֿײַנדשאַפֿט, וואָס באַגלייט און באַדראָט אָן אויפֿהער דעם קיום פֿון מדינת־ישׂראל אין איר לעבנס־ראַיאָן אויפֿן מיטעלן מזרח.

*פֿאָרווערטס,* **ד־טער יאַנואַר 2000** (פֿראַגמענט)

# די יסורים פֿון באַפֿרײַונג

זײַנען מיר שוין, הייסט עס, איבערגעקומען בשלום די מלחמה אין איראַק, וועלכע וועט פֿאַרשריבן ווערן אין די ביכער ווי אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פֿונעם מיטעלן מזרח. אין אָט דער געשיכטע האָבן מיר, מדינת־ישׂראל און אירע תּושבֿים, נאַטירלעך, אַן אָן־ספּקדיקן, אַפֿילו אַ גאָר אַקטיוון שײַכות. און עס האָבן אויך אַ שײַכות צו איר די אַלע, וואָס האָבן זיך אין דעם עסק געמישט – די גרויסמאַכטן, בראָש מיט דער "קאָאַליציע" פֿון אַמעריקע און ענגלאַנד, די מדינות פֿון אייראָפּע, די יר־ען און די אַלע וואָס האָבן דאָ זייערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן אין דעם נאַפֿט־פֿעטן ראַיאָן.

די מלחמה קעגן איראַק איז כּמעט פֿאַרענדיקט – איצט ווערט געזוכט אַ נײַער שׂונא, אַ נײַער ציל פֿון דער נקמה פֿאַר דער אַמעריקאַנער טראַגעדיע פֿון 11טן סעפּטעמבער, און דאָס זעט אויס צו זײַן באַשיר על אַסאַד דער הערשער פֿון סיריע, אויב ער וועט זיך באַצײַטנס נישט באַזינען און פֿאַרלאָזן די "אַקס פֿון די רשעים". די מיליטערלײַט הייבן אָן צו לערנען די סטראַטעגיע פֿון דער אָקאָרשטער מלחמה, די פּאָליטיקער לערנען אירע מסקנות און אויסווירקונגען.

אין ישׂראל האָט מען ענדלעך, נאָך 26 טעג פֿון גרייטקייט־צושטאַנד, באַפֿרייט און אַהיימגעשיקט פֿון מיליטערדינסט די 20 טויזנט מאָבי־ליזירטע רעזערוויסטן, ווי אויך דערלויבט דער באַפֿעלקערונג צוריקצוקערן אויף די בוידעמער די גאַז־מאַסקעס (וואָס במילא האָט זיך ווייניק ווער אַרומגעטראָגן מיט זיי) און אַראָפּצורײַסן די נײַלאָן־שטרײַפֿן פֿון די איזאָליר־קאַמערן, וואָס קיינער איז אין זיי נישט געזעסן. דער אָרעמער שרון האָט אַרויסגעשיקט קיין וואַשינגטאָן דעם פֿאַרוואַלטער פֿון זײַן קאַנצעלאַריע, דעם אַדוואָקאַט ווײַסגלאַס, כּדי צו פֿאַרכאַפּן די פֿיש פֿאַר דער נעץ – זיך צו טרעפֿן מיט בושס זיכערהייטס־באַראַטעריןן קאָנדאָליסאַ רײַס און דערלאַנגען איר די 14 "פּרינציפּיעלע אויסבעסערונגען" אויפֿן אָרט פֿון די פֿריִערדיקע "הונדערט באַוואָרעניש" צו

דער "מאַפּע פֿון די וועגן", וואָס בוש און זײַן אויסערן־מיניסטער האָבן צוגעזאָגט אָנצוּוואַרפֿן ישׂראל און די פּאַלעסטינער גלײַך נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך מיט איראַק, און נאָך דעם ווי אַבו־מאַזען וועט אויפֿ־שטעלן די נײַע פּאַלעסטינער רעגירונג.

דער שאָק פֿון דעם גיכן אַמעריקאַנישן נצחון האָט דעם "מאָרגן" אַנטקעגנגעבראַכט שוין הײַנט, און שוין הײַנט אַוועקגעשטעלט די וועלט פֿאַר די נײַע אַרויספֿאָדערונגען, וואָס דרינגען פֿון אים אַרויס.

אויב די וועלט איז געוואָרן איבערראַשט פֿון דעם אויסגאַנג פֿון דער איראַקישער מלחמה – איז דאָס נישט צוליב דעם נצחון פֿון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, וואָס קיינער האָט אין אים נישט געצווייפֿלט – מחמת דעם געוואַלדיקן אונטערשייד צווישן די כּוחות אין זייער אַזוי נישט־גלײַכן פֿאַרמעסט – נאָר צוליב דעם אַזוי גיכן אַמעריקאַנישן נצחון, וועלכן אַפֿילו די זיגער האָבן נישט פֿאָרויסגעזען. אַנישט וואָלט מסתּמא פֿאַרמיטן געוואָרן די גרויליקע דראַמע פֿון דעם נצחון, וועלכע האָט אויפֿן אָרט פֿון סאַדאַמס ברוטאַלן דעספּאָטיזם געבראַכט צו דער אָנמאַכט אַ "דיקטאַטור פֿון אַנאַרכיע" און פֿון גוואַלטזאַמען וואַנדאַליזם.

"זעט נאָר, זעט דעם אַמעריקאַנער נצחון: זיי האָבן באַזײַטיקט איין מטורפֿדיקן טיראַן, און האָבן באַפֿרײַט פֿון דער שטײַג דעם טירוף, דעם ווילדן שגעון גופֿא"– האָט געזאָגט צום קאָרעספּאָנדענט פֿון ראַדיאָ מאָנטע קאַרלאָ אַ "באַפֿרײַטער" איראַקער, שילדערנדיק די יסורים פֿון דער באַפֿרײַונג – אין אָנבליק פֿון די פּלינדערײַען און דעם מאַכט־באַאָס, דעם תּוֹהו ובֿוֹהו, וואָס די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע האָט געבראַכט דער שטאָט באַגדאַד מיט אירע איבער פֿיר מיליאָן תּושבֿים.

"עס איז שווער צו שמייכלען ווען ס'איז נישטאָ קיין וואַסער, ס'איז שווער צו אַפּלאָדירן ווען מען איז איבערגעשראָקן; ס'איז שווער צו דאַנקען פֿאַר דער באַפֿרײַונג ווען די באַפֿרײַונג באַטײַט אַן אַלגעמיינע פּלינדערונג – פֿון די תּבֿואה־שפּײַכלערס ביז דער אָרטיקער שולע, פֿון וואַנען מען האָט אַרויסגעטראָגן אַפֿילו דעם טאָוול" – שרײַבט אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון דער באַפֿרײַטער שלאַכט־שטאָט. און דאָס סאַמע שרעקלעכסטע: די וואַנדאַלישע צעפּלינדערונג און ברוטאַלע צעשמעטערונג פֿון די אומאָפּשאַצלעכע אַרכעאָלאָגישע אוצרות פֿון דער אַלטערטימלעכער מעסאָפּאָטאַמיע, דעם וויגעלע פֿון דער מענטשלעכער קולטור־געשיכטע.

מער ווי צוואַנציק טעג איז די פּאָרט־שטאָט אום קאַסער, די ערשטע שטאָט וואָס איז פֿאַרנומען געוואָרן דורך די כּוחות פֿון דער "קאָאַליציע" אין דרום פֿון איראַק, געווען אָן פֿליסנדיק וואַסער, אָן שפּײַזוואַרג און אָן זיכערהייט. די אַמעריקאַנער האָבן דערוואַרט, אַז די תּושבֿים פֿון איראַק וועלן זיי אויפֿנעמען מיט רײַז און מיט בלומען, און צום סוף זענען זיי צופֿרידן, וואָס זיי האָבן זיי נישט באַגעגנט מיט פֿײַנטשאַפֿט. אָבער די פֿײַנטשאַפֿט איז עלול צו קומען, טאָמער וועלן די אַמעריקאַנער נישט מצליח זײַן גאָר גיך צו אימפּאָרטירן, צוזאַמען מיטן אַמעריקאַנישן מאָדעל פֿון דער דעמאָקראַטיע, אויך די נייטיקע גיכע הילף פֿאַר דער ווידער־אויפֿריכטונג פֿון דעם באַפֿרייטן לאַנד. האָבן דאָך די אַמערי־קאַנער מסתּמא געלערנט פֿון זייער אייגענער דערפֿאַרונג פֿון נאָך דער היטלער־מלחמה מיטן מאַרשאַל־פּלאַן, וועלכער האָט אויפֿגעריכט אייראָפּע, און אין דער זעלבער צײַט איבערגעלאָזט דעם אימאַזש פֿון דעם "מיאוסן אַמעריקאַנער" – אין יעדן אָרט ווו זיי האָבן אויסגעשטרעקט זייער הילף.

נאָך דעם מטורפֿדיק־טראַגישן ספּעקטאַקל פֿון דער באַפֿרײַונג, וואָס מיר האָבן צוגעזען אין די טעלעוויזיע־טראַנסמיסיעס פֿון דער איראַ־קישער הויפּטשטאָט – איז דער היסטאָרישער ספּעקטאַקל מיט פֿופֿצן יאָר צוריק אין דער טעלעוויזיע פֿון בוקאַרעשט, מיטן קאָמוניסטישן דיקטאַטאָר טשאַושעסקו אין דער הויפּט־ראָל – געווען אַ קינדער־שפּיל. ביז איצט איז יענער ספּעקטאַקל געווען דער בולטסטער קלאַסישער מוסטער פֿון אַרײַנברענגען די רעוואָלוציע פֿון דעם שטאָטישן פּאַראַדן־פּלאַץ אין סאַלאָן און אין שלאָפֿצימער ווי אַ "לעבעדיקן סעאַנס" פֿון דער עלעקטראָנישער קאָמוניקאַציע. אין יענער דראַמע איז טשאַושעסקו אַרויסגעקומען מיט זײַן ווײַב אויף דער טעראַסע זײַענדיק זיכער, אַז דאָס פֿאָלק האָט אים ליב און וועט אים באַגעגענען מיט כּבֿוד און ענטוזיאַזם. אָנשטאָט דעם האָט אים דאָס פֿאָלק אויסגעליפֿערט צום מישפּט, און דער תּלין האָט אים, אין נאָמען פֿון פֿאָלק, אַריבערגעשיקט אויף יענער־וועלט.

אין באַגדאַד איז דער דעספּאָטישער הערשער נישט אַרויסגע־קומען אויף דער טעראַסע פֿון זײַן פּאַלאַץ – ער איז נעלם געוואָרן צוזאַמען מיט זײַן הערשנדיקן אַנסאַמבל, איבערלאָזנדיק נאָך זיך פֿאַר די פּלינדערערס דעם קלאָזעט־שיסל און זײַן מאַשין־ביקס – ביידע געמאַכט פֿון לויטערן גאָלד – צוזאַמען מיט זײַן גאַנצן איבערגע־

פֿרעסענעם לוקסוס. דאָס פֿאָלק, וואָס האָט מיט געציילטע שעהען פֿריִער געשווירן טרײַשאַפֿט און זיך פֿאַרפֿליכטעט צו פֿאַרטיידיקן "מיט בלוט און פֿײַער" דעם "באַליבטן מנהיג", האָט פּלוצעם זיך אַרומגעזען, אַז דער מנהיג האָט זיי איבערגעלאָזט אויף הפֿקר. האָט דאָס פֿאָלק אַריבערגעפֿירט זײַן טרײַשאַפֿט צום באַפֿרײַער, און אויסגעלאָזט דעם צאָרן צו דער דראָענדיקער סטאַטוע, צום מאָנומענט פֿון דעם באַזיגטן הערשער אויפֿן צענטראַלן סקווער פֿון דער שטאָט.

דער שאָק פֿון דער איבערקערעניש האָט אויסגעשטראַלט זײַן ווירקונג אויפֿן גאַנצן מיטעלן מזרח, אויף אַלע אַראַבישע מדינות, ווי אויך אויף דער פּאַלעסטינער באַפֿעלקערונג אויף די שטחים. דאָס מאָל איז די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דער "אינסטאַנץ", אײַנגעשלאָסן אַראַפֿאַטן, געווען פֿאָרזיכטיק נישט צו דערצערענען די אַמעריקאַנער, אָבער די פּשוטע מענטשן האָבן אָן ספֿק זיך סאָלידאַריזירט מיטן איראַקישן הערשער און געזען אין אים דעם נאַציאָנאַלן גיבור. זײַן מפּלה האָט זיי ווידעראַמאָל אַנטוישט. ווי עס דערציילן אָבער די קאָרעספּאָנדענטן אין עזה און אויף די באַזעצטע שטחים, האָבן שוין די אַנטוישטע פּאַלעסטינער באַוויזן צו אַנטוויקלען אַ מין "ביטערן הומאָר" אויפֿן חשבון פֿון סאַדאַמס מפּלה: עס גייט דאָרט אַרום דער שפּאַס, אַז די מאָנומענטן אין באַגדאַד זענען נישט געווען פֿון סאַדאַם כוסיינען, נאָר פֿון זײַנע טאָפּלגייערס, קאָפּיעס...

*פֿאָרווערטס*, **18־טער אַפּריל 2003**

# דער באַשטעלטער פּאַטש אין פּנים

דעם מיניסטער פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿט אַריאל שרון קאָן מען נישט חושד זײַן, חלילה, אַז ער לאָזט זיך שפּײַען אין דער קאַשע און קריגן פּעטש. פֿאַרקערט, ער האַלט זיך פֿאַר אַ גרויסן פּאַטריאָטישן "פֿײַטער".

דעם אַמעריקאַנישן פּאַטש אין פּנים האָט ער אָבער אויפֿגענומען מיט שטאָלץ און מיט גאווה, ווײַל דאָס האָט אים ווידער געהויבן זײַנע אַקציעס אויף דער נאַציאָנאַלער בערזע פֿון דעם עקסטרעמען שאָוויניסטישן לאַגער.

ווען דער פּרעז' בוש האָט באַפֿוילן זײַן אַגראַר־מיניסטער נישט אויפֿצונעמען אָפֿיציעל זײַן ישׂראלדיקן קאָלעגע בעת זײַן וויזיט אין וואַשינגטאָן, האָט אַריק שרון דערקלערט, אַז דאָס איז אַ שווערע באַליידיקונג פֿאַר מדינת־ישׂראל, און אַז די רעגירונג פֿון ישׂראל דאַרף ווירדיק אויף דעם רעאַגירן. דער פּאַטש אין פּנים איז געווען נישט נאָר אַ דיפּלאָמאַטישער אינצידענט, נאָר האָט אויך געשטעלט אין אַ פֿאַרלעגנהייט דעם פֿירער פֿון זײַן פּאַרטיי, דעם פּרעמיער יצחק שַמיר.

די ערשטע רעאַקציע פֿון דער פּרעמיער־קאַנצעלאַריע איז געווען, אַז עס איז טאַקע געווען זייער ניט שיין מצד דער אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטיע, אָבער ישׂראל קען איר נישט דיקטירן ווי אַזוי זיך צו פֿירן. דאָך האָט ישׂראל צוויי שעה שפּעטער דערלאַנגט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אַ פּראָטעסט קעגן אָט דעם פּרעצעדענטלאָזן אַקט.

דער ראָמאַן צווישן וואַשינגטאָן און ירושלים האָט שוין צוגעזען זייער אַ סך ראַדיקאַלע אַרויף־און־אַראָפּן, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם פּאָליטישן באַראָמעטער אין אונדזער ראַיאָן. מיט אַריק שרונען האָט וואַשינגטאָן אַן אַלטן חשבון, נאָך פֿון די צײַטן פֿון די געשפּרעכן אין קעמפּ דייוויד, ווען ער האָט פּרובירט אָפּנאַרן די אַמעריקאַנער מיטן אויפֿשטעלן די פֿיקטיווע קאַרטאָנענע "פּאָטיאָמקין־הײַזקעס" אין סיני. וואַשינגטאָן האָט זיך נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז נאָך דער "סימפּאַטישער" כאַראַקטעריסטיק, וואָס עס האָט אים אָנגעפּסקנט די קאַהן־קאָמיסיע בעת דער מלחמה אין לבֿנון,

וועט שרון אויפֿסניי אַרויפֿשווימען אויף דער אויבערפֿלאַך אין זעלביקן ראַנג פֿון אַ מיניסטער, דערצו נאָך מיט דער שטרעבונג צו ווערן דער פּרעמיער־מיניסטער פֿון מדינת־ישׂראל. פֿון זײַן זײַט, ווידער, טוט שרון אַלדאָס מעגלעכע אונטערצושטעלן די אַמעריקאַנער דעם פֿוס, כּדי זיי זאָלן אויפֿהערן זיך מישן און שטערן זײַנע פּלענער צו באַזעצן די פֿאַרנומענע שטחים אַזוי, אַז מען זאָל זיי שוין קיינמאָל נישט קענען צוריקקערן צו זייערע פֿריִערדיקע באַלעבאַטים.

עס זעט אָבער אויס, אַז שרון איז גערעכט ווען ער טענהט, אַז זײַנע בולדאָזער־פּראָוואָקאַציעס דווקא אין די טעג ווען מיניסטער בעיקער פֿאָרט אַרום איבער די לענדער פֿון דעם ראַיאָן אײַנצושטעלן דאָ אַ שלום – ווערן געמאַכט מיטן וויסן און צושטימונג פֿון דעם פּרעמיער שָמיר. עס זעט אויך אויס, אַז די מיניסטאָרן פֿון "ליכּוד" האָבן זיך פֿאַרטיילט מיט די ראָלן: איינער וועט פּראָוואָצירן און דער אַנדערער וועט באַרויִקן.

ווען מינ׳ בעיקער איז געקומען אויף דעם ערשטן פֿון זײַן לעצטער סעריע באַזוכן, און אין דער זעלבער צײַט האָט ער זיך געמיט אַרײַנצוציִען סיריע אין דעם שלום־פּראָצעס – איז דאָס געווען דער פֿאָרזיצער פֿון דער כּנסת, שרונס פּאַרטיי־חבֿר דבֿ שילאַנסקי, וועלכער האָט אין דער זעלבער צײַט אַדורכגעפֿירט אַ דעמאָנסטראַטיוון באַזוך אויפֿן גולן. און שרון האָט אין יענע טעג ענערגיש פֿאַרבויט די שטחים, אין די ראַמען פֿון זײַן פּלאַן צו פֿאַרטאָפּלען די צאָל יידן אויפֿן גולן און באַזעצן נאָך 50 טויזנט אויפֿן מערבֿדיקן ברעג.

די אַמעריקאַנער האָבן זיך נישט געגייטיקט, אַז עס זאָל זיי ווער דערציילן וועגן דעם. זיי האָבן דערויף געגעבן מיטלען פֿאַר זייער אָפּענעם שפּיאָנאַזש. אָבער אַריק שרון, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט זײַן אוממיטלבאַרן לשון, האָט באַצייכנט ווי "אַ קאָמאַנדאָ פֿון מוסרים" די כּנסת־דעפּוטאַטן פֿון די לינקע פּאַרטייען, וועלכע האָבן די זאַך פֿאָרגעברענגט פֿאַרן ציבור אין אַמעריקע.

דער אַמעריקאַנער פּאַטש אין פּנים האָט אַריק שרונען געמאַכט פֿאַר אַ נאַציאָנאַלן גיבור. אַפֿילו די פֿירערס פֿון דער אָפּאָזיציע האָבן אים געשטיצט. האָט דאָך יצחק ראַבין ערשט נאָרוואָס געזאָגט, אַז "שוין בעסער צו האָבן דעם גולן אָן אַ שלום, איידער אַ שלום אָן דעם גולן"...

גערעדנקט איר נישט עפּעס ענלעכס וועגן שאַרם אַ־שייך?

*לעבנס־פֿראַגן*, **מײַ־יוני 1991**

## *שולדיק איז דער ווינט...*

ווען נישט דער ווינט, וואָס האָט געברענגט דעם ראַדיאָאַקטיוון וואָלקן קיין שוועדן פֿיר טעג נאָך דער אַוואַריע אין דעם אַטאָמישן רעאַקטאָר אין טשערנאָביל, וואָלט דער גורל פֿון דער ידיעה וועגן דעם אַטאָמישן אומגליק געווען אפֿשר ענלעך צום גורל פֿון דער ידיעה וועגן דעם גורל פֿון די ייִדישע שרײַבער אין ראַטנ־פֿאַרבאַנד דעם 12־טן אויגוסט 1952. קיינער האָט נישט געהערט, קיינער האָט נישט געוווּסט. און אויב עס האָט ווער געוואָלט וויסן, איז ער געווען אַ שׂונא פֿון דעם סאָוויעטישן רעזשים. און ווי אַזעלכער – אַ שׂונא פֿון דער מענטשהייט.

איר געדענקט?

ווען נישט דער ווינט, וואָלט נישט אויסגעבראָכן קיין בהלה אין דער מערבֿ־וועלט, און די סאָוויעטן וואָלטן נישט געקאָנט באַשולדיקן דעם מערבֿ אין אַרויסרופֿן אַ קינסטלעכע בהלה, כּדי צו קאָמפּראָמיטירן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד. און די סאָוויעטן וואָלטן געקאָנט רויִק פֿײַערן מיט גלאַנצפֿולע פּאַראַדן נישט נאָר דעם 1־טן מײַ, נאָר אויך דעם 7־טן נאָוועמבער, און קיינער וואָלט אפֿשר נישט געוווּסט וועגן דעם, אַז 84,000 אײַנוווינער פֿון טשערנאָביל און פֿון דער גאַנצער געגנט אויף אַ ראַדיוס פֿון דרײַסיק קילאָמעטער זענען געוואָרן עוואַקויִרט אין פּראָוויזאָריש אויפֿגעשטעלטע לאַגערן; די פֿרײַע וועלט וואָלט זיך נישט דערוווּסט וועגן דעם, אַז הונדערטער העליקאָפּטערס האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן זעק מיט זאַמד און ליים און צעמענט, כּדי צו פֿאַרלעשן די שׂריפֿה און צו פֿאַרדעקן די חרפּה פֿון דעם טליִענדיק־גליִענדיקן אַטאָמישן רעאַקטאָר און זײַן ראַדיאָאַקטיווער אויס־ווירקונג. און אַז צוויי פּערזאָן זענען דערהרגעט געוואָרן און עטלעכע הונדערט זענען געוואָרן געטראָפֿן, און פֿון זיי זענען – לויט דער אָפֿיציעלער ווערסיע פֿון מאָסקווע – 18 פּערזאָן געוואָרן געפֿערלעך קראַנק פֿון דער אַטאָמישער אויסשטראַלונג. און צוויי פֿון זיי זענען

געשטאָרבן שפּעטער, ווען די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן שוין אָנגעהויבן דערציילן, אַז עס איז ווירקלעך געשען אַ גרויס אומגליק אין טשערנאָביל און אַז "די סיטואַציע איז דאָרט זייער אַ שווערע" – אָבער נישט קיין געפֿערלעכע, און אַז דאָס סאָוויעטישע פֿאָלק איז העלדיש בײַגעשטאַנען דעם ערנסטן נסיון...

וואָס איז דאָרט אייגנטלעך פֿאָרגעקומען?

פֿיר טעג, ווי געזאָגט, האָט די וועלט גאָרנישט געוווּסט. און דאַן, ווען דער ראַדיאָאַקטיווער וואָלקן האָט אַלאַרמירט די גײַגערס און די אַנדערע זייגערס און מעסטערס אין דעם רויִקן שוועדן, האָט אַ שטראָם פֿון בהלה־ידיעות אַ פֿלייץ געטאָן אין די קאַנאַלן פֿון דער עלעקטראָנישער קאָמוניקאַציע און אויף די כוואַליעס פֿון עטער, און אַ פּחד האָט אַרומגעכאַפּט די וועלט: נישט אַזוי דער פּחד פֿאַר דער אַטאָמישער פֿאַרניכטונג, ווי פֿאַר דער אַטאָמישער *פֿאַרקריפּלונג*. פֿאַר די שרעקלעכע פּלאָגן און פֿאַר די גענעטישע אויסווירקונגען אויף דורי־דורות און אויף דער צוקונפֿט פֿון דעם מענטשלעכן מין.

איצט איז קלאָר, אַז די ערשטע ידיעות וועגן דעם פֿאַרנעם פֿון דעם אומגליק זענען געווען איבערגעטריבן. עס זענען נישט געווען קיין צוואַנציק טויזנט און נישט קיין צוויי טויזנט קרבנות, ווי עס איז בײַם אָנהייב דערציילט געוואָרן. עס זענען נישט געוואָרן פֿאַראומרייניקט מיט קיין ראַדיאָאַקטיוון חומר די וואַסערן פֿון דניעפּר. עס איז אויך נישט געווען קיין מאַסן־בהלה אין קיִעוו. פֿאַרקערט: די אײַנוווינער פֿון קיִעוו האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם אומגליק, וואָס איז געשען אין זייער שכנות, אַ סך שפּעטער ווי עס האָבן שוין געוווּסט וועגן דעם די אײַנוווינער פֿון דער גאַנצער מערבֿדיקער וועלט. ווײַל – דאָס ליגט אין דער פֿאַרקריפּלטער נאַטור פֿון דעם סאָוויעטישן פּראָפּאַגאַנדע־ און הערש־סיסטעם: דאָרט אינפֿאָרמירט מען נישט די אײַנוווינער וועגן קיין אומגליקן – סײַ טעכנישע און מענטשלעכע, און סײַ פֿון נאַטור־קאַטאַסטראָפֿעס, סײַדן מען קאָן זיי שוין נישט פֿאַרהוילן פֿאַרן ציבור.

ווײַל דאָס קאָמוניסטישע ראַטנלאַנד איז אַ גן־עדן. און אין אַ גן־עדן קענען קיין אומגליקן נישט זײַן. און אויב עס געשעט און מען קאָן דאָס נישט פֿאַרשטעלן – באַשולדיקט מען דעם שׂונא, די פֿײַנט פֿון קאָמוניזם, דעם מערבֿדיקן אימפּעריאַליזם, און אין בעסטן פֿאַל – די נאַטור. דאָס מאָל איז עס געווען דער ווינט.

דערפֿאַר דערציילט נישט די סאָוויעטישע פּרעסע וועגן קיין פֿאַרברעכערישקייט אין ראַטנפֿאַרבאַנד – סײַדן וועגן בלויזע מוסטערן, כּדי אָפּצושרעקן. דעריבער איז דאָרט "נישטאָ" קיין פֿאַרברעכע־רישקייט, אַזוי ווי אין דעם דעגענערירטן קאַפּיטאַליסטישן מערבֿ – נישט קיין גנבֿות, נישט קיין זנות. קיין רויבערײַען און קיין פֿאַרגוואַלדיקונגען. ווײַל די פּרעסע שרײַבט נישט וועגן זיי. און דערפֿאַר האָט אויך די סאָוויעטישע געדרוקטע און עלעקטראָנישע פּרעסע נישט איבער־געגעבן וועגן אָן אַ צאָל טעכנאָלאָגישע דורכפֿאַלן, אַוואַריעס און קאַטאַסטראָפֿעס, און דעריבער ווייסט נישט וועגן זיי די וועלט, און אויך נישט די סאָוויעטישע באַפֿעלקערונג – וועלכע האָט אויך לאַנגע יאָרן נישט געטאָרט וויסן וועגן די ריזיקע פֿאַרשיקונגס־לאַגערן, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבער הונדערטער־טויזנטער קוואַדראַט־קילאָמעטערס און אין וועלכע די מיליאָנען שקלאַפֿן־אַרבעטער זענען געוואָרן געהיטן פֿון הונדערטער־טויזנטער "גע־פּע־או" – אָדער "ען־קאַ־ווע־דע" –, אָדער, ווי זיי רופֿן זיך הײַנט: "קאַ־גע־בע"־לײַט.

ווײַל אין אַ גן־עדן קענען, פֿאַרשטייט זיך, נישט זײַן קיין גיהנום־לאַגערן. און אויב זיי זענען פֿאַראַן, טאָר מען וועגן זיי נישט וויסן, טאַטשקאַ.

עס האָט זיך אָבער דאָך עפּעס געענדערט אין אָט דעם פֿיקטיוון גן־עדן. אויב די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן דאָך זיך מודה געווען אין דעם פֿאָרגעקומענעם אומגליק. אַפֿילו מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג פֿון פֿיר טעג, און אַפֿילו ווען זיי האָבן בײַם אָנהויב געדרייט מיט דער צונג און נאָך אַלץ פּרובירט זיך אַרויסדרייען פֿון געבן דער איבערגעשראָקענער וועלט אַ קלאָרן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע, וואָס איז דאָרט אייגנטלעך געשען. זיי האָבן זיך גיך אַרומגעזען, אַז דער דאָזיקער פּרווו קאָמפּראָמיטירט נאָך מער דעם סאָוויעטישן רעזשים און זײַן סיסטעם פֿון פֿאַרהוילן און פֿעלשן די אינפֿאָרמאַציעס און דעם אמת.

דאָס פּרובירן דערקלערן הלמאַי מאָסקווע האָט פֿיר טעג געשוויגן, ווי עס האָט דאָס געטאָן דער סאָוויעטישער דיפּלאָמאַט אין קאַנאַדע, וועלכער האָט געזוכט פֿוילע תּירוצים, האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעם אומצוטרוי פֿון דער פֿרײַער וועלט. דאָס דערשײַנען, נאָך דעם, פֿון דעם סעקרעטאַר פֿון דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן פֿאַרן אַמעריקאַנער קאָנגרעס – וואָס איז אַן און פֿאַר זיך

פּרעצעדענטלאָזער פֿאַל אין דער געשיכטע פֿון די סאָוויעטיש־אַמעריקאַנישע באַציִונגען – איז געווען דער היפּוך פֿון דעם אומגעלומפּערטן אַרויסטריט פֿון זײַן קאָלעגע אין קאַנאַדע און קאָן דינען אפֿשר ווי אַ סימן פֿון אַ נײַער געוואַגטער טאַקטיק פֿון דעם נײַעם סאָוויעטישן הערשער, מיכאַיִל גאָרבאַטשאָוו.

און ווער ווייסט, אפֿשר איז דאָס גאָר געווען, פֿאַרקערט, אַ סימן פֿון ייִאוש, פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט, און אַ סימן פֿון דעם אמתדיקן פֿאַרנעם פֿון דעם אומגליק, פֿאַר וועלכן די סאָוויעטן אַליין האָבן אין יענעם מאָמענט זיך דערשראָקן? ווער ווייסט, צי מיר וועלן דאָס אַמאָל באמת וויסן.

דער אמת איז, אַז מיר ווייסן נאָך אַלץ נישט דעם אמת וועגן דעם, וואָס עס איז אויף אַן אמת פֿאָרגעקומען אין טשערנאָביל. די וועלט איז הײַנט אָפֿן, מען קאָן שוין הײַנט גאָרנישט פֿאַרהוילן, מעג זײַן אַפֿילו מיט אַ קליינער פֿאַרשפּעטיקונג. דער אמת מוז אַרויסשווימען אויף דער אויבערפֿלאַך, אָבער די סאָוויעטן האָבן, ווי געזאָגט, געשפּילט אַן אָפֿנאַרערישע שפּיל. צוערשט פֿאַרהוילן און פֿריילעך געפֿײַערט דעם ו׳טן מײַ, דערנאָך דערציילט וועגן אַ "פֿאָרפֿאַל" פֿון באַשרענקטן פֿאַרנעם און געטאַדלט דעם מערבֿ פֿאַר אַרויסרופֿן אַ היסטעריע, אַ קינסטלעכע בהלה. דערנאָך האָט די אָרטיקע פּרעסע דערציילט וועגן דער פֿאַרברעכערישער נישט־וואַכזאַמקייט פֿון די אַרבעטער, וועגן נישט געהאָרכטע פֿריִערדיקע וואָרענונגען און וועגן דער עוואַקואַציע פֿון די בירגער. דערנאָך האָבן ראַדיאָ מאָסקווע און די אָפֿיציעלע פּרעסע געלויבט "די מוטיקע האַלטונג פֿון סאָוויעטישן פֿאָלק", און די העלדישקייט פֿון די סאָוויעטישע פֿײַערלעשער בײַם אײַנלעשן די שׂרפֿה אין דעם רעאַקטאָר.

אַגבֿ, וועגן דער אײַנגעלאָשענער שׂרפֿה איז שוין עטלעכע מאָל געוואָרן געמאָלדן, און עטלעכע מאָל נאָך יעדער מעלדונג זענען געקומען ידיעות, אַז דאָס פֿײַער טליִעט, אָדער עס האָט זיך ווידער צעפֿלאַקערט אונטער דער דיקער שיכט פֿון די טויזנטער טאָנען זאַמד און בעטאָן, און אַז די געפֿאַר איז נאָך אַלץ נישט פֿאַרבײַ.

און דער ווינט – דער עיקרדיקער שולדיקער, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דער אויסשטראַלונג אויך פֿאַנאַנדערגעטראָגן איבער דער וועלט די פֿאַסקודנע בשׂורה וועגן דעם אומגליק – האָט געברענגט די ראַדיאָאַקטיוויטעט און דעם פּחד פֿאַרן אַטאָם אויך צו די שכנים פֿון דעם גרויסן סאָוויעטישן ברודער, קיין פּוילן און קיין

רומעניע, קיין מזרחדײַטשלאַנד און קיין אונגאַרן, און אויך אַפֿילו צו די ברעגן פֿון די אַמעריקעס, אַריבער־שוועבנדיק איבער אַלע פּאָליטישע און געאָגראַפֿישע גרענעצן צווישן דעם קאָמוניסטישן מזרח און דעם קאַפּיטאַליסטישן מערבֿ.

מע דאַרף אָבער נישט פֿאַרגעסן, אַז אַזאַ אומגליק, אַזאַ אַוואַריע, קאָן טרעפֿן אין יעדן אָרט, און עס האָט שוין טאַקע געטראָפֿן אויך פֿריִער נישט בלויז אין ווײַטן סיביר, וואָס די סאָוויעטן האָבן געהאַט פֿאַרהוילן פֿאַר דער וועלט, נאָר אויך אין אַמעריקאַנישן קאַליפֿאָרניע, און דאָ נישט לאַנג אויך מיט די אַמעריקאַנישע פֿליִען אין קאָסמאָס. עס איז אַוודאי נישטאָ קיין אָרט פֿאַר קיין שאָדן־פֿרייד: קיינער קאָן נישט זײַן קיין צו גרויסער חכם און קיינער איז נישט פֿאַרזיכערט קעגן אַ דורכפֿאַל.

און אַ דורכפֿאַל האָט אויך, צוזאַמען מיט דער סאָוויעטישער אַטאָמישער זיכערהייט אין טשערנאָביל, געליטן דער אַמעריקאַנער אויסשפּיר־דינסט, וואָס האָט נישט מצליח געווען, אָן דער הילף פֿון דעם ווינט און פֿון דעם ראַדיאָאַקטיוון וואָלקן, צו אַנטפּלעקן דאָס אומגליק אין טשערנאָביל אין משך פֿון די פֿיר טעג, וואָס מאָסקווע האָט געשוויגן. ערשט נאָך דעם האָבן די אַמעריקאַנישע קינסטלעכע סאַטעליטן באַריכטעט מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס וועגן דעם באַשעדיקטן רעאַקטאָר.

דער געזונטער ייִדישער אָפּטימיזם זאָגט אָבער, אַז עס איז נישטאָ דאָס שלעכטע, וואָס זאָל נישט אויסגיין צום גוטן. אפֿשר וועט דאָס אומגליק אין טשערנאָביל לערנען די הערשער פֿון דער וועלט ווי געפֿערלעך עס איז זיך צו שפּילן מיטן אַטאָם, און אפֿשר וועט עס אויך לערנען די מנהיגים פֿון די פֿײַנטלעכע לאַגערן, אַז די געפֿאַר איז אַ בשותּפֿותדיקע, און אַז עס איז כּדאַי, אַז דיביידע לאַגערן זאָלן קאָאָפּערירן צווישן זיך, כּדי צו פֿאַרמײַדן די אַטאָמישע מלחמה.

דערווײַל זעט אָבער אויס, אַז די סאָוויעטישע מנהיגים ווילן נישט לערנען פֿון דער טרויעריקער דערפֿאַרונג, און אין זייער חוצפּה האָט איינער פֿון זייערע פֿאַרשטייער – דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין טריפּאָלי – שוין אויסגעדריקט די גרייטקייט פֿון מאָסקווע צו בויען אַן אַטאָמישע קראַפֿט־סטאַציע פֿאַר דעם לאַנד פֿון קאַדאַפֿי.

נישט נאָר די אַטאָמישע געפֿאַר – אויך די ציניש חוצפּה פֿון הערשער האָט נישט קיין גרענעץ...

*לעצטע נײַעס*, **16־טער מײַ 1986**

## נישט קיין ווייַסער רויך,
## נאָר אַ גרויער וואָלקן

אויב מיר זאָלן וועלן סומירן די רעזולטאַטן פֿון דער "שפּיצן־קאָנפֿערענץ" אין ווײַ פּלאַנטיישן, קאָן מען זאָגן, אַז דער איינציקער "זיגער" איז אַרויסגעקומען פֿון איר דער פּרעמיער נתניהו: מיט אַ יאָר פֿריִער האָט ער געהאַט זיך באַרימט, אַז ער האָט מצליח געווען אַראָפּצונידערן די דערוואַרטונגען פֿון די פּאַלעסטינער; אין ווײַ פּלאַנטיישן האָט זיך אים "אײַנגעגעבן" אַראָפּצונידערן די דערוואַרטונגען אויך בײַ די ייִדן, בײַ די אַמעריקאַנער און בײַ אַלע די וואָס קוקן אויס דעם שלום ווי מיט ליכט.

די איניציאַטאָרן פֿון דער קאָנפֿערענץ – פּרעז׳ קלינטאָן און זײַנע געהילפֿן – זענען געקומען מיטן גוטן ווילן אַדורכצוברעכן דעם וועג פֿאַר דעם שלום־צוג און אויפֿלייזן דאָס אײַז און דעם קריזיס אַרום דעם "צווייטן ריקצוג". זייער כּוונה איז געווען צו האַלטן די מנהיגים אין אַן אָפּגעשלאָסענעם גן־עדן און פֿאַרהאַנדלען מיט זיי ביז וואַנען עס וועט אַרויס "אַ ווײַסער רויך". אַנשטאָט אַ ווײַסן רויך האָט זיך אָבער אויפֿגעהויבן איבער ווײַ פּלאַנטיישן אַ געדיכטער גרויער וואָלקן – און מיט וואָס די קאָנפֿערענץ זאָל זיך נישט האָבן פֿאַרענדיקט, וועט דער וואָלקן נישט לאָזן אַזוי לײַכט זיך באַזײַטיקן.

געזאָלט האָט דאָס זײַן אַ "שפּיצן־קאָנפֿערענץ" פֿון מנהיגים מיט גוטע כּוונות, אין אַ פֿאַסטאָראַלער אַטמאָספֿער, אָפּגעשלאָסן פֿון דער דרויסנדיקער וועלט מיט אירע ווירקונגען און שטערונגען, ווי אויך פֿון דער פּרעסע, וועלכע לעבצט נאָך "סקופּן". אַרויסגעקומען איז אָבער אַן אָך־און־ווײ פּלאַנטיישן, אין וועלכער עס זענען, אַנשטאָט צו באַנײַען די גוטע און פֿרײַנדשאַפֿטלעכע אַטמאָספֿער, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין אָסלאָ, געלייגט געוואָרן קלעצער אונטער די רעדער פֿון דעם שלום־צוג.

דער הויכפּונקט פֿון די שטרויכלונגען איז געקומען פֿון דרויסן – מיטן טעראָר־אַקט אין באר־שבֿע, וועלכער איז געוואָרן "ווי געהעריק" אויסגענוצט דורך די פּאַראינטערעסירטע אין דעם דורכפֿאַל, צו וועלכן אייניקע פֿון די באַטייליקטע אינעווייניק, און פֿון זייערע אָנהענגערס אין דרויסן, האָבן געשטרעבט. אָבער די "באַלאַגערונג", וואָס האָט געזאָלט, לויטן מוסטער פֿון קעמפּ־דייוויד, פֿאַרזיכערן דעם דערפֿאָלג פֿון די פֿאַרהאַנדלונגען, איז געוואָרן דורכגעבראָכן שוין בײַם סאַמע אָנהייב, מיט דער הילף פֿון קליינלעכע טריקן פֿון אַ געביטערעוועטער סטראַטעגיע. צוערשט איז דאָס געווען נתניהוס פֿאַרלאַנג, וועלכן די אַמעריקאַנער האָבן נישט געקענט זיך קעגנשטעלן, מיטצוברענגען זײַן געטרײַע לעבנסבאַגלייטערין, שׂרה. דערנאָך איז דאָס געווען שׂרהס באַגלייטערין, די פֿריזירערין. און – ווי קענען אָבער יידן זיך באַגיין אָן אַ מנין צום דאַווענען?

האָבן אין דרויסן, נעבן דער "פּלאַנטיישן" געוואַרט די צוויי שליחים פֿון די מתנחלים, אַהרון דאָמב און פּנחס וואַלערשטיין, וועלכע זענען געפֿאָרן אָפּהיטן און דערמאָנען נתניהון ער זאָל חלילה נישט פֿאַרגעסן זײַנע צוזאָגן, וואָס ער האָט געגעבן דעם "נאַציאָנאַלן לאַגער", און ער זאָל אָפּהיטן דעם שבת, ווי אויך כּדי צו דערגאַנצן דעם מנין. ווי קען אָבער אַ מנין זיך באַגיין אָן אַ ספֿר־תּורה, און ווער וועט וואַגן נישט אַרײַנצולאָזן אַהין אַ ספֿר־תּורה?

ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז די אַמעריקאַנער האָבן שוין וועגן דעם אויך געטראַכט, און דעם געוועזענעם אַמבאַסאַדאָר אין ישׂראל, מאַרטין אינדיק, דעם איצטיקן געהילף פֿון דעניס ראָז, האָט זיך אײַנגעגעבן צוזאַמענצוברענגען מער ווי אַ מנין פֿון צווישן די באַטייליקטע אין דער "שפּיצן־אַסיפֿה" – אָן די שליחים פֿון "גוש־אמונים". דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די פֿרומע פּאַטריאָטן פֿון מַפד"ל צו באַשולדיקן דעם פּרעמיער אין מחלל שבת זײַן, מחמת ער האָט שבת שפּאַצירט אין דער פֿאַרמע דרײַ שעה מיטן פּרעזידענט קלינטאָן, און זיי פֿאָדערן ער זאָל זיך אַנטשולדיקן פֿאַרן יידישן פֿאָלק. שיִער נישט אַ באָמבע וואָס האָט שיִער נישט אויפֿגעריסן די שפּיצן־קאָנפֿערענץ אין קעמפּ דייוויד.

זיי וואַרפֿן אָפּ די טענה, אַז דאָס איז געווען אַ נישט־פֿאָרמעלער שמועס. לויט זיי איז דאָס געווען אַן "אַרבעט־שפּאַציר", ווײַל נתניהו האָט גערעדט מיט קלינטאָנען וועגן דעם שלום־פּראָצעס. און, אַז נתניהו האָט נישט געוואָלט מחלל־שבת זײַן, זאָגט עדות דער פֿאַקט, אַז

ער האָט דעם טאָג זיך אָפּגעזאָגט צו רעדן מיט אַראַפֿאַטן, און האָט אַנשטאָט דעם פֿאַרברענגט אויף אַ שפּאַציר מיט זײַן ווײַב...

װעגן דער גרינגשעצנדיקער באַציִונג פֿון דער ייִשׂראלדיקער מדינה־פֿירונג צו דער אַמעריקאַנער אײַנלאַדונג צו דער שפּיצן־קאָנפֿערענץ זאָגט עדות דאָס נאָמינירן אַלס אויסערן־מיניסטער, און ברענגען קיין ווײַ פּלאַנטיישן, אַריק שרונען, וועלכער האָט גלײַך דערקלערט, אַז ער וועט שטימען אין דער רעגירונג קעגן דעם הסכּם, וואָס וועט דערגרייכט ווערן אין ווײַ פּלאַנטיישן, און אַז ער וועט נישט דערלאַנגען אַראַפֿאַטן די האַנט – און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. – און, אַחרון אַחרון, ער האָט, צוזאַמען מיטן זיכערהייט־מיניסטער יצחק מרדכי געלאָזט גיין פֿאַרלוירן דרײַ טײַערע טעג פֿון דער גורלדיקער קאָנפֿערענץ, קומענדיק אַהין מיט דרײַ טעג שפּעטער. דאָס האָט געצוווּנגען די אַמעריקאַנער גאַסטגעבערס צו פֿאַרלענגערן די קאָנפֿערענץ מיט נאָך צוויי טעג, כּדי זי אָפּצוראַטעווען פֿון אַ טאָטאַלן דורכפֿאַל, וואָס וואָלט געפֿירט צו אַ טאָטאַלער קאַטאַסטראָפֿע פֿאַר ישׂראל און פֿאַר דעם גאַנצן ראַיאָן.

ווײַל די אַמעריקאַנער האָבן די זאַך גענומען זייער ערנסט.

איז אין צווישן אונטערגעקומען דער טעראָר־אַקט אין באר־שבֿע, מיט דער פֿאָדערונג פֿון רעכטן לאַגער אין ישׂראל איבערצורײַסן די געשפּרעכן אין ווײַ פּלאַנטיישן – אַזוי ווי זיי פֿלעגן דאָס, בראָש מיט ביבי נתניהו, פֿאַרלאַנגען נאָך יעדן טעראָר־אַקט אין דער צײַט פֿון דער רעגירונג פֿון ראַבין און פּרס. דאָס מאָל האָט אָבער נתניהו גראָד באַשלאָסן ממשיך צו זײַן די געשפּרעכן – אָבער נאָר וועגן דעם איינציקן ענין פֿון דער זיכערהייט.

דערווײַל גייט נאָך אָן די "שפּיצן־אַסיפֿה" אין ווײַ פּלאַנטיישן. איר המשך זעט שוין אָבער אויס צו זײַן אַז אָך און וויי. די "קליינע זאַכן", וואָס באַגלייטן זי, שפּיגלען אָפּ דעם גרויסן אונטערשייד צווישן דער אַטמאָספֿער פֿון ווײַ פּלאַנטיישן און דעם גײַסט פֿון אָסלאָ, וועלכער האָט דאָ געזאָלט ווערן אויפֿגעלעבט, און איז אָבער דאָ, דאַכט זיך, געוואָרן באַגראָבן – אַפֿילו אויב עס וועט ענדלעך אונטערגעשריבן ווערן דער געגאַרטער הסכּם.

*פֿאָרווערטס*, **24־סטער אָקטאָבער 1998**

# דאָס יאָר 2005

דאָס אָפּטרעטנדיקע יאָר 2005 וועט גוט פֿאַרגעדענקט ווערן אין דער געשיכטע פֿון מדינת־ישׂראל (אַזוי ווי 1905 אין רוסלאַנד), ווי דאָס יאָר פֿון צוויי גרויסע איבערקערענישן: דער אידעאָלאָגישער צוזאַמענבראָך פֿון דער ארץ־ישׂראל השלמה מיט דער עוואַקואַציע פֿון דעם עזה־שטרײַף, און די רעוואָלוציע אויף דער פּאַרטייִשער מאַפּע. די עוואַקואַציע פֿון עזה האָבן מיר שוין הינטער זיך, הגם אַ גרויסער טייל פֿון די עוואַקואירטע ווינען נאָך אַלץ, אויפֿן חשבון פֿון דער מדינה, אין האָטעלן, און די צווייטע, די פּאַרטייִשע מאַפּע, געפֿינט זיך איצט אין מיטן פֿון איר מעטאַמאָרפֿאָזע, אין פּראָצעס פֿון דער נאָרוואָס אָנגעהויבענער וואַל־קאַמפּאַניע.

זינט דער "איבערקערעניש" אין "עבֿודה" מיטן אויסוואַל פֿון עמיר פּרצן צו דעם גיגאַנטן־פֿאַרמעסט מיטן פּרעמיער־מיניסטער שרון, לעבט איבער די מדינה איין שאָק נאָכן אַנדערן אויפֿן וועג צו די וואַלן, וואָס דאַרפֿן פֿאָרקומען געענוי אין דרײַ חדשים אַרום.

לכתּחילה האָט עס אויסגעזען, אַז די איבערקערעניש אין "עבֿודה" האָט אויף אַן אמת אַ טרייסל געטאָן מיט דער מדינה, און האָט אַרויסגעהויבן אויפֿן אויבנאָן פֿון דעם מלוכישן און געזעלשאַפֿטלעכן סדר־היום די אַזויגערופֿענע "סאָציאַלע אַגענדע", האָט אַוועקגע־שטעלט אויפֿן ערשטן אָרט פֿון די נאַציאָנאַלע פּריאָריטעטן די זיך פֿאַרטיפֿנדיקע סאָציאַלע נויט און די וואַקסנדיקע סאָציאַלע קאָנטראַסטן, וואָס האָבן זיך פֿאַרטיפֿט אין דער מדינה אין די לעצטע יאָרן.

האָבן דאָך אַלע פּאַרטייען אויפֿגעכאַפּט די דאָזיקע אַרויס־פֿאָדערונג און זענען מיטאַמאָל אַלע געוואָרן "סאָציאַל פֿרום", און עס איז געוואָרן אַ וועט־פֿאַרמעסט צווישן די פּאַרטייען און זייערע מנהיגים און וואָרטזאָגערס, ווער פֿון זיי עס איז מער "סאָציאַל": אַפֿילו ביבי נתניהו, דער דעמיסיאָנירטער פֿינאַנס־מיניסטער, וועלכער גרויסט זיך מיט דעם, אַז ער האָט געראַטעוועט די באַדראָטע ישׂראלדיקע

ווירטשאַפֿט פֿון אַ צוזאַמענברוך – און געמאַכט האָט ער דאָס אויפֿן חשבון פֿון די שוואַכע שיכטן דורך קירצן די "קיצבֿאות" – די "קיצוועס" – די סובסידיעס און באַדינונגען פֿאַר די אָרעמע, און איצט דער נײַ־געוויילטער מנהיג פֿון דעם געשפּאָלטענעם "ליכּוד" – אויך ער, זאָגט ער, זאָרגט פֿאַר די אָרעמע... און זײַן נאָכפֿאָלגער אהוד אָלמערט, דער נײַער פֿינאַנס־מיניסטער אין דער רעגירונג פֿון ביז די וואַלן, האָט זיך געלאָזט פֿאָטאָגראַפֿירן ווי ער זיצט אין אַ "גאָרקיך" פֿון פֿריַוווילִיקע נדבֿנים, און עסט אַ מיטאָג צוזאַמען מיט די הונגעריקע אָרעמעלײַט. אַ שיינער "סאָציאַלער זשעסט", אַ "גימיק" פֿאַר דעם וואַל־קאַמפּיין...

די איבערקערעניש אין "עבֿודה" האָט, ווי באַוווּסט, אַראָפּגעזעצט פֿון דער אָנפֿירונג דעם כאַריזמאַטישן, באַזעסענעם און לאַנג־דערפֿאַרענעם, אָבער נאָכאַנאַנד געשטרויכלטן שמעון פּרס, און האָט געקרוינט אויף זײַן אָרט דעם מיט 27 יאָר ייִנגערן און דינאַמישן הסתּדרות־מנהיג עמיר פּרץ. זײַן פֿריידיקע זעלבסטזיכערקייט אין רעזולטאַט פֿון זײַן נצחון, און דאָס אַרויסהייבן די "סאָציאַלע אַגענדע", וואָס האָט געשאָנקען דער "עבֿודה" אַן ערנסטן דערפֿאָלג אין די באַלדיקע פּובליק־טעסטן, האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, און דער נצחון פֿון עמיר פּרצן איז געוואָרן פֿאַרדעקט פֿונעם שאָטן פֿון דער פּאָליטישער עקספּלאָזיע, וואָס עס האָט גורם געווען אַריאל שרונס צווייטע אָפּשיידונג: זײַן אָפּשיידונג פֿונעם "ליכּוד" און דאָס שטעלן זיך בראָש פֿון אַן אייגענער, אַ שאַראָניסטישער פּאַרטיי, אין וועלכער ער איז דער איינציקער דעה־זאָגער. און – קדימה, צו די וואַלן.

אין די לעצטע צוויי וואָכן איז שרונס נײַ געשאַפֿענע פּאַרטיי געוואָרן "אַ פּאַרטיי פֿון פּליטים" פֿון אַנדערע פּאַרטייען. שמעון פּרס, אַ באַליידיקטער צוליב זײַן סעריאַלן דורכפֿאַל, האָט פֿאַרלאָזט זײַן "לאַנגיאָריקע היים" און איז אַריבער אין דער "קדימה", מיטנעמענדיק מיט זיך די מיניסטאָרן חיים רמון און דליה איציק. אהוד ברק, וועלכער איז דורכגעפֿאַלן אין די "פּריימעריס", האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קאַנדידירן אויף דער וואַל־ליסטע פֿון "עבֿודה". ער איז אָבער געבליבן אין דער פּאַרטיי צו פּראָפּאַגירן פֿאַר שרונען... פֿון "ליכּוד" זענען אַריבער צו שרונען די מיניסטאָרן שאול מופֿז און צחי הנגבי. עס איז אָנגעגאַנגען די העפֿטיקע מלחמה פֿון די פּובליק־טעסטן, וועלכע הוידלען זיך מיט יעדער ענדערונג אין דעם פּאָליטישן וועטער און אויף אויף די מיליטערישע פֿראָנטן אין דער מלחמה פֿון די קאַסאַם־ראַקעטעס, מיט די באַנײַטע טעראָר־אַקטן אין לאַנד און די "ליקווידאַציעס" אויף די "שטחים", מיטן

ביז גאָר אינטענסיוון הײַזער־בוי אין די קאָלאָניעס – אַזוי ווי אין אַלע "נאָרמאַלע" יאָרן פֿון דער פֿײַנטלעכער שכנהשאַפֿט און דעם נישט געלייזטן נאַציאָנאַלן קאָנפֿליקט מיט די פּאַלעסטינער. און גאָר באַזונדערס ערבֿ די פּאַרלאַמענט־וואַלן סײַ בײַ אונדז (דעם 27־סטן מערץ) און סײַ אין דער פּאַלעסטינער אינסטאַנץ (דעם 25־סטן יאַנואַר).

געוויינלעך ווערט דער פּאַלעסטינער טעראָר אַקטיוו כּמעט פֿאַר יעדן וואַל־פּאַרמעסט אין מדינת־ישׂראל – און ער ווירקט אַלעמאָל גינסטיק פֿאַר די פּאַרטייען פֿון רעכטן לאַגער; דאָס מאָל איז דער טעראָר פֿון די קאַסאַם־ראַקעטעס קעגן ישׂראל געווענדט קעגן דער פּאַלעסטינער אינסטאַנץ, אין גײַסט פֿון דעם ייִדישן פֿאָלקס־ווערטל, לויט וועלכן "זי שילט די שנור, אָבער זי מיינט די שוויגער": דער טעראָריסטישער "דזשיהאַד", וועלכער באַטייליקט זיך נישט אין די פּאַלעסטינער וואַלן, וויל "אָנהייצן" די זיכערהייט־לאַגע אויף דער גרענעץ כּדי די וואַלן צו סאַבאָטירן; אויך דער רעגירנדיקער "פֿאַטאַך", איז נישט צו שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין די וואַלן – צוליב דער מורא פֿאַר אַ נצחון פֿון דעם באַוואָפֿנטן "כאַמאַס", נאָך זײַנע גרויסע נצחונות אין די נאָרוואָס אָפּגעהאַלטענע מוניציפּאַלע וואַלן.

אָבער אויפֿן ישׂראלדיקן פּאָליטישן פֿראָנט האָט פּאָריקע וואָך עקספּלאָדירט די צום מערסטן נישט דערוואַרטע באָמבע – מיטן "לײַכטן סטראָק", דעם מוח־שטורץ פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער אַריאל שרון.

אין יעדן פֿאַל און בײַ אַלע אומשטענדן וואָלט די דאָזיקע געשעעניש שאָקירט די מדינה און אירע בירגער. אַ פּשיטה שוין ווען דאָס איז געשען אין מיטן דעם אָנגעזאָגטן וואַל־פּאַרמעסט, אין מיטן זײַן געגרייטן פֿאַרמעסט צו דעראָבערן צום דריטן מאָל די מאַכט ווי דער פּאָטענציעלער זיגער, דער איינציקער, וואָס איז זיכער אין זײַן נצחון, און דאָס מאָל – איבער זיך אַליין...

דער "לײַכטער מוח־שטורץ" האָט, נאַטירלעך, אַרויסגערופֿן אַ שווערע דאגה אין לאַנד, און בײַם ציבור האָט זיך דערוועקט די פֿראַגע, ווער איז קאָמפּעטענט איבערצונעמען די פֿולמאַכטן טאָמער געשעט חלילה עפּעס וואָס מיט דער מדינה, און מען דאַרף דרינגענדיק אָננעמען אַן עקזיסטענציעלע דעציזיע – ווען דער מנהיג פֿונקציאָנירט נישט, געפֿינט זיך אונטער שלאָף־געטראַנק אויפֿן אָפּעראַציע־טיש אד"גל...

לכתחילה האָט אויך איצט די מדינה זיך געפֿירט אַזוי ווי אין אַלע צײַטן, פּרובירנדיק פֿאַרהוילן דעם פֿולן אמת וועגן דעם פּרעמיערס

געזונט־צושטאַנד. אין דער עפּאָכע פֿון טעלעוויזיע און אָפֿנקייט קאָן מען דעם אמת נישט אויסבאַהאַלטן. נאָך עטלעכע טעג האָבן די צײַטונגען אָנגעהויבן פֿאַרעפֿנטלעכן טײַלווײַזע אינפֿאָרמאַציעס וועגן שרונס געזונט־צושטאַנד, אָבער עס האָבן נישט געפֿעלט קיין קלאַנגען. אָט, למשל, האָט דער ״מעריבֿ״ מיטגעטיילט, אַז שרון וועגט, אָן אַן עין הרע, 145 קילאָ...

די דאָזיקע האַלבע אינפֿאָרמאַציעס און קלאַנגען, וואָס קענען פֿאַרשאַטן דעם וואַל־קאַמפּיין, האָבן באַוויזן שרונען – צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פֿון דער מדינה – ״אָפּצודעקן״ זײַן מעדיצינישע ״ביאָגראַפֿיע״ מיט אַלע פּרטים – אין קעגנזאַץ צום רעכט פֿון ״מעדיצינישער פּריוואַטקייט״.

דערבײַ האָבן די דאָקטוירים מגלה געווען, אַז דער ״סטראָק״ איז נישט געווען קיין לײַכטער און קיין קורצער, נאָר ״אַ נאָרמאַלער״ – און, דער עיקר: אין צוויי אָדער דרײַ וואָכן אַרום דאַרף דער פּרעמיער־מיניסטער אַדורכמאַכן אַ ״סינטור״, כּדי צו פֿאַרשטאָפּן אַ לעכל אין האַרץ – ״אַ לײַכטער האַרצפֿעלער פֿון געבורט״. הכּלל – דער דינאַמישער ״בולדאָזער״ פֿון דער קאָלאָניזאַציע און פֿון דער עוואַקואַציע דאַרף פֿאַרלאַנגזאַמערן דעם טעמפּאָ פֿון זײַן אַרבעט, צוימען דעם אַפּעטיט און זיך אָפּזאָגן פֿון די פּאָנטשקעס און לאַטקעס אין די טעג פֿון חנוכּה.

דאָס איז געווען דער הײַ־יאָריקער נס פֿון דער מדינה: שרון איז אַרויס בשלום פֿון דעם געזונטהייט־נסיון. ער האָט אַפֿילו מצליח געווען צו מוסרן און זאָגן ״נו־נו, קריגט אײַך נישט״ צו די מיניסטאָרן אהוד אָלמערט און ציפּי לבֿני, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן צו אַמפּערן ווער פֿון זיי זאָל האָבן די בכורה און זײַן דער צווייטער אין שרונס רעגירנדיקן הויף.

*פּאָרוועדטס*, **20־סטער יאַנואַר 2006**

---

נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר האָט ברק זיך צוריקגעקערט און באַזײַטיקט פּרצן פֿון דער פּאַרטיי־אָנפֿירונג און פֿון דעם זיכערהייטס־מיניסטעריום. די צווייטע לבֿנונישע מלחמה האָט אַ סוף געמאַכט צו דער ״סאָציאַלער אַגענדע״.

## זאָג נאָך נישט "האָפּ"

ד ער סמבטיון רוט געוויינלעך אין די שבתים, אָבער דאָס מאָל האָט ער גערוט אויך אין דעם גויִישן זונטיק און ער רוט שוין הײַנט דעם פֿינפֿטן טאָג.

איך מיין דאָ דעם ארץ־ישׂראלדיקן סמבטיון פֿון דעם טײַוולאָנישן טעראָר, פֿון די "קאַסאַמען" און "קאַטשמאַרן" און פֿון די אַנדערע ראַקעטן־אָנשיקענישן, וואָס האָבן געזייט טויט און פּחד צווישן די אײַנוווינערס פֿון שׂדרות, פֿון די ייִדישע זידלונגען אין גוש קטיף און אין די שכנותדיקע קליינע יישובֿים אַרום דעם עזה־שטרײַף.

עס זענען שוין געווען אַ סך אָטעם־פּויזעס אין דעם ווילדן געברויז פֿון דעם פּאַלעסטינישן טעראָר אין די איבער פֿיר יאָר פֿון דער איצטיקער "אינטיפֿאַדע" (די אַזויגערופֿענע "צווייטע" אָדער "על אַקסאַ־אינטיפֿאַדע"), און יעדע אָטעם־פּויזע האָט יעדעס מאָל דערוועקט אַ נײַע האָפֿענונג, געעפֿנט פֿון דאָס נײַ אַ "פֿענצטערל" אָדער אַ "שפּאַרונקע פֿון אַ געלעגנהייט" – וואָס האָט זיך יעדעס מאָל צום סוף צוריק פֿאַרמאַכט און געברענגט מיט זיך יעדעס מאָל אַ נײַע אַנטוישונג.

זינט שרון איז געקומען צו דער מאַכט מיטן צוזאָג צו דערגרייכן "זיכערהייט און שלום" זענען שוין געווען אַ סך אַזעלכע צוזאָגנדיקע געלעגנהייטן פֿון עפֿענען און צוריק פֿאַרמאַכן "פֿענצטערס פֿון געלעגנהייטן", מיטן עפֿענען און שטרויכלען די אַמעריקאַנער פּרוּוון – דעם מיטשעל־דאָקומענט, דערנאָך דעם פֿאַרמיטלונגס־פּראָיעקט, וועלכן ס'האָט געבראַכט מיט זיך (ווי דער שליח פֿון פּרעז' בוש) גענ' טענעט, דער אָנפֿירער פֿונעם סי.איי.איי., דעם אַמעריקאַנער געהיים־דינסט; שפּעטער דעם דאָקומענט פֿון גענ' זיני, און צום סוף די "מאַפּע פֿון די וועגן", וואָס פּרעז' בוש האָט צוגעשטעלט און וואָס שרון האָט זיי אַלע אַדאָפּטירט – אָבער מיט אַזעלכע אָדער אַנדערע באַוואָרענישן (ווי למשל די 14 באַוואָרענישן צו דער "וועגן־מאַפּע"), וואָס האָבן יעדעס מאָל געעפֿנט... אַ פֿענצטער פֿאַר זיכערע שטרויכלונגען.

די עיקרדיקע שטרויכלונגען זענען באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן יעדעס מאָל געגעבן די קעגנערס פֿון אַ פּשרה, די פֿאַנאַטישע עקסטרעמיסטן פֿוןביידע זײַטן פֿונעם ישׂראל־פּאַלעסטינישן קאָנפֿליקט, דאָס "רעכט פֿון וועטאָ" – דורך געבן זיי אַ געלעגנהייט אויפֿצורײַסן מיט דער הילף פֿון טעראָר יעדע פֿרידלעכע פֿאַרשטענדיקונג. אַזוי איז דאָס געווען, אויב מיר זאָלן אָנהייבן פֿון די לעצטע צען־צוועלף יאָר, מיט די מאַסיווע טעראָר־אַקטן פֿון "כאַמאַס" און דעם "דזשיהאַד" אין דער צײַט פֿון די אָפּמאַכן פֿון אָסלאָ, פֿון איין זײַט, און אַזוי איז געווען, פֿון דער אַנדערער זײַט, מיטן מאָרד פֿון יצחק ראַבין. אַזוי איז אויך געווען אין די ראַמען פֿון די "זיבן טעג פֿון אַבסאָלוטער רו", וואָס שרון האָט פֿאַרלאַנגט און וואָס זענען פֿאַרשטערט געוואָרן מיטן זעלבסטמאָרד־טעראָר אין זיבעטן טאָג פֿון דער "אַבסאָלוטער רו". און אַזוי איז אויך געשען מיט די "ליקווידיר"־אַטענטאַטן פֿון איין זײַט און די טעראָר־אַקטן פֿון דער אַנדערער זײַט, וועלכע האָבן אויפֿגעריסן אַלע אַנדערע פֿאַרשטענדיקונגס־פּרוּוון.

דאָס אַלץ געהערט אָבער צו דער "עפּאָכע פֿון אַראַפֿאַטן" – דעם "נישט רעלעוואַנטן נישט־פּאַרטנער", ביז זײַן ספּעקטאַקולאַרן צוועלף־טאָגיקן טויט, וועלכן מיר האָבן שוין הינטער זיך.

איצט געפֿינען מיר זיך אין דער עפּאָכע פֿון נאָך אַראַפֿאַטן, אין דער עפּאָכע פֿון אַבו־מאַזען, וועלכער האָט אַראַפֿאַטן געירשנט און, הגם ער איז ערשט נאָרוואָס "אַרײַן אין די פֿעדערן", זעט ער שוין אויס צו זײַן אַ "רעלעוואַנטער פּאַרטנער" – אַפֿילו אין די אויגן פֿון דעם פּרעמיער שרון, וועלכער האָט אים מיט אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק, בעת זײַן ערשטן פּרוּוו צו פֿאַרהאַנדלען מיט ישׂראל אין די ראַמען פֿון דער "וועגן־מאַפּע" גרינגגעשעצט.

ביז דעמאָלט האָט ער אים באַצייכנט ווי "אַן עוֹפֿעלע, וואָס עס זענען אים נאָך נישט אַרויסגעוואַקסן קיין פֿעדערן"... דאָס איז געווען קורץ נאָך דער שפּיצן־קאָנפֿערענץ מיט פּרעזי׳ בוש, דעם מלך אַבדאַללאַ, פּרעמיער שרון און אַבו־מאַזען אין אַקאַבאַ, אין דרום פֿון ירדן דעם 4־טן יוני 2003. דאָרט האָבן שרון און אַבו־מאַזען זיך געדריקט די הענט מיטן פּראָקלאַמירן די "מאַפּע פֿון די וועגן". אָבער דעמאָלט איז אַבו־מאַזען נאָך געווען אונטער די פֿליגלען פֿון אַראַפֿאַטן, און איצט האָט ער שוין אייגענע פֿליגלען – און זײַנע איצטיקע ענערגישע האַנדלונגען האָבן פלוצעם אַרויסגערופֿן באַוווּנדערונג אין די מיליטערישע קרײַזן אין ישׂראל.

זייער באַוווּנדערונג האָט זיך גענומען פֿון דעם, וואָס גלײַך נאָך זײַן דעמאָקראַטישן אויסוואַל, אָבער נאָך איידער ער האָט באַקומען די קאָמפּעטענצן ווי דער פֿאָרזיצער פֿון דער פּאַלעסטינער אויטאָריטעט, זענען די עסקנים פֿונעם "נאַציאָנאַליסטישן" לאַגער אַרויס מיט טענות קעגן אַבו־מאַזען, הלמאַי ער שטעלט נישט אָפּ דעם טעראָר פֿון "כאַמאַס", הלמאַי ער אַנטוואָפֿנט זיי נישט און הלמאַי ער שטעלט נישט אָפּ דאָס אַרויסשיקן די "קאַסאַמען" קעגן שדרות און דעם גוש קטיף. דאָס וואָס די אַרמיי פֿון ישׂראל, וואָס הערשט פּאַקטיש אויפֿן גאַנצן פּאַלעסטינער שטח – די שטאַרקסטע אַרמיי אין מיטעלן אָריענט – האָט נישט מצליח געווען אין משך פֿון די פֿיר יאָר, האָבן זיי פֿאַרלאַנגט פֿון אַבו־מאַזענען ער זאָל דערגרייכן אין געציילטע טעג. און דאָס מיט דער הילף פֿון די אָרטיקע צעשפּליטערטע זיכערהייטס־איינהייטן און די מיליציעס, וואָס צה"ל האָט צעשמעטערט צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּאַלעסטינער גרונט־סטרוקטור אין די איבער פֿיר יאָר פֿון דער אינטיפֿאַדע.

אָבער די אײַנוווינערס פֿון ביידע זײַטן מויער פֿון שׂינאה זענען שוין מיד פֿון דעם בּסדרדיקן עפּענען און צומאַכן די "פֿענצטערס פֿון די געלעגנהייטן", מיד פֿון די צוגעזאָגטע האָפֿענונגען און אַנטוישטונגען. דער טעראָר איז אַ געפֿערלעך געווער – נישט נאָר ווײַל ער איז אַן עפֿעקטיווער און אַ סקרופּולנלאָזער קאַמפּס־מיטל פֿון שוואַכע קעגן שטאַרקע, פֿון יחידים קעגן מעבטיקע אַרמייען. דער טעראָר, ווי באַוווּסט, זייעט טויט, פֿאַרניכטונג און, דער עיקר – פּחד צווישן דער ציווילער באַפֿעלקערונג.

די ערשטע דרײַ קרבנות פֿונעם טעראָר זענען – ראשית כּל קינדער און אומשולדיקע, אומבאַהאָלפֿענע מענטשן; אויפֿן צווייטן אָרט: די קריטיק און דער פֿרײַער געדאַנק, וועלכע ווערן פֿאַרשטומט, און צום סוף – דער שׂכל־הישר, דער קלאָרער געדאַנק און דער מענטשלעכער געוויסן. דער טעראָר סטימולירט אויך און ליפֿערט קעמפֿערישע שפּײַז די עקסטרעמיסטן אין דעם פֿײַנטלעכן לאַגער און דערוועקט זיי צו באַקעמפֿן די פֿרידלעכע כּוונות פֿון זייער רעגירונג, אויב אַזעלכע זענען בײַ איר פֿאַראַן. אַזויאַרום באַדינט זיך דער טעראָר מיטן עקסטרע־מיסטישן פֿײַנט און מיטן איבערגעשראָקענעם אַטאַקירטן פֿאָלק – פֿאַר זײַנע פֿײַנטלעכע צילן.

אַזוי געשעט עס מיט אַלע טעראָר־כוואַליעס, און אַזוי איז עס איצט געשען אין דעם שטעטל שדרות, וואָס האָט באַגראָבן זיבן אומשולדיקע

נפשות, קרבנות פֿון די טעראָריסטן אין זייער אָנשטרענג צו שטרויכלען אַבו־מאַזענען אין זײַן אָנשטרענג צו באַהערשן די לאַגע און דערמעגלעכן אַ פֿאַרשטענדיקונג מיט שרונען אַרום זײַן פּלאַן פֿון אַ צוריקטריט פֿון עזה און פֿון דער געגנט פֿון דזשענין.

ווי יעדעס מאָל האָבן די "קאַסאַם"־ראַקעטעס קעגן שׂדרות אויפֿגעוועקט און געבראַכט אַהער די חסידים פֿון כּהנא, וועלכע באַוויזן זיך אומעטום ווו זיי דערשמעקן דעם ריח פֿון בלוט, די "ייִנגלעך פֿון די בערגלעך" אויף די שטחים און די קאָלאָניסטן פֿון גוש קטיף און פֿון די אַנדערע זידלונגען אין עזה־שטרײַף, וועלכע זענען געקומען אַהער דעמאָנסטרירן קעגן די אָפּשיידונגס־ און עוואַקואַציע־פּלענער פֿון דער רעגירונג. עס איז ניט שווער געווען צו מאָביליזירן די פֿאַרביטערטע און פֿאַרצווייפֿלט־איבערגעשראָקענע אײַנוווינער פֿון דעם שטעטל קעגן די פּשרהדיקע כּוונות פֿון דער רעגירונג. עס איז אויך ניט שווער געווען זיי צו העצן קעגן דער רעגירונג אונטער די לאָזונגען צו דערלאַנגען די תּושבֿים פֿון "יענער זײַט" אַ טויט־קלאַפּ און צו אָקופּירן דעם גאַנצן עזה־שטרײַף, אַרויסצוטרײַבן פֿון דאָרט אַלע אַראַבער (מער ווי אַנדערטהאַלבן מיליאָן...) אד"גל.

עס איז שווער צו באַרויִקן אַ טעראָריזירטע באַפֿעלקערונג און איבערצוצײַגן זי, אַז "מע דאַרף אַרויסוואַרפֿן גערודלט" און "געבן אַבו־מאַזענען אַ שאַנס" אַדורכצוקומען מיט די טעראָריסטישע אָרגאַני־זאַציעס און באַוועגן זיי אָפּצושטעלן דאָס פֿײַער. די רעגירונג האָט, וועלנדיק זיך סאָלידאַריזירן מיט די לײַדן פֿון דער באַפֿעלקערונג, אָפּגעהאַלטן איר זונטיקדיקע זיצונג אין שׂדרות. אַבו־מאַזען האָט אין דער זעלבער צײַט מצליח געווען אָנצוּוואַרפֿן זײַנע פֿולמאַכטן אויף די באַוואָפֿנטע מיליציעס און מיט זייער הילף צו דערגרייכן די אָטעם־פּויזע, וועלכע דערמעגלעכט אים צו דערשײַנען ווי דער מלאך פֿון דער באַנײַטער האָפֿענונג.

עס איז אָבער נאַיִוו צו טראַכטן, אַז אַבו־מאַזען, וועלכער האָט אַלע יאָרן זיך אָפּן קעגנגעשטעלט דעם טעראָר און דער באַוואָפֿנטער אינטיפֿאַדע, וועט קענען אָפּהיטן די רו און די זיכערהייט אויפֿן שטח אָן דער הילף מצד ישׂראל און אָן דער גרייטקייט פֿון ישׂראל אַנטקעגנ־צוקומען כאָטש אַ טייל פֿון די פּאַלעסטינישע פֿאַרלאַנגען – און דאָ קומט אַרויס די אַבזוריותדיקע סתּירה צווישן דעם "גוטן ווילן" און די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פֿון די צדדים און פֿון זייערע מנהיגים.

אַבו־מאַזען, וועלכער איז צוזאַמען מיט אַראַפֿאַטן געווען פֿון די גרינדער פֿון ״פֿאַטאַך״ מיט 40 יאָר צוריק, איז אין קעגנזאַץ צו אַראַפֿאַטן אַ פּראַגמאַטיקער, אָבער ווי אַ פּאַלעסטינער נאַציאָנאַליסט האָט ער נישט רעזיגנירט פֿון די גרונט־פּרינציפּן פֿון זײַן פֿאָלקס אומאָפּהענגיקייט. ער איז אויך נישט גרייט צו דערשײַנען אין די אויגן פֿון זײַן פֿאָלק ווי אַ ״קאָלאַבאָראַטאָר״ וואָס פֿירט אויס די באַפֿעלן פֿון דעם אָקופּאַנט. ער וועט פֿאַרלאַנגען פֿון ישׂראל וועזנטלעכע זשעסטן – וואָס צוליב זיי, און כּדי נישט צו דאַרפֿן דאָס טאָן, האָט שרון פֿאַרטראַכט די איינזײַטיקע אָפּשיידונג, ווי אַ קיום־וויכטיקן זיכערהייטלעכן אינטערעס פֿון ישׂראל. כּל זמן אַראַפֿאַט האָט געלעבט, האָט שרון זיך באַנוצט מיטן תּירוץ, אַז ער האָט נישט קיין פּאַרטנער צו קעגנזײַטיקייט. דעם דאָזיקן תּירוץ האָט שרון איצט פֿאַרלוירן.

דעריבער נויטיקט זיך שרון אין אַ נײַעם תּירוץ, וועלכן עס איז נישט אַזוי לײַכט צו געפֿינען. פֿאַרלאָזט זיך אָבער אויף שרונען: ער וועט שוין געפֿינען. דערווײַל אַרבעט ער אויף צוויי פֿראָנטן: אויפֿן פּאָליטישן פֿראָנט פֿון געווינען די אונטערשטיצונג פֿון ש״ס און אַרײַננעמען אים אין דער קאָאַליציע כּדי דורכצופֿירן די עוואַקואַציע פֿון עזה – און אויפֿן נאַציאָנאַלן פֿראָנט צו פֿאַרשטאַרקן מיטן גאַנצן שווונג דעם בוי אין די פֿאַרבלײַבנדיקע זידלונגען אויפֿן מערבֿדיקן ברעג – אין יהודה און שומרון.

האָט דאָך שרונס פֿאַרטרויונגס־מאַן, אַדוואָקאַט יורם ראַב״ד, געזאָגט צו סימה קדמון אין זײַן אינטערוויו פֿאַר דעם ״ידיעות אַחרונות״ פֿון 21־סטן יאַנואַר ד״י, אַז –

*״אויב עמיצער מיינט, אַז שרון האָט בדעה צו נעמען דעם אָפּשיידונגס־פּלאַן און רעאַליזירן אים אויך אויף אַנדערע שטחים – איז ער, אויף וויפֿל איך ווייס, זיך טועה״.*

אַדוו׳ ראַב״ד האָט געפֿירט אין שרונס נאָמען די אונטערהאַנד־לונגען וועגן אויפֿשטעלן די איצטיקע קאָאַליציע. די פֿאַרבאָרגענע כּוונות פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער ווערן אַנטפּלעקט דורך זײַנע נאָענטסטע פֿאַרטרויונגס־לײַט. פֿריִער האָט עס געטאָן מאיר ווײַסגלאַס אין זײַן אינטערוויו פֿאַר אַרי שביט.

דעריבער – זאָג נאָך נישט ״האָפּ״. הגם די צײַט איז שוין נאָענט, איז נאָך צו איר אַ ווײַטער שפּרונג.

*פֿאָרווערטס*, 21־סטער יאַנואַר 2005

# חסידים און מתנגדים

ניט נאָר ייִדן און אַראַבער, און נישט נאָר ספֿרדים און אַשכּנזים רײַסן זיך אַרום צווישן זיך אין ייִדישן לאַנד. אויך די אַלטע, שוין לאַנג פֿאַרגעסענע מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים האָט אויפֿגעלעבט פֿון דאָס נײַ אין דער ייִדישער מדינה. און – טרעפֿט ווו?

– גראָד אין דער "מועצת גדולי התורה", דעם ראַט פֿון די גרויסע רביים און רבנים, וואָס באַשטימען די פּאָליטיק פֿון אַגודת ישׂראל. זיי באַשטימען אויך דעם פּרײַז, וועלכן די "אַגודה" זאָל מאָנען בײַ דער רעגירונג פֿאַר אָנשליסן זיך צו דער קאָאַליציע.

טאַקע צוליב דעם פּרײַז איז אויסגעבראָכן די מחלוקת: דער לובאַוויטשער רבי, וועלכער זיצט אין דער מדינה פֿון אָנקל סעם, האָט פֿון דאָרטן אָנגעזאָגט, אַז די "אַגודה" זאָל חלילה נישט מוותּר זײַן פֿאַר די אַפּיקורסים און זאָל בשום אופֿן ניט שטיצן די רעגירונג אויב עס וועט נישט אָנגענומען ווערן די פֿאָדערונג וועגן "גיור כּהלכה" אין דער פֿראַגע פֿון "ווער איז אַ ייִד". דער גערער רבי האָט געשטיצט די דאָזיקע פֿאָדערונג פֿון דעם לובאַוויטשער. הרבֿ שאַך, דער ראָש פֿון דער פּאָניעוועזשער ישיבֿה, איז אָבער אַ ליטוואַק אַ מתנגד. ער האָט געמאַכט דעם פּשוטן חשבון, אַז אין דער כּנסת וועט נישט זײַן קיין מערהייט פֿאַר דעם געזעץ, דעריבער דאַרף מען נישט אײַנשטעלן די מיליאָנען, וואָס די פֿרומע באַקומען פֿאַר זייערע ישיבֿות און אַנשטאַלטן פֿאַרן פּרײַז פֿון שטיצן די קאָאַליציע.

און – נאָר אַ מתנגד אַ ליטוואַק האָט געקענט האָבן די העזה צו זאָגן אויפֿן לובאַוויטשער רבין, אַז "דער משוגענער, וואָס זיצט אין ניו־יאָרק, מאַכט משוגע די גאַנצע וועלט"...

בײַ די "גדולי התורה", בפֿרט בײַ די חבדער חסידים, איז אויסגעבראָכן אַ פֿײַער, אַ שׂרפֿה. מתנגדים האָבן אָבער נישט מורא פֿאַר קיין פֿײַער – און מען האָט זיך ווײַטער געדונגען וועגן חומר און רוח און וועגן דער קאָאַליציע – ביז מען האָט אויסגעדונגען די שליטה איבער דער מדינה.

*לעבנס פֿראַגן*, **יולי־אויגוסט 1981**

# *מלחמה איז נישט קיין פּורים־שפּיל*

די אָפּשטאַמיקע פֿון פּוילן געדענקען אַוודאי דאָס פּוילישע מיליטערישע לידל: "Jak tam na wojence ładnie / kiedy ułan z konia spadnie" – ווי שיין איז אין דעם מלחמהלע (ווען אין זײַן גאַלאָפּ) פֿאַלט דער רײַטער פֿונעם פֿערד אַראָפּ... אונטער די ריטמישע קלאַנגען פֿון אָט דעם "פֿריילעכן" מאַרש האָט מען די רעקרוטן, די מאָביליזירטע זעלנער געפֿירט אויפֿן פֿראָנט, אין דעם "מלחמהלע", פֿון וועלכן נאָר ווייניקע האָבן זיך צוריקגעקערט מיטן זעלבן לידל אויף די ליפּן.

דאָס פֿריילעכע לידל ענדיקט זיך זייער טרויעריק: *"שלאָף, חבֿר, אין דײַן פֿינצטערן קבֿר בשלום. זאָל דיר דאָס פֿאָטערלאַנד קומען צו חלום"*...

אין דעם פֿאַרהוילענעם אומבאַוווּסטזײַן פֿון יאָ אָדער ניין און פֿון "ווען" – האָבן מענטשן פֿאַרשטויסן און פֿאַרטריבן פֿון זייער געדאַנק און זכּרון דעם באַטײַט פֿון דעם שוידערלעכן וואָרט און די דערמאָנונג פֿון זייערע אייגענע איבערלעבונגען.

ביז וואַנען דאָס וואָרט האָט פּלוצעם באַקומען אַ געשטאַלט און איז געוואָרן אַ ממשותדיקער און דראָענדיקער אָט־אָט־אָט.

גיט אָבער נאָר אַ טראַכט ווי אַכזריותדיק און מאַקאַבריש איז די איראָניע – איך וואָלט אויסגעקליבן גראָד דעם טאָג פֿון פּורים ווי די דאַטע פֿון דעם אַמעריקאַנישן אולטימאַטום פֿאַר דער געפּלאַנטער און וווּנטוועלער מלחמה קעגן איראַק.

ווי מלחמה וואָלט געווען, במחילה, אַ פּורים־שפּיל...

כאָטש, דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר נישט אַלעמאָל זוכה געווען, אַז די טעג פֿון פּורים זאָלן זײַן טעג נאָר פֿון ששון ושימחה. נישט זעלטן איז די שׂימחה פֿון המנס מפּלה פֿאַרשטערט געוואָרן דורך דעם אַכזריותדיקן טעראָר און אַנדערע שווערע אָפּקומענישן. און, ווי אַ דערמאָנונג וועגן דעם היסטאָרישן מקור פֿון דעם יום־טובֿ, האָט

פּערסיע זיך ווידער באַוויזן אין די נײַעס, צוזאַמען מיט צפֿון־קאָרעע, ווי די אויפֿקומענדיקע סכּנה פֿאַרן וועלט־שלום מחמת דעם אינטענסיוון אויפֿבוי פֿון זייער אַטאָמישן פֿאַרניכטונגס־כּוח – אין דער צײַט ווען דער מיליטערישער צאָרן פֿון וואַשינגטאָן איז אָנגעצילט אויף איראַק.

דאָס אַלץ גייט אָבער די אַמעריקאַנער נישט אָן. המן הרשע און פּורים געפֿינען זיך נישט אין דער געשיכטע און אויף דער "אַדזשענדע" פֿון פּרעז' בוש, וועלכער דאַרף זיך פֿריִער אָפּרעכענען מיטן הערשער פֿון באַגדאַד און מיט דעם "חובֿ", וועלכן סאַדאַם איז געבליבן שולדיק זײַן טאַטן, איידער ער וועט באַשליסן וואָס צו טאָן מיט די צוויי אַנדערע זײַלן פֿון דער דרײַ־עקיקער "אַקס פֿון רישעות".

אין צווישן אָבער האָט דער יונגער דזשאָרדזש בוש זיך פֿאַר־פּלאָנטערט אין אַ דיפּלאָמאַטישער מלחמה מיט זײַנע פֿאַרבינדעטע אין אייראָפּע, אין מיטעלן מזרח און אויף דער גאַנצער וועלט, און דער עיקר – מיט דער עפֿנטלעכער מיינונג, וועלכע געפֿינט נישט קיין טעם און קיין זין אין דער דעקלאַרירטער מלחמה און האָט מורא פֿאַר אירע רעזולטאַטן. די פּראָטעסט־באַוועגונג אויף דער וועלט שפּרייט זיך אויס און נעמט אַרום אַלץ ברייטערע און ברייטערע מאַסן מיט יעדן טאָג פֿון דער יעדעס מאָל אָפּגעלייגטער מלחמה. די טאַקטיק פֿון דעם איראַקישן הערשער, די בידנע רעזולטאַטן פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנטראָל־קאָמיסיע און די שבֿחים פֿון אירע צוויי אָנפֿירערס – האַנס בליקס און מאָהאַמעד על־באַראָדײַ – פֿאַר דער "גוטווויליקער" קאָאָפּעראַציע פֿון דער איראַקישער מאַכט מיט דער קאָמיסיע – פֿאַרשטאַרקן מיט יעדן טאָג דעם אומצוטרוי פֿון די פֿעלקער צו די כּוונות און דער עקשנות פֿון דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט אַרײַנצוציִען די וועלט אין דער מלחמה.

צווישן די אומצאָליקע אַנאַליזן צו פֿאַרשטיין בושס אַנטשלאָסנקייט אַרײַנצוטרעטן אין דער מלחמה קעגן איראַק, וואָס קיינער קען נישט פֿאַרויסזאָגן וואָס פֿאַר אַ נײַע קאָמפּליקאַציעס עס איז עלול צו ברענגען דער דערוואַרטער נצחון פֿון דער אַמעריקאַנער מיליטערישער קראַפֿט – ווערט אונטערגעשטראָכן די כּוונה פֿון די אַמעריקאַנער איבערצונעמען די קאָנטראָל איבער די רײַכע נאַפֿט־פֿעלדער פֿון איראַק. עס האַנדלט זיך אָבער, ווי עס טענהן מאַנבע קאָמענטאַטאָרן און "אַנאַליטיקער", נישט אין דער כּוונה צו באַהערשן די קוואַלן פֿון דעם אויל, נאָר צוריקצוקערן דעם פֿאַרקויף פֿון דעם איראַקישן אויל צו דער אַמעריקאַנער וואַלוטע, צום דאָלאַר, וועלכן סאַדאַם האָט אין די לעצטע יאָרן פֿאַרביטן אויפֿן "ערא", אָדער "יוראָ", ווי עס רופֿן אים די אַמעריקאַנער, און האָט געמאַכט מיליאַרדיקע פּראָפֿיטן פֿון

דעם אונטערשייד צווישןביידע וואַלוטעס. ווילן נישט די פֿעלקער זיך מקרבֿ זײַן – נישט פֿאַר דעם אויל, און נישט פֿאַר דעם דאָלאַר.

ישׂראל האָט אָבער איר אייגענעם פּחד און איר אייגענעם חשבון מיט איראַק און מיט די אַמעריקאַנער מאָטיוון אין דער אָנגעזאָגטער מלחמה. דער פּחד פֿון דער באַפֿעלקערונג, בײַ וועלכער עס דערוועקט זיך דער זכּרון פֿון דער געשלאָסענער קאַמער און די שרעק פֿאַר דער בעמישער און ביאָלאָגישער סכּנה. דאַקעגן דערוועקט זיך בײַ די מיליטערלײַט דער ווילן זיך נוֹקם צו זײַן אין דער אויפֿגעצוווּנגענער אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון יענער מלחמה מיט צוועלף יאָר צוריק, ווען עס איז פֿאַרווערט געוואָרן ישׂראל צו ענטפֿערן אויף די "סקאַדן" – הגם זיי האָבן דעמאָלט דער ישׂראלדיקער באַפֿעלקערונג קיין קרבנות נישט פֿאַרשאַפֿט. די פּאַסיווקייט פֿון ישׂראל האָט אָבער דערמעגלעכט אויפֿצוהאַלטן די סאָלידאַריטעט פֿון דער דעמאָלט פּראָ־אַמעריקאַנער אַראַבישער וועלט.

מצד איראַק איז ישׂראל נישט קיין פֿונקציע אין דער איצטיקער מלחמה. אַ ישׂראלדיקע אַרײַנמישונג וועט איר אָבער זײַן "אונטער דער האַנט" כּדי צו געווינען די סאָלידאַריטעט פֿון דער נישט געאייניקטער אַראַבישער וועלט, און כּדי צו פֿאַרשטאַרקן אין מערבֿ דעם מיטאָס, אַז די מלחמה איז... אַ ישׂראלדיקע מאַכבערײַקע און ווערט געפֿירט פֿאַר אירע אינטערעסן. דערפֿאַר האָט דער פּענטאַגאָן פֿאַרזאָרגט ישׂראל מיט די "פּאַטריאָט"־ראַקעטן. וואַשינגטאָן האָט זיך פֿאַרפֿליכטעט צו באַשיצן ישׂראל אין פֿאַל פֿון אַן איראַקישן אָנגריף אויף איר, און זי פֿאַרלאַנגט פֿון ישׂראל זיך צו פֿאַרהאַלטן רויִק און שטיל און זיך נישט צו מישן אין דעם איראַקיש־אַמעריקאַנישן מלחמה־קאָנפֿליקט. די אַמעריקאַנער וועלן אויך אינפֿאָרמירן ישׂראל באַצײַטנס ווען עס וועט געגעבן ווערן דער מלחמה־סיגנאַל.

די מיליטערלײַט און די מיליטאַנטישע פּאָליטיקער וואָלטן אָבער געוואָלט באַווײַזן דער אַראַבישער וועלט "די שטאָלענע פֿויסט פֿון צה"ל" און דעם "אָפּשרעקונגס־פּאָטענציאַל" פֿון ישׂראל. זיי האָפֿן אויך, אַז די אַמעריקאַנער וועלן אין זכות פֿון ישׂראלס איצטיקן שווײַגן אָפּלייגן "ביז נאָך דער מלחמה" דעם דרוק אָנצוהייבן רעאַליזירן די פּאָליטישע "מאַפּע פֿון די וועגן" – ביז צום אויפֿגעבן די קאָלאָניזאַציע פֿון די שטחים און אויפֿשטעלן די פּאַלעסטינער מדינה ביז 2005.

אָבער די וואָרטזאָגערס האָבן נישט ליב צו שווײַגן – זיי פֿאַרפּלוידערן זיך ביז צו זעלבסטוואָרט, וואָס רופֿט אַרויס אומצופֿרידנקייט אין וואַשינגטאָן און באַדראָט די סובסידיע פֿון די פֿיר ביליאָן דאָלאַר, וואָס די רעגירונג פֿון ישׂראל האָט געבעטן פֿון אַמעריקע ווי אַ פֿאַרגיטיקונג

פֿאַר ישׂראלס שוויַיגנדיקער קאָאָפּעראַציע אין דער מערכה קעגן איראַק און כּדי אָפּצוראַטעווען די באַדראָטע ישׂראלדיקע ווירטשאַפֿט. וועגן דעם האָט דער נײַער פֿינאַנס־מיניסטער, בנימין נתניהו, זיך היַינטיקע וואָך געוואָנדן צו דער אַמעריקאַנער זיכערהייטס־באַראַטערין קאָנדאָליסאַ רײַס. זי האָט אים אָבער מסתּמא דערמאָנט, אַז אויפֿטרעטנדיק פֿאַרן אַמעריקאַנער קאָנגרעס מיט זיבן יאָר צוריק, נאָכן אויסוואַל אַלס פּרעמיער, האָט ער אויסגעדריקט זײַן כּוונה זיך אָפּצוזאָגן פֿון דער יערלעכער אַמעריקאַנער שטיצע...

מיר ווייסן נאָך נישט הײַנט, צי די מלחמה וועט טאַקע אויסברעכן אין טאָג פֿון פּורים, אָדער וועט זי ווידער ווערן אָפּגעלייגט, און אפֿשר אויך אַפֿילו אָפּגערופֿן. ווײַל אַ מלחמה איז נישט קיין פּורים־שפּיל. ווי עס איז שוין אַזוי פֿיל מאָל געזאָגט געוואָרן, ווייסן מיר וויאַזוי אַ מלחמה הייבט זיך אָן, אָבער מיר ווייסן כּמעט קיינמאָל נישט וויאַזוי און מיט וואָס זי וועט זיך פֿאַרענדיקן.

נאָר טאָמער זאָל חלילה באַשערט זײַן די מלחמה זאָל אויסברעכן אין פּורים – דעמאָלט האָפֿן מיר, אַז זי וועט זיך פֿאַרענדיקן אַזוי ווי אין דער מגילה: אַשר נהפּך להם מיגון לשׂמחה ומאבֿל ליום־טובֿ – „וואָס האָט זיך בײַ זיי איבערגעקערט פֿון האַרצקלעמעניש אין אַ שׂימחה און פֿון טרויער אין אַ יום־טובֿ".

פּורים איז אָבער נישט קיין יום־טובֿ פֿון נסים.

*„פֿאָרווערטס"*, **10־טער מערץ 2003**

## אַראַפֿאַט – דער קאָשמאַר און דער תּירוץ

היינריך היינע האָט אין איינעם פֿון זיינע שאַרפֿשפּיזנדיקע פֿעליעטאָנען געשריבן, אַז יעדעס קעניגרייך האָט זיך זיינע קעניגלעכע סימבאָלן, ווי למשל: אַ קעניגלעכן פּאַלאַץ, אַ קעניגלעכן פּלאָט, אַ קעניגלעכן צירק, אַ קעניגלעכע אָפּערע, אַ קעניגלעכן לץ, אַ קעניגלעכע באַנק און אַפֿילו אַ קעניגלעכן בודזשעט. ער האָט אָבער קיינמאָל, שרייבט ער, נישט געהערט וועגן קיין קעניגלעכע טורמעס און וועגן קעניגלעכע דעפֿיציטן אָדער חובֿות...

אין אונדזערע צייטן, ווען חוץ דעם אייביקן קעניג פֿון שאַבברעט זענען נאָך געבליבן געציילטע הערשנדיקע מלכים, און ס׳רובֿ פֿון זיי האָבן שוין נישט קיין גרויסע דעה אין דער מלוכה־פֿירונג – זענען די קעניגלעכע סימבאָלן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין נאַציאָנאַלע, ווי אַ טייל פֿון דער נאַציאָנאַלער גאווה. און טאָמער זענען, חוץ די אַלע נאַציאָנאַלע סימבאָלן, צווישן זיי אויך די מלוכישע דעפֿיציטן און די חובֿות, געוואָרן נאַציאָנאַליזירט, זענען זיי געוואָרן פֿאַררעכנט צו די נאַציאָנאַלע פּלאָגן, וואָס דערגייען אונדז אַלעמען די יאָרן.

צו די אַלע אויבן אויסגערעכנטע – און אַנדערע – נאַציאָנאַלע סימבאָלן איז אין אונדזערווירקלעכקייט צוגעקומען אין די לעצטע יאָרן אַ נייער סימבאָל: דער נאַציאָנאַלער תּירוץ.

דער הייַנטיקער נאַציאָנאַלער תּירוץ פֿון די מדינה־פֿירערס פֿון ישׂראל איז נישט קיין אַנדערער, ווי יאַסער אַראַפֿאַט, וועלכן מען האָט פֿון איין זייט פֿאַרוואַנדלט אין אַ דעמאָן, אַ שרעקצייג, אַ סטראַשידלע – און פֿון דער אַנדערער זייט האָט מען געהאָלפֿן צוריק אויפֿלעבן זיין לעצטנס אַזוי אויך שוין שטאַרק געפֿאַלענעם אימאַזש און אים דערהייבן צום העכסטן נאַציאָנאַלן סימבאָל פֿאַר די פּאַלעסטינער...

שוין מיטן באַשלוס פֿון דער ישׂראלדיקער רעגירונג מיט איבער צוויי יאָר צוריק צו פֿאַרשפּאַרן אים אין דער "מוקאַטאַ" – דעם איזאָלירטן שטח פֿאַר דער אויטאָנאָמער אַדמיניסטראַטיווער פֿאַרוואַלטונג – אין

ראַמאַללאַ, און מיטן אַרייַנלייגן אים דורך דעם אין חרם פֿון דער נישט רעלעוואַנטקייט, איז אַראַפֿאַט קוואַליפֿיצירט געוואָרן צו דער ראָל פֿון אַ נאַציאָנאַלן סימבאָל בייַ די פּאַלעסטינער. מיטן איצטיקן באַשלוס אים צו "ליקווידירן" איז ער אויסגעוואַקסן צו אַ נאַציאָנאַלן גיבור אויך אין די אויגן פֿון דער דרויסנדיקער וועלט. ער איז דורך דעם ישׂראלדיקן חרם גאָר געוואָרן רעלעוואַנטירט און איז געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלער אויטאָריטעט מיט אַ שטאַרקער דעה אויף דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע.

עס איז פֿאַר קיינעם קיין ספֿק נישט, אַז אַראַפֿאַט איז אַ האַרטער נוס, אַ גאָר נישט סימפּאַטישער פֿאַרהאַנדלער. עס איז אויך קיין ספֿק נישט, אַז ער טראָגט אויף זיך די אַחריות פֿאַר אָן אַ צאָל קרבנות פֿון דעם פֿאַרברעכע־רישן טעראָר, וועלכער איז געוואָרן אַ כּלומרשט עפֿעקטיווער נישט קאָנווענציאָנעלער מיטל פֿון נאַציאָנאַלן קאַמף אין דער תּקופֿה פֿון נאָך דער היטלער־מלחמה, פּאַראַלעל צו דער אַטאָמישער געפֿאַר. נישט ווייניקער אומשולדיקע קרבנות פֿון צווישן דער פּאַלעסטינער באַפֿעלקערונג זענען אָבער אויך געפֿאַלן פֿון אונדזער "לעגיטימען" געווער פֿון טאַנקן, העליקאָפּטערס און קריגס־עראָפּלאַנען אין דעם פֿאַרכּישופֿטן ראָד פֿון זעלבסטמערדער־טעראָר, שטראָף־ און נקמה־אַקטן און "ליקווידאַציעס".

די רעגירונגען פֿון ישׂראל האָבן אָבער מיט זייער פּאָליטיק פֿון אָקופּאַציע און קאָלעקטיווע שטראָפֿן געשטאַרקט די פֿונדאַמענטאַליסטישע עלעמענטן צווישן די פּאַלעסטינער און האָבן נישט זעלטן געשטויסן אַראַפֿאַטן און די אָנפֿירונג פֿון דער פּאַלעסטינער אינסטאַנץ אין די אָרעמס פֿון די טעראָריסטישע מנהיגים.

די דערפֿאַרונג האָט שוין טויזנטער מאָל דערוויזן, אַז קיין שום מדינה און קיין שום גורם קלייַבט זיך נישט אויס דעם שׂונא, און אַז נאָר מיטן שׂונא מיט וועלכן מען פֿירט מלחמה, איז מען געצוווּנגען צו פֿאַרהאַנדלען וועגן אַ שלום. די רעגירונג פֿון ישׂראל האָט אָבער אָפּגעשטויסן יענע פּאַלעסטינער מנהיגים, וואָס האָבן געזוכט אַ פֿרידלעכן וועג צו אַ פֿאַרשטענדיקונג, צו אַ פּשרה, צום באַנייַען דעם שלום־צוג. און דאָס איז אויך געשען מיט דער איצטיקער "וועגן־מאַפּע" פֿון פּרעזידענט בוש. די לעצטע אַקטן פֿון דער נאַציאָנאַלער טיפּשות און פּאָליטישן אַוואַנטוריזם זענען געווען: דער דורכגעפֿאַלענער פּרוּוו צו דערהרגענען דעם שייך יאַסין, דעם פֿירער פֿון "כאַמאַס", און דער דעקלאַראַטיווער באַשלוס פֿון דער רעגירונג צו "ליקווידירן" אַראַפֿאַטן.

יענעם שבת אינדערפֿרי, נאָך דעם ווי דער שייך יאַסין און זייַנע געהילפֿן זענען ניצול געוואָרן פֿון דער פֿערטל־טאָניקער באָמבע, געוואָרפֿן פֿון אַ

קריגס־עראָפּלאַן אין עזה (גאַזאַ), האָט ירושלים געלעבט אין היסטערישער שפּאַנונג, און אַזוי אויך אין די קומענדיקע דרײַ טעג, מחמת די קלאַנגען, וואָס האָבן אַרומגעשוועבט אין דער שטאָט, אַז טעראָריסטן דרייען זיך דאָרט אַרום כּדי דורכצופֿירן אַ טעראָר־אַקט. די דאָזיקע היסטעריע, די טויט־שרעק פֿאַר אַ מאָרד־אַטאַק אין רעזולטאַט פֿון דעם ליקווידאַציע־פּרוּוו – דאָס אַליין איז שוין אַן אַקט פֿון טעראָר. דאָס איז דאָך זײַן אייגנטלעכער ציל, דער זין פֿון דעם טעראָר און דער בוכשטעבלעכער טײַטש פֿון דעם וואָרט: אָנוואַרפֿן אַ קאָלעקטיוון פּחד. דאָס האָט דער באַמאַס דערגרייכט נאָך איידער ער האָט אויסגעפֿירט זײַן רוצחישע מלאָכה. און דאָס האָבן געדאַרפֿט פֿאַרשטיין די וואָס זענען באַרופֿן צו זאָרגן פֿאַר דער זיכערהייט פֿון די אײַנוווינער פֿונעם לאַנד.

*"ווער עס האָט פּלאַנירט צו ליקווידירן די אָנפֿירונג פֿון 'כאַמאַס' ערבֿ שבת, האָט זיך שבת אַנטוישט און האָט געוווּסט, אַז דער אויפֿרײַס וועט קומען זונטיק. מאַקסימום מאָנטיק־דינסטיק. די פֿראַגע איז געווען, וואָס פֿאַראַ אויפֿרײַס. ווי שטאַרק וועט ער ווײַ טאָן"* – האָט געשריבן בן־כּספּית (אין "מעריבֿ" פֿון 9/10/2003) אויף צומאָרגנס נאָך די צוויי "לעבעדיקע באָמבע"־אַטענטאַטן נעבן צריפֿין און אין ירושלים, מיט זייערע 15 הרוגים.

*"די אָפֿיציעלע ווערסיע פֿון די זיכערהייטס־דינסטן ביז נעכטן בײַנאַכט איז געווען"* – שרײַבט ווײַטער דער זשורנאַליסט אויף דער ערשטער זײַט פֿון דער צײַטונג – *"אַז די פֿעיִקייט פֿון 'כאַמאַס' אַדורכצופֿירן 'קוואַליטאַטיווע' אַטענטאַטן איז געוואָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט. יאָ, דער כאַמאַס פֿאַרלירט גרונט־סטרוקטורן, פּלאַנירערס, מנהיגים און אינזשעניערן, אָבער ער זאַמלט אָן אַלץ מער און מער טעראָריסטן זעלבסט־מערדער. דאָס האָבן מיר נעכטן געלערנט אויף אונדזער הויט"* ...

דאָס געשעט אָבער יעדעס מאָל, נאָך יעדער געראָטענער אָדער נישט געראָטענער "ליקווידאַציע", נאָך וועלכער עס קומט דער בלוטיקער ענטפֿער מיט צענדליקער הרוגים און פֿאַרוווּנדיקטע.

איז טאַקע דאָס לעבן פֿון איין טעראָריסטישן מנהיג טײַערער ווי פֿון די צענדליקער ייִדן, וואָס באַצאָלן מיט זייער לעבן פֿאַר יעדן פֿון זיי?

עס איז קיין סוד נישט, אַז דער טעראָר, חוץ זײַן רוצחישער פֿונקציע, טוט פֿאַרטומלען בײַ מענטשן נישט נאָר דעם קלאָרן געדאַנק, נאָר אויך דעם זכּרון. דער טיפֿער ווייטיק פֿון די טעראָר־אַטאַקעס מאַכט פֿאַרגעסן די "ליקווידאַציעס" און דעם פֿאַרכּישופֿטן קרײַז פֿון געוואַלט און נקמה, אָן אַ תּכלית, אָן אַ צוועק.

דער דעקלאַרירטער צוועק איז: באַזײַטיקן אַראַפֿאַטן, ווײַל ער דערלאָזט נישט צו קיין שלום. נישט אַרויסטרײַבן אים, ווײַל אַמעריקע לאָזט נישט, מחמת דאָס קען אים עפֿענען אַלע טריבונעס אויף דער וועלט פֿאַר זײַן באַנײַטער פֿירערשאַפֿט. וואַרט מען דעריבער אויף אַ געלעגנהייט, אויף אַ נײַעם מאַסיוון טעראָר־אַקט – דאַן ערשט וועט מען אפֿשר קענען זיך אַרײַנרײַסן מיטן גאַנצן כּוח און פֿון דאָס נײַ אָקופּירן עזה, ווי אויך ראַמאַללאַ, און "געלעגנהייטלעך" ליקווידירן אַראַפֿאַטן.

און וואָס דעמאָלט? וואָס וועט געשען נאָך אַראַפֿאַטן? ווער וועט זײַן דער נײַער נאַציאָנאַלער תּירוץ?

אין די גאַנצע דרײַ יאָר פֿון דער אינטיפֿאַדע איז אַראַפֿאַט דער אַדרעס, דאָס צילברעט פֿון דער רעגירונגס־פּראָפּאַגאַנדע נאָך יעדן טעראָר־אַקט פֿון "כאַמאַס". אין משך פֿון לאַנגע חדשים נאָכן אויסברוך פֿון דער אינטיפֿאַדע זענען די עיקרדיקע מיליטערישע און אַנדערע רעפּרעסיעס געווען געריכטעט נישט קעגן "כאַמאַס", נאָר קעגן דער פּאַלעסטינער אינסטאַנץ, ווײַל דער ציל פֿון דער רעגירונג איז געווען צו צעשמעטערן און ליקווידירן דאָס קליינע ביסל געבליבענע רעשטלעך פֿון דער פּאַלעסטינער זעלבשטענדיקייט, צו ליקווידירן די גרונטבאַזע פֿאַר אַ פּאַלעסטינער מדינה – און אירע נאַציאָנאַלע סימבאָלן – כאָטש מען דעקלאַרירט זיך פֿאַר איר כּדי צופֿרידנצושטעלן דעם "באָס" אין וואַשינגטאָן.

דער זעלבער פּראָצעס גייט אָן אויך נאָך דעם ווי ישׂראל האָט, נאָך לאַנגע אָפּשלעפּענישן אָנגענומען, מיט 14 באַוואָרענישן, די "וועגן־מאַפּע" פֿון פּרעז' בוש. שוין צומאָרגנס נאָכן נאָמינירן אַבו־מאַזענען ווי דעם פּרעזידענט פֿון דער "אינסטאַנץ", האָבן שרון און מופֿז אים פֿאָרגעוואָרפֿן הלמאַי ער טרעט נישט אַרײַן אין קיין אָפֿענער מלחמה קעגן דעם "כאַמאַס" און הלמאַי ער צעשמעטערט נישט די גרונט־סטרוקטור פֿונעם טעראָר – אַ זאַך וואָס ישׂראל איז נישט מצליח מיט איר מעכטיקן מיליטערישן כּוח און הערשנדיק פּאַקטיש אויפֿן שטח. די זעלבע טענה איז אויך געוואָרן אַרויסגערוקט קעגן דעם נײַעם פּאַלעסטינער פּרעמיער, אַבו אַלאַ, וועלכער איז נאָמינירט געוואָרן דורך אַראַפֿאַטן און וועלכער וואָלט מיט זײַן אויטאָריטעט גראָד יאָ געקענט אפֿשר מצליח זײַן. אָבער – נישט דאָס האָט דאָך שרון געמיינט...

און, אַז אַראַפֿאַט וועט, לאָמיר זאָגן, ווערן באַזײַטיקט, צי פֿאַרטריבן אָדער ליקווידירט – צי וועט זײַן יורש (אפֿשר דער שייך יאַסין?) זײַן נאָכגיביקער מער פֿון אים? וואָס, אייגנטלעך ווילן מיר? וואָס לייגט פֿאָר שרון?

דעם 13־טן סעפּטעמבער, איז געוואָרן צען יאָר נאָכן אונטערשרײַבן אין גאָרטן פֿון "ווײַסן הויז", דעם אָפּמאַך פֿון אָסלאָ. דער רעבטער לאַגער האָט דערקלערט דעם אָסלאָ־שלום פֿאַר טויט און האָט שוין דורכגעפֿירט זײַן קבֿורה. אַ מעבטיקער מעכאַניזם פֿון שקרים איז אויסגעבויט געוואָרן דורך זײַנע קעגנער וועגן די סיבות פֿונעם דורכפֿאַל פֿון די פֿאַרהאַנדלונגען אין קעמפּ דייוויד און פֿון דעם אָסלאָ־שלום בכלל, כּדי צו באַרעכטיקן דעם קאַטאַסטראָפֿאַלן דורכפֿאַל פֿון דער שרון־רעגירונג אין זײַן גרויסער אומבאַהאָלפֿנקייט קעגן דער מגיפֿה פֿון טעראָר. אַפֿילו די סאָציאַלע זיכערהייט איז געפֿאַלן אַ קרבן פֿון דעם איצטיקן רעזשים.

דער אָסלאָ־שלום איז נישט געווען פֿרײַ פֿון קיין פֿעלערן, אָבער ער איז פֿול געווען מיט גוטע כּוונות און האָט געעפֿנט אַ זעלטן גרעאָטענע תּקופֿה פֿון עקאָנאָמישן און סאָציאַלן אויפֿלעב אויף אַלע געביטן, אין אַ זעלטן פֿרידלעכער אַטמאָספֿער פֿון "בויען דעם קעגנזײַטיקן צוטרוי".

דער הערשנדיקער רעבטער לאַגער נוצט אויס דעם טעראָריזירטן זכּרון פֿון דעם פֿאָלק, כּדי צו באַשולדיקן "די פֿאַרברעכערס פֿון אָסלאָ" אין גורם זײַן די טעראָר־מגיפֿה. עס ווערט פֿאַרהוילן דער פֿאַקט, אַז דער ערשטער גרויסער טעראָר־אַקט קעגן דעם שלום איז געווען – דער פּאָגראָם פֿון ברוך גאָלדשטיין אין דער מערת המכפּלה אין חבֿרון – די רציחה פֿון 29 מוסולמענישע מתפּללים אין פּורים אין 1993. ערשט שפּעטער, נאָך פֿיר חדשים, איז געקומען דער ערשטער גרויסער טעראָר־אַקט פֿון "כאַמאַס" אין תּל־אָבֿיבֿ. דאַן איז געקומען דער מאָרד פֿון יצחק רבין, און נאָך אים די טעראָר־בוואַליע פֿון "כאַמאַס", וואָס האָט אין די וואַלן צו דער כּנסת געבראַכט צום "נצחון אויף אַ האָר" פֿון נתניהו איבער שמעון פּרסן.

זינט דאַן האָט דער שלום־צוג זיך גענומען קײַקלען באַרג־אַראָפּ, פּאַראַלעל מיטן מאַסיוון פֿאַנאַנדערבוי פֿון דער קאָלאָניזאַציע אויף די שטחים – און גאָר באַזונדערס אונטער דער רעגירונג פֿון אֶהוד בּרק, וועלכער האָט געהערשט מיט דער הילף פֿון אַ פֿרום־רעבטער קאָאַליציע.

עס זענען נישט געמאַכט געוואָרן קיין פּראָטאָקאָלן פֿון די געשפּרעבן אין קעמפּ דייוויד און די ווערסיעס פֿון די פֿאַרשיידענע באַריכטן זענען סתּירותדיקע. פֿון דעם וואָס עס איז באַוווּסט דרינגט אָבער אַרויס, אַז דער קאָמאַנדאָ־שלום, וועלכן בּרק האָט דיקטירט אין קעמפּ דייוויד מיט דרײַ יאָר צוריק וואָלט נישט געוואָרן אַקצעפּטירט דורך קיין שום אַנדערן פּאַלעסטינער מנהיג. דערצו זענען גלײַך נאָך דעם פֿאָרגעקומען אין ישׂראל די וואַלן און עס האָט זיך דערמאָלט אָנגעהויבן די עפּאָכע פֿון אַריאל שרון.

נעמט אין דער האַנט אַרײַן דעם קאַלענדאַר פֿון די דרײַ יאָר און איר וועט זען ווי אַזוי די געשיכטע האָט געאַרבעט אָנהייבנדיק פֿון שרונס אַרויפֿמאַרש אויפֿן הר־הבית, די אומרוען צומאָרגנס, די 13 הרוגים אין די אַראַבישע דעמאָנסטראַציעס אין לאַנד און די צווייטע אינטיפֿאַדע אויף די "שטחים", אָן קיין שום פּאָליטישער איניציאַטיוו פֿון דער רעגירונג.

וויאַזוי האָט זיך אָבער די רעגירונג פֿון שרון באַצויגן צו די אַמעריקאַנישע איניציאַטיוון, וואָס יעדע איינע פֿון זיי האָט זיך אָנגעהויבן מיט אײַנשטעלן אַ שטילשטאַנד, אַ פֿײַער־אָפּרו, כּדי צו קענען אָנהייבן נײַע געשפּרעכן. עס איז אָבער נישט געווען קיין איינע פֿון זיי, זי זאָל נישט ווערן איבערגעריסן דורך פֿײַער: איין מאָל דורך "זיי", אַ צווייט מאָל דורך "אונדז". די סיבה האָט יעדעס מאָל געליפֿערט איינער פֿון די צדדים.

די לעצטע איניציאַטיוו – די "וועגן־מאַפּע" איז געקומען אין אומגעווײנלעך גינסטיקע באַדינגונגען פֿאַר בײדע צדדים. די "הודנאַ", וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף דרײַ חדשים, איז אַזוי ווי יעדער פֿײַער־איבעררײַס געוואָרן אויסגענוצט דורך יעדן צד, נישט בלויז דורכן "כאַמאַס", אויף "טאָמער", אויף צוגרייטן זיך צו נײַע מעגלעכע פֿאַרמעסטן. דער עיקר־דיקער ציל פֿון יעדער פֿײַער־פּויזע איז דאָך אָבער – צו זוכן אַ וועג פֿאַר אַ פֿרידלעכער פֿאַרשטענדיקונג, צו קומען מיט אַ נײַער שלום־איניציאַטיוו. אין יענע קורצע טעג האָט שוין טאַקע אָנגעהויבן אויפֿלעבן די ווירטשאַפֿט און עס האָט אויפֿגעשפּראָצט אַ נײַע האָפֿענונג.

אָבער אויפֿן 51־סטן טאָג פֿון דער "הודנאַ" האָט אָבער צה"ל באַנײַט די קייט פֿון די ליקווידאַציעס – און עס האָט ווידער אויפֿגעפֿלאַקערט דאָס בלוטיקע ראָד פֿון דעם שדים־געפֿעכט.

צום צענטן יאָרטאָג פֿון דעם אָסלאָ־שלום איז, מיטן באַנײַען די "ליקווידאַציעס", באַגאַנגען געוואָרן אַן אַטענטאַט קעגן דער "מאַפּע פֿון די וועגן". – און אַראַפֿאַט איז ווידער געוואָרן דער סופּערסטאַר.

נישטאָ קיין נײַעס אונטער דער זון.

*פֿאָרווערטס*, **19־טער סעפּטעמבער 2003**

# די דערנער פֿון ביטערע נצחונות

בײַם זעלבן הײַנריך הײַנע, אויף וועמען מיר האָבן זיך פֿאַררופֿן אין אונדזערס אַ פֿריִערדיקן אַרטיקל, געפֿינען מיר אויך דאָס קלוגע בליצווערטל, אַז ווי איז צו דעם קאַוואַלער, וואָס דערלאַנגט זײַן געליבטער אַ בוקעט רויזן – און באַקלאָגט זיך אויף די שטעכלקעס.

עס איז אָבער נישט ווייניקער ווי צו דער געליבטער פֿרוי וואָס בלײַבט מיט די בלויזע שטעכלקעס ווען עס וועלקן אָפּ די בלומען.

דאָס איז דער פּרײַז – אפֿשר דער מינימאַלער פּרײַז – פֿון די דעראָבערונגען. דאָס איז אויך דער פּרײַז פֿון דער הײַנטוואָכיקער ערד־ציטערניש, וואָס עס האָט אַרויסגערופֿן די רעלאַציע וועגן שרונס כוונה אויפֿצוגעבן די ייִדישע הערשאַפֿט איבער דעם עזה־שטרײַף.

און געשען איז דאָס – געציילטע טעג נאָכן רעאַליזירן דעם טויש־הסכּם מיט כּאַסאַן נאַסראַללאַ, דעם פֿירער פֿון כיזבאַללאַ אין לבֿנון. דער טאָג, ווען עס איז רעאַליזירט געוואָרן איינע פֿון ישׂראלס דראַמאַטישע דערוואַרטונגען, איז אויך געווען פֿאַר די תּושבֿים פֿון ישׂראל אַ טאָג פֿון טרויער און פֿון שווערער אַנטוישונג. דעם זעלבן טאָג, ווען עס איז דורכגעפֿירט געוואָרן דער דערפֿרייענדיקער אַקט פֿון דעם אַזויגערופֿענעם "אויסטויש פֿון די געפֿאַנגענע", האָט ישׂראל באַצאָלט דעם בוכהאַלטער פֿון טויט – דעם מולך פֿון טרער – די פֿריש דערמאָרדעטע עלף קרבנות אין ירושלים: אַ נישט פֿאָרגעזעענעם צוגאָב צו דעם פֿריִער אויסגעדונגענעם פּרײַז פֿאַר איין אויסגעקויפֿטן לעבעדיקן נפֿש: איינעם "מיט אַ פֿעלער" פֿון אַ צווייפֿלהאַפֿטן, ספֿק קרימינעלן, ספֿק זיכערהייטלעבן, פֿאַרדאַכט, און דרײַ טויטע קערפּערס פֿון די פֿון פֿריִער פֿאַרכאַפּטע און דערמאָרדעטע ישׂראל־זעלנער. פֿאַר זיי האָט ישׂראל באַצאָלט דעם פּרײַז 59 טויטע קערפּערס פֿון לבֿנונישע הרוגים, ווי אויך 430 לעבעדיקע פֿײַנטלעכע אַרעסטאַנטן, וואָס ישׂראל האָט באַפֿרײַט פֿון אירע תּפֿיסות. 400 פֿון זיי זענען פּאַלעסטינער "אָן בלוט אויף די הענט",

ווי זיי ווערן באַצייכנט אין דעם לעקסיקאָן פֿון דעם בלוטיקן חשבון, און אַרום צוואַנציק לבֿנונער און נאָך עטלעכע פֿון אַנדערע לענדער.

עס איז זעלטן צו געפֿינען אַזאַ באַשײַמפּערלעכן מוסטער פֿון דעם פֿאַרפּלאָנטערטן און נישט־סימעטרישן "באַלאַנס" פֿון דעם מיטל־אָריענטאַלישן קאָנפֿליקט, און גאָר באַזונדערס פֿון דעם סיכסוך צווישן ישׂראל און די פּאַלעסטינער, אין וועלכן עס פֿלעגטן זיך צונויף נצחון־שאַלן מיט טרויער־סאַלוועס, טריומף־פּאַראַדן מיט "פּאַראַדנע" לוויות.

דאָס מיינט נישט, חלילה, אַז דער אויסטויש פֿון די מתים און געפֿאַנגענע האָט נישט געדאַרפֿט אַדורכגעפֿירט ווערן. פֿאַרקערט – ער איז געווען באַרעכטיקט, און נישט נאָר פֿון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, ווי דער געבאָט פֿון פּדיון שבֿויים, נאָר אויך ווײַל קיין אַנדערע ברירה איז איצט נישט געווען. ער שפּיגלט אָבער אָפּ אויף אַ בולטן אופֿן די אמתדיקע לאַגע, אין וועלכער די מדינה געפֿינט זיך.

דאָס איז אויך געווען דער פּרײַז פֿון דער אַראָגאַנטישקייט און פֿון די פֿאַרשפּעטיקטע רעפֿלעקסן, מיט וועלכע עס צייכנט זיך אויס די פּאָליטיק און די סטראַטעגיע פֿון דער רעגירונג. און דאָס איז דער רעזולטאַט: דאָ, אין ירושלים, עקספּלאָדירן "לעבעדיקע באָמבעס" נישט ווײַט פֿונעם הויז פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער – בעת דאָרט אין ביירוט טריומפֿירט מען מיטן גרויסן נצחון. מעגן די פֿאַרשיידענע קאָמענטאַטאָרן פּרובירן פֿאַרמינערן דעם פֿאַרנעם פֿונעם נצחון פֿון כיזבאַללאַ, מעגן זיי חוזקן פֿון דעם שמייכל אויפֿן פּנים פֿון נאַסראַללאַ. עס איז טאַקע אָך און ווייי צו אַזעלכע נצחונות. אָבער די ווירקלעכקייט, ווי מען זעט זי אין דער טעלעוויזיע, איז שטאַרקער פֿון די ווירטועלע ספּעקולאַציעס. זי איז אויך שטאַרקער פֿון די מיטאָסן – ווי למשל פֿון דעם מיטאָס, אַז ישׂראל קאַפּיטולירט נישט פֿאַר דעם טעראָר.

די ווירקלעכקייט איז אויך שטאַרקער פֿון דעם פּרינציפּ, בײַ וועלכן מדינת־ישׂראל האָט זיך געהאַלטן ביז 1983, אַז זי וועט זיך נישט לאָזן שאַנטאַזשירן, וועט זיך נישט דינגען און וועט נישט צאָלן קיין כופֿר, קיין אויסקויף־געלט פֿאַר קיין קידנעפּונג און פֿאַר קיין געפֿאַנגענשאַפֿט.

דער דאָזיקער פּרינציפּ איז געבראָכן געוואָרן – בלית ברירה – מיט צוואַנציק יאָר צוריק דורך דעם סאַמע "האַרטסטן" שפּאַרבער און פּאָליטישן עקשן יצחק שמיר ווי נאָר ער איז געקומען צו דער מאַכט אין 1983. ער האָט דאַן באַפֿרײַט פֿון דער תּפֿיסה אין אַנסאַר 4550 אַרעסטירטע לבֿנונער פֿאַר 6 געפֿאַנגענע ישׂראלדיקע זעלנער; אין 1985 האָט שמעון פּרס בראָש פֿון דער ראָטאַציע־רעגירונג (מיט שמירן ווי דעם

אויסערן־מיניסטער און ראַבין ווי מיניסטער פֿאַר זיכערהייט) דורכגעפֿירט די דזשיבריל־טראַנזאַקציע, באַפֿרײַענדיק 1150 פּאַלעסטינער, צווישן זיי אַזעלכע מיט ״פֿאַרבלוטיקטע הענט״, און אָנפֿירנדיקע טעראָריסטן – פֿאַר דרײַ געפֿאַנגענע ישׂראל־זעלנער.

פֿינף יאָר שפּעטער איז די רעגירונג פֿון נתניהו, צוליב אַ פֿאַטאַלן דורכפֿאַל פֿון דעם ״מוסד״ אין אַ פּרוּוו צו ליקווידירן מאַשאַלן, דעם אָנפֿירער פֿון ״כאַמאַס״ אין ראַבאַט, געוואָרן געצווונגען צו באַפֿרײַען פֿון תּפֿיסה דעם פּאַלעסטינער ״כאַמאַס״־פֿירער, שייך אַכמעד יאַסין.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די אַלע פֿאַלן זענען געווען אַ רעזולטאַט פֿון די געשאַפֿענע אומשטענדן. נישט אַלעמאָל האָט צה״ל געהאַט די שליטה איבער דער סיטואַציע, שוין אָפּגערעדט וועגן פֿאַלן פֿון נאַכלעסיקייט מצד דעם אָדער יענעם קאָמאַנדיר. נאָך דער דזשיבריל־טראַנזאַקציע האָט יצחק ראַבין, דער דעמאָלטיקער זיכערהייטס־מיניסטער זיך מודה געווען, אַז ער האָט נישט געקענט בײַשטיין דעם דרוק מצד די עלטערן פֿון די דרײַ געפֿאַנגענע. אויך אין דעם איצטיקן פֿאַל איז דער דרוק פֿון די עלטערן געווען אַ דאָמינירנדיקער פֿאַקטאָר אין דעם אויסטויש־הסכּם, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן בײַ דער פֿאַרמיטלונג פֿון דײַטשלאַנד. אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל האָט דאָ געשפּילט די טראַומע בנוגע דעם גורל פֿון דעם פּילאָט־נאַוויגאַטאָר רון אַראַד, וועלכער איז געוואָרן אַראָפּגעשאָסן און געפֿאַנגען מיט 17 יאָר צוריק (אין 1987) אין לבֿנון – און זײַן גורל איז זינט דעמאָלט נישט באַוווּסט.

דער דרוק פֿון רון אַראַדס משפּחה האָט איבערגעלאָזט פֿאַר דער איצטיקער נישט פֿאַרענדיקטער אויסטויש־טראַנזאַקציע אַ המשך, אַ ״צווייטן אַקט״, וועלכער איז עלול צו זײַן אין דער נאָענטער צוקונפֿט נאָך מער דראַמאַטיש ווי דער ערשטער. דער כיזבאַללאַ־פֿירער האָט אין זײַן טריומף־רעדע שוין אָנגעזאָגט, אַז ער וועט פֿאַרלאַנגען נאָך אַ העכערן פּרײַז פֿאַר די בלויזע אינפֿאָרמאַציעס וועגן רון אַראַדן, און אַז זײַנע מענטשן וועלן ממשיך זײַן דאָס פֿאַרכאַפּן ישׂראלים, כּדי צו באַפֿרײַען וואָס מער אַרעסטירטע אַראַבער, דערונטער טעראָריסטן פֿון ״העכערן ראַנג״. ווײַל די איצט באַפֿרײַטע זענען ״קליינע פֿישעלעך״ אינעם ים פֿון פּאָליטיק און טעראָר, לרובֿ קרימינעלע אַרעסטאַנטן מיט לײַכטע שטראָפֿן.

אונדזער קאָבעדיקער פּאָליטישער קעסל דערלאָזט אָבער נישט קיין וואַקום, קיין ״טויטע רגעס״: געציילטע טעג נאָך די פֿײַערלעכע אַקטן אין ביירוט און אויפֿן בן־גוריון פֿלי־פֿעלד און נאָך דעם טעראָר־אַקט אין

ירושלים – האָט אויפֿגעריסן אין דער פּאָליטישער לופֿט די בשׂורה־באָמבע וועגן שרונס גרייטקייט מקיים צו זײַן איינעם פֿון זײַנע צוגעזאָגטע "ווייטיקדיקע קאָמפּראָמיסן" – דאָס פֿאַרלאָזן דעם גאַזאַ־שטרײַף. דער "אויפֿרײַס" איז געווען אין דער אינטערנעץ, אין אַן אינטערוויו, וועלכן שרון האָט געגעבן גראָד זײַן שאַרפֿסטן קריטיקער, דעם באַקאַנטן פּובליציסט יואל מאַרקוס פֿון "הארץ". ער האָט אים פֿאַרבעטן אין זײַן פֿאַרם אויפֿן נגבֿ און האָט אים דערציילט, אַז ער האָט פֿאַראָרדנט דעם גענעראַל אין רעזערוו, גיורא אײַלענד ער זאָל צוגרייטן די אָפּעראַטיווע פּלענער פֿאַר דער עוואַקואַציע פֿון די 20 זידלונגען מיט זייערע 7,500 ייִדישע קאָלאָניסטן ("מתנחלים") אינעם גאַזאַ־שטרײַף.

דעם זעלבן טאָג האָט שרון אַנטפּלעקט זײַן כּוונה אויף אַ שטרענג געשלאָסענער זיצונג פֿון דער "ליכוד"־פֿראַקציע אין דער כּנסת. גלײַך נאָך דעם איז געקומען די דינאַמישע רעאַקציע און די דראַמאַטישע אָפּשטימונג אין דער כּנסת, אין וועלכער די רעגירונג פֿון אַריאל שרון איז שיעור נישט געפֿאַלן. זי האָט זיך אָפּגעראַטעוועט מיט אַ מערהייט פֿון איין איינציקער שטימע – און די רעגירונג איז געוואָרן באַדראָט פֿון איר אייגענער קאָאַליציע.

די דאָזיקע אַנטוויקלונג האָט, ווי געזאָגט, דערשיטערט די פּאָליטישע אַרענע און האָט שאָקירט די קאָאַליציע, אויף וועלכער עס שטיצט זיך שרון. די אָפּאָזיציע האָט סקעפּטיש אויפֿגענומען שרונס דעקלאַראַציע, נאָך אַלע זײַנע פֿריִערדיקע דעקלאַראַציעס, און פֿאַרזיכערונגען, נאָך וועלכע ער האָט אָבער ביז איצט קיין איינציקן קאַראַוואַן פֿון די אומלעגאַלע פֿאָרפּאָסטנס נישט באַזײַטיקט. זיי זעען די דערקלערונג אויפֿן פּאָן פֿון דער אײַנלאַדונג, וואָס שרון האָט באַקומען הײַנטיקע וואָך צו דער פּאָליציייִשער אויספֿאָרשונג אין שײַכות מיט דער קאָרופּציע־אַפֿערע אַרום דעם גריכישן אינדזל, ווי אויך ערבֿ שרונס נסיעה קיין וואַשינגטאָן. אַזוי טראַכטן אויך די רעכטע שותּפֿים אין דער קאָאַליציע: זיי פֿילן זיך באַדראָט פֿון שרונס פֿאַרבאָרגענע כּוונות.

כּל־זמן אָבער אַבֿיגדור ליבערמאַן, אֶפֿי איתם און עוזי לאַנדאַו, די דרײַ סאַמע רעכטסטע עקן פֿון דער רעכטער קאָאַליציע בלײַבן אין דער רעגירונג, איז ישׂראל נאָך אַלץ פֿון דעם שלום נישט באַדראָט...

*פֿאָרווערטס*, 2־טער פֿעברואַר 2004

# צומאָרגנס נאָך אַראַפּאַטן

דער באַגריף "צומאָרגנס נאָך" באַפּרײַט אונדז אָפּטמאָל פֿון פֿאַרטראַכטן זיך וועגן דעם וויאַזוי דער צומאָרגנס וועט אויסזען. אַזוי ווי די וואָס גלייבן אין משיחן – און האָבן נישט קיין קלאָרן באַגריף וואָס עס וועט זײַן און ווי וועט אויסזען די וועלט אַז משיח וועט קומען און ווען עס וועלן אויפֿשטיין אַלע מתים.

אַזוי, להבֿדיל, האָבן מיר אַלע פֿאַנטאַזירט וועגן דעם "צומאָרגנס נאָך אַראַפּאַטן", אָבער קיין קלאָרע אַנונג וועגן דעם צומאָרגנס האָט קיינער נישט געהאַט, חוץ יעדן איינעמס פּערזענלעכער פֿאַנטאַזיע אָדער פּאָליטישער אײַנשטעלונג און פֿאָרשטעלונג.

און אָט זענען מיר שוין נאָך אַראַפּאַטן. נו, איז וואָס?

אין אונדזער קורצער געשיכטע האָבן מיר אַ צווייטײַטיקע דערפֿאַרונג מיט די "היסטאָרישע צומאָרגנס", וואָס נישט אַלעמאָל האָבן מיר געהאַט פֿון זיי דעם זעלבן נחת, ווי פֿון דעם "נעבטן", דהײַנו, פֿון פֿאַר דעם צומאָרגנס.

דער צומאָרגנס, למשל, נאָך דער זיגערישער זעקסטאָגיקער מלחמה – דער זיבעטער טאָג – דויערט שוין אַזוי נאָענט צו פֿערציק יאָר.

און איצט האָט אונדז די דראַמאַטיש דויערנדיקע גסיסה פֿון דעם אַרכי־שׂונא, וועלכן מיר האָבן אַזוי שטאַרק ליב געהאַט צו האַסן, אַרײַנגעבראַכט אין דעם אַזוי שטאַרק אויסגעקוקטן צומאָרגנס. און אָט געפֿינען מיר זיך שוין אין אָט דער "נײַער עפּאָכע" – און מיר שטייען ווי פֿאַרלוירענע פֿאַר דעם רעטעניש: און וואָס ווײַטער? זײַן טויט אַליין האָט אים געמאַכט נאָך מער רעלעוואַנט, ווי ער איז געווען בײַ זײַן לעבן. דער נישט רעלעוואַנטער אַראַפּאַט, וועלכער האָט איבערגעלעבט אַ מנין ישׂראלדיקע פּרעמיער־מיניסטאָרן, זעכצן פֿאַרקירצטע קאַדענצן פֿון דער כּנסת און בערך אַזוי פֿיל ישׂראלדיקע רעגירונגען, האָט זיך געשפּילט מיט דער וועלט אַפֿילו אין די 12 טעג פֿון זײַן גסיסה, און ער

טוט עס אויך, מיט דער הילף פֿון זײַן שאָטן, איצטער, שוין נאָך זײַן טויט, וואָס אין רעזולטאַט פֿון זײַן מיסטעריעזער קראַנקייט.

אויב עס האָט ווער געדאַרפֿט זײַן באַזונדערס צופֿרידן מיט זײַן טויט, וואָלט דאָס געדאַרפֿט זײַן, מיין איך, אַראַפֿאַט אַליין, וועלכער האָט בײַם לעבן זײַנעם נישט געקאָנט אַפֿילו חלומען, נאָכן אַרומפֿליִען איבער דער וועלט און נאָכן פֿאַרענדיקן זײַנע לעצטע פֿיר יאָר מיט אָפּזיצן אין דעם פּאָליטישן הויז־אַרעסט אין דער מוקאַטאַ אין ראַמאַללאַ – צו ווערן גראָד איצט דער אָביעקט און דער "סטאַר" פֿון אַזאַ גראַנדיעזן אינטערנאַציאָנאַלן שאָו און צו געניסן פֿון אַזוי פֿיל כּבֿוד און פּרעסטיזש, ליגנדיק אַ געליימטער אין זײַן קראַנקן־בעט אין דעם פֿראַנצויזישן מיליטערישן שפּיטאָל, וואָס איז באַשטימט פֿאַר די חשובֿסטע "סעלעב־ריטיס". אפֿשר טאַקע אין זכות פֿון דער מוקאַטאַ, דעם איזאָלירטן שטח אין ראַמאַללאַ, וועלכן די אָקופּאַציע־מאַכט האָט צוגעטיילט פֿאַר דער אויטאָנאָמער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער "אינסטאַנץ".

נישט אַזוי ווי בײַ זײַן אָרויספֿאָר פֿון דער גאָלדענער שטײַג פֿון דער מוקאַטאַ צום גאָלדענעם גסיסה־בעט אין פּאַריז, האָט ער דאָרט, שוין גוססנדיק, דערלעבט צו זײַן דער ערן־גאַסט פֿון דער פֿראַנצויזישער מלוכה, וועלכע האָט אים באַערט מיט אַ פּערזענלעכן וויזיט פֿון דעם פּרעזידענט פֿון פֿראַנקרײַך; דער לוויה־צוג, וואָס האָט פֿון דאָרט זיך אַרויסגעלאָזט אין דער לופֿט, איז געוועזן פֿאַר אים אַ טריומף־פּאַראַד, וואָס האָט אים מטהר געוועזן פֿון זײַן אימאַזש אַלס "דער מאַן מיטן באַוואָקסענעם פּנים", מיט וועלכן עס האָט אים געקרוינט מנחם בעגין, ביז צו דעם "נישט־פּאַרטנער", ווי עס האָט אים באַצייכנט אהוד ברק, און צום סוף ווי דער "נישט רעלעוואַנטער" פֿאַרשוין און קאַנדידאַט אויף ליקווידאַציע, וואָס עס האָט אויף אים גוזר געווען שרון.

ער איז אָבער פֿון פּאַריז שוין געפֿירט געוואָרן בכּבֿוד גדול ווי דער סאַמע רעלעוואַנטסטער מת צום פּאַראַדנעם קבֿורה־צערעמאָניאַל אויפֿן פֿלי־פֿלאַץ פֿון קאַיִר – אין קעגנזאַץ צו זײַן נעבעכדיקן אַרויספֿלי פֿון דער פּאַלעסטינער אינסטאַנץ, ווו ער האָט, אין דעם העליקאָפּטער הכנעהדיק געקושט די האַנט פֿון זײַן באַגלייטנדיקן דאָקטער. און ווען זײַן אָרון האָט געלאַנדעט אין קאַיִר, זענען אַרום דעם אָרון זיך צוזאַמענגעקומען און אים סאַלוטירט מלכים, פּרעזידענטן און מלוכה־דיגניטאַרן פֿון אַ זעקס צענדליק לענדער פֿון דער וועלט; דערנאָך, ווען דער קבֿורה־צוג האָט אים צוריקגעבראַכט קיין ראַמאַללאַ, האָט אַ מאַסע פֿון איבער הונדערט־טויזנט פּאַלעסטינער זיך געשפּאַרט און

געריסן צום אָרון, וועלנדיק אים אָנרירן, זײַן נאָענט צו אים אָדער וויניקסטנס אים זען, קוים לאָזנדיק אַרויסקריגן דעם אָרון פֿון דעם העליקאָפּטער צום אויסגעגראָבענעם קבֿר.

פֿון זײַן קבֿר טוט דער נישט־רעלעוואַנטער מדינה־מנהיג פֿון אַ נאָך נישט עקזיסטירנדיקער מדינה נאָך אַלץ אַרויפֿוואַרפֿן זײַן שאָטן און זײַן מורא אויף זײַן נאָך אַלץ נישט אָנערקענטן פֿאָלק און, דער עיקר – אויף זײַנע יורשים, וועלכע רײַסן זיך שוין אַרום איבער דער ירושה.

אַראַפֿאַט איז נישט געווען דער גײַסטיקער מנהיג פֿון די פּאַלעסטינער. ער האָט געהאַט צווישן די פּאַלעסטינער נישט וויניק אידעיִשע קעגנער. ער איז אָבער געווען זייער סימבאָל, זייער פֿאָן, דער "פֿאָטער" פֿון דעם פֿאָלק, דער גרינדער פֿון זײַן נאַציאָנאַלער געשטאַלטונג, דער מנהיג פֿון דער "פּאַלעסטינער רעוואָלוציע" – און ווי אַזאַ האָבן אים זײַנע אומפּאַרגעבלעבע פֿעלערן נישט געשטערט צו זײַן אָנערקענט פֿון אַלע פּאַלעסטינער ווי זייער "פֿאָטער" און באַשיצער. פֿאַר זיי איז ער געווען דער מנהיג, וואָס האָט געוווּסט צו לאַווירן און אויסצונוצן די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפֿליקטן און קעגנזאַצן, כּדי אַרויסצוהייבן די פּאַלעסטינער אינטערעסן און פֿאָדערונגען אויפֿן אויבנאָן פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער "אַגענדע". דעריבער איז יעדע באַליידיקונג און דערנידערונג פֿון אַראַפֿאַטן געוואָרן אויפֿגענומען ווי אַ דערנידערונג פֿון דעם פּאַלעסטינער פֿאָלק.

אין זײַן קאַמף איז ער פֿאַר ישׂראל געווען דער פֿאַרביסענער שׂונא, דערנאָך אַ פּראַגמאַטישער פּאַרטנער, וואָס נאָר ער האָט געהאַט דעם אויטאָריטאַטיוון כּוח אָנצונעמען האַרבע דעציזיעס, צווישן זיי דעם פּרינציפּ פֿון צוויי מדינות. שוין בעת דער ערשטער אינטיפֿאַדע אין דעצעמבער 1988 האָט ער אין טוניס פּראָקלאַמירט די פּאַלעסטינער מדינה אין די גרענעצן פֿון דער "גרינער ליניע". מיטן דאָזיקן באַשלוס האָט ער זיך אָפּגעקערט נישט נאָר פֿון זײַן פֿריִערדיקן קאַמף פֿאַר דער "פּאַלעסטינע השלמה" פֿון ירדן ביז צום ים, נאָר אויך אויף די 45% פֿון דעם מאַנדאַטאָרישן שטח, וואָס די יו־ען האָט געהאַט צוגעטיילט די פּאַלעסטינער אין דעם טיילונגס־באַשלוס פֿון 29־סטן נאָוועמבער 1947, און ער איז אײַנגעגאַנגען אויף די 22% שטח פֿון פֿאַר דעם 5־טן יוני 1967, לויט דער רעזאָלוציע נומ' 242 פֿונעם זיכערהייטס־ראַט; ער האָט אויך פּראָקלאַמירט צוזאַמען מיט ראַבינען און פּרסן, באָטש דאַן מיט אַ שטאַרקן אומווילן, די איבערבעטונג צווישן דעם פּאַלעסטינער און דעם יִדישן פֿאָלק בעתן אונטערשרײַבן אין וואַשינגטאָן די אָפּמאַכן פֿון

אָסלאָ אין סעפּטעמבער 1993 און האָט אָנגעהאַלטן פֿריַינטלעכע באַציִונגען מיט די מנהיגים פֿון ישׂראל.

דאָס איז אָבער געווען, צו יענער צײַט, דער מאַקסימום, אויף וועלכן ער איז גרייט געווען אײַנצוגיין ווי דער מנהיג פֿון דער "פּאַלעסטינער רעוואָלוציע". נאָכן דורכפֿאַל פֿון די געשפּרעכן מיט ברקן און קלינטאָנען אין קעמפּ דייוויד, נאָך שרונס אויפֿמאַרש אויפֿן הר הבית, דעם אויסברוך פֿון דער "על אַקסאַ־אינטיפֿאַדע", נאָכן וואַל־נצחון פֿון שרונען און נאָכן פֿאַרשפּאַרן אים אין דער "מוקאַטאַ" אין ראַמאַללאַ – איז ער, אַראַפֿאַט, געוואָרן דער "NON-PARTNER".

ווי אַזאַ, און ווי דער נישט רעלעוואַנטער מנהיג, איז ער פֿאַר ישׂראל געוואָרן דער תּירוץ פֿאַר דעם נישט געלייזטן ביטערן און בלוטיקן קאָנפֿליקט, אין וועלכן דער טעראָר האָט געדינט ווי די דעקלאַרירטע סיבה פֿאַר דער פֿאַרפֿרירונג פֿון דעם פּאָליטישן פּראָצעס. דער סטראַטעגישער בונד מיט אַמעריקע און די נאָענטשאַפֿט מיט פּרעז' בוש, צוזאַמען מיט אַ רייע אַנדערע סיבות האָבן געבוירן ביַי שרונען דעם אָפּשיידונגס־פּלאַן בנוגע עזה און צפֿון־שומרון.

אין אַ קאַריקאַטור, וואָס איז אין יענע טעג דערשינען אין "הארץ", ליגט שרון אויף דער סאָפֿע און באַקלאָגט זיך פֿאַר זײַן פּסיכאָלאָג, אַז נאָכן טויט פֿון אַראַפֿאַטן פֿילט ער אַ מין פּוסטקייט... אַראַפֿאַט פֿעלט אים איצט ווי דער פּאַסיקער פּאַרטנער צום קאָנפֿליקט. עס איז אַ ספֿק, צי אַראַפֿאַטס יורשים, בראָש מיט אַבו־מאַזענען, וועלכן שרון האָט גרינגגעשאַצט ווען דער האָט דאַן איבערגענומען דעם פּאַלעסטינעזישן רודער אין דער האַנט – צי זיי וועלן האָבן דעם אויטאָריטאַטיוון כּוח, וועלכן עס האָט געהאַט אַראַפֿאַט, אַזוי ווי עס האָט אויך שרון אין ישׂראל, אָנצונעמען נישט פּאָפּולערע דעציזיעס.

פֿון דער דערפֿאַרונג האָבן מיר געלערנט, אַז ווי נאָר עס עפֿנט זיך ביַי אונדז "אַ פֿענצטער פֿון אַ געלעגנהייט" פֿאַר אַ נײַער קאָנסטרוקטיווער איניציאַטיוו, רופֿט עס געוויינלעך אַרויס אַן אימה און אַ פּחד ביַי די פּאָליטיקער. זיי האָבן, קענטיק, מורא פֿאַר אַ צוק־ווינט. אָנשטאָט צו גיין אויף געוואַגטע שריט, איז מען גענויגט אַלץ צו פֿאַרגליווערן און צו וואַרטן ביז וואַנען עס וועט אפֿשר קומען די ישועה און די צושטימונג פֿונעם הימל. דערווײַל אָבער, וואַרטנדיק אויף אַזאַ צושטימונג, פֿאַרמאַכט זיך געוויינלעך דאָס פֿענצטער און די געלעגנהייט פֿאַרשווינדט. די מסקנות פֿון אָט דער דערפֿאַרונג האָבן אונדז אויך

געלערנט, אַז געלעגנהייטן און איניציאַטיוון קאָן מען אויך שאַפֿן ווען מען קומט צו אַזאַ שיידוועג, ווי עס איז דער טויט פֿון אַראַפֿאַטן און דאָס אַרויפֿברענגען נײַע מנהיגים אויף דער פּאָליטישער אַרענע.

דער אָנהייב פֿון דעם ירושה־קאַמף איז אָבער געקומען צום אויסדרוק אין דעם שיסערײַ־אינצידענט פֿון באַוואָפֿנטע פֿאַטאַך־לײַט אינעם אַבֿלים־געצעלט אין עזה. מיטן דערהרגענען די צוויי לײַב־וועכטער פֿון אַראַפֿאַטס פּאָטענציעלן יורש, אַבו־מאַזען, האָט די אָפּאָזיציע אין "פֿאַטאַך" געגעבן אָנצוהערן, אַז אויך זי וויל זײַן אַ שותּף צו דער מאַכט־ירושה נאָך דעם געשטאָרבענעם מנהיג.

אין דעם פֿאַרמעסט איבער דער ירושה נעמען אָנטייל דרײַ דורות: דער דור פֿון די גרינדער, די וואָס זענען געזעסן אין טוניס ווען יענע האָבן דאָ געקעמפֿט; דער המשך־דור פֿון די קעמפֿער אויפֿן שטח, בראָש מיט דזשיבריל ראַדזשוב אויפֿן מערבֿ־ברעג און דעם זייער פּאָפּולערן מאַרואַן באַרגוטי, וועלכער זיצט אין ישׂראל מיט אַן אורטייל פֿון פֿינף מאָל לעבנס־תּפֿיסה, און צום סוף דער יונגער אויפֿוואַקסנדיקער דור פֿון פּאַלעסטינער קעמפֿער.

הגם מיר זענען שוין אַרײַנגעטראָטן אין דעם צומאָרגנס נאָך אַראַפֿאַטן, ווייסן מיר נאָך אַלץ נישט וויאַזוי דער "צומאָרגנס" וועט זיך אַנטוויקלען, ווייניקסטנס נאָך די פֿערציק טעג פֿון טרויער, לויטן מוסולמענישן מינהג. דאָס איז אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אָפּהענגיק אויך פֿון ישׂראל, ווײַל זי האַלט אין איר האַנט דעם שאַלטער און דעם שליסל צו די זיכערהייטלעכע און פּאָליטישע איניציאַטיוון, וועלכע זענען נאָך אַלץ פֿאַרשטעקט און אײַנגעפֿרוירן אין די אַלטע קאָנצעפּציעס פֿון דער רעגירונג פֿון "ליכּוד"... די וואַלן פֿון דעם נײַעם פּאַלעסטינער פּאַרלאַמענט און פֿון אַראַפֿאַטס יורש, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן אויפֿן 9־טן יאַנואַר 2005, קענען זײַן אַן אָנהייב פֿאַר דער דעמאָקראַטיש געוויילטער אָנפֿירונג צו באַנײַען דעם פּאָליטישן פּראָצעס, וואָס זאָל ענדלעך פֿירן צו אַ פֿרידלעכער לייזונג פֿאַרביידע שכנותדיקע פֿעלקער אין דעם צעקריגטן לאַנד. *

*פֿאָרווערטס*, **19־טער נאָוועמבער 2004**

* די דאָזיקע דעמאָקראַטישע וואַלן האָבן אָבער געבראַכט צו דער מאַכט אין עזה – דעם כאַמאַס, מיט די סאַמע שווערסטע נעגאַטיווע אויסווירקונגען (י. ל.).

# די אַסיפֿה אין שאַרם און די ״נײַע האָריזאָנטן״

דער מיטעלער מזרח איז הײַנטיקע וואָך איבערגעקומען נאָך אַ ״שפּיצן־קאָנפֿערענץ״ פֿון די פֿיר מנהיגים, וואָס זענען אַנגאַזשירט אין דעם ״פּאַלעסטינער קאָנפֿליקט״ – דאָס מאָל אָן דעם ״ביג באָס״, כאָטש ער האָט דאָ די עיקרדיקע דעה. ער האָט אָבער דאָס מאָל, זעט אויס, נישט געוואָלט זיך מישן, אָדער אפֿשר באַשלאָסן אָנצוווענדן זײַן דעה פֿון דער ווײַטנס. ערשט מיט אַ וואָך פֿריִער איז געווען בײַ אים אין וואַשינגטאָן דער פּרעמיער־מיניסטער פֿון ישׂראל און זיך באַקענט פֿון דער נאָענט מיט זײַן דעה.

זעט אויס, אַז פּרעז׳ בוש האָט געוווּסט, אַז קיין גרויסע זיבן זאַכן וועלן פֿון דער איצטיקער קאָנפֿערענץ נישט אַרויסקומען און קיין גרויסן ״קרעדיט״ וועט ער פֿון איר נישט געווינען. דערפֿאַר האָט ער מסתּמא אויך נישט געשיקט אויף זײַן אָרט זײַן סטייט־סעקרעטאַרין קאָנדאָליזאַ רײַס – כאָטש מיט עטלעכע טעג פֿריִער האָט זי גערעדט וועגן ״נײַע האָריזאָנטן״ פֿאַרן מיטעלן מזרח.

אָבער אין מיטעלן מזרח איז דער האָריזאָנט געגליכן צו אַ פֿאַטאַ מאָרגאַנאַ אין די אָריענטאַלישע מידבריות. ער באַווײַזט זיך און פֿאַר־שווינדט אין אײַנקלאַנג מיטן זיך ענדערנדיקן פּאָליטישן קלימאַט. ווײַל – די שפּיצן־אַסיפֿה איז געוואָרן צוזאַמענגערופֿן אונטערן שאָטן פֿון דער מיליטערישער איבערקערעניש פֿון ״כאַמאַס״ אין עזה און מיט דער כּוונה אַרויסצוהעלפֿן און צו שטאַרקן די פֿירערשאַפֿט פֿון אַבו־מאַזען אין דער פּאַלעסטינער אינסטאַנץ. פֿאַר דעם אײַנטריט־בילעט צו דעם ספּעקטאַקל אין שאַרם על־שייך האָט דער פּרעמיער אָלמערט ״באַצאָלט״ (דערווײַל נאָר אויף קרעדיט) מיט אָנמעלדן דאָס באַפֿרײַען פֿון די ישׂראלדיקע תּפֿיסות 250 אַרעסטירטע פֿאַטאַך־לײַט, ווי אַ בײַשטײַער צו דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון אַבו־מאַזען.

אין קעגנזאַץ צו די "נײַע האָריזאָנטן" פֿון קאָנדאָליזאַ רײַס (און נאָך איר – פֿון דער אויסערן־מיניסטאָרין ציפּי ליבֿני), האָט אָלמערט אין זײַן שיינער רעדע אָנגעזאָגט דאָס עפּענען "אַ באַנײַטן מאָרגן".

צי האָט אָבער ווער געקאָנט פֿאָרויסזען, אַז גראָד דעם זעלבן טאָג, געגנוי צום יאָרטאָג פֿון דער פֿאַרכאַפּונג פֿון דעם ישׂראלדיקן סאָלדאַט גלעד שליט, וועלן זײַנע פֿאַנגערס ברענגען פֿון אים צום ערשטן מאָל אַ סימן פֿון לעבן – אַ גאַנג, וואָס זאָל העלפֿן שטאַרקן דווקא דעם "כאַמאַס"? און באַווײַזן דער וועלט און די פּאַלעסטינער, אַז נאָר דער "כאַמאַס" האַלט די קאָרט אין זײַן האַנט און אַז נאָר ער קען צווינגען ישׂראל צו באַפֿרײַען וואָס מער פּאַלעסטינער אַרעסטאַנטן.

זינט דער באַרימטער שפּיצן־קאָנפֿערענץ פֿון די "פֿיר גרויסע" אין יאָר 1945 אין יאַלטאַ, אויף וועלכער די צוויי זיגערישע גרויסמאַכטן האָבן זיך אײַנגעטיילט מיט דער וועלט נאָכן נצחון איבער היטלער־דײַטשלאַנד, האָבן זיך אין משך פֿון די יאָרן די "שפּיצן" פֿאַררונדיקט און זייער ווירקונג אויף די אַנטוויקלונגען און אויף דער געשיכטע איז מיט דער צײַט געוואָרן אָפּגעשוואַכט. געוויינלעך ווערן אַזעלכע פּאָליטישע צוזאַמענטרעפֿן פֿון די מדינה־מנהיגים באַגלייט פֿון אַ גאַנצן לייטער פֿון דערשײַנונגען לויט דער ריי: פֿון סיבות, אינטערעסן, דערוואַרטונגען, און דערגרייכונגען. די רעזולטאַטן קענען אָבער זײַן צומאָל אַנטוישנדיקע און פֿאַטאַלע – אין דער מאָס פֿון די דערוואַרטונגען. דער דערפֿאָלג פֿון דער קאָנפֿערענץ וואָס מיר רופֿן הײַנט "קעמפּ דייוויד 1" אין 1979 האָט געבראַכט דעם שלום מיט עגיפּטן; דער דורכפֿאַל פֿון "קעמפּ דייוויד 2" אין אויגוסט 2000, מיט די צוגאָב־געשעענישן פֿון יענע טעג, האָט געבראַכט צו דער אינטיפֿאַדע נומער 2, די אַ"ג "אינטיפֿאַדע פֿון על אַקסאַ".

עס זענען אויך געווען אַנדערע הצלחהדיקע שפּיצן־קאָנפֿערענצן, וואָס האָבן געבערענגט מיט זיך פּאָזיטיווע רעזולטאַטן – ווי למשל די איבערבעטונג אין וואַשינגטאָן – צווישן ישׂראל און דעם פּל"אָ, אין דער אָנוועזנהייט פֿון פּרעז' קלינטאָן, יצחק ראַבין, שמעון פּרס און יאַסער אַראַפֿאַט אין סעפּטעמבער 1993, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אויף צוויי יאָר "דעם גײַסט פֿון אָסלאָ". ער האָט אָנגעהאַלטן ביז דער טעראָר־אָפֿענסיווע פֿון "כאַמאַס", באַגלייט פֿון דער אַגרעסיווער העץ־קאַמפּאַניע פֿון רעכטן לאַגער אין ישׂראל – ביז צום מאָרד פֿון יצחק ראַבין און דעם צוזאַמענברוך פֿון דעם שלום־פּראָצעס.

זינט דעמאָלט געפֿינט זיך דער שלום־פּראָצעס אין אַן ענלעכער, אָבער נישט אַזאַ רויִקער, לעטאַרגיע ווי די, אין וועלכער עס געפֿינט זיך איצט, נאָך זײַן מוח־דערשיטערונג, דער געוועזענער פּרעמיער־מיניסטער אַריאל שרון.

די שפּיצן־קאָנפֿערענץ פֿון זײַן יורש אהוד אָלמערט מיטן פּרעז' בוש די פֿאַרגאַנגענע וואָך אין וואַשינגטאָן איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ באַגעגעניש פֿון צוויי ״הינקענדיקע קאַטשקעס״, לויטן זשורנאַליסטישן לשון: בוש איז גענוג פֿאַרקנופּט אין דעם איראַקישן פּלאָנטער און איז נישט גרייט אויף קיין נײַעם, אונטערן שאָטן פֿון דעם אַטאָמישן געשפּענסט פֿון איראַן און מיטן דערנענטערן זיך פֿון די וואַלן אין אַמעריקע; אָלמערט, פֿון דער אַנדערער זײַט, וואַרט נאָך אַלץ אויף ווינאָגראַדן – אויף דעם פֿולן באַריכט פֿון דער פֿאָרש־קאָמיסיע וועגן דער צווייטער לבֿנונישער מלחמה.

די באַגעגעניש אין שאַרם אַ־שייך איז, זעט אויס, פֿון פֿאָרויס געווען באַשטימט אויף ״אָפּצושטופּן די צײַט״ – ווײַל דער קאַסטן פֿון די רפֿואות פֿאַר דעם קריזיס אין דעם ראַיאָן איז געבליבן ליידיק. האָט מען אין שאַרם פּרובירט אַ פּאַראַ־מעדיקאַלישן מיטל צו היילן דאָס חולאַת אין דעם ראַיאָן, און שאַרם על־שייך איז, קענטיק, דער צוגעפּאַסטער קוראָרט פֿאַר אַזעלכע עקספּערימענטן. און אַוודאי אויך פֿאַר דעם פֿאַטאַ מאָרגאַנאַ פֿון פֿיקטיווע האָריזאָנטן, הגם דער אַמאָליקער שאַרם און גלאַנץ פֿון דעם אָרט איז שוין געוואָרן פֿאַרבלייכט.

שאַרם אַ־שייך, אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקעלע אין סיני אויפֿן סאַמע דרום־דיקסטן עק פֿונעם האַלב־אינדזל קעגנאיבער דעם וויסטן מידבר־ברעג פֿון סאַוד אַראַביע – איז אין לויף פֿון די יאָרן אויסגעוואַקסן צו דעם קרייצפּונקט און שטרײַטפּונקט פֿון היסטאָרישע פּאַסירונגען אויף דער וועגן־מאַפּע פֿון שלום. אין דער יונגער געשיכטע פֿון מדינת־ישׂראל קלינגט דער נאָמען פֿון דער אָרטשאַפֿט ווי אַ פֿראַגמענט אין דעם אָנדענק־אַלבאָם פֿון עמאָציעס, נאָסטאַלגיעס און פֿאַרשטערטע חלומות. זי האָט זיך דאָרט אַפֿילו אַרײַנגעשריבן היסטאָריש און ליריש מיט דעם נאָסטאַלגישן העברעיִשן ליד:

*״שאַרם אַ־שייך, מיר קומען צו דיר צוריק, / דו בּיסט אונדז אויף אייבּיק / אין האַרצן פֿאַרקריצט״* ... – נאָך דעם ווי ישׂראל האָט אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה אין יוני 1967 צום צווייטן מאָל נאָך דער סועץ־מלחמה פֿון 1956 ווידער אויסגעשפּרייט איר הערשאַפֿט איבער

דעם סיני. ביז דער יום־כּיפּור־מלחמה האָט משה דיין אויסגעדריקט זײַן קאָנצעפּציע אין דער באַקאַנטער פֿראַזע, אַז "בעסער שאַרם על־שייך אָן אַ שלום, איידער אַ שלום אָן שאַרם על־שייך"... – וואָס איז צו יענער צײַט, און דערנאָך אויף לאַנגע יאָרן, געוועזן דער סימבאָל און דער תּמצית פֿון דעם "נאַציאָנאַלן קאָנסענזוס" פֿון דער ישׂראלדיקער פּאָליטיק.

נאָך דעם ווי ישׂראל האָט אין 1982 צוריקגעקערט דעם גאַנצן האַלב־אינדזל סיני, נאָכן שליסן דעם שלום מיט עגיפּטן, האָבן די מיצרים פֿאַרוואַנדלט דאָס אָרט אין אַ טוריסטישן צענטער, מיט האָטעלן און עפּנטלעכע זאַלן פֿאַר אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן און קאָנפֿערענצן. אין די גרויסע טעג פֿון חסד נאָכן אונטערשרײַבן אין וואַשינגטאָן די אָפּמאַכן פֿון אָסלאָ, איז שאַרם געוואָרן אַ סימבאָל פֿון שלום, און ווען דער "כאַמאַס" און דער איסלאַמישער "דזשיהאַד" האָבן דורכגעפֿירט די בלוטיקע מאַסיווע טעראָר־רציחות אין ישׂראל כּדי צו שטרויכלען דעם שלום־פּראָצעס, האָט דאַן דער עגיפּטישער פּרעזידענט צוזאַמענגערופֿן אין שאַרם על־שייך די מנהיגים און פֿאָרשטייערס פֿון קרובֿ דרײַסיק אַראַבישע און מוסולמענישע לענדער אויף אַ סאָלידאַריטעט־קאָנפֿערענץ קעגן דעם טעראָר.

דער המשך איז אַלעמען גוט באַקאַנט. אָבער אויך נאָכן אויפֿרײַס פֿון דעם שלום־פּראָצעס האָט שאַרם געדינט ווי די גאַסט־היים פֿאַר פּאָליטישע איניציאַטיוון און צוזאַמענקומען – אויך אין די ראַמען פֿון פּרעז' בושס וועגן־מאַפּע און פֿון די פֿאַרמיטלונגען צווישן ישׂראל און די פּאַלעסטינער; אין די לעצטע חדשים איז שאַרם געווען די אַכסניה אויך פֿאַר די אינטענסיווע פֿאַרהאַנדלונגען צווישן דער פּאַלעסטינער אינסטאַנץ און די אָפּאָזיציאָנעלע טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציעס וועגן דער "הודנאַ", די באַרויִקונג, כּדי צו דערמעגלעכן די ישׂראלדיקע עוואַקואַציע פֿון עזה.

זעט אויס, אַז די דאָזיקע אייגנשאַפֿט פֿון שאַרם על שייך ווי דער סימבאָל פֿון שלום האָט געשטאָכן די אויגן פֿון די פֿונדאַמענטאַליס־טישע טעראָר־באַנדעס אין עגיפּטן. דעם 23־סטן יולי, 8 חדשים נאָך דעם טעראָר־אַטענטאַט אין טאַבאַ, האָבן זיי אָפּגעצייכנט דעם 52־סטן יאָרטאָג פֿון דער אָפֿיצערן־רעוואָלוציע קעגן דעם קעניגלעכן רעזשים אין עגיפּטן, מיט אַ נײַעם גרויזאַמען טעראָר־אַקט. אויף דעם אופֿן האָבן זיי זיך אײַנגעשלאָסן אין דער אַקס פֿון דעם גלאָבאַלן טעראָר פֿון די איסלאַמישע פֿאַנאַטיקער קעגן די השפּעות פֿון דער מערבֿדיקער

קולטור. דאָס פֿרידלעבע פֿאַסטאָראַלע ווינקעלע פֿון סיני האָבן זיי דעמאָלט פֿאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל פֿון רציחה און פֿאַרוויסטונג.

שאַרם על־שייך פּרובירט איצט צוריקקערן צו זיך דעם אַמאָליקן שאַרם און גלאַנץ. די ראָל, וואָס ישׂראל שפּילט איצט אין דעם ספּעקטאַקל, באַשרענקט זיך צום העלפֿן דעם פּרעזידענט פֿון מצרים און דעם קעניג פֿון ירדן צוריקקערן דעם שלום צווישן דעם פֿאַטאַך און דעם כאַמאַס, דהײַנו צווישן עזה און דעם מערבֿדיקן ברעג – מער ווי צווישן ישׂראל און די פּאַלעסטינער... אויך דאָס וועט, לאָמיר האָפֿן, גוט זײַן פֿאַר ייִדן, אויב דאָס וועט העלפֿן צוריקקערן די פֿאַרכאַפּטע ישׂראלים און באַנײַען דעם שלום־פּראָצעס...

*פֿאָרווערטס*, **26־סטער יוני 2007**



# די שׂימחה און דער פּחד

דער ענגלישער פֿילאָסאָף טאָמאַס האָבס האָט אין זײַנע ביאָגראַפֿישע נאָטיצן דערציילט, אַז זײַן מוטער האָט געבוירן אַ צווילינג: אים און דעם פּחד. דאָס איז געווען בערך מיט 420 יאָר צוריק, אין יאָר 1588, ווען די שפּאַנישע אַרמאַדע האָט באָמבאַרדירט די ברעגן פֿון ענגלאַנד, און זײַן מוטערס שׂימחה מיטן געבוירן פֿון איר זון, דעם שפּעטערדיקן געניאַלן דענקער, איז געווען אויסגעמישט מיטן פּחד פֿאַר דער מלחמה "פֿון אַלע קעגן אַלע".

פֿון אָט די אומשטאַנדן פֿון זײַן געבוירן־ווערן, איז בײַ דעם ענגלישן פֿילאָסאָף אַרויסגעוואַקסן דער געדאַנק, אַז דער קעגנזײַטיקער פּחד באַווירקט די האַנדלונגען פֿון מענטשן און פֿון מדינות, און אַז דער פּחד דיקטירט די אָפּמאַכן, וואָס ווערן געשלאָסן צווישן מדינות וועגן "קעגנזײַטיקער פֿרײַנדשאַפֿט".

דער פּחד דיקטירט, אַלזאָ, די חכמה פֿון לעבן.

דער דאָזיקער איבערגעשראָקענער פֿילאָסאָף איז מיר אויפֿגעקומען אויפֿן געדאַנק ווען איך האָב זיך צוגעהערט אין אַ ראַדיאָ־קאָרעספּאָנדענץ צו דער שילדערונג וועגן דעם צוריקטריט פֿון די צה״ל־כּוחות פֿון צידון – די שטאָט, וואָס האָט אַמאָל, אין די רומפֿולע צײַטן פֿון אונדזער אַלטער געשיכטע, געליפֿערט די צעדער־ביימער פֿאַרן בוי פֿון דעם בית־המיקדש (אין די צײַטן פֿון דעם קלוגן און פֿרידלעבן שלמה המלך).

אין אָט דער קאָרעספּאָנדענץ איז דערציילט געוואָרן וועגן אַ משפּחה פֿון אָרטיקע אײַנוווינער, אַ טאַטע, אַ מאַמע און עטלעכע קליינע קינדער, וואָס האָבן מיט געוויין און געשרייען זיך געקלאַמערט אָן די אײַזערנע פּרעגנטן פֿון אַ מיליטערישן אויטאָ, וואָס האָט געפֿירט יובֿלדיקע ישׂראלדיקע זעלנער אויף דרום, אַרויס פֿון דעם לבֿנונישן זומפּ, אַהיים צו זיך קיין ישׂראל. זיי האָבן זיך געבעטן, די אומגליקלעכע, איבערגעשראָקענע מענטשן, בײַ די ישׂראלדיקע זעלנער, זיי זאָלן זיי

מיטנעמען מיט זיך, אַרויספֿירן זיי פֿון דער קאָשמאַרפֿולער שטאָט.
דער שילדערער פֿון דער דאָזיקער סצענע האָט נישט געוווּסט צו זאָגן, צי זענען דאָס געווען קריסטן, צי מוסולמענער – סוניטן אָדער שיִיטן, און אפֿשר גאָר פּאַלעסטינער – ווער קען דאָס גענוי וויסן צו וועלכן גאָט יעדער איינער איז מתפּלל? ער האָט נאָר געוווּסט, אַז דאָס האָט זיי דער פּחד געיאָגט און געטריבן זיי זאָלן נאָכלויפֿן נאָך דעם נעבעטיקן אָקופּאַנט, אויס מורא פֿאַר די נײַע, היימישע אָקופּאַנטן, וואָס דערשײַנען אין דער ראָל פֿון באַפֿרײַער. אויס מורא פֿאַר דער נישט זיכערער צוקונפֿט און פֿאַר דעם מער זיכערן היימישן טעראָר.
דער דראַמאַטישער הויכפּונקט פֿון דער געשילדערטער סצענע איז אָבער געווען דער מאָמענט, ווען די דאָזיקע פֿאַרצווייפֿלטע מענטשן האָבן אין זייער אומבאַהאָלפֿענער רעזיגנאַציע פּלוצעם דערזען פֿון דער ווײַטנס דעם ערשטן פֿאָרפּאָסטן פֿון דער אַרײַנמאַרשירנדיקער לבֿנונישער זשאַנדאַרמעריע. און, זעענדיק, ווי דער לעצטער ישׂראלדיקער אויטאָ פֿאָרט אַוועק – האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג און אַנטקעגנגעלאָפֿן מיט געשרייען פֿון שׂימחה, באַגריסנדיק זייערע "באַפֿרײַער", די לבֿנונישע אַרמיי...
הערנדיק אָט די שילדערונג, איז מיר טאַקע געקומען אויפֿן זינען די תּורה פֿון טאָמאַס האָבס, אַז דער פּחד דיקטירט די חכמה פֿון לעבן.
נישטאָ נאָך, דאַכט זיך מיר, אַזאַ מדינה ווי לבֿנון, וואָס זאָל אַזוי בולט באַשטעטיקן די דאָזיקע חכמה. אַזוי בײַם פֿאָלק, ווי בײַ זײַנע באַרופֿענע און נישט באַרופֿענע פֿירער.
ווײַל פּונקט אַזוי ווי די אויבן באַשריבענע אומגליקלעכע משפּחה, האָט זיך אויך אויפֿגעפֿירט דער פּרעזידענט פֿון דעם לאַנד, אַמין דזשומאַיעל, דער וואָס איז געקרוינט געוואָרן אין זכות פֿון די ישׂראלדיקע טאַנקן, וואָס האָבן געהיטן זײַן פּאַלאַץ אין באַאַבדע, ווי דער יורש פֿון זײַן ברודער באַשיר, דעם דערמאָרדעטן פֿירער פֿון די קריסטלעכע פֿאַלאַנגעס. האָבן דאָך בעגין און שרון אים געקרוינט אַלס דעם פּרעזידענט פֿון דעם לאַנד, כּדי צו פֿאַרזיכערן, אַז "תּשקוט הארץ אַרבעים שנה" – עס זאָל הערשן שלום וויניקסטנס פֿערציק יאָר, און אַז צידון זאָל ווידער קענען ליפֿערן צעדער־ביימער פֿאַר דעם דריטן בית־המקדש אין ירושלים...
דאָס האָט דאָך באַשירס יורש, אַמין דזשומאַיעל, אונטערגעשריבן מיט ישׂראל דעם הסכּם פֿון 17טן מײַ 1983 וועגן אַ "במעט שלום" און וועגן די זיכערהייט־רעגולירונגען אויף דער גרענעץ, צו פֿאַרזיכערן, אַז

״קיין איין ׳קאַטיושע׳ זאָל מער נישט פֿאַלן אין גליל״. און דאָס האָט דער זעלבער אַמין דזשומאַיעל, געשיצט פֿון זײַנע נײַע פּראָטעקטאָרן, די סיריער, געיובֿלט אין צידון און גערופֿן די אײַנוווינער צו פֿאַרפֿאָלגן זײַנע פֿריִערדיקע פֿאַרבינדטע, די ישׂראלדיקע זעלנער, און צו פֿאַריאָגן זיי, מיט דער הילף פֿון טעראָר, פֿון זייער לבֿנונישן פֿאָטערלאַנד.

עס האָט אָבער נישט געדויערט קיין 24 שעה, ווי דער טעראָר, צו וועלכן עס האָט גערופֿן דזשומאַיעל זײַנע באַפֿרײַטע אונטערטאַנען, האָט זיך אויסגעדרייט קעגן אים – ווען אין דער שטאָט זענען אַרײַן די כאָמייניסטישע האָרדעס פֿון די שיִיטישע פֿאַנאַטיקער און געפֿלינ־דערט די געשעפֿטן, דעמאָלירט די שולן און געזעלשאַפֿטלעכע קלובן, פֿאַרניכטעט די אַלקאָהאָל־געשעפֿטן, אַראָפּגעריסן פֿון די ווענט די בילדער פֿון דעם קריסטלעכן פּרעזידענט דזשומאַיעל און אַרויפֿ־געקלעפּט אויף זייער אָרט די בילדער פֿון דעם הייליקן אַיאַטאָלאַ כאָמייני – און אָנגעזאָגט דאָס מלכות פֿון אַללאַ און פֿון מאָכאַמעד לויטן איראַנישן נוסח.

און אויף דער זײַט פֿון דער ״גוטער גרענעץ״, ווי מ׳האָט אַמאָל, מיט דרײַ־פֿיר יאָר צוריק גערופֿן דעם אָפֿענעם גרענעץ־דורכגאַנג בײַ מטולה און בײַ חניתה, האָבן געיובֿלט מיט יוגנטלעכער פֿרייד די זעלנער פֿון גולני און פֿון די אַנדערע איינהייטן פֿון צה״ל, נאָכן צוריקקערן זיך אַהיים, נאָכן אַרויסקריגן זיך פֿון דעם לבֿנונישן זומפּ, וועלכער האָט פֿאַרשלונגען אַזוי פֿיל יונגע לעבנס.

דאָס איז געווען נאָר דער ערשטער פֿאָרפּאָסטן פֿון דעם צוריקקער צום פֿאַרנונפֿט, צו דער אויסניכטערונג, נאָך קרובֿ דרײַ יאָר פֿון דער אומפֿאַרגעבלעכער פּאָליטישער קורצזיכטיקייט און אַוואַנטוריסטישער אילוזיע, וואָס האָט באַגלייט די אינוואַזיע פֿון 6טן יוני 1982 אין לבֿנון. דער אַרײַנמאַרש איז געווען אַ בלומרשט לײַכטער, אַ האָפֿערדיקער. אויף די קערפּערס פֿון די ערשטע געפֿאַלענע זעלנער האָט בעגין געשאָנקען דעם באַרג מיט דער בופֿאָר־פֿעסטונג ווי אַ געבורטסטאָג־מתּנה דעם קאָמאַנדיר פֿון דער דרום־לבֿנונישער אַרמיי, גענעראַל כאַדאַד, און דער וועג קיין ביירוט איז געוואָרן אויסגעלייגט מיט הונדערטער קרבנות פֿון יונגע ייִדישע זעלנער, און מיט טויזנטער נײַע און פֿרישע אינוואַלידן. אָבער דער צוריקקטריט פֿון דער נוצלאָזער אַוואַנטורע איז באַגלייט מיט נײַע קרבנות, מיט נײַעם פּחד פֿאַר דעם בלוטיקן טעראָר, וואָס לויערט אויף די וועגן – מצד די, וואָס האָבן מיט

32 חדשים פֿריִער באַגעגנט די ישׂראלדיקע זעלנער מיט קאָנפֿעטן און רײַז. אָט די פֿרידלעכע באַפֿעלקערונג, וועלכע האָט זיך דאַן געפֿרייט מיטן ווערן אויסגעלייזט פֿון דעם פּאַלעסטינער טעראָר, איז איצט געוואָרן דאָס וואַרעם־הויז פֿון אַ נײַעם, אַ כאָמייניסטישן טעראָר, וואָס איז רײַף געוואָרן אין אָט די 32 חדשים פֿון דער ישׂראלדיקער הערשאַפֿט.

אָט דער נײַער טעראָר, מיט די געפֿערלעכע מעטאָדן פֿון די פֿאַנאַ־טישע זעלבסטמערדער, איז אויסגעוואַקסן צו אַ שרעקלעכן גולם – אויך אויפֿן באָדן פֿון פּחד: אַ פּחד פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג פֿאַר די כאָמייניסטישע האָרדעס פֿון דער "פּאַרטיי פֿון אַללאַ" און פֿון דער פֿאַנאַטישער "דזשיהאַד־פּאַרטיי", וועלכע נעסטן זיך אונטער דער סירישער אַפּוטרופּסות אין באַל־בעק; אַ פּחד פֿאַרן צוריקקער פֿון די טעראָריסטן פֿון "פֿאַטאַך" און פֿון דזשיבריל און אַבו־מוסאַ, און אויך אַ פּחד, טאָמער איז דער צוריקקער פֿון צה"ל נאָר אַ טיילווײַזער, נישט קיין פֿולער, כּל־זמן די ישׂראלדיקע אַרמיי געפֿינט זיך נאָך אַלץ אויפֿן באָדן פֿון לבֿנון.

זענען זיי דאָך אָבער, די נײַע טעראָריסטן אין דרום־לבֿנון, די זעלבע וואָס האָבן געהאַט אויפֿגענומען די ישׂראלדיקע זעלנער מיט רײַז און קאָנפֿעטן, די געוועזענע פֿרידלעכע שכנים, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די ייִדישע אײַנוווינער פֿון ישׂראלדיקן גליל געליטן פֿון דעם פּאַלעסטינער טעראָר. זיי האָבן אויך געליטן פֿון די ישׂראלדיקע שטראָף־אַקציעס צוליב דעם פּאַלעסטינער טעראָר, צוליב די "קאַטיושעס".

זיי דערמאָנען מיר אָבער יענע אומגליקלעכע משפּחה אין צידון, וועלכע האָט זיך געבעטן מיט תּחנונים בײַ די ישׂראלדיקע זעלנער זיי זאָלן זיי אַרויספֿירן פֿון דעם גיהנום. אָבער ווען דאָס האָט נישט געהאָלפֿן, האָבן זיי זיך געוואָנדן צו זייערע ספּק באַפֿרײַער, ספּק נײַע באַדראָער. ווײַל אין סך־הכּל ווילן זיי לעבן. זיי ווילן לעבן און פֿאַרזיכערן דאָס לעבן פֿון זייערע משפּחות. נאָר אין דעם דזשונגל פֿון טעראָר און פּחד, געהעצט פֿון זייערע מנהיגים, וואָס שרעקן זיי מיט די גרוילן וועגן דעם פֿײַנט, ווערן זיי געשטויסן צו שׂינאה, צו טעראָר.

און אויף אונדזער זײַט פֿון דער גרענעץ, אין מטולה, האָבן די ערשטע צוריקגעקערטע זעלנער פֿון צה"ל געפֿײַערט די אויסלייזונג פֿון דעם פּחד, די פֿרייד פֿון צוריקקערן זיך אַהיים. אָבער געווען איז דאָס גראָד

אום שבת, ווען די צוריקגעקערטע זעלנער האָבן ספּאָנטאַן געיובֿלט און זיך געפּרייט מיט זייער צוריקקער אויף די גאַסן פֿון מטולה, און דאָס איז געווען די ערשטע סטאַנציע אויף זייער וועג צוריק אַהיים.

״איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי פֿיל ייִנגלעך מיט קאַפּעלעך אויף די קעפּ, זאָלן זיך פֿרייען צו פֿאָרן אום שבת״, – האָט געזאָגט איינער פֿון זייערע באַגלייטער.

אין דער יום־כּיפּור־מלחמה זענען זייערע פֿאָטערס און עלטערע ברידער אויך געפֿאָרן שבת, צום פֿראָנט. נאָך מער: יענער שבת איז דערצו נאָך אויסגעפֿאַלן אין יום־כּיפּור. כאָטש אין גאָר אַנדערע אומשטאַנדן, איז עס אויך דאָס מאָל געווען אַ פּיקוח־נפֿש. אָבער די אַפּוטרופּסים איבער דער נאַציאָנאַלער כּשרות האָבן דאָס מאָל נישט געקאָנט לאָזן די יונגע בחורים ווילבאַקומען די פֿרייד פֿון זייער צוריקקער. זיי האָבן אויפֿגעהויבן אַ געשריי, הלמאַי מען האָט מחלל געווען דעם שבת.

דאָס מאָל האָט דער מיליטערישער חילול־שבת נישט גורם געווען קיין רעגירונגס־קריזיס, ווי אין יענעם פֿאַל מיט די געשאָנקענע אַמעריקאַנער קריגס־עראָפּלאַנען, צוליב וועלכע עס איז געפֿאַלן די רעגירונג פֿון יצחק ראַבין, ווײַל די אַמעריקאַנער מתּנה איז אָנגעקומען ערבֿ שבת. דאָס מאָל קענען די רעליגיעזע פּאַרטייען נישט מאַכן קיין רעגירונגס־קריזיס, אָבער עס איז שוין אויפֿגעקומען בײַ זיי דער געדאַנק אויסצונוצן דעם דאָזיקן פֿאַל, כּדי צו פֿאָדערן מ׳זאָל אײַנפֿירן די רעליגיעזע השגחה איבער די פּלענער פֿון צה״ל – אַז אַ משגיח פֿון רבנות זאָל זיצן אין גענעראַל־שטאַב און זאָל אָפּהיטן אָדער געבן די רבנישע הסכּמה אויף די אָפּעראַציעס פֿון דער אַרמיי.

דער כאָמייניזם האָט זיך, אַלזאָ, נישט נאָר דערנענטערט צו אונדזער גרענעץ פֿון צפֿון. ער באַפֿעסטיקט זיך גאָר לײַטיש אויף אונדזער אייגענעם באָדן.

אויך דאָס רופֿט אַרויס אַ פּחד.

*לעצטע נײַעס*, **22־סטער פֿעברואַר 1985**

# פֿוטבאָל און פּאָליטיק

בײדע געהערן זײ צו דער קונסט פֿון דעם מעגלעכן. בײדע זענען קאַפּריזיק אַזױ װי דאָס ראָד פֿונעם מזל – און בײדע זענען זײ אױסגעשטעלט אױפֿן מזל.

דאָס מזל איז געװײנלעך װאַקלדיק און היפּער־היפּוכדיק אין חודש מערץ, דעם נאָרװאָס פֿאַרגאַנגענעם חודש, אין װעלכן עס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן די אַלע דרײַ אַקטיאָרן פֿון אונדזער געזעלשאַפֿט־לעבן לעבנסשפּיל. װאָלט ער נישט געװען אַזױ טרױעריק און ציניש, װאָלט ער געקאָנט זײַן אַ טײל פֿון דעם פּורים־שפּיל, װאָס אױך ער איז אױסגעפֿאַלן אין חודש אָדר, אין מערץ.

אין אָט דער צײַט האָט דער פּרעמיער שרון אָפּגעהאַלטן זײַנע צװײ גרױסע הצלחות, באַזײַטיקנדיק די לעצטע צװײ שטרױכלונגען אױפֿן מאַראַטאָן־װעג צום דורכפֿירן די ״אָפּשײדונג״ פֿון עזה און פֿון צפֿון־שומרון – אָבער גלײַך נאָך דעם האָט ער געליטן זײַן ערשטן סעריאָזן דורכפֿאַל, בעת ער האָט פּרובירט באַלױנען זײַנע טרײַע געהילפֿן, װאָס האָבן אים די צװײ הצלחות דערמעגלעכט: ער איז דורכגעפֿאַלן אין זײַן פּרוּװ צו נאָמינירן דרײַ נײַע מיניסטאָרן – צװײ פֿון ״ליכּוד״ און אײנעם פֿון ״עבֿודה״.

די צװײ לעצטע הצלחות האָט שרון דעראָבערט מיט דער אַקטיװער הילף און אין אַבסאָלוטן זכות פֿון דער אָפּאָזיציע – און טאַקע פֿון דעם סאַמאָראָדנעם אָנפֿירער פֿון דער אָפּאָזיציע, דעם מנהיג פֿון ״שינוי״, יוסף (״טאָמי״) לַפּיד; דאַקעגן דעם דורכפֿאַל האָט ער געליטן – פֿון דעם פֿאַראײניקטן פֿראָנט פֿון דער קאָאַליציע מיט דער אָפּאָזיציע, װאָס האָט, כּמעט פֿון װאַנט צו װאַנט, געשטימט אין דער כּנסת קעגן דעם, װאָס די געזעלשאַפֿט האָט באַצײכנט װי אַ ״פּאָליטישע קאָרופּציע״. ער האָט נאָר מצליח געװען צו באַלױנען די אַנדערע אונטערשטיצער זײַנע, נאָמינירנדיק 7 כּנסת־דעפּוטאַטן פֿאַר װיצע־מיניסטאָרן, װײַל די נאָמינאַציעס פֿון װיצע־מיניסטאָרן איז דער

פּרעמיער נישט מחויבֿ צו ברענגען צו דער באַשטעטיקונג פֿון דער כּנסת. די דאָזיקע "באַלוינונג", זאָגט שרון, האָט ער, אַגבֿ, צוגעזאָגט זײַנע פּאַרטיי־חבֿרים נאָך מיט דרײַ חדשים צוריק "און זיי האָבן נישט געקענט מער וואַרטן"...

ווי קומט עס אָבער, וואָס פֿאַר אַ שײַכות האָבן די צוויי פּאָליטישע הצלחות אין דער כּנסת – צום פֿוטבאָל?

אַוודאי נישט אַלע מאָל, אָבער דאָס מאָל שוין דווקא יאָ. די הצלחה אין דער דעציזידינרנדיקער אָפּשטימונג אין דער כּנסת איבער די צוויי קאַרדינאַלע שטרײַט־ענינים, ווי דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן אַ רעפֿערענדום איבער שרונס פּלאַן פֿון דער אָפּשיידונג, און די אָפּשטימונג איבער דעם מדינה־בודזשעט, וואָס האָבן זיך אויסגעקאָכט יענעם מוצאָ שבת אין דער פֿאַרמע פֿון דער משפּחה שרון אויפֿן נגבֿ. אַהין האָט שרון פֿאַרבעטן דעם אָנפֿירער פֿון "שינוי", וועלכן ער האָט מיט אַ קורצער צײַט צוריק געהאַט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער רעגירונג. דאָס מאָל האָבן זיי צוזאַמען אָבסערווירט אין דער טעלעוויזיע דעם פֿוטבאָל־מעטש צווישן ישׂראל און אירלאַנד, און אויפֿן פֿאָן פֿון אָט דעם פֿוטבאָל־מעטש האָבן ביידע מנהיגים פֿאַרהאַנדלט איבער דעם גורל פֿון דער אָפּשיידונג, און אויך איבער דעם גורל פֿון דער רעגירונג.

דער אויסגאַנג פֿון דער באַגעגעניש איז אָפּגעוואַרט געוואָרן דורך דער ישׂראלדיקער עפֿנטלעכקייט מיט דער זעלבער שפּאַנונג, ווי דער אויסגאַנג פֿון דעם זעלבציַיטיקן פֿוטבאָל־פֿאַרמעסט מיט אירלאַנד: דאָס באַשטעטיקן דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן אַ רעפֿערענדום וואָלט די אָפּשיידונג אָן אַ ספֿק פֿאַרהאַלטן, פֿאַרשלעפּט און מיט דער צײַט אפֿשר מבֿטל געמאַכט – טראָץ דער געזיכערטער מערהייט פֿונעם פֿאָלק, וואָס שטיצט די אָפּשיידונג; דאָס נישט באַשטעטיקן דורך דער כּנסת דעם מדינה־בודזשעט – וואָלט געפֿירט צום פֿאַלן פֿון דער רעגירונג, צום אויפֿלייזן די כּנסת און צו נײַע וואַלן. דאָס פֿאַרשפּילן דעם פֿאַרמעסט מיט אירלאַנד וואָלט פֿאַרשאַפֿט ישׂראל חרפּה אויפֿן פֿוטבאָל־פֿראָנט...

מיט דער דערגרייכטער פֿאַרשטענדיקונג צווישן דעם מנהיג פֿון דער אָפּאָזיציע און דעם מנהיג פֿון דער קאָאַליציע – וואָס האָט געקאָסט דעם מדינה־בודזשעט 700 מיליאָן שקלים פֿאַר דערציִונג און אַנדערע צוועקן, אויפֿן חשבון פֿון די אַנדערע רעדוצירטע מלוכישע באַדינונגען – זענען געוואָרן אָפּגעראַטעוועט סײַ די אָפּשיידונג און סײַ די רעגירונג; לפּיד האָט געראַטעוועט שרונען, שרון האָט געראַטעוועט

זײַן רעגירונג, און דער ״תּיקו״־אויסגאַנג פֿון דעם פֿוטבאָל־פֿאַרמעסט צווישן ישׂראל און אירלאַנד האָט ״אָפּגעראַטעוועט״ דעם כּבֿוד פֿון מדינת־ישׂראל.

און – ווער האָט דאָס אין דער לעצטער מינוט אָפּגעראַטעוועט ״די נאַציאָנאַלע ווירדע״ פֿון ישׂראל אין דעם אייראָפּעיִשן פֿאַרמעסט? – איר ווייסט דאָך שוין: דער אַראַבישער פֿוטבאָליסט עבאַס סואַן פֿון דעם גלילער שטעטל סאַכנין. דאָס איז דער זעלבער אַראַבישער פֿוטבאָל־סטאַר, וואָס איז מיט אַ וואָך פֿריִער, בעת דעם פֿאַרמעסט מיט בית״ר אין ירושלים, באַוואָרפֿן געוואָרן מיט קללות און ווישטע ראַסיסטישע באַליידיקונגען, ווי – ״שמוציקער אַראַבער״, ״אַ טויט די אַראַבער״ אד״גל. צומאָרגנס נאָך דעם פֿאַרמעסט מיט די אירלענדישע גויים איז ער געקרוינט געוואָרן אין דער ישׂראלדיקער פּרעסע און אין די שמועסן אויף די מערק, ווי דער גיבור פֿון מדינת־ישׂראל...

איך ווייס נישט צי עבאַס סואַן האָט בשעת מעשׂה געטראַכט וועגן דער ״נאַציאָנאַלער ווירדע״ ווען ער האָט אין דער לעצטער מינוט אַרײַנגעשאָסן דעם אויסגלײַכנדיקן גאָל. ער האָט אָבער שפּעטער אויסגעדריקט זײַן צופֿרידנקייט וואָס ער האָט מצליח געווען צו דערפֿילן זײַן ספּאָרטיוון חובֿ פֿאַר דער אויסוואַל־מאַנשאַפֿט, אין וועלכער ער איז אַ מיטגליד, און זײַן נאַציאָנאַלן חובֿ פֿאַר דער מדינה, וועלכע ער האָט רעפּרעזענטירט ווי אירס אַ בירגער.

אָבער דער אַראַבישער כּנסת־דעפּוטאַט ד״ר אַכמעד טיבי האָט נאָך דעם ״העראָיִשן גאָל״ טעלעפֿאָנירט אין מלוכישן ראַדיאָ און געפֿרעגט: וויפֿל אַראַבישע ספּאָרטלער דאַרף מען נאָך אַרויסשטעלן כּדי זיי זאָלן זאָרגן פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון דער מדינה, און וויפֿל יאָר דאַרף מען נאָך וואַרטן, די מדינה זאָל זאָרגן פֿאַר דער קאַנאַליזאַציע אין די אַראַבישע יישובֿים אין לאַנד?...

די מדינה האָט קיין סך נישט געדאַרפֿט וואַרטן. פֿיר טעג נאָך דער ״געראַטעוועטער ווירדע״ קעגנאיבער די ספּאָרטלער פֿון אירלאַנד האָט אַ צווייטער אַראַבישער פֿוטבאָליסט, וואַליד באַדיר, פֿון דעם זעלבן אַראַבישן ספּאָרט־קלוב אין דעם זעלבן דאָרף סאַכנין ווידער באַקומען די געלעגנהייט צו ״ראַטעווען די נאַציאָנאַלע ווירדע״ פֿון דער מדינה – אַרײַנשיסנדיק אַן ענלעכן אויסגלײַכנדיקן גאָל אין דעם פֿאַרמעסט מיט דער פֿראַנצויזישער נאַציאָנאַלער רעפּרעזענטאַנץ...

״לא אַלמן ישׂראל״ – אויב נישט די מדינה אַליין, וועלן אירע אַראַבער שוין באַשיצן איר כּבֿוד...

דאָס איז געווען דעם זעלבן טאָג ווען די אַראַבישע באַפּעלקערונג אין ישׂראל האָט אָפּגעצייכנט דעם טראַדיציאָנעלן "טאָג פֿון באָדן" – צום יאָרטאָג פֿון דער בלוטיקער דעמאָנסטראַציע, וואָס איז פֿאָרגעקומען מיט 26 יאָר פֿריִער אין נצרת קעגן דער מאַסיווער רעקווּעסטראַציע פֿון אַראַבישע באָדנס אין גליל, און צום אָנדענק פֿון די 9 דע־מאָנסטראַנטן, וואָס זענען דעמאָלט דערהרגעט געוואָרן אין דעם צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי. דאָס מאָל איז דער יאָרטאָג – וואָס איז יעדעס יאָר פֿול מיט שפּאַנונג – אַדורכגעגאַנגען רויִק. ער איז דאָס מאָל געווען געווידמעט דעם גורל פֿון די 175.000 בעדויִנער, וואָס לעבן נאָך אַלץ אין "נישט אָנערקענטע" דערפֿער – אָן מלוכישע באַדינונגען, אָן וואַסער־לייטונג, אָן עלעקטריע, אָן שולן, ווי זיי וואָלטן נישט עקזיסטירט אין דער מדינה.

עס איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס די סימפּאַטיע פֿון דער אַראַבישער באַפּעלקערונג איז כּמעט לחלוטין מיט די פּאַלעסטינער, און עס מערן זיך אַלץ מער די פֿײַנטלעכע קאָנספּיראַציעס פֿון אַראַבישע יוגנטלעכע – כאָטש נאָך אַלץ אין אַ מאַרגינאַלן פֿאַרנעם.

אָבער די אויגן פֿון דער היגער עפֿנטלעכקייט זענען געווענדט צו דער פֿאַרשטייענדיקער אָפּשיידונג פֿון עזה און צום טאָג פֿון דעם גרויסן פֿאַרמעסט מיט די זידלערס בעת זייער געגרייטער עוואַקואַציע. אין דער צײַט ווען די "פֿרידלעכע מערהייט" פֿון די סטאַטיסטישע פּובליק־טעסטן ווײַזט אַרויס אַ שלאַבערדיקע פּאַסיווקייט – ביז גלײַכגילט – גרייטן זיך די קאָלאָניסטן צו אַ פֿאַרביסענעם פֿאַרמעסט מיט די מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע זענען נאָך אַלץ צעטומלט אין אָנבליק פֿון דער גראַנדיעזער אויפֿגאַבע, צו וועלכער זיי זענען נאָך נישט גרייט. די אָנפֿירערס פֿון די רעכטע עקסטרעמיסטן דערקלערן, אַז זיי זענען קעגן אָנווענדן גוואַלט – אָבער זיי נעמען אונטער זייער שוץ די כוליגאַנעס, די יורשים און אָנהענגערס פֿון ראַבײַ כּהנא, די "ייִנגלעך פֿון די בערגלעך", וועלכע ווילדעווען אויף די "שטחים" און האָבן אין טאָג פֿון פּורים פּאָגראָמירט די שכנותדיקע פּאַלעסטינעזישע דערפֿער.

*פֿאָרווערטס*, **8־טער אַפּריל 2005**

# אַ פֿאָלק פֿון קאָנטראַסטן, אַ רעגירונג פֿון דילעמעס

אין איצטיקן מאָמענט, נאָך דעם ווי מר״צ איז אַרויס פֿון דער רעגירונג און ש״ס איז אין איר צוריק אַרײַן מיטביידע פֿיס, קאָן מען פֿאַרגלײַכן די רעגירונג פֿון אהוד ברק צום לעגענדאַרן קענטאַור פֿון דער אַלט־גריכישער מיטאָלאָגיע: אַ געשטאַלט, וואָס דער קאָפּ איז פֿון אַ מענטש און דער קערפּער, להבֿדיל, פֿון אַ פֿערד. זײַנע פֿיס, אויף וועלכע עס האַלט זיך דער קאָפּ מיטן מענטשלעכן, דעם אויבערשטן טייל פֿונעם קערפּער (די ״עבֿודה״), זענען בערך מיט אַ יאָר צוריק געוואָרן געירשנט, אָדער, ריכטיקער: ״אויסגעבאָרגט״, פֿון דער רעגירונג פֿון נתניהו: די פֿאָדערשטע צוויי פֿיס געהערן צו ש״ס; די הינטערשטע זענען – הרבֿ יצחק לוי פֿון מפד״ל און נתן שאַראַנסקי פֿון ״ישׂראל בעליה״.

דער פֿאַרבינדלער צווישן די צוויי טיילן פֿון דעם לעגענדאַרן באַשעפֿעניש איז די נײַ־אויפֿגעקומענע (צו די לעצטע וואַלן) צענטער־פּאַרטיי ״המרכז״, וואָס איז אַליין אַן אַנדראָגינוס פֿון אָפּשטאַמיקע פֿונעם ״ליכּוד״ (יצחק מרדכי, דן מערידאָר און רוני מילוא) און פֿון ״עבֿודה״ (אורי סַבֿיר און דַליה ראַבין־פֿילאָסאָף, די טאָכטער פֿון יצחק ראַבין), און צווישן זיי – דער געוועזענער שעף פֿון גענעראַל־שטאַב, אַמנון ליפּקין־שחק, וועלכער האָט אין זײַן ערשטן ציווילן אויפֿטריט פּראָקלאַמירט, אַז ״נתניהו איז געפֿערלעך פֿאַר ישׂראל״.

די דאָזיקע ״קענטאַור״־געשטאַלט פֿון דער רעגירונג שפּיגלט אָפּ זייער באַשײַמפּערלעך דעם צושטאַנד פֿון מדינת־ישׂראל אין די איצטיקע טעג: אַ פֿאָלק פֿון שאַרפֿע קאָנטראַסטן און אַ רעגירונג פֿון שווערע דילעמעס..

ערשט די טעג איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אַן ערנסטער אויסלענדישער סטאַטיסטיק, אַז די קליינע און (פֿאַרהעלטנישמעסיק) יונגע מדינת־ישׂראל האָט דעראָבערט דאָס פֿערטע אָרט אויפֿן געביט פֿון ״הײַ־טעק״, פֿון הויכער טעכנאָלאָגיע, און פֿאַרנעמט אויך

אַ בכבֿודיק אָרט אין דער פּראָדוקציע און פֿאַרקויף פֿון די מאָדערנסטע וואָפּנס – און איז צוליב דעם איצט אַרײַן אין אַ האַרבן קאָנפֿליקט מיט איר אַמעריקאַנישן טאַטן, פֿאַרזאָרגער און באַשיצער, מחמת דעם פֿאַרקויף פֿון היפּער־מאָדערנע און סאָפֿיסטיקירטע אויסשפּיר־עראָפּלאַנען צו אַזאַ גרויסמאַכט, ווי כינע. אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט ישׂראל שוין אויך "דעראָבערט" – אַז אָך און וויי – דאָס ערשטע אָרט צווישן די אַנטוויקלטע מדינות אין דעם אומגעהײַער שאַרפֿן סאָציאַלן קאָנטראַסט צווישן גבֿירים און קבצנים. און דאָס אין דער מדינה, וואָס דער דעוויז פֿון "אור לגויים" און פֿון "גלײַכהייט" איז געווען שיעור נישט איר נאַציאָנאַלער עמבלעם און איר אידעיִשער אַני־מאמין: האָט דאָך איר גרונטלייגער און גרינדער, דוד בן־גוריון, געהאַט פּראָקלאַמירט מיט 52 יאָר צוריק דעם ציל און די נבֿואה פֿון "סאָציאַליזם בימינו"...

מדינת־ישׂראל באַטראַכט זיך, מיט רעכט, ווי "די איינציקע דעמאָקראַטיע אין מיטעלן מזרח" – אָבער זי האָט נאָך אַלץ נישט קיין קאָנסטיטוציע, און די פּאַרטיי, וואָס האָט איצט אַרויסגעטריבן פֿון דער רעגירונג דעם וועלטלעכן און טאָלעראַנטן בילדונגס־מיניסטער יוסי שׂריד און איז געוואָרן "די רעכטע האַנט" פֿונעם פּרעמיער אין דער רעגירונג און דער "כּוח פֿון די 17" אין דער כּנסת, האָט צו פֿאַרדאַנקען זײַן אויסגעוואַקסענעם פּאַרלאַמענטאַרישן כּוח דער קאָרופּציע און די גנבֿות פֿון דעם ביז־נישטלאַנגיקן דורכגעטריבן־פֿעיִקן פֿירער פֿון ש"ס, אַריה דרעי (לייען: דע'רי) און דער מאַגיע פֿון חרמות און באַשווערונגען, ווי אויך דעם מאַגישן כּוח פֿון די קמיעות און אָפּשפּרעכונגען פֿון אַ באַבאַ־כּדורי און פֿון אַנדערע באַבאַיען.

און דאָס אַלץ אין אַ מדינה, וואָס גיט אַרויס דער וועלט וויסנשאַפֿטלער פֿון העכסטן גראַד.

אויך די טאָלעראַנץ פֿאַר אויסנעמלעכע דערשײַנונגען האָט אין די לעצטע יאָרן געמאַכט אַ היפּשן פֿאָרשריט, אויב עס האָבן דעם פֿאָריקן פֿרײַטיק געקענט מאַרשירן אויף די גאַסן פֿון תּל־אָבֿיבֿ צענדליקער טויזנטער מענטשן אין אַ פֿעסטיוואַל און אַ גאווה־מאַניפֿעסטאַציע פֿון מענער־האָמאָסעקסואַלן און לעסבישע פֿרויען. דעם אַנדערן טאָג האָבן דרוזישע אויפֿזעערס פֿון אלי ישׂיס אַרבעטס־מיניסטעריום פֿאַרשריבן שטראָף־ראַפּאָרטן די אָפֿענע געשעפֿטן אין די קיבוצים פֿאַר מחלל זײַן דעם שבת. אֶהוד ברק דער קיבוצניק און גענעראַל קען איצט נישט מקיים זײַן דעם צוזאָג זײַנעם צו דערפֿירן צו אַ שלום מיט די

פּאַלעסטינער - אָן דער הסכּמה און ברכה פֿון דעם גדול בתּורה און גדול הדור, דעם גײַסטיקן פֿירער פֿון ש״ס, װעלכער האָט געפּסקנט הלכה, אַז מען טאָר ניט שבת דלובען אין דער נאָז...

װי זאָגט זיך אין דעם װערטל: - יעדעס פֿאָלק האָט אַזאַ רעגירונג, װאָס עס פֿאַרדינט. און היות װי דאָס פֿאָלק איז אַ קאָלירפֿולע מאָזאַיִק פֿון קאָנטראַסטן און קען נישט, און דאַרף אויך נישט, זײַן אײניק - אָבער פֿאַראײניקט אין זײַנע בשותּפֿותדיקע באַשטימונגען - שטעלט עס אַװעק די רעגירונג פֿון דעם לאַנד פֿאַר די דילעמעס, װאָס דרינגען אַרויס פֿון זײַן צעשפּליטערטקייט. דער עיקר - פֿון די סעקטאָריאַלע אינטערעסן פֿון די קאָמפּאָנענטן, די באַשטאַנד־טײלן און זײערע קאָנטראַסטן.

די רעגירונג פֿון אהוד ברק איז פֿון אָנהייב אָן געװען די אוממעג־לעכסטע רעגירונג אין דער געשיכטע פֿון ישׂראל. װי מיר אַלע װײסן, איז דאָס געװען אַ רעזולטאַט פֿון דער נײַער װאַל־שיטה, װעלכע האָט געצילט אַ סוף צו מאַכן צום שאַנטאַזש. דאָס גײן צו די װאַלן מיט צװײ באַזונדערע שטים־צעטלעך - אײנס פֿאַר דעם פּרעמיער און דאָס צװײטע פֿאַר דער פּאַרטײ, האָט צוערשט געבראַכט נתּניהון צו דער מאַכט מיט ״אַ נצחון אויף אַ האָר״ - אַ מערהייט פֿון 0.7% פֿון די שטימען קעגן פּרסן, און דערנאָך ברקן אַ מאַסיװן נצחון פֿון 56%, - אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט די נײַע װאַל־שיטה צעטראַסקעט די גרויסע פּאַרטײען און צעשמעטערט דעם שטײן־באַזיס פֿון די אויסגעװײלטע רעגירונגס־שעפֿן. די דאָזיקע נײַע שיטה האָט אַזוי אַרום צעטרײסלט די פּאָליטישע סטאַביליטעט, האָט גורם געװען דעם אויפֿקום פֿון דער איצטיקער קעגנאַזור־רעגירונג פֿון די שאַרפֿסטע אינערלעכע קאָנטראַסטן, און האָט אַװעקגעשטעלט דעם זיגער פֿאַר די האַרבסטע דילעמעס.

ערשטנס האָט ער מװתּר געװען אויף זײַן סאַמע געטרײַסטן פֿאַרבינדעטן אין זײַן שלום־פֿאַרמעסט - לטובֿת די שאַרפֿסטע קעגנערס, װעלכע פֿאַרביטערן אים דאָס לעבן. זיי צװינגען אים אַראָפּצושלינגען זשאַבעס, און ער מוז מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער עסט מאַרצעפּאַנעס. צװײטנס - ער האָט זיך פֿאַרשקלאַפֿט צו דעם אַזױגערופֿענעם ״קאָנצענזוס״, װעלכער בינדט אים די הענט בײַ זײַן יעדן פּאָליטישן שאַך־צוג - און ער צאָלט דערבײַ פֿאַר אָט דער סחורה אַ טײַערן פּרײַז.

נאָך דער אָפּשטימונג אין דער כּנסת, מיט די שטימען פֿון די דרײַ װידערשפּעניקע קאָאַליציע־פּאַרטײען, פֿאַרן פֿאָרשלאָג פֿון דער אָפּאָזיציע אויפֿצולײזן די כּנסת און צואײַלן די װאַלן, און נאָך דעם װי

ער האָט דערקלערט זייערע מיניסטאָרן, אַז זיי האָבן זיך דערמיט "אַרויסגעצויגן" פֿון דער רעגירונג – האָט אהוד ברק גערופֿן דעם ש"ס און דעם מר"צ זיי זאָלן מאַכן אַ חשבון־הנפֿש.

"פֿון ש"ס האָט ברק געבעטן דעם חשבון, און פֿון מר"צ – דעם נפֿש", האָט געשריבן די פּעיקע פּובליציסטין סימה קדמון אין "ידיעות אַחרונות". צום סוף, לאָמיר צוגעבן, האָט אָבער דער ש"ס אַרויסגעצויגן פֿון ברקן די נשמה און אַרויסגעשטויסן דעם מר"צ פֿון דער רעגירונג...

דער נצחון פֿון ש"ס איז דאָס מאָל געווען גרעסער ווי אין דער רעגירונג פֿון יצחק ראַבין, ווען זיי האָבן מצליח געווען צו באַזײַטיקן שולמית אַלוני פֿון דעם בילדונגס־מיניסטעריום.

אמת, די מיניסטאָרן פֿון מר"צ זענען אַוועק פֿון דער רעגירונג פֿרײַוויליק, כּדי צו לאָזן ברקן אַדורכצוקומען מיטן ש"ס און נאָכצוגעבן זײַנע פֿאָדערונגען – אָן זיי. דערבײַ איז מר"צ געבליבן אין דער קאָאַליציע, כּדי צו קענען שטיצן די רעגירונג אין אירע שלום־גענג. דאָס האָט נישט געשטערט ברקן צו באַשולדיקן דעם מר"צ אין "שעדיקן" דעם שלום־פּראָצעס, איבערלאָזנדיק אים און "ישׂראל אַחת" (דער וואַל־בלאָק פֿון "עבֿודה") אַליין אין דער געזעלשאַפֿט פֿון די ווידערשפּעניקע מיניסטאָרן. ברק האָט געוואָלט, אַז יוסי שׂריד זאָל זײַן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַ שותּף מיט אים צום עסן די זשאַבעס: "ער דעם קאָפּ און דער אַנדערער די פֿיס"...

יוסי שׂריד האָט אָבער נישט פֿאַרגעסן וואָס ברק האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אים איז יצחק לוי, דער פֿירער פֿון מפד"ל און דער באַשיצער פֿון דער קאָלאָניזאַציע, נאָענטער צום האַרצן, ווי דער "לינקער" יוסי שׂריד. דאָך האָט שׂריד נישט אויפֿגעגעבן די אָפּציע זיך צוריקצוקערן, אין אַ געהעריקן מאָמענט, אין דער רעגירונג, וועלכע לעבט איצט צווישן איין קריזיס און דעם אַנדערן, זײַענדיק אויסגעשטעלט אויפֿן חסד פֿון אירע קעגנערס.

אין דער דילעמע צווישן ש"ס און מר"צ האָט ברק מקריבֿ געווען די לעצטע, באַצאָלט מיטן קאָפּ פֿון יוסי שׂריד אויפֿן מזבח פֿון איבערלעבן דעם רעגירונגס־קריזיס און אויפֿהאַלטן די רעגירונג, וועלכע איז געגליכן, ווי שוין אויבן געזאָגט, צום לעגענדאַרן גריכישן קענטאַור – אַ פּאָליטישער אַנדרוגינוס פֿון בלית־ברירה קינסטלעך צונויפֿגעוואַקסענע פֿרעמדע גופֿים, וואָס יעדער איינער פֿון זיי שלעפּט אין אַן אַנדערער ריכטונג.

*פֿאָרווערטס*, 23.־סטער יוני 2005

# דער גרויסער ספּעקטאַקל פֿון "ישׂראבלאָף"

די מיניסטאָרין דליה איציק פֿון "עבֿודה" האָט אָנגערופֿן דעם באַשלוס פֿון איר רעגירונג "ישׂראבלאָף". זי איז געווען אין דער רעגירונג די איינציקע, וואָס האָט געשטימט קעגן דעם באַשלוס צו באַשטימען אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל "אונטערזוכן" דעם באַריכט פֿון אַדוו' טליה ששון (לייען: טאַליאַ סאַסאָן) וועגן דעם אומלעגאַלן, אָבער אומגעשטערטן, פֿאַנאַנדערבוי פֿון דער קאָלאָניזאַציע אויף די אָקופּירטע שטחים.

געציילטע טעג פֿאַר דעם צוזאַמענקום פֿון דער רעגירונג וועגן דעם ענין האָט דאָס לאַנד געקאָכט מיט דעם דערשיטערנדיקן באַריכט, וועלכער האָט אָבער קיינעם נישט דערשיטערט. ווי נאָך יעדן געזעלשאַפֿטלעכן שטורעם, איז אויך דאָס מאָל די זאַך גאָר גיך אַראָפּגענומען געוואָרן פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן סדר היום.

יאָרן לאַנג האָט די מדינה געלעבט מיטן אָנשטעל. אַלע האָבן עס געוווּסט – און קיינער האָט נישט געוואָלט וויסן. אַלע האָבן דאָס געזען און געמאַכט זיך נישט זען. און ווען עס איז אין איינעם אַ זוניקן טאָג פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן דער "דערשיטערנדיקער" באַריכט אין וועלכן עס ווערט באַשײַמפּערלעך אויפֿגעוויזן, אַז די זון שײַנט און עס איז בפֿירוש טאָג – האָט מען צוויי־דרײַ טעג שפּעטער שוין ווידער דעם טאָג נישט געזען...

די רעגירונג, וועלכע האָט דעם וויכטיקן באַריכט באַשטעלט, האָט אים באַלד באַשטעטיקט, באַשלאָסן אים אויסצופֿירן און ...גלײַך אויפֿן אָרט באַגראָבן צוזאַמען מיט די רעקאָמענדאַציעס פֿון זײַן מחבר– אַזוי ווי אַלע אַנדערע וויכטיקע באַשלוסן, וואָס ווערן באַגראָבן אין די חשובֿע אויספֿאָרש־קאָמיסיעס.

פֿאַקטיש האָט נישט די רעגירונג באַשטעלט דעם באַריכט, נאָר דער סאַמאָראָדנער פּרעמיער־מיניסטער אַריאל שרון, וועלכער איז דער צענטראַלער אָביעקט פֿון דער גאַנצער סומאַטאָכע – קעגן אים איז

פֿאַקטיש דער באַריכט געווענדט, כאָטש זײַן נאָמען און זיין פֿונקציע ווערן אין אים מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט. און אַזוי ווי פֿון אַלע זײַנע אַנדערע מיליטערישע, פּאָליטישע און פּערזענלעכע אַוואַנטורעס, צוליב וועלכע ער איז אַזוי פֿיל מאָל געקומען אין קאָנפֿליקט מיטן געזעץ און מיט די מאָראַלישע נאָרמעס – אַזוי איז ער אויך דאָס מאָל אַרויסגעקומען ציכטיק ווי אַן אומשולדיקע ווײַסע טויב. אַזוי אין דער גאַנצער לענג פֿון זײַן לאַנגיאָריקער מלוכישער קאַריערע – אַזוי ווי אין זײַן מיליטערישער נישט־געהאָרכזאַמקייט און אין די קאָמאַנדאָ־אַקציעס פֿון דער איינהייט נומער 101, אַזוי מיט דער 48־שעהדיקער אָפּעראַציע אין לבֿנון, וואָס האָט געדויערט 18 יאָר, און אַזוי ווי מיט די מסקנות פֿון דער קאַהן־קאָמיסיע וועגן סאַבראַ און שאַטילאַ, ווי מיט זיינע באָדן־מאַכינאַציעס אויף די אָקופּירטע שטחים און ווי דאָס באַפֿעלן די יונגע משיחישע פֿאַנאַטיקער צו פֿאַרכאַפּן און באַזעצן יעדעס בערגל אויף די שטחים ווען ער איז געווען דער מיניסטער פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿט, און מיניסטער פֿאַר גרונט־סטרוקטור; און אַזוי ווי אין דער אַפֿערע מיט דער דרום־אַפֿריקאַנער קערען־פֿונדאַציע, און מיטן גריכישן אינדזעלע און די באָדנס אין מושב גינתּון, און מיט זײַן פּראָוואָקאַטיוון אַרויפֿמאַרש אויפֿן באַרג פֿון "על אַקסאַ", דעם הר הבית – און אַזוי ווײַטער און ווײַטער.

קיין שום עבֿירה און קיין שום אַנגאַזשירטקייט אין געזעץ־פֿאַרלעצונגען האָט זיך צו אים נישט צוגעקלעפּט. ווי ער וואָלט געווען באַשמירט מיט "טעפֿלאָן", יענעם ווונדערלעכן שוץ־חומר פֿאַר כּלים אין דער שטוב־ווירטשאַפֿט, זיי זאָלן נישט צוגעברענט ווערן אויפֿן פֿײַער.

שרון האָט אין אַלע זײַנע פֿונקציעס זיך אַלעמאָל געהאַלטן בײַ זײַן הייליקן כּלל פֿון "בתּחבולות עשׂה לך מלחמה" – מיט דער הילף פֿון טריקן און שטיקן זאָלסטו פֿירן מלחמה...

און אַזוי, אויף דעם זעלבן אופֿן איז ער אַרויסגעקומען אומבאַרירט פֿון דעם האַרבן באַריכט, וועלכער דערוויַזט מיט דער גאַנצער קלאָרקייט, אַז די מדינה האָט אַלע יאָרן – אָדער ווייניקסטנס אין די לעצטע 35 יאָר – סיסטעמאַטיש אָפּגענאַרט אירע בירגער און זיך אַליין. עס האַנדלט זיך אין די געלטער און מיטלען, וואָס די העכסטע רעגירונגס־אינסטאַנצן, די פֿאַרשיידענע רעסאָרטן אין די מיניסטעריומס פֿון אַלע רעגירונגען האָבן געליפֿערט, און אויך די אַרמיי – אַלע האָבן זיי געהאָלפֿן די קאָלאָניסטן אויפֿצושטעלן אומלעגאַלע, אומגעזעצלעכע

קאָלאָניסטישע זידלונגען, כּדי צו בלאָקירן און צו שטרויכלען יעטוועדע מעגלעכקייט פֿון אַ טעריטאָריאַלער פּשרה מיט די פּאַלעסטינער און צו דערמעגלעכן ווען עס איז צו דערגרייכן אַ שלום מיט זיי.

און עס איז פֿאַר קיינעם קיין סוד נישט, און קיינער, אַפֿילו שרון און זײַנע חסידים, קענען דאָס נישט פֿאַרלייקענען, אַז דער פֿאָטער און רעאַליזאַטאָר, "דער בולדאָזער" פֿון דער דאָזיקער שיטה איז דער פּרעמיער אַריאל שרון, וועלכער האָט די שיטה אויסגעטראַכט און האָט קעגן איר באַשטעלט דעם באַריכט פֿון טליה ששון.

און דער באַריכט לאָזט נישט איבער קיין ספֿק, אַז דאָס איז ער טאַקע דער פֿאָטער פֿון דער שיטה. אויב שרון האָט זיך אָפּגעקערט פֿון איר אויף גאַנצע 180 גראַד און איז געוואָרן דער איניציאַטאָר און "דער בולדאָזער פֿון דער אָפּשיידונג" פֿונעם עזה־שטרײַף און דער וואָס גייט אויפֿלייזן מיט כּוח איבער צוואַנציק קאָלאָניעס – איז דאָס פֿאַרן צוועק פֿון אַ "סטראַטעגישן צוריקטריט", כּדי צו פֿאַרפֿעסטיקן די אַנדערע באַסטיאָנען פֿון אַן אויסגעברייטערטער מדינה.

דערווײַל איז ער אָבער שוין געוואָרן סטעריליזירט: פֿון די 109 אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס, וואָס זענען געוואָרן אויפֿגעשטעלט זינט דעם 1־טן מערץ 2001 און וועלכע די באַריכטלערין רעקאָמענדירט אויפֿצולייזן, האָט די רעגירונג געפֿונען אַ זכות פֿאַר 85, און דעם גורל פֿון די איבערגעבליבענע 24 איבערגעגעבן צו באַטראַכטן דער געשאַפֿענער קאָמיסיע פֿון די פֿינף מיניסטאָרן, און בכלל אָפּצולייגן די אַנטשיידונג וועגן זיי אויף נאָך דער "אָפּשיידונג", ד"ה אויפֿן סוף פֿון דעם יאָר... אויף דעם נישט באַשטימטן "שפּעטער".

אין דער אמתן איז דאָס נישט דער ערשטער באַריכט, וועלכן די רעגירונג האָט באַשטעלט און אים באַגראָבן אין דעם תּהום פֿון פֿאַרגעסנהייט, און ער איז אויך נישט דער לעצטער באַריכט, מיט וועלכן די רעגירונג וועט זיך נישט רעכענען. אַן ענלעכער אָפֿיציעלער דאָקומענט, אין וועלכן עס ווערט באַריכטעט וועגן 109 בפֿירוש אומגעזעצלעכע "פֿאָרפּאָסטנס" ("מאחזים" – אָנהאַלט־פּונקטן), איז פֿאַר־עפֿנטלעכט געוואָרן אין פֿעברואַר 2003, ווען דער זיכערהייטס־מיניסטער איז געווען בנימין בן־אליעזר ("פֿואַד") פֿון "עבֿודה". זינט דאַן זענען אַ סך פֿון די אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס אומגעזעצלעך געכּשרט געוואָרן און האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין כּשרע זידלונגען און אויף זייער אָרט זענען אויפֿגעקומען נײַע "פֿאָרפּאָסטנס"– און זייער צאָל

איז ווײַטער געבליבן די זעלבע, נאָר די צאָל פֿון זייערע באַוווינערס האָט זיך אָן אויפֿהער פֿאַרמערט. און די פֿאַרמערונג גייט ווײַטער אָן אויך איצט, שוין נאָכן פֿאַרעפֿנטלעכן דעם באַריכט, און דורך די זעלבע מאַכט־אָרגאַנען. זיי טענהן, אַז זיי האָבן נישט באַקומען קיין פֿאַראָרדע־נונג אָפּצושטעלן די צאָלונגען און די באַדינונגען פֿאַר די קאָלאָניסטן. הונדערטער רעכטע אַקטיוויסטן שטראָמען אומגעשטערט אַהין און באַזעצן זיך אין די קאָלאָניעס, וואָס זענען באַשטימט אויפֿגעלייזט צו ווערן, כּדי צו העלפֿן זיי אין זייער ווידערשטאַנד. זיי טוישן זייערע אַדרעסן, כּדי צו ווערן אַדורכגעלאָזט דורך די מיליטערישע וואַך־פּאָסטנס.

און אויב מיר האָבן בײַם אָנהייב געזאָגט, אַז דאָס וועט אויך נישט זײַן דער לעצטער באַריכט, איז דאָס דערפֿאַר, ווײַל אויפֿן שטח אַרבעט איצט אַן אַנדערער אָפּיציעלער פֿונקציאָנער, ברוך שפּיגעל, וועלכער איז געוואָרן באַפֿולמעכטיקט צו פֿאָרשן דעם סטאַטוס און די געזעצלעכקייט פֿון די באַזונדערע זידלונגען, כּדי צו באַריכטן דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע.

אָבער די קאָלאָניזאַטאָרישע באַוועגונג האָט גענאָסן, און גענאָסט ווײַטער פֿון דער פֿולער, הגם פֿאַרשטעלטער, צוזאַמענאַרבעט מצד דער אַרמיי, וועלכע היט זיי און לאָזט נישט צו קיין אומגעוווּנטשענע באַזוכער.

די שיטה פֿון בויען די זידלונגען איז באַשטאַנען אין "אײַנפֿעדעמען" דעם שטח בײַם אָנהייב מיט איין הילצערנעם באַראַק, אַ וואַסער־טורעם אָדער אַ טעלעוויזיע־אַנטענע און דערנאָך זיי באַלעבן מיט די פֿאַרלאַנגטע באַדינונגען. איינער פֿון די דאָזיקע פֿאָרפּאָסטנס האָט זיך אָנגעהויבן פֿון אַוועקשטעלן אַן אַנטענע און אַרומצוימען זי מיט אַ פּלויט. אויפֿן אָרט איז געבראַכט געוואָרן אַ שומר און פֿאַר אים איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ "קאַראַוואַן" (פֿון די הונדערטער קאַראַוואַנען וואָס עס האָט צוגעשטעלט די באַזידלונגס־אָפּטיילונג פֿון דער "סוכנות" בײַ דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע). דער שומר האָט פֿאַר־לאַנגט אַ מנין צום דאַווענען – און אַזוי איז דער פֿאָרפּאָסטן געוואָרן אַרומגעוואַקסטן מיט "קאַראַוואַנען" און געוואָרן אַ יישובֿ אויפֿן שטח. און אָפּטמאָל נאָך איידער עס זענען געבראַכט געוואָרן אַהין די ערשטע קאַראַוואַנען, איז איבער נאַכט דאָרט געוואָרן אויסגע־פּלאַסטערט אַ צוגאַנג־שאָסיי, און דערנאָך אַן אומגאַנג־שאָסיי – אַ מין

״בײַפּאַס־שאָסיי״ – און עס איז געוואָרן אַ יישובֿ, אַזוי ווי אין די מאַנדאַטאָרישע צײַטן.

די מערסטע הויכע באַאַמטע אין די מיניסטעריומס און מלוכישע אַמטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ליפֿערן דער אָפֿיציעלער פֿאָרשערין די פּאַרלאַנגטע פּרטים און דאָקומענטן פֿאַר איר באַריכט, כאָטש זי האָט געהאַט דעם מאַנדאַט פֿון דער פּרעמיער־קאַנצעלאַריע. די זעלבע אויספֿינדונגען און ציפֿערן, וואָס זי האָט דאָך אַרויסבאַקומען פֿאַר איר אויספֿירלעכן (און דאָך נאָך נישט זייער פֿולן) באַריכט, האָבן די גאַנצע צײַט פֿאַרעפֿנטלעכט אויך די נאָכפֿאָרשער פֿון ״שלום עכשיו״ און פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר מענטשן־רעכט; דאָס לאַנד האָט דאָס אַלץ געוווּסט – אָבער די אָנפֿירערס פֿון די קאָלאָניסטן האָבן געלייקנט און פֿאַרדאַמט די פֿאָרשערס ווי שפּלדיקע מוסרים און פּראָוואָקאַטאָרן.

אָבער די העכסטע מאָס פֿון אומפֿאַרשעמטער צינישקייט איז געקומען צום אויסדרוק אין דער שקרדיקער ״אינפֿאָרמאַציע״, וואָס דער אויסערן־מיניסטער פֿון ישׂראל, ה׳ סילוואַן שלום, האָט יענעם טאָג, דעם 8־טן מערץ 2005 בעת זײַן באַזוך אין וואַשינגטאָן איבערגעגעבן דער סטייט־סעקרעטאַרין קאָנדאָליזאַ רײַס, אַז די ישׂראל־אַרמיי האָט לעצטנס אויפֿגעלייזט 90 אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס. דעם זעלבן טאָג איז אין ירושלים דערלאַנגט געוואָרן שרונען דער אָפֿיציעלער באַריכט פֿון אַדוו׳ טַליה ששׂון.

דער היסטאָרישער תּיקון טעות, וועלכן שרון האָט זיך אונטער־גענומען אַדורכצופֿירן, כּדי צו פֿאַרריכטן, כאָטש מיט אַזאַ גרויסער פֿאַרשפּעטיקונג, די פֿאַטאַלע פֿעלערן פֿון ישׂראלס קריגערישער פּאָליטיק, כּדי זי אָבער פֿאָרצוזעצן אויף אַנדערע פֿראָנטן – האָט מצליח געווען צו ברענגען אין לאַנד די גרעסטע קאָנצענטראַציע פֿון הויכגעשטעלטע מלוכישע דעלעגאַציעס, פֿון 40 לענדער, צו דער דערעפֿענונג פֿון דעם נײַעם גרויסן חורבן־מוזיי פֿון ״יד ושם״ אין ירושלים. ער האָט דערמיט אויף עטלעכע טעג געמאַכט פֿאַרגעסן דעם פּאַרלאַמענטאַרישן געראַנגל, וועלכער שטעלט נאָך אַלץ אונטער אַ גרויסן ספֿק דעם גורל פֿון דער אָנגעזאָגטער אָפּשיידונג.

דער שלום וועט אָבער דאַרפֿן וואַרטן אויף אַ נײַעם משיח...

*אונדזער צײַט*, **16־טער מערץ 2005**

## דער צענפֿאַכער ישׂראבלאָף

דאָס וואָרט "ישׂראבלאָף" האָט צוגעטראַכט – נישט דער מחבר פֿון די דאָזיקע שורות, נאָר די כּנסת־דעפּוטאַטין דליה איציק פֿון "קדימה", די איצטיקע פֿאָרזיצערין פֿון דער כּנסת. זי האָט זיך באַנוצט מיטן אויסדרוק *"דער גרויסער ספּעקטאַקל פֿון "ישׂראבלאָף""* אין אירס אַ רעדע אין דער כּנסת מיט איבער דרײַ יאָר צוריק, אין מערץ 2005 – דעמאָלט איז זי נאָך געווען אַ פֿאָרשטייערין פֿון "עבֿודה" – אין שײַכות מיט דעם באַריכט פֿון אַדוו׳ טליה ששׂון וועגן די אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס פֿון די "מתנחלים", די קאָלאָניסטן, אויף די אָקופּירטע שטחים. דעם באַריכט האָט באַשטעלט בײַ איר דער דעמאָלטיקער פּרעמיער אַריאל שרון.

דעם 8־טן מערץ 2005 האָט דער דעמאָלטיקער אויסערן־מיניסטער סילוואַן שלום (פֿון "ליכּוד") בעת זײַן באַזוך אין וואַשינגטאָן מיטגעטיילט דער סטייט־סעקרעטאַרין קאָנדאָליזאַ רײַס, אַז די ישׂראל־אַרמיי האָט "לעצטנס" אויפֿגעלייזט 90 אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס אויף די שטחים.

די כּנסת־דעפּוטאַטין דליה איציק האָט דעמאָלט דערויף רעאַגירט מיט דער באַצייכענונג "דער גרויסער ספּעקטאַקל פֿון "ישׂראבלאָף"" – ווײַל גראָד דעם זעלבן טאָג האָט אַדוו׳ טליה ששׂון דערלאַנגט דעם פּרעמיער שרון אין ירושלים דעם באַריכט לויט וועלכן די קאָלאָניסטן, די "מתנחלים", האָבן זינט אָקטאָבער 2000 אויפֿגעשטעלט 109 אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס – און די רעגירונג האָט קיין איינעם פֿון זיי אין די פֿינף יאָר נישט אויפֿגעלייזט.

ווי אַזוי זאָל זי, אויב אַזוי, איצט באַצייכענען דעם נײַעם, צענפֿאַכיק גרעסערן בלאָף פֿון דעם זיכערהייטס־מיניסטער, דעם מנהיג פֿון "עבֿודה" אהוד ברק, וועלכער האָט זיך לעצטנס מתחייבֿ געווען פֿאַר דער זעלבער סטייט־סעקרעטאַרין קאָנדאָליזאַ רײַס אויפֿצולייזן 50 אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס?

אין די ראַמען פֿון אָט דעם צוזאָג האָט דער וואָרטזאָגער פֿון צה״ל מיטגעטיילט דעם 5־טן אַפּריל 2008, אַז 10 פֿון אָט די 50 זענען שוין געוואָרן אָפּגערוימט.

דאָס מאָל איז עס געווען אמת: עס ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז נישט צען, נאָר עלף – אָבער די אַלע עלף זענען נישט מער ווי איינער, און דאָס אויך נאָר אויף עטלעכע שעה: דאָס איז דער פֿאָרפּאָסטן שבֿות עמי, וואָס איז געוואָרן אָפּגערוימט צען מאָל און די קאָלאָניסטן האָבן יעדעס מאָל זיך צוריקגעקערט אויפֿן זעלבן אָרט.

דעם עלפֿטן מאָל – דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, דעם 5־טן אַפּריל 2008, האָבן די זעלנער פֿון דער ״גרענעץ־וואַך״, ווי אויך די באַגלייטנדיקע פּאָליציאַנטן, אַפֿילו זיך נישט מטריח געווען אַרויסצוגיין פֿון זייערע דזשיפּן בשעת דער פֿיקטיווער ״עוואַקואַציע״.

די פֿאָרזיצערין פֿון דער כּנסת, דליה איציק פֿון ״קדימה״ האָט אָבער דאָס מאָל נישט רעאַגירט אויף דעם ״ישׂראבלאָף״, וואָס איז צען מאָל גרעסער ווי יענער פֿון דעמאָלט, פֿון דער דעפּוטאַטין דליה איציק פֿון ״עבֿודה״. אויך די ״עבֿודה״ האָט נישט רעאַגירט: דער בלאָף איז דאָך אירער!

איצט רעדט מען שוין וועגן אַן אַנדערן ״פֿאָרפּאָסטן״, שׂא־נור אין צפֿון־שומרון, וועלכער איז געוואָרן ״עוואַקואירט״ שוין נישט צען, נאָר 32 מאָל.

די ״אידעאָלאָגישע״ עטיק גייט פֿאָרויס מיט דער צײַט.

*לעבנס־פֿראַגן*, **מײַ־יוני** 2008

## *פֿון טאַבאַ ביז שאַבאַ*
## אָדער: נאָך אַזוי פֿיל נצחונות...

דאָס זענען צוויי געאָגראַפֿישע באַגריפֿן ווי צוויי זײַטן פֿון דער זעלבער פּאָליטישער מטבע: צוויי קליינע פּינטעלעך וואָס מ׳קען אויף דער מאַפּע נישט געפֿינען, און וואָס זענען אויסגעוואַקסן צו גרויסער פּאָליטישער חשיבֿות אין זכות פֿון די מלחמות אין מיטעלן מזרח. זיי געפֿינען זיך אויף די צוויי ווײַטסטע עקן פֿון דער ישׂראלדיקער מאַפּע – איינער אויפֿן סאַמע ווײַטסטן דרום, דער אַנדערער אויף איר סאַמע ווײַטסטן צפֿון.

אין אַפּריל 1982, ווען ישׂראל האָט עוואַקואירט פֿון סיני אירע זידלונגען מיטן רעאַליזירן דעם שלום־אָפּמאַך מיט עגיפּטן, האָט דער פּרעמיער־מיניסטער מנחם בעגין באַשלאָסן איבערצולאָזן אויפֿן שטח פֿון ישׂראל דעם האָטעל, וועלכן דער ישׂראלדיקער אינוועסטאָר פּאַפּושאַדאָ האָט אויסגעבויט אויף דער גרענעץ פֿון עגיפּטן, אויף דרום פֿון אילת.

נאָכן אַרויסציִען זיך פֿון סיני איז דער קליינטשיקער שטח פֿון טאַבאַ געבליבן אַן אָביעקט פֿאַר מחלוקתן מיט עגיפּטן, ווי אַ צאָן אויף צאָן־ווייטיק נאָכן אַרויסרײַסן אַלע אַנדערע ציינער. דער אינטערנאַציאָנאַלער טריבונאַל אין האַג האָט לסוף געפּסקנט לטובֿת עגיפּטן – און ישׂראל האָט פֿאַרשפּילט איר פּאָליטישע ענערגיע צוזאַמען מיט אירע אינוועסטירטע געלטער.

מיט זעקס יאָר צוריק, ווען דער פּרעמיער אהוד ברק האָט באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן לבֿנון, איז מיט דער צושטימונג פֿון דער יו־ען פֿאַרבליבן אונטער דער הערשאַפֿט פֿון ישׂראל – ווי אַ צאָן אויף צאָן־ווייטיקן – די לאַנד־ווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרם אין דעם גרענעץ־פּונקט שאַבאַ. דאָס מאָל האָט ישׂראל זיך אין איר נישט געגייטיקט, אָבער היות ווי דער פּונקט האָט געהערט צו סיריע, האָט זי אים נישט "געקענט" צוריקקערן – ווײַל דאָס וואָלט געהייסן, אַז ישׂראל קערט

צוריק אַ טייל פֿון דעם גולן... פֿאַרן כיזבאַללאַ איז דאָס אָבער געוואָרן אַ גוטער תּירוץ – אַ סיבה צו קעמפֿן קעגן דער ישׂראַלדיקער אָקופּאַציע פֿון אַראַבישן שטח.

איצט איז די מחלוקת צווישן לבֿנון און סיריע – געוואָרן אַ מחלוקת צווישן ישׂראל, לבֿנון און כיזבאַללאַ.

דער שטרײַט איבער שאַבאַ איז אָבער מער אַן ענין פֿון פּרעסטיזש, פֿון נאַציאָנאַלער גאווה און פֿון פּאַטריאָטיזם, וועלכער נייטיקט זיך אין אַ נצחון.

נאָך אַזוי פֿיל נצחונות האָבן מיר אָבער שוין פֿון לאַנג דאָ געדאַרפֿט לעבן אין שלום.

*לעבנס־פֿראַגן,* **יולי־אויגוסט 2006**



# די נאַכט פֿון פּאָליטישע זיווגים

זעט אויס, אַז פֿון אייביק אָן, נאָך פֿון די צײַטן פֿון בראשית, זינט דער באַשעפֿער אין הימל האָט באַפֿוילן ״ויהי אור״ – איז די פֿינצטערע נאַכט באַשטימט געוואָרן נישט נאָר פֿאַר פּערזענלעכע, נאָר אויך פֿאַר פּאָליטישע זיווגים. אַזוי פֿירט זיך די וועלט פֿון קדמונים אָן.

והראיה, דער שידוך פֿון ״ליכּוד״ מיט ״שינוי״ און מַפְדַ״ל איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן מאָנטיק 6 אַזייגער פֿאַרטאָג, נאָך אַ גאַנצער נאַכט פֿון הייסע אינטימע פֿאַרהאַנדלונגען, וואָס האָבן צום סוף געבוירן די נײַע, ביז גאָר אָריגינעלע קאָאַליציע אין ישׂראל. כאָטש לא בדרך הטבֿע, נישט אויף דעם נאַטירלעכן וועג, ווײַל דאָס איז אַ זיווג פֿון דרײַ, און נאָך מיט אַן אָפּציע אויף אַ פֿערטן שותּף – מיט הענט און מיט פֿיס, גרייט זיך אײַנצושאַנען און שלעפּן צוזאַמען דעם וואָגן פֿון דער מדינה.

פּאָליטישע שידוכים זענען קיינמאָל נישט געווען קיין שידוכים פֿון ליבע. פּאָליטיק ווערט דאָך פֿון תּמיד אָן באַצייכנט ווי ״די קונסט פֿון דעם מעגלעכן״, און פֿרײַנדשאַפֿט אין דער פּאָליטיק איז פֿון תּמיד אָן אַ ״דיל״, אַ געשעפֿט, אַ טראַנזאַקציע – אַן ענין פֿון אינטערעסן. אין קעגנזאַץ צו אַ שידוך צווישן אים און איר, כּדי צו ווערן מאַן און ווײַב – איז אַ פּאָליטישער שידוך נישט געבויט אויף קיין ראָמאַנטיק און אויף קיין ״אייביקער טרײַשאַפֿט״, און איז אַוודאי נישט קיין קאַטוילישע חתונה, וואָס פֿאַרפֿליכטעט אויפֿן גאַנצן לעבן.

פֿון אָט דעם אויסבליק איז דער אָפּגעשלאָסענער קאָאַליציע־אָפּמאַך פֿון ליכּוד מיט שינוי און מפד״ל, מיט דער אָפּציע פֿאַרן ״איחוד לאומי״ פֿון אַבֿיגדור ליבערמאַן, נישט קיין יוצא דופֿן אין ישׂראל. דאָך האָט עס אַרויסגערופֿן אַ היפּשע שטוינונג. דער אָפּמאַך צווישן די דרײַ פּאַרטייען האָט אויף אַ צינישן אופֿן באַשטעטיקט דעם פֿאַקט, אַז מאַכט קאָרומפּירט, אָבער מאַכט־גײַציקייט איז שטאַרקער פֿון אַלע אַנדערע לאָקונגען, שטאַרקער פֿון אַלע צוימען און מיכשולים, פֿון אַלע עטישע העמונגען אויפֿן וועג צו דער מאַכט.

עס האָט אויסגעזען, ווי די צדדים וואָלטן זיך ערשט נאָרוואָס באַקענט, צום ערשטן מאָל זיך געטראָפֿן – און אין דער זעלבער נאַכט געשטעלט די חופּה און חתונה געהאַט. איך מיין דאָ דעם שינוי מיטן מַפּד״ל. אמת, זיי האָבן זיך שוין געקענט נאָך פֿון פֿריִער, און זיך טאַקע לײַטיש פֿײַנט געהאַט, אַפֿילו זיך פֿאַרמאָסטן צו גיין אין אַ מלחמה – און דאָ פּלוצעם זיך מיטאַמאָל פֿאַרליבט און גלײַך געוואָרן אַ געזעצלעכער זיווג.

איך בין, חלילה, נישט אײַפֿערזיכטיק, נישט מקנא קיינעם פֿון דעם פֿאַרליבטן פּאָרפֿאָלק, און איך ווינטש זיי אַוודאי נישט קיין מלחמה. אָבער זייער זיווג, אין נאָמען פֿון דער הייליקער אַחדות, האָט אַרויסגערופֿן נײַע יִדישע מלחמות צווישן אַנדערע אײַפֿערזיכטיקע אַדאָראַטאָרן. און, וואָס שייך דעם פּאָרפֿאָלק גופֿא, האָט איינער געגעבן דעם אַנדערן אַ הכשר, בעת דער אַנדערער האָט דעם צווייטן פֿאַרקויפֿט נישט כּשרע סחורה...

דער שינוי, וואָס איז אויפֿגעקומען ווי אַ פּאַרטיי פֿון דעם ישׂראלדיקן מיטלשטאַנד, האָט אויפֿגעשריבן אויף זײַן פֿאָן דעם דעוויז פֿון קאַמף קעגן רעליגיעזן צוואַנג און קעגן דעם רעליגיעזן כאַראַקטער פֿון דער מדינה. זײַן גרויסער דערפֿאָלג אין די וואַלן האָט געזאָלט זײַן אַן אָנזאָג פֿון אַן ענדערונג אין די נאָרמעס און פֿירונגען אין דער מדינה און אין אירע הערשנדיקע אינסטאַנצן. אין די וואַלן האָט דער שינוי צוגעצויגן אַ סך שטימען פֿון ״עבֿודה״ און פֿון מֶרֶ״צ אין זכות פֿון זײַנע צוזאָגן צו באַפֿרײַען די מדינה פֿון דער העגעמאָניע פֿון די פֿרומע.

די פֿינף מיניסטער־פּאָרטפֿעלן וואָס שרון האָט זיי צוגעזאָגט, האָבן געלאָקט און באַצויבערט די אָנפֿירערס פֿון שינוי מער ווי זייערע סעקולערע פּרינציפּן, און דעם ערשטן אײַליקן אָפּמאַך האָבן זיי אָפּגעשלאָסן מיטן מפּד״ל, וואָס בראָש פֿון אים שטייט איצט דער משיחיש פֿרומער גענעראַל אֶפֿי איתם.

אין דעם קאָאַליציע־הסכּם האָט דער שינוי מוותּר געווען אויף דער מערהייט פֿון זײַנע אַנטי־קלעריקאַלע פּרינציפּן, פֿאַרטווישנדיק זייער רעאַליזירונג אויף... קאָמיסיעס, וואָס וועלן זיי באַטראַכטן. דאָס מבֿטל מאַכן דעם געזעץ וועגן מיליטער־דינסט פֿון פֿרומע, וועט נישט ברענגען צום אײַנוואָרבירן ישיבֿה־בחורים אין דער אַרמיי.

דער מפּד״ל האָט אויך געמוזט אַראָפּשלינגען די קאָאַליציע־פּלאַט־פֿאָרם פֿון ליכּוד, וואָס איז באַזירט אויפֿן הסכּם פֿון דער פֿריִערדיקער קאָאַליציע (מיט ״עבֿודה״). די פּלאַטפֿאָרם איז גילטיק פֿאַר דער איצטיקער רעגירונג – אָן ״עבֿודה״, פּלוס די ״וועגן־מאַפּע״ פֿון פּרעז׳ בוש, אין וועלכער עס רעדט זיך וועגן אַ פּאַלעסטינער מדינה – אַ זאַך, וואָס איז

פֿאַר דעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן מפֿד״ל ממש טאָטאַל טרייף־פּסול. פֿאַרזיכערט זיך דעריבער דער מפֿד״ל מיט אַ באַגלייט־פּאָליסע, אַז ער וועט זיך קעגנשטעלן אַ פּאַלעסטינער מדינה.

עס זעט אָבער אויס, אַז דער מפֿד״ל פֿאַרלאָזט זיך אויף דער דערפֿאַרונג, אין וועלכער שרון האָט זיך קיינמאָל נישט געדעבנט מיט קיין פֿאַרפֿליכטונגען פֿון דער קאָאַליציע־פּלאַטפֿאָרם. אין זײַן עקשנות־דיקער קאַמפּאַניע פֿאַר אַ רעגירונג פֿון נאַציאָנאַלער אייניקייט האָט שרון מצליח געווען כּמעט צו ליקווידירן די אָפּאָזיציע, צו נייטראַליזירן זײַנע קעגנער, אונטערצוואַרפֿן זיי אונטער זײַן אויטאָריטעט און אַרויסצוזופּן קריגערײַען נישט נאָר צווישן זײַנע פּאָליטישע קעגנער, נאָר אַפֿילו אויך אין זײַן אייגענער פּאַרטיי, אין ״ליכּוד״.

שווער געטראָפֿן פֿילט זיך דער לאַגער פֿון די פֿרומע – סײַ דער ספֿרדישער ש״ס און סײַ דער אַשכּנזישער ״דגל התּורה״. זיי האָבן דערוואַרט, אַז שרון וועט זיי ווי געהעריק באַלוינען פֿאַר זייער טרײַשאַפֿט צו אים, און זיי באַהאַלטן נישט אויס זייער כּעס. דעם מפֿד״ל באַשולדיקן זיי אין פֿאַרראַט קעגן דער תּורה, און דער גײַסטיקער פֿירער פֿון ש״ס, הרבֿ עובֿדיה יוסף, וועלכער איז באַקאַנט מיט זײַן ״פֿערלדיקן לשון״, האָט שוין די וואָך געקרוינט שרונען ווי דעם ״מלך פֿון די מיסטקאַסטנס״...

און אַ צערודערונג, געמישט מיט כּעס, הערשט אויך אין שרונס אייגענער פּאַרטיי, אין ״ליכּוד״, ווּ די פֿירנדיקע עסקנים פֿילן זיך באַרויבט פֿון זייערע האָפֿענונגען אויף די מיניסטעריאַלע פּאָרטפֿעלן און אַנדערע הויכראַנגיקע ״דזשאַבן״, וואָס שרון האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשאָנקען דעם ״שינוי״ און די אַנדערע פּאַרטנערן אין דער קאָאַליציע.

די כּנסת האָט אָבער שוין אָנגעהויבן אַרבעטן און די נײַע רעגירונג שטייט פֿאַר אַ שווערן פּאַרמעסט מיט דער נאָך שווערערער ווירקלעכ־קייט. אין דעם זעלבן טאָג, ווען דער ״באַמאַס״ און דער פּאַלעסטינער דזשיהאַד האָבן פֿונעם עזה־פּאַס באַשאָסן מיט על־קאַסעם־ראַקעטעס דאָס שכנותדיקע שטעטל שדרות – איז דאָ געבוירן געוואָרן די ערשטע ביטערע פֿרוכט פֿון דעם נאַכטיקן זיווג: אין דעם שטעטל איז דעם טאָג געשלאָסן געוואָרן די פֿאַבריק וואָס האָט פּראָדוצירט די אויפֿרײַס־מעכאַניזמען פֿאַר ראַקעטעס פֿון צה״ל, און די פֿערציק אַרבעטער פֿון דער פֿאַבריק זענען געוואָרן געקינדיקט...

## *אַנאַפּאָליס – די נײַע אוטאָפּיע?*

עס איז שוין נישט דאָס ערשטע מאָל – און מסתּמא נישט דאָס לעצטע – ווי דער שלום זעט אויס צו שטיין פֿאַר דער טיר – און די טיר האָט זיך פֿאַר אים נישט געעפֿנט. מיטן דערנענטערן זיך צו דעם 60־סטן געבוירנטאָג פֿון דער מדינה און 30 יאָר נאָך דער אייפֿאָריע פֿון יענעם ערשטן שלום־אַקט, דעם היסטאָרישן "שלום־דעסאַנט" פֿון פּרעזידענט סאַדאַט אין ירושלים, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך דעם ערשטן שלום־טראַקטאַט אין מיטעלן מזרח – איז דער גרויסער חלום געוואָרן אָפּגעטעמפּט, דער שלום האָט פֿאַרלוירן זײַן צויבער.

נאָך די לעצטע זיבן פֿאַרטאַבליעוועטע יאָרן פֿון רוצחישן טעראָר פֿון איין זײַט און קאָלעקטיווע באַשטראָפֿונגען פֿון דער אַנדערער, און פֿון מלוכישן אַוואַנטוריזם, אַחריותלאָזיקייט און פּאָליטישער בטלנות – זענען די תּושבֿים פֿון דעם ראַיאָן באַהערשט געוואָרן פֿון ייִאוש און אַפּאַטיע, פֿון אומצוטרוי צו די מנהיגים. האָט שוין דעריבער דער איצטיקער גראַנדיעזער אַמעריקאַנער שלום־ספּעקטאַקל אין אַנאַפּאָליס קיין גרויסן רושם אויף קיינעם נישט געמאַכט – הגם גראָד דאָס מאָל האָבן די טירן און טויערן צו דעם שלום־פּאַרמעסט זיך גאַנץ ברייט צעעפֿנט פֿון אַלע זײַטן.

דאָס איז געווען אַן אַמעריקאַנער ספּעקטאַקל, אַ שלום־פֿעסטיוואַל, וואָס האָט אָן ספֿק געדינט דעם אינטערעס פֿון דער אַמעריקאַנער גרויסמאַכט און האָט פֿאַרשטאַרקט דעם פּרעסטיזש און די פּאָזיציע פֿון פּרעז' בוש אין לעצטן יאָר פֿון זײַן הערשאַפֿט און אין אָנבליק פֿון זײַן דורכגעפֿאַלענער איראַקישער אַוואַנטורע. עס איז אָבער אין דער זעלבער צײַט נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט געווען אַזאַ גינסטיקע אַטמאָספֿער און אַזעלכע באַקוועמע באַדינגונגען פֿאַר באַנײַען דעם שלום־פּראָצעס, וואָס זאָל סוף־כּל־סוף דערמעגלעכן מדינת־ישׂראל אַ זיכערן קיום און אַ פֿרידלעכע קאָעקזיסטענץ אין דעם איסלאַמיש־אַראַבישן ראַיאָן און, דער עיקר – אַ פֿרידלעכע

שכנהשאַפֿט מיט די פּאַלעסטינער, וועלכע שטרעבן צו אַן אומאָפּהענגיקער מדינה – און דאָס גראָד אין דעם "זכות" פֿון דער אַטאָמישער געפֿאַר מצד איראַן, וועלכע האָט געשטויסן די מאַסיווע מערהייט פֿון די אַראַבישע און די איסלאַמישע לענדער זיך אָנצו־שפּאַרן און צו זוכן שוץ בײַ אַמעריקע. דאָס האָט דערמעגלעכט דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט צוזאַמענצוברענגען די אויסערן־מיניסטאָרן פֿון 44 לענדער, צווישן זיי 15 אַראַבישע, בראָש מיט סאַודיע, און צו זיי איז אויך צוגעשטאַנען אַפֿילו סיריע, וועלכע וויל זיך אפֿשר באַפֿרײַען פֿון דער איראַנישער אַפּוטרופּסות. דאָס אַליין איז שוין אַ וויכטיקע פּאָליטישע ווענדונג.

דער דאָזיקער גרויסער שלום־ספּעקטאַקל, וועלכער דאַרף דינען ווי אַן אָנהייב פֿאַר באַנײַען, נאָך 7 יאָר, דעם שלום־פּראָצעס, אַנטהאַלט אָבער אין זיך אויך גרויסע געפֿאַרן אין פֿאַל פֿון אַ דורכפֿאַל, וואָס איז עלול צו פֿירן צו אַ נײַער אינטיפֿאַדע, אָדער אַפֿילו חלילה אַ מלחמה.

ווען עס זעט אויס, אַז דער שלום־צוג האָט זיך שוין אַזוי דערנענטערט צו זײַן ציל, בלײַבט אָבער דער באַריער עקשנותדיק פֿאַרשלאָסן און וויל נישט דעם שלום־צוג אַרײַנלאָזן אַהין... ווען עס קומט צו די סאַמע גרונטיקסטע פּונקטן פֿון דער מחלוקת צווישן ישׂראל און די פּאַלעסטינער, איז דער תהום צווישן זיי אַזוי טיף, אַז ווער ווייס צי זייערע מנהיגים וועלן קענען איבער אים אַריבערטרעטן. סײַ די פּאַלעסטינער און סײַ די ישׂראלים זענען באַדראָט פֿון אַ העפֿטיקן ווידערשטאַנד – יענע פֿון כאַמאַס, און די פֿון דעם רעכטן לאַגער קעגן אַ פּשרה, וואָס אָן אים איז קיין שלום נישט מעגלעך. האָט דאָך דער פּרעמיער־מיניסטער אהוד אָלמערט געזאָגט, אַז עס האָבן זיך שוין אויסגעלאָזט אַלע תּירוצים.

*לעבנס־פֿראַגן,* **נאָוועמבער־דעצעמבער 2007**

## אויפֿן וועג צום גיהנום – מיט "גוטע כּוונות"

דאָס אַלט־באַקאַנטע ווערטל, אַז דער וועג צום גיהנום איז אויסגע־פֿלאַסטערט מיט גוטע כּוונות – איז צוויי מאָל געקומען צום בולטן אויסדרוק – סײַ אין דעם באַריכט פֿון דער ווינאָגראַד־קאָמיסיע, און סײַ אין דעם סקאַנדאַל, וואָס איז אויסגעבראָכן קורץ נאָך זײַן פֿאַרעפֿנטלעכונג, אין שײַכות מיט די רייד פֿון פּראָפֿ׳ יחזקאל דרור (לייען: דראָר) – איינער פֿון די פֿינף מיטגלידער פֿון דער קאָמיסיע.

אין דעם באַריכט, וועלכער איבט אויס אַ צעשמעטערנדיקע קריטיק אויף דער אָנפֿירונג און אויפֿפֿירונגען פֿון דער אַרמיי, ווי אויך אויף דער רעגירונג פֿון אהוד אָלמערט אין דער צײַט פֿון דער צווייטער לבֿנונישער מלחמה – האָט אָבער אָלמערטן גלײַכצײַטיק אויך רייַנגעוואַשן פֿון דער באַשולדיקונג פֿון שלעכטוויליקייט. זײַן כּוונה איז, הייסט עס, געווען אַ גוטע.

אַ וואָך נאָך דעם באַריכט האָט פּראָפֿ׳ יחזקאל דרור געגעבן אַן אינטערוויו דעם "מעריבֿ", וועלכער האָט אים פֿאַלש ציטירט אין דער צײַטונג. די אָפּאָזיציע האָט עס אָבער אויסגענוצט כּדי צו אַטאַקירן אַלע דרײַ: דעם פּרעמיער־מיניסטער, דעם פּראָפֿעסאָר און די קאָמיסיע.

דער ענטפֿער אויף דעם געעפֿנטן סקאַנדאַל מצד דער אָפּאָזיציע, איז געווען: די רייד פֿון פּראָפֿ׳ דרור האָבן טאַקע געבראַנגט שאָדן, אָבער זײַן כּוונה איז געווען אַ גוטע...

*לעבנס־פֿראַגן*, **יאַנואַר־פֿעברואַר 2008**

*"די צוויי גרויסע אַנטפּלעקונגען אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק זײַנען געווען: אויפֿן באַרג סיני אין דער אָנוועזנהייט פֿון גאָט, און אין אוישוויץ – אין גאָטס אָפּוועזנהייט"*

פּראָפֿ' דוד לבֿני אין אַן אינטערוויו
פֿאַרן צוטיילן אים דעם פּרס ישׂראל 2008
פֿאַר תּלמוד־פֿאָרשונג

# דער מענטש הינטער דער מאַסקע

עס איז נישטאָ אויף דער וועלט נאָך אַ באַשאַפֿונג, וואָס זאָל אַזוי שטאַרק ליב האָבן זיך אַליין, ווי דאָס איז דער מענטש; און עס איז אויך נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ באַשעפֿעניש, וואָס זאָל אַזוי פֿיל טאָן פֿאַר זײַן זעלבסט־פֿאַרניכטונג, ווי דער מענטש אַליין.

אין זײַן גאַנצער געשיכטע האַלט דער מענטש אין איין טראַכטן און אויסטראַכטן מיטלען וויאַזוי זיך צו פֿאַרבעסערן דאָס לעבן און וויאַזוי זיך בעסער אויסצוהרגענען. און דאָס רופֿט מען: ״די קולטור־געשיכטע פֿון דער מענטשהייט״ – די ציוויליזאַציע.

דער דאָזיקער דואַליזם פֿון די צוויי קעגנזאַצן – פֿון בויען און צעשטערן – באַגלייט דעם מענטש אין זײַן גאַנצער געשיכטע, זינט די צײַטן פֿון אָדם הראשון און פֿון קין און הבֿל. אָבער אין דער זעלבער צײַט באַגלייט אויך דעם מענטש די אייביקע נײַגעריקייט, דאָס רעטעניש וועגן דעם מהות און תּכלית פֿון זײַן קיום, פֿון זײַן אויפֿפֿירונג.

דער נײַגער, די שטרעבונג צו דערקענען די וועלט האָט שוין געשאָנקען דעם מענטש פֿליגלען זיך אויפֿצוהייבן און צו דעראָבערן דעם וועלטאַל, און די כּלים זיך צו דערגרונטעווען צו די טיפֿע אָפּגרונטן פֿון ימען און אָקעאַנען. אָבער – וויפֿל דער מענטש זאָל נישט האָבן געפֿאָרשט זײַן אייגענעם איך, האָט ער זיך אַליין נאָך אַלץ נישט דערקענט.

עס איז נישט קיין צופֿעליקייט, וואָס אַ סך פֿון די קינסטלער ווידמען זייערע שאַפֿונגען דעם קלאָון, דעם מענטש מיט דער מאַסקע. זוכנדיק אַן אַנטשפּרעכנדיקן אויסדרוק פֿאַר דער אויטענטישקייט פֿון דעם מענטש – שילדערט אים דער קינסטלער גראָד אַ פֿאַרשטעלטן הינטער דער מאַסקע. גיי און דערטראַכט זיך אַליין וואָס הינטער דער מאַסקע טוט זיך, וואָס פֿאַר אַ דראַמע עס שפּילט זיך אָפּ הינטער דעם פֿריילעכן שלייער פֿון דער לצנישער מאַסקע...

אין די אויגן פֿון דעם קינסטלער רעפּרעזענטירט די מאַסקע נישט נאָר דעם קלאָון און דעם לץ, נאָר טאַקע דעם מענטש און די מענטשהייט און אַלדאָס מענטשלעכע – אָט דעם ביאָ־קאָסמאָס מיט זײַן אומגעוויינלעך קאָמפּליצירטן לעבעדיקן מעכאַניזם, וועלכן קיין שום פֿילאָסאָפֿיע, קיין שום וויסנשאַפֿט און קיין שום טעכנאָלאָגיע איז נישט אין שטאַנד צו דערגרונטעווען און צו דערגרײַפֿן.

אין זײַן נאַרקיסיסטישער אייגנליבע און זעלבסטנײַגעריקייט האָט דער מענטש דערפֿונדן דעם שפּיגל. זינט ער האָט אָנגעהויבן אַרײַנקוקן אין שפּיגל אַרײַן, און זינט ער האָט גענומען זיך מיִען און פֿאָרשן זיך אַליין, זײַן מהות און כאַראַקטער און די מאָטיוון, וואָס באַוועגן זײַנע מעשׂים – איז דער מענטש אַלעמאָל געשטאַנען פֿאַר דעם רעטעניש: צי איז ער, דער מענטש, אין תּוך אַ גוטער, אָדער אַ שלעכטער, אַ גוטהאַרציקע אָדער אַ בייזוויליקע באַשעפֿעניש; צי ווערן זײַנע האַנדלונגען באַווירקט פֿון גוטע, אָדער פֿון שלעכטע מאָטיוון?

די געשיכטע פֿון קין און הבֿל גיט אונדז אַ טיילווײַז באַלאַנסירטן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע. אין דעם ערשטן פֿאַרמעסט איז קין מנצח זײַן גוטן ברודער. הבֿל ווערט ליקווידירט. אָבער די מענטשהייט ווערט דערפֿאַר באַשטראָפֿט מיטן קין־צייכן און מיטן אייביקן גערעאַנגל פֿון געוויסן, אַזוי ווי זי איז באַשטראָפֿט געוואָרן פֿאַר דעם אור־חטא פֿון אָדם און חוה – הגם אין דעם זכות עקזיסטירט זי, די מענטשהייט, מיט אַלע אירע ראַנגלענישן פֿון וויסן און געוויסן.

דער ענגלישער פֿילאָסאָף טאָמאַס האָבס (1588 – 1679) דערציילט אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע, אַז זײַן מוטער האָט געבוירן אַ צווילינג: אים – און דעם פּחד; ער איז געבוירן געוואָרן גראָד אין אַ מאָמענט ווען די שפּאַנישע קריגס־אַרמאַדע האָט באַשאָסן די ברעגן פֿון ענגלאַנד אין יאָר 1588, און פֿון זײַן מוטערס טויט־שרעק איז געבוירן געוואָרן דער ענגלישער פֿילאָסאָף, וועלכער האָט זײַן גאַנצע פֿילאָסאָפֿיע באַזירט אויפֿן גרונט פֿון שרעק. צוליב זײַן מורא פֿאַר דער אַרומיקער סבֿיבֿה האָט דער מענטש זיך אַנטוויקלט ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכער בעל־חי, און צוליב זייער קעגנזײַטיקער מורא האָבן פֿעלקער געשאַפֿן פֿאַר זיך מדינות און געשלאָסן צווישן זיך אָפּמאַכן, וואָס זאָלן זיי דערמעגלעכן צו לעבן אין שלום און אין זיכערהייט...

אָבער, ווען מיר קוקן זיך צו צו דער אויפֿפֿירונג פֿון מענטשן און פֿון פֿעלקער, זעען מיר ווי אַנדערש זיי פֿירן זיך אויף ווי מענטשן, און ווי

אַנדערש – אַלס פֿעלקער, אָדער ווי אָרגאַניזירטע געמיינדעס. אַזוי האָבן מיר נאָרוואָס געהאַט די געלעגנהייט צו אָבסערווירן ווי אַנדערש עס זענען די מענטשן ווי יחידים און ווי נאַציאָנאַלע אָדער עטנישע גרופּעס, ווען מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו אַ טעלעוויזיע־פּראָגראַם, אין וועלכן מען האָט געוויזן ווי די איינוווינערס פֿון דער שכנותדיקער לבֿנון קומען צו דער גרענעץ, כּדי צו באַקומען מעדיצינישע הילף בײַ ישׂראלדיקע דאָקטוירים און סאַניטאַרן. אַן אַלטע אַראַבישע פֿרוי האָט געקושט די האַנט פֿון דעם דאָקטער און אים געדאַנקט פֿאַר דעם הומאַניטאַרן אַקט. מיר האָבן אויך געזען ווי אַראַבישע פֿאַלאַכן שמועסן פֿרײַנדלעך מיט אַ ייִדישן זשורנאַליסט דורך דעם דראָטענעם פּלויט אויף דער גרענעץ. אָבער – ווי נאָר זיי האָבן דערזען, אַז מען פֿאָטאָגראַפֿירט זיי פֿאַר דער טעלעוויזיע, האָבן זיי גלײַך פֿאַרשטעלט די פּנימער, אָדער זיך אָפּגעטראָגן פֿון דעם אָרט – און אַזוי האָבן אויך געטאָן אַ טייל פֿון די אַראַבישע תּושבֿים, וואָס זענען געקומען נאָך מעדיצינישער הילף – כּדי מען זאָל זיי חלילה בײַ זיי אין לאַנד נישט באַשולדיקן אין פֿאַראַט, אין אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיטן שׂונא.

פֿון דעם דרינגט אַרויס, אַז אין צווישנמענטשלעכע באַציִונגען, אין באַציִונגען צווישן יחידים, קאָן מען לעבן אין שלום און אין פֿרײַנטשאַפֿט; ווי נאָר אָבער עס קומט־אויף דער מאָמענט פֿון דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט – דאַן ענדערט זיך פּלוצעם די אויפֿפֿירונג פֿונעם יחיד, און די זעלבע פֿרײַנדלעכע מענטשן ווערן גלײַך בלוטיקע שׂונאים אין פֿאַל ווען זייערע מדינות זענען צווישן זיך צעקריגט...

מיר האָבן דאָס אויך געזען אין די פֿרײַנדלעכע פּערזענלעכע באַציִונגען צווישן ייִדן און אַראַבער אויף די באַזעצטע שטחים גלײַך נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, ווען עס האָט זיך נאָך געהאַט אויסגעדאַכט, אַז אָט־אָט וועט אפֿשר איצט קומען דער לאַנג געגאַרטער שלום צווישן די פֿעלקער. מיטן מאָמענט ווען די דאָזיקע אויסזיכטן האָבן זיך פֿאַרערגערט, ווען די פֿאַרהעל־טענישן צווישן די רעגירונגען און די נאַציאָנאַלע ווידעראַנאַנדן האָבן זיך פֿאַרשאַרפֿט – האָבן זיך אויך פֿאַרשאַרפֿט די באַציִונגען צווישן די פֿעלקער.

און נישט נאָר צווישן פֿעלקער. די זעלבע דערשײַנונג עקזיסטירט אויך צווישן קלענערע עטנישע אָדער רעליגיעזע גרופּעס, און אַפֿילו צווישן פּאַרטייען. מיר זעען דאָס איצט אין אַזאַ בולטער און בלוטיקער פֿאָרם אין דעם לאַנגיאָריקן בירגערקריג אין לבֿנון, און מיר קענען דאָס אָבסערווירן אין אַ וויניקער שאַרפֿער פֿאָרם אויך בײַ אונדז.

ווען אַ מענטש אידענטיפֿיצירט זיך מיט אַ געוויסער גרופּע, וועט ער לרובֿ געבן גערעכט זײַן גרופּע – זײַן עדה, זײַן פֿאָלק, אָדער זײַן פּאַרטיי, באַזונדערס ווען עס קומט צו אַ שאַרפֿן שטרײַט צווישן זיי, וועט ער געוויינלעך אויטאָמאַטיש געבן גערעכט דעם צד, צו וועלכן ער געהערט זיך אָן. די מאָטיוון וועט ער שוין נאָך דעם געפֿינען.

און אַזוי געשעט אויך ווען צוויי שכנותדיקע פֿעלקער צעשלאָגן זיך – איז יעדן איינעמס צד דער תּמיד גערעכטער און – יעדער צד ציילט נאָר זײַנע קרבנות און יענעמס חטאָים... אַזוי איז דאָס אויך אין ברייטן פֿאַרנעם, אין פֿאַל פֿון מלחמה: אויטאָמאַטיש איז יעדער צד גערעכט פֿאַר זיך, און טאָמער פּרובירט ווער, חלילה, אָפּפֿרעגן די גערעכטקייט פֿון זײַן צד, ווערט ער אויטאָמאַטיש געשטעמפּלט ווי אַ פֿאַררעטער. אין נאָמען פֿון דעם אַזויגערופֿענעם פּאַטריאָטיזם.

דאָס איז דער רעזולטאַט פֿון דער אויטאָמאַטישער אידענטיפֿיצירונג פֿון דעם מענטש מיט זײַן עדה, מיט זײַן פֿאָלק, מיט זײַן פּאַרטיי. דער רעזולטאַט פֿון זײַן אָנגעהעריקייט צו דער מענטשלעכער סטאַדע. און דאָס איז אויך דער רעזולטאַט פֿון דער נישט גלײַכער אויפֿפֿירונג פֿון דעם מענטש ווי אַ יחיד – און ווי אַן אָנגעהעריקער צו זײַן קאָלעקטיוו, צו דער סטאַדע. אין אונדזער הײַנטיקער וועלט דאָמינירט די סטאַדע, אָדער, ריכטיקער: עס דאָמינירן די אָנפֿירערס פֿון דער סטאַדע, פֿאַר וועלכער דער מענטש, דער יחיד, איז גרייט אויפֿצוגעבן זײַן אייגענעם איך.

און דאָס איז אויך איינע פֿון די עיקר־סיבות פֿון די אָפֿטע מלחמות.

דער דאָזיקער צושטאַנד אַנטוויקלט בײַ מענטשן די טאָפּלטע מאָראַל, אין וועלכער דער "לא תּרצח" איז חל נאָר לגבי דעם יחיד – אָבער נישט לגבי זײַן נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט. דאָס וואָס ער טאָר נישט ווי אַ יחיד, מעג ער אָבער טאָן מיט אַ "ריינעם פּאַטריאָטישן געוויסן" לטובֿת דעם כּלל ווען ער ווערט געשיקט מלחמה האַלטן אין נאָמען פֿון זײַן פֿאָלק, פֿון זײַן פֿאָטערלאַנד. ווײַל אין דעם פֿאַל איז זײַן צד תּמיד גערעכט – ער באַקומט דעם הכשר פֿון דעם אַזויגערופֿענעם "נאַציאָנאַלן קאָנצענזוס".

דערפֿאַר זעט עס אויס, אַז מלחמות וועלן אָנהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס וועט אָנהאַלטן די דאָזיקע טאָפּלטע מאָראַל, און כּל־זמן די פֿרײַנדשאַפֿט צווישן מענטשן וועט נישט גובֿר זײַן די שׂינאה צווישן פֿעלקער.

*לעצטע נײַעס*, 23־סטער יוני 1976

# דאָס רעכט צו זײַן אַנדערש

טאָלעראַנץ איז איינער פֿון די הויפּט־יסודות פֿון יעדער פֿרײַער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפֿט. דאָס רעכט פֿון דעם יחיד אָדער פֿון אַ גרופּע צו זײַן אַנדערש, צו פֿירן זיך אַנדערש, צו טראַכטן אַנדערש ווי עס טראַכט די מערהייט פֿונעם ציבור – כּל־זמן די אַנדערשקייט שטערט נישט קיינעם און באַדראָט נישט דעם ציבור, די מדינה, כּל־זמן די אַנדערשקייט באַדראָט נישט דאָס פֿרײַע אויסלעבן זיך פֿון די אַנדערע.

דער דעמאָקראַטישער סיסטעם איז אָבער געבויט אויפֿן פּרינציפּ, לויט וועלכן די געזעצן און די יסודות פֿון קאָלעקטיוון צוזאַמענלעבן ווערן באַשטימט דורך דער מערהייט, און די מערהייט איז עלול אויפֿצוצווינגען די קלענערע גרופּעס אָדער יחידים איר ווילן, זי איז עלול אײַנצושטעלן אַ דיקטאַטור פֿון דער מערהייט – אין נאָמען פֿון דער הייליקער דעמאָקראַטיע.

וואָס פּרימיטיווער עס איז אַ פֿאָלק, אַלץ שוואַכער איז זײַן טאָלעראַנץ צו פֿרעמדע, צו אַנדערש טראַכטנדיקע, צו די אַלע, וואָס זענען פֿון יעטוועדן שטאַנדפּונקט אַנדערש פֿון דעם ציבור, פֿון זײַן מערהייט. און אויב דווקא דאָס דײַטשע פֿאָלק, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פֿאָלק מיט אַ הויכער קולטור, האָט פֿון זיך אַרויס־געבראַכט דעם נאַציזם און איז געוואָרן דער טרעגער פֿון דעם סאַמע בעסטיאַלישסטן ראַסיזם – איז דאָס דערפֿאַר, ווײַל די דעמאַגאָגן פֿון היטלערישן חדר האָבן אַפּעלירט צו די סאַמע נידעריקסטע אינס־טינקטן פֿון דעם דײַטשן "הערן־פֿאָלק" און האָבן באַפֿרידיקט זײַנע פּרימיטיוו־חיהשע באַדערפֿענישן.

טאָלעראַנץ איז אַן אייגנשאַפֿט, צו וועלכער מען דאַרף ווערן דערצויגן. קינדער, יונגע מענטשן, וועלכע זענען בטבֿע ראַדיקאַל אין זייערע נאָר וואָס דעראָבערטע איבערצײַגונגען, קענען זײַן ברוטאַל

און אַכזריותדיק, אויב זיי ווערן נישט דערצויגן צו טאָלעראַנץ אין באַצוג צו דער מינדערהייט און צו די, וואָס זענען אַנדערש פֿון זיי.

אַ טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ מיטלשול אין רמת־השרון, קאָן דינען ווי אַ בולטער מוסטער פֿון דעם, צו וואָס עס קאָן דערפֿירן טעראָר פֿון אַ מערהייט, צו וואָס עס קאָן דערפֿירן דאָס פֿעלן פֿון טאָלעראַנץ.

אין דעם פֿאַל איז דער קרבן פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן טעראָר געווען אַ שילער, וואָס צייכנט זיך אויס אין די לימודים און האָט אַ גלענצנדיקן מוח – און אָט די אַנדערשקייט זײַנע האָט אַרויסגערופֿן קינאה, און די קינאה האָט זיך אויסגעלאָדן בײַ די קינדער דורך ברוטאַלע, אַכזריותדיקע מעשׂים קעגן דעם ייִנגלס אַנדערשקייט, אפֿשר אַפֿילו קעגן זײַן גײַסטיקער העכערקייט.

אין דעם פֿאַל האָט דער יונגער קרבן פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן טעראָר רעאַגירט מיט פֿאַרצווייפֿלונג, באַשליסנדיק אַ סוף צו מאַכן צו זײַן לעבן – אָבער ער האָט דעם דאָזיקן אַקט פֿון העכסטן ייִאוש אויך געוווסט צו פֿאַרוואַנדלען אין אַן אַקט פֿון נקמה – דורך מאַכן פֿײַניקן דאָס געוויסן פֿון זײַנע יונגע פֿאַרפֿאָלגערס: דראָענדיק אַראָפּצו־שפּרינגען פֿונעם פֿענצטער פֿון פֿינפֿטן שטאָק פֿון דעם שול־בנין אין די אויגן פֿון זײַנע חבֿרים און פֿון די הונדערטער איבערגעשראָקענע שילער, האָט ער זיי געשמיסן ווי מיט גליִענדיקע ריטער מיט זײַנע שווערע פֿאָרווורפֿן און באַשולדיקונגען, האָט זיי דערמאָנט זייערע מעשׂים, וואָס זיי האָבן אים אָנגעטאָן אין זייער אַכזריותדיקער קינאה. ער האָט זיי פֿאַרשעמט, ער האָט זיי וויי געטאָן, ער האָט זיך איזדעקעוועט איבער זיי, אַזוי ווי זיי האָבן געהאַנדלט קעגן אים. ער האָט זיך אָפּגערעכנט מיט זיי, געמאַכט מיט זיי דעם "לעצטן חשבון" און דאַן אַראָפּגעשפּרונגען אין די אָרעמס פֿון טויט.

צום גליק איז ער אָבער אַרײַנגעשפּרונגען אין דעם ווייכן אַנגעבלאָזענעם לופֿט־מאַטראַץ, וועלכן די פֿײַערלעשערס האָבן אויסגעשפּרייט אונטן אויפֿן הויף. אָבער די קינדער, די חבֿרים פֿון זײַן קלאַס און פֿון זײַן שולע זענען געווען שאָקירט, דערשיטערט.

צי האָבן אָבער די קינדער געלערנט עפּעס פֿון אָט דער אויסטערלישער לעקציע? צי האָט פֿון דעם עפּעס געלערנט די געזעלשאַפֿט אין ישׂראל?

צומאָרגנס – באַשרײַבט זײַן באַזוך אין דער שולע אַ קאָרעס־פּאָנדענט פֿון אַ היגער צײַטונג – איז דער אַלגעמיינער אײַנדרוק

געוועזן, אַז "די געשעעניש האָט נישט איבערגעלאָזט קיין באַזונדערס שווערן אָפּזאַץ בײַ די תּלמידים. ווער עס האָט דערוואַרט צו געפֿינען אין דער שולע אַ טראַומע, האָט זיך אַנטוישט. מען האָט געקאָנט געפֿינען נאָר געציילטע שילער, וואָס זענען נאָך אַלץ געווען אונטערן שטאַרקן שאָק פֿון דער נעבטיקער געשעעניש. אַזעלכע, וואָס האָבן געקאָנט דערציילן פּרטים וועגן דעם וואָס עס איז געשען. אַלע איבעריקע האָבן זיך ווײַטער פֿאַרזאַמלט און זיך געוויצלט. געזוכט אפֿשר זייער קומענדיקן קרבן"...

צו טאָלעראַנץ, ווי געזאָגט, דאַרף מען ווערן דערצויגן, פֿון קליינווײַז, אין דער שולע. דאָס איז די אויפֿגאַבע פֿון די לערער, פֿון דעם מלוכישן שולוועזן.

אָבער די קינדער לערנען מער פֿון די דערוואַקסענע, פֿון דער דירעקטער סבֿיבֿה, איידער פֿון זייערע לערער, וועלכע זענען אויך נישט אָפּגעריסן פֿון דער אַרומיקער געזעלשאַפֿט. און פֿון דער דאָזיקער סבֿיבֿה קענען די קינדער קיין מוסטער פֿון טאָלעראַנץ אַזוי לײַכט נישט געפֿינען.

דאַקעגן האָבן זיי די טעג געקענט געפֿינען אייניקע מוסטערן, פֿון וועלכע זיי קענען לערנען דאָס פֿאַרקערטע, און דאָס פֿון די, וואָס זענען באַרופֿן צו שיצן די געזעלשאַפֿט און די אָרדענונג אין לאַנד: פֿון דער פּאָליציי. דאָס איז דער מוסטער, ווי אַזוי די פּאָליציי האָט יום־כּיפּור זיך אָפּגעזאָגט צו אינטערווענירן אויפֿן טעלעפֿאָנישן רוף פֿונעם פֿאַרוואַלטער פֿון דער יוגנט־אַכסניה אין כּפֿר־סמיר, בעת ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז פֿופֿציק ייִדישע ייִנגלעך, צווישן זיי צוויי אָדער דרײַ מונדירטע און באַוואָפֿנטע זעלנער, האָבן נאָכגעיאָגט און ברוטאַל געשלאָגן זעקס אַראַבישע יונגעלײַט. די פּאָליציי האָט נאָר געוווּסט צו דערציילן – נאָך פֿאַר דער אויספֿאָרשונג – אַז די זעקס אַראַבישע יונגעלײַט זענען געווען שיכּור און אַז דאָס האָבן זיי פּראָוואָצירט דעם איבערפֿאַל פֿון 50 ייִדישע יונגעלײַט, וועלכע זענען אַהין געקומען פֿון טירת־הכּרמל... צומאָרגנס נאָך יום־כּיפּור האָט די חיפֿהר פּאָליציי אַרעסטירט צוויי ייִדישע זעלנער און די פֿינף אַראַבער. דער זעקסטער איז געלעגן אַ צעמזיקטער אין שפּיטאָל. און דאָס האָט אים אָפּגעראַטעוועט פֿון צו ווערן אַרעסטירט.

אַ צווייטער מוסטער, פֿון וועלכן עס וועט לערנען דער יונגער דור: אויף דער פֿאָדערונג פֿון דעם כּנסת־דעפּוטאַט הרבֿ מאיר כּהנא האָט די פּאָליציי אונטערגענומען אַן אויספֿאָרשונג קעגן די אַראַבישע

סטודענטן פֿון בר־אילן־אוניווערסיטעט און אַרבעטער פֿון די באַזעצטע שטחים, וועלכע זענען מיט עטלעכע חדשים צוריק אַכזריותדיק צעשלאָגן געוואָרן אין רמת־עמידר און זייער וווינונג איז געוואָרן דעמאָלירט און אונטערגעצונדן. זיי ווערן באַשולדיקט אין "וווינען אומגעזעצלעך אין דער ייִדישער שטאָט רמת־גן".

עס זענען פֿאַראַן נאָך מוסטערן פֿון דער כּלומרשטער טאָלעראַנץ אין דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפֿט, פֿון וועלכער דער יונגער דור וועט לערנען ווי אַזוי צו פֿירן די מדינה אין דער צוקונפֿט.

עס איז פּשוט נישטאָ אַזוי פֿיל אָרט פֿאַר אַזוי פֿיל מוסטערן אין דער צײַטונג...

דאָס רעכט פֿון דעם בירגער צו זײַן אַנדערש איז בײַ אונדז נישט פֿאַראַנקערט אין דער קאָנסטיטוציע פּשוט דערפֿאַר, ווײַל – עס איז בײַ אונדז קיין קאָנסטיטוציע נישט פֿאַראַן.

*לעצטע נײַעס*, **9־טער אָקטאָבער 1987**



## "זיי" און "מיר" – און די "נישט רעלעוואַנטע"

עס האָט שוין געהאַט אויסגעזען, ווי די זאַך וואָלט שוין פֿאַרגעסן געוואָרן, זי געהערט שוין צום ווײַטן אַמאָל – כאָטש פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט דער עטנישער שד יעדעס מאָל אַרויסשפּרינגען פֿון דאָס נײַ פֿון דער פֿלאַש, פֿלעגט אָנמאַכן אַ טומל – און צוריק זיך באַהאַלטן הינטערן שלייער פֿון די כּלערליי אַנדערע ענינים, וואָס באַשעפֿטיקן איבעראַנאַנד די ישׂראלדיקע געזעלשאַפֿט.

זינט יענע דראַמאַטישע טעג פֿון וואַדי סאַליב אין די 1950־ער יאָרן און דערנאָך בעת די היציקע וואַל־קאַמפּיינען מיט בעגינס שטורעמ־דיקע רעדעס אויף די שטאָטישע פּלעצער אין די 1980־ער יאָרן, מיט די אויפֿשריפֿטן "אַ טויט די אַשכּינאַצים" אויף די ווענט און מויערן, האָט דער עטנישער שד געהאַט עטוואָס געמילדערט זײַן אַגרעסיווע און מיליטאַנטישע רעטאָריק מיט די טענות וועגן די עוולות און דער דיסקרימינאַציע פֿון די מזרח־עדות מצד דער אַשכּנזישער "עליטע". די מנהיגים פֿון דער ספֿרדישער עדה האָבן זיך אָפּגעגעבן מער דער קריסטאַליזירונג פֿון זייער עטנישער אידענטיטעט און דער פֿאַרגיטי־קונג און באַפֿרידיקונג פֿון דער עטנישער גאווה.

דער עטנישער שד איז אָבער די גאַנצע צײַט נישט געשלאָפֿן, כאָטש קיינער האָט נישט געצוימט פֿאַר די מענטשן פֿון דער ספֿרדישער עדה דעם וועג צו דער פֿירערשאַפֿט פֿון די פֿאַרשיידנאַרטיקע פּאַרטייען. קיינער האָט נישט פֿאַרשטעלט זיי דעם וועג צו די העכסטע פּאָזיציעס פֿון מלוכישן עסטאַבלישמענט, צו דער גענעראַליציע – ביז צום גענעראַל־שטאַב, און אויך נישט צום ציווילן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט – ביז צום ווערן, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אַ מערהייט פֿון דעם באַאַמטן־פּערסאָנאַל און אַפֿילו פֿון דער צאָל מיניסטאָרן און וויצע־מיניסטאָרן אין דער רעגירונג און דעפּוטאַטן אין דער כּנסת.

מ׳קען אָבער נישט לייקענען, אַז דער דעמאָגראַפֿישער צושטאַנד מיטן אויפֿקום פֿון דער מדינה, און די סאָציאַלע אומשטענדן, בעת דער

גרויסער מאַסן־איַינוואַנדערונג אין אירע ערשטע יאָרן, האָט געבראַכט מיט זיך בלערליי דערשיַינונגען פֿון אַן אָן־כּוונהדיקער דיסקרימינאַציע, פֿון פּראָטעקציאָניזם און פֿון עטנישע קאָנפֿליקטן, צו וועלכע די יונגע מדינה איז נישט געווען ווי געהעריק צוגעגרייט.

דאָס האָט גאָר באַזונדערס געטראָפֿן אין דער מאַראָקאַנישער עדה, וועלכע איז געבראַכט געוואָרן מאַסנוויַיז אָן זייערע מנהיגים, אָן זייער אייגענער אינטעלעקטועלער עליטע, וועלכע האָט אין איר גרויסער מערהייט זיך געלאָזט קיין פֿראַנקריַיך – זיַיענדיק גוט "באַוואָפֿנט" מיט דער פֿראַנצויזישער שפּראַך, מיט אָט דעם וויכטיקסטן מיטל פֿאַר זייער אַבסאָרבציע און איַינגלידערונג אין דער פֿראַנצויזישער קולטור־סבֿיבֿה. אויך דער סאָציאַל שוואַכער עלעמענט פֿון דער מאַראָקאַנישער אימיגראַציע, נאָך דעם ווי די ריַיכערע שיכטן האָבן עמיגרירט קיין פֿראַנקריַיך, איז געווען איינע פֿון די סיבות פֿאַר זייער שפּעטערדיקער הינטערשטעליקייט אין פֿאַרגליַיך מיט דער אַבסאָרבציע פֿון די אַנדערע עטנישע גרופּעס.

עס איז אַ באַוווסטער כּלל, אַז סאָציאַלע אונטערשיידן זענען גורם געזעלשאַפֿטלעכע קאָנפֿליקטן, און קאָלעקטיווע צוריקגעשטאַנענ־קייט אָדער הינטערשטעליקייט אַנטוויקלט די געפֿילן פֿון עוולה און דיסקרימינאַציע. מיט אָט דער דערשיַינונג האָבן זיך געשפּיַיזט – און שפּיַיזן זיך – די פּאַרטייִשע דעמאַגאָגן, באַזונדערס פֿון דער אָפּאָזיציע, וועלכע האָבן ווי געהעריק אויסגענוצט די אומבאַהאָלפֿנקייט און די אומצופֿרידנקייט פֿון דער "דיסקרימינירטער עדה", כּדי זי אויפֿצוהעצן פֿאַר זייערע פּאָליטישע צוועקן. היות ווי ביַי דער מאַכט איז דאַן געווען די מפּאַ"י, דערנאָך דער "מערך" פֿון די אַרבעטער־פּאַרטייען, און היות ווי זייער אָנפֿירונג איז דעמאָלט געווען אַ דורכאויס אַשכּנזישע, איז זי באַצייכנט געוואָרן ווי די "עליטע" און אויף איר איז געפֿאַלן די אַחריות פֿאַר די סאָציאַלע טענדענצן און אַנטוויקלונגען אין דער מדינה.

קעגן אָט דער "עליטע" איז דעריבער געריכטעט געוואָרן דער כּעס און דער צאָרן פֿון די באַעוולטע און דיסקרימינירטע, אויף וועלכן גרונט דאָס זאָל נישט האָבן געווען. אויף דעם באָדן איז אויפֿגעקומען אין ישׂראל די באַוועגונג פֿון די "שוואַרצע פּאַנטערס" – ווי אַן אָפּהילך פֿון דער ענלעכער באַוועגונג צו יענער צײַט אין אַמעריקע; אויף דעם באָדן זענען אויסגעבראָכן, ווי געזאָגט, די גוואַלטזאַמע אומרוען אין חיפֿה, און אויף דעם באָדן האָט דער "לויטערער ספֿרדישער ייִד" מנחם בעגין געשטורעמט אויף די וואַל־מיטינגען פֿון "חירות" מיט זיַין דעמאַגאָגיע

קעגן "די מיליאָנערן אין די קיבוצים מיט זייערע שווים־באַסיינען"... אויף דעם באָדן זענען אויפֿגעקומען דער "תּמי" פֿון הרבֿ אַבו־חצירה און דער ש"ס פֿון אַריה דֶרעי און פֿון הרבֿ עובֿדיה יוסף. און אויף דעם באָדן איז אויך אויפֿגעקומען, לסוף, דער וועלטלעכער "אָריענטאַלישער דעמאָקראַטישער רעגנבויגן" (אָדער "פּײַלנבויגן"), וועלכער האָט דאָ לעצטנס אָפּגעהאַלטן זײַן גריכטלעכן נצחון אין דעם אורטייל פֿון העכסטן געריכט וועגן די קיבוצישע באָדנס.

די אַשכּנזישע עליטע איז אין די אַלע געזעלשאַפֿטלעכע אָפּענסי־ווּעס, תּבֿיעות און באַשולדיקונגען מצד די עטנישע אָריענטאַלישע מיליטאַנטן געווען אַפּאַטיש, פּאַסיוו, צומאָל אַפּאָלאָגעטיש, ווי זי וואָלט זיך געפֿילט שולדיק. אהוד ברק, דער קורצווײַליקער מנהיג פֿון "עבֿודה", איז – פֿאַר זײַנע עלעקטאָראַלע אינטערעסן – געגאַנגען צו די מזרח־עדות און זיך אַנטשולדיקט אין נאָמען פֿון דער אַשכּנזישער עדה פֿאַר די עוולות, וואָס זי זאָל האָבן קעגן זיי באַגאַנגען.

די דאָזיקע פּאָליטישע חנופֿה האָט אים נישט געהאָלפֿן קעגן דעם שוין טיף פֿאַרוואָרצלטן קאָמפּלעקס פֿון דיסקרימינאַציע – אַפֿילו נישט אין זײַן אייגענער פּאַרטיי, וועלכע האָט אויסגעוויילט ווי איר צײַטווײַליקן אָנפֿירער אַן "איראַקער": אַפֿילו אַזאַ, וואָס איז פֿריִער, צוזאַמען מיט הרבֿ אַהרון אַבו־חצירה, געווען איינער פֿון די גרינדער און אָנפֿירערס פֿון דער רעליגיעז־עטנישער אָריענטאַלישער פּאַרטיי "תּמי", אײדער ער האָט זיך אַריבערגעוואַנדלט דורך "יחד" (מיט עזר ווײַצמאַנען) צו דער "עבֿודה"... כּל־זמן ער האָט נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן, האָט בנימין (פֿואַד) בן־אליעזר אויך צו קיינעם קיין טענות נישט געהאַט. אָבער מיטן מאָמענט ווען צו די פֿאָרשטייענדיקע "פּרײַמעריס" זענען אויפֿגעקומען קעגן אים צוויי קאַנדידאַטן פֿון אַשכּנזישן אָפּשטאַם האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז "עס שטערט זיי זײַן מזרחדיקע אויסשפּראַך"...

די לעצטע וואָכן האָט דער עטנישער שד ווידער אויפֿגעוואַכט – אין אַ טעלעוויזיע־סעריע א"נ "רוח קדים" – "הייסער מזרח־ווינט", וואָס האָט אַרויסגעהויבן אין אַ מיליטאַנטישן מאַניפֿעסט דעם אָנוווקס פֿון די "עוולות", וואָס די מזרחדיקע עדות האָבן געהאַט אויסצושטיין אין דעם האַלבן יאָרהונדערט מצד דער אַשכּנזישער "דעספּאָטישער עליטע", וועלכע זאָל האָבן אויסגענוצט די מזרח־עדות פֿאַר שקלאַפֿן־אַרבעטער און האָלצהעקער, און פֿאַר האַרמאַטן־פֿלייש אין די מלחמות, און געוואָלט אויפֿצווינגען אויף זיי די אַשכּנזישע קולטור פֿון אייראָפּע.

איינער פֿון די הויפּט־העלדן אין אָט דער מיליטאַנטישער פֿילם־סעריע איז דער גרינדער פֿון ש"ס אַריה דרעי, אַ פֿאַרמישפּטער פֿאַר שווינדלעריַי און מיסברויכן. ער איז אָקערשט באַפֿריַיט געוואָרן פֿון טורמע נאָכן אָפּזיצן אַ פֿאַרקירצטע תּפֿיסה־שטראָף. ער איז עס דער גיבור פֿון דער "ספֿרדישער רעוואָלוציע", וואָס ער האָט אַדורכגעפֿירט אין לאַנד, כאָטש די דיסקרימינאַציע פֿון דער מאַראָקאַנישער עדה, ווי זי ווערט פֿאָרגעשטעלט אין אָט דער פֿילם־סעריע, גייט וויַיטער אָן.

כּדי אַ סוף צו מאַכן צו אָט דער דיסקרימינאַציע, האָט די פֿאַרוואַל־טערין פֿון דעם חינוך־מיניסטעריום, מיט וועלכן עס פֿירט אָן פֿרוי לימור ליבֿנת פֿון "ליכּוד", פֿאַרפֿליכטעט די פֿאַרוואַלטערס פֿון די שולן אַריַינצופֿירן אין די לערן־פּראָגראַמען פֿון העברעיִשער ליטעראַטור דאָס לערנען ווען די שריַיבער און דיכטער פֿון מזרחדיקן אָפּשטאַם און צו זאָרגן דערפֿאַר, אַז זיי זאָלן באַטרעפֿן נישט ווייניקער ווי אַ דריטל פֿון דער צאָל העברעיִשע שריַיבער צום דערלערנען. דער דאָזיקער קלאַוזול וועט דעריבער צווינגען אויסצומעקן פֿון די לערן־פּראָגראַמען פֿרישמאַנען, טשערניכאָווסקין און אפֿשר אויך שלאָנסקין און אַפֿילו ביאַליקן – נאָך דעם ווי אַ סך פֿון די העברעיִשע קלאַסיקערס זענען שוין געוואָרן אויסגעמעקט פֿון פֿריִער – כּדי צו באַגיטיקן די עטנישע גאווה פֿון דער ספֿרדישער עדה, אומאָפּהענגיק פֿון דער ליטעראַרישער קוואַליטעט פֿון אירע סופֿרים און משוררים.

די אַשכּנזישע פֿאַקטאָרן, ווי געזאָגט, פֿאַרהאַלטן זיך פּאַסיוו צו דער באַנוַיטער אָפּענסיווע פֿון דער אויף אייביק באַעוולטער ספֿרדישער עדה.

אויף דעם דערמאָנטן פֿילם פֿון דוד בן־שיטרית האָט רעאַגירט דער שריַיבער יורם קאָניוק מיט אַן אַרטיקל (אין "הארץ", 19.9.02) אונטערן קעפּל: "מיר אַלע זענען געוואָרן באַשפּריצט פֿון די.די.טי.": דער דערטערגענט "די.די.טי." איז ביז איצט געווען דער סימבאָל אין דעם מיטאָס וועגן דער באַגאַנגענער עוולה קעגן די מאַראָקאַנער, אַז זיי זענען, קומענדיק אין לאַנד, באַהאַנדלט געוואָרן ווי זשוקעס, און נישט ווי מענטשן...

פֿאַר דעם ייִנגערן דור אין לאַנד איז דאָס געוואָרן אַן אַקסיאָמע, אַ היסטאָרישער "פֿאַקט" פֿון דעם כּלומרשטן מאַראָקאַנישן "מאָנאָפּאָל" אויף אָט דער עוולה, ווי דאָס זעלבע וואָלט נישט געטאָן געוואָרן מיט אַלע געקומענע עולים אין יענע יאָרן. און אַז אויך אין די געצעלטן, בלעכערנע אָדער אַזבעסט־באַראַקן אין די בתּי־עולים און "מעברות" זענען געוואָרן אַריַינגעזעצט כּלומרשט נאָר די עולים פֿון מאַראָקאָ.

דער אונטערשייד איז אָבער אין דעם, וואָס די אַנדערע עטנישע עדות האָבן דאָס אויפֿגענומען ווער מיט אַ קרעכץ און ווער באַהבֿה – אָבער ווי אַ פֿאַרבײַגייענדיקע נויטווענדיקייט און זיי האָבן פֿון קיינעם נישט פֿאַרלאַנגט קיין פֿאַרגיטיקונג און קיין אַנטשולדיקונג. און זיי האָבן – לרובֿ – געזוכט אַ וועג זיך אַרויסצורײַסן פֿון דער נויט און זיך אײַנצואָרדענען אין לעבן, נישט האָבנדיק צו קיינעם קיין טענות.

אין דער זעלבער צײַטונג פֿון זונטיק דעם 20.10.02 איז אָפּגעדרוקט אַ בריוו פֿון אַ געוויסן פּראָפֿ' יצחק כ"ץ, וועלכער רופֿט צו שאַפֿן אַן "אַשכּנזישן דעמאָקראַטישן רעגנ(אָדער פּײַלנ)בויגן": *"איך לייג פֿאָר"*, שרײַבט ער, *"מײַנע חבֿרים דעמאָקראַטן, וועלטלעכע און אַשכּנזים, לינקע און רעכטע, עולים און וותיקים, רײַכע און אָרעמע, אויפֿצושטעלן אַן אַשכּנזישן דעמאָקראַטישן בויגן, ענלעך צו דעם אָריענטאַלישן, און זיך צו פֿאַרוואַנדלען פֿון אָנגעקלאָגטע אין אָנקלאָגערס"*.

די אַשכּנזישע עולים, וואָס די מערסטע פֿון זיי האָבן ביזן עולה זײַן קיין ישׂראל אַפֿילו נישט געוווּסט, אַז זיי זענען "אַשכּנזים", אַז זיי זענען אַנדערש פֿון די איבעריקע יידישע עדות, אָדער האָבן נישט צוגעשריבן קיין באַזונדערע חשיבֿות זייער אַשכּנזישקייט (חוץ דעם לײַכטן אונטערשייד אינעם נוסח פֿון געוויסע תּפֿילות און דער ספֿרדישער אויסשפּראַך, וואָס איז געוואָרן אײַנגעפֿירט פֿאַר עבֿרית). נאָך מער, אין דער ראָמאַנטישער טענדענץ פֿון די ציוניסטישע טרוימערס זיך אײַנצוגלידערן אין דעם תּנכישן מזרח, איז אַלץ וואָס איז "מזרחדיק" געוואָרן פֿאַרהערלעכט. די אַשכּנזישע געזעלשאַפֿט האָט זיך מבֿטל געמאַכט פֿאַר דער אַזוי־גערופֿענער מזרח־קולטור, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס אַזוינס זי שטעלט מיט זיך פֿאָר. די תּימנער און די מאַראָקאַנער מענער מיט דער נאַרגילע און זייערע פֿרויען מיט דער קרוג אויפֿן קאָפּ האָבן געדינט ווי מאָדעלן פֿאַר דער תּנכיש־אָריענטאַלישער ראָמאַנטיק אין דער ישׂראלדיקער מאָלערײַ אין יענע יאָרן פֿון ראָמאַנטישן ציוניזם.

די באַציִונג פֿון דעם אַשכּנזישן עסטאַבלישמענט, דעם מאה־דעה, צו די מזרח־עדות איז געווען פּאַראַלעל ענלעך צו דער באַציִונג מצד די וותיקים, די פֿון פֿריִער אײַנגעזעסענע, צו די נײַ־געקומענע: זיי האָבן ליב געהאַט די עליה, אָבער נישט די עולים... דער דאָזיקער קאָנפֿליקט באַגלייט אַלע אײַנוואַנדערונגס־שטראָמען לענגאויס דער גאַנצער געשיכטע פֿון דער מדינה, און דאָס ברענגט צו די אומאויפֿהערלעכע פֿאַרדרוסן און רײַבונגען צווישן זיי.

דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל, אַ טעמע פֿאַר אַן ערנסטער סאָציאָלאָגישער פֿאָרשונג. אָבער דאָס מבֿטל מאַכן זיך פֿון דער באַשמוצטער און באַשימפּטער אַשכּנזישער געזעלשאַפֿט פֿאַר דער אַגרעסיווער דעמאַגאָגיע פֿון די מיליטאַנטישע מנהיגים פֿון די מזרח־עדות איז אַן אויסדרוק פֿון דער נאַיִווער זעלבסט־פֿאַרלייקענונג, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער שלילת־הגלות־אידעאָלאָגיע, וואָס האָט צו יענער צײַט באַהערשט דאָס ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע לעבן און די ישׂראלדיקע קולטור.

אין דעם עטנישן קאָנפֿליקט צווישן "זיי" און "אונדז", איז ווי צעריבן געוואָרן דער דריטער שטאַנד, די דריטע עדה, די עדה פֿון די נישט אידענטיפֿיצירטע, וועלכע האָבן פֿאַרלוירן, אָדער זיך אַליינוויליק אָפּגעזאָגט פֿון זייער אידענטיטעט, פֿון זייער אויטענטישקייט און זענען געוואָרן – נישט רעלעוואַנט: דאָס איז די עדה פֿון די ייִדיש־רעדנדיקע, וועלכע איז געוואָרן צום מערסטן דיסקרימינירט, צום מערסטן באַעוולט, און וועלכע האָט צום מערסטן געשוויגן. גראָד די, וועלכע האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פֿון די קאַלך־אויוונס און וואָס אין זייער זכות איז אויפֿגעקומען די מדינה ווי די היים פֿאַר די געפּלאָגטע און גערודפֿטע און געראַטעוועטע – גראָד זיי האָט מען אָפּגעשניטן די צונג און זיי האָבן נישט געהאַט שוין מיט וואָס צו שרײַען.

די עליה פֿון די פּאָסט־סאָוויעטישע לענדער האָט אַ סוף געמאַכט צו דעם קינסטלעך אויפֿגעצוווּנגענעם "מיזוג גלויות" און געברענגט מיט זיך דעם קולטור־פּלוראַליזם, וועלכער האָט געבראַכט די ישועה אויך פֿאַר דער מאַראָקאַנישער עדה. אויך די ייִדיש־עדה וואָלט געקענט פֿון איר געניסן, ווען זי וואָלט געהאַט גענוג כּוח צו באַנײַען און פֿאַרייבֿנגערן אירע אויסגעטריקנטע קוואַלן און אָנפֿילן זיי מיט פֿרישע זאַפּאַסן.

זאָל נאָר זײַן שלום אויף דער וועלט, וועט אויך דער דאָזיקער נס ווערן מעגלעך.

*פֿאָרווערטס*, **23־סטער אָקטאָבער 2002**

# די אומשולד אויפֿן מזבח

*"שמור על העולם, ילד" –*
*היט אָפּ די וועלט, קינד,*
*ווײַל **מיר** האָבן נישט מצליח געווען...*

די־אָ שורות פֿון דעם העברעיִשן ליד אין מויל פֿון דעם זינגער דוד ד'אוֹר האָבן אָפּגעקלונגען בײַ אונדז אין דער מעדיאַ אינעם "טאָג פֿון קינד". דער דאָזיקער "טאָג" איז געוואָרן אָפּגעצייכנט אין די ראַמען פֿון דער "אינטערנאַציאָנאַלער וואָך פֿון מענטשן־רעכט". ער איז אויסגעפֿאַלן בײַ ייִדן אין צווייטן טאָג פֿון חנוכּה.

דאָס ייִדישע פֿאָלקס־ווערטל זאָגט, אַז דער רבונו של־עולם זיצט אויבן און פּאָרט צוזאַמען געשעענישן אונטן. אַנדערע רופֿן עס "די איראָניע פֿונעם גורל". ווײַל אין אָט דעם "טאָג פֿון קינד" איז אַ ייִדיש מיידעלע פֿון זיבן יאָר פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן אין "גוש קטיף", וואָס אין עזה־שטרײַף, פֿון אַ פּאַלעסטינער מינענוואַרפֿער. אין אַ צווייטער ייִדישער קאָלאָניע זענען דעם טאָג לײַבט פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן פֿון אַ מינענוואַרפֿער נאָך צוויי ייִדישע קינדער, פֿון דרײַ און פֿיר יאָר. דעם זעלבן טאָג זענען, פֿון דער אַנדערער זײַט, צוויי פּאַלעסטינער קינדער, פֿון דרײַ און פֿון דרײַצן יאָר, דערהרגעט געוואָרן על־פּי טעות – אַוודאי נישט מיט קיין כּוונה – פֿון ישׂראלדיקע ראַקעטעס, בעת "אַפּאַטשי"־העליקאָפּטערס האָבן אַטאַקירט און פֿאַרוווּנדיקט אַ געזוכטן טעראָריסט פֿון "איסלאַמישן דזשיהאַד" אין חבֿרון. צוויי אַנדערע פּאַלעסטינער קינדער זענען געוואָרן פֿאַרוווּנדיקט, צוליב אַן ענלעכער סיבה, אויפֿן שאָסיי נעבן טול־קאַרעם.

דאָס אַלץ – אין דעם איינעם "טאָג פֿון קינד", אָדער, ווי מען רופֿט עס בײַ אונדז – אין דעם "טאָג פֿון רעכט פֿונעם קינד". אין דעם טאָג האָבן קינדער "גענאָסן" פֿון דעם רעכט צו ווערן דערהרגעט אָדער פֿאַרוווּנדיקט אין דעם טראַגיש־מאַקאַברישן "זכות" פֿון דער אָנגעזאַמלטער און וואַקסנדיקער שׂינאה צווישן די דערוואַקסענע,

און פֿונעם צבֿיעותדיקן כּלל פֿון דעם פֿאָלקסווערטל, אַז "ווען מען האַקט האָלץ, פֿאַלן שפּענער"...

אין אונדזער פֿאַל זענען די דאָזיקע "שפּענער" – קינדער, די סאַמע אומשולדיקסטע קרבנות אויפֿן מזבח פֿון די נאַציאָנאַלע קאָנפֿליקטן. די נאַציאָנאַלע קאָנפֿליקטן פֿירן זיך אין נאָמען פֿון אַ "בעסערער צוקונפֿט" פֿאַר די קומענדיקע דורות. און די קינדער – זיי זענען דאָך די ערשטע אומבאַשיצטע קרבנות פֿון יעדער מלחמה. די דערהרגעטע און פֿאַרוווּנדיקטע קינדער ווערן דורך יעדן צד אַרויסגעשטעלט ווי "מוסטערן" פֿון דעם אַנדערנס אַכזריות, ווי קלאָרע באַווײַזן פֿון "מײַנע קרבנות – און יענעמס פֿאַרברעכנס".

מלחמה – מעג זי זײַן באַוויגן פֿון די בעסטע נאַציאָנאַלע געפֿילן און פֿון דעם שענסטן פּאַטריאָטיזם – קאָרומפּירט צום סוף דעם מענטש און פֿאַרסמט דאָס געוויסן; זי מאַכט צו שפּאָט די "מאָראַלישע נאָרמעס" און די "עטישע קאָדן". מלחמה באַפֿרײַט די נידעריקע אינסטינקטן אינעם מענטש: זי באַפֿרײַט דעם פֿינגער, וואָס דריקט אויפֿן צינגל פֿונעם געווער און שטעלט־צו יעדעס מאָל די נייטיקע תּירוצים פֿאַר יעטווידן טעות. און – טעותן מיט די מיליטערישע כּלים זענען אומפֿאַרמײַדלעך: וואָס גערדיכטער עס איז די מיליטערישע אַקטיוויטעט, אַלץ מער און אַלץ אָפֿטער זענען די פֿעלערן און די "מענטשלעכע טעותן" פֿון די מיליטערלײַט. errare humanum est – זאָגט אַ לאַטײַניש ווערטל: "אַ טעות איז מענטשלעך"...

אָבער אַזאַ טעות אָדער פֿעלער ברענגט אָפֿטמאָל צו פֿאַטאַלע פֿאָלגן און צו אומצאָליקע פּערזענלעכע טראַגעדיעס. דער עיקר – פֿאַר די אומשולדיקסטע אין דער נאַציאָנאַלער דראַמע, די קינדער.

אין פֿאַרגלײַך מיט דער גרויסער צאָל – בערך 50 – "ליקווידאַציעס" פֿון געזוכטע טעראָריסטן אין משך פֿון דעם יאָר, איז די צאָל דורכפֿאַלן און טעותן, לויט די מיליטערישע נאָרמעס, אַ "פֿאַרהעלט־נישמעסיק קליינע". אָבער יעדער קלענער דורכפֿאַל ברענגט אַ גרויס אומגליק דעם קרבן און אויך אַ גרויסן שאָדן דעם פּאָליטישן אינטערעס פֿון דער מדינה. כּדי צו באַפֿרײַען און צוריקצוקערן קיין ישׂראל 6 פֿון אירע געפֿאַנגענע בירגער אין לבֿנון און אין סיריע, דערונטער פֿיר קינדער, איז מדינת־ישׂראל בערך מיט 15 יאָר צוריק געוואָרן געצווונגען צו באַפֿרײַען פֿון אירע תּפֿיסות 1100 טעראָריסטן בראָש מיט זייערע מנהיגים – אין דעם דערגרייכטן הסכּם מיט דעם

טעראָריסטן־מנהיג דזשאַבריל, אין אײַנקלאַנג מיט דער ייִדישער מיצווה פֿון פּדיון שבֿויים.

די באַפֿרײַטע טעראָריסטן האָבן אין משך פֿון אָט די פֿופֿצן יאָר גורם געווען דער מדינה אַ סך צענדליקער קרבנות. אַ סך פֿון זיי האָבן מיט דער צײַט אַפֿילו דעראָבערט הויכע פּאָליטישע פּאָזיציעס.

דער דורכפֿאַל פֿון דעם אַטענטאַט אין אַמאַן, די הויפּטשטאָט פֿון יאָרדאַניע, קעגן כאַלעד מאַשאַל, דעם אָנפֿירער פֿון "כאַמאַס", האָט געצווונגען ישׂראל צו באַפֿרײַען פֿון תּפֿיסה דעם גײַסטיקן פֿירער פֿון אָט דער פּאַרטיי, דעם שייך אַכמעד יאַסין און אַ צאָל פֿון זײַנע געהילפֿן. דערבײַ איז ישׂראל אויך געצווונגען געוואָרן אויסצוגעבן דער יאָרדאַנישער מאַכט די געהיימע פֿאָרמול פֿון דעם סם, וואָס איז מאַשאַלן געוואָרן אײַנגעשפּריצט. אין 1992, בעת דעם אַטענטאַט קעגן דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון "כעזבאַללאַ" אין לבֿנון, אַבאַס מוסאַווי, זענען דערהרגעט געוואָרן זײַן ווײַב און זייער פֿינפֿיאָריק קינד. צוויי קינדער זענען דערהרגעט געוואָרן בעת דעם אַטענטאַט קעגן אַ צווייטן אָנפֿירער פֿון "כעזבאַללאַ", דעם שייך אַביאַט, און נאָך צוויי קינדער זענען אויך דערהרגעט געוואָרן בעת דעם אַטענטאַט קעגן די שייכן דזשאַמאַל מאַנסור און דזשאַמאַל סאַלים דאַמאָני אין שכם.

דער גרעסטער דורכפֿאַל איז געווען בײַם סוף פֿון דער אָפּעראַציע "טרויבן פֿון צאָרן" אין יאָר 1996 אין לבֿנון, ווען אַ פֿאַרבלאָנקעטער ראַקעט האָט דערהרגעט 104 אומבאַשיצטע פּליטים, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל קינדער, אין אַ פּליטים־לאַגער פֿון יו־ען נעבן ראַס נאַקוראַ אין דרום־לבֿנון, וווּ זיי האָבן פֿאַר דעם באַקומען שוץ נאָכן אַנטלויפֿן פֿון זייערע באָמבאַרדירטע שטובן.

אָבער – נישט בלויז די, אפֿשר אומפֿאַרמײַדלעכע טעותן אין די דורכגעפֿאַלענע אַטענטאַטן האָבן געבראַכט שאָדן דער מיליטערישער און פּאָליטישער סטראַטעגיע פֿון ישׂראל. נישט ווייניק שאָדן האָבן אויך געבראַכט די זייער אײַנגעגעבענע, די געלונגענע און באַוווּנדערטע אַטענטאַטן, וואָס זענען געווען אַ רעזולטאַט פֿון גלענצנדיקער פּלאַנירונג און פֿון אויסגעצייכנטן נאָכשפּיר־ און אינפֿאָרמאַציע־דינסט. זיי זענען אין דער זעלבער צײַט געווען אַ סטימול פֿון דער עסקאַלאַציע אין דעם פֿאַרכּישופֿטן ראָד פֿון טעראָר און קעגנטעראָר – אַ ראָד, וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און קיין סוף.

אין מערערע פֿאַלן זענען די גוט־געפּלאַנטע און שטאַרק באַוווּנדערטע "ליקווידאַציעס" ווי אַ נקמה־אַקט קעגן אַ פֿריִערדיקן

טעראָר־אַקט פֿון "באַמאַס" אָדער פֿונעם "איסלאַמישן דזשיהאַד", פֿון "טאַנזים", צי פֿון "פֿאַטאַך" געקומען גראָד אין טעג פֿון באַרויִקונג און האָבן ווידער געדינט ווי אַ תּירוץ פֿאַר די עקסטרעמיסטן צו פֿאַרשטאַרקן דאָס דרייען זיך פֿון דער בלוטיקער קאַרוסעל, כּדי צו מאַכן דעם שלום־פּראָצעס פֿאַר אוממעגלעך און צו קענען באַשולדיקן יעדעס מאָל דעם אַנדערן צד.

דער אַטענטאַט קעגן דעם אָנפֿירער פֿון דעם "איסלאַמישן דזשיהאַד" אין ראַמאַללאַ, דזשאַמאַל מאַנסור, אין חודש אויגוסט, האָט געדינט פֿאַר זיי ווי אַ מאָטיוו פֿאַר דעם מאָרד פֿון דעם מיניסטער רחבֿעם זאבֿי; די כוואַליע פֿון די מיליטערישע און עקאָנאָמישע רעפּרעסיעס און די באַנייטע "ליקווידאַציעס" האָבן אויפֿגעוועקט פֿון דאָס נײַ די שדים פֿון דעם בלוטיקן טעראָר פֿון "לעבעדיקע באָמבעס", די אויפֿרײַסן אין ירושלימער "סבאַרו" רעסטאָראַן, וווּ עס זענען דערהרגעט געוואָרן ס׳רובֿ מוטערס און קינדער.

נישט נאָר פֿון דעם טעראָר און דעם קעגנטעראָר זענען די ערשטע קרבנות די קינדער – די סאַמע אומשולדיקסטע; די קינדער זענען אויך די ערשטע קרבנות פֿון דער נויט און אָרעמקייט, וואָס האָט זיך הײַנטיקע וואָך ווידעראַמאָל אַנטפּלעקט אין איר געפּערלעכן פֿאַרנעם, מיטן פֿאַרעפֿנטלעכן די אָפֿיציעלע סטאַטיסטישע ציפֿערן פֿאַרן יאָר 2000. און דאָס – מיט דער שוואַרצער נבֿואה, אַז דאָס קומענדיקע יאָר וועט זײַן, נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט, נאָך ערגער.

זענען דאָך די קינדער אונדזער צוקונפֿט. וואָס האָבן מיר, די עלטערע, געטאָן כּדי צו פֿאַרזיכערן די קינדער אַ בעסערע צוקונפֿט?

זעט אויס, אַז די דאָזיקע אויפֿגאַבע וועלן שוין דאַרפֿן איבערנעמען די קינדער אַליין, ווי עס זאָגט זיך אין דעם אויבן ציטירטן לידל:

*"היט אָפּ די וועלט, קינד,*
*ווײַל מיר האָבן דאָס נישט מצליח געווען".*

*פֿאָרווערטס*, 19־טער דעצעמבער 2001

# דאָס מיידעלע מיט די בלומען

פּסח תּשט״ו – 1955. אַ נײַע ציפֿער אין דעם צײַט־קאַלענדאַר, הגם די זעלבע קשיות בײַם סדר־טיש. די זעלבע לופֿט און די זעלבע נאַטור־דערוואַכונג ווי יעדעס יאָר. און אויך די זעלבע האָפֿענונגען, די זעלבע דערוואַרטונגען.

די נאַטור האָט אַלעמאָל, אין אַלע צײַטן, באַווירקט די שטימונגען פֿון מענטשן. פּאָעטן און קינסטלער שעפּן זייער אָנרעגונג פֿון די פֿאַרבן און ריחות פֿון דער אַרומיקער נאַטור. אין דער נאַטור האָבן די פּאָעטן פֿאַרקערפּערט דעם מענטש – אַזוי אין שיר השירים, און אַזוי אויך אין די געזאַנגען פֿון פֿייגל, אין די ריחות פֿון בלומען, אין די קלאַנגען פֿון ווינט, אינעם רויש פֿון די כוואַליעס און אין אַלע מינים נאַטור־דערשײַנונגען. אין דער אויפֿוואַכנדיקער נאַטור האָבן זיי אַלעמאָל געזען דעם אויפֿוואַכנדיקן מענטש.

דעריבער איז פֿרילינג די צײַט פֿון דער מענטשלעכער דערוואַכונג, און פּסח איז דערפֿאַר אַזוי סימבאָליש דער יום־טובֿ פֿון ייִדישן פֿרילינג, און נישט נאָר אין זכות פֿון פּרעה. דער יום־טובֿ פֿון דער ייִדישער באַפֿרײַונג פֿאַלט דאָך אויס אין די טעג, ווען די פֿעלדער באַדעקן זיך מיט פֿאַרביקע בלומען־קעפּלעך, עס שפּראָצן די געוויקסן און עס צעשפּרייט זיך אין דער לופֿט דער דופֿטיקער פֿרישער ריח פֿון די קוים זיך עפֿענענדיקע פֿרילינגדיקע קנאָספּן. ווי שיין האָט דאָס אַלץ באַשריבן אונדזער אומשטערבלעכער מענדעלע מוכר ספֿרים!

איך דערמאָן זיך אויך ווי מיר פֿלעגן אין אונדזער קינדהייט אין אַזעלכע טעג זינגען אין דער ייִדישער שולע:

*עס האָבן פֿרילינגס־קלאַנגען / פֿון ווײַטן זיך דערהערט*
*מיט זוניקע געזאַנגען / פֿון אויפֿגעוואַכטער ערד:*
*אָ, דו וואַך אויף, מײַן האַרץ, פֿון שלאָף,*
*אַ סוף צום טרויער, שוין אַ סוף –*
*וואַך אויף, מײַן האַרץ, וואַך אויף, מײַן האַרץ!*

אָבער די נאַטור האָט זיך אירע געזעצן, איבער וועלכע דער מענטש האָט נישט קיין שליטה. דער פֿרילינג קומט און דער פֿרילינג גייט אַוועק. די ערד דרייט זיך און עס דרייט זיך אויך דאָס ראָד פֿון דער געשיכטע.

געשיכטע – דאָס איז דאָך, דאַכט זיך, דאָס גרויזאַמסטע וואָרט אין דעם ייִדישן לעקסיקאָן. באַזונדערס פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק. זי איז דאָך זײַן קאָלעקטיווע ביאָגראַפֿיע. איז דען פֿאַראַן נאָך אַ באַגריף, אַ וואָרט, וואָס זאָל האָבן אײַנגעשלאָסן אין זיך אַזוי פֿיל ביטערע דערפֿאַרונג און אַזוי פֿיל יסורים, ווי דאָס וואָרט געשיכטע? דאַכט זיך אַן אומשולדיקער, כּמעט וויסנשאַפֿטלעכער באַגריף. זענען דאָך פֿאַראַן אָן אַן ערך שטאַרקערע ווערטער, ווי למשל: גרויל, צרות, לײַדן, שמאַכט, פּײַן, יסורים – אָ, ווי רײַך איז דאָס ייִדישע לשון מיט אַזעלכע לײַדנס־באַגריפֿן. און דאָך איז דאָס אומשולדיקע וואָרט "געשיכטע" אַ סך שטאַרקער פֿון די אַלע באַגריפֿן, ווײַל אַלע זענען זיי אײַנגעפֿלאָכטן, אײַנגעזאַפּט אין אים. געשיכטע נעמט דאָך אַרײַן אונטער איר שלייער אַזוי פֿיל ייִדישע פּײַן און לײַד – גאַנצע ימען יסורים פֿון טויזנטער יאָרן – אַז אַפֿילו יעדע ייִדישע פֿרייד איז אויסגעמישט מיט לײַד.

און מיט יסורים איז אויך פֿאַרבונדן דער יום־טובֿ פֿון ייִדישן פֿרילינג, פּסח, דער "חג החירות". אַ גאַנצע געשיכטע פֿון בלוט־בילבולים, פֿון פּאָגראָמען און שענדונגען. יעדע באַפֿרײַונג איז בײַם ייִדישן פֿאָלק געווען פֿאַרבונדן מיט יסורים – אָנהייבנדיק פֿון יציאת מצרים. און אַזוי האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק איבער פֿאַרשיידענע עפּאָכעס פֿון קורצער פֿרײַהייט און לאַנגער קנעכטשאַפֿט אויסגעטראָגן זײַן "געשיכטע" און מיט יעדן יאָר זי פֿאַרגרעסערט, באַרײַכערט מיט נאָך און נאָך יסורים.

פֿון די אַלע יסורים און לײַדן האָט אָבער אַרויסגעבליקט אַ ליכטיקער, אַ וואַרעמער שטראַל – דער ייִדישער בטחון, די האָפֿענונג, וואָס האָט זיך תּמיד דערוועקט מיט דעם אויפֿגאַנג פֿון די דופֿטיקע פֿרילינג־ריחות. אָט דער בטחון האָט דאָס געגעבן דעם אויסדויער צו טראָגן ווײַטער דאָס שווערע ייִדישע פּעקל. אין די פּסח־טעג האָט די באַפֿרײַונג יעדעס יאָר אַרײַנגעבליקט אין יעדן ייִדישן ווינקל, אין יעדן געטאָ פֿון די אַלטע און נײַע מיטלאַלטערס, פֿון דער איטאַליענישער ווענעציע, פֿון די שפּאַנישע קאָרדאָוואַ און טאָלעדאָ, דורך מײַנץ און לובלין, דורך די אוקראַיִנישע סטעפּעס, צווישן קאָזאַקישע האָרדעס, ביז – ביז דעם גרויסן בראָך פֿון אונדזער דור.

אַזוי האָבן זיך יאָר־אײַן, יאָר־אויס געמישט און געוועקסלט לײַדן מיט האָפֿענונג, האָפֿענונג מיט לײַדן.

פּסח תּשט"ו – 1955. ווידער אַ שווערער ערבֿ־פּסח. אַ צײַט פֿון שׂינאה און האַס. די אָפֿיציעלע שפּראַך פֿון פֿאַרניכטונגס־דראָונגען הערשט פֿון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן. און מיר דאָ אין לאַנד – אַרומגערינגלט מיט אַ ים פֿון שׂינאה און ביטערניש. שיסערײַען, קוילן און האַנט־גראַנאַטן, לוויות און דאָס קרעכצן פֿון אומשולדיקע קרבנות בילדן די ערבֿ־פּסחדיקע "מוזיק" אַטמאָספֿער. די שפּראַך פֿון העצע, נקמה און בלוט – דאָס איז די שפּראַך, דער דיאַלאָג צווישן אונדז און די שכנותדיקע פֿעלקער.

האָט אָבער אין דער בלוטיקער סימפֿאָניע פֿון שׂינאה און נקמה זיך אויפֿגעהויבן ערבֿ פּסח תּשט"ו – 1955 דער דערפֿרישנדיקער ריח פֿון בלומען – פֿרילינגדיקע בלומען אין די הענט פֿון אַן אַראַביש מיידעלע, און האָט אַרײַנגעהויכט אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג אין ייִדישע הערצער.

עס זענען פֿאַראַן דערשײַנונגען, וואָס רופֿן אַרויס אַסאָציאַציעס בײַ יעדן מענטש – בײַ יעדן לויט זײַן שטייגער. בײַ מיר רופֿט אַרויס דער ריח פֿון געוויקסן פֿאַרשיידענע דערמאָנונגען. יעדער ריח טראָגט מיך אַריבער אין מײַן זכּרון אין אַן אַנדער אָרט, אין אַן אַנדערער תּקופֿה פֿון מײַן ווײַטער אָדער נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט. אַ צופֿעליק פֿאַרבײַגעשוועבטער ריח טראָגט מיך געוויינלעך אַוועק אין אַן אַנדערער ווײַטער וועלט. און נישט אומבאַדינגט דער ריח – אַפֿילו ווען מען רעדט נאָר וועגן בלומען און בלומען־ריחות, אַזוי דערוועקן זיך אין מיר זכרונות פֿון מײַן קינדהייט.

אַזעלכע זכרונות האָבן זיך אין מיר דערוועקט ווען עס איז די טעג דערציילט געוואָרן אין דער פּרעסע און אין ראַדיאָ וועגן דעם פֿאַרלוירן־געגאַנגענעם צוויי־יאָריקן אַראַבישן מיידעלע דאַלאַל כאָראַני, וואָס מען האָט צום סוף געפֿונען אין פֿעלד אַ שלאָפֿנדיקע ווײַט פֿון איר שטוב, מיט בלומען אין די הענט. פֿיר און צוואַנציק שעה האָבן געדויערט די זוכונגען. עס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט קרובֿ צוויי־הונדערט־און־פֿופֿציק ייִדישע שוטרים, און דער ראַדיאָ האָט פֿיר מאָל אין טאָג גערופֿן די באַפֿעלקערונג זי זאָל העלפֿן זוכן דאָס פֿאַרשוווּנדענע אַראַבישע מיידעלע. און די באַפֿעלקערונג האָט געהאָלפֿן זוכן. ליכט־ראַקעטעס זענען בײַנאַכט אַרויסגעשיקט געוואָרן אין דער פֿינצטערניש אין דער געגנט, כּדי אָפּצושרעקן די שאַקאַלן, זיי זאָלן דעם מיידעלע נישט טאָן קיין שלעכטס. צוזאַמען מיט דער ייִדישער פּאָליציי איז אויך אַלאַרמירט געוואָרן די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון רמלה און פֿון לוד – צו ראַטעווען אַ קליין אַראַביש קינד.

ווי שטאַרק דערמוטיקנדיק האָט געווירקט די דאָזיקע ידיעה אין די טעג פֿון ייִדיש־אַראַבישער שׂינאה אויף די גרענעצן, אין די טעג פֿון דער שוידערלעכער רציחה אין מושבֿ פּטיש אויפֿן נגבֿ. אַן ערבֿ־פּסחדיקער שטראַל פֿון ליכט און האָפֿענונג אין די טעג פֿון חשכות און ייִאוש.

אַ גאַנצן מעת־לעת האָבן הונדערטער מענטשן געזוכט דאָס קליינינקע מיידעלע, ביז מען האָט זי ענדלעך געפֿונען אַ שלאָפֿנדיקע אין פֿעלד, מיט בלומען אין די הענט. אַ זיס, זאָרגלאָז שמייכעלע האָט באַדעקט דאָס קליינע פּנימל פֿון דעם צוויי־יאָריקן מיידעלע, וואָס האָט נישט באַנומען אין וואָס פֿאַר אַ געפֿאַר זי געפֿינט זיך. און פֿון דעם בינטל בלומען, וואָס זי האָט צונויפֿגעקליבן אין פֿעלד בעת זי האָט אַזוי אַליין אַרומגעבלאָנקעט איידער זי איז אַוועקגעפֿאַלן אַ מידע און איז איינגעשלאָפֿן – האָט זיך געטראָגן דער ריח פֿון פֿרילינג, פֿון ערבֿ דעם ייִדישן פּסח.

אָט דער ריח האָט מיך טאַקע אַוועקגעטראָגן אין דער פֿאַרגאַנ־גענהייט, צו די ערבֿ־פּסחדיקע טעג פֿון מײַן קינדהייט. דער שאַרפֿער פֿרילינגס־ריח פֿלעגט אָנפֿילן די לונגען, דאָס האַרץ פֿלעגט, ווי בײַ אַלע קינדער, זיך פֿרייען מיטן אָנקומענדיקן יום־טובֿ. אָבער די עלטערן און די לערער פֿלעגן מיר דאַן דערציילן וועגן די עלילות דמים, וואָס מע פֿלעגט אויסטראַכטן אויף ייִדן לכּבֿוד פּסח, וועגן די שענדלעכע בלוט־בילבולים, וואָס מע פֿלעגט מאַכן אויף ייִדן, אַז זיי ברענגען אום קריסטלעכע קינדער, אַז זיי באַנוצן זיך מיט גויִיש בלוט אויף מצות.

און אָט – דאָס קליינע אַראַבישע מיידעלע, וואָס מען האָט מיט אַזוי פֿיל זאָרג געזוכט אין די פֿעלדער און פּרדסים אַרום רמלה. איז דאָס נישט דער שענסטער, דער מענטשלעכסטער ענטפֿער אויף די בייזווי־ליקע עלילות־טרײַבער און פֿאַרשפּרייטער פֿון שׂינאה צווישן פֿעלקער?

זאָל דאָס זײַן אַ בײַשפּיל אויף פֿאַר יענע ייִדן, וואָס האָבן נאָך נישט איינגעזאַפּט אין זיך די מידה פֿון שעצן און ליב האָבן יעדן מענטש, צו וועלכן פֿאָלק אָדער שבֿט ער זאָל נישט געהערן; און זאָל דער ריח פֿון די בלומען אַרײַנדרינגען אין יעדער ייִדישער שטוב בעתן אָפּריכטן דעם סדר, און זאָל ער באַהויכן יעדע משפּחה בעתן לייענען די פּסחדיקע הגדה – די געשיכטע פֿון יציאת מצרים.

*לעצטע נײַעס*, **ערבֿ פּסח תשט"ו – 1955**

## *אַ פּורים־שפּיל אָן מאַסקעס*

דער פּאַיאַץ, דער לץ, איז שוין פֿון לאַנג געוואָרן איינער פֿון די בכּבֿודיקסטע העלדן אין דער מאָלעריַי, אין דער אָפּערע און אין טעאַטער. זינט עס איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פֿון קעניגלעכן הויף דער הויף־לץ, וועמענס אויפֿגאַבע עס איז געווען צו קיצלען און פֿריילעך צו מאַכן דעם קיסר זײַן פֿאַרכמאַרעט געמיט, האָט ער זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף דער טעאַטער־בינע און אויפֿן לײַוונט פֿון דעם קינסטלער. דער מאָלער געפֿינט געוויינלעך אין דעם פּאַיאַץ די פֿאַרקערפּערונג פֿון זײַן אייגענעם געמיט, ווי אונטער דער פֿרעמדער פֿריילעכער מאַסקע וואָלט געווען פֿאַרשטעקט דער טרויעריקער אמת פֿון זײַנע אייגענע ראַנגלענישן, טראַגעדיעס, אָדער רופֿט עס אָן ווי איר ווילט.

די פּורימדיקע עדלאָיָדעס (לייען: אַדלאָיאַדעס), די נאַציאָנאַלע שׂימחה איבער המנס מפּלה און די פּורים־שפּילן, זענען אַ געלעגנהייט זיך צו באַפֿרײַען כאָטש אויף אַ טאָג־צוויי פֿון די טאָג־טעגלעכע דאגות, און די מאַסקע העלפֿט אין דעם אין אַ היפּשער מאָס. אַפֿילו ווען זי פֿאַרשטעלט די צוריקגעהאַלטנקייט פֿון דער שׂימחה, מאַכט זי אָבער לײַכטער און פֿריילעכער אויפֿן געמיט, שוין אָפּגערעדט בײַ אונדזערע קינדער, בײַ וועמען די מאַסקע פֿאַרשטעלט די קינדערישע תּמימות און דעקט אויף די נאַטירלעכע, נישט געמאַכטע פֿרייד.

אין דער איצטיקער וואָך פֿון פּורים איז אָבער אויפֿגעשפּילט געוואָרן בײַ אונדז אַ פּורים־שפּיל אָן מאַסקעס, אַפֿילו אָן קליידער, און אין אָט דעם געזעלשאַפֿטלעכן סטריפּטיז איז אָפּגעדעקט געוואָרן די צבֿיעות און די טרויעריקע לעבערלעכקייט פֿון געוויסע געשטאַלטן, וואָס זענען געשטאַנען אין צענטער פֿון דעם סצענאַריאָ. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק ווי עס וואָלט געוואָרן צוריקגעקערט די אַלטע אינסטיטוציע פֿון דעם הויף־פּאַיאַץ, וועלכער איז אַנגאַזשירט געוואָרן אין דער העכסטער אויספֿיר־אינסטאַנץ פֿון דער מדינה – אין דער

רעגירונג, כּדי צו קיצלען די מיניסטאָרן און אַרויסצורופֿן אַ געלעכטער בײַם פֿאָלק.

די פּרשה פֿון דעם רעגירונגס־סעקרעטאַר און זײַן קאָנפֿליקט מיטן קאַריקאַטוריסט און זשורנאַליסט רענן לוריא, איז געוואָרן איינע פֿון די לעצטע פּורים־שפּילן, אין וועלכער די שפּילערס האָבן פֿאַרלוירן די מאַסקעס אין מיטן דער פֿאָרשטעלונג און זענען געבליבן נאַקעט מיט זייער אומפֿאַרשעמטקייט. אין שײַכות דערמיט האָט איינע פֿון די היגע צײַטונגען טרעפֿלעך געשריבן, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל ווי אַ קאַריקאַטוריסט טרעפֿט זיך פּנים־אל־פּנים מיט דער קאַריקאַטור... דער אויפֿטריט פֿון דעם רעגירונג־סעקרעטאַר ה׳ אַריה נאָור אויף דער פּרעסע־קאָנפֿערענץ אויף צומאָרגנס נאָך דעם ווי עס זענען געוואָרן פֿאַרעפֿנטלעכט די באַשולדיקונגען פֿון דעם קאַריקאַטוריסט רענן לוריא קעגן אים, האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַן עכטע טעאַטער־קאָמעדיע, וואָס האָט אָבער נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ ביטערן בײַגעשמאַק.

דער עצם אינהאַלט פֿון דעם סיכסוך צווישן די צוויי מענטשן וואָלט נישט געוווען קיין ענין פֿאַר דער עפֿנטלעכער פֿאַראינטערעסירונג, און מיר וואָלטן אויך נישט געקאָנט שרײַבן וועגן דעם כּל־זמן דער סיכסוך ווערט איבערגעגעבן דעם יורידישן ראַטגעבער און ווערט דערמיט אַ ״סוב־יודיצע״, אַן ענין פֿאַרן געריכט – ווען נישט דער מלוכישער סטאַטוס פֿון דעם רעגירונג־סעקרעטאַר, וועלכער האָט אויף דער סענסאַציאָנעלער פּרעסע־קאָנפֿערענץ זיך אויך געריִמט מיט זײַן מיוחסדיקן שטאַנד: עס איז נאַריש, האָט ער געזאָגט, אַז אַ מענטש פֿון אַזאַ הויכן מלוכישן סטאַטוס זאָל דאַרפֿן אָנקומען צו ״עפּעס אַ קאַריקאַטוריסט״ נאָך אַ טובֿה און נאָך פּראָטעקציע, כּדי צו קריגן אַרבעט אין אַ דײַטשער צײַטונג נאָך די וואַלן אין ישׂראל. בעת אָט די וואַלן וועט ער זיכער פֿאַרלירן דעם דאָזיקן הויכן סטאַטוס מיטן פֿאַלן פֿון דער ״ליכּוד״־רעגירונג, ווי עס האָט דערציילט דער ״קאַרי־קאַטוריסט״, וועמעס רייד ה׳ נאָור האָט אַזוי אַנטשיידן אָפּגעלייקנט.

אין ליכט פֿון די גרויסע פּרשיות, אין וועלכע עס זענען פֿאַרמישט אַ מיניסטער מיט זײַנע העכסטע רעגירונגס־באַאַמטע און ראַטגעבערס, און אין ליכט פֿון אַנדערע גרויסע חרפּות, מיט וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט די קנאַפּע פֿיר־יאָריקע קאַדענץ פֿון דער איצטיקער רעגירונג – זעט דאָס אויס ווי אַ קליינער פּראָווינציעלער סיכסוך צווישן צוויי חבֿרים אָדער שותּפֿים, וואָס האָבן זיך צעקריגט. אָבער טאַקע צוליב דעם מלוכישן סטאַטוס, וועלכן עס פֿאַרנעמט איינער פֿון

זיי, און צוליב דעם כאַראַקטער פֿון דער אָנקלאַגע, ווערט דאָס פֿאַרוואַנדלט אין אַן עפֿנטלעכן וואַשן פֿון שמוציקער וועש אויפֿן הויכן מלוכישן ראַנג.

מיר וועלן זיך דאָ נישט אַרײַנלאָזן אין די פּרטים פֿון די קעגנזײַטיקע טענות, וואָס וועלן זיכער געבראַכט ווערן פֿאַר אַ געריכטלעכער אַנטשיידונג. מיר ווילן אָבער אָנווײַזן אויף דעם מאָראַלישן פּרצוף פֿון אָט דעם סיכסוך, וואָס איז אַרויס אין דער עפֿנטלעכקייט – פּונקט אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פּרשיות – ערשט ווען די צדדים זענען צווישן זיך נישט אַדורכגעקומען אין זייער נישט עסטעטישער טראַנזאַקציע.

לאָמיר זיך דערמאָנען מיט וואָס פֿאַר אַן אייפֿער די פּאַרטיי פֿון מנחם בעגין – אין וועלכער ה׳ אַריה נאָור איז אַ חשובֿער מיטגליד – האָט געקעמפֿט קעגן דעם שילומים־אָפּמאַך מיט דײַטשלאַנד, און קעגן אײַנשטעלן מיט איר וועלכע עס איז דיפּלאָמאַטישע און שפּעטער קולטור־ און האַנדלס־באַציִונגען. ה׳ אַריה נאָור איז אָן ספֿק אַנגאַזשירט געוואָרן ווי דער סעקרעטאַר פֿון דער רעגירונג אין זכות פֿון זײַן בכּבֿודיקן ייִחוס – אין זכות פֿון דעם, וואָס ער איז דער זון פֿון אסתּר רזיאל־נאָור. קומט איצט דער זון פֿון אָט דער באַקאַנטער און הויך־געשעצטער פֿירערין און קעמפֿערין פֿון אֶצֶ״ל, און וויל אײַנשטעלן פּריוואַטע קולטור־ און האַנדלס־באַציִונגען מיטן לאַנד פֿון דער טומאה, און באַנוצט זיך צו דעם צוועק מיט דער פּראָטעקציע פֿון ״עפּעס אַ קאַריקאַטוריסט״, וועלכער איז באַשעפֿטיקט אין דעם ניו־יאָרקער מאַגאַזין ״ניוזוויק״ און האָט אַ קאָנצעסיע איבער דער דײַטשער צײַטונגס־נעץ פֿון אַקסעל שפּרינגער – ווי אַ זשורנאַליסט.

אויב ה׳ נאָור האָט געלייקנט די דאָזיקע טענה וועגן דער אײַנגע־בעטענער פּראָטעקציע, האָט ער אָבער נישט געקענט אָפּלייקענען דעם פֿאַקט, אַז ער האָט דעם דאָזיקן קאַריקאַטוריסט פּערזענלעך באַדינט אָפּפֿירנדיק אים מיט זײַן אויטאָ צום פֿלי־פּלאַץ אין לוד, און אַז ער האָט אים אויפֿגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר, כּדי איבערצוגעבן אַ דײַטשישער צײַטונג ״די קלאַנגען״ וועגן דעם שמועס צווישן דזשימי קאַרטער און דעם דײַטשן קאַנצלער העלמוט שמידט וועגן די צרות, וואָס ער, דזשימי קאַרטער, האָט אויסצושטיין פֿון די ייִדן, וועלכע לאָזן אים נישט רעאַליזירן די פּאַלעסטינער אויטאָנאָמיע... און דאָס אַלץ – אין דער צײַט פֿון דער ברענענדיקער וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס האָט – אויסער דעם חטא פֿון באַנוצן זיך מיט זײַן פֿרײַען צוגאַנג צו דער

געהיימער מלוכישער אינפֿאָרמאַציע (אַפֿילו ווען די ידיעה איז שוין ערגעץ ווו געוואָרן פֿאַרעפֿנטלעכט און איז כּמעט נישט געוואָרן באַמערקט) – אויך פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ ברוטאַלע אַרײַנמישונג פֿון ישׂראלדיקן מלוכישן ראַנג אין די אַמעריקאַנער וואַלן.

די דאָזיקע פּרשה איז געווען נאָר איינע פֿון דער גרויסער פּאָליטישער און מאָראַלישער עַדְלָאיָדֶע פֿון די פּורים־שפּילן און סטריפּטיז־פֿאָרשטעלונגען, וואָס זענען אין דער לעצטער צײַט אויפֿגעשפּילט געוואָרן אָן מאַסקעס – אַנטפּלעקנדיק די צבֿיעות פֿון די וואָס זענען נאָענט צו דער מלוכישער קאָרעטע, אָבער דער גורל און דער פּרעסטיזש פֿון דער מדינה ליגט זיי אין דער לינקער פּאה.

*לעצטע נײַעס*, **20־סטער מערץ 1981**



## dolce vita אָרעמקייט – און

א ונדזער דור, דער דור פֿון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט – דער דור, וועלכער האָט מיטגעמאַכט און איבערגעלעבט די היטלער־מלחמה, דעם חורבן, דעם פֿאַשיזם און דעם קאָמוניזם, די טעכנאָלאָגישע רעוואָלוציע און דעם אויפֿקום פֿון דער ייִדישער מדינה; דער דור וואָס האָט מיטגעמאַכט אַלע אויפֿטרייסלונגען פֿון יענער תּקופֿה און איז אַרײַנגעטראָטן אין דעם נײַעם מילעניום מיט נײַע ספֿקות און מיט נײַע האָפֿענונגען – דער דאָזיקער דור אונדזערער קוקט נאָך אַלץ אויף דער מדינה מיט די אויגן פֿון יענער תּקופֿה ווען זי איז געשאַפֿן געוואָרן מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. זיי פֿאָלגן־נאָך אירע אַנטוויקלונגען, זיי באַוווּנדערן איר פֿאָרשריט, פֿרייען זיך מיט אירע דערפֿאָלגן, זיי באַדויערן אירע דורכפֿאַלן, באַווייטיקן אירע אומגליקן און באַוויינען די קרבנות.

עס איז נאַטירלעך, אַז ייִדן אויף דער וועלט אידענטיפֿיצירן זיך מיט דער מדינה און ווילן הערן פֿון איר נאָר גוטע זאַכן. עס איז נאַטירלעך, אַז זיי ווילן שעפּן נחת, און נישט האָבן קיין עגמת־נפֿש פֿון איר. אפֿשר דערפֿאַר קוקן זיי אויף איר מיט די אויגן פֿון יענער צײַט – ווי די צײַט וואָלט זיך נישט גערירט פֿונעם אָרט.

אויב די צײַט, ווי מיר ווייסן, שטייט נישט אויף אַן אָרט, גייט אָבער דער זכּרון זײַן גאַנג אויף צוריק. דער קאָלעקטיווער זכּרון גייט אין גאַנצן פֿאַרלוירן, אָבער דער זכּרון פֿונעם יחיד, באַזונדערס פֿונעם אַלטן דור, בלײַבט שטעקן, ווי מיר ווייסן, בײַ די זכרונות פֿון דער קינדהייט. נישט נאָר פֿון דער אייגענער פּערזענלעכער קינדהייט, נאָר אויך בײַ די יונגע יאָרן פֿון דער מדינה. אויך דאָס איז אפֿשר די סיבה הלמאַי אונדזער דור וויל זען די מדינה מיט די אויגן פֿון אירע קינדערשע אָדער יוגנטלעכע יאָרן.

און דאָך – ווער פֿון אונדז געדענקט נאָך בן־גוריונס לאָזונג "הסוציאליזם בימינו", וואָס איז געווען די ריכטלינים פֿון די אַרבעטער־פּאַרטייען, וואָס האָבן אויסגעקעמפֿט און געגרינדעט די

מדינה, וועלנדיק זען אין איר די פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעם "סאָציאַליזם נאָך אין אונדזערע טעג", דעם אידעאַל פֿון דער סאָציאַלער גלײַכהייט, און פֿון דער מדינה ווי אַן "אור לגויים" – ווי דער מוסטער און דאָס ליכט פֿאַר די פֿעלקער פֿון דער וועלט. דאָס האָבן גרינדער פֿון דער מדינה געזען פֿאַר זיך נישט נאָר דעם חזיון פֿון די סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער און וויזיאָנערן, וואָס נישט ווייניקע פֿון זיי זענען געווען ייִדן, נאָר אויך דעם מוסטער פֿון אונדזערע אָבֿות און דעם חזיון פֿון אונדזערע נבֿיאים.

מילא, אַז דער דאָזיקער חזיון מאַכט איצט אַדורך אַ שווערן קריזיס – איז עס דאָך נישט חל בלויז אויף אונדז. ווייסן מיר דאָך, אַז דער צוזאַמענברוך פֿון דעם קאָמוניסטישן דעספּאָטיזם און דאָס אַנטפּלעקן דעם גוואַלדיקן פֿאַרנעם פֿון זײַנע פֿאַרברעכנס האָט גאָר אַ סך בײַגעשטײַערט צו אָט דעם קריזיס. ווײַל פּשוטע מענטשן האָבן אידענטיפֿיצירט דעם סאָציאַליזם מיט קאָמוניזם – אַזוי האָבן סײַ די קעגנערס פֿונעם סאָציאַליסטישן געדאַנק און סײַ די קאָמוניסטן זיי אײַנגערעדט, בעת זיי האָבן זיך צוגעאייגנט דעם מאָנאָפּאָל אויף סאָציאַליזם און זיך איזדיעקעוועט איבער אים.

אין מדינת־ישׂראל זענען דאָך אין די ערשטע יאָרן פֿון איר באַשאַפֿונג – פֿון דער "מדינה אויפֿן וועג" – צוגעגרייט געוואָרן די געהעריקע כּלים, ס'איז געשאַפֿן געוואָרן דער נייטיקער מעכאַניזם און עס זענען אויפֿגעשטעלט געוואָרן די געהעריקע אינסטיטוציעס – די הסתּדרות מיט אירע קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, די קיבוצים, וועלכע זענען געוואָרן "דאָס אויסשטעל־פֿענצטער פֿון דער מדינה", די קראַנקייטס־פֿאַרזיכערונגען אד"גל. און ווען די מדינה איז אויפֿגעקומען און האָט אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן, האָבן שוין געהאַט זייערע פֿעסטע פּאָזיציעס אין איר די דרײַ עקאָנאָמישע סעקטאָרן: דער מלוכישער, דער קאָאָפּעראַטיווער און דער פּריוואַטער.

די סאָציאַלע איבערקערעניש – אויף רעכטס – האָט זיך אָנגעהויבן מיט בעגינס קומען צו דער מאַכט אין מײַ 1977, באָטש אירע זוימען זענען פֿאַרזייט געוואָרן שוין פֿריִער, מיטן אויפֿקומען פֿון רפ"י, ד"ש און אַנדערע בירגערלעכע באַוועגונגען אָפּגעשפּאָלטענע פֿון דער מפּא"י נאָך אין דער צײַט פֿון איר הערשאַפֿט. דער "חרות" האָט דעמאָלט אַרײַנגעבראַכט מיט זיך אין דער רעגירונג (און אײַנגעשלונגען אין זײַן פּאַרטיי) די "אַלגעמיינע ציוניסטן", וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט דעם רײַכערן שיכט, די עקאָנאָמישע, קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע

עליטע אין דער מדינה. דאָס אָפּשאַפֿן די קאָנטראָל איבער דער פֿרעמדער וואַלוטע און די דערקלערונג פֿון דעם פֿינאַנס־מיניסטער שׂימחה ערליך (אין דער רעגירונג פֿון מנחם בעגין), אַז די בירגער פֿון ישׂראל זאָלן קענען אַרײַנקומען אין באַנק "שטאָלץ און מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ" – זײַ זענען געװוען דער סימבאָלישער אַרײַנפֿיר צו דער עפּאָכע פֿון דער פּריוואַטיזאַציע, וואָס האָט געפֿירט צו דער איצטיקער ברוטאַלער גלאָבאַליזאַציע פֿון דער ישׂראלדיקער ווירטשאַפֿט. אַ פּראָצעס, וואָס גייט אָן אין לאַנד אונטער אַלע רעגירונגען, וואָס האָבן שוין באַוויזן זיך צו טוישן אין משך פֿון די אַלע יאָרן זינט בן־גוריונס חזיון פֿון "סוציאליזם בימינו" ביז דער כּסדר וואַקסנדיקער "סאָציאַלער שער" צווישן דעם דורכשניטלעכן אַרבעטס־לוין פֿון 711 שקלים (אַרום 170 דאָלאַר) אַ חודש, וואָס וואָס עס פֿאַרדינט "ברוטאָ" אַן אָנגעהעריקער צום נידעריקסטן שיכט־צענטל – און די סומע פֿון 31.000 ש', וואָס איז דער דורכשניט־פֿאַרדינסט פֿון אַן אָנגעהעריקן צום "העכסטן" צענדליק פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿון לוין־אָנגעשטעלטע.

נאָך גרעסער איז די "שער" אין דעם אַ"ג זעלבשטענדיקן סעקטאָר, אין וועלכן די הכנסות זענען 2,4 מאָל גרעסער, ווי אין דעם לוין־סעקטאָר. אָבער אין דעם העכסטן צענדליק פֿון די זעלבשטענדיקע פֿאַרדינער דערגרייכט שוין די דורכשניטלעכע חודשלעכע הכנסה ביז קרובֿ 400,000 שקלים.

די טרוקענע סטאַטיסטיק רופֿט זיך אָפּ מיט נאַסע טרערן פֿון קרובֿ אַ מיליאָן נפֿשות – אַ זעקסטל פֿון דער באַפֿעלקערונג – וועלכע לעבן אין באַדינגונגען פֿון טיפֿער נויט, און וואָס מער עס וואַקסט די צאָל נויטבאַדערפֿטיקע, אַלץ מער סאָציאַלע אַנשטאַלטן, וואָס זענען באַרופֿן זיי צו העלפֿן, ווערן געשלאָסן. די צאָל אַרבעטלאָזע האַלט אין איין וואַקסן און עס שליסן זיך שוין אָן צו זיי אויך טויזנטער באַזײַטיקטע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿון די פֿריִער פּראָספּערירנדיקע צווײַגן – פֿון הײַ־טעק, פֿון דער טוריסטיק (האָטעלן, רעסטאָראַנען אד"גל), פֿון טעקסטיל־צווײַג, צוליב דער גלאָבאַליזאַציע, פֿון דער מעטאַל־אינדוסטריע – צוליב דעם ביליקן אײַזן־אימפּאָרט פֿון טערקײַ, אאַז"וו. די רעגירונג, וועלכע איז איצט אַרײַנגעטאָן אין דעם קאַמף קעגן דער אינטיפֿאַדע און דעם טעראָר, פֿירט אַריבער מיליאַרדן פֿון געזונטהייט, בילדונג, סאָציאַלע און אַנדערע באַדינונגען פֿאַר די בירגער – צו דעקן די ריזיקע אויסגאַבעס פֿון דער אַרמיי, פֿאַר דער

אינטענסיווער קאָלאָניזאַציע און פֿאַר אַנדערע ״פּריאָריטעטן״ פֿון דער איצטיקער רעגירונג.

גבֿירים און קבצנים זענען אַלעמאָל געווען און זיי זענען פֿאַראַן אין יעדן אָרט. אָבער נאָך קיינמאָל האָבן די סאָציאַלע קאָנטראַסטן נישט געווירקט אַזוי שטאַרק אויף דער געזעלשאַפֿטלעכער געשטאַלטונג פֿון דער מדינה – וועלכע האָט פּרעטענדירט צו זײַן אַן ״אור לגויים״ – ווי אין די איצטיקע טעג פֿון דער אַזוי געררופֿענער ״נאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע״.

די טעג האָט זיך פֿאַרענדיקט דאָס שוליאָר און אַ מיליאָן קינדער אין די גרונט־שולן און 600,000 אין די מיטלשולן זענען אַרויס אויף די זומער־פֿעריען. יעדעס יאָר, ווי באַוווסט, ווערן אײַנגעאָרדנט פֿאַר די שילער סיום־פֿײַערונגען אין די שולן. הײַנטיקס יאָר – הײַנטיקע וואָך – זענען אַ סך פֿון די סיום־פֿײַערונגען פֿאָרגעקומען אין... חתונה־זאַלן און אין עלעגאַנטע האָטעלן, לויטן שטייגער פֿון דער ״דאָלטשע וויטאַ״, לויטן באַרימטן איטאַליענישן פֿילם – מיט געדונגענע טײַערע זינגער און אַרטיסטן, און מיט כּלערליי טײַערע אַטראַקציעס פֿאַר דער ווילד־בליִענדיקער און ליידיק־גײַסטיקער יוגנט, וואָס וויל פֿאַרזוכן פֿונעם בטלנישן זיסן לעבן פֿון די גבֿירים – און איז גרייט פֿאַר דעם צוועק אַפֿילו די הויזן צו פֿאַרקויפֿן. פֿאַרשטייט זיך, די הויזן פֿון די עלטערן, וואָס קענען נישט אָפּזאָגן זייערע קינדער דאָס פֿאַרגעניגן. ווײַל אַזאַ איז די מאָדע.

אין זעלבן טאָג, ווען די טעלעוויזיע האָט דעמאָנסטרירט אַזעלכע פּוסט־און־פּאַסיקע סיום־פֿאַרווײַלונגען, איז אויך אַרויסגעקומען פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט דער פֿאַל מיטן צען־יאָריקן ייִנגעלע דניאל נאָוואַק פֿון נתניה, וועלכער איז דעם לעצטן טאָג פֿון די לימודים אַהיימגעקומען פֿון דער שול מיט אַ געוויין: ער האָט נישט באַקומען די שול־צײַגעניש, ווײַל ער האָט נישט געהאָט צו באַצאָלן פֿאַר דער אומזיסטער בילדונג. זײַנע עלטערן זענען שולדיק 550 שקלים – פֿון די 850 שקלים, וואָס די שול־פֿאַרוואַלטונג האָט אײַנגעמאָנט אָנהייב שוליאָר לטובֿת די פֿאַרשיידנאַרטיקע ״דערלויבטע״ טעטיקייטן פֿאַר די קינדער.

די מדינה האָט די עוולה פֿאַרראָכטן און זי האָט זיך רעהאַביליטירט. אָבער דאָס ייִנגעלע איז געבליבן פֿאַרשעמט מיט זײַן אָרעמקייט.

מדינת־ישׂראל האָט אַדורכגעמאַכט אַ שווערן, אָבער אַ דערפֿאָלגרײַכן וועג פֿון איר אַנטוויקלונג אין די 53 יאָר פֿון איר עקזיסטענץ. פֿון אַן אָרעמער מדינה אָן נאַטירלעכע רײַכטימער איז זי

דערגאַנגען צו אַן אַנטוויקלטער "הײַטעק"־אינדוסטריע, וואָס פֿאַרדינט מיליאַרדן דאָלאַרן און פֿאַרקויפֿט פּראָיעקטן און גאַנצע אונטערנעמונגען פֿאַר מיליאַרדן צו אויסלענדישע אינוועסטאָרן. די דורכשניטלעכע נאַציאָנאַלע הכנסה "פּער קאָפּ" איז הײַנט אַזוי ווי פֿון די רײַכע מדינות אויף דער וועלט – בערך 18 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, אין זכות פֿון די יונגע און פֿעיִקע מוחות. פֿאַראַן מיט וואָס זיך צו גרויסן.

אָבער אויך דער סאָציאַלער קאָנטראַסט צווישן די אָרעמע און די רײַכע אין דער מדינה איז הײַנט פֿון די העכסטע אויף דער וועלט. אַ גרויסער מהלך פֿון דעם "סוציאַליזם בימינו" ביז דעם אויסגעוואַקסענעם מעבטיקן כּוח פֿון דעם מאָדערנעם שקלאַפֿן־מאַרק פֿון פּריוואַטער אַרבעט־פֿאַרמיטלונג, אויסגעשטעלט אויפֿן ווילקיר פֿון די אַרבעט־געבער – דער ברוטאַלסטער אויסדרוק פֿון דעם "פֿרײַען מאַרק" און דער פֿרײַער גלאָבאַלער ווירטשאַפֿט, אין וועלכער ישׂראל האָט דערגרייכט אַ גאָר הויכע פּאָזיציע.

נישטאָ דאָ, ליידער, מיט וואָס זיך צו גרייסן.

*פֿאָרווערטס*, **2־טער יולי 2001**

## *צבֿיעות אין הומאַניטאַרער וואַטע*

צײַט איז אַ רעלאַטיווער באַגריף, און אַוודאי איז אַ צײַט־אָפּשניט פֿון אַ האַלב יאָר נישט מער ווי אַ נישטיקער ברוכטייל פֿון דער אומענדלעכקייט.

אָבער אויב עס האָט זיך וואָס געענדערט אין דער פּאָליטישער לאַגע אויפֿן מיטעלן מזרח זינט דער זעקסטאָגיקער מלחמה – האָט זיך אָבער זייער אַ סך אָפּגעטאָן אין דעם געדאַנקענגאַנג פֿון די מענטשן און אין די פּאָליטישע כּוונות פֿון דעם רובֿ אידעאָלאָגישע און מלוכישע מנהיגים בײַ אונדז אין לאַנד. די אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון די וועלט־מנהיגים צו געפֿינען אַ לייזונג פֿאַר די אָנגעווייטיקטע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פֿון אונדזער ראַיאָן האָט דערוועקט אַ גאָר שטאַרקע אַקטיוויטעט פֿון כּלערליי עסקנים, פּאָליטיקער, רבנים און אַפֿילו וויסנשאַפֿטס־לײַט, וואָס שרײַבן אויס יעדן טאָג אַלץ נײַע און נײַע רעצעפּטן פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק און פֿאַר מדינת־ישׂראל.

אַזוי, למשל, האָבן די רבנים הראשיים אין ישׂראל שוין אַרויסגעגעבן אַ בפֿירושדיקן איסור פֿון דער תּורה, אַז די אָקופּירטע אַראַבישע שטחים זײַנען חלילה נישט צום צוריקקערן. זיי זײַנען אונדז געגעבן געוואָרן ווי אַ ירושה פֿון די אָבֿות, לויט דער בפֿירושדיקער הבֿטחה פֿון דעם רבונו של עולם, און יעדער יחיד, יעדע גרופּע, פּאַרטיי אָדער רעגירונג, וואָס וועט וואַגן צוריקצוקערן אַ שפּאַן פֿון די דאָזיקע שטחים – וועט באַגיין אַ פֿאַרברעכן קעגן דער תּורה, קעגן דער הלכה, קעגן ייִדישן גאָט און קעגן דעם ייִדישן פֿאָלק, רחמנא לצלן – און ער וועט דערקלערט ווערן ווי אַן עוכר ופּושע ישׂראל!

אין ליכט פֿון אָט דעם אומבאַשטרײַטבאַרן פֿאַקט, אַז די הימלען האָבן אויסגעשפּרייט זייער השגחה איבער גאַנץ ארץ־ישׂראל, פֿון דעם ברעג פֿון סועץ ביז די בערג פֿון גולן, און פֿון דער בת־ים‍מער פּלאַזשע ביז צו די ברעגן פֿונעם ירדן – מיט יריחו און מיט חבֿרון, מיט שכם און בית־לחם – זעט דאָך אויס בלייך און קליינלעך דער וויכּוח צווישן די רבנים גופֿא וועגן דעם, צי מען מעג מתפּלל זײַן אויפֿן הר הבית, אָדער

נישט. אין ליכט פֿון אָט דעם פֿאַקט איז בכלל שוין נישט וויכטיק צו באַשטרײַטן די אַנעקסיע (אָדער פֿאַראײניקונג) פֿון מזרח־ירושלים און דאָס אונטערוואַרפֿן דעם אַראַבישן טייל פֿון דער שטאָט אונטער דער בשותּפֿותדיקער הערשאַפֿט פֿון טעדי קאָלעק און הרבֿ יצחק נסים...

## די "עוואָלוציע פֿון אַפּעטיטן"

קיין רעליגיעזע צווים קאָן אַ פּשוטער בשׂר־ודם נישט משׂיג זײַן – מעג דאָס זײַן אַפֿילו אַזאַ רעליגיעזער אויטאָריטעט ווי עס איז הרבֿ סאָלאָווייטשיק, וועלכער זיצט אין ניו־יאָרק. וואָס עס איז אָבער אויך נישט משׂיג צו זײַן, איז – די עוואָלוציע, וואָס עס האָבן אַדורכגעמאַכט אונדזערע פּאָליטיקער און אידעאָלאָגן פֿון פֿאַרשיידענע ריכטונגען זינט דער זעקסטאָגיקן מלחמה, ביז הײַנט. און וואָס עס איז אויך נישט משׂיג צו זײַן, איז די צבֿיעות, מיט וועלכער זיי באַמיִען זיך צו באַרעבטיקן זייער געענדערטע שטעלונג.

דעמאָלט, אין די ערשטע צען טעג פֿון חודש יוני, ווען דאָס פֿאָלק פֿון ישׂראל איז ווירקלעך געווען שיכּור פֿון נצחון, ווען מען איז געשטאַנען צעטומלט און פֿאַרחידושט, מען האָט מיט ווייטיק געציילט די טראַגישע פֿאַרלוסטן און געפֿרייט זיך מיטן אָפּשטויסן די געפֿאַר, וואָס איז איבער אונדז געהאָנגען – אין יענע טעג האָט קיינער נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז "אויף אונדז ליגט די אַחריות פֿאַר דער געשיכטע און פֿאַרן גורל פֿון די קומענדיקע דורות", און וועגן נאָך אַזעלכע פֿראַזן, וואָס ווערן שוין הײַנט געפּרעדיקט ווי אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט. אין יענע טעג האָט קיינער נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז די פֿאַרנומענע שטחים טאָר מען נישט צוריקקערן. פֿאַרקערט – דאָס פֿאָלק האָט דאַן באַטראַכט די פֿאַרנומענע אַראַבישע טעריטאָריעס ווי אַ משכּון אויף צו דערגרייכן דעם איינציקן ציל: אַ שלום מיט אונדזערע אַראַבישע שכנים.

דאָס האָבן דאַן קלאָר און אַנטשידן דערקלערט אַלע ישׂראלדיקע מנהיגים – דער פּרעמיער און דער אויסערן־מיניסטער, דער שעף פֿון דעם גענעראַל־שטאַב און דער זיכערהייטס־מיניסטער. און אַפֿילו – פֿון דעם מנהיג פֿון חרות, מנחם בעגין, וועלכער איז אַרײַן אין דער רעגירונג בקול דממה דקה – האָט מען דאַן נישט געהערט די פֿאָדערונג צו אַנעקסירן די אָקופּירטע שטחים. און הײַנט – הײַנט קענען נאָר "נאַיִווע מענטשן" טראַכטן וועגן צוריקקערן "ערד פֿון די אָבֿות", "דאָס לאַנד פֿון תּנך", אָדער רופֿט עס וויאַזוי איר ווילט.

אָן ספֿק האָט גאָר אַ היפּשן חלק אין דער "עוואָלוציע פֿון די אַפּעטיטן" – אויך דער אַראַבישער צד, וועלכער האָט מיט זײַן אומבויגזאַמקייט און זײַן

עקשנותדיקן אָפּזאָג צו אָנערקענען די עקזיסטענץ־רעכט פֿון ישׂראל, געהאָלפֿן פֿאַרשטאַרקן אויך דעם ישׂראלדיקן שאָוויניזם. דער אַראַבישער עקסטרעמיזם איז אַ געטרײַער פֿאַרבינדעטער פֿון אַלע, וואָס פֿאַרלאַנגען אויפֿצוהאַלטן די "היסטאָרישע גרענעצן" פֿון ישׂראל.

פֿון איין זײַט באַשולדיקט מען די אַראַבער אין עקשנות און פּשרה־לאָזיקייט – אָבער פֿון דער אַנדערער זײַט האָט מען מורא טאָמער וועלן זיי, די אַראַבער, חלילה ווייכער ווערן און וועלן אײַנגיין אויף אַ פּשרה, און מיר וועלן חלילה מוזן אויפֿגעבן די פּלענער וועגן אַ "גאַנץ ארץ־ישׂראל".

## אַ מנהיג אָן אַ קאָמפּאַס

מיר וועלן זיך נישט אַרײַנלאָזן אין דעם סטערילן וויכּוח, וואָס האָט אַ צײַט לאַנג פֿאַנאַנדערגעהיצט די געמיטער בײַ אונדז אין לאַנד וועגן די סטראַטעגישע פֿאַרדינסטן פֿון משה דיין אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה. דאַקעגן פֿאַרדינט משה דיין זיכער אַ בכּבֿודיק אָרט אין דער גאַלעריע פֿון פּאָליטישע סטראַטעגן. און דאָס – נישט צוליב דער הויכער מאָראַ־לישקייט און קאָנסעקווענטער אויסגעהאַלטנקייט פֿון זײַן פּאָליטישער ליניע, נאָר גראָד פֿאַרקערט: מיט זײַן זיגזאַגישן וועג, מיט זײַנע סתּירותדיקע אַרויסזאָגונגען און דעקלאַראַציעס האָט ער מצליח געווען צו צעטומ־לען נישט נאָר דעם פֿײַנט, נישט נאָר די באַפֿעלקערונג פֿון די פֿאַרנומענע שטחים, וועלכע ווייסט נישט וואָס עס וועט זײַן איר גורל מאָרגן, נאָר אונדזערע פֿרײַנד און דאָס פֿאָלק אין ישׂראל גופֿא; מיט אָט דער ליניע פֿון היפּוכים און שפּרונג־סתּירות האָט משה דיין שטיל מיטגעהאָלפֿן אינעם באַאַרבעטן דעם געזעלשאַפֿטלעכן באָדן פֿאַר די פּלענער וועגן אַ "גאַנץ ארץ־ישׂראל". מעגן אים געוויסע פּובליציסטן אָנרופֿן ווי "אַ מנהיג אָן אַ קאָמפּאַס" – דער היפּוכדיקער וועג פֿון משה דיין איז אָבער אַ סטראַטעגיש צילבאַוווסטער וועג, וועלכער פֿירט די מדינה – צום אָפּגרונט פֿון אַוואַנטורע. לאָמיר דערמאָנען כראָנאָלאָגיש כאָטש אַ טייל פֿון דיינס פֿאַרשיידענע דערקלערונגען, און אַ קוק טאָן וווּהין זיי פֿירן:

דעם 12־טן יוני 1967, אין דער בריטישער טעלעוויזיע: "מע דאַרף אויפֿשטעלן אַן אַראַבישע פּאַלעסטינער אויטאָנאָמיע אויפֿן מערבֿ־ברעג פֿון ירדן אונטער ישׂראלדיקער קאָנטראָל; נישט צוריקקערן צו עגיפּטן דעם עזה־פּאַס".

29־סטער יוני: "מיר מוזן האַלטן די אָקופּירטע שטחים מיט ציין און נעגל ביז וואַנען די אַראַבער וועלן מסכּים זײַן צו מאַכן שלום".

5־טער יולי: "עזה־פּאַס איז אַן אינטעגראַלער טייל פֿון מדינת־ישׂראל".

6־טער יולי: "ישׂראל האָט נישט בדעה צו אָקופּירן דעם עזה־פּאַס.

9־טער אויגוסט: "מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צום וויגעלע פֿון אונדזער פֿאָלק, קיין חבֿרון, קיין בית־לחם, קיין ענתות און שילה, יריחו און צו די ברעגן פֿונעם ירדן, און מיר וועלן דאָרט לעבן צוזאַמען מיט די, וואָס געפֿינען זיך דאָרט".

3־טער סעפּטעמבער: "מ'דאַרף צוריקקערן צו יאָרדאַניע די ציווילע מאַכט אויפֿן מערבֿדיקן ברעג און זיך באַנוגענען נאָר מיט מיליטערישער שליטה..."

10־טער סעפּטעמבער: "מיר דאַרפֿן נישט הערשן אין דער 'גדה המערבֿית', נישט אַרײַנמישן זיך אין אירע ענינים, נישט אָנוואַרפֿן איר קיין תּקנות און נישט נאָמינירן פֿאַר איר קיין אַדמיניסטראַטאָרן, נאָר בלויז האַלטן די צענטראַלע שאָסייען און עטלעכע פּאָזיציעס, וואָס האָבן די שליטה איבער יאָרדאַניע".

פֿאַרשטייט זיך, אַרויסזאָגונגען אין די ערשטע דרײַ חדשים נאָך דער מלחמה זײַנען שוין הײַנט אינגאַנצן "פֿאַרעלטערט". הײַנט זײַנען די שטאָט קונייטראַ, דער ירדן און דער סועץ־קאַנאַל "די נאַטירלעכע און באַקוועמע גרענעצן" – נישט נאָר פֿאַר אַזעלכע "אַקטיוויסטישע" מנהיגים ווי משה דיין, מנחם בעגין און יגאל אַלון, נאָר אויך פֿאַר דעם "מעסיקן" לוי אשכּול און פֿאַר אַנדערע מנהיגים פֿון מפּאַ"י, ליבעראַלן אָדער רעליגיעזע.

## די דעמאָגראַפֿישע בהלה

כּדי צו "הייבן דעם מאָראַל" בײַ דער רעגירונג און אָפּצוהיטן זי זאָל אַמאָל, אין אַ מאָמענט פֿון שוואַכקייט, נישט פֿאַלן בײַ זיך און נישט נאָכגעבן, חלילה, דעם דרוק פֿון די פֿרײַנטלעכע גרויסמאַכטן אײַנצוגיין אויף אַ פּשרה־לייזונג מיט די אַראַבער – איז עס טאַקע אויפֿגעקומען אין לאַנד די "באַוועגונג קעגן צוריקקערן די 'באַפֿרײַטע' שטחים". די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון אָט דער באַוועגונג זענען די מנהיגים פֿון דעם, פֿונעם "חרות" אָפּגעשפּאָלטענעם, רעוויזיאָניסטישן "מרכּז חופֿשי" – פֿרײַער צענטער. עס זענען אָבער צוגעשטאַנען צו איר אַ היפּשע צאָל "פּראָגרעסיווע" און "לינק געשטימטע" שרײַבער און פּראָפֿעסאָרן, ווי נתן אַלטערמאַן, חיים הזז און משה שמיר, שוין אָפּגערעדט פֿון דעם פֿלאַמיק־ראַדיקאַלן נאַציאָנאַליסט, דעם דיכטער אורי צבֿי גרינבערג, וועמענס "היסטאָרישע גרענעצן" פֿון ארץ־ישׂראל האָבן זיך אויס־געשפּרייט אַ סך ווײַטער, ווי בײַ זײַנע אַנדערע פּען־קאָלעגן.

אַ געוויסן טאָג איז אויסגעבראָכן די דעמאָגראַפֿישע בהלה אין די רייען פֿון די קעמפֿער פֿאַר דער ״ארץ־ישׂראל השלמה״, עס איז זיי באַפֿאַלן אַן אימה פֿאַר דער אַראַבישער פֿאַרמערונגס־קראַפֿט ווי דאָס געפֿערלעכסטע געווער זייערס. אין צען אָדער אין פֿינף און צוואַנציק יאָר זענען זיי עלול צו פֿאַרוואַרפֿן דאָס לאַנד אין זײַנע היסטאָרישע גרענעצן מיט אַזוי פֿיל קינדערלעך, אַז זיי וועלן אויפֿרײַסן די ייִדישע מדינה פֿון אינעווייניק. די אַראַבער וועלן ווערן אַ מערהייט און די מדינה וועט צוריק ווערן זייערע...

וועגן די באַמבאַסטישע הבֿטחות פֿון די ערשטע נאָכמלחמה־טעג צו לייזן מיט איין מאָל און פֿאַר אַלע מאָל דעם מאַטערנדיקן ענין פֿון די פּאַלעסטינער פּליטים, האָבן די אָפֿיציעלע מנהיגים לעצטנס אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו ריידן. דאַקעגן האָבן זיך גענומען שיטן עצות מיט געניאַלע המצאָות ווי אַזוי צו לייזן דאָס אַראַבישע פֿאַרמערונגס־פּראָבלעם – אָנהייבנדיק פֿון די עצות וועגן עמיגראַציע, טראַנספֿער און ביז ... סטעריליזאַציע.

## דער טײַערער משכּון

אָט אַזוי האָבן פֿאַרשיידענע עסקנים, רבנים, פּאָליטיקער און וויסנ־שאַפֿטלער שוין געלייזט די פּראָבלעמען פֿון אונדזער צוקונפֿט, פֿון די פּליטים און פֿון די פֿאַרנומענע געביטן; דערבײַ פֿאַררופֿן זיי זיך אַלע אויף דעם שטאַרקסטן, אויף דעם סאַמע ווייטיקלעכסטן אַרגומענט: אויף דעם בלוט פֿון די געפֿאַלענע אין דער מלחמה. זאָגט איינער: מײַן זון איז געפֿאַלן פֿאַר דעם כּותל מערבֿי, און ס׳וועט זײַן אַ פֿאַרברעכן קעגן דעם אָנדענק פֿון מײַן זון אויב מען וועט צוריקקערן דעם כּותל די אַראַבער. זאָגט אַ צווייטער: מען טאָר איבערהויפּט נישט צוריקקערן די שטחים, וואָס זײַנען דעראָבערט געוואָרן מיטן בלוט פֿון אונדזערע זין...

אין דער אמתן איז טאַקע אָט דאָס פּאָבען מיטן בלוט פֿון ״אונדזערע זין״ אַ פֿאַרברעכן, אַ שענדונג פֿון זייער אָנדענק. ווען זיי זײַנען אַוועק אין דער מלחמה האָט קיינער נישט געטראַכט וועגן דעראָבערן טעריטאָ־ריעס, נאָר וועגן ראַטעווען דאָס לאַנד פֿון דער פֿאַרניכטונגס־געפֿאַר. די פֿאַרנומענע טעריטאָריעס זײַנען נאָר אַ משכּון – און דער דאָזיקער משכּון איז אונדז געגעבן געוואָרן נאָר פֿאַר איין און דעם איינציקן ציל: פֿאַרן שלום, כּדי די הונדערטער קרבנות זאָלן נישט האָבן געפֿאַלן אומזיסט און כּדי עס זאָלן מער קיין קרבנות נישט זײַן.

*לעבנס פֿראַגן*, **נאָוועמבער־דעצעמבער 1967**

# דאָס אָרוועל־יאָר: 1984

איך מיין, אַז דער פֿאַרשטאָרבענער ענגלישער שרײַבער עריק בלעיר (אַגבֿ, אַ געבוירענער אין בענגאַל, אינדיע), וועלכער איז געווען באַרימט אַלס דזשאָדזש אָרוועל – דאָס איז געווען זײַן פסעוודאָנים – איז געווען נישט נאָר אַ קלוגער שרײַבער, נאָר אויך איינער פֿון די קליגסטע אינוועסטאָרן: ער האָט זיך אײַנגעקויפֿט דעם בעסטן עולם הבא, וועלכן מ׳קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן.

ער האָט זיך אַסעקורירט און אָפּגעקויפֿט אַ קליינעם "מגרש" אין דער געשיכטע, אַ קליינטשיקן חלק פֿון דער ענדלאָזער צײַט – אָבער אַ גאַנץ יאָר אין דעם קאַלענדאַר, און האָט זיך אויף דעם אופֿן פֿאַרזיכערט דעם נצח. ער איז אַרײַן אין דער אייביקייט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אין זײַן זכות האָבן אויך מיר אַלע זוכה געווען אַרײַנצוכאַפּן שיריים פֿון זײַן אייביקייטס־פּרעמיע, צו זײַן אַ חלק פֿון דעם דורך אים פֿאַראייביקטן יאָר 1984. אַ חלק פֿון דער היסטאָרישער מיסטעריע, וואָס וועט זיכער באַשעפֿטיקן די היסטאָריקער און די ליטעראַטור־פֿאָרשער אין דער צוקונפֿט. עס וועט זיי אָן ספֿק באַשעפֿטיקן די זעלבע פֿראַגע, מיט וועלכער מיר פֿאַרנעמען זיך הײַנט: מיט וואָס האָט דאָס יאָר 1984, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן ווי "דאָס אָרוועל־יאָר", זיך אונטערגעשיידט פֿון די אַנדערע יאָרן, מיט וואָס האָט עס זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט, און – צי האָט עס טאַקע באַרעכטיקט די פֿאָרויסזעונגען, די נבֿואות, וואָס דער שרײַבער עריק בלעיר – באַקאַנט אַלס דזשאָרדזש אָרוועל – האָט געהאַט אָנגעזאָגט פֿאַר אָט דעם יאָר.

אַסטראָלאָגן, שטערנזעערס און העלזעערס קומען־אויף יעדעס יאָר און זאָגן פֿאָרויס פֿאַרשיידענע נבֿואות, וואָס אַ טייל פֿון זיי ווערן מקוים, און דער גרעסטער טייל נישט – אָבער די וועלט באַציט זיך צו זיי געוויינלעך ווי צו טאָלערירטע יאָר־יערלעכע בטלנים. פֿון וואַנען

נעמט זיך דעריבער די גרויסע באַרימטקייט דווקא פֿון דעם שרײַבער, וואָס האָט זיך נישט באַטראַכט פֿאַר קיין נבֿיא, און וואָס זײַן בוך "1984" האָט נישט פּרעטענדירט צו קיין נבֿואות? סך־הכּל איז עס אַ סאַטיריש בוך, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1948, און אין וועלכן ער פּרובירט אויפֿשטעלן אַ קריטישע, אַן אַפּאָקאַליפּטישע וויזיע פֿון דער צוקונפֿט – אַ וויזיע פֿון דעם מאָראַלישן חורבן, וועלכן עס ברענגט אויף דער מענטשהייט די ווונדערלעכע מאָדערנע טעכנאָלאָגישע אַנטוויקלונג, וואָס פֿאַרשקלאַפֿט דעם מוח און דאָס געוויסן פֿון דער מענטשהייט, צו דער דיקטאַטור פֿון דעם אַלמעכטיקן, אַלצזעענדיקן און אַלץ־קאָנטראָלירנדיקן הערשער.

אַ סאַטירישע וויזיע פֿון דעם העכערן, מער סאָפֿיסטיקירטן טעכנאָלאָגישן שטאַפּל פֿון אַ טאָטאַליטאַרער דיקטאַטור.

עס איז אַ רעטעניש, פֿאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן דווקא דאָס דאָזיקע יאָר. פֿאַראַן אַ סבֿרה, אַז דאָס איז נאָר אַ צופֿאַל: אַז ער זאָל האָבן פּשוט איבערגעקערט די ציפֿער 1948 אויף 1984, און ווי אַ שרײַבער האָט ער אויך געוואָלט בויען זײַן פֿאַנטאַזיע אויף דעם רעאַלן באָדן פֿון אַ גאַנץ נאָענט יאָר – כאָטש דאָס יאָר 1984 איז פֿאַר אים געווען היפּשלעך ווײַט. עס איז אָבער פֿאַר אים געווען נישט ווייניקער מיסטיש, אפֿשר אין זכות פֿון דער קאָנווערסיע, פֿון דער איבערגעקערטער ציפֿער און אפֿשר אויך אין זכות פֿון דעם, וואָס דאָס יאָר 1984 איז זיך צונויפֿגעפֿאַלן מיטן ייִדישן יאָר תּשמ"ד. דער דאָזיקער פּיקאַנטער צוזאַמענפֿאַלעכץ איז מסתּמא געווען באַוווּסט דעם בריטישן שרײַבער; און – אפֿשר גאָר האָט ער דאָס אַזוי געניוויגט צו מיסטיציזם צוליב זײַן אָפּשטאַמונגס־אָרט פֿון בענגאַל, אינדיע, ווו די באַפֿעלקערונג צייכנט זיך אויס מיט איר מיסטישן פֿאַטאַליזם...

מיר אַלע, כאָטש מיר באַטראַכטן זיך פֿאַר אַטעיִסטן, וואָס גלייבן נישט אין די כּלערליי העראָסקאָפּן, נבֿואות און מיסטישע אָבערגלויבנס, זענען דאָך געניויגט יעדעס מאָל אויסצופּרוּוון די מיסטעריעזע דערשײַנונגען – אין זכות פֿון די שיריים פֿונעם מיסטיציזם, וואָס זענען פֿאַרבליבן אין יעדן איינעם פֿון אונדז נאָך פֿון די אַמאָליקע געצנדינערישע צײַטן. דערפֿאַר האָבן מיר אַלע, אין אונדזער אונטער־באַוווּסטזײַן, דערוואַרט אין געהיים די סימנים, וואָס האָבן געדאַרפֿט באַשטעטיקן די אַפּאָקאַליפּטישע וויזיע פֿון דזשאָרדזש אָרוועל אין באַצוג צו דעם אָרוועל־יאָר 1984.

איצט פֿרעגן מיר טאַקע, ווען מיר פֿירן דורך אַ סך־הכּל פֿון דעם אַוועקגעגאַנגענעם יאָר – וואָס האָט זיך יאָ און וואָס האָט זיך נישט באַשטעטיקט פֿון דער אָרוועל־וויזיע?

פֿון אונדזער דערפֿאַרונג, פֿון דער דערפֿאַרונג פֿון אונדזער שווער־געפּרוּווטן דור ווייסן מיר שוין, אַז גוט און שלעכט זענען דערשײַנונגען, וואָס האָבן נישט קיין באַשטימטע פֿאָרמען און אַוודאי נישט קיין גרענעצן. דאָס זענען לחלוטין סוביעקטיווע באַגריפֿן, וואָס כאָטש מיר ווייסן זיי אָפּצושאַצן נישט ווייניקער ווי קאָנקרעטע באַגריפֿן, ווייסן מיר אָבער נישט זיי צו מעסטן מיט קיין באַשטימטע פּאַראַמעטערס פֿון פֿאַרגעניגן אָדער פֿון לײַדן, און מיר ווייסן אויך, אַז צו די אַלע זאַכן געוויינט מען זיך צו און מען פֿאַרלירט דעמאָלט גאַנץ אָפּט די מאָס זיי צו שאַצן. נישטאָ, הייסט עס, קיין אָביעקטיווע מאָס פֿאַר אַזעלכע דערשײַנונגען.

דערפֿאַר טאַקע האָבן מיר אפֿשר נישט געקענט דערשאַצן דעם אָרוועלישן כאַראַקטער פֿון דעם אַוועקגעגאַנגענעם יאָר. אפֿשר דערפֿאַר, ווײַל עס איז געקומען נאָכן יאָר 1983, וואָס איז געווען אַ יאָר פֿון אַ סך דורכפֿאַלן און אַנטוישונגען בײַ אונדז אין לאַנד; און אפֿשר גאָר דערפֿאַר, ווײַל מיר זענען איבערגעקומען דאָס אָרוועל־יאָר – און עס איז גאָרנישט געשען, מיר זענען געבליבן לעבן. געבליבן גאַנץ און געזונט. נאָך מער – הגם דאָס יאָר 1984 האָט געהאַט זיך אָנגעהויבן מיט אומצוטרוי און מורא פֿאַר זײַן אויסגאַנג, ווערנדיק באַגלייט פֿון דעם ייִדישן יאָר מיט דעם נאָך מער פֿאַטאַלן, שרעקעוודיקן נאָמען תּשמ״ד – האָט עס זיך דאָך פֿאַרענדיקט מיט אַן ענדערונג. נישט קיין באַפֿרידיקנדיקע, נישט אַזאַ ווי מיר האָבן געוואָלט – אָבער דאָך אַ געוויסע ענדערונג צום בעסערן.

איך מיין דאָס פֿון פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן שטאַנדפּונקט. אַ בעסערער סטיל, בעסערע דערוואַרטונגען. און אפֿשר – בעסערע אילוזיעס, נאָך וועלכע עס קומט געוויינלעך די אַנטוישונג. אָבער ווי פֿאַר אַ צײַטווײַליקער פֿאַרבעסערונג איז דאָס געווען אַ גאַנץ פּאָזיטיווער, אַ גאַנץ אָנגענעמער אַרויסגאַנג פֿון דעם אָרוועל־יאָר. פֿאַרשטייט זיך אָבער – אַז נאָר פֿאַר די וואָס זענען פּערזענלעך נישט געטראָפֿן געוואָרן פֿון דעם אָרוועל־יאָר און זענען נישט געבליבן – אָן אַרבעט.

וואָס האָט אָרוועל אייגנטלעך אַזוינס פֿאָרגעזאָגט, און וואָס איז יאָ אָדער נישט מקוים געוואָרן פֿון זײַן נבֿואה?

די צוויי וויכטיקסטע שאַפֿונגען, וואָס דזשאָרדזש אָרוועל האָט איבערגעלאָזט אין זײַן ליטעראַרישער ירושה, זענען געווען: **"די פֿאַרם פֿון די חיות"**, און – **"1984"**. אין דעם ערשטן בוך האָט ער אין אַ בײַסיקער פּאַראָדיע אָפּגעחוזקט פֿון דעם רעזשים פֿון געפֿעלשטן סאָציאַליזם, אין וועלכן ״אַלע חיות זענען גלײַך, אָבער עס זענען פֿאַראַן נאָך גלײַכערע״... מיר דאַרפֿן ווײַט נישט זוכן דעם אָריגינאַל פֿון אָט דער אַנאַלאָגיע. איר ביטערן טעם פֿילן היינט אָפּ הונדערטער־מיליאָנען מענטשן – און נישט בלויז אין די לענדער, וואָס שמאַכטן אונטער דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור, נאָר אין אַלע טאָטאַליטאַרע לענדער – אַפֿילו אויך אין יענע דעמאָקראַטישע לענדער, אין וועלכע עס הערשט די דיקטאַטור פֿון דער טעכנאָלאָגיע מיטן כּוח פֿון איר גאַלאָפּירנדיקן פּראָגרעס. זי דרינגט אַרײַן אין די סאַמע פֿאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פֿון דעם מלוכיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, און דערשטיקט בהדרגהדיק די פּריוואַטקייט פֿונעם יחיד.

״1984״ איז פּאַקטיש געווען אַ המשך פֿון דער ״פֿאַרם פֿון די חיות״, און דאָ דערשײַנט דער טעכנאָלאָגישער פּראָגרעס אין דער פֿאָרם פֿון דעם ״גרויסן ברודער״ – דאָס איז דאָס עלעקטראָנישע אויג פֿון דעם הערשער, וועלכער וואַכט און געפֿינט זיך אומעטום. דאָס וואַכנדיקע אויג, וואָס באַהערשט און באַצווינגט דעם געדאַנק פֿון יעדן יחיד און פֿאַרוואַנדלט אים אין אַ גײַסטיקן ראָבאָט אָן אַן אייגענעם ווילן. ער פֿאַרוואַנדלט אים אין אַ געהאָרכזאַם שרײַפֿעלע פֿון דעם מעכטיקן טעכנאָלאָגישן מאָנסטער, פֿון דער מאָדערנער אינדוסטריע און פֿון דעם היפּער־מאָדערנעם דיגיטאַליש־קאָמפּיוטערישן לעבנס־שטייגער.

מען דערציילט אין שײַכות דערמיט דעם אַנעקדאָט, אַז אַ ראָבאָט האָט זיך פֿאַרליבט אין אַ מיידל, אָבער זי האָט אים געוואָרנט ער זאָל זי חלילה נישט פֿאַרראַטן מיט ...אַ מיקסער. דעם גרעסטן ״אויפֿטו״ פֿון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגישער דיקטאַטור זעט אָבער אָרוועל אין דער אינדאָקטרינאַציע, אין דעם מעכטיקן קאָנטראָל־מעכאַניזם פֿון דעם פֿריִער דערמאָנטן ״גרויסן ברודער״, וועלכער וועט וואַכן און היטן דעם פּרט, מיט דער הילף פֿון דער אַ״ג ״געדאַנקען־פּאָליציי״. דער בירגער זאָל זיך נישט פֿאַרזינדיקן אַפֿילו מיט דער מחשבֿה.

און די מחשבֿה וועט, לויט אָרוועלס וויזיע, זיך צופּאַסן צו די באַדערפֿענישן און פֿאַרלאַנגען פֿון דעם הערשער, און דער וועט, מיט דער הילף פֿון דעם דיגיטאַלישן הערשאַפֿטס־מעכאַניזם, ריכטן די

באַגריפֿן, לויט וועלכע – מלחמה מיינט שלום, שקר מיינט אמת, אומרעכט מיינט יוֹשר, שיין מיינט מיאוס... צי האָט זיך, אַלזאָ, די דאָזיקע נבֿואה אַריַינגעפּאַסט אין דעם יאָר 1984, אין דעם אָרוועל־יאָר?

מיט שפּאַנענדיקער ניַיגעריקייט און אומרו האָבן מיר אַלע טאַקע אָפּגעוואַרט פֿאַראַיאָרן דאָס אָרוועל־יאָר. ווען מיר האָבן עס איצט געזעגנט, נאָכן איבערקומען דאָס יאָר בשלום – האָט זיך אונדז פּלוצעם אויסגעדאַכט אַז מ׳האָט אונדז אָפּגענאַרט, און אַז אין דער אמתן האָבן מיר דאָס אָרוועל־יאָר אַריבערגעהיפּערט.

עס וויַיזט זיך אָבער אַרויס, אַז אָט דאָס געפֿיל, אַז מיר זענען איבערגעקומען דאָס אָרוועל־יאָר, איז אַן איַינרעדעניש, אַ טייל פֿון דער "אָרוועלישער פֿאַרשווערונג", וואָס האָט פֿאַרפּלאָנטערט אונדזערע חושים און איבערגעקערט די באַגריפֿן אין אונדזער באַוווּסטזיַין. טאַקע אַזוי ווי דזשאָרדזש אָרוועל האָט פֿאָרויסגעזאָגט אויף אָט דעם יאָר, האָט אַלץ ביַי אונדז זיך אויסגעמישט און איבערגעקערט: שיין איז מיאוס, גוט איז שלעכט, מלחמה איז שלום, דער אונטערדריקטער איז דער אונטערדריקער, דער פֿאַררעטער איז דער פּאַטריאָט און דער טיפּוש איז דער חכם...

און טאַקע אַזוי ווי אָרוועל האָט דאָס פֿאָרויסגעזאָגט, האָבן מיר נישט באַמערקט און נישט געפֿילט ווי אונדזערע חושים ווערן איַינגע־שלעפֿערט און פֿאַרפּלאָנטערט, און ווי אונדזערע באַגריפֿן ווערן איבערגעקערט, אַז מיר האָבן אַפֿילו דאָס אָרוועל־יאָר גופֿא נישט באַמערקט; אַז מיר לעבן נאָך אַלץ אין דעם גן־עדן פֿון נאַראָנים און מיט דער אילוזיע, אַז אין דער פּעקל־טראַנזאַקציע זענען אויך איַינגעפּעקלט און איַינגעפֿרוירן געוואָרן אַלע אונדזערע צרות און דאגות, און אַז צוזאַמען מיט זיי זענען אויך איַינגעפּעקלט און איַינגעפֿרוירן געוואָרן די חטאָים פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, פֿון דעם פֿריִערדיקן יאָר.

אין יאָר 1984 האָבן מיר געלערנט אָפּצונאַרן זיך אַליין, צו לעבן מיט דער אילוזיע, באַצייכענען דעם שקר ווי אמת, מלחמה אַלס שלום.

אַבי אָבער דאָס "אָרוועל־יאָר" זאָל נאָר אַריבערגיין בשלום.

*לעצטע ניַיעס*, 28־סטער דעצעמבער 1984

# דער גראַנדיעזער סעקס־שאָו
# און דער עלעקטראָנישער לינטש

דאָס איז געווען דער צענטראַלער סיום־ספּעקטאַקל פֿון דעם אָפּטרעטנדיקן יאָרהונדערט – אַן עקלהאַפֿטער סעאַנס פֿון פּוריטאַנישער פּערווערסיע. אונטערן פֿרומען מאַנטל פֿון פֿאַרטיידיקן די מאָראַלישע ווערטן פֿון אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, איז אויפֿגעשפּילט געוואָרן אַ גראַנדיעזער סעקס־שאָו פֿאַר הונדערטער מיליאָנען, צו באַפֿרידיקן די תּאווה פֿון דעם מאָדערנעם אינקוויזיטאָר קענעט סטאַר, און די פּערווערסיווע אינסטינקטן פֿון דער פֿרוסטרירטער אַמעריקאַנער רעאַקציע, שפּילנדיק אויף דער סטרונע פֿון דעם פּאָרנאָגראַפֿישן ניַיגיר: אַן אינטערנאַציאָנאַלער סעקס־שאָו, וואָס האָט אָפּגעקאָסט די אַמעריקאַנער בירגער 50 מיליאָן דאָלאַר און האָט זיי געבראַכט אַ צווייפֿלהאַפֿטן רווח – ביז אויסצוברעכן.

דער הויכפּונקט פֿון אָט דעם עקל־סעאַנס איז געווען – נישט דווקא דער קאָנסערוואַטיווער פֿלעק אויף דעם היסטאָרישן קליידל פֿון דער באַרימט געוואָרענער מאָניקאַ לעווינסקי, נאָר דאָס סורועאַליסטישע בילד פֿון דעם צויבערער, דעם מעכטיקן וועלט־הערשער ביל קלינטאָן, ווי ער האַלט אין איין האַנט דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל אין אַ געשפּרעך מיט אַ קאָנגרעסמאַן וועגן דער מלחמה אין קאָסאָוואָ, בעת מיט דער אַנדערער האַנט שפּילט ער זיך, אין דער זעלבער צײַט, אין סעקס מיט זײַן יונגער פּראַקטיקאַנטקע...

אַוודאי איז דאָס פֿאַר דער וועלט און פֿאַר דער מענטשהייט אַ ביז גאָר אַנטוישנדיקער מוסטער פֿון אַ וועלט־באַליבטן מנהיג. דער תּירוץ, אַז ער איז געגאַנגען אין די שפּורן פֿון דוד המלך, און אַז דאָך איז זײַן חטא געווען קלענער ווי דער חטא פֿון דעם ייִדישן מלך (וועלכער האָט געשיקט בת־שבֿעס מאַן דערהרגעט צו ווערן אין דער מלחמה) – איז

אַוודאי קיין תּירוץ נישט. עס קען אויך קיין תּירוץ נישט זײַן דער פֿאַקט, אַז נישט ווייניק פֿון די פֿריִערדיקע פּרעזידענטן, מיט דזשאָן קענעדי בתוכם, זענען אויף דעם געביט געווען נישט קיין גרעסערע צדיקים פֿון אים. זיי האָט מען נישט אַרונטערגעקוקט אונטערן איבערבעט, ווײַל עס איז דערצו דאַן קיין סאָציאַלע און פּאָליטישע סיבה נישט געווען.

עס בעט זיך אָבער די פֿראַגע, הלמאַי האָט דער מעקאַרטיסטישער אינקוויזיטאָר, דער אַלמעכטיקער זעלבשטענדיקער אויספֿאָרש־ריכטער קענעט סטאַר נישט פּרובירט באַשולדיקן די מאָניקאַ לעווינסקי אין סעקסועלער באַלעסטיקונג, אין פֿאַרלאָקן דעם פּרעזידענט מיט איר סעקס־גיפֿטיקן וואָפֿן. דער ענטפֿער איז אַ פּשוטער: נישט די קליינע אומשעדלעכע מאָניקאַ האָבן זיי געזוכט, נאָר דעם הערשער פֿון "ווײַסן הויז", צו ווענען זי איז געגאַנגען. דערצו נאָך האָט קענעט זי נישט צוגערעדט צו זאָגן ליגן, וואָס איז געווען, אייגנטלעך, איינער פֿון די עיקרדיקע "מאָטיוון" פֿון זייער באַשולדיקונגס־אָפּענסיווע קעגן קלינטאָנען.

די היפּאָקריזיע פֿון די באַטייליקטע אין דער באַשמוצונגס־אָפּענסיווע קעגן קלינטאָנען איז צום בולטסטן געקומען צום אויסדרוק אין די אַנטפּלעקונגען וועגן זייער אייגענער מאָראַלישער "זויבערקייט": וועגן אַ רעפּובליקאַנישן קאָנגרעסמאַן, וואָס האָט צום סוף זיך מודה געווען, אַז ער האָט געפּירט אַ געהיימען ראָמאַן מיט אַ פֿאַרהייראַטער פֿרוי, און וועגן אַ צווייטן, וואָס האָט אַ קינד פֿון אויסער דער הייראַט.

עס איז קיין מינדסטער ספֿק נישט, אַז הינטער אָט דער סעקסועלער אינקוויזיציע און הינטער דעם גראַנדיעזן סעקס־שאָו שטייט די פֿרוסטרירטע אַמעריקאַנער רעאַקציע, וועלכע האָט אויסגענוצט פֿאַר אירע פּאָליטישע צוועקן די מענטשלעכע־נישט־מענטשלעכע שוואַכקייטן פֿון דעם היפּער־אַקטיוון פּרעזידענט. דאָס צעשמייכלטע פּנים פֿון דעם געוויינלעך טריבן אויספֿאָרש־ריכטער קענעט סטאַר האָט צום בולטסטן אָפּגעשפּיגלט זײַן שטאַרקע סאַטיספֿאַקציע אין דינסט פֿון קלינטאָנס פּאָליטישע קעגנערס אין זייער שטרעבונג צוריק איבערצונעמען די מאַכט. דאָס איז געווען אַ באַשײַמפּערלעכע קאָנספּיראַציע פֿון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, צוזאַמען מיט דער פֿאַנאַטיש־קריסטלעכער פּוריטאַנישער אַזוי־גערופֿענער "מאָראַלישער מערהייט" קעגן דער ליבעראַלער פּירערשאַפֿט פֿון "ווײַס הויז", און קעגן דעם גרויסן דערפֿאָלג און דער אומגעוויינלעכער פּאָפּולאַריטעט פֿון פּרעזידענט קלינטאָן אין זכות פֿון זײַנע ברייט פֿאַרמאָסטענע סאָציאַלע

פראָיעקטן לטובֿת דעם אַמעריקאַנער פֿאָלק.

דער צויבער, וועלכן עס שטראַלט אַרויס פֿון זיך דער פּרעזידענט קלינטאָן, שפּרייט זיך אויס ווײַט איבער די גרענעצן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן – ווי עס האָט דאָס באַוויזן זײַן אויפֿטריט פֿאַרן פּלענום פֿון דער "יו־ען". זײַן שטאַרקע פּאָפּולאַריטעט אין אַמעריקע און אויף דער וועלט, דער צויבער פֿון זײַן שטיפֿערישן שמייכל און זײַנע סאָציאַלע און פּאָליטישע דערפֿאָלגן – פֿאַר וועלכע עס האָבן אַזוי שטאַרק מורא זײַנע רעאַקציאָנערע שונאים – טוען איבערוועגן דעם עקל פֿון זײַנע נישט באַהערשטע (ביז איצט) שוואַכקייטן.

פֿאַר אָט די פּערזענלעכע שוואַכקייטן מעג ער ווערן באַשטראָפֿט. די פֿראַגע איז אָבער – צי דאַרף אויך פֿאַר זיי באַשטראָפֿט ווערן דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק?

*לעבנס־פֿראַגן נומ׳ 557–558*

**סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1998**



י. ב.

# פֿון הערצל ביז הרצל

**א** ויב איר ווילט, איז עס טאַקע נישט קיין לעגענדע. מאַנכע טענהן, אַז דאָס האָט געזאָגט הערצל, אַנדערע ווילן דאָס צושרײַבן ביאַליקן – אַז די מדינה אָן גנבֿים און אָן שווינדלערס איז ניט קיין נאָרמאַלע מדינה; זיי האָבן געהאָפֿט, אַז די ייִדישע מדינה וועט זײַן געבענטשט אויך מיט דער דאָזיקער "נאָרמאַלער" דערשײַנונג. זי וועט זײַן אַ מדינה מיט מדינות צוגלײַך.

אויסער דעם, ווי אַ צוגאָב, וועט זי אויך זײַן, פֿאַרשטייט זיך, אַן אור לגויים.

האָט דאָך בן־גוריון שוין געזאָגט (מיר נעמען דאָך אַלע גרויסע לײַט פֿאַר עדות!) אַז מען קאָן נישט זײַן קיין רעאַליסט, אויב מ'פֿאַרמאָגט נישט קיין פֿאַנטאַזיע, קיין חזיון. גלייב איך אָבער נישט, אַז דער חזיון און די פֿאַנטאַזיע פֿון הערצל, ביאַליק און בן־גוריון זאָלן האָבן געגרייכט אַזוי ווײַט, ווי דאָס וואָס די ווירקלעכקייט שטעלט אונדז צו אין דער לעצטער צײַט.

אין זייער רײַכסטער פֿאַנטאַזיע האָבן זיי זיך אַוודאי נישט פֿאָרגעשטעלט אַז דער "אור לגויים" וועט נאָך פֿערציק יאָר ייִדישע מדינה זיך אויסדריקן אין פֿלאַמענדיקע לעבעדיקע קערפּערס פֿון מענטשן אין אור יהודה, און אַז דעם נאָמען הרצל וועלן טראָגן די גיבורים פֿון דער ישׂראלדיקער אונטערוועלט און פֿון דער מאָדערנער ייִדישער קאָרופּציע: הרצל אַביטן, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט פֿאַריקע וואָך מיט זײַן געוואַגטן קידנעפּונגס־אַנטלויפֿן פֿון זײַן צוויי־מאָל לעבנס־אורטייל מיט אַ צוגאָב פֿון נאָך 15 יאָר פֿון דער צום שטאַרקסטן באַוואַכטער תּפֿיסה; און הרצל יוסף – איינער פֿון די העלדן פֿון דער הײַנט־וואָכיקער אויפֿגעדעקטער פּרשה פֿון באַפֿרײַען מענטשן פֿון מיליטער־דינסט פֿאַר שוחד־געלט.

אָפּוויַיכונגען, מאָראַלישע סטיות, קענען טרעפֿן אין יעדער אָנשטענדיקער געזעלשאַפֿט, און מען דאַרף זיך נישט צו פֿיל איבערנעמען

פֿון קיין אויסנאַמען – כאָטש מען דאַרף זיי אויך נישט צו פֿיל גרינגשעצן.

די צרה הייבט אָבער זיך אָן ווען די אויסנאַמען ווערן אַ נאָרמע, אַ נאָרמאַלע דערשײַנונג, און ווען דער רעאַליזם ווערט שוין צו פֿיל פֿאַנטאַסטיש... און וועלנדיק זײַן סײַ אַן אור לגויים און סײַ אַ נאָרמאַלע מדינה – זענען מיר הײַנט שוין נישט דאָס ערשטע און ניט דאָס אַנדערע. אַוודאי נישט קיין עם־סגולה, ווי בן־גוריון האָט דאָס געוואָלט.

פּאָליטיקערס וועלן אײַך אויסגעפֿינען טויזנטער תּירוצים און אויפֿקלערונגען הלמאַי דאָס איז אַזוי. לויט מײַן מיינונג איז דאָס אָבער נאָר דערפֿאַר, ווײַל מיר האָבן זיך צו שטאַרק געאײַלט צו ווערן "נאָר־מאַל", און כּדי דאָס צו דערגרייכן, האָבן מיר אָפּגעטאָן, און מיר טוען ווײַטער אָפּ אַ סך, זייער אַ סך, ניט שיינע און ניט נאָרמאַלע זאַכן.

מיר האָבן שוין אַזאַ טבֿע – ס'איז שוין געוואָרן אַפֿילו אַ טראַדיציע אַזאַ – אַז מיר ווערן שאָקירט פֿון יעדער ניט אָנגענעמער אַנטפּלעקונג, כאָטש מיר האָבן שוין פֿון לאַנג וועגן איר געוווּסט, אָדער לכל־הפּחות מיט איין אויער געהערט. מיר ווילן נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ייִדן, און באַזונדערס ייִדן אין דער ייִדישער מדינה, זענען מסוגל צו באַגיין ניט שיינע זאַכן. און ווען אַזעלכע זאַכן קומען אַרויס אויף דער אָפּגעדעקטער אויבערפֿלאַך, באַמיִען מיר זיך וואָס גיכער די חרפּה צו פֿאַרדעקן, טאָמער וועלן פֿרעמדע וועגן איר זיך דערוויסן. און דאַן קומט מען מיט אַ טענה – נישט צו זיך און נישט צו די וואָס באַגייען די ניט שיינע מעשׂים, נישט צו די פֿאַרברעכערס פֿון יעדן מעגלעכן סאָרט, נאָר – צום שפּיגל, און צו דער טעלעוויזיע, צו דער פּרעסע, צום ראַדיאָ... מען קומט מיט אַ טענה צו די זשורנאַליסטן הלמאַי זיי פֿאַרשוואַרצן אונדזער פּנים פֿאַר דער וועלט, פֿאַר די גויים; הלמאַי זיי פֿאַרטונקלען אונדזער לײַכטנדיקן "אור לגויים" און זיי ברענגען אַרויס פֿאַר דער וועלט דעם ברענענדיקן אור יהודה; הלמאַי זיי פֿאַרשטעלן דעם ציוניסטישן חזיון פֿון בנימין־זאבֿ הערצל, און שטעלן אַרויס אויף זײַן אָרט דעם ציניִשן חזיון, דעם ספּעקטאַקל, פֿון הרצל אַבֿיטַן און הרצל יוסף, די גיבורים פֿון דער מאָדערנער פֿרײַוווילערישער דראַמע פֿון מענטשלעכער געוויסנלאָזיקייט.

די געשיכטע פֿון דער מדינה איז, בײַ דער זײַט פֿון אירע אויפֿטוען און דערגרייכונגען, אַ רײַכע געשיכטע פֿון אומצאָליקע "פּרשיות", וואָס זייער אָפּקלאַנג האָט אַלעמאָל ווײַט איבערגעשטיגן די פּראָפּאָרץ, די נאַטירלעכע גרייס פֿון דער מדינה און פֿון זייער אייגענעם פֿאַרנעם.

דאָס איז אפֿשר טאַקע דערפֿאַר, ווײַל די מדינה איז קליין און דערפֿאַר קאָבן מיר זיך אין אייגענעם ראָסל: איינער קוקט אַרײַן צום אַנדערן דורכן שליסל־לאָך, מיר זענען פֿאַמיליאַר היימיש, מיר קענען יעדן איינעמס מעשׂים און יעדנס אויפֿפֿירונג און, דער עיקר, יעדן איינעמס דורכפֿאַלן. דערפֿאַר איז אונדזער גרעסטע פֿרייד – די שאָדנפֿרייד, די שׂימחה מיטן דורכפֿאַל פֿון דעם צווייטן.

אין אָט דער אַטמאָספֿער זענען מיר געוואַקסן די פֿערציק יאָר. עס איז אונדז נימאס געוואָרן צו זײַן ווּנדערקינדער, זיך צו גרייסן מיט די קיבוצים, מיטן עם־הספֿר. מיר האָבן אויפֿגעהערט צו וועלן זײַן אַן עם־סגולה – און זענען אויסגעוואַקסן צו דער ראָל פֿון ״מאַטשאָס״, פֿון שטאַרקע יונגען.

מיר ווילן שוין מער נישט זײַן קיין לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אינסטרוקטאָרן אָדער אַנדערע מומחים פֿאַר אַנדערע פֿעלקער. הײַנט ווילן מיר גיכער זײַן זיכערהייט־ראַטגעבערס. אין זכות פֿון אונדזער רײַכער דערפֿאַרונג אויף דעם געביט. אויך אין זכות פֿון אונדזער עלטער: פֿערציק יאָר. איידער מיר הייבן אָן צו ווערן אַלט און פֿעט...

מיר זענען אַלזאָ, צו די פֿערציק יאָר, געוואָרן רײַף, אַ רײַפֿע, פֿאַרטיקע פּרוכט. האָט אָבער אין אָט דער פּרוכטיקער רײַפֿקייט, אין דעם רויטבלוטיקן זאַפֿטיקן עפּל זיך אַרײַנגעבאַפּט אַ קליין ווערעמל, וואָס גריזשעט און מאַכט אָן אַ חורבן אינעווייניק.

דער אמת איז, אַז דאָס ווערעמל האָט זיך אַרײַנגעבאַפּט אַ סך פֿריִער, און איז געוואַקסן און האָט געצײַטיקט צוזאַמען מיט דער פּרוכט. בײַם אָנהייב פֿון דער מדינה האָבן מיר אַדורכגעמאַכט די פֿאַרשיידענע קינדער־חלאַתן, און איצט זענען די פּלאָגן אַ סך מער ערנסטע. און אויך אַ סך פֿאַרביקער. אַמאָל האָבן מיר געהאַט אפֿשר נאָר דעם שוואַרצן מאַרק און די שוואַרצע בערזע. הײַנט האָבן מיר שוין אויך אַ שוואַרצע מעדיצין מיט ווײַסע כאַלאַטן און בלויע קעלנער, ״בלויע״ – פּאָרנאָגראַפֿישע – פֿילמען און ״גרויע״ בילדונג, אאַז״וו.

צום געפֿערלעכסטן איז אָבער פֿון תּמיד אָן דער געלער פֿלעק פֿון דער שוואַרצער קאָרופּציע, וועלכע איז אונדז געווען פֿרעמד אין די בליִונגס־יאָרן פֿון דער מדינה – און הײַנט איז זי שוין אַרײַנגעדרונגען אין די געביטן פֿון אונדזער לעבן, וואָס האָבן ביז נישט לאַנג צוריק אויסגעזען צו זײַן פֿאַר איר אומצוטריטלעך.

די קאָלעקטיווע פֿאַרגוואַלדיקונג פֿון דעם 14־יאָריקן מיידל אין דעם לערן־אַנשטאַלט פֿון קיבוץ שומרת האָט אויפֿגעטרייסלט די רויִקע,

זעלבסט־צופֿרידענע קיבוצישע גנזעלשאַפֿט. דאָס זעלבע איז געשען עטוואָס פֿריִער מיט דער מיליטאָנקער גילעט־אַפֿערע פֿון דוד באַלאַס. די קאָרופּציע־אַפֿערע אין סעקרעטאַריאַט פֿון דעם פֿאַרקער־געריכט האָט אויפֿגעטרייסלט דאָס גערייכט־וועזן. איצט איז געקומען די ריי אויך אויף דער אַרמיי: די קאָרופּציע־אַפֿערע, וואָס איז אויפֿגעדעקט געוואָרן היינטיקע וואָך און אין וועלכער עס זענען געווען פֿאַרמישט, צווישן די 16 אַרעסטירטע (דערונטער 8 מיליטער־לייט), צוויי הויכע אָפֿיצירן אין ראַנג פֿון סגן־אַלוף — האָט אויפֿגעטרייסלט נישט נאָר דעם זיכערהייט־סיסטעם, נאָר די גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכקייט אין לאַנד.

וועגן טוהר־הנשק האָט מען אַ סך גערעדט אין דער אַרמיי, ווײַל די זויבערקייט פֿון וואָפֿן איז תּמיד געווען אַ פּראָבלעם, מיט וועלכן יעדער זעלנער האָט זיך געדאַרפֿט פֿאַרמעסטן אין צײַטן פֿון מלחמה ווי אין די אומרויִקע צײַטן פֿון דעם כּלומרשטן שלום. איצט האָט מען שוין אויפֿגעהערט זיך צו באַשעפֿטיקן מיט אָט דעם פּראָבלעם, זינט דער לבֿנונישער מלחמה. אָבער וועגן טוהר־הידיים — וועגן זויבערקייט פֿון די הענט — איז קיינמאָל נישט נייטיק געווען צו רעדן, ווײַל דאָס איז פֿאַר יעדן איינעם געווען אַ זעלבסט־פֿאַרשטענדלעכקייט.

הײַנט שוין דאָס אויך נישט.

אמת, די אַלע דערשײַנונגען זענען נוגע בלויז אויסנאַמען, קליינע גרופּעס מענטשן — געציילטע קיבוצניקעס, געציילטע ריכטער, געציילטע אָפֿיצירן. אָבער דאָס ווערט שוין אַ צו אָפֿטע דערשײַנונג. דאָס הייבט שוין אָן צו ווערן אַ נאָרמע, ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער "נאָרמאַליזאַציע" פֿון די הײַנטיקע געזעלשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע פּירעבצן, אין רעזולטאַט פֿון דער שפּראַך פֿון אונדזערע מנהיגים, אין רעזולטאַט פֿון זייערע לאָזונגען, פֿון זייער אויפֿפֿירונג.

מיר ווערן אַלזאָ, אויף דעם אופֿן, שוין אַ צו שטאַרק נאָרמאַלע מדינה, נאָכן דורכגעמאַכטן וועג פֿון בנימין־זאבֿ (טעאָדאָר) הערצל ביז הרצל אַבֿיטן און הרצל יוסף...

*לעצטע נײַעס*, **9־טער סעפּטעמבער 1998**

# די וועלט אין געפֿאַנגענשאַפֿט

ווען נישט די פֿינצטערניש, זאָגן די חכמים, וואָלט מען דאָס ליכט נישט אָנגעזען, און ווען נישט די טיפּשות, וואָלט מען נישט באַנומען די גרויסקייט פֿון דער חכמה.

דאָס זעלבע באַציט זיך צו אַלע גוטע זאַכן, וואָס מיר קענען זיי אָפּשאַצן נאָר אין זכות און לויט דער מאָס פֿון זייערע קעגנזאַצן.

דער מענטש ווערט פֿאַרשקלאַפֿט צו טויזנטער סאָרטן שקלאַפֿערײַ מיטן מאָמענט, ווען ער באַפֿרײַט זיך פֿון דער געפֿאַנגענשאַפֿט אין זײַן מאַמעס בויך און ווען ער דערפֿילט דעם ערשטן ריח פֿון דער פֿרײַהייט. אָבער עס ווערט אים פֿינצטער אין די אויגן, ווען ער דערזעט דעם ערשטן שטראַל פֿון דער ליכטיקער שײַן. אַזוי איז אויך פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן פֿון צענדליקער מיליאָנען ״באַפֿרײַטע״ בירגער פֿון דער ריזיקער און מעכטיקער רוסישער אימפּעריע, ווען עס האָט אויף זיי אָנגעהויבן לײַכטן דאָס גרויסע ליכט פֿון דער סאָוויעטישער, דאַן סטאַלינישער, קאָנסטיטוציע. שוין אָפּגערעדט פֿון די צענדליקער מיליאָנען, וואָס האָבן געשעפּט גאַנצע עמערס פֿרײַהייט אין די קאָמוניסטישע דערציִונגס־אַרבעטס־פֿאַרשיקונגס־לאַגערן אין די טײַגעס פֿון סיביר און פֿון ווײַטן צפֿון, און אין די קאַזאַכישע סטעפּעס.

פֿרײַהייט איז טאַקע איינער פֿון די גרעסטע באַגערן פֿון דער מענטשהייט – מסתּמא דערפֿאַר טאַקע, ווײַל דער דאָזיקער אַרטיקל לײַדט פֿון דעם גרעסטן מאַנגל, פֿונעם גרעסטן דעפֿיציט, און דער באַגריף ״פֿרײַהייט״ לײַדט אויך פֿון דער גרעסטער אינפֿלאַציע. נישטאָ נאָך אַן אַרטיקל אויף דער וועלט, וואָס זאָל זײַן הײַנט אַזוי ווערטלאָז און אַזוי פֿאַרשקלאַפֿט צו דאָגמעס און צו צביעות, ווי עס איז די הייליקע פֿרײַהייט. און דאָס געשעט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, מיטן סאַמע געבוירן ווערן פֿון דעם מענטש, דעם זויגלינג, ווען אַלע זײַנע דערציִערס, די טאַטע־מאַמע און אַלע די וואָס פּאָרען זיך אַרום אים, הייבן אים אָן צו דרעסירן און מאַכן פֿאַר אים כּלערליי משונהדיקע

העויות, כּדי אַרויסצוקריגן פֿון דעם עופֿעלע אַ שמייכל. מע קנאַקט מיט דער צונג, מע צמאָטשקעט מיט די ליפּן און מען מאַכט אַלע לצנישע שטיק, כּדי צוגעוווינען דאָס קינד צו די קרומע מינעס און אויסלערנען אים נאָכצושפּעטן און נאָכצומאַכן די צבֿיעותן פֿון די עלטערע, פֿון די וואָס האָבן אים געברענגט אויף דער וועלט...

אַזוי אין פּערזענלעכן, ווי אין געזעלשאַפֿטלעכן, אָדער פּאָליטישן לעבן; אַזוי אין קליינעם משפּחה־קרײַז, ווי אין גרויסן וועלט־פֿאַרנעם, אין מיקראָ־קאָסמאָס ווי אין מאַקראָ־קאָסמאָס. אַזוי אין ״פֿינצטערן״ מיטלאַלטער ווי אין ״ליכטיקן״ צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און אַזוי אין אַלע דרײַ ״וועלטן״ פֿון אונדזער הײַנטיקער וועלט.

אויף דעם אופֿן ווערן געבוירן די נאָרמעס פֿון דער מענטשלעכער אויפֿפֿירונג און די באַגריפֿן פֿון עטיק און מאָראַל, וואָס ווערן אויסגע־טײַטשט דורך יעדן איינעם לויט זײַן באַקוועמלעכקייט. און זיי וואַקסן מיט דער ווערט־געבונדנקייט פֿון די דאָזיקע באַגריפֿן, לויטן אינדעקס פֿון די מאָראַלישע ווערטן. ״וגדלת עם הבנק״ – און דו וואַקסט אויס מיט דער באַנק – ווי עס זינגט זיך אין דעם באַקאַנטן רעקלאַמע־לידל אין ראַדיאָ.

מיט אַ יאָר צוריק איז די וועלט אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון דער ידיעה וועגן פֿאַרכאַפּן דעם בנין פֿון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין טעהעראַן דורך די פֿאַנאַטישע חסידים פֿון דעם נײַעם שליח פֿון אַללאַ, דעם אַיאַטאָלאַ כאָמייני. אמת, די וועלט האָט זיך שוין באַוויזן צוגעוווינען צו ערגערע זאַכן, צו מלחמות מיט פֿעלקער־פֿאַרניכטונג און צום בלוטיקן טעראָר מיט מאָרד פֿון אומשולדיקע מענטשן אין שלום־צײַט. אויך איבערפֿאַלן אויף פֿרעמדע אַמבאַסאַדעס זײַנען שוין נישט געווען קיין נאָווינע – אָבער דאָס זײַנען געווען מעשׂים פֿון כּל־מיני טעראָריסטישע גרופּעס, און אַלע מאָל בײַ דער קעגנערשאַפֿט פֿון די הערשנדיקע מאַכט־אינסטאַנצן. דאָ איז עס, דאַקעגן, געווען דער ערשטער פֿאַל פֿון פֿאַרלעצן די אינטערנאַציאָנאַלע כּללים וועגן דיפּלאָמאַטישער אומבאַריר־לעבקייט, און צום ערשטן מאָל – מיט דער הילף און ברכה פֿון די הערשער. אַ נײַע שיטה פֿון דיפּלאָמאַטישער חוצפּה און פּאָליטישן בוליגאַניזם. און דאָס דווקא – קעגן דער שטאַרקסטער גרויסמאַכט אויף דער וועלט, אויסשטעלנדיק פֿאַר דער גאַנצער וועלט איר אומבאַהאָלפֿנקייט אין אָנבליק פֿון די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן פֿון אַ צערייצטן לייב אַראָפּצוטרײַבן אַ זלידנע בײַסנדיקע פֿליג פֿון דער נאָז.

מיט דער צײַט האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז מערער פֿון אַ בײַסנדיקער פֿליג. אָבער די וועלט האָט זיך שוין צוגעוווינט אויך צו דעם. זי האָט זיך צוגעוווינט צום עצם פֿאַקט, אַז 52 פֿרעמדע בירגער, לרובֿ דיפּלאָמאַטישע פֿאַרשטייער פֿון אַ פֿרעמדער גרויסמאַכט, קאָנען געהאַלטן ווערן אין געפֿאַנגענשאַפֿט אַלס ערובֿניקעס. די וועלט האָט זיך אויך צוגעוווינט צו דעם פֿאַקט, אַז אַ גאַנצע גרויסמאַכט קאָן געהאַלטן ווערן אַלס ערובֿניק אין די הענט פֿון אַ מדינה, וואָס פֿאַרטאַבליעוועט אירע אוצרות און איז אַליין אויך אוממעבטיק קעגן אירע נאָענטע פֿײַנד.

אין די טעג פֿון דער וואַל־קאַמפּאַניע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט דערגרייכט איר דראַמאַטישן קלימאַקס אין טאָג פֿון די פּרעזידענט־וואַלן, מיטן איבערראַשנדיקן נצחון פֿון ראָנאַלד רייגען – האָט אויך דערגרייכט איר הויכפּונקט די אַמעריקאַנער טראַגעדיע, ווען דאָס פֿריִערדיקע קעסטקינד פֿון דער אומגעוויינלעכער אַמעריקאַנער הילף האָט איר אויסגעשטעלט אַ פֿויסט, און האָט שאַנטאַזשירט פֿון דער שטאַרקסטער גרויסמאַכט נישט נאָר די לעגאַליזאַציע פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלן שאַנטאַזש, נאָר אויך – די לעגאַליזאַציע פֿון דער צבֿיעות און אומפֿאַרשעמטקייט.

דאָס עצם פֿאַרבינדן די באַפֿרײַונג פֿון די 52 אַמעריקאַנער ערבֿניקעס, און די באַדינגונגען פֿון זייער באַפֿרײַונג, מיטן וואַל־פֿאַרמעסט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, מיטן בפֿירוש דעקלאַרירטן ציל אויסצופּרעסן וואָס מער זכות פֿון דעם וואַל־פֿאַרמעסט – דאָס אַליין שטעלט שוין פֿאָר מיט זיך די לעגאַליזאַציע פֿון דער צבֿיעות, דאָס פֿאַרוואַנדלען די וואַל־הבֿטחות אין אַ לעגאַלער נאָרמע פֿון אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען.

אמת, באָמייני און זײַנע איראַנישע געהילפֿן און אָנהענגער זײַנען נישט געווען די ערשטע אויף דעם געביט. עס איז גענוג אָנצווײַזן אויף דער ראָלע פֿון דער "יידישער שטימע", וואָס האָט שוין אַ לאַנגע געשיכטע. יידן ווייסן, אַז די וואַל־הבֿטחות האָבן אַ קורצן אָטעם – און דאָך לאָזן זיי זיך פֿאַנגען פֿון זיי, נעמען זיי ערנסט. און עס איז אויך גענוג צו דערמאָנען, פֿון דער אַנדערער זײַט, די נישט לאַנג צוריק פֿאַרעפֿנטלעכטע "רעוועלאַציע" פֿון מיניסטער יצחק מודעי, אַז מדינת־ישׂראל (און געמיינט האָט ער זיך אַליין) האָט אויסגענוצט די וואַלן אין אַמעריקע, כּדי אויסצואיבן אויף איר אַ דרוק און אַרויסצוקריגן בעסערע באַדינגונגען אין דעם אָפּגעשלאָסענעם נאָפֿט־אָפּמאַך...

דאָס באַוווּסטזיין, אַז מען שעמט זיך שוין היינט נישט צו זאָגן אָפֿן דאָס וואָס יעדער האָט פֿריִער געוווּסט, אָבער האָט עס, וויפֿל ער האָט געקאָנט, געהאַלטן אין זיך.

מיינט דאָס דען צו זאָגן, אַז פּאָליטיקער זיינען געוואָרן מער אויפֿריכטיק, אָדער מער אָפֿנהאַרציק – "דוגרי", ווי עס זאָגן אונדזערע סאַברעס אויף אַראַביש – און זיי פֿאַרוואַנדלען דעם קאָנווענציאָנעלן שקר אין אַ פּאָליטישן אמת? אָדער באַוווּסטזיין דאָס אפֿשר גאָר, אַז די נאָרמעס האָבן זיך געענדערט אין דער פּאָליטיק און אין דער דיפּלאָמאַטיע, אַז זיי זיינען געוואָרן ברוטאַלער און פֿרעכער – אפֿשר אין זכות פֿון דעם "איראַנישן מוסטער", צו וועלכן די וועלט האָט זיך צוגעוווינט אין משך פֿון דעם יאָר, ווי עס ווערן געהאַלטן אין טעהעראַן די 52 געפֿאַנגענע אַמעריקאַנער ערובֿניקעס...

נאָר אין דעם זכות, אין זכות פֿון כּשרן די צבֿיעות, האָבן די הערשער פֿון איראַן זיך געקאָנט דערלויבן צו שרייען "געוואַלד!" הלמאַי די איראַקער האָבן גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט דעם איראַנישן נאַפֿט־מיניסטער, און אין זכות פֿון כּשרן די פּאָליטישע צבֿיעות, האָבן די פּערסישע באַמייני־לייט זיך געקאָנט דערלויבן צו זאָגן, אַז דאָס איז "אַ ברוטאַלע פֿאַרלעצונג פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע כּללים"...

אַוודאי זיינען די איראַקישע הערשער נישט בעסער פֿון די איראַנישע. ביידע זיינען אָבער אויך נישט די איינציקע, וואָס ווענדן אָן די נייַע ברוטאַלע שיטות אין דער פּאָליטיק. אויך זיי האָבן פֿון וועמען צו לערנען – פֿון חשובֿערע פֿון זיי, וועלכע האַלטן די גאַנצע וועלט אין זייער געפֿאַנגענשאַפֿט, און די "פֿרייַע" מענטשן אַלס ערובֿניקעס פֿון זייער פּאָליטיק.

מער נישט – די וועלט האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דעם.

*אונדזער שטימע*, **פּאַריז**

**27־סטער נאָוועמבער 1980**

# *קאַרטאַגאָ מוז ווערן צעשטערט...*

א יינע פֿון די אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן פֿון אַלטערטימלעכן רוים, אַ שרײַבער, אַ פֿאָלקס־טריבון, אַ קאָנסול, אַ סענאַטאָר (און ווער ווייס וויפֿל נאָך טיטלען ער האָט אַלץ פֿאַרמאָגט), וועלכער האָט געלעבט מיט איבער 2,200 יאָר צוריק (פֿון 234 ביז 149 פֿ"ק), האָט זיך אַרײַנגעשריבן אין דער געשיכטע נישט בלויז מיט זײַנע פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן און קוואַליפֿיקאַציעס ווי אַ פּאָפּולערער פֿאָלקס־מנהיג און אַן איש ציבור. זײַן אָרט אין די געשיכטע־ביכער האָט מאַרקוס פּאָרקיוס קאַטאָ זיך "אײַנגעקריפּט" מיט דער איינער פֿראַזע, מיט וועלכער ער פֿלעגט תּמיד פֿאַרענדיקן זײַנע רעדעס אין רוימישן סענאַט – אָן אונטערשייד אויף וואָס פֿאַר אַ טעמע ער זאָל נישט האָבן גערעדט:

– "און אויסער דעם מיין איך, אַז קאַרטאַגאָ מוז ווערן צעשמעטערט".

קאַרטאַגאָ איז געווען אַ פֿעניקישע קאָלאָניע אין צפֿון־אַפֿריקע, בײַם ברעג פֿון מיטלענדישן ים, אויף צפֿון־מערבֿ פֿון טוניס. זעט אויס, אַז קאַרטאַגאָ האָט זיך נישט געלאָזט דעמאָלט אײַנשלינגען פֿון די רוימישע לעגיאָנען און איז געווען אַן ערנסטע שטערונג פֿאַר די אימפּעריאַלע פּלענער און עקספּאַנסיאָניסטישע אַפּעטיטן פֿון די רוימישע קריגס־פֿירער.

אַקעגן וואָס האָבן מיר אַרויסגעשלעפּט פֿון דער פֿאַרגעסנהייט גראָד אָט־דעם היסטאָרישן עפּיזאָד פֿון אַזעלכע אוראַלטע צײַטן?

די דאָזיקע מעשׂה פֿון דער אַלטערטימלעכער געשיכטע קומט מיר אַרויף אויפֿן זכּרון יעדעס מאָל, ווען איך הער די רעאַקציע פֿון דעם פּרעמיער אַריאל שרון נאָך יעדן פּאַלעסטינישן טעראָר־אַקט, אַז די "פֿולע אחריות פֿאַלט אויף אַראַפֿאַטן". און בײַ אַ פּאַסיקער געלעגנהייט גיט ער צו זײַן לײַדנשאַפֿטלעכן ווונטש, אַז "אַראַפֿאַט דאַרף ווערן אַרויסגעטריבן פֿון זײַן רעזידענץ אין דער "מוקאַטאַ" און פֿון דעם ראַיאָן בכלל"...

הײַנטיקע וואָך האָט שרון זיך קענטיק צוגעאייגנט זײַן אייגענע, די ישׂראלדיקע ווערסיע פֿון דער פֿראַזע פֿון יענעם רוימישן סענאַטאָר: די "מוקאַטאַ" אין ראַמאַללאַ מוז ווערן צעשטערט.

איך האָב דאָ נישט בדעה זיך איינצושטעלן, חלילה, פֿאַר אַראַפֿאַטן. ער האָט אין זײַן טעראָריסטישער "קאַריערע" שוין אָנגעזאַמלט גענוג פֿאַרברעכנס אויף זײַן חשבון, אַז עס איז נישט נייטיק צוצושרײַבן אים אויך פֿאַרברעכנס פֿון אַנדערע. סײַדן ווען מען וויל זיך פֿירן לויטן ייִדישן פֿאָלקס־ווערטל, לויט וועלכן "מען שילט די שוויגער און מען מיינט די שנור". עס איז אָבער אַ חידוש וועמען האָט טאַקע שרון געמיינט ווען ער האָט נאָך דעם טעראָר־אַקט נעבן מגידו – אַזוי ווי יעדעס מאָל ביז איצט – אַרויפֿגעוואָרפֿן אויטאָמאַטיש די שולד אויף אַראַפֿאַטן.

דעם אַנדערן טאָג האָט אָבער דער גענעראַל שאול מופֿז, אין רעזולטאַט פֿון דער אויספֿאָרשונג, געטײַטלט מיטן פֿינגער אויף דמשק, און אויף דעם סירישן פּרעזידענט באַשיר אַסאַד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די זעלבסט־מערדער־טעראָריסטן, וועלכע האָבן דורכגעפֿירט דעם מערדערישן אַקט, זענען צו אים געוואָרן צוגעגרייט און אַרויסגעשיקט פֿון דזשענין לויט אַ באַפֿעל, וואָס איז געקומען פֿון סיריע. זיי זענען געווען שליחים פֿון "מוסולמענישן דזשיהאַד", וואָס געפֿינט זיך אונטער דער קאָנטראָל פֿון טעהעראַן און פֿון דמשק. און פֿון דאָרט קאָן נישט אויסגעפֿירט ווערן קיין שום אַקט און קיין שום שליחות אָן דעם וויסן און הסכּמה פֿון דעם סירישן פּרעזידענט.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך לכתּחילה געמיינט צוצושרײַבן די פֿראַזע פֿון קאַטאָ דעם שעף פֿון אונדזער גענעראַל־שטאַב, רב־אַלוף מופֿז, וועלכער האָט טאַקע אָנגעגעבן דמשק און באַשיר אַסאַדן ווי דעם "אַדרעס" פֿון דעם פֿאַרברעכן, און האָט זיך געלאָזט מיט זײַנע רײַט־וועגענער, טאַנקען און מיט דער גאַנצער שווערער אַרטילעריע – באַשטראָפֿן ראַמאַללאַ.

דאָס איז געווען דעם זעלבן טאָג ווען דער פּרעמיער אַריאל שרון איז אָנגעקומען קיין וואַשינגטאָן צו די געשפּרעכן מיטן פּרעזידענט בוש אין "ווײַסן הויז", אויף צומאָרגנס נאָך די דרײַטאָגיקע געשפּרעכן צווישן פּרעזידענט בוש און דעם עגיפּטישן פּרעזידענט מובאַראַק אין קעמפּ־דייוויד, און אַ האַלבע נאַכט פֿאַר דער געפּלאַנטער ערשטער זיצונג פֿון דעם נײַעם פּאַלעסטינער רעגירונגס־קאַבינעט.

דאָס האָט געזאָלט זײַן דער ערשטער פּראָדוקט פֿון דער נײַער עפּאָכע, וואָס די אַלע, וואָס פֿאָרען זיך אַרום דער קיך פֿון דעם ישׂראל־פּאַלעסטינער קאָנפֿליקט, האָבן אַרויפֿגעצוווּנגען אויף אַראַפֿאַטן אונטער דעם פּאָפּולערן נאָמען: רעפֿאָרם. אַ רעפֿאָרם אונטער דער נאָענטער השגחה פֿון יאַסיר אַראַפֿאַטן און דעם ווײַטן אַזוי־גערופֿענעם "רעמאָוט־קאָנטראָל" פֿון דזשאָרדזש טאָפּלוואָוו בוש און זײַנע שליחים אין דעם

ראַיאָן; און מיט דער אויפֿזיכט פֿון אַריאל שרון, וועלכער שטייט בײַ דער זײַט מיט אַן אומבאַוועגלעכן סטאָפּער אין האַנט און ציילט די אָפּגעשלעפּטע יאָרן פֿון דער אומענדלעכקייט.

די רעגירונג פֿון ישׂראל – אַ רעגירונג פֿון 28 מיניסטאָרן (מיט אַן אָפּציִע אויף נאָך דרײַ; מיט צען יאָר צוריק האָט דאָס געזעץ דערלויבט ביז 18 מיניסטאָרן) – האָט פֿאַרלאַנגט פֿון די אַנדערע צו פֿאַרקלענערן זייער רעגירונג פֿון 31 אויף 21 מיניסטאָרן. ווען אַראַפֿאַטן איז באַקוועם נאָכצוקומען די אַמעריקאַנער פֿאָדערונגען, אַבי מען זאָל אים לאָזן צורו, דאַרף ער נישט דערויף קיין חדשים און יאָרן: ער מאַכט דאָס אין קורצע צוויי וואָכן. אויך אַן אינערן־מיניסטער האָט ער באַשטימט אויף זײַן אָרט – ווי דעם פֿאַראַנטוואָרטלעכן פֿאַר דער אינערלעכער זיכערהייט, בעת זיך אַליין האָט ער באַשטימט פֿאַר דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פֿון אַלע באַוואָפֿנטע כּוחות, אַלע אונטער זײַן קאָמאַנדע. אויף דעם אופֿן וועט ער צוגרייטן דעם מעכאַניזם און די גרונט־סטרוקטור סײַ פֿאַר דער צוגעזאָגטער פּאַלעס־טינער מדינה און סײַ פֿאַר דער צוקונפֿטיקער אַרמיי.

אָבער ווו זאָל ער נעמען דעם ביוראָקראַטישן מעכאַניזם און די באַוואָפֿנטע כּוחות, וועלכע זענען געוואָרן צעקלאַפּט און צעקרישלט דורך דער אָפּעראַציע "שוצמויער" – "חומת מגן"?

בלײַבט עס טאַקע אַ גוטער תּירוץ פֿאַר נישט דערפֿילן די פֿולע פֿאַרפֿליכטונגען, וואָס די צדדים האָבן אויף זיך גענומען, בעת יעדער צד באַשולדיקט דעם אַנדערן אין די פֿאָרגעקומענע דורכפֿאַלן און אין די דורכפֿאַלן, וואָס וועלן נאָך קומען. מיט דער הילף פֿון די תּירוצים וועלן ביידע – אַראַפֿאַט און שרון – יעדעס מאָל פֿאַרשפּעטיקן צום שלום־צוג און דערנאָך מיט אַלע מיטלען אים פֿאַרהאַלטן "ביז אויף אַ בעסערער געלעגנהייט".

קיינער פֿון די צוויי פּאַרטנערן צום אָנגייענדיקן בירגערקריג וויל נישט זען אין דעם אַנדערן קיין פּאַרטנער צום שלום. דערווײַל וויל יעדער צד דעם אַנדערן פֿאַרמאַטערן און אָפּשוואַכן זײַן כּוח, און אויסצודינגען פֿאַר זיך וואָס בעסערע באַדינגונגען. שרון האָט פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן אַמעריקאַנער פּרעזידענט זײַן פּלאַן פֿון אַ לאַנגיאָריקן שלום־צוג, וואָס קען זיך אָבער אָנהייבן נאָר נאָכן "פֿולשטענדיקן באַזיגן דעם טעראָר", נאָכן פֿאַרענדיקן דאָס דורכפֿירן "אַן אמתדיקע רעפֿאָרם" אין דער פּאַלעסטינער רעגירונג און אין אירע זיכערהייט־כּוחות, און ווען ס׳וועט "פֿולשטענדיק אָפּגעשטעלט ווערן די העצע קעגן ישׂראל אין דער פּרעסע, טעלעוויזיע און אין די שולן".

אַ געניע איבערחזורונג פֿון יענע נישט־דערגרייכלעכע ״זיבן טעג פֿון שלווה״ פֿאַר אַ פֿײַער־איבעררײַס אין יענער תּקופֿה פֿון געג׳ טענעט און דערנאָך פֿון מיטשעל, וואָס זייערע פֿאָרשלאָגן האָבן זיך נישט געלאָזט רעאַליזירן. אַ גוטער רעצעפּט פֿאַר ממשיך זײַן דאָס אויסברייטערן ווײַטער די קאָלאָניזאַציע אויף די ״שטחים״ און צו בויען אויפֿסנײַ די אילוזיע פֿון דער ארץ־ישׂראל השלמה.

דער טעראָר האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט מיטן כּלומרשטן ״אויס־וואָרצלען אים״ און מיטן כּלומרשטן פֿאַרניכטן זײַן גרונט־באַזיס. גאָר פֿאַרקערט: אין רעזולטאַט פֿון דער קריגס־אָפּעראַציע ״חומת מגן״ זענען אַרויסגעוואַקסן פֿונעם אונטערגרונט אומצאָליקע נײַע שפּראָצונגען פֿון דעם אַלץ מער סאָפֿיסטיקירטן טעראָר. נאָכן פֿאָרמעלן פֿאַרענדיקן דעם ערשטן אַקט פֿון דער דאָזיקער דראַמע, האָט נישט קיין אַנדערער ווי דער דיריגענט פֿון דער קריגס־קאַפּעליע, דער זיכערהייט־מיניסטער און פֿאָרזיצער פֿון ״עבֿודה״ געוואָרנט, אַז אין צוויי אָדער פֿיר וואָכן אַרום וועט זיך דער טעראָר באַנײַען, אויב עס וועט נישט זײַן קיין באַלדיקער פּאָליטישער המשך, קיין פּאָליטישער האָריזאָנט און אויב ס׳וועלן נישט זײַן קיין אינטענסיווע שלום־געשפּרעכן.

עס האָט נישט געדויערט קיין חדשים און נישט קיין וואָכן. שוין אויפֿן אַנדערן טאָג האָט דער טעראָר זיך באַנײַט מיטן גאַנצן שווונג און מיט דער גאַנצער אַכזריות. און אַראַפֿאַט – וואָס מער ער ווערט געראָדפֿט און דערנידעריקט, אַלץ מער געניסט ער פֿון דער סאָלידאַריטעט פֿון די פּאַלעסטינער, וועלכע זענען גרייט צו גיין פֿאַר אים אין פֿײַער און אין וואַסער. אין דער זעלבער צײַט איז אָבער זײַן פֿאָלק אַלץ וויינעקער גרייט אויסצופֿירן זײַנס אַ באַפֿעל – דאָס פֿײַער צו פֿאַרלעשן...

אַראַפֿאַט געווינט, אַלזאָ, די אונטערשטיצונג פֿון זײַן פֿאָלק. ער פֿאַרלירט אָבער איבער אים די שליטה.

*פֿאָרווערטס*, 14־טער יוני 2002

## *דער קליינער מענטש – און די גרויספּאָליטיק*

### אַ טראַגי־קאָמעדיע פֿון טעותן

נישט זעלטן קומט אונדז אויס צו הערן וועגן דעם נעבעכדיקן מעמד פֿון דעם ״קליינעם גרויען בירגער״, דעם ״מענטש פֿון דער גאַס״, אַז ער איז דאָס אייביקע כּפּרה־הינדל פֿון דער גרויספּאָליטיק. דאָס קליינע מענטשעלע, וואָס ווערט צעריבן צווישן די מילשטיינער פֿון דער מעכטיקער ביוראָקראַטישער מאַשין, דער קרבן פֿון דעם מלוכישן מעכאַניזם. פֿראַנץ קאַפֿקאַ האָט עס אַזוי טרעפֿלעך אַרויסגעבראַכט אין זײַנע ווערק, שילדערנדיק דעם דערשלאָגענעם בירגער ווי ער גייט פֿאַרלוירן אין לאַבירינט פֿון דעם מעכטיקן עסטאַבלישמענט.

די העלדן פֿון דער געשיכטע, וואָס ווערט געפֿאָרשט און באַשריבן אין די ביכער און וואָס ווערט געלערנט אין די שולן און אוניווערסיטעטן, זענען געוויינלעך מענטשן פֿון הויכן מלוכישן און סאָציאַלן שטאַנד און פֿון ״גרויסן קאַליבער״.

די טעג זענען מיר אין ישׂראל געווען עדות פֿון גאָר אַ פֿאַרקערטער דערשײַנונג. דער העלד פֿון דער וואָך איז דאָס מאָל געווען גאָר אַ מענטש פֿון די סאַמע נידעריקסטע ראַנדן פֿון דער געזעלשאַפֿט, ממש אַ מענטש פֿון דער פֿאַרשטויסענער אונטערוועלט. זײַן נאָמען איז זלמן שושי. אַ ״קאָקסינעל״, אַ זי – ער, וואָס פֿאַרקויפֿט זיך צו די קונים, די אויסגעהונגערטע נאָך סעקס. ער איז דאָס מיטאַמאָל אַרויפֿגעקומען אויף אַלעמענס ליפּן און איז געוואָרן דער אָביעקט פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַראינטערעסירונג, געשטאַנען אין צענטער פֿון דער אַלגעמיינער אויפֿמערקזאַמקייט אין משך פֿון דער גאַנצער וואָך.

אַזאַ זאַך איז געוויינלעך נישט קיין געוואַלדיקע נײַעס אין אונדזער לאַנד, וואָס ברויזט מיט רעוועלאַציעס און פּראָדוצירט אָן אויפֿהער

סענסאַציעס פֿון אַלע סאָרטן און אויף אַלע געביטן פֿונעם לעבן. באַזונדערס אין די לעצטע טעג, ווען אַ פֿאַרגוואַלדיקער גראַסירט איבערן צענטער פֿון לאַנד און לאָזט פֿאַלן יעדעס מאָל אַלץ נײַע אומשולדיקע קרבנות פֿון זײַן פֿאַרברעכערישער תּאווה. און עס מערן זיך די פֿאַלן פֿון גוואַלט און כוליגאַניזם צווישן קינדער אין די שולן, און אין יידישע היימען, צווישן יידישע משפּחות. אָט, למשל, האָט אַן אויפֿגערעגטער מאַן זיך צעקריגט מיט זײַן ווײַב און האָט אַרויסגעוואָרפֿן זייער צוויי־חדשימדיק עופֿעלע דורכן פֿענצטער. דאָס קינד ראַנגלט זיך איצט מיטן טויט. און עס קאָכט זיך מיט דער "קאַסטע פֿון טײַוול", וועלכע האָט אויפֿגעשטעלט פֿאַר זיך אַ נעסט אויך אין ישׂראל.

זלמן ווינדער, וועלכער איז באַקאַנט אין יענע קרײַזן אַלס זלמן שושי, געהערט נישט צו די גרויסע העבכטן פֿון דער אונטערוועלט. ער פֿירט נישט אָן און געהערט נישט צו קיין מאַפֿיע, ער באַנוצט זיך נישט מיט קיין גוואַלט און ער באַגייט נישט קיין גוואַלדאָוונע פֿאַרברעכנס, וואָס זאָלן אים פֿאַרשאַפֿן כּבֿוד אין דער אונטערוועלט. אויב ער ווערט פֿון צײַט צו צײַט אַרעסטירט, איז דאָס לרובֿ צוליב אַרומבלאָנקענישן, קליינע גניבֿהלעך אָדער סמען, סקאַנדאַלעכלעך און סתּם קריגערײַען אין די ראַמען פֿון זײַנע צווייפֿלהאַפֿטע באַ־שעפֿטיקונגען. דאָס מאָל אָבער האָט זײַן נאָמען אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן לאַנד – אין זכות פֿון אַ טעלעפֿאָן־געשפּרעך, וואָס האָט שיִער נישט צעדרייט און צעטרייסלט דעם פּאָליטישן סדר־היום פֿון דער מדינה.

אין דער כּנסת איז צו דער צײַט אָנגעגאַנגען אַ העפֿטיקע פֿאַר־לאַמענטאַרישע שלאַכט אַרום דעם געזעץ־פֿאָרשלאָג פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער אויסצובררייטערן זײַן רעגירונג. עס האַנדלט זיך אין ענדערן אַ גרונט־געזעץ, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן צו פֿאַרגרעסערן די צאָל מיניסטאָרן. ערשט אין דער פֿאָריקער כּנסת איז זייער צאָל געוואָרן באַשרענקט אויף 18, און דאָ פֿאַרלאַנגט דער נײַער רעגירונגס־שעף צוריקצוקערן דאָס רעדל און צוריקברענגען דעם פֿריערדיקן קרומען סדר.

אָבער אויך יעדער קרומער סדר האָט אַ גלײַכן תּירוץ – און אין דעם פֿאַל איז דאָס געווען למען שלום־בית אין דער קאָאַליציע און אין דער אייגענער פּאַרטיי, און דער עיקר – צוליב דער גרויסער צאָל

פּאַרטייען אין דער קאָאַליציע. און, היות ווי די רעגירונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אין נאָמען פון צואײַלן די גאולה און ברענגען דעם שלום – מעג מען פאַר אַזאַ דערהויבענעם ציל ענדערן, אפשר נאָר דערווײַליק, אַפילו אַ קאָנסטיטוציאָנעלן געזעץ.

די אָפּאָזיציע, וועלכע האָט באַקומען אַזאַ געלעגנהייט זיך צו פאַרמעסטן אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער שלאַכט און "אַרײַנ־צוזאָגן" דער פּײַנטלעכער רעגירונג, כאָטש אָן שום אויסזיכטן אויף וועלכער עס איז הצלחה – האָט זיך באַנוצט מיטן געוווער פון דעם "פיליבאַסטער", פון פאַרביטערן דער קאָאַליציע דאָס לעבן דורך פאַרשלעפּן די באַהאַנדלונגען און די וויכּוחים אין דער כּנסת ביז אין דער טיפער נאַכט אַרײַן: אפשר וועט דאָס זיי נימאס ווערן און זיי וועלן אָפּלייגן דעם המשך און די אָפּשטימונג אויף נאָך דעם דרײַ־חדשימדיקן זומער־אורלויב פון דער כּנסת, אויף וועלכן די אויסדערוויילטע פונעם פאָלק קוקן אויס ווי דאָס לעבן... איז דעריבער געוואָרן נאַטירלעך, אַז נאָר אויף אַ חסיד שוטה פון דער אָפּאָזיציע האָט געקאָנט פאַלן דער חשד בנוגע דעם מאַקאַברישן שפּאַס וועגן כּלומרשטן טויט פון דעם כּנסת־דעפּוטאַט אַמנון רובינשטיין.

לכתחילה האָט עס אויסגעזען צו זײַן נאַטירלעך – אַזוי ווי עס דאַרף זײַן אַ געלונגענער שפּאַס פון אַ "פּרימאַ אַפּריליס", אַן 1־טער אַפּריל, מיט אַלע עלעמענטן פון אַ מכּלומרשט לאָגישער וואָרשײַנ־לעכקייט: פּראָפ' אַמנון רובינשטיין, אַ געוועזענער מיניסטער און הײַנט אַ דעפּוטאַט פון מר"צ, האָט מיט עטלעכע טעג פריִער געליטן פון אַ מוח־דערשיטערונג – אַ "סטראָק" בלע"ז – און איז געלעגן אין שפּיטאָל. האָט עס דעריבער פאַר דעם סעקרעטאַר פון דער כּנסת געקלונגען אמתדיק ווען ער האָט באַקומען אַ טעלעפאָנישן אָנרוף – "פון אַ קאָמפּעטענטן קול", ווי ער האָט פאַרזיכערט – מיט דער טרויעריקער בשורה וועגן דעם טויט פון דעם רעספּעקטירטן כּנסת־דעפּוטאַט. די ידיעה איז, ווי עס פירט זיך, געוואָרן גלײַך איבערגעוויזן דעם פאָרזיצער פון דער כּנסת, דעפּ' אַבֿרהם בורג, וועלכער איז גראָד אין דער נאַכט געווען אויך דער פאָרזיצער פון דער זיצונג.

פאַרלאָזנדיק זיך אויף זײַן "געזונטער אינטויִציע", נישט קאָנטראָלירנדיק די ריכטיקייט פון דער ידיעה, און אָפּזאָגנדיק זיך צו וואַרטן אויף דעם אַלאַרמירטן פאָרזיצער פון דעם "פאַרשטאָר־

בענעמס״ פֿראַקציע, דעם מיניסטער יוסי שׂריד – האָט אַבֿרהם בורג אָפּגעריכט אויפֿן אָרט דעם טרויער־צערעמאָניאַל אין פּלענום פֿון דער כּנסת.
נאַטירלעך, אַז די אָפּשטימונג איבער דעם געזעץ וועגן אויסברייטערן די רעגירונג איז שוין אין יענער נאַכט נישט פֿאָרגעקומען.

דאָס איז געווען אַ זעלטענער פֿאַל ווען דער קליינער בירגער האָט געווירקט אויף דער גרויספּאָליטיק. אָבער – נאָר אויף אַ קורצער ווײַלע.
גערוויינלעך זאָגט מען בײַ אונדז, אַז אַ פֿריצײַטיקער קדיש איז אַ סגולה פֿאַר לאַנגע יאָרן. פּראָפֿ׳ רובינשטיין האָט זיך שוין טאַקע צוריקגעקערט אַ כּמעט געזונטער צום געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. ער האָט אַפֿילו הנאה געהאַט פֿון דעם הספּד און געזאָגט, אַז ער נאָמינירט אַבֿרהם בורגן צו האַלטן די הספּד־רעדע נאָך אים ״בבֿוא הזמן״ – ווען די אמתדיקע צײַט וועט קומען.

דער גליקלעכער ״העפּי־ענד״ פֿון דעם פּראָפֿעסאָר רובינשטיינס פּערזענלעכער דראַמע איז אָבער געוואָרן דער אָנהייב פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן סקאַנדאַל, וואָס האָט זיך דערוועקט און האָט מחייבֿ געווען אַ פּאָליצייִשע אויספֿאָרשונג. די פּאָליצייִשע אויספֿאָרשונג האָט געבוירן אַ נײַע אויספֿאָרשונג, און דאָס מאָל קעגן דער פּאָליציי – הלמאַי זי איז נישט גלײַך אַרויף אויף דעם ריכטיקן קאַנאַל, וואָס האָט געפֿירט צו זלמן שושי, וועלכער איז אויף דעם אופֿן געוואָרן ״דער העלד פֿון דער וואָך״...
דער נאַטירלעכסטער וועג צו דערגיין צום שורש פֿון דעם מאַקאַברישן שפּאַס – און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די נײַע היטשקאָק־דראַמע – איז געווען אַרויסצוקריגן בײַ דער טעלעפֿאָן־געזעלשאַפֿט די אויטאָמאַטיש רעגיסטרירטע רשימה פֿון די געשפּרעכן, וואָס זענען אין יענער נאַכט געמאַכט געוואָרן צו דער כּנסת. און די רשימה, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט געפֿירט צו אַן עלטער פּאָרפֿאָלק אין הרצליה. די פֿרוי, וואָס איז צופֿעליק – טאַקע צופֿעליק – אַן אַקטיווע אָנהענגערין פֿון ״ליכּוד״, האָט גראָד אין יענער נאַכט – און ווידער צופֿעליק – געליטן פֿון שלאָפֿלאָזיקייט און האָט געקוקט אין דער טעלעוויזיע אויפֿן ״קאַנאַל 33״, וואָס האָט טראַנסמיטירט פֿון דער כּנסת. זי האָט צוויי מאָל געפּרוווט זיך צו

פֿאַרבינדן מיט איינער פֿון די דעפּוטאַטינס פֿון "ליכּוד". יענע האָט אָבער געטענהט, אַז זי האָט מיט דער פֿרוי נישט גערעדט.

עס האָט שוין קיין גרעסערע הצלחה פֿאַר דער פּאָליציי נישט געקאָנט זײַן. זי האָט טריִומפֿירט, און אַלע האָבן באַוווּנדערט ווי גיך זי האָט "געכאַפּט דעם פֿאַרברעכער". די אויסטערלישע אויפֿפֿירונג פֿון דעם פּאָרפֿאָלק, און גאָר באַזונדערס די היסטערישע האַלטונג פֿון דער פֿרוי, האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט דעם פֿאַרדאַכט פֿון דער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך שוין געקליבן צוצוגרייטן די געהעריקע באַשולדיקונגס־אַקטן פֿאַר דער פּראָקוראַטור.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליציי האָט געהאַנדלט נישט ווייניקער בחיפּזונדיק, ווי עס האָט אין יענער נאַכט געהאַנדלט דער פֿאָרזיצער פֿון דער כּנסת. ווען די פּאָליציי וואָלט זיך נישט אַזוי געאײַלט מיט איר נצחון־באַרימערײַ – דער כאַראַקטער־שטריך מיט וועלכן דער ישׂראלי איז שוין געוואָרן אַזוי שטאַרק באַרימט אויף דער וועלט – וואָלט זי פֿאַרשפּאָרט אַ סך עגמת־נפֿש סײַ זיך און סײַ דעם אומזיסט־באַשולדיקטן פּאָרפֿאָלק, און אויך דער צעטומלטער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

דער קאָקסינעל זלמן שושי, וועלכער האָט זיך אין יענער נאַכט געלאַנגווײַליקט און עס איז אים ווייניק אָנגעגאַנגען דער גורל פֿון דער רעגירונג און פֿון דער כּנסת־דעבאַטע וועגן אויסברייטערן די רעגירונג – ער האָט פֿאַקטיש "מנצח געווען" דעם מעכאַניזם פֿון דער מאַכט און פֿון איר ביוראָקראַטיע. סך־הכּל האָט ער געוואָלט, ווי ער האָט זיך טאַקע שפּעטער מודה געווען, ציִען די אויפֿמערקזאַמקייט צו זיך און צו זײַן נעבעכדיקן מעמד. ער האָט, אין זײַן עלנטער דערנידערטקייט ווי אַן אומגליקלעכער פֿאַרשטויסענער יחיד, געוואָלט זײַן דער פֿאָקוס און דער גיבור פֿון דער מעדיאַ – און דאָס האָט זיך אים אײַנגעגעבן בעסער ווי די מענטשן פֿון דעם זאַטן און וויל־לעבנדיקן עסטאַבלישמענט.

אָבער – נאָר אויף איין וואָך, נישט מער... דער פּאָליטישער סדר האָט זיך נאָך דעם צוריקגעקערט צו זײַן סטאַבילן אָרט אין דער מלוכישער הירעראַרכיע, און דער יחיד וועט ווײַטער פֿאַרלוירנגיין אין דעם קאַפֿקאַיִשן לאַבירינט פֿון דער מלוכישער ביוראָקראַטיע.

דער פֿאַל זלמן שושי איז געווען אַ טראַגי־קאָמעדיע פֿון טעותן; ער האָט דעמאָנסטרירט דעם נעבעכדיקן מעמד פֿון דעם קליינעם בירגער קעגנאיבער דער צעשמעטערנדיקער גרויספּאָליטיק.

*פֿאָרווערטס*, **16־טער יאַנואַר 2003**



# דער סענדוויטש און די בושה

נישט בלויז אַראַפֿאַט און סאַדאַם כוסיין באַשעפֿטיקן איצט די עפֿנטלעכקייט אין ישׂראל. אַפֿילו נישט בלויז דער טעראָר און די אָנגעזאָגטע מלחמה קעגן איראַק. און כאָטש קיינער ווייסט נישט וואָס די מלחמה קעגן איראַק קען ברענגען, האָט אָבער ישׂראל אויך אירע אייגענע פּאַרטייִשע און סאָציאַלע און קרימינעלע און פּערסאָנעלע מלחמות פֿון אַלע מינים און סאָרטן, ווי אַ נאָרמאַלע מדינה אין אַזעלכע נישט נאָרמאַלע אומשטענדן, אין וועלכע עס לעבט איצט דאָס לאַנד.

אמת, די נישט נאָרמאַלע אומשטענדן באַגלייטן די אַנטוויקלונג פֿון מדינת־ישׂראל שוין איבער 54 יאָר, זינט איר אויפֿקום ווי די פֿאַרווירק־לעכונג פֿון דער גאולה, דער זיכערער מקום־מיקלט פֿאַרן יידישן פֿאָלק קעגן די נאַציאָנאַלע רדיפֿות און דער דיסקרימינאַציע, אַ מקום־מיקלט קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם. איז דאָך די מדינה אויפֿגעקומען ווי אַ פֿאַרווירקלעכונג פֿון די אידעאַלן פֿון אירע טרוימער און גרינדער, וועלכע האָבן געוואָלט זען אין איר אין דער ערשטער ריי אַ לאַנד פֿון צדק פֿאַר אירע בירגער און אַן אור לגויים פֿאַר דער וועלט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מענטשן מיט פֿאַרשטאַנד האָבן גענומען אין באַטראַכט די גרויסע שוועריקייטן, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיטן בויען און געשטאַלטן די מדינה – דאָס אויפֿנעמען און אַבסאָרבירן די עליה, דהײַנו דעם "קיבוץ גלויות" און דעם "מיזוג גלויות", און דעם טעראָר און די כּסדרדיקע מלחמות אאַז"וו. דאָך האָבן די אַלע, וואָס האָבן געחלומט וועגן אַ מדינה פֿון סאָציאַלן צדק און פֿון יושר, נישט געקענט זיך פֿאָרשטעלן אַזאַ שאַרפֿן אָפּנויג פֿון די דאָזיקע דערוואַרטונגען.

די אַלע טרוימער האָבן נישט געקאָנט דערוואַרטן, אַז נאָך אַזאַ גיגאַנטישן אָנשטרענג און נאָך אַזאַ נישט וויניקער גיגאַנטישן פֿאָרשריט אין דער, לאַנדווירטשאַפֿטלעכער, אינדוסטריעלער, עקאָנאָמישער און וויסנשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג (פֿון דער מעדיצין ביז צום הײַטעק), מיט אַזאַ שטאַרקן כּוח פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג, ווי עס איז די

הסתּדרות, – וועט מדינת־ישׂראל, וואָס איז אין אירע ערשטע יאָרן געוועזן אַ מוסטער פֿאַר אַ סך לענדער אויף דער וועלט, פֿאַרנעמען איינס פֿון די ערשטע ערטער אין דער רשימה פֿון די גרעסטע סאָציאַלע קאָנטראַסטן צווישן די דעמאָקראַטישע מדינות. עס האָט זיך קיינער נישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז אין 21־סטן יאָרהונדערט, אין 55־סטן יאָר פֿון דער מדינה, וועלן קינדער אין די שולן דאַרפֿן שטיין אין אַ ריי נאָך אַ געשענקטן סענדוויטש, ווײַל אין שטוב האָבן זיי נישט וואָס צו עסן, און די עלטערן קענען זיי נישט מיטגעבן קיין סענדוויטש אין שול אַרײַן.

דאָס צינישע און אַכזריותדיקע פֿון דער דאָזיקער דערשײַנונג באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס דאָס איז דער רעזולטאַט פֿון אַ באַוווּסטזיניקער פּאָליטיק, פֿון אַן אײַנשטעלונג, לויט וועלכער דאָס באַשפּײַזן די הונגעריקע קינדער אין די שולן איז נישט די אויפֿגאַבע פֿון דער רעגירונג, פֿון דער מדינה – נאָר אַ זאַך פֿון צדקה, פֿון סאָציאַלער פֿילאַנטראָפּיע.

דאָס איז געשען מחמת די דראַסטישע רעדוקציעס פֿון דעם דערציִונגס־בודזשעט, צוזאַמען מיט די בודזשעטן פֿון די "סאָציאַלע מיניסטעריומס" – די פֿון וווילשטאַנד, געזונטהייט און אינערן־ענינים – דעם מיניסטעריום, צו וועלכן עס געהערן די מוניציפּאַליטעטן. דאָס מיניסטעריום פֿאַר דערציִונג און בילדונג האָט מיט אַ צײַט צוריק אויפֿגעהערט צוטיילן די געלטער פֿאַר די פֿרישטיקס אין די שולן.

דאָס פֿאַרקירצן די לערן־שעהן און דאָס אָפּשאַפֿן די באַשפּײַזונג האָט אין אַ היפּשער מאָס אַרײַנגעשפּילט אין די הענט פֿון "מעיין התּורה" – די דערציִונגס־נעץ פֿון ש"ס, פֿאַר וועמען די רעגירונג האָט נישט געוואַגט צו קירצן די בודזשעטן, און אַזוי אויך פֿאַר די ישיבֿות און רעליגיעזע אַנשטאַלטן פֿון רעליגיע־מיניסטעריום, ווי אויך פֿאַר די רעליגיעזע פּאַרטייען און פֿאַר דער קאָלאָניזאַציע.

אין די לעצטע וואָכן האָט די חינוך־מיניסטאָרין לימור לבֿנת "זיך פלוצעם דערוווּסט", אַז טויזנטער קינדער קומען אין די שולן אָן אַ סענדוויטש צום פֿרישטיק־איבעררײַס. אַ סך פֿון זיי קומען אין שול אַרײַן הונגעריק, אָן אַפֿילו עפּעס אָפּצועסן אין שטוב.

אין אונדזער עפּאָכע פֿון דער פּריוואַטיזאַציע, איז אויך דער הונגער, און אויך די באַשפּײַזונג פֿון די קינדער געוואָרן פּריוואַטיזירט... אָבער – נישט אין מיסחרישן זין. די מיניסטאָרין האָט זיך געוואָנדן צו די פּריוואַטע הערצער פֿון גוטע יידן, פֿרײַוויליקע שפּענדער, זיי זאָלן זיך דערבאַרעמען איבער די הונגעריקע קינדער.

און עס האָט זיך אָפּגערופֿן מיט דער פֿולער גרייטקייט און גוטן ווילן דער פֿילאַנטראָפּישער פֿאַרבאַנד "פּתחון־לבֿ" - "אַן אָפּן האַרץ" און זיך אונטערגענומען צו ברענגען סענדוויטשן פֿאַר די הונגעריקע.

דאָ הייבט זיך אָן די חרפּה. נישט, חלילה מצד די גוטהאַרציקע און אָפֿנהאַרציקע פּריַוואַטע שפּענדערס, נאָר מצד דעם פּאָליטישן עסטאַבלישמענט, וועלכער האָט נישט גענומען אין באַטראַכט דעם האַרבן אימפּאַקט פֿון דערנידעריקונג, וואָס דער דאָזיקער חסד פֿאַר די אָרעמע קינדער איז גורם זייער פֿאַרוווּנדיקטער נשמה, ווען זיי דאַרפֿן אַרײַנקומען אין קלאַס און זיך צוזעצן מיט אַ געשענקטן סענדוויטש נעבן זייערע חבֿרים, וועלכע קומען מיט זייער פֿרישטיק פֿון שטוב. אַזוי אַרום פֿאַרטיפֿט זיך נישט נאָר דער סאָציאַלער קאָנטראַסט צווישן די קינדער, נאָר אויך זייער עמאָציאָנעלע און מענטאַלע מחיצה צווישן הונגעריקע און זאַטע, צווישן באַפּרידיקטע און באַעוולטע, מיט אַ טיפֿער ווונד אין האַרץ - וואָס דאָס איז דאָך זיכער נישט די כּוונה פֿון די גוטהאַרציקע שפּענדערס פֿון "פּתחון־לבֿ"...

אין דער ביאַליק־שול אין תּל־אָבֿיבֿ, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן הײַנטיקע וואָך דער טרויעריקער "עקספּערימענט", לײַדן כּמעט אַ דריטל פֿון די שילער פֿון ניט־דערנערטקייט, ווי עס שאַצט אָפּ די פֿאַרוואַלטערין פֿון דער שול. אַ לאַנגע ריי האָט זיך אויסגעשטעלט צום טיש, בײַ וועלכן די וואָלונטערן פֿון דעם פֿאַרבאַנד האָבן פֿאַרטיילט די סענדוויטשן בעת דער פֿרישטיק־פּויזע. איין קינד האָט געבעטן מ׳זאָל אים געבן נאָך דרײַ סענדוויטשן - פֿאַר זײַנע שוועסטערלעך אין שטוב. אַנדערע קינדער האָבן זיך געשעמט צוצוקומען צום טיש און צו בעטן אַפֿילו בלויז פֿאַר זיך.

אויך עלטערע מענטשן, וואָס זענען געבליבן אָן פּרנסה, שעמען זיך אַרײַנצוגיין אין די גאָרקיכן, וואָס זענען לעצטנס אויפֿגעשטעלט געוואָרן דורך ענלעכע צדקה־פֿאַרבאַנדן - אָבער פֿאַר זיי, וועלכע קענען דאָרט אַרײַנקומען ביחידות, איז דאָס לײַכטער, ווי פֿאַר די קינדער אין זייער קינדערשער געזעלשאַפֿט. די נויט נעמט אַרום קינד־און־קייט, דער עיקר די אַרבעטסלאָזע, וואָס מערן זיך פֿון טאָג צו טאָג, די באַנקראָטירטע בעל־מלאָכות און קליינהענדלער, און די פּענסיאָנערן, וואָס די מלוכישע קיצבֿה פֿאַר עלטערע מענטשן, וואָס איז זייער איינציקע הכנסה, איז פֿאַרקלענערט געוואָרן מיט פֿיר פּראָצענט, אין דער צײַט ווען דער יקרות־אינדעקס איז געשטיגן מיט זיבן.

איז גראָד אין די לעצטע טעג די ישׂראלדיקע פּרעסע פֿול מיט

אַנטפּלעקונגען וועגן דעם פּריוואַטוווילערישן פֿירן זיך פֿון די מיניסטאָרן פֿון ש״ס – וועגן דעם רעליגיע־מיניסטער ר׳ אָשר אוחנה, וועלכער האָט פֿאַר פֿינף טעג געגעבטיקט אין ״הילטאָן״־האָטעל פֿאַר 8,000 שקלים (וואָס איז מער ווי די חודשלעבע שׂכירות פֿון אַ פּשוטן אַרבעטער), און נאָך 20,000 שקלים פֿאַר פֿינף טעג צו וויילן אין תּל־אָבֿיבֿ, כּדי דאָ אויפֿצונעמען די רבנים און פֿאָרשטייער פֿון די רעליגיעזע ראַטן – ווײַל ער האָט נישט קיין באַזונדערן אָפֿיס אין תּל־אָבֿיבֿ. זײַן חבֿר, דער געזונטהייטס־מיניסטער נסים דהן, האָט צוגעשטעלט אַ חשבון פֿון די זעלבע 20,000 שקלים פֿאַר זיצן מיט זײַן משפּחה (6 פּערזאָן) אין דער וואָך פֿון סוכּות אין אַ סוכּה אין אַ האָטעל נעבן זײַן שטוב. לויט זײַן טענה האָט דער זיכערהייט־דינסט אים פֿאַרווערט צו בויען אַ סוכּה בײַ זײַן הויז, צוליב זיכערהייט־סיבות. ווײַזט זיך אַרויס, אַז אויך פּסח האָט זײַן מיניסטעריום פֿינאַנסירט דעם אויפֿהאַלט פֿון דעם מיניסטער מיט זײַן משפּחה אין האָטעל, ווײַל ער האָט נישט באַוויזן בודק־חמץ צו זײַן די אייגענע שטוב.

דאָס באַווײַזן זיך פֿון די דאָזיקע ידיעות אין דער פּרעסע האָט אויפֿגעוועקט דעם כּעס בײַ הרבֿ עובֿדיה יוסף, דעם גײַסטיקן מנהיג פֿון ש״ס, וועלכער האָט געוואָרנט זײַנע מענטשן, אַז ווער עס וועט וואַגן אַרויסצוטריפֿן אַזעלכע און ענלעכע ידיעות פֿונעם חדר פֿון ש״ס, וועט אַרויסגעוואָרפֿן ווערן פֿון דער פּאַרטיי. אין צווישן איז געוואָרן אַרויס־געטריפֿט די ידיעה וועגן דעם מיניסטער פֿאַר אַרבעט און וווילשטאַנד, ר׳ שלמה בן־עיזרי, וועלכער האָט פֿאַרזאָרגט מיט פֿעטע פּאָסטנס אין זײַן מיניסטעריום די זין פֿון זײַן פּאַטראָן, הרבֿ ראובֿן אלבז, ווי אויך פֿינף אַנדערע קרובֿים פֿון דעם רבֿ און די זין און טעכטער פֿון הרבֿ עובֿדיה יוסף גופֿא.

שטייט איצט די אָנפֿירונג פֿון דער ״סאָציאַלער באַוועגונג״, דעם ש״ס, פֿאַר דער שווערער דילעמע: צי זאָלן זיי שטימען אין דער רעגירונג קעגן דעם ״רעפֿאָרמירטן״ מדינה־בודזשעט פֿון דעם פֿינאַנס־מיניסטער סילוואַן שלום און פֿאַרלירן זייערע פּאָסטנס מיט די טײַערע ווערסאַטשאָ־בגדים, אָדער זאָלן זיי שטימען פֿאַר דעם אַנטי־סאָציאַלן, אַזוי דראַסטיש געקירצטן בודזשעט – און פֿאַרלירן זייערע וויילער און זייער שפּעטערדיקן חלק פֿון דעם מלוכישן קוכן...

*פֿאָרווערטס*, 7־טער אָקטאָבער 2002

## *דער אינדעקס פֿון נויט*

צווישן די פּילצאָליקע אינדעקסן פֿון אַלערליי סאָרטן, מיט וועלכע עס איז באַגליקט די מדינה, איז דער סאַמע פּאָפּולערסטער דער טראַדיציאָנעלער אינדעקס פֿון דער אָרעמקייט, וועלכער דערשײַנט יעדע פּאָר חדשים מיטן פֿאַרעפֿנטלעכן דעם באַריכט פֿון דעם מלוכישן סטאַטיסטישן אַמט, מיט די יעדעס מאָל נײַע ציפֿערן פֿון דער וואַקסנדיקער נויט. ער איז דערשינען כּמעט פּאַראַלעל צו דעם באַריכט פֿון דער בערזע און פֿון דעם פֿינאַנס־מיניסטעריום, לויט וועלכן "ישׂראל איז צוריק אַרויף אויפֿן וועג פֿון וווּקס אין דערווירטשאַפֿט".

דער פֿינאַנס־מיניסטער בנימין נתניהו, דער מחבר פֿון דער פֿרידמאַניסטיש־טאַטשעריסטישער "עקאָנאָמישער רעפֿאָרם", איז פֿול מיט נחת פֿון זיך און פֿונעם "דערפֿאָלג" פֿון זײַנע שטײַער־הנחות פֿאַר די גבֿירים. אָוודאי וועלן פֿון דעם אויך "געניסן" די אָרעמע. אַזוי, למשל, ווער עס פֿאַרדינט 4000 שקלים אַ חודש (ווייניקער פֿון 1,000 דאָלאַר. דער געזעצלעכער מינימום־לוין איז בערך 3,700 שקלים אַ חודש), וועט פֿון איצט אָן פֿאַרדינען נעטאָ מיט 15 ש"ח (בערך 3 דאָלאַר) מער... דאַקעגן וועלן די, וואָס פֿאַרדינען 35.000 ש"ח אַ חודש, פֿאַרגרעסערן זייער חודשלעכע הכנסה מיט נאָך 1.350 שקלים אַ חודש... די רײַכסטע צוויי צענדליק – ד"ה 20% פֿון דער באַפֿעלקערונג – געניסן פֿון 44% פֿון דעם נאַציאָנאַלן קוכן.

דעם נײַעם מיניסטער פֿאַר ווילשטאַנד וואַרט אָפּ דאָס מאָל, מיטן איבערנעמען דעם אַמט, דער שפּאָגל־נײַער באַריכט אין וועלכן עס ווערט דערציילט, אַז 1.2 מיליאָן נפֿשות – 20% פֿון די אײַנוווינער אין לאַנד – האָבן אין דעם אַוועקגעגאַנגענעם יאָר געבעטן סאָציאַלע שטיצע. דאָס איז מיט 30.000 נפֿשות מער ווי אין יאָר 2003. מיט 18.000 האָט זיך פֿאַרגרעסערט די צאָל משפּחות, וואָס זענען אין דעם יאָר צוגעשטאַנען צו דער אַרמיי פֿון די נויטבאַדערפֿטיקע. לויט אַ פֿריִערדיקן נויט־באַריכט זענען אין פֿאַרגאַנגענעם יאָר געווען אין לאַנד

1.4 מיליאָן אײַנוווינער אונטער דער "ליניע פֿון אָרעמקייט", דערונטער 660.000 קינדער און יוגנטלעכע, און 155.000 זקנים. אין דעם זעלבן באַריכט ווערט באַטאָנט, אַז בערך אַ מיליאָן ישׂראלים לײַדן פֿון הונגער.

זײַט בײַ זײַט מיט די האָפֿערדיקע באַריכטן וועגן די גרויסע דערפֿאָלגן פֿון דעם ישׂראלדיקן "הײַ־טעק" און אַז די פּראָדוקציע און דיווירטשאַפֿט בכלל האָבן אָנגעהויבן צו "וואַקסן", איז צוזאַמען מיט זײַן מיטגעוואַקסן דער סאָציאַלער קאָנטראַסט, וועלכער האָט אַריבער־געיאָגט אַמעריקע און אַוועקגעשטעלט ישׂראל אויפֿן ערשטן אָרט מיט קרובֿ 25% פֿון אירע תּושבֿים, וואָס געפֿינען זיך אונטער דער "ליניע פֿון אָרעמקייט" – נאָך די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע, ווו די אָרעמעלײַט באַטרעפֿן "בלויז" 10 פּראָצענט...

"דאָס מיניסטעריום פֿאַר וווילשטאַנד האָט רעאַגירט אויף דעם באַריכט מיט דער טענה, אַז זיי קענען, לײַדער, נישט העלפֿן די דאָזיקע מענטשן צוליב דער בודזשעט־נויט פֿון דעם מיניסטעריום"– שרײַבט "ידיעות אַחרונות" פֿון 19.12.2004. דאָס מיניסטעריום פֿאַר וווילשטאַנד נייטיקט זיך דעריבער אין אַ קיצבֿה פֿון דער רעגירונג, אַזוי ווי אַלע נויט־לײַדנדיקע אין לאַנד...

*לעבנס־פֿראַגן*, **יאַנואַר־פֿעברואַר 2005**

# *אויך ייִדן קענען...*

## וועגן "זויבערן וואָפֿן" און בלוטיקע וועש

**ז**אָל מען דאָס אָנרופֿן בושה, צבֿיעות, פֿאַרקריפּלטע מאָראַל – אָדער פּשוט אַ טעמפּקייט פֿון די חושים און פֿון געוויסן?

מיט דער זעלבער גיכקייט, מיט וועלכער דאָס אויפֿדעקן דעם קריגס־פֿאַרברעכן פֿון דערמאָרדן געפֿאַנגענע האָט אויפֿגעברויזט די סענסיטיווע סטרונע פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער מאָראַל – אַזוי גיך איז דער ענין אויך פֿאַרשוווּנדן פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן סדר־היום. ער האָט אָבער איבערגעלאָזט אַ שוואַרצן פֿלעק אויפֿן נאַציאָנאַלן געוויסן פֿון מדינת־ישׂראל.

נישט קיין קלענערע בושה ווי דאָס פֿאַרברעכן אַליין – איז דער אופֿן וויאַזוי מען האָט בײַ אונדז זיך מטפּל געווען מיט דער בושה.

עס איז קיין ספֿק נישט, אַז די עפֿנטלעכקייט איז געוואָרן טיף דערשיטערט פֿון דער גרוילפֿולער אַנטפּלעקונג פֿון דעם גענעראַל אויף עמעריטור, תּת־אַלוף אַריה בירא, און פֿון די צוגאָב־פֿאַרברעכנס, אין אַ נאָך גרעסערן פֿאַרנעם, וואָס זײַנען אויפֿגעדעקט געוואָרן דורך אַנדערע.

נישט ווייניקער דערשיטערנדיק איז אָבער געווען די פֿראַגע, וואָס מען האָט געקענט הערן אין פֿאַרשיידענע קרײַזן פֿון דער בכּבֿודיקער געזעלשאַפֿט: "צו וואָס האָט מען דאָס באַדאַרפֿט?"... און געמיינט האָט מען מיט דער־אָ פֿראַגע נישט די פֿאַרברעכנס, נאָר דאָס אויפֿדעקן זיי. דהײַנו – צוליב וואָס האָט מען געדאַרפֿט אויפֿוועקן און באַאומרויִקן דאָס רויִקע געוויסן? וואָס האָט מען זיך דאָס עפּעס פּלוצעם איצט דערמאָנט, נאָך אַזוי פֿיל יאָרן? און – צוליב וואָס האָט מען געדאַרפֿט צעשמעטערן דעם מיטאָס פֿון דעם "זויבערן וואָפֿן", מיט וועלכן מדינת־ישׂראל האָט אַלע אירע יאָרן שטאָלצירט און געפּאָכעט ווי מיט דער גאָלדענער שווערד פֿון איר נאַציאָנאַלן עטאָס?

דער ווייטיק פֿון שעכטן די הייליקע קו פֿונעם "זויבערן וואָפֿן" איז געווען, ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, אַ סך שטאַרקער ווי דער ווייטיק פֿון אויסשעכטן אומבאַוואָפֿנטע מענטשן.

אין דעם פֿאַרמעסט צווישן מאָראַלישן געוויסן און דעם פּראַקטישן תּכלית האָט געזיגט, ווי געוויינלעך – דער תּכלית.

און ווידער האָט מען באַשולדיקט די אַ״ג "תּקשורת" – די פּרעסע און די עלעקטראָנישע קאָמוניקאַציע – אַז דאָס האָט זי אָנגעמאַכט די סומאַטאָכע און אונדז אויסגעשטעלט פֿאַר דער וועלט ווי רשעים; אַרויסגעשטעלט דאָס פֿאָלק פֿון צדיקים אין אַזעלכע רישעותדיקע פֿאַרבן.

הײַנט, ווען די זאַך איז, נאָך עטלעכע וואָכן, כּמעט שוין געוואָרן פֿאַרגעסן, איז שווער פֿעסטצושטעלן וויאַזוי דאָס איז אַרויסגעקומען אויף דער ליכט, און וואָס עס האָט באַוויגן דעם גענעראַל בירהאָ זיך צו באַרימען פֿאַר אַ זשורנאַליסט, אַז אין דער סיני־מלחמה אין 1956 האָט ער דערשאָסן 49 עגיפּטישע קריגס־געפֿאַנגענע אין דער סיני־וויסטע, אין דעם שמאָלן מיטלע־דורכגאַנג, נישט האָבנדיק וואָס מיט זיי צו טאָן. זיי זײַנען אַלע געווען אַנטוואָפֿנט, און דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן געבעטן, איז געווען – וואַסער. האָט ער זיי געגעבן פֿײַער, און דאָס זעלבע אויך באַפֿוילן זײַנע סאָלדאַטן. פֿײַער פֿון געווער.

ניין, האָט ער געזאָגט, ער פֿילט נישט קיין חרטה. די איינציקע חרטה זײַנע איז צוליב דעם, וואָס נישט אַלעמען פֿון די געפֿאַנגענע האָט ער אויפֿגעבונדן די הענט...

ער איז דאַן געווען קאָמאַנדיר פֿון אַ פֿאַראַשוטיסטן־איינהייט, אַן אָפֿיציר פֿון אַ מיטעלן ראַנג – קאַפּיטאַן ("סֶרֶן"). ווי ער דערציילט, האָט ער געזאָגט צו זײַן העכערן קאָמאַנדיר, רפֿאל איתן, אַז טאָמער וועט מען אים, "ראַפֿולן", פֿאָרוואַרפֿן די אַחריות פֿאַר הרגענען געפֿאַנגענע, זאָל ער זאָגן, אַז ער, בירהאָ, האָט עס געטאָן. ווי אַן אמתער ריטער, אַ נאָבעלער מאַן, נעמט ער די גאַנצע אַחריות אויף זיך. קיינער האָט אים אָבער נישט געפֿרעגט און נישט פֿאָרגעוואָרפֿן, און דער סרן בירהאָ איז אינצווישן געשטיגן אין זײַן ראַנג ביז צום ראַנג פֿון תּת־אַלוף – לייטענאַנט־גענעראַל. הײַנט אין רעזערוו.

נאָך אָט דער אַנטפּלעקונג זײַנער, נאָך 39 יאָר, איז גענעראַל בירהאָ געוואָרן אַ "סטאַר" אין דער טעלעוויזיע און אין ראַדיאָ. אין זײַנע אינטערוויוען האָט ער געשילדערט זײַן "גבֿורה" און האָט מיט

שטאָלץ דערקלערט, אַז ער פֿילט נישט קיין חרטה אויף זײַנע מעשׂים. זעענדיק אָבער דעם נעגאַטיוון אָפּקלאַנג אין דער פּרעסע, האָט ער שוין קורץ נאָך דעם גערזאָגט, אַז ער שלאָפֿט נישט אין די נעכט. פֿאַרט אַ יידישער גזלן... און אַז די זשורנאַליסטן האָבן געפֿרעגט "ראַפֿולן" וועגן דעם, האָט ער דאָס אָפּגעפּטרט מיטן זאָג: "מלחמה איז מלחמה", און שוין!

טאָמער וואָלט עס בײַ דעם געבליבן, וואָלט מען געקאָנט אָננעמען, אַז דאָס איז געווען אַן אויסנאַם־פֿאַל פֿון אַן אויסוווּרף, וואָס אַזעלכע זײַנען פֿאַראַן בײַ יעדן פֿאָלק. און מען מישפּט זיי ווי קריגס־פֿאַרברעכער. אָבער אין ישׂראל גילט אויף אַזעלכע פֿאַרברעכנס, אויב ס'איז נישט פֿון די נאַציס און זייערע מיטהעלפֿערס, דאָס פֿאַרעלטערונגס־געזעץ – און פּטור אַן עסק.

האָט אָבער פֿון דעם קלאַפּ אין טיש זיך אָפּגערופֿן די פּאַרטייישע שער: אין דער "פּרשה" איז דאָך דערמאָנט געוואָרן דער נאָמען פֿון רפֿאל איתן, דער געוועזענער שעף פֿון גענעראַל־שטאַב, אַרכיטעקט פֿון דער לבֿנונישער מלחמה, און הײַנט דער פֿירער פֿון דער פּאַטריאָטישער פּאַרטיי "צומת" (צאָמעט). און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פֿון וואַשן די בלוטיקע וועש: אַ פֿאָרשער פֿון בר־אילן אוניווערסיטעט, אַ געוויסער א. יצחקי, איז אַרויס מיט דער רעוועלאַציע, אַז נישט נאָר אין דער "מיטלע" אין דער סיני־מלחמה, נאָר אויך אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה זענען אויסגעשאָסן געוואָרן עגיפּטישע געפֿאַנגענע, און נישט 49, נאָר אין די הונדערטער, ביז קרובֿ טויזנט... און ער ברענגט אַרויס אָט די פֿאַקטן אויפֿן סמך פֿון זײַנע קאָנטראָלירטע ידיעות פֿון דער צײַט, ווען ער האָט באַקומען פֿון דער אַרמיי פֿאַרשיידענע פֿאָרשונגס־אויפֿגאַבעס און אַ צוטריט צו די געהיימע מיליטערישע אַרכיוון.

טאָמער מיינט איר, אַז דער א. יצחקי איז געוואָרן אַ צווייטער וואַנונו, וואָס האָט געוואָלט וואָרענען די וועלט קעגן אַ דראָענדיקער געפֿאַר פֿון אַ פֿאַרניכטערישן פּאָטענציאַל – האָט איר אַ טעות. דער פּאַטריאָטישער מאָטיוו פֿון יצחקיס אַנטפּלעקונג איז געווען: ריינוואַשן זײַן פּאַרטיי־פֿירער רפֿאל איתן, וואָס זײַן נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן אין דער ערשטער אַנטפּלעקונג, און צו באַווײַזן, אַז ער איז נישט געווען דער איינציקער... דערבײַ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז א. יצחקי איז דער וואָרטזאָגער פֿון "צומת", די פּאַרטיי פֿון "ראַפֿול" – רפֿאל איתן.

די פּאָליטישע קאָנסעקווענצן פֿון אָט דער "וועשערײַ" האָט מען לײַכט געקענט פֿאָרויסזען. דער אָפּקלאַנג און דער אָפּרוף פֿון דער

עגיפּטישער עפֿנטלעכקייט האָט נישט געלאָזט לאַנג אויף זיך וואַרטן. אָבער אונדזערע "פּאַטריאָטן" האָבן גלײַך אָפּגעפֿונען באַוויַיזן וועגן עגיפּטישע מערדערײַען פֿון ישׂראלדיקע געפֿאַנגענע, און הלמאַי מען האָט אונדז פֿאַרמסרט פֿאַר די גויים... – ווי דאָס וואָלט געכּשרט די אויבנדיקע אַנטפּלעקונגען און געמאַכט אונדז פֿאַר צדיקים.

אָבער נישט אַזוי די אייגענע בושה האָט געפּײַניקט דאָס געוויסן פֿון דער עפֿנטלעכקייט און פֿון אירע גײַסטיקע מנהיגים – די פּאָליטישע פּירערס, די דערציִער און די רבנים – נאָר דער כּעס הלמאַי מען האָט געשאָכטן דעם מיטאָס פֿון דעם "זויבערן וואָפֿן".

אין דעם פֿאַרמעסט צווישן דער מאָראַלישער בושה און דעם פּראַקטישן תּכלית האָט געזיגט, ווי געזאָגט, דער תּכלית.

*לעבנס־פֿראַגן*, **סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1995**



י. ב.

## צווישן עטיק, עסטעטיק און... קאָסמעטיק

לאָמיר אָנהייבן פֿון די ערשטע צוויי: די באַגריפֿן פֿונעם פֿילאָסאָפֿישן ווערטערבוך, וועלכע זענען ענג פֿאַרבונדן מיטן עקזיסטענציאַלן מהות פֿון אונדזער אַלעמענס טאָג־טעגלעכן לעבן.

זינט די פֿילאָסאָפֿיע עקזיסטירט, פֿאַרנעמען די צוויי סוגיות דעם אויבנאָן אין די לערעס פֿון די גרויסע דענקערס, אָנהייבנדיק פֿון די אַלט־גריכישע פֿילאָסאָפֿן, פֿון פּלאַטאָ און אַריסטאָ, דורך טאָמאַס דע אַקווינאָ פֿונעם מיטלאַלטער, דורך שפּינאָזאַ ביז קאַנט און סאַרטר און... אַזוי ווײַטער – צו די פֿון די שפּעטערדיקע און קומענדיקע דורות. די רעליגיעזע מאָנאָטעיִסטישע גלויבנס לייגן, דאַקעגן, דעם טראָפּ אויף דער עטיק. בפֿרט דער ייִדישער גלויבן, וועלכער האָט די ווערטן פֿון דער עטיק אויסגעקריצט אויף די צוויי לוחות פֿון באַרג סיני.

אין איינפֿאַכן לשון פֿאַרנעמט זיך די עטיק מיט דער פֿראַגע: ווי אַזוי פֿיר איך זיך אויף? – אָדער, ריכטיקער: ווי אַזוי דאַרף איך זיך אויפֿפֿירן – און דאָס, פֿאַרשטייט זיך, לויט די "עטישע נאָרמעס", דעם אַזוי גערופֿענעם "עטישן קאָד" פֿון דער צײַט, פֿון דער מענטשלעכער סבֿיבֿה, אאַז"וו.

די עסטעטיק, דאַקעגן, וואָס איז "פֿאָרמעל" די תּורה פֿון שיינקייט, באַשעפֿטיקט זיך למעשׂה מיט דער פֿראַגע: וויאַזוי זע איך אויס? ווי אַזוי זע איך אויס מיט מײַן אויפֿפֿירונג, מיט מײַנע האַנדלונגען, מיט מײַן באַנעמונג, מיט מײַן קליידונג און אויסזען – פֿון דרויסן, אין די אויגן פֿון אַנדערע. און אויך דאָס לויט די הערשנדיקע עסטעטישע נאָרמעס אין דער צײַט און אין דער סבֿיבֿה אין וועלכער מיר לעבן.

דאָ מישט זיך אַרײַן אין דעם "עסק" אויך די קאָסמעטיק, וועלכע פֿאַרנעמט זיך מיט פֿאַרבעסערן, פֿאַרשענערן און באַפּוצן די אויסערלעכקייט מיט דער הילף פֿון קינסטלעכע מיטלען. דאָס באַציט זיך נישט נאָר צו דער "שיינהייט־אינדוסטריע", וועלכע פּראָדוצירט כּלערליי קרעמען און פּליסיקייטן צו פּלעגן און פֿאַרשענערן די

אויסערלעבקייט פֿון מענטשלעבן קערפּער, פֿון דער הויט פּונעם פּנים, אָדער מיט פֿאַרבן די ליפּן און די נעגל פֿון די הענט און פֿיס, און נישט נאָר די פּלערליי מאַסאַזשיסטן אאַז״וו – נאָר אויך צו דער אויפֿפֿירונג און האַנדלונגען פֿון געזעלשאַפֿטלעבע עסקנים און פּאָליטישע מנהיגים און דער בליענדיקער פּראָפֿעסיע פֿון *אימאַזשיסטן* – מומחים צו פֿאַרשענערן זייער אימאַזש אין דער געזעלשאַפֿט.

זאָלן מיר מוחל זײַן די טויזנטער געלערנטע דענקער, וואָס האָבן אַרײַנגעלייגט אַזוי פֿיל גײַסטיקע מי און האָבן דער מענטשהייט אַזוי פֿיל געגעבן מיטן אומדערמידלעכן אָנשטרענג פֿון זייערע געניאַלע מוחות. אין זייער זכות וועל איך אונטערציִען אַ פּראָסט־פּשוטן סך־הכּל, לויט וועלכן די עטיק, קאָן מען זאָגן, איז דער אינערלעכער מהות פֿון מענטש; די עסטעטיק און די קאָסמעטיק זענען זײַן אויסערלעכער לבֿוש.

די זעלבע כּללים, וואָס זענען חל אין דעם פֿאַל אויפֿן יחיד, זענען אויך חל אויפֿן כּלל, אויף דער גאַנצער געזעלשאַפֿט. אויך אויף דער מדינה.

צוליב וואָס, אייגנטלעך, האָב איך דאָ געמאַכט אָט דעם גאַנצן אַרײַנפֿיר צו אַן אַרטיקל, וואָס דאַרף זיך באַשעפֿטיקן מיט אַן אַקטועלן ענין, וואָס האָט פּאַסירט אין דער פּאָליטיק און אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין מדינת־ישׂראל?

– טאַקע דערפֿאַר, ווײַל אין די ווײַטער באַשריבענע פּאַסירונגען האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן די דרײַ באַגריפֿן, און זייער צוזאַמענשטויס האָט שיִער נישט געבראַכט צו אַן עקספּלאָזיע פֿון געוויסן – אויב מיר וואָלטן נישט באַצײַטנס אַ קוק געטאָן אין אונדזער אייגענעם שפּיגל.

די לייענערס פֿון דער טעגלעכער פּרעסע האָבן מיט אַ צײַט צוריק געלייענט די ידיעה וועגן דעם באַשלוס פֿון דער רעגירונג, אויפֿן פֿאָרשלאָג פֿון דער חינוך־מיניסטאָרין לימור לבֿנת פֿון ״ליכּוד״, צו אַדאָפּטירן דעם געזעץ־פּראָיעקט פֿון הרבֿ חיים דרוקמאַן, דעם כּנסת־דעפּוטאַט פֿון דעם רעליגיעז־נאַציאָנאַלן מפֿד״ל, לויט וועלכן עס זאָל ״דערלויבט ווערן צו דערטיילן דער ייִדישער אַגענץ באָדן, וואָס זאָל זײַן באַשטימט נאָר פֿאַר ייִדן״. מיט אַנדערע ווערטער – אַראַבישע בירגער פֿון לאַנד זאָל נישט דערלויבט זײַן אויף זיי זיך צו באַזעצן. אין זייער קעגנערשאַפֿט צו דעם־אָ באַשלוס פֿון דער רעגירונג, האָבן די מיניסטאָרן פֿון ״עבֿודה״ און די כּנסת דעפּוטאַטן פֿון דעם אָפּאָזיציאָנעלן

מר"צ באַצייכנט דעם באַשלוס ווי אַ שריט, וואָס דערנענטערט מדינת־ישׂראל צו אַ רעזשים פֿון "אַפּאַרטהייד".

הרבֿ דרוקמאַן האָט פֿאַרגעבראַכט זײַן געזעץ־פֿאָרשלאָג שוין מיט צוויי יאָר צוריק, כּדי אומצוגיין, ווי אַ מין "בײַפּאַס־געזעץ" – לויטן מוסטער פֿון די "בײַפּאַס־שאָסייען" אויף די טעריטאָריעס – דעם העכסטן טריבונאַל פֿאַר גערעכטיקייט, וועלכער האָט דעמאָלט געפּסקנט קעגן דעם אָפּזאָג צוצוטיילן דעם אַראַבישן בירגער אימאַן קאַאַדאַן פֿון באַקאַ על גאַרבּיאַ אַ שטיקל פֿרײַען באָדן פֿאַר אַ שטוב אין דעם קאָמונאַלן יישוב קַציר. דער יישוב איז געגרינדעט געוואָרן אין שכנות פֿון זײַן דאָרף מיט צען יאָר צוריק.

אימאַן קאַאַדאַן איז אַלט 48 יאָר, שוין מער ווי 25 יאָר איז ער באַשעפֿטיקט ווי אַ סאַניטאַר אין שפּיטאָל "הילל יפֿה" אין חדרה. ער איז אינטעליגענט און באַליבט בײַ די קראַנקע אין זכות פֿון זײַן העלפֿעבער אויפֿפֿירונג און איבערגעגעבענער אַרבעט, געניסט פֿון אַלעמענס צוטרוי און סימפּאַטיע. אין משך פֿון די יאָרן געשטיגן אין זײַן ראַנג און הײַנט פֿירט ער אָן מיטן באַדינונגס־פּערסאָנאַל פֿון דעם שפּיטאָל. זײַן פֿרוי איז אַ לערערין און זייערע פֿיר קינדער לערנען אין זייער אַראַבישן דאָרף אין אַ שולע, וואָס געפֿינט זיך אין אַ שטאַרק פֿאַרנאַכלעסיקטן בנין. אין זײַן שטעטל זעט ער נישט קיין צוקונפֿט פֿאַר זיך און פֿאַר זײַן משפּחה. נישטאָ דאָרט קיין קולטור־אַנשטאַלטן, נישטאָ ווו צו בויען אַן אייגענע שטוב, וועגן וואָס ער האָט אַלע יאָרן געחלומט. פֿון די באָדנס, וואָס האָבן געהערט צו די תּושבֿים פֿונעם אַראַבישן שטעטל, האָט די רעגירונג רעקוועסטירט צוויי דריטל, און אין דעם שטעטל איז ענג אַזוי ווי אין דער שולע, אין וועלכער עס לערנען זײַנע קינדער, צו 40 אין אַ קלאַס...

פֿון איינעם אַ קראַנקן אין שפּיטאָל האָט ער זיך דערוווּסט, אַז אין דעם שכנותדיקן יישוב קַציר ווערט פֿאָרגעלייגט צו פֿאַרקויפֿן באָדן, אויף וועלכן ער וועט זיך קענען אויסבויען אַ הײַזקע פֿאַר זײַן משפּחה. דאָרט וועט ער געניסן פֿון אַ גוטער מענטשלעכער און נאַטור־סבֿיבֿה, מיט אַ געאָרדנטער קאַנאַליזאַציע, מיט גערטנער, מיט 16 קינדער אין אַ קלאַס און מיט גוטע לערער – אַ גוטע לעבנס־קוואַליטעט. און דערצו אויך אין שכנות פֿון זײַן דאָרף.

אַזוי האָט פֿאַרשטאַנען דער בירגער קאַאַדאַן. נישט אַזוי אָבער טראַכטן די נאַציאָנאַלע מנהיגים פֿון דער מדינה, וועלכע האַלטן, אַז אַ ייִדישע דעמאָקראַטישע מדינה שליסט אויס דאָס רעכט פֿון נישט־

ייִדישע בירגער צו געניסן פֿון דער זעלבער לעבנס־קוואַליטעט אויפֿן באָדן פֿון דער מדינה. דעם בירגער קאַאַדאַן איז אָפּגעזאָגט געוואָרן דאָס רעכט צו קויפֿן אַ בוי־שטח און אויסצובויען אויף אים זײַן שטוב. צוליב דעם איינציקן חטא, אַז ער איז אַן אַראַבער.

עס איז שווער צו געפֿינען אין דער געשיכטע פֿון די לעצטע יאָרן אַזאַ שטאַרקן געזעלשאַפֿטלעכן דרוק, וואָס זאָל, נאָך עטלעכע טעג פֿון פּראָטעסטן, צווינגען די רעגירונג צוריקצוציִען איר פּרינציפּיעלן באַשלוס. דער דאָזיקער דרוק האָט אויך די "עבֿודה"־מיניסטאָרן, אין זייער פֿאַרלעגנהייט, באַוויגן צו דראָען מיט פֿאַרלאָזן די קאָאַליציע, וואָס איז געוואָרן אַוועקגעשטעלט פֿאַר דעם מאָראַלישן שפּיגל פֿון דער מדינה.

אָבער – ערשט נאָך פֿינף יאָר פֿון ביוראָקראַטישע אָפּשלעפּונגען אונטער כּלערליי פֿאָרמעלע און געקינצלטע תּירוצים, האָט אימאַן קאַאַדאַן ענדלעך מצליח געווען צו לייגן דעם גרונטשטיין און אָנצוהייבן בויען זײַן הויז אויף דעם אײַנגעקויפֿטן שטיקל באָדן.

*פֿאָרווערטס*, **19־טער אויגוסט 2002**

*

דאָס איז געווען אין יולי 2002. אָבער – צײַטן בײַטן זיך, און עס בײַטן זיך אויך די מאָראַלישע און אַלע אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע נאָרמעס, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם פֿאָלגנדיקן פּרק פֿון דער זעלבער פּרשה:

## *קרן קיימת – אַ פֿרעמדע אַגענטור...*

דער אָפֿיציעלער נאָמען פֿון דער "סוכנות" – וועלכע איז פֿאַקטיש דער עקזעקוטיווער אָרעם פֿון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע – איז אין אַלע שפּראַכן, אויך אין ייִדיש: "די ייִדישע אַגענטור פֿאַר פּאַלעסטינע (ארץ־ישׂראל)". אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז זי, ווי עס פֿאַרלאַנגט דאָס געזעץ, רעגיסטרירט ווי אַ "פֿרעמדע אַגענטור", און דער "קרן קיימת" איז אַן אַגענטור פֿון אָט דער אַגענטור, מיט איר ספּעציפֿישער אויפֿגאַבע צו זאַמלען געלט בײַ ייִדן אויף דער גאָרער וועלט, כּדי אָפּצוקויפֿן אין ארץ־ישׂראל באָדנס פֿאַר דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע.

מיטן אויפֿקום פֿון דער ייִדישער מדינה האָט דער "קרן קיימת" פּאַקטיש פֿאַרלוירן זײַן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, מחמת זײַנע פֿונקציעס האָט געדאַרפֿט איבערנעמען די רעגירונג, וועלכע האָט צו דעם צוועק געשאַפֿן די מלוכישע באָדן־פֿאַרוואַלטונג.

אָבער – עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס מיט זייערע ביוראָקראַטישע אַפּאַראַטן האָבן, ווי באַוווּסט, נישט ליב זיך צו ליקווידירן. האָבן די צוויי קערפּערשאַפֿטן זיך אײַנגעטיילט מיט זייערע פֿונקציעס לגבי די פֿאַלעס־טינער באָדנס: דער קרן־קיימת קויפֿט אָפּ, און די באָדן־פֿאַרוואַלטונג רעקווערירט. דער קרן־קיימת פֿאַרדינגט דער מלוכישער באָדן־פֿאַרוואַלטונג זײַנע אָפּגעקויפֿטע באָדנס אויף 49 אָדער 99 יאָר – און ליפֿערט אַזױאַרום באַשעפֿטיקונג פֿאַר זײַנע באַאַמטע.

מ׳קען נישט זאָגן, אַז זייער באַשעפֿטיקונג איז אַ פֿיקטיווע. חס וחלילה. דער קרן קיימת צייכנט פּראָיעקטן און בויט ייִשובֿים און שטאָטישע קוואַרטאַלן פֿאַר נײַע עולים און פֿאַר בירגער. אָבער – נאָר פֿאַר ייִדישע בירגער.

אַזוי גייט עס אָן שוין מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט – ביז וואַנען דאָס העכסטע געריכט פֿאַר צדק האָט געפּסקנט, אַז דאָס נישט לאָזן אַראַבישע בירגער פֿון לאַנד געניסן פֿון די דאָזיקע פּראָיעקטן, איז אַ בפֿירושדיקע דיסקרימינאַציע און אַ פֿאַרלעצונג פֿון דער אומאָפּ־הענגיקייטס־פֿאַרפֿליכטונג פֿון מדינת־ישׂראל.

דער דאָזיקער פּסק־דין פֿון העכסטן געריכט איז געגעבן געוואָרן אויף דער ווענדונג פֿון דעם אַראַבישן פּאָרפֿאָלק אַדעל און אימאַן קאַאַדאַן פֿון באַקאַ על גאַרבִיאַ אין צפֿון פֿון לאַנד. זיי ווילן געניסן פֿון דעם פּראָקלאַמירטן בוי־פּראָיעקט פֿון דער מלוכישער באָדן־פֿאַרוואַלטונג, וועלכע האָט זיי אָבער, ווי מיר ווייסן שוין, געהאַט געפּסלט.

אין זכות פֿון דער אינטערווענץ פֿון העכסטן בית־דין פֿאַר צדק איז אָבער די רעגיסטראַציע פֿון דעם פּאָרפֿאָלק קאַאַדאַן געוואָרן געכּשרט. און עס איז געבליבן דער גליקלעכער משפּחה נאָר צו וואַרטן אויף דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זייער חלום.

די אָנהענגערס פֿון דעם היימישן אַפּאַרטהײַד זענען אָבער נישט געשלאָפֿן און האָבן נישט געוואַרט. טאָמער דינט זיי נישט די עטיק, און עס העלפֿט זיי נישט די עסטעטיק, מיט וועלכער עס האָבן פּרובירט זיך צו באַנוצן די מיניסטאָרן פֿון מפּד״ל און פֿון "ליכּוד", און דער באַשלוס פֿון דער רעגירונג איז נישט בײַגעשטאַנען דעם עקזאַמען פֿון דעם

העבסטן געריכט פֿאַר צדק – וועלן זיי זיך אַרויסהעלפֿן מיט דער... קאָסמעטיק.

ווי אַ קאָסמעטישן אויסוועג אַדורכצוזעצן מיט עקשנות זייער נישט עטישע אידעאָלאָגיע, האָט דער כּנסת־דעפּוטאַט שאָול יהלום – אויך ער פֿון מפֿד״ל – אַרײַנגעטראָגן אין דער כּנסת דעם נײַעם געזעץ־פּראָיעקט, לויט וועלכן די באָדנס פֿון קרן־קיימת וועלן אַרויסגענומען ווערן פֿון דער מלוכישער באָדן־פֿאַרוואַלטונג, דער קרן קיימת וועט זיך אָפּשיידן פֿון דער מדינה און – ווי אַ פֿרעמדע אַגענטור וועט זי ווײַטער מעגן דיסקרימינירן די נישט־ייִדישע בירגער פֿונעם לאַנד, אונטער דעם מאַנטל פֿון דער הייליקער... פּריוואַטיזאַציע.

און, וואָס שייך דעם אַראַבישן פֿאַרפֿאַלק, וואָס האָט באַקומען דעם הכשר פֿונעם העבסטן בית־דין פֿאַר צדק – זיי האָבן באַוויזן ״אַרײַנצוכאַפּן״, אונטער זײַן ״פּראָטעקציע״: ערשט נאָך פֿינף יאָר פֿון ביוראָקראַטישע אָפּשלעפּונגען אונטער כּלערליי פֿאָרמעלע און געקינצלטע תּירוצים, האָט אימאַן קאַאַדאַן ענדלעך באַקומען די בוי־דערלויבעניש, האָט מצליח געווען צו לייגן דעם גרונטשטיין און אָנצוהייבן בויען זײַן הויז אויף דעם אײַנגעקויפֿטן שטיקל באָדן.

ער האָט געהאַט אַן אומגעוויינלעכן מזל, ווײַל אים האָט שוין נישט אָנגערירט דער נײַער, און דאָך דער זעלבער, ״אומגאַנגס־געזעץ״, וועלכן די חסידים פֿון דעם כּשרן אַפּאַרטהײַד האָבן, בעזרת השם, מצליח געווען דעם זעלבן טאָג אַדורכצופֿירן אין דער כּנסת – מיטן הכשר פֿון דער נײַער קאָאַליציע פֿון ״קדימה״, וואָס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אהוד אָלמערטן – און מיטן שווײַגן פֿון דער ״עבֿודה״...

דער קרן־קיימת וועט אַזוי־אַרום קענען ווײַטער פֿאַרקויפֿן באָדן נאָר און אויסשליסלעך פֿאַר ייִדן, די מלוכישע באָדן־פֿאַרוואַלטונג וועט ווײַטער קענען סעקוועסטרירן באָדנס נאָר פֿון אַראַבער, און ס׳וועט זײַן – שלום על ישׂראל.

נישטאָ מער קיין דילעמע – נישט קיין עטישע און נישט קיין עסטעטישע און אויך נישט קיין קאָסמעטישע – אויב עס גייט אין באַרעכטיקן די האַרבע דיסקרימינאַציע פֿון נישט־ייִדישע בירגער אונטער אַלע מעגלעכע פּאַטריאָטישע תּירוצים. אויף זיי האָט אויך נישט געווירקט דער עסטעטישער מאָטיוו: ווי אַזוי וועט די מדינה פֿון ״אור לגויים״ אויסזען אין די אויגן פֿון די גויים...

*לעבנספֿראַגן*, **אויגוסט 2007**

# *די מיליאַרדערין וואָס זאָרגט פֿאַר די נשמות*

שערי אַריסאָן איז די רײַכסטע פֿרוי אין ישׂראל און פֿאַרנעמט אַ בכּבֿודיק אָרט אין דער רשימה פֿון די גרויסע גבֿירים אויף דער וועלט. איר פֿאַרשטאָרבענער פֿאָטער, וועלכער האָט געהערשט איבער אַן אימפּעריע פֿון אינטערנאַציאָנאַלע שיף־געזעלשאַפֿטן און קאַזינאָ־טרעסטן, האָט איר איבערגעלאָזט בירושה אַ פֿאַרמעגן פֿון 3.5 ביליאָן דאָלאַר, און צוו״אַנד די שליטה איבער דער געוועזענער פֿעסטונג פֿון דער הסתּדרות און פֿון דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל: דעם ״באַנק הפּועלים״. אין פּראָצעס פֿון דער פּריוואַטיזאַציע האָט ער אָפּגעקויפֿט די מערהייט אַקציעס פֿון דער אַרבעטער־באַנק.

איבערנעמענדיק די דאָזיקע הייליקע ירושה, האָט די טאָכטער זיך גענומען מאַכן אָרדענונג אין איר דאָמיניע און האָט אָפּגעזאָגט פֿון דער אַרבעט 900 באַאַמטע און אָנגעשטעלטע אין באַנק.

איינע פֿון די פּאָפּולערסטע רעקלאַמעס פֿון די בענק איז די פֿראַזע: *״וועסט לאַכן אויפֿן וועג צום באַנק״;* אין זײַן (דורכגעפֿאַלענעם) קאַמף קעגן די קינדיקונגען האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט פֿון די אָנגעשטעלטע אַרויסגעהאָנגען איבער די פֿיליאַלן פֿון באַנק די אויפֿשריפֿט:

״שערי אַריסאָן לאַכט, 900 משפּחות וויינען״.

פֿרוי שערי אַריסאָן, וועלכע האָט זיך געלאָזט אויסבויען די גרעסטע און רײַכסטע יאַכטע אויף דער וועלט, פֿאַר אַ סומע פֿון 80 מיליאָן דאָלאַר, און האָט די טעג געפּראַוועט איר חתונה אין העכסטן לוקסוס – איז אָבער נישט קיין האַרצלאָזע מיליאַרדערין, ווי מ׳קאָן מיינען. זי איז זייער שטאַרק באַזאָרגט צוליב די שווערע נויטן פֿון דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט און זי וויל איר העלפֿן. פֿאַר דעם צוועק האָט זי געשאַפֿן אַ ״באַוועגונג״ א״נ *״מהות החיים״* – דער מהות פֿון לעבן. אין איר ברייט פֿאַרמאָסטענעם קאַמפּיין פֿאַר די ״אידעאַלן״ פֿון

אָט דער באַוועגונג, וועלכע פּרעדיקט מעדיטאַציע, שפּילן טעניס און אַנדערע היילונגס־מיטלען פֿאַר דער מענטשלעכער נשמה, גיט זי אויס מיליאָנען אויף רעקלאַמירן אין דער פּרעסע און אין דער טעלעוויזיע איר דעוויז: *"דער שלום קומט פֿון אינעווייניק, פֿון דיר אַליין"*.

מעגלעך, אַז דער שלום קומט טאַקע פֿון אינעווייניק, אָבער די רווחים און דיווידענדן פֿאַר די אַקציאָנערן קומען פֿון דרויסן, אויפֿן חשבון פֿון די אָפּגעזאָגטע אַרבעטער פֿון "באַנק הפּועלים". זי האָט שוין אויך באַוויזן אײַנצוקויפֿן פֿאַר זיך אַ היפּש ביסל עולם הבא נישט נאָר מיטן באַנײַען איר צדקה־פֿאָנד, נאָר אויך "פֿאַרקויפֿנדיק אומזיסט" דעם היגן שולוועזן איר פֿילאָסאָפֿישע "אידעאָלאָגיע" א"נ *"מהות החיים"* – דער *"מהות פֿון לעבן"*, וואָס לערנט ווי אַזוי צו זײַן גליקלעך און ווי אַזוי צו ברענגען דעם שלום אויף דער וועלט.

איר וועט פֿרעגן: ווי אַזוי? – דער ענטפֿער פֿון דער מיליאַרדערין איז דער פּשוטסטער און דער סאַמע פֿאַרשטענדלעכסטער אויף דער וועלט: מען דאַרף, זאָגט זי, מאַכן שלום מיט זיך אַליין...

ווער זאָגט עס, אַז מיליאַרדערן האָבן שוין נישט קיין הערצער, קיין געניאַלע אײַנפֿאַלן און קיין אַנדערע דאַגות? אָט האָט זי געזאָרגט דערפֿאַר, אַז די קינדער אין די ישׂראלדיקע שולן זאָלן לערנען איר פֿילאָסאָפֿיע, און זי האָט אַפֿילו געשאָנקען איר תּורה אומזיסט דער פֿאַרוואַלטערין פֿון דעם חינוך־מיניסטעריום און דער מיניסטאָרין לימור ליבֿנת אין דער פֿריִערדיקער רעגירונג פֿון "ליכּוד" – אָבער אָן דעם וויסן און אָן דער באַשטעטיקונג פֿון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע, וואָס באַשטימט דעם לערן־סיסטעם – און דאָס איז נישט געזעצלעך.

איר פֿרעגט: היתּכן? – זייער פּשוט, לויטן גוט באַקאַנטן כּלל, אַז ווער ס'האָט די מאה, האָט אויך די דעה.

*לעבנס־פֿראַגן*, **יאַנואַר־פֿעברואַר 2005**

# אַ יאָרצײַט וואָס בײַסט דאָס געוויסן

צי האָט די ישׂראלדיקע געזעלשאַפֿט געלערנט – און וואָס האָט זי געלערנט – פֿון דעם ראַבין־מאָרד? צי האָט זי געמאַכט דעם געוויסנהאַפֿטן נאַציאָנאַלן חשבון־הנפֿש, צו וועלכן זי איז גערופֿן געוואָרן, און צו וועלכן זי האָט זיך פֿאַרפּליכטעט מיט זעקס יאָר צוריק, נאָכן מאָרד פֿון דעם פּרעמיער יצחק ראַבין?

די דאָזיקע שאלה ווערט געפֿרעגט, שוין ווי אַ טראַדיציאָנעלער ריטואַל, יעדעס יאָר ווען עס ווערט אָפּגעצייכנט דער יאָרטאָג פֿון דעם סאַמע דערשיטערנדיקסטן געשעעניש אין דער געשיכטע פֿון מדינת־ישׂראל. זי איז אויך געפֿרעגט געוואָרן הײַנטיקע וואָך, צו דעם זעקסטן יאָרטאָג פֿון דעם שענדלעכן נאַציאָנאַלן פֿאַרברעכן.

דער יאָרטאָג, וואָס איז הײַנטיקס יאָר אויסגעפֿאַלן, לויטן ייִדישן לוח, מאָנטיק י״ב בחשוון, איז דאָס מאָל אָפּגעצייכנט געוואָרן אין אַ ביז גאָר דראַמאַטישן טאָג. ער איז געווען באַגלייט פֿון פֿינף הרוגים און פֿערציק פֿאַרוווּנדיקטע, קרבנות פֿון צוויי פּאַלעסטינער טעראָר־אַקטן – אין חֲדֵרָה און נעבן דעם קיבוץ מצר בײַ באַקאַ על שאַרקיִאַ; דעם זעלבן טאָג איז, פֿון דער אַנדערער זײַט, דורכגעפֿירט געוואָרן דער צוריקטריט פֿון די געפּאַנצערטע מיליטער־אייניהייטן פֿון בית־לחם, בית־דזשאַלאַ און דעם דאָרף בית־רימא, נאָך אַ שטראָף־אָקופּאַציע פֿון צען טעג; און דאָס ישׂראלדיקע אַראַבישע דאָרף כּפֿר־קאַסעם האָט – אויך דעם זעלבן טאָג – אָפּגעצייכנט דעם 45־סטן יאָרטאָג פֿון דער שחיטה פֿון 49 פֿרידלעכע תּושבֿים פֿון דעם דאָרף, ערבֿ דער סועץ־ און סיני־״אָפּעראַציע״ פֿון אָקטאָבער 1956.

אַ מין סורעאַליסטישער דרײַעק פֿון דרײַ סימבאָליש־טראַגישע געשעענישן, אָדער ריכטיקער אפֿשר – אַ געאָמעטרישער קאָנוס, וואָס אויף זײַן שפּיץ, אויף זײַן הויכפּונקט, איז דער מאָרד פֿון יצחק ראַבין: דער פֿאָקוס פֿון די דראַמאַטישע קעגנזאַצן אין לעבן פֿון דער מדינה און פֿון דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט. אַ לעבן, וואָס איז געפֿלאָכטן

מיט טויט. דאָס לעבן ווערט אָבער געשפּײַזט פֿון דעם אומאויפֿ־הערלעבן געראַנגל צווישן מלחמה און שלום, און צווישן ייִאוש און האָפֿענונג.

דער מערדער פֿון יצחק ראַבין האָט געצילט צו דערמאָרדן סײַ דעם שלום און סײַ די האָפֿענונג.

דער צונויפֿפּאַל פֿון די דרײַ אויבן אָנגעוויזענע געשעענישן אינעם טאָג פֿון ראַבינס יאָרצײַט און די געשאַפֿענעווירקלעכקייט פֿון די פֿאַרגאַנגענע זעקס יאָר באַווײַזן, אַז די דאָזיקע "געטלעכע שליחות" האָט זיך אײַנגעגעבן דעם פֿאַנאַטיקער פֿון אָט דעם ווילדן חזיון. און, צוריקקערנדיק זיך צו דער פֿראַגע, מיט וועלכער מיר האָבן געעפֿנט אונדזער מאמר, באַווײַזן די נײַע אַלאַרם־סיגנאַלן – און דאָס איגנאָרירן זיי דורך דער ישׂראלדיקער און דורך דער ייִדישער עפֿנטלעכקייט (נישט נאָר אין ישׂראל) – אַז זי האָט אפֿשר אַ סך *געלערנט* פֿון דעם ראַבין־מאָרד, אָבער ווייניק וואָס פֿון אים זיך *אויסגעלערנט*...

אָן ספֿק האָט דער ראַבין־מאָרד אַ שטויס געטאָן דעם געזועל־שאַפֿטלעכן קאָמפּאַס ווײַט אויף רעכטס, האָט פֿאַרהאַלטן דעם דעמאָלט אָנגייענדיקן שלום־פּראָצעס. ער האָט דעם שלום־צוג פֿאַרקירעוועט אין טונקעלע הינטערגעסלעך און געמאַכט אים טאָפּ־טשען אין די זומפּן פֿון אילוזאָרישע פּלענער און בייזע כוונות. עס איז אויך ריכטיק, אַז דער באַרג פֿון די שטרויכלונגען איז אָנגעלייגט געוואָרן עטוואָס פֿריִער, נאָך פֿאַר דעם מאָרד פֿון יצחק ראַבין – מיטן מאַסיוון טעראָר־אַקט פֿון ברוך גאָלדשטיין אין חבֿרון – דעם מאַסן־מאָרד פֿון די 29 מוסולמענישע מתפּללים אין דער מערת־המכפּלה, וואָס האָט געבראַכט צום לעבן דעם טעראָריסטישן "כאַמאַס" און האָט געדינט ווי דער דינאַמיט – האָט געגעבן דעם מאָטיווירנדיקן שטאָף – פֿאַר די לעבעדיקע באָמבעס, די פֿרײַוויליקע זעלבסטמערדער פֿון "כאַמאַס" און פֿון מוסולמענישן דזשיהאַד, און זיי, ווידער, האָבן מיט זייער רוצחישן טעראָר קעגן דער ראַבין־רעגירונג און ווײַטער, געליפֿערט אידעאָלאָגישע שפּײַז פֿאַר די חסידים און נאָכפֿאָלגערס פֿון ברוך גאָלדשטיין און פֿון מאיר כהנא.

די אַטמאָספֿער, וואָס האָט צעהיצט דעם פֿאַנאַטיש פֿיבערנדיקן מוח פֿון יגאל עמיר, האָט זיך געשפּײַזט פֿון דער אומגעצוימטער העצע קעגן די אָפּמאַכן פֿון אָסלאָ, וואָס איז געפֿירט געוואָרן פֿון פּאָליטישע מנהיגים, די אידעאָלאָגן פֿון דער ארץ־ישׂראל השלמה.

הײַנט טענהן די זעלבע פּאָליטישע מנהיגים און אידעאָלאָגן, אַז "אָסלאָ איז טויט" – אָבער זיי הערן נישט אויף זייער העצע קעגן די "לינקע", אַז זיי זענען שולדיק אין דעם באַנײַטן פּאַלעסטינער טעראָר. כאָטש פּאָרזיכטיקער ווי פֿריִער, האָבן זיי ביז לעצטנס אַטאַקירט אויך אַריאל שרונען, וועלכן זיי אַליין האָבן געקרוינט און געבראַכט צו דער מאַכט מיט דער איבערצײַגונג, אַז ער וועט ברענגען "זיכערהייט און שלום", ווײַל נאָר ער ווייסט ווי אַזוי דאָס צו מאַכן, ווי ער האָט אַזוי פֿײַערלעך פֿאַרזיכערט. די איצטיקע מיליטאַנטישע שריט פֿון דער רעגירונג, די שטראָף־עקספּעדיציעס און די מיליטערישע אַרײַן־און־אַרויסן אין די געגנטן פֿון דעם אַ"ג "שטח A" פֿון דער פּאַלעסטינער אויטאָנאָמיע, האָבן דעם טעראָר נישט פֿאַרקלענערט און קיין זיכערהייט־לעבן תּכלית נישט געבראַכט. פֿאַרקערט, זיי האָבן בײַ די איצטיקע אומשטענדן פֿון דער וועלט־מלחמה קעגן דעם בין־לאַדענישן טעראָר גאָר פֿאַרערגערט די פּאָליטישע מערכה פֿון ישׂראל.

דער צוריקקער פֿון די דעמיסיאָנירטע "ישׂראל ביתנו" און "מולדת" אין דער רעגירונג בראָש מיטן (שפּעטער דערמאָרדעטן) מיניסטער רחבֿעם זאבֿי ("גאַנדי") – שטרײַכט נאָך מער אונטער די פּלאַנלאָזיקייט און די אויסזיכטלאָזיקייט פֿון דער לאַגע, דאָס פֿעלן פֿון אַ קאָנ־סטרוקטיווער אַלטערנאַטיווע, נאָך דעם ווי עס איז, מיטן מאָרד פֿון יצחק ראַבין, דערמאָרדעט געוואָרן אויך דער חלום. העצן איצט די זעלבע פּאָליטישע מנהיגים קעגן פּרסן און קעגן "די פֿאַרברעכערס פֿון אָסלאָ". אין אָט דער אַטמאָספֿער קענען די חסידים פֿון כּהנא זיך דערלויבן אַרויסצוקומען מיט די העץ־פּלאַקאַטן אונטערן לאָזונג: "חבֿר, דו ביסט שולדיק" – אויף דער קעגנוואָג פֿון קלינטאָנס געזעגענונגס־וואָרט "שלום, חבֿר" צו ראַבינס אָנדענק. קומען איצט די כּהנא־לײַט מיט זייער פּראָוואָקאַטיווער אַרויספֿאָדערונג צום יאָרטאָג פֿון זייער (אין ניו־יאָרק) דערמאָרדעטן מנהיג, וואָס פֿאַלט אויס, ווי עס האָט פֿאַרפֿלאָכטן דער ציניִשער שפּאַס פֿונעם גורל, דעם 4־טן נאָוועמבער, אין טאָג פֿון דעם ראַבין־מאָרד – לויטן וועלטלעכן ציווילן קאַלענדאַר...

אין די דערמאָנונגען, וואָס זענען אויפֿגעלעבט געוואָרן צו דעם יאָרטאָג פֿון יצחק ראַבין, האָט זיך בולט אָפּגעפּילט די פֿאַרשטאַרקטע בענקשאַפֿט צו דעם מאַן, וועלכער איז געווען דער סימבאָל פֿון דער זיכערהייט און איז געוואָרן דער סימבאָל פֿון שלום ווען עס האָט זיך געעפֿנט פֿאַר אונדז דאָס פֿענצטער פֿון דער געלעגנהייט. ער האָט

געהאַט דעם מוט אַריבערצוטרעטן דעם רוביקאָן ווען דער שלום איז געוואָרן די איינציקע אָפּציע פֿאַר אַ פֿאַרזיכערטן קיום פֿון מדינת־ישׂראל.

אויף די עפֿנטלעכע אַזכּרות, וואָס זענען פֿאַרגעקומען אין לאַנד אין טאָג פֿון ראַבינס יאָרצײַט, מיט דער באַטייליקונג פֿון פֿאָרשטייערס פֿון אַלע פּאָליטישע און אידעיִשע ריכטונגען – דערונטער אויך אויף דער מלוכישער אַזכּרה בײַ זײַן קבֿר אויפֿן הר־הרצל, ווו עס איז אויפֿגעטראָטן דער פּרעמיער אַריאל שרון – האָבן אַלע אין זייערע אויפֿטריטן גערעדט וועגן ראַבינס אידעיִשער, גײַסטיקער און מאָראַ־לישער ירושה. אַלע, אויך שרון און די אַנדערע וואָרטזאָגערס פֿון רעכטן לאַגער, אויך די קעגנערס פֿון אָסלאָ – אַלע, זיי אַלע, האָבן זיך באַקרוינט ווי די יורשים פֿון דער ראַבין־טראַדיציע, פֿון ראַבינס ירושה.

ווי קאָן מען אָבער אָננעמען ראַבינס ירושה און אָפּוואַרפֿן אָסלאָ?

הײַנט שטייט אָבער נישט מער די פֿראַגע: וואָס וועט זײַן מיט אָסלאָ, נאָר – וואָס וועט זײַן מיט אונדז?

*פֿאָרווערטס*, **9־טער נאָוועמבער 2001**

## *רָצַחתָ וגם צָחַקתָ*
## דער מערדערישער שפּאַס פֿון דעם טײַוול

די יאָרן פֿון ווייטיק, פֿון טרויער און באַדויער איבער דעם מאָרד פֿון יצחק ראַבין, האָבן נישט מצליח געווען אַראָפּצוווישן דעם טײַוולאָנישן שמייכל פֿון דעם מערדערס פּרצוף. רָצַחתָ וגם צָחַקתָ: האָסט געמאָרדעט און דו לאַכסט נאָך אויך.

ער לאַכט זיך אויס פֿון אַלעמען, דער מערדער. ער האָט זײַנס דערגרייכט: ער האָט נישט נאָר ראַבינען דערמאָרדעט: ער האָט שטערבלעך פֿאַרווונדיקט דעם שלום־פּראָצעס און אויך די האָפֿענונג.

אין צוועלפֿטן יאָר פֿון דעם נאַציאָנאַלן ווייטיק הייבט אָן דער מערדער צו ווערן אַ "סעלעבריטי", אַ וויכטיקע "פּערסאָנאַ גראַטאַ" אין דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט, בײַ זײַנע אָנהענגערס אין לאַנד. פֿאַר זיי, פֿאַר די אַזויגערופֿענע "פּאַטריאָטן", איז דער זון פֿון דעם טײַוול שוין געוואָרן אַ גיבור. דאָס פֿאַרשפּאַרן אים אויף אייביק אין תּפֿיסה האָט נישט פֿאַרשטערט זײַנע ווײַטערדיקע טײַוולאָנישע טריקן, און דעם צום מערסטן מאָנסטעריעזן, דעם סאַמע בייזווילִיקסטן פֿון זיי האָט ער פֿאַרטראַכט אין דער תּפֿיסה־קאַמער צום 12־טן יאָרטאָג פֿון זײַן מערדערישן אַקט.

"נקמה כזאת, נקמת דם ילד קטן עוד לא ברא השׂטן" – האָט געשריבן ח. נ. ביאַליק אין זײַן באַרימטער פּאָעמע "עיר ההריגה" – "די שחיטה־שטאָט", מיט 105 יאָר צוריק, אין שײַכות מיטן קעשענעווער פּאָגראָם: אַזאַ נקמה, אַ נקמה פֿאַרן בלוט פֿון אַ קליין קינד, איז נישט געווען מסוגל צוצוטראַכטן אַפֿילו דער טײַוול.

ראַבינס מערדער האָט אָבער, צוועלף יאָר נאָך זײַן פֿאַרברעכערישן אַקט, איבערגעשטיגן אַפֿילו די נקמה פֿאַרן בלוט פֿון אַ קינד, האָט איבערגעביטערעוועט אַפֿילו דעם שׂטן. צוועלף יאָר נאָך זײַנע דרײַ שטערבלעכע שאָסן אין ראַבינס קערפּער, האָט ער איצט אויסגעשאָסן

די פּערטע פֿאַרסמטע קויל – אין קערפּער פֿון דעם פֿאַראָבֿלטן פֿאָלק: ער האָט צוגעטראַכט אַ שוואַרצע נאַכט־פֿאַרשווערונג, אַז געגוי צווישן ה׳ בחשון תּשס״ה לויטן יידישן לוח, און דעם 4־טן נאָוועמבער 2007 לויטן ״גוייִשן״ ציווילן קאַלענדאַר – זאָל געבוירן ווערן זײַן יורש, די פֿרוכט פֿון דעם זיווג פֿונעם שׂטן דעם מערדער מיט יענער לאַריסאַ־לילית טרימבאָבלער... נאָך מער: די טײַוולאָנישע פּאָר האָט אַזוי קונציק אויסגערעכנט, אַז דער ריטואַל פֿון כשרן די טריפֿהנע פּרי, דער ברית גופֿא, זאָל צושטאַנדקומען גראָד דעם 4־טן נאָוועמבער צו דער געגויער דאַטע פֿון ז״עם 12־טן יאָרטאָג פֿון דעם מערדערישן אַקט.

אויך ער, דער נײַ־געבוירענער קליינער יורש, – אויך ער איז אין דער אמתן אַן אומשולדיקער קרבן פֿון זײַנע עלטערנס מאַקאַברישער פּערווערסיע. אַ קרבן פֿון דער עראָטישער הנאה פֿונעם טײַוולאָנישן זיווג. דאָס קינד וועט דאָך דאַרפֿן זײַן גאַנץ לעבן אויסטראָגן דעם קין־צייכן פֿון זײַן טאַטנס מעשׂים און אויסטראָגן די לאַסט, די שטראָף און די שאַנד פֿון זײַן טאַטנס שאַנד־אַקט.

דאָס האָבן זיי דאָך בײדע אין יענער נאַכט פֿון זייער צעהוליעטער וואַקכאַנאַליע פֿון רוצחישער ״ליבע״ – פֿאַרטראַכט דעם סאַמע טײַוולאָנישסטן מאָנסטער־שפּאַס, וואָס נאָר דער שׂטן האָט זיי געקענט אונטערזאָגן: ברענגען אויף דער וועלט די פֿרוכט פֿון זייער רוצחישער שׂינאה אין די טעג פֿון דעם קרבנס יאָרצײַט, און פּראַווען דעם ברית געגוי אין דעם טאָג ווען די מערהייט פֿון פֿאָלק האָט מיט אַזוי פֿיל ווייטיק אָפּגעמערקט דעם יאָרטאָג פֿון דעם שענדלעבן פֿאַרברעכן.

דער דאָזיקער סאַדיסטיש־מאַקאַברישער שפּאַס איז אָבער געבוירן געוואָרן אין דער ישׂראלדיקער תּפֿיסה־קאַמער מיט דער דערלויבעניש פֿון דעם העכסטן געריכט. אין דעם זכות האָט ער זוכה געווען אין יענער נאַכט צו באַשלאָפֿן זײַן זיווג, די ״תּמימותדיקע״ צדיקת לאַריסאַ טרימבאָבלער און צו באַשענקען זי מיטן מערדערס זרע צו געבוירן אים אַ יורש...

זײַן מאַטרימאָניאַלע אַקטיוויטעט שענקט דעם מערדער די געזעצלעכע מעגלעכקייט אַרויסצוקריגן זיך אָפּט פֿון זײַן תּפֿיסה־קאַמער און צו שעפּן אַ ביסל דרויסנדיקע לופֿט בעת זײַנע אָפֿטע באַזוכן אין געריכט – אין רעזולטאַט פֿון זײַנע אָפֿטע בקשות און אָנקלאָגענישן. דאָס מאָל האָט דער מערדער, דרײַ וואָכן פֿאַר זײַן שׂימחה, זיך ווידער באַוויזן מיט זײַן טײַוולאָניש־צינישן שמייכל אויפֿן פּרצוף פֿאַר די שופֿטים פֿון העכסטן געריכט און האָט אַפּעלירט אין נאָמען פֿון זײַנע ״הומאַניטאַרע

רעבט" קעגן דעם אָפּזאָג פֿון דער תּפֿיסה־פֿאַרוואַלטונג צו לאָזן אים זיך באַטייליקן אין דעם געגרייטן ברית פֿון זײַן יורש, צו דעם ביטרע־אויסגערעבנטן, לויט זײַן פּלאַן און בעזרת השם, טאָג פֿון ראַבינס יאָרצײַט.

ער האָט אויך געהאַט די חוצפּה צו פֿאַרלאַנגען מע זאָל אים דערטיילן אין יענעם וויסטן יאָרטאָג אַ געבורט־אורלויב, ער זאָל זיך קענען פֿרייען מיט זײַן יורש אין דעם טאָג ווען דאָס פֿאָלק האָט באַוויינט דעם טויט פֿון זײַן קרבן. דאָס איז דאָך געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין זײַן לעבן – אַזוי ווי אין יענעם טאָג מיט צוועלף יאָר צוריק, ווען דער רוצח האָט נאָך נישט געוווּסט אַז זײַן קויל האָט געטראָפֿן אין זײַן ציל. ווײַל ווען מ'האָט אים אין פּאָליציייִשן אַרעסט מודיע געווען, אַז ראַבין איז שווער פֿאַרווּנדיקט, האָט דער מערדער באַדויערט. "אַ שאָד" – האָט ער אַ זאָג געטאָן – "וואָס עס איז מיר נישט געלונגען".

עס איז אים אָבער יאָ געלונגען. ווער געדענקט עס נישט דעם רוצחישן שמייכל אויף זײַן פּנים ווען ער איז געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק און האָט שטאָלצירט מיט זײַן מערדערישן אויפֿטו?

עס ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז נישט נאָר ראַבינען, און נישט נאָר דעם שלום האָט ער יענעם טאָג אַוועקגעהרגעט. ער האָט אויך שווער, זייער שווער פֿאַרווּנדיקט די נשמה פֿון דעם פֿאָלק אין ישׂראל, ווען אויפֿן ספּאָרט־סטאַדיאָן אין ירושלים האָבן זײַנע אָנהענגערס בוליגאַניש געווילדעוועט אין דער מינוט פֿון שטילשווײַגן בעתן באַערן ראַבינס אָנדענק – אין טאָג פֿון זײַן יאָרצײַט און פֿון דעם מערדערס שׂימחה. און אין דעם פּובליק־טעסט, דעם אויספֿרעג פֿון דער עפֿנטלעכער מיינונג האָבן 36 פּראָצענט פֿון די געפֿרעגטע אויסגעדריקט רחמנות פֿאַר דעם מערדער און זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר באַגנעדיקן אים דורך פֿאַרקירצן אים די יאָרן פֿון זײַן שטראָף...

און, ווי אויסטערליש: – דאָס אַלץ קומט פֿאָר גראָד אין דער צײַט, ווען עס האָט ווידער אַ בלענד געטאָן אַ שטראַל פֿון האָפֿענונג, גאָר נאָענט צו חנוכּה, ווען עס האָט זיך ווידער געעפֿנט אַ פֿענצטער פֿון אַ געלעגנהייט ערבֿ דעם נײַעם שלום־פּרווו אין אַנאַפּאָליס.

אפֿשר וועט איצט זיך באַווײַזן, מיטן אָנצינדן די אַכט ליכטלעך – דער נס פֿון חנוכּה?

זאָלן זיי נאָר ניט שטערן.

*פֿאָרווערטס*, **19־טער אָקטאָבער 2007**

## ...נישט זײַנע ביזנעס

דער פּרעמיער שרון האָט ליב זײַן לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פֿאַרם אויפֿן נגבֿ און אירע שעפּסן, אָבער ס'איז נאַטירלעך, אַז ער האָט נישט – און אַוודאי נישט איצטער – קיין צײַט זיך מיט זיי צו פֿאַרנעמען. ער דאַרף דאָך זאָרגן פֿאַר דער גאַנצער מדינה.

ער האָט אָבער אויך קיין צײַט און קיין קאָפּ נישט צו די ביזנעס. דאָס לאָזט ער איבער פֿאַר זײַנע צוויי זין, באַזונדערס דעם ייִנגערן, גלעד. דעם עלטערן זון, עומרי, האָט ער שוין פֿאַרזאָרגט מיט אַ בענקל אין דער כּנסת: ער וועט זײַן אַ פּאָליטיקער. זעט אויס, אַז אַריאל שרון האָט שוין פֿאַרטיילט צווישן זײַנע זין די ירושה: גלעד וועט ירשענען די פֿאַרם, און עומרי – די מדינה.

דערווײַל זענען אַלע דרײַ נאָך אַלץ שותּפֿים צו ביידע פֿאַרמעגנס – צו דער פֿאַרם און צו דער מדינה. אָבער ווען עס קומט צום אָפּחשבונען זיך, איז דער טאַטע, פֿאַרשטייט זיך, מחוץ דעם עסק.

אַזוי האָט געטראָפֿן, אַז ווען עס איז אויפֿגעדעקט געוואָרן די מעשׂה מיט די געהיימע פֿאָנדן, פֿון וועלכע עס זענען פֿינאַנסירט געוואָרן שרונס פּרײַמעריס, די פֿאָרוואַלן אין "ליכּוד" און דערנאָך די וואַלן צו דער כּנסת, האָט שרון דער סעניאָר נישט געוווּסט צו דערקלערן די מעשׂים פֿון שרון די דזשוניאָרס. ער האָט אַפֿילו נישט געדענקט, אַז ער האָט מיט זײַן אייגענער האַנט אונטערגעשריבן אַ טשעק אויף 100.000 דאָלאַר פֿאַר זײַן וואַל־קאַמפּיין, און ער האָט אויך נישט געדענקט, אַז ער האָט אין דרום־אַפֿריקע אַ נאָענטן חבֿר, וואָס פֿירט אָן מיטן פֿאָנד פֿאַר שרונען.

דאָס איז אָבער ווי אַ טראָפּן אין ים אין פֿאַרגלײַך מיט די אַנדערע באַשולדיקונגען, וואָס די פּאָליציי האָט אויף אים אַרויפֿגעוואָרפֿן און ער האָט נישט קיין צײַט און נישט דעם קאָפּ צו זיי. דאַקעגן די פּראָקוראַטור, וועלכע האָט אָנגעהויבן פֿאָרשן די אָנקלאַגעס, האָט

נישט געגוג מענטשן זיך מיט זיי צו פֿאַרנעמען. אַזוי האָט די טעג געזאָגט די הויפּט־פּראָקוראָרין עדנה אַרבעל ווען מ׳האָט זי געפֿרעגט, וואָס עס איז געוואָרן מיט דער אויספֿאָרשונג אַרום דעם סקאַנדאַל מיטן גריכישן אינדזעלע, – אין וועלכן עס איז פֿאַרמישט דער חשובֿער מיטגליד פֿון דער ליכּוד־צענטראַלע, איינגייער אין די ״הויכע פֿענצטערס״ – דער בוי־אונטערנעמער דוד אַפּעל, צוזאַמען מיט זיינע נאָענטע חבֿרים אַריאל שרון און אהוד אָלמערט.

עס האַנדלט זיך אין דוד אַפּעלס אַ פּראָיעקטירטער טראַנזאַקציע צו קויפֿן אַ קליין גריכיש אינדזעלע און דאָרט אויסצובויען אַ צענטער פֿאַר טוריסטיק. שרון איז דעמאָלט געווען דער אויסערן־מיניסטער אין דער רעגירונג פֿון נתניהו, אָלמערט איז געווען דער שטאָט־מעיאָר פֿון ירושלים און ביידע האָבן דאָ אויפֿגענומען דעם גריכישן מיניסטער, וועלכער האָט געזאָלט פֿאַרמיטלען אין דער פּריוואַטער טראַנזאַקציע.

און צווישן די געזעלשאַפֿטלעכע סקאַנדאַלן, וואָס ליגן אין דער פּראָקוראַטור און וואַרטן ״אויף מענטשן וואָס זאָלן פֿאָרשן״ און אויף שרונען ער זאָל האָבן צייט – געפֿינט זיך אויך די אויספֿאָרשונג אַרום שרונס אַריינמישונג, ווען ער איז געווען מיניסטער פֿאַר הייזער־בוי, אין דער באַהאַנדלונג פֿון אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכן פּראָיעקט, אין וועלכן עס זענען געווען פֿאַרמישט שרונס געשעפֿטלעכע אינטערעסן.

אָבער, ווי געזאָגט: די פּראָקוראַטור האָט נישט קיין מענטשן און שרון האָט נישט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע קליינלעכע ענינים – כאָטש דער מדינה־קאָנטראָלער האָט זיי אַריבערגעפֿירט צו דער אויספֿאָרשונג פֿון דער פּאָליציי און פֿון דער פּראָקוראַטור.

*לעבנס פֿראַגן*, **יאַנואַר־פֿעברואַר 2002**

## % 1.5 אונטערן איַיז

דער אינדעקס פֿון די פּרײַזן, וואָס איז יעדן 15־טן פֿון חודש געוואָרן אַ ריטואַל, האָט דאָס יאָר געמאַכט געשיכטע: צום ערשטן מאָל זינט די מדינה עקזיסטירט איז די אינפֿלאַציע אין יאָר 2003 געווען אַ נעגאַטיווע. דאָס מיינט, אַז די אינפֿלאַציע איז געוואָרן אַ דעפֿלאַציע, אין רעזולטאַט פֿון דער טיפֿער עקאָנאָמישער פֿאַרפֿרירונג אין דערווירטשאַפֿט.

די רעגירונג, וואָס גרויסט זיך מיט אירע רעקאָרדן, האָט איצט דערגרייכט אַ רעקאָרד אויך אויף דעם געביט: אין יאָר 2002 האָט ישׂראל פֿאַרנומען דאָס ערשטע אָרט צווישן די אינדוסטריעלע לענדער, מיט אַ "פּאָזיטיווער" אינפֿלאַציע פֿון 6.5%; איצט האָט ישׂראל דעראָבערט דאָס ערשטע און איינציקע אָרט – מיט איר נעגאַטיווער אינפֿלאַציע פֿון מינוס 1.9 פּראָצענט אין יאָר 2003.

טראָץ די נבֿואות פֿון די מלוכישע וואָרטזאָגערס, אַז זיי זעען שוין אויפֿן האָריזאָנט "סימנים פֿון אַן אויפֿלעב", און אַז אָט־אָט קריגן זיך אַרויס פֿון דער דעפּרעסיע – באַווײַזט אָבער דער "נעגאַטיווער אינדעקס" אין אָנהייב פֿון דעם יאָר 2004, אַז מיר געפֿינען זיך נאָך אַלץ טיף פֿאַרזונקען אונטערן איַיז. די רענטעס פֿאַר פּענסיאָנערן זענען געוואָרן פֿאַרקלענערט, עס זענען רעדוצירט געוואָרן די בודזשעטן פֿאַר בילדונג, קולטור און קונסט און די סאָציאַלע באַדינונגען. די אַרבעטסלאָזיקייט אין נײַעם יאָר האַלט בײַם איבערשטײַגן די 11%.

און אויב עס וואַקסט נאָך עפּעס, חוץ דער אַרמיי פֿון די אַרבעטלאָזע, איז די צאָל פֿאַראָרעמטע, וואָס דערגרייכט שוין 2,5 מיליאָן נפֿשות – מער ווי אַ דריטל פֿון דער באַפֿעלקערונג – אונטער דער ליניע פֿון אָרעמקייט; עס וואַקסט די צאָל געשלאָסענע געשעפֿטן און אונטערנעמונגען, די צאָל זעלבסטמאָרדן צוליב חובֿות און פֿינאַנסיעלער נויט, ווי אויך די צאָל געשלאָסענע אַנשטאַלטן פֿאַר אינוואַלידן, דעפֿעקטיווע קינדער און פֿאַר קראַנקע אַלטע לײַט אד"גל.

עס שטײַגן אויך די אַקציעס אויף דער בערזע און די הכנסות פֿון די אַקציאָנערן און פֿון די העכערע סאָציאַלע שיכטן –עס ווערט אָבער אָן אויפֿהער ערגער די אָרעמע. נאָך די הונדערט טעג פֿון די סאַנקציעס, וואָס די נײַע הסתּדרות האָט פּראָקלאַמירט אין איר קאַמף קעגן די גזירות, און נאָך דעם ווי דאָס געריכט האָט פֿאַרווערט דעם פּראָקלאַמירטן גענעראַל־שטרײַק, האָט דאָך דער הסתּדרות־מנהיג עמיר פּרץ טריומפֿירט. אָבער אויך דער פֿינאַנס־מיניסטער נתניהו האָט זיך דערקלערט פֿאַרן זיגער אין דעם פֿאַרמעסט, ווײַל אויך די אָפּגעלייגטע גזירות האָט נתניהו צוריק געוווּנען דורך די געזעצלעכע גזירות פֿון דער כּנסת – העכערן דעם פּענסיע־עלטער און באַשרענקען די פּראָפֿעסיאָנעלע רעכט פֿון די אַרבעטער.

אַ נידעריקע אינפֿלאַציע איז גוט פֿאַר דער ווירטשאַפֿט. אָבער נישט קיין דעפֿלאַציע, וואָס פֿאַרקלענערט די קויף־קראַפֿט פֿון די פֿאָלקס־מאַסן און פֿאַרפֿרירט די ווירטשאַפֿט אין לאַנד.

בלײַבט דעריבער נאָר צו וואַרטן אויפֿן פּאָליטישן פֿרילינג, כּדי דאָס אײַז זאָל אויפֿטײַען און דער אינדעקס פֿון די פּרײַזן זאָל קענען צוריק אַרויפֿשווימען אויף דער אויבערפֿלאַך און זאָל זיך פֿון דאָרט אויך נישט אויפֿהייבן צו הויך...

*לעבנספֿראַגן*, **יאַנואַר־פֿעברואַר 2004**

# חנוכּה־געלט פֿאַר זקנים

נישטאָ, דאַכט זיך, נאָך אַזאַ פֿאָלק אויף דער וועלט, וואָס זאָל אַזוי שטאַרק זיך מיִען געפֿעלן־צו־ווערן דעם רבונו של עולם, ווי אונדזער ייִדיש פֿאָלק. אפֿשר – כּדי צו באַרעכטיקן זײַן אויסוואַל צו מאַכן אונדז פֿאַר זײַנע אַתּה בחרתּנו. עס איז אָבער זעלטן צו געפֿינען נאָך אַ פֿאָלק, וואָס זאָל אין דער זעלבער צײַט אָפּטאָן אַזוי פֿיל מעשׂים אים צו דערצערענען.

בײַ יעדער מעגלעכער געלעגנהייט באַמיִען זיך אונדזערע בני־ישׂראל צו דערשײַנען פֿאַר דעם כּבֿיכול ווי די בני רחמנים, וואָס לאָזן נישט פֿאַלן אַ ייִד אין אַ צרה. אַ ייִד קען דאָך נישט זײַן קיין רשע, ער טאָר דעם צווייטן קיין שלעכטס נישט טאָן. די תּורה לערנט דאָך אונדז צו טאָן נאָר מיצוות, און די מיצוות דאַרפֿן דינען ווי אַ גאַראַנטיע פֿאַר עולם־הבא, אַן אײַנטריט־קאַרטע אין גן־עדן.

די מיצווה פֿון כּבד את "אָבֿיך ואת אמך", פֿון "והדרת פּני זקן" און פֿון "אַל תּשליכנו לעת זיקנה" – איז אָבער נישט דווקא אויסגערעכנט פֿאַר אונדזער עולם־הבא, נאָר אויך פֿאַר דעם עולם־הזה. דאָס איז אַ מין עלטער־פֿאַרזיכערונג פֿאַר זיך אַליין, פֿאַר יעדן איינעם פֿון אונדז אויף דער צײַט, ווען מיר וועלן אַליין דאַרפֿן אָנקומען צום חסד פֿון אונדזערע קינדער און אייניקלעך, וואָס אויך זיי וועלן, מיט דער צײַט און מיט גאָטס הילף, דערגיין צום זעלבן מעמד.

הײַנטיקע וואָך האָט דאָס גאַנצע פֿאָלק אין מדינת־ישׂראל זיך מאָביליזירט צו דער אַקציע א"נ "טֶל־תּרום למַען הזקן" – דעם זעקס־שעהדיקן טעלעוויזיע־פּראָגראַם געווידמעט די אַלטע לײַט, מיט אַ ליציטאַציע־פֿאַרקויף פֿון בילדער און ווערטזאַכן און מיט טעלע־פֿאָנישע שפּענדונגען, און אויך מיט אַ מאַראַטאָנישן נאָנסטאָפּ קאָנצערט פֿון אַרטיסטן און זינגערס, וואָס האָבן זיך פֿרײַוויליק מאָביליזירט צו דער אַקציע לטובֿת די אַלטע לײַדנדיקע לײַט וואָס קענען זיך נישט אַליין באַדינען, פֿאַר די וואָס האָבן נישט וואָס צו עסן,

אָדער מיט וואָס צו באַהייצן זייער שטוב – טאָמער וועט דער פֿאַרשפּעטיקטער ווינטער זיך דאָך דערמאַנען צו קומען. דאָס איז געווען אַ גרויסער טעלעוויזיע־״שאָו״ אויפֿן מוסטער פֿון די לעצטע נאָן־סטאָפּ־קאָנצערטן אין אויסלאַנד, די וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן צו העלפֿן די לײַדנדיקע פֿון דער טריקעניש און פֿון הונגער נויט אין אַפֿריקע.

דער דאָזיקער ״טעלע־שפּענד״ פֿאַר די אַלטע איז טאַקע געווען אַן אימפּאָזאַנטער טעלע־שנאָר פֿון גרויסן פֿאַרנעם און איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ היפּשן דערפֿאָלג. ער האָט אַרויסגעפּרעסט טרערן פֿון מיטלײַד בײַ דעם זאַטן און גוט פֿאַרזאָרגטן פּובליקום, וואָס איז חלילה פֿון די שפּענדונגען נישט געוואָרן אָרעמער, און האָט אַרײַנגעבערענגט קרובֿ צוויי מיליאַרד שקלים – בערך 1.3 מיליאָן דאָלאַר. אויף דעם אופֿן האָט דאָס פֿאָלק אָפּגעיומטובֿט דעם ״יום הקשיש״, דעם טאָג פֿון דעם זקן, האָט אָפּגעיומטובֿט דעם פֿעסטיוואַל פֿון צידקות מיט געבן חנוכּה־געלט פֿאַר די אַלטע לײַט – און איז גיך אַריבער צו די אַנדערע טעגלעכע דאגות.

און עם ישׂראל האָט זיך אײַנגעקויפֿט נאָך אַ מיצווה.

אויף צומאָרגנס, ווען עס זענען באַרעכנט געוואָרן די שפּענדונגען און עס איז געמאַכט געוואָרן דער סך־הכּל פֿון דעם גרויסן יום־טובֿ, איז אין די צײַטונגען דערשינען די ידיעה, אַז ״תּנובֿה״ שטעלט אָפּ אירע ליפֿערונגען פֿון מילכוואַרג און מילך־פּראָדוקטן אויך פֿאַר די געריאַטרישע שפּיטעלער – די שפּיטעלער פֿאַר אַלטע לײַט. די ליפֿערונגען פֿאַר די אַנדערע שפּיטעלער זענען געוואָרן אָפּגעשטעלט מיט אַ פּאָר טעג פֿריִער. אויך די צושטעלונג פֿון רפֿואות און פֿון הייל־מכשירים, אין וועלכע עס נייטיקן זיך גאָר באַזונדערס די אַלטע לײַט, די מערסטע און געטרײַסטע פֿאַרברויכערס פֿון דער געזונטהייט־אינדוסטריע.

אויף צומאָרגנס נאָך דעם פֿריילעכן פֿעסטיוואַל האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די נויט פֿון די אַלטע לײַט האָט געדינט ווי אַ פֿײַערלעכער געזעלשאַפֿטלעכער ספּעקטאַקל פֿאַר דער הויכער געזעלשאַפֿט. מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן דעם פֿאַקט, אַז די מערהייט פֿאַרגעלייגטע געלטער אין דער ליציטאַציע (אפֿשר 99%) זענען געבליבן אין די טאַשן פֿון די גוטהאַרציקע גבֿירים, וועלכע האָבן פֿאָרגעלייגט זייערע פּרײַזן פֿאַר די קונסט־בילדער און אַנדערע ליציטירטע אָביעקטן. זיי

זענען אפשר אַהיימגעגאַנגען פֿון דער אימפּרעזע מיט פֿאַרדרוס הלמאַי מען האָט זיי "אויסגעבאַפּט די מציאות", אָבער מיטן גוטן געפֿיל, אַז עס איז זיי געבליבן געלט צו פּראַווען שׂימחות אין טײַערע רעסטאָראַנען...

אַ מיצווה האָבן זיי אָבער פֿאַרדינט.

אָבער מדינת־ישׂראל איז אין דעם טאָג, געגנוי ווי יעדן טאָג פֿון דעם יאָר, באַגאַנגען אַ שווערן חטא, אויסשטעלנדיק אירע בירגער, באַזונדערס די זיך עלטערנדיקע, צום חסד פֿון דעם שנאָר, צום חסד פֿון דער גוטהאַרציקער פֿילאַנטראָפּיע.

די אַלטע לײַט האָבן געשפּענדעט זייערע ייִנגערע יאָרן פֿאַר דער מדינה. זיי האָבן אָפּגעדינט אין צה"ל – און אויך ווען זיי האָבן געדינט אין אַנדערע אַרמייען האָבן זיי געקעמפּט אין די מלחמות, זיי האָבן געצאָלט שטײַערן, זיי האָבן אויך געצאָלט פֿאַר דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזיכערונג, דעם "ביטוח לאומי" – כּדי זיי זאָלן נישט דאַרפֿן אָנקומען צו קיין שנאָר און צו קיין פֿילאַנטראָפּיע, כּדי זיי זאָלן קענען בכּבֿודיק זיך אויסלעבן אויף דער עלטער. זיי האָבן באַצאָלט דער מדינה אַן אַדערויף, וועלכן זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פֿון זייער ברויט – די מדינה איז זיי שולדיק דעם חובֿ, זי איז זיי שולדיק זייער געלט, נישט קיינעמס.

די אַלטע לײַט זײַנען אָבער די ערשטע קרבנות פֿון אַלע עקאָנאָמישע "געזונטמאַכונגס־פּלענער", קרבנות פֿון אַלע בודזשעט־רעדוקציעס און נאַציאָנאַלע אָפּשפּאָרונגען – ווײַל זיי דעמאָנסטרירן נישט, זיי קענען ניט שטרײַקן, זיי קערן נישט איבער קיין טישן און זענען נישט קיין טייל פֿון דער קאָאַליציע.

די זאָרג פֿאַר די אַלטע לײַט איז איינע פֿון די פֿליכטן פֿון דער מדינה. די אַלטע בירגער האָבן רעכט צו געניסן פֿון דער מלוכישער הילף און זאָרג – נישט אויס חסד, נאָר ווי דאָס עלעמענטאַרע רעכט. די מדינה האָט זיך צו דעם פֿײַערלעך פֿאַרפֿליכטעט מיטן גרינדן די מלוכישע אינסטאַנץ פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזיכערונג, און אײַנ־מאָנענדיק דעם אָבליגאַטאָרישן שטײַער פֿאַר אָט דער אינסטאַנץ.

ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז פֿון די דאָזיקע געלטער געניסן די פּאַרטייִישע בוֹח־גייער און די אַלע, וואָס די רעגירונג צאָלט זיי פֿאַר זייער פּאָליטישער אונטערשטיצונג. אָט ווערט דערציילט אין "על־המשמר" פֿון 9.12.85, אין אַן אַרטיקל פֿון רעיה רעטיק, פֿון די אָנפֿירנדיקע סאָציאַלע שוועסטערס, אַז אַ סומע פֿון 70 מיליאָן דאָלאַר, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פֿון די אַרײַנגעטראָגענע געלטער

פֿאַרן פֿאָנד פֿון דעם "געזעץ פֿון באַדינונגס־פֿאַרזיכערונג" – און קיינער ווייסט נישט וווּהין די דאָזיקע געלטער זענען אַוועקגעקומען, קיינער האָט נאָך ביז איצט פֿון זיי נישט געזאָגט. אָבער, פֿון דער בידנער עלטער־קיצבֿה האָט דער מדינה־אוצר באַשלאָסן אַראָפּצורעכענען שטײַערן.

אמת, די מדינה ראַנגלט זיך מיט אירע עקאָנאָמישע שוועריקייטן. די קאַסע פֿון דער מדינה איז געוואָרן אויסגעליידיקט דורך דער אַוואַנטוריסטישער הפֿקר־ווירטשאַפֿט פֿון אירע פֿאָרגייערס, וועלכע פּראַווען איצט זייערע וועכנטלעכע סקאַנדאַלן אין דער רעגירונג פֿון דער נאַציאָנאַלער מחלוקת. און אין אַ ליידיקן טאָפּ קאָן מען קיין יויך נישט אָפּקאָכן.

אָבער ווער זאָגט דאָס, אַז דווקא די אַלטע לײַט, וועלכע לעבן במילא פֿון דער מלוכישער קיצבֿה, – אַז זיי דאַרפֿן צאָלן פֿאַר די חטאָים פֿון די יונגע עסקנים?

נאָך גוט וואָס די יונגע האָבן זיך דערמאָנט צו שענקען חנוכּה־געלט זייערע באָבעס און זיידעס. איצט דאַרפֿן אָבער די באָבעס און די זיידעס וואַרטן אַזש ביז פּורים – מסתּמא וועט מען דעמאָלט מאַכן פֿאַר זיי אַ "פּורים־שנאָר"...

*לעצטע נײַעס*, **13־טער דעצעמבער 1985**

(פֿון דעם קאָלום "**וואָכעדיקס אויף שבת**")

## ווער שטרײַקט נישט? – די אַרבעטסלאָזע

א מאַקאַברישער שפּאַס, וואָס איז אומגעגאַנגען אין לאַנד ערבֿ־דער זעקסטאָגיקער מלחמה, האָט דערציילט וועגן אַן אויפֿשריפֿט, וואָס האָט אָנגעזאָגט אויפֿן אַוויאָ־טערמינאַל אין לוד, אַז ווער עס וועט דער לעצטער פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, זאָל נישט פֿאַרגעסן אויסצולעשן די עלעקטרישע ליכט...

דאָס איז געווען דאַן די שווערע תּקופֿה פֿון דער טיפֿער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע און פֿון דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט אין לאַנד, פֿון וועלכער עס האָט דערנאָך "אויסגעלייזט" די זיגערישע מלחמה פֿון יוני 1967. הײַנט עסן מיר די ביטערע פֿרוכטן פֿון דער זיסער אויסלייזונג – די פֿרוכטן פֿון דער זאָרגלאָזער זעלבסטזיכערקייט און פֿון דער אַזויגערופֿענער "קאָנצעפּציע", לויט וועלכער מיר קענען "זיצן" נאָך "צוואַנציק יאָר אומגעשטערט אין סיני, ס'וועט אונדז גאָרנישט געשען". די זאַך האָט נישט אויסגעהאַלטן קיין זיבן גוטע יאָר, און עס איז אויסגעבראָכן די יום־כּיפּור מלחמה.

די "קאָנצעפּציע" איז נאָך אָבער זינט דעמאָלט נישט פֿאַרשוווּנדן, כאָטש אין צווישן איז געקומען דער שלום מיט עגיפּטן. אָבער מיט דער אינוואַזיע אין לבֿנון און אירע אילוזאָרישע נצחונות פֿון אַריאל שרונס עקספּרעס־זייגער פֿון 48 שעה און די איבערגעשריטענע 40 קילאָמעטער, האָט דער דעמאָלטיקער פּרעמיער-מיניסטער מנחם בעגין געהאַט פֿאַרזיכערט, אַז "ותּשקוט הארץ אַרבעים שנה" – פֿערציק יאָר וועט הערשן רו און שלווה. האָבן די 48 שעה זיך צעצויגן אויף 18 יאָר, די 40 קילאָמעטער האָבן זיך אויסגעצויגן ביז ביירוט – דאַקעגן די צוגעזאָגטע 40 לאַנגע יאָרן פֿון שלווה און פֿון "שלום הגליל" האָבן זיך שטאַרק פֿאַרקירצט און אײַנגעשרומפּן.

צו דעם איז שוין אַנדערטהאַלבן יאָר נאָך דעם אַרײַנמאַרש אין לבֿנון צוגעקומען דער קראַך פֿון די אַקציעס אויף דער בערזע, די אויסגעליידיקטע פּאָליצעס אין די געוועלבער, און די דרײַ־ציפֿערדיקע אינפֿלאַציע פֿון איבער 400 פּראָצענט אין דער ווירטשאַפֿט.

וואָס שייך די אָנגעזאָגטע פֿערציק יאָר פֿון רו און שלווה, זענען זיי אין אַ היפּשער מאָס געווען ענלעך צו שרונס איצטיקע זיבן טעג רו און דרײַ וואָכן שלווה, כּדי צו קענען צוטרעטן צום פֿאַרמעסט מיטן אַמעריקאַנישן "מיטשעל־באַריכט" – ווײַל שוין אין דעצעמבער 1987, סך־הכּל פֿינף יאָר נאָכן פּראָקלאַמירן דורך בעגינען די "פֿערציק יאָר רו", איז אויסגעבראָכן די ערשטע אינטיפֿאַדע.

דאָס הייסט נישט, אַז דאָס לאַנד האָט אין צווישן, נישט געקוקט אויף זײַנע אָפֿטע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע קריזיסן, זיך נישט אַנטוויקלט און באַפֿעסטיקט, און אַז עס האָט נישט דערגרייכט קיין גאָר היפּשע דערפֿאָלגן – דער עיקר אפֿשר אין זכות פֿון דער אָנגייענדיקער עליה־אײַנוואַנדערונג. אויך די ייִדישע תּפֿוצות און דער אַמעריקאַנער שירעם האָבן נישט ווייניק צוגעהאָלפֿן, אַז ישׂראל זאָל הײַנט פֿאַרנעמען אַ בכּבֿודיק אָרט אין דער רשימה פֿון די פּראָספּערירנדיקע לענדער.

אין ישׂראל גופֿא געניסט אָבער נאָר אַ קליינער שיכט פֿון דעם "סאָציאַלן לייטער" פֿון דעם ווירטועלן פּראָספּעריטעט. אָבער די עקאָנאָמישע לאַגע און דער פּאָליטישער צושטאַנד זענען אַלעמאָל געגאַנגען געפּאָרט און געפּלאָכטן, געקנופּט און געבונדן איינס מיטן אַנדערן. און פֿון יעדן אַזאַ צוזאַמענגעפּלאָכטענעם קריזיס פֿלעגט, אַזוי ווי איצטער, אַרויסוואַקסן אַ "פּעקל־טראַנזאַקציע" צו ראַטעווען די ווירטשאַפֿט. דעם לעצטן מאָל איז דאָס געווען אין יאָר 1985.

אויפֿן דעמאָלטיקן מוסטער האָט שרון פּראָקלאַמירט אַ מין "נויט־אויסנאַם־צושטאַנד", דאָס מיינט – אַדורכפֿירן ספּעציעלע געזעצן און אַרויסגעבן ספּעציעלע פֿאַרשריפֿטן צו ראַטעווען די ווירטשאַפֿט פֿון אַ צוזאַמענברוך. אָבער כּדי צו קענען דאָס דורכפֿירן אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן, שטרעבט ער צו דערגרייכן אָט די "פּעקל־טראַנזאַקציע" פֿון די פֿיר עיקרדיקע פֿאַקטאָרן: דעם פֿאַרבאַנד פֿון די אינדוסטריעלער – די אַרבעטגעבער, די הסתּדרות – דער אַרבעטער־פֿאַראיין, די רעגירונג (זי איז דער גרעסטער אַרבעטגעבער) און די מלוכישע באַנק.

געוויינלעך קומט־אויף די באַדערפֿעניש פֿון אַזעלכע "פּעקל־טראַנזאַקציעס" בעת די קריגערײַען אין דער כּנסת פֿאַרן באַשטעטיקן דורך איר דעם יערלעכן מדינה־בודזשעט, ווען די פּאַרטייען רײַסן זיך אַרום איבער דער פֿאַרטיילונג פֿון דעם מלוכישן קוכן, און די פֿאַרשיידענע סעקטאָרן פֿאַרשטרײַקן קעגן די בודזשעט־רעדוקציעס, וואָס באַגלייטן געוויינלעך די פּלאַנירונג פֿון דעם בודזשעט און וועקן אויף יעדעס מאָל די סאָציאַלע פֿערמענטאַציע אין דער געזעלשאַפֿט.

ווען שרון האָט איבערגענומען דעם רודער פֿון דער מדינה און האָט דערפֿילט די לאַסט פֿון דער מלוכישער אַחריות, האָט ער זיך ערשט דאַן אַרומגעזען, ווי מיר געדענקען, אַז "וואָס מען זעט נישט פֿון דאָרטן, דערזעט מען דאַנען". דערמיט האָט ער אָפּגעשלאָגן די טענות פֿון זײַנע ווײלער וואָס האָבן אים דערמאָנט זײַנע פֿריִערדיקע רייד און אים געפֿרעגט הלמאַי ער ברענגט נישט די זיכערהייט און דעם שלום, וואָס ער האָט צוגעזאָגט פֿאַר די וואַלן, און הלמאַי ער דעקט נישט אויף זײַנע "פּלענער ווי אַזוי צו ברענגען דעם שלום". ער האָט זיך פּלוצעם אַרומ־געזען, נאָך דער קורצער דערפֿאַרונג פֿון די ערשטע חדשים, אַז בלויז מיטן מיליטערישן כּוח קאָן מען קיין פּאָליטישע קאָנפֿליקטן נישט לייזן.

ווי אַ מנהיג פֿון דער אָפּאָזיציע פֿלעגט ער אין יענע יאָרן שטורמיש און בײַסיק־שאַרף אַטאַקירן די דעמאָלט הערשנדיקע אַרבעטער־פּאַרטיי בנוגע איר סאָציאַלער און עקאָנאָמישער פּאָליטיק. אָבער איצט האָט שרון זיך אַרומגעזען, אַז מיט הוילע הבֿטחות קאָן מען אויך דעם צוגעזאָגטן וווילשטאַנד נישט ברענגען. מ׳קאָן אפֿשר מיט זייער הילף צונויפֿשטעלן אַ ברייטע קאָאַליציע, אָבער נישט לייזן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אָן אַ קאָנסטרוקטיווער סאָציאַלער פּאָליטיק.

האָט אָבער שרון געמוזט זײַן גאַנצע ענערגיע אָנווענדן פֿאַר זײַן אָנשטרענגונג צו דריקן מיטן פֿוס אויף ביידע "ברעקסן" פֿונעם מלוכישן וואָגן – דעם פּאָליטישן און דעם סאָציאַלן: נישט לאָזן דעם שלום־צוג זיך רירן פֿונעם אָרט, און נישט לאָזן זײַן ברייטע קאָאַליציע־רעגירונג מיט אירע 40 מיניסטאָרן און וויצע־מיניסטאָרן זי זאָל זיך, חלילה, צעפֿאַלן און אים איבערלאָזן צום חסד פֿון... ביבי נתניהו.

דער צווימונגס־אָנשטרענגונג מיט זײַן גאַנצער אַרײַנגעלייגטער ענערגיע האָט אָבער נישט געקענט פֿאַרמײַדן דעם שטאַרקן פּאָליטישן דרוק פֿון דרויסן צו עפֿענען דעם פֿאַרלייגטן וועג פֿאַר דעם שלום־צוג. ער האָט אויך נישט געקענט פֿאַרמײַדן דעם סאָציאַלן דרוק פֿון אינעווייניק, מיטן אויסברוך פֿון דער שטרײַק־כוואַליע; דער עיקר אינעם מלוכישן און עפֿנטלעכן באַדינונג־סעקטאָר: שוין דרײַ וואָכן ווי עס שטרײַקן די באַאַמטע פֿונעם מיניסטעריום פֿאַר "אַרבעט און וווילשטאַנד" – ס׳איז הײַנט ביידע שווער צו געפֿינען – דאָס דערמעגלעכט נישט דער רעגירונג אויסצוצאָלן די קינדער־קיצבֿה פֿאַר 2.1 מיליאָן קינדער, און די קיצבֿה פֿאַר 105 טויזנט "באַרעכטיקטע" אַרבעטסלאָזע; עס שטרײַקן די פּראָפֿעסאָרן און דער העכערער ראַנג אין די אוניווערסיטעטן; און עס דעמאָנסטרירן די סטודענטן; עס שטרײַקן די באַאַמטע פֿונעם צאָל־אַמט,

און די פּראָדוקציע בלײַבט שטעקן אין די סקלאַדן, אַזוי אויך די אַרבעטער אויפֿן פֿלי־פֿעלד, די באַאַמטע פֿון דער סאָציאַלער פֿאַרזיכערונג, און אַנדערע.

עס וועט אָבער ניט שטרײַקן דער אײנער סעקטאָר – דער סעקטאָר פֿון די אַרבעטסלאָזע, וואָס זײער צאָל דערגרײכט שוין אין ישׂראל איבער 200־טויזנט, און יעדן טאָג קומען צו נײַע קרבנות פֿון כּסדר זיך שליסנדיקע אונטערנעמונגען. אין 32 יישובֿים אין לאַנד האָט די אַרבעטסלאָזיקייט איבערגעשטיגן די 10 פּראָצענט. אין די קלײנע שטעטלעך אויפֿן נגבֿ דערגרײכט זי שוין 13 ביז 15 פּראָצענט; אָבער די ערשטע 14 ערטער פֿון צווישן די 32 פֿאַרנעמען די אַראַבישע און דרוזישע יישובֿים, ווו עס האָבן זיך געשלאָסן כּמעט אַלע טעקסטיל־ווערק און נײ־וואַרשטאַטן, ווײַל זײ זענען געוואָרן אַריבערגעפֿירט קײן יאָרדאַניע און עגיפּטן, און די צאָל נישט באַשעפֿטיקטע באַטרעפֿט שוין דאָרט 35 ביז איבער % 50. צוזאַמען מיט זײ וואַקסט דער ייאוש און דער צאָרן קעגן דער מדינה.

דעם שווערסטן קלאַפּ האָט באַקומען די טוריסטיק, וועלכע האָט מפֿרנס געווען אַ סך צענדליקער־טויזנטער נפֿשות.

דעריבער האָט שרון פֿאַראָרדנט אַן אויסנאַם־צושטאַנד און צוזאַמען מיטן פֿינאַנס־מיניסטער סילוואַן שלום פֿלעבט ער אַ "פּעקל־טראַנזאַקציע" מיטן ציל צו פֿאַרפֿרירן אויף אַ יאָר די לוינען און די שטרײַקן. צוזאַמען מיט זײ האָט ער אויך פֿאַראָרדנט צו פֿאַרפֿרירן די 29 פּריוואַטע געזעצן, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן דורך דער כּנסת ערבֿ די וואַלן, און די רעגירונג איז נישט מסוגל זײ מקיים צו זײַן – ווײַל זײ דאַרפֿן אָפּקאָסטן דער מדינה אַרום 15 ביליאָן שקלים, אין דער צײַט ווען די רעגירונג האָט רעדוצירט מיט 600 מיליאָן שקלים דעם דערציִונגס־בודזשעט, האָט אָפּגעשטעלט די סאָציאַלע הילף־צאָלונגען צו באַדינען אומבאַהאָלפֿענע זקנים אין די עלטערן־היימען.

אויך די פֿרומע פֿלעבטן זיך אַרײַן אין דעם דרוק אויף דער רעגירונג – אָבער פֿון אַן אַנדערער זײַט: זײ דראָען מיט אָפּרײַסן זיך פֿון דער קאָאַליציע און אויפֿרײַסן די רעגירונג, טאָמער וועלן זײערע ווײַלער ווערן באַעוולט. דאָס דאַרף "קאָסטן" דער מדינה אַ האַלבן ביליאָן שקלים.

דער שלום־בית אין דער רעגירונג וועט אָבער קאָסטן אַ סך מער.

*פֿאָרווערטס*, 19־טער נאָוועמבער 2006

# צווישן צוויי רעטענישן

ביז איצט איז דאָס גרויסע רעטעניש געווען – שרון: קרובֿ דרײַ יאָר שלאָגט זיך אַ גאַנץ פֿאָלק מיט דער דעה און געפֿינט נישט קיין ענטפֿער אויף דער עקבערנדיקער קשיא, צי האָט זיך שרון געענדערט, אָדער איז ער געבליבן דער זעלבער וואָס אַמאָל? צי זאָגט ער וואָס ער מיינט, און צי מיינט ער וואָס ער זאָגט?

הײַנט, נאָך דעם ווי די רעגירונג פֿון מדינת־ישׂראל האָט אַדאָפּטירט די "מאַפּע פֿון די וועגן", און די כּנסת האָט ראַטיפֿיצירט דעם עקאָנאָמישן פּלאַן פֿון מיניסטער נתניהו, איז די באַפֿעלקערונג פֿון ישׂראל אַוועק־געשטעלט געוואָרן פֿאַר די צוויי אַנדערע קאַרדינאַלע רעטענישן, וואָס דרינגען אַרויס פֿון דעם ערשטן: צי וועט טאַקע די "מאַפּע פֿון די וועגן" רעאַליזירט ווערן און וועט דערפֿירן צום שלום, און – וואָס פֿאַר אַ מדינה וועלן מיר האָבן אויב, און נאָכן, דערגרייכן דעם שלום, אין אָנבליק פֿון דער דורכגעפֿירטער "עקאָנאָמישער איבערקערעניש"?

הײַנטיקע וואָך האָבן מיר ווידער אָנגערירט די פֿליגלען פֿון דער געשיכטע. די צרה איז אָבער, וואָס מיר האָבן זיי שוין אַזוי פֿיל מאָל אָנגערירט, און דער גאָלדענער פֿויגל איז אַזוי פֿיל מאָל פֿון אונדז אַנטרונען, אַז מיר האָבן שוין פֿאַרלוירן די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו צוזאַמען מיט די הבֿטחות פֿונעם שׂר פֿון דער געשיכטע. הײַנטיקע וואָך האָט די "מאַפּע פֿון די וועגן" זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַרײַן און פֿון דאָס נײַ געעפֿנט דעם וועג פֿאַר דעם שלום־צוג – אָבער אין קעגנזאַץ צו דעם אָפּמאַך פֿון אָסלאָ מיט צען יאָר צוריק, צו וועלכן די צדדים זענען געגאַנגען מיט אַזוי פֿיל פֿרייד און גוטן ווילן, און וועלכן די מערהייט פֿונעם פֿאָלק האָט אויפֿגענומען מיט אַזוי פֿיל האָפֿענונג און אָפּטימיזם – האָבן די הײַנטיקע מנהיגים פֿון בײדע פֿעלקער זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן מיט אַ שטאַרקן אומווילן, געטריבן פֿון אַ פֿרעמדן כּוח און פֿון אַ פֿרעמדן אינטערעס, אַזוי ווי נישט קיין זייער געהאָרכזאַמע קינדער, וואָס ווערן געצוווּנגען צו האָרכן דעם שטרענגן טאַטן.

וואָס שייך די "פֿליגלען פֿון דער געשיכטע", האָבן מיר זיי אויף אַן אמת שוין צוויי מאָל געהאַלטן פֿעסט אין דער האַנט: מיטן באַשלוס פֿון דער יו"ען פֿון 29־סטן נאָוועמבער 1947, וואָס האָט געשאַפֿן די געזוצלעכע באַזע פֿאַר גרינדן מדינת־ישׂראל, און מיטן "שלום־דעסאַנט" פֿון עגיפּטישן פּרעזידענט סאַדאַט דעם 19־טן נאָוועמבער 1977 אין ירושלים, נאָך װעלכן עס איז געקומען דער ערשטער שלום־אָפּמאַך מיט אַן אַראַבישער מדינה. אין ביידע פֿאַלן איז דאָס פֿאָלק באַהערשט געוואָרן פֿון אַ פֿאַרשיכּורנדיקער עופֿאָריע. אין אַלע אַנדערע פֿאַלן האָבן זיך די פֿליגלען אַרויסגעגליטשט פֿון די הענט, וואָס האָבן, קענטיק, נישט געוווּסט ווי אַזוי זיי צו פֿאַרהאַלטן.

לויטן שׂכל הישר וואָלטן מיר זיך געדאַרפֿט וווּנדערן הלמאַי זאָל אַזאַ וויכטיקער פּאָליטישער אַקט ווי עפֿענען דעם וועג צו אַ שלום באַטראַכט ווערן ווי אַ רעטעניש, און פֿאַרוואָס זאָלן מיר נישט אויפֿנעמען מיט שׂימחה דאָס דערעפֿענען דעם פּראָנט פֿון שלום? און – פֿאַרוואָס זאָלן מיר זיך נישט פֿרייען ווען מיר הערן, אויף אַ זיצונג פֿון דער רעגירונג, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פֿון דער מדינה, און גראָד פֿון דער סאַמע רעכטסטער רעגירונג אין איר געשיכטע – די זעלבע רייד, וואָס מענטשן פֿון דעם שלום־וויליקן לאַגער, "די פֿאַרברעכערס פֿון אָסלאָ", ווי עס האָבן זיי באַצייכנט ווייניקסטנס אַ דריטל פֿון די מיניסטאָרן אין דער איצטיקער רעגירונג, האָבן געפּרעדיקט, אָדער קוים געוואַגט צו זאָגן, מיט דרײַסיק און מיט צוואַנציק צי מיט פֿופֿצן יאָר צוריק. וויפֿל נאַציאָנאַלע ענערגיע, וויפֿל מענטשלעכע קרבנות וואָלטן פֿאַרשפּאָרט געוואָרן, און וויפֿל סאָציאַלע נויט־פּראָבלעמען וואָלטן געוואָרן געלייזט, ווען אַריק שרון און די אַנדערע מנהיגים פֿון ישׂראל מיט אַזא "באַריזמע" ווי ער, וואָלטן געקומען צו די אויספֿירן, צו וועלכע שרון איז איצט געקומען נאָך די 32 חדשים פֿון דער צווייטער אינטיפֿאַדע מיט אירע קרובֿ טויזנט ייִדישע און מער ווי טאָפּלט פּאַלעסטינער קרבנות.

די פּאַלעסטינער קרבנות ווערן נישט געציילט און זיי גייען נישט אָן די מנהיגים און עסקנים פֿון דעם אַזויגערופֿענעם "נאַציאָנאַלן לאַגער". אָבער וואָס שייך די ייִדישע קרבנות פֿון דער אינטיפֿאַדע און פֿון דעם פּאַלעסטינער טעראָר טענהן דאָך די "נאַציאָנאַלע" מנהיגים, אַז דאָס זענען "קרבנות פֿון אָסלאָ". קומט איצט שרון, דער פֿאָטער פֿון דער קאָלאָניזאַציע און איינער פֿון די שאַרפֿסטע קעגנערס פֿון "אָסלאָ" און זאָגט בזה הלשון: "עס איז געקומען די צײַט אַ סוף צו מאַכן צו דער

אָקופּאַציע און צו דער הערשאַפֿט איבער דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן פּאַלעסטינער"...

עס איז געקומען די צײַט? ערשט איצט, נאָך אַזוי פֿיל קרבנות איז זי געקומען, די צײַט? פֿאַרוואָס נישט פֿריִער, נאָך פֿאַר די קרבנות, ווען עס האָבן דאָס געפֿאָדערט די "לינקע", די "פֿאַרברעכערס פֿון אָסלאָ"?

אויך פּרס און ראַבין און אַנדערע אויסגעניכטערטע "ביטחוניסטן" זענען געקומען צו דער זעלבער מסקנא גאַנץ שפּעט. פּרס – נאָך דעם ווי ער האָט געעפֿנט די אָקופּירטע שטחים פֿאַר דער קאָלאָניזאַציע, וועלכע שרון האָט שפּעטער פֿאַרוואַנדלט אין זײַן לעבנסווערק, און ראַבין, וועלכער האָט געזען אין דער קאָלאָניזאַציע די עיקרדיקע שטערונג פֿאַרן שלום. ראַבין האָט אָבער נישט געוואָגט צו האַנדלען ענערגיש קעגן די יִדישע פֿונדאַמענטאַליסטן אין חבֿרון נאָכן מערדערישן פּאָגראָם פֿון ברוך גאָלדשטיין אין דער מערת המכפּלה און האָט באַצאָלט מיטן לעבן פֿאַר ווידמען זיך דעם ציל פֿון שלום. די וועלכע האָבן אין יענער תּקופֿה געהעצט קעגן ראַבינען, באַצייכענען איצט שרונען ווי אַ פֿאַררעטער.

אָבער, בעסער שפּעטער ווי קיינמאָל נישט – האָט געזאָגט אַ ייִד פֿאַרשפּעטיקנדיק צו דער באַן... אַריאל שרון איז געקומען צום אויספֿיר, אַז די אָקופּאַציע איז "נישט ריכטיק און נישט באַרעכטיקט" נישט נאָר נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן מיליטערישן כּוח און אַלע מיליטערישע מיטלען צו באַקעמפֿן דעם פּאַלעסטינער ווידערשטאַנד און דעם טעראָר, נאָר דער עיקר – אונטערן דרוק פֿון וואַשינגטאָן.

זעט אויס, אַז דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט האָט צוגעטראָגט פֿאַר זײַן שלום־פּלאַן דעם נאָמען "מאַפּע פֿון די וועגן", כּדי צו באַפֿרידיקן שרונען. ער האָט, קענטיק, געוווּסט וועגן שרונס שוואַכקייט צו מאַפּעס. איך ווייס נישט, צי עס איז נאָך פֿאַראַן אַ צווייטער פּאָליטישער מנהיג, וואָס זאָל זײַן אַזוי "אויסגעקאָכט" אין מאַפּעס, ווי עס איז שרון. ער פֿלעגט זיך קיינמאָל ניט שיידן פֿון זײַנע מאַפּעס פֿון די – הײַנט שוין פֿאַר אים "באַשטרײַטבאַרע" – שטחים מיט זייערע בערגלעך און זידלונגען און פֿראָנטן.

שרון האָט זיך, מער פֿון אַלע אַנדערע מנהיגים, אויסגעצייכנט מיט זײַן "זיגזאַגישער" פּאָליטיק, אין וועלכער ער איז זיך נוהג צו טוישן די פֿראָנטן, אָבער נישט די האָריזאָנטן... אונטערן דרוק פֿון זײַן פּאַרטיי און פֿון דעם יורידישן ראַטגעבער פֿון דער רעגירונג האָט שרון זיך צוריקגעצויגן פֿון דעם אויסדרוק "אָקופּאַציע". די באַזעצטע שטחים פֿון דער היסטאָרישער ארץ־ישׂראל זענען נישט "אָקופּירט" – דאָס זענען

קאָנטראָווערסאַלע, דהײַנו "שטראַטעגישע שטחים", לויט זייער אויפֿפֿאַסונג. שרון האָט אָבער נישט קלאָר־געמאַכט, צי איז דאָס חל נאָר אויף די שטחים, צי אויך אויף די 3.5 מיליאָן מענטשן, וואָס באַוווינען זיי. דאָס וואָרט "אָקופּאַציע" איז אָבער אײַנגעקלאַמערט און אײַנגעהאַמערט אין דער רעזאָלוציע נומער 242 פֿון דער יו־ען, אויף וועלכער עס באַזירן זיך אַלע ביז איצט אָפּגעשלאָסענע אָפּמאַכן פֿון ישׂראל מיט עגיפּטן (דורך בעגינען) און מיט יאָרדאַניע, און אין דער "מאַפּע פֿון די וועגן" – צוזאַמען מיטן שלום־פּלאַן פֿון דעם סאַודישן קרוינפּרינץ אַבדאַללאַ, וועלכן די אַראַבישע ליגע האָט אַקצעפּטירט מיט אַ יאָר צוריק. דערפֿאַר האָט די רעגירונג פֿאָרמולירט דאָס אָננעמען די "מאַפּע פֿון די וועגן", מיט דעם פּילפּולדיקן נוסח, אַז זי "נעמט אָן די גענג, וואָס זענען אײַנגעשלאָסן אין דער 'וועגן־מאַפּע' אויפֿן שטח", דהײַנו אויף די "שטראַטעגישע טעריטאָריעס". האָבן די זידלערס, געשטיצט און דערמוטיקט פֿון די מאַכט־אָרגאַנען, געענטפֿערט מיט אַ צוגעאײַלטן מאַסיוו־אינטענסיוון בוי פֿון טויזנטער נײַע וווינונגען פֿאַר נײַע זידלערס.

שרונס דערקלערונגען פֿאַר זײַן אַרויספֿאָר קיין אַקאַבאַ צו דער באַגעגעניש מיטן מחבר פֿון דער "וועגן־מאַפּע" האָבן אַרויסגערופֿן התפּעלות בײַ אַ טייל פֿון די שלום־וויליקע פּאַרטיייִשע עסקנים, און אַן אומגעוויינלעכן כּעס בײַ זײַנע פּאַרטיי־חבֿרים, און גאָר באַזונדערס בײַ די מנהיגים פֿון דעם "איחוד לאומי" און פֿון מפֿד"ל, דעם פּאַטראָן פֿון די זידלערס. זיי אײַלן זיך אָבער נישט צו געבן אַ גט דער רעגירונג פֿון שרון, כאָטש אַבֿיגדור ליבערמאַן האָט געדראָט מיט אַ "ברידער־קריג" טאָמער וועט מען וואַגן צו רעאַליזירן די "מאַפּע פֿון די וועגן" און באַזײַטיקן די אומגעזעצלעכע פֿאָרפּאָסטנס, די "מאחזים".

ווי באַקאַנט, האָט די פּאָליטישע ביוראָ פֿון "ליכּוד" מיט אַ יאָר צוריק אָנגענומען אַן אידעאָלאָגישן באַשלוס זיך קעגנצושטעלן דעם געדאַנק פֿון אַ פּאַלעסטינער רעגירונג, און שרון האָט דערקלערט, אַז ער וועט האַנדלען לויטן מלוכישן, און נישט לויטן פּאַרטיייִשן אינטערעס. דער מיניסטער צחי הנגבי פֿון "ליכּוד", איינער פֿון די פֿיר מיניסטאָרן, וואָס האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטימען אין דער רעגירונג איבער דער "וועגן־מאַפּע", האָט צום טרעפֿלעכסטן אויסגעדריקט די לאַגע פֿון די "ליכּוד"־מנהיגים:

"איך ווייס, אַז אַ פּאַלעסטינער מדינה וועט צום סוף געשאַפֿן ווערן. איך בין אָבער קעגן איר, און דערפֿאַר וועל איך זיך אָפּהאַלטן פֿון שטימען"...

אַזויאַרום איז מדינת־ישׂראל אַריַינגעשטיגן אין דעם שלום־צוג און זיך געלאָזט אין וועג־אַריַין אויף דער מאַפּע פֿון פּרעז' בוש – מיטן צווייפֿלהאַפֿטן באַלאַנס פֿון 12 מיניסטאָרן־שטימען קעגן 11 אין דער רעגירונג פֿון אַריאל שרון. מיט אָט דעם "באַלאַנס" איז שרון געקומען דעם מיטוואָך קיין אַקאַבאַ צו דער קאָנפֿערענץ מיט דזשאָרדזש בוש און מיט אַבו־מאַזען, וואָס איר דערפֿאָלג – און נישט די פֿאַרעפֿנטלעכטע דעקלאַראַציעס – וועט געמאָסטן ווערן לויטן עקזאַמען פֿון אירע שפּעטערדיקע רעזולטאַטן.

נישטאָ קיין נײַעס אונטער דער זון. אין מיטעלן מיזרח איז קיין זאַך נישט זיכער.

אָבער ביז צום שלום וועבט דערוויַיל נתניהו די פֿעדימער פֿאַר דער ליקווידאַציע פֿון אַלע פֿריִערדיקע דערגרייכונגען פֿון דער אַרבעטער־שאַפֿט. מיט דער הילף פֿון דער הערשנדיקער קאָאַליציע אין דער כּנסת האָט זיך אים אײַנגעגעבן דורכצופֿירן די דראַקאָנישע רעדוקציעס פֿון די לוינען, פֿון דער סאָציאַלער הילף פֿאַר די נויטבאַדערפֿטיקע, פֿון די בודזשעט־סובסידיעס פֿאַר די שפּיטעלער און הילפֿס־אַנשטאַלטן, פֿאַר אינוואַלידן, פֿאַר בילדונג און פֿאַר קינדער־היימען, פֿאַר באַדינונגס־אַנשטאַלטן פֿאַר אַלטע מענטשן, פֿאַר קונסט און קולטור, און דער עיקר – די שטיצע פֿאַר אַרבעטלאָזע און פֿאַר פּענסיאָנערן.

די וויכטיקסטע צילן פֿון נתניהוס רעפֿאָרמען זענען אָבער געווען – צעברעכן די הסתדרות, אָפּשוואַכן און באַשרענקען דורכן געזעץ דאָס רעכט פֿון שטרײַקן און פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן קאַמף. אַן ערך הונדערט אַזעלכע געזעצן האָט זיך אים אײַנגעגעבן אַדורכצופֿירן אין דער כּנסת. אָבער אין דער זעלבער צײַט ווען ער לייגט דעם עיקרדיקן טראָפּ אויף דער פּריוואַטיזאַציע פֿון די מלוכישע אונטערנעמונגען – האָט ער זיך גראָד פֿאַרמאָסטן צו נאַציאָנאַליזירן די פּענסיע־פֿאָנדן און זייערע קאַסעס, און אײַנצושפּאַנען זייערע געלטער צום האַזאַרד פֿון דער בערזע – ווי אַ וויכטיקער אָנשפּאַר פֿאַרן... פֿרײַען מאַרק.

בלײַבט דעריבער דאָס רעטעניש: וואָס פֿאַר אַ פּנים וועט האָבן דער שלום?...

*פֿאָרווערטס*, **2־טער מײַ 2003**

# עזה – די נײַע סעריִאַלע מלחמה

בישטאָ קיין נײַעס אונטער דער זון: ישׂראל און דער מיטעלער מזרח קענען שוין הײַנט קיינעם מיט גאָרנישט איבערראַשן, און די וועלט קען אויך מיט גאָרנישט איבערראַשן ישׂראל. ווי זאָגן די פֿראַנצויזן? דעזשאַ ווו – דעם פֿילם האָבן מיר שוין געזען. מיר קענען דאָס שוין פֿון פֿריִער. אַלץ וואָס עס געשעט בײַ אונדז די טעג אין דער מלחמה אין עזה־שטרײַף, געשעט בײַ אונדז שוין נישט צום ערשטן מאָל, נאָר מיר האָבן שוין פֿאַרגעסן דעם ביטערן טעם פֿון דעם פֿריִער געשעענעם און זײַנע פֿאָלגן. נאָר מיט יעדער איבערחזורונג ווערט די מלחמה אינטענסיווער, שטאַרקער – און איצט איז די דאָזיקע איבערחזורונג, די נײַע סעריִאַלע מלחמה, געקומען מיט אַ פֿילפֿאַכיק שטאַרקערער קראַפֿט.

און כאָטש מען האָט זי שוין פֿון לאַנג דערוואַרט, מען האָט זי שוין פֿון לאַנג אַפֿילו געהאַט אָנגעזאָגט און מען האָט געוווּסט אַז זי דאַרף קומען – האָט מען אין דער לאַנגער דערוואַרטונג שוין אויפֿגעהערט צו דערוואַרטן, און ווען עס איז צום סוף געקומען, איז עס געוואָרן אַן איבערראַשונג...

דאָס איז דער זין און די טבֿע פֿון דעם אָן אויפֿהער ברויזנדיקן מיטעלן מזרח, דאָס איז דער פּערמאַנענטער מצבֿ פֿון דעם פּאָליטישן ווולקאַן, אויף וועלכן עס זיצט מדינת־ישׂראל און ווו די פֿײַער־לאַווע רײַסט זיך אַרויס יעדעס מאָל מיט אַ שטאַרקערן פֿלאַם. פֿאַר דעם "כאַמאַס" איז די ישׂראלדיקע סוף חנוכּה־אָפֿענסיווע אין עזה אַזוי ווי עס איז געווען פֿאַר ישׂראל די אַראַבישע יומכּיפּור־אָפֿענסיווע אין סיני מיט 35 יאָר צוריק: נאָך דעם שאָק פֿון דער איבערראַשונג אין די ערשטע טעג פֿון דער אָפֿענסיווע, איז געקומען דאָס "קומען צו־זיך" פֿון דעם אַטאַקירטן צד, אין דעם פֿאַל – פֿון דעם "כאַמאַס", וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן באַנוצן מיט דעם מער סאָפֿיסטיקירטן, מער אולטימאַטיוון וואָפֿן: מיט די ווײַט־שיסנדיקע ראַקעטעס און גראַנאַטן־וואַרפֿערס, באַשיסנדיק אַשדוד, יבֿנה און די דרומדיקע

יישובֿים מיט אַ גערדיכטערער באַפֿעלקערונג און אויף אַ מרחק ביז 40 קילאָמעטער.

איך דערמאָן זיך, דאָס איז געווען בערך מיט איבער פֿערציק יאָר צוריק, נאָך דער זעקסטאָגיקער, אָבער פֿאַר דער יומכּיפּור־מלחמה – ווען איך בין ווי אַ יונגער זשורנאַליסט אין די "לעצטע נייַעס" אַ געוויסן טאָג גערופֿן געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין אַ באַקענונגס־צוזאַמענטרעף פֿון זשורנאַליסטן מיט אַ נייַ נאָמינירטן יונגן מיליטערישן וואָרטזאָגער. ער איז הייַנט שוין אַ באַקאַנטער מיליטערמאַן פֿון הויכן ראַנג און אויף אַ הויכער פֿונקציע. אַרויסלייגנדיק פֿאַר אונדז זייַן סטראַטעגישן אַני־מאמין, האָט ער צוו"אַנד געזאָגט, אַז מדינת־ישׂראל נייטיקט זיך אין "אַ קליין מלחמהלע" מיט אירע אַראַבישע שכנים יעדע עטלעכע יאָר, כּדי די אַראַבער זאָלן זיך איבערצייַגן, אַז זיי קענען אונדז נישט מנצח זייַן, און דעמאָלט וועלן זיי איַינגיין אויף צו פֿאַרהאַנדלען מיט ישׂראל וועגן אַ שלום.

זינט דעמאָלט איז אַ סך וואַסער שוין אויסגעטריקנט געוואָרן אין ירדן און אַ סך בלוט איז שוין אָפּגעפֿלאָסן אין די זיך איבערחזרנדיקע "קליינע מלחמהלעך", וואָס האָבן ביז איצט קיין "תּכלית" נישט געבראַכט – חוץ אפֿשר דעם שלום מיט מצרים, אין רעזולטאַט פֿון דער יומכּיפּור־מלחמה. זינט דעמאָלט האָבן זיך אָבער סייַ ישׂראל און סייַ אירע אַראַבישע שכנים מיליטעריש פֿאַרשטאַרקט, און צוזאַמען מיט זייער מיליטערישן כּוח האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט די עקסטרעמיסטן פֿון ביידע זייַטן, דער טעראָר און דער פֿונדאַמענטאַליזם, און עס האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט אויך די שטרויכלונגען אויפֿן וועג צום שלום.

עס איז אויך, מיטן לויף פֿון די יאָרן, געשטיגן דער פּרייַז פֿון דעם שלום אויפֿן פּאָליטישן יאַריד, אַזוי ווי דער פּרייַז פֿון די פּרוכטן אויפֿן עקאָנאָמישן מאַרק. אין איינעם פֿון מייַנע אַרטיקלען אין אַ ייִדישן זשורנאַל האָב איך אַמאָל געשריבן, אין אַן איַינגערעמט שילדל – אַזוי ווי אין אַ שילדל אויף אַ סטראַגאַן פֿון פּירות און גרינצייַג אויפֿן מאַרק אין די טעג פֿון דער אינפֿלאַציע:

> **קויפֿט דעם שלום הייַנט, ווייַל**
> **מאָרגן וועט ער ווערן טייַער**

און אַזוי איז טאַקע געשען. דער פּרייַז פֿון שלום איז אָן אויפֿהער געוואַקסן און האָט איַינגעזויפּט גרויסע מאַנגעס בלוט פֿון יונג און

אַלט – אויפֿן מזבח פֿון טעראָר און פֿון שׂינאה, פֿון נאַציאָנאַלער גאווה ביז פֿאַנאַטישן שאָוויניזם, פֿון אמתדיקן און אויך געפֿעלשטן פּאַטריאָטיזם, פֿאַר אייגענע און פֿאַר פֿרעמדע אינטערעסן; אויפֿן מזבח פֿון קורצזיכטיקע "קאָנצעפּציעס" און קורצע האָריזאָנטן, פֿון אַדורכגעלאָזטע, פֿאַרפֿאַסטע איניציאַטיוון, פֿון פֿריצײַטיק צוגעמאַכטע "פּענצטערס פֿון געלעגנהייטן" און פֿאַרשפּעטיקטע רעפֿלעקסן. און נישט ווייניקער פֿון דעם זענען די "אַקציעס" פֿון שלום געפֿאַלן, אָבער זייער פּרײַז איז געשטיגן – אויף דער בערזע פֿון בלוט און פֿון שׂינאה.

ווען מיר קוקן זיך אום אויף דער געשיכטע פֿון אָט די "אַקציעס פֿון שלום", געפֿינען מיר אַן אויסטערלישע דערשײַנונג: וואָס מער די "אַקציעס פֿון שלום" פֿאַרלירן דעם ווערט אויפֿן פּאָליטישן יאַריד, אַלץ מער שטײַגן די אַנדערע אַקציעס, די מיליטערישע אַקציעס אויף דער קריגערישער בערזע: יעדע מלחמה הייבט זיך אָן ווי אַן "אַקציע": די אַקציע (אָדער אָפּעראַציע) "שלום הגליל" איז אויס־געוואַקסן צו דער ערשטער מלחמה אין לבֿנון. עס האָט גענומען אַ לענגערע צײַט ביז וואַנען די רעגירונג האָט באַוויליקט צו באַשטעטיקן אָפֿיציעל דעם נאָמען, וואָס דאָס פֿאָלק האָט שוין ספּאָנטאַניש געהאַט באַשטימט פֿאַר דער צווייטער לבֿנונישער מלחמה, מחמת די פֿריִערדיקע, וואָס האָט געדויערט 18 יאָר, איז סך־הכּל געווען בלויז אַן "אַקציע" – איז ווי קען דאָס זײַן אַ "צווייטע מלחמה", אויב עס איז קיין ערשטע נישט געווען?... אויך איצט, מיטן אָנהייב פֿון דער אַקציע "עופֿרת יצוקה" – געשמעלצטער בלײַ, ווי זי ווערט אָנגערופֿן, האָבן די רעגירונגס־באַאַמטע שוין אָנגעהויבן זיך צו שלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל זי ווערן אַרײַנגעשריבן אין די אָפֿיציעלע אַקטן ווי אַ ספּעציעלע אַקציע, אָדער אַ פּשוטע מלחמה.

אָבער אין אָט דער אומזיניקער סעמאַנטישער סכאָלאַסטיק ליגט אפֿשר דער גאַנצער זין פֿון דער ביז־איצטיקער לײַכטזיניקייט אין דער באַציִונג צו דער שוידערלעכסטער פֿון אַלע דערשײַנונגען אין דעם לעקסיקאָן פֿון די מענטשלעכע באַגריפֿן. די פֿאָלקס־מאַסן און זייערע מנהיגים פֿאַרגעסן דעם בלוטיקן טעם און באַנעמען נישט דעם שוידער פֿון מלחמה אַזוי לאַנג ווי זיי דערהערן נישט דעם שרעקעוו־דיקן געהילך פֿון דער סירענע מיטן וואָרענונג־סיגנאַל "צבֿע אדום"! – רויטע קאָליר!, און ביז וואַנען עס שנײַדט נישט אַדורך די לופֿט און ווייטיקט זיי אין אויער דער ערשטער צעשמעטערנדיקער קנאַל פֿון

דער באָמבע, צי פֿון דער "קאַסאַם"־ראַקעטע, פֿון דעם "גראַד" אָדער "קאַטיושע" און פֿון יעדן אַנדערן טויטנדיקן אָנזאָג פֿונעם טיַיוול.

גערדענקען מיר דאָך אַלע די מאַסיווע דעמאָנסטראַציעס קעגן דער רעגירונג אונטערן פּאַראָל "לאָזט דער אַרמיי מנצח זיַין!" און מיט דער פֿאָדערונג "צו דערלאַנגען זיי" און "אָנצולערנען" – צו געבן "זיי" דעם געהעריקן קלאַפּ זיי זאָלן האָבן צו גערדענקען. אָבער די זעלבע דעמאָנסטראַנטן האָבן שפּעטער דעמאָנסטרירט קעגן דער רעגירונג הלמאַי זי האָט אַזוי לייַכטזיניק געעפֿנט די צווייטע לבֿנונישע מלחמה, בעת די אַרמיי איז נישט געווען גענוג צוגעגרייט צו איר. יעדער צד – סיַי דער כיזבאַללאַ, סיַי דער כאַמאַס און סיַי אונדזערע שריַיערס – אַלע האָבן זיי געוואָלט, אַז דער פֿיַינט זאָל לייַדן און זאָל דערפֿילן דעם טעם פֿון מלחמה, אָבער אונדז זאָל עס נישט ווי טאָן...

אַ מלחמה – יעדע מלחמה – דעמאָראַליזירט דעם געוויסן און באַפֿריַיט די הפֿקרות. יעדע מלחמה וועקט אויף דעם מיליטאַנטישן פּאַטריאָטיזם און דעם אַזויגערופֿענעם "נאַציאָנאַלן קאָנצענזוס". אין אַ מלחמה, ווען עס פֿאַלן די באָמבעס און עס קנאַלן די האַרמאַטן, שוויַיגן נישט נאָר די מוזע, ווי עס זאָגן די פּאָעטן, נאָר עס ווערט אַנטשוויגן אויך דער שׂכל הישר און די געזעלשאַפֿטלעכע קריטיק. און יעדע מלחמה מאָביליזירט די קריטיקלאָזע סעקטאָריעלע סאָלידאַריטעט – די אויטאָמאַטישע אידענטיפֿיצירונג פֿון דער, כ'וואָלט געזאָגט, ביאָלאָגישער אָדער נאַציאָנאַלער, עטנישער, רעליגיעזער אָדער יעדער אַנדערער צוגעהעריקייט צו דעם אָדער צום אַנדערן צד. און טאָמער דערוועקט זיך אַ געוואַגטע און אַ ניכטערע שטים פֿון קריטיק, ווערט דער קריטיקער געשטעמפּלט ווי אַ "פֿאַררעטער" דורך די פּאַטענטירטע "פּאַטריאָטן" פֿון דעם זעלבסטגערופֿענעם "נאַציאָנאַלן לאַגער", וועלכער ווערט אין צייַט פֿון מלחמה דער באַלעבאָס פֿון דער "עפֿנטלעכער מיינונג".

די רעגירונג שטייט היַינט פֿאַר דער שווערער אַנטשיידונג צי זאָל די אַרמיי אַריַינמאַרשירן אין דעם עזה־פּאַס. עס פֿאַרלאַנגט זיך אַ סך יישובֿ־הדעת פֿאַר אַזאַ אַנטשיידונג אין אָנבליק פֿון דער רעאַקציע און דעם דרוק פֿון די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע פֿאַקטאָרן. קיינער ווייסט נישט וואָס פֿאַר אַ ריכטונג עס וועט אָננעמען די אָנגעהויבענע מלחמה און ווי לאַנג זי קען דויערן.

אַ מלחמה – יעדע מלחמה, אַפֿילו די "שענסטע", די "בעסטע", די גערעכטסטע און די געלונגענסטע, אויב זי פֿאַרענדיקט זיך אָן אַ הסכּם, איז אַ באַשטעלונג פֿאַר דער קומענדיקער מלחמה.

געוויינלעך ענדיקט זי זיך ביי אונדז מיט באַשולדיקונגען און מיט אַן אויספֿאָרש־קאָמיסיע צו פֿאָרשן אירע פֿעלערן און דורכפֿאַלן.

געוויינלעך לערנט מען ביי אונדז נאָך יעדער מלחמה די מסקנות פֿון אַזעלכע אויספֿאָרש־קאָמיסיעס און וויאַזוי צו פֿאַרמיידן די לרובֿ אומפֿאַרמיידלעכע פֿעלערן אין דער מלחמה. מיר לערנען אָבער נישט, געוויינלעך, וויאַזוי די קומענדיקע מלחמה צו פֿאַרמיידן. מיר שטייען איצט ממש אויף דער שוועל פֿון דעם נייעם קאַלענדאַרישן יאָר. לאָמיר האָפֿן, אַז דאָס נייע יאָר וועט אונדז מער קיין מלחמה נישט ברענגען.

*פֿאָרווערטס,* **2־טער יאַנואַר 2009**

(געשריבן דעם 30־סטן דעצעמבער 2008)



## חכמים לאַחר מעשׂה

מײַן פֿאָריקן אַרטיקל ("פֿאָרווערט", 2.01.2009), װעלכן איך האָב געשריבן אין פֿערטן טאָג פֿון דער לופֿט־"אָפּעראַציע" קעגן עזה, אַ טאָג פֿאַר דעם אַרײַנמאַרש פֿון די יבשה־כּוחות פֿון צה"ל אין "כאַמאַסטאַן", די צום געדיכטסטן באַפֿעלקערטע טעריטאָריע אויף דער װעלט – האָב איך פֿאַרענדיקט מיט דעם פֿאָלגנדיקן זאַץ, מיט װעלכן איך דערלויב זיך דאָ צו עפֿענען דעם הײַנטיקן אַרטיקל:

"געװײנלעך לערנט מען בײַ אונדז נאָך יעדער מלחמה די מסקנות פֿון די אויספֿאָרש־קאָמיסיעס און װי אַזוי צו פֿאַרמײַדן די לרובֿ אומפֿאַר־מײַדלעכע פֿעלערן אין די פֿריִערדיקע מלחמות; מיר לערנען אָבער נישט, געװײנלעך, װי אַזוי די קומענדיקע מלחמה צו פֿאַרמײַדן".

הײַנט, אין 18־טן טאָג פֿון דער מלחמה קעגן דעם "כאַמאַס" – הערן מיר װידער די זעלבע קלאַנגען, די זעלבע טענות און מענות און די זעלבע מאָטיװן אין דעם געזעלשאַפֿטלעכן װיכּוח װי בײַם אָנהייב פֿון דער צװייטער לבֿנונישער מלחמה – די זעלבע דעמאַגאָגיע און די זעלבע מאָביליזאַציע פֿון דעם פּאָפּוליסטישן פּאַטריאָטיזם. מיר זענען אויך עדות פֿון דעם זעלבן אומגעדולד אין נוסח פֿון "נו, שוין, לאָמיר שוין זען די רעזולטאַטן!" – הגם די דערװאַרטונגען זענען שוין נישט די זעלבע װי אין דער פֿריִערדיקער מלחמה קעגן "כיזבאַללאַ" מיט צװיי און אַ האַלבן יאָר צוריק. צה"ל האָט געלערנט, זיך בעסער צוגעגרייט צו דער שלאַכט, איז װײניקער באַרימעריש, װי די פּאָליטיקערס, װעלכע האָבן אין יענער מלחמה זיך געיאָגט נאָך דעם נצחון און אים אַפֿילו אָנגעמאָלדן, װי אָלמערט אין זײַן נצחון־רעדע שוין אין 24־סטן פֿון די 33 טעג פֿון יענער מלחמה, און אַזוי װי דער שעף פֿון גענעראַל־שטאַב, ("באָגי") יַעלון, װעלכער האָט פּראָקלאַמירט דעם נצחון איבער דעם טעראָר נאָך דער "אָפּעראַציע "חומת מגן" ("שוצמויער") אין 2003.

איצט הערט מען שוין װידער, װי געזאָגט, די זעלבע טענער, נישט געקוקט דערויף, װאָס צו דער איצטיקער מלחמה איז די אַרמיי געװען

בעסער צוגעגרייט און עפֿעקטיווער ווי אין דער פֿאָריקער. נישט געקוקט אָבער דערויף וואָס ביז איצט האָט צה״ל זיך נישט אָנגעטראָפֿן אויף קיין ערנסטן ווידערשטאַנד מצד דעם "באַמאַס", און נישט געקוקט אויף דער ריזיקער צאָל פּאַלעסטינער קרבנות און דער געוואַלדיקער צעשמעטערונג פֿון עזה, איר אויסהונגערונג און אויספֿינצטערונג און אירע ביז איצט 144 צעשמעטערטע קאַנאַלן פֿאַר דעם אַרײַנשטראָם פֿון שפּײַז, פֿון ראַקעטעס און אַנדערע וואָפֿנס. אין די 18 טעג פֿון דער ביז איצט כּמעט איינזײַטיקער מלחמה, איז דער מיליטערישער כּוח פֿון "באַמאַס" נאָך אַלץ נישט געוואָרן אײַנגעבראָכן. דאָס באָמבאַרדירן די ארומיקע יישובֿים מיט ווײַט־שיסנדיקע ראַקעטעס פֿון כּל־המינים האָט שוין דערגרייכט ביז באר־שבֿע און האָט נאָך ביז הײַנט נישט אויפֿגעהערט. דער "באַמאַס" וויל נאָך אַלץ אַרײַנציִען די כּוחות פֿון צה״ל אַלץ טיפֿער אין דעם פּלאָנטער פֿון די געדיכט באַפֿעלקערטע געסעלעך אין די פּליטים־לאַגערן, כּדי צו פֿאַרשאַפֿן ישׂראל וואָס מער קרבנות.

הײַנט דאַרף די רעגירונג פֿון ישׂראל דעצידירן וועגן עפֿענען די געפּלאַנטע דריטע פֿאַזע פֿון דער מלחמה, צו וועלכער זי האָט שוין מאָביליזירט צענדליקער טויזנטער רעזערוויסטן וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען טיף אין דעם געדיכטן דזשונגל פֿון דעם שמאָלן מענטשלעכן ווולקאַן.

ביז איצט איז דער "באַמאַס" פֿאַטאַל צעשמעטערט געוואָרן, אָבער ווי אַ רעליגיעז פֿונדאַמענטאַליסטישע טעראָר־באַוועגונג וועט ער אין קיין פֿאַל נישט אַרויסהענגען קיין ווײַסע פֿאָן, וואָס ישׂראל דערוואַרט, און אָלמערטס רעדעס זענען נאָך אַלץ פֿול מיט אָפּטימיזם, אַזוי ווי אין דער פֿריִערדיקער מלחמה. אָבער, אָנגעלערנט פֿון זײַן לעצטער דערפֿאַרונג רעדט ער שוין נישט וועגן קיין נצחון איבער דעם "באַמאַס" – נאָר מער וועגן זײַן צעשמעטערונג.

דערווײַל ווערן דערהרגעט הונדערטער אומשולדיקע מענטשן, אומזיסטע קרבנות פֿון "באַמאַס" און פֿון דער מלחמה.

אויב מיר זאָלן וועלן שילדערן דעם בלוטיקן פֿאַרמעסט לויט די סטאַטיסטישע פּאַראַמעטערס אָדער מיט טערמינען פֿון דעם ספּאָרטיוון לעקסיקאָן, וואָלטן מיר די ביז־איצטיקע "רעזולטאַטן" פֿון אָט דער מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער טראַגעדיע אין איצטיקן מאָמענט, אין 18־טן טאָג פֿון דער מלחמה קעגן עזה, רעזומירט מיט די ציפֿערן: 930 : 13. נײַן הונדערט און דרײַסיק דערהרגעטע און איבער

פיר טויזנט פֿאַרוווּנדיקטע פּאַלעסטינער קעגן 13 ישׂראלים. אַרום 500 פֿון די פּאַלעסטינער הרוגים זענען געווען מונדירטע, מערסטנס באַוואָפנטע מענטשן פֿון "כאַמאַס" – איינגעשלאָסן פּאָליציי, פֿייער־לעשער און אַנדערע ציווילע פֿונקציעס. די איבעריקע בערך 450 נפֿשות זענען פֿרויען און קינדער. די צאָל פֿאַרוווּנדיקטע ישׂראלים דערגרייכט צו די צענדליקער. דאָס איז די פֿאַרהעלטעניש צווישן די צדדים אין דעם איצטיקן בלוטיקן פֿאַרמעסט. דאָס איז די "פּראָפּאָרץ" פֿון די קרבנות אין אָט דעם "קליינעם מלחמהלע", וואָס איז נאָך נישט פֿאַרענדיקט, און אין וועלכער יעדער צד ציילט נאָר זײַנע קרבנות און די פֿאַרברעכנס פֿון דעם אַנדערן צד, דעם שׂונא.

דאָס איז דער דערווײַליקער רעזולטאַט פֿון מלחמה, וואָס האָט זיך אירע אייגענע געזעצן פֿון מאָראַל און פֿון דעם געהייליקטן בײַ אונדז "טוהר הנשק" – "זויבערקייט פֿון וואָפֿן". די סניגורים, די דיפּלאָמירטע "פּאַטריאָטן" און זייערע אַדוואָקאַטן וועלן שטענדיק געפֿינען די געהעריקע מאָטיוון, ווי למשל, און וואָס איז אמת, אַז דער "כאַמאַס" באַנוצט זיך מיט ווײַבער און קינדער ווי "לעבעדיקע שוץ־פּאַנצערס", אַז זיי שיסן זייערע ראַקעטעס פֿון שולן, פֿון מעטשעטן, פֿון ערטער וווּ עס זענען פֿאַרזאַמלט ציווילע מענטשן, און צה"ל האָט נישט קיין אַנדערע ברירה ווי צו שיסן אַהין – ווי עס איז אויך דאָס מאָל געשען, אַזוי ווי אין פּליטים־לאַגער פֿון אונר"אַ אין לבֿנון, און עס טרעפֿן אויך, ווי אין יעדער מלחמה, אומפֿאַרמײַדלעכע טעותן – ווי דאָס מאָל אין אַ שול, וואָס מיט איר האָט זיך דער אונר"אַ באַנוצט כּדי צו באַשיצן ציווילע בירגער, אַנטלאָפֿענע פֿון אַנדערע באָמבאַרדירטע הײַזער אין עזה; און ס'איז אמת אויך, אַז די טעראָריסטן פֿון "כאַמאַס" פֿאַרלייגן מיט מינעס די בנינים פֿון שולן און פֿון אַנדערע עפֿנטלעכע אַנשטאַלטן קעגן די כּוחות פֿון צה"ל אאַז"וו. – ווי תּירוצים פֿאַר ישׂראל צו באַרעכטיקן דאָס באָמבאַרדירן ציווילע אָביעקטן מיט אומשולדיקע מענטשן אין זיי.

דאָס זענען, ווי געזאָגט, די מאָטיוון צו כּשרן די הערשנדיקע מאָראַלישע נאָרמעס אין דער מלחמה. און ווער עס קריטיקירט זיי און פֿאַררופֿט זיך אויף דעם "עטישן קאָדעקס" און אויף דער "זויבערקייט פֿון וואָפֿן", ווערט געשטעמפּלט ווי אַ פֿאַררעטער" און ווערט באַשולדיקט דורך די "פּאַטריאָטן" אין דעם, אַז ער שעדיקט דעם "קעמפֿערישן מאָראַל", דעם "גײַסט און די מאָטיוואַציע פֿון קאַמף".

ישׂראל, וועלכע איז באַדראָט און טעראָריזירט פֿון "כאַמאַס", האָט רעכט זיך צו פֿאַרטיידיקן, אָבער ווי אַ מדינה קאָן זי זיך נישט באַנוצן מיט

די ברוטאַלע מעטאָדן וואָס אירע שונאים. זי האָט געגנוג כּוח זיי צו באַזיגן, אָבער יעדער ראַדיקאַל־נאַציאָנאַליסטישער מנהיג ווען ער קומט צו דער מאַכט איבערצייַגט זיך און פֿאַרשטייט, אַז אויך כּוח איז באַגרענעצט, ווי אַריאל שרון, דער כּהן פֿון מיליטערישן כּוח, האָט עס בשעתו דערקלערט. ברוטאַלע האַנדלונגען, קאָלעקטיווע באַשטראָפֿונגען ברייטערן אויס יעדעס מאָל אַלץ מער און מער דעם קרייַז פֿון די געטראָפֿענע משפּחות, וואָס זייערע פּילצאָליקע קינדער און די קינדערס קינדער וועלן אויף דורות טראָגן אין זיך דעם האַס און דעם ווילן זיך נוקם צו זייַן אין ישׂראל און אין די ייִדן פֿאַרן טויט און פֿאַר די לייַדן פֿון זייערע טאַטעס און ברודערס און פֿאַר די אַנדערע קרובֿים.

אין ציווילן לעבן פֿון אַ דעמאָקראַטישער מדינה, דהייַנו, אין מדינת־ישׂראל, איז געוואָרן אָפּגעשאַפֿט טויט־שטראָף פֿאַר יעדן, אַפֿילו פֿאַר שולדיקע אין אַ געפּלאַנטן אָדער באַוווּסטזיניקן מאָרד. טאָמער וואָלט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דער טויט־אורטייל איז געווען אַ טעות – און בכלל מחמת דעם געבאָט פֿון "לא תרצח". די קעגנזייַטיקע שׂינאה און דער קעגנזייַטיקער פּחד וועגן־איבער אַלע מאָראַלישע און ראַציאָנעלע צוימונגען און באַוועגן דעם יצר פֿון מלחמה מיט אַלע אירע נעגאַטיווע פֿאָלגן.

עס איז אַלעמען באַקאַנט די פֿראַזע פֿון דעם דייַטשישן סטראַטעגיע־דענקער קאַרל פֿאָן קלאַוזעוויץ, אַז "מלחמה איז אַ המשך פֿון דער פּאָליטיק, נאָר אין אַן אַנדערער פֿאָרם און מיט אַנדערע מיטלען". צו דעם דאַרף מען אָבער צוגעבן, אַז אַ מלחמה איז לרובֿ די פּרוכט פֿון אַ פֿעלערהאַפֿטער פּאָליטיק. עס זענען פֿאַראַן גערעכטע מלחמות פֿאַר זעלבסטפֿאַרטיידיקונג, און אַזאַ איז געווען דער אָנהייב פֿון דער איצטיקער מלחמה. אַ מלחמה, ווי עס איז שוין אַזוי פֿיל מאָל געזאָגט געוואָרן, ווייסט מען ווען זי הייבט זיך אָן, אָבער מען ווייסט נישט ווען און ווי אַזוי זי וועט זיך פֿאַרענדיקן. פֿאַראַנטוואָרטלעכע און פֿאַרנונפֿטיקע פּאָליטישע מנהיגים דאַרפֿן דעריבער קודם כּל וויסן ווי אַזוי זי צו פֿאַרמייַדן. און ווען זי ברעכט שוין אויס, דאַרפֿן זיי וויסן ווען זי אָפּצושטעלן, כּדי צו פֿאַרמייַדן נאָך אומזיסטע קרבנות.

מיטן פֿאַרענדיקן די ערשטע "געלונגענע" פֿאַזע האָט זיך געשאַפֿן דער געהעריקער מאָמענט דאָס צו טאָן, און עס וואָלטן פֿאַרמיטן געוואָרן הונדערטער אומזיסטע און אומשולדיקע קרבנות. ווייַל – דער קלאַפּ איז שוין געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז דער "באַמאַס" וועט שוין

האָבן צו געדענקען, כאָטש ער וואָלט זיך במילא נאָך דעם באַרימט, אַז דאָס האָט ער אָפּגעהאַלטן דעם נצחון. זאָל זײַן אַזוי, אַבי מענטשלעכע לעבנס זאָלן ווערן אָפּגעראַטעוועט.

אין דער איצטיקער מלחמה האָבן אונדזערע מנהיגים די געלעגנהייט צו לערנען, אַז אין די באַציִונגען צווישן מדינות איז נישט פֿאַראַן קיין אייביקע פֿרײַנדשאַפֿט און קיין אייביקע טרײַשאַפֿט: עס איז נאָר פֿאַראַן פֿאַר די פּאָליטישע מנהיגים די טרײַשאַפֿט, לויט ווי זיי פֿאַרשטייען דאָס, צו זייערע אייגענע מלוכישע אינטערעסן. דאָס האָט זיך איצט אויסגעדריקט אין דער אָפּשטימונג איבער דער רעזאָלוציע אין זיכערהייטס־ראַט פֿון דער יו־ען, אין וועלכער ישׂראל ווערט גערופֿן אָפּצושטעלן דאָס פֿײַער, אָבער עס ווערט מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט דער טעראָר פֿון כאַמאַס און אויך נישט זײַן ראַקעטן־אָפּענסיווע קעגן די ייִדישע ייִשובֿים אַרום עזה.

מעגן די קעגנערס פֿון אַ טעריטאָריאַלער פּשרה און פֿון אַ ישׂראל־דיקער שלום־איניציאַטיוו ווידער טענהן, אַז "די גאַנצע וועלט איז קעגן אונדז" און אַז דעריבער קענען מיר זיך פֿאַרלאָזן נאָר אויף זיך און אויפֿן רבונו־של־עולם. אין דער אָפּשטימונג אין זיכערהייטס־ראַט האָט זיך באַשטעטיקט, אַז נישט אַלע מאָל קענען מיר זיך אויף זיי פֿאַרלאָזן – אָבער אָן דער אונטערשטיצונג פֿון אונדזערע פֿרײַנד צווישן די גרויסמאַכטן קאָן די מדינה קיין אייגענעם קיום נישט האָבן, ווי שטאַרק זי זאָל נישט זײַן מיליטעריש.

אין פּוילישן לשון איז פֿאַראַן דאָס ווערטל "קלוג ווערט דער פּאָלאַק נאָך דעם שאָדן". אין העברעיִשן לשון זאָגט מען "חכמים לאַחר מעשׂה". אַ ייִדיש ווערטל זאָגט, אַז אַ חכם איז דער, וואָס לאָזט זיך נישט אַרײַנציִען אין קיין סיטואַציע, פֿון וועלכער ער זאָל זיך נישט קענען אַרויסקריגן.

ווו געפֿינט מען הײַנט דעם דאָזיקן חכם אין אַ לאַנד פֿון אַזוי פֿיל חכמים?

*פֿאָרווערטס*, **3־טער יאַנואַר 2009**

**ווען די הימלען האָבן געשוויגן:**

אויך דער אויבערשטער אַ יום־טובֿ זיך מאַכט
ווען די שיל איז פֿאַרמאַכט

## קעגנאיבער דער גלעזערנער שטײַג

## פֿונעם טאָגבוך פֿון דעם אײַכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים

### 2־טער אַפּריל 1961

"ווּאָס פֿאַר אַן אײַנדרוק האָט ער אויף דיר געמאַכט? ווי זעט ער אויס, דער דאָזיקער מאָנסטער, דער גרעסטער פֿאַרברעכער פֿון אַלע צײַטן? זעט ער טאַקע אויס ווי אַ מערדער?"

מיט אַזעלכע פֿראַגן זענען מענטשן מיר אַנטקעגנגעקומען אויף דער גאַס ווען איך בין אַרויס פֿון "בית העם". הונדערטער נײַגעריקע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר מיט קינאה, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען זיך אויג אויף אויג מיטן צורר, צו זען אים, דעם מאָנסטער, אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק פֿון דעם ייִדישן בית־דין אין ירושלים.

איך בין זיך מודה: איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן אויף די דאָזיקע פֿראַגעס. איך ווייס נאָך איצט נישט וואָס איך זאָל אײַך זאָגן, חשובֿע, נײַגעריקע לייענער.

אין גרויסן זשורנאַליסטן־זאַל האָב איך פֿאַר דעם זיך אָנגעטראָפֿן אויף ה' מאַנוס דיאַמאַנט. דאָס איז דער וואָס האָט מיט יאָרן צוריק אַרויסבאַקומען פֿון אײַכמאַנס געליבטער דאָס ערשטע בילד פֿון דעם צורר. ער וווינט איצט אין עסטרײַך, און ער איז געקומען בײַוווינען דעם היסטאָרישן מאָמענט. פֿאַר אים איז דאָס געווען, זאָגט ער, די סאַמע שטאַרקסטע, די רירנדיקסטע איבערלעבונג אין זײַן לעבן, ווען ער האָט דאָ דערזען אין דער גלעזערנער שטײַג דעם מאַן, וועלכן ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדישע יוגנטלעכע געזוכט זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה. פֿאַר אים, אַזוי ווי פֿאַר די אַנדערע יעגערס, ווי טובֿיה פֿרידמאַן, אינזשיניער וויזענטאַל און אַנדערע, איז אײַכמאַן געווען אַ סך מער ווי עס איז פֿאַר אונדז דער מערדער פֿון אונדזער פֿאָלק, הגם – וואָס קאָן דען שוין זײַן מער פֿון דעם?... ער איז אָבער פֿאַר זיי געווען דער באַקאַנטער אומבאַקאַנטער. זיי זענען געשטאַנען מיט אים אין אַן

אומזעעוודיקן, און דאָך דירעקטן קאָנטאַקט, ווײַל זיי האָבן אים געזוכט, כּדי זיך נוֹקם צו זײַן אין נאָמען פֿון יעדן פֿון אונדז, פֿון אונדז אַלע.

איך דערמאָן זיך יענעם עלעקטריזירנדיקן שאָק וואָס האָט מיך אויפֿגעטרייסלט מיט קרוב צו אַ יאָר פֿריִער, דעם 22־סטן מײַ 1960, ווען איך האָב דערהערט צוזאַמען מיט כּלל ישׂראל די ידיעה, אַז אַדאָלף אײַכמאַן איז געוואָרן געפֿאַנגען און אַז ער געפֿינט זיך אין אונדזערע הענט. איצט, פֿאַרנדיק ווי אַ רעפּאָרטער קיין ירושלים צום פּראָצעס, האָב איך אויפֿן וועג מיט אַן אומרויִק קלאַפּנדיק האַרץ געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי וועל איך אויפֿנעמען דעם "צוזאַמענטרעף" אויג־אויף־אויג מיטן מערדער פֿון מײַן משפּחה, פֿון מײַן פֿאָלק.

זאָל מיר דערלויבט זײַן צו זײַן אָפֿנהאַרציק. איך בין נישט געוואָרן דערשיטערט ווען איך האָב דערזען דעם מאָנסטער אַ לעבעדיקן, נאָענט פֿון זיך, אויף יענער זײַט פֿון דער גלעזערנער קאַמער אין גערעכט־זאַל. אמת, דאָס האַרץ האָט מיר נאָך אַלץ געקלאַפּט עטוואָס גיכער, אַ ציטער איז אַדורכגעלאָפֿן איבער מײַן לײַב, עפּעס אַן אויסטערליש געפֿיל, אַ געוויסע אויפֿרעגונג: אָט דאָס איז ער! אָבער... דאָך נישט דאָס וואָס איך האָב דערוואַרט, נישט דאָס פֿאַר וואָס איך האָב ממש מוֹרא געהאַט. יעדנפֿאַלס, נישט אין קיין שום פּראָפּאָרץ צו דעם, וואָס עס דאַרף פֿילן אַ קרבן בעת דער באַגעגעניש מיט זײַן הענקער.

איך פּרוביר זוכן און אפֿשר געפֿינען די סיבה פֿון דער דאָזיקער טעמפּער לײַדנשאַפֿטלאָזיקייט, וואָס האָט באַהערשט מײַנע חושים, מײַנע געפֿילן. די סיבה פֿון דעם פֿאַרשטויסן ווערן פֿון די לײַדנשאַפֿטן. איך מיין נישט, אַז איך בין אַן אויסנאַם, אַז בײַ אַנדערע זענען די געפֿילן שטאַרקער און אַז דער ווייטיק איז בײַ מיר קלענער ווי בײַ אַנדערע. איך בין זיכער, אַז די איבעריקע זשורנאַליסטן אין זאַל פֿילן דאָס זעלבע וואָס איך – און אויף וועמען דען, אויב נישט אויף די מענטשן פֿון דער פּרעסע ליגט עס דער חוֹב צו וועקן, צו שטורעמען, צו צעטרייסלען די מויער פֿון דער כּלומרשטער גלײַכגילטיקייט, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אַרומ־געפּאַנצערט?

איך זוך תּירוצים: אַזאַ איז שוין די נאַטור פֿון מענטש. מער ווי איין שאָק איז ער נישט בכּוֹח איבערצולעבן. נאָכן שאָק ווערט זײַן האַרץ פֿאַרשטיינערט. און פֿאַר דער צײַט זענען דאָך שוין אָנגעוואַקסן קאַלך־שיכטן אַרום דעם פֿאַרשטיינערטן האַרץ. אַפֿילו דעם שאָק האָבן מיר פּרובירט אָפּשלאָגן פֿון זיך... די וואָס האָבן די גרויל־מעשׂים אַליין איבערגעלעבט, ווילן אַנטלויפֿן פֿון דעם שרעקלעכן קאָשמאַר. מענטשן,

וואָס זענען געווען מחוץ דעם תּחום פֿונעם חורבן, האָבן בשעתּו אָפּטמאָל נישט געוואָלט גלייבן אין די דערהאַלטענע ידיעות, נישט געוואָלט צומאָל צולאָזן דעם געדאַנק, אַז די ידיעות זענען אמת – אָפּטמאָל כּדי נישט צו פֿאַרשטערן זיך די אייגענע רו, דאָס קליינינקע ביסעלע גליק, כּדי נישט צו פֿאַרלירן די מעגלעכקייט אַפֿילו צו פֿאַרווײַלן זיך אַן אָוונט! און מיט דער צײַט, שוין נאָכן שאָק, זענען צוגעקומען שילומים, און האַנדלס־באַציִונגען, און דאָס אויספּײַנערן זיך, און דײַטשע טוריסטיק, דײַטשע פֿילמען, דײַטשישע מוזיק, דײַטשישע שפּילצײַג, דײַטשישע קולטור. מיר וועלן מיט דער צײַט צו דעם זיך צוגעוווינען...

איך טראַכט וועגן דעם אין דער צײַט, ווען צו מײַנע אויערן דער־גייען די מאָנאָטאָנע ווערטער פֿון דעם אָנקלאָגער גדעון האַוזנער, דעם יורידישן ראַטגעבער פֿון דער רעגירונג. ער לייענט אין ענגליש לאַנגע ציטאַטן פֿון יורידישע פּרעצעדענטן. שוין קרובֿ צו צוואַנציק שעה דויערט דאָס מאָטיוויִרן, הלמאַי מיר האָבן רעכט צו שטעלן פֿאַרן משפּט פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק דעם מאָנסטער־מערדער, וואָס אויפֿן יורידישן לשון הייסט ער „דער באַשולדיקטער". און פּרעצעדענטן זענען פֿאַראַן אָן אַ שיעור. פּרעצעדענטן וועגן גנבֿים, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿונעם אָרט פֿון זייער פֿאַרברעכן, וועלנדיק



אײַכמאַן אין זײַן גלעזערנער שטײַג
(פֿון דעם מחברס נאָטיץ־ביכל)

אַנטרינען פֿון דער האַנט פֿון דער גערעכטיקייט. „די גערעכטיקייט", זאָגט ד"ר האַוזנער, „איז אוניווערסאַל, זי אָנערקענט נישט קיין גרענעצן. באַזונדערס הײַנט, אין דער צײַט פֿון רעאַקטיווע כּלים, סילאָן־עראָפּלאַנען און ראַקעטעס, וואָס האָבן צו נישט געמאַכט די באַגריפֿן פֿון גרענעץ און צײַט. אין געציילטע שעהן נאָכן אויספֿירן אַ פֿאַרברעכן קאָן דער פֿאַרברעכער זיך שוין געפֿינען אין אַן אַנדער לאַנד" – צי מעג ער דערפֿאַר געשיצט ווערן דורך די טרוקענע כּללים פֿון געזעץ?

"ניין", זאָגט דער פּראָקוראָר, "די גערעכטיקייט איז נישט קיין סטאַ־טישע, קיין טרוקענע דאָגמע. זי ענדערט זיך לויט די באַדינגונגען פֿון דער צײַט"... און ווידער קומען לאַנגע ציטאַטן, באַווײַזן פֿון דער יורידישער דערפֿאַרונג.

ווען דער פּראָקוראָר האָט גערעדט וועגן דער תּקופֿה פֿון רעאַקטיווע עראָפּלאַנען און ראַקעטעס, האָט ער נאָך נישט געוווּסט, אַז מיר זענען גראָד אין אָט דער רגע אַרײַנגעטראָטן אין אַ נײַער תּקופֿה. אין דרויסן האָבן די עקסטרע טעלעגראַמעס פֿון די נאָכמיטאָג־צײַטונגען געמאָלדן וועגן דעם ערשטן פֿלי פֿון מענטש אין קאָסמאָס. אין הונדערט און אַכט מינוט האָט דער רוסישער קאָסמאָנאַוט יורי גאַגאַרין אַרומגעקרײַזט מיט זײַן "ספּוטניק" דעם ערד־קײַלעך; אין 22 מינוט האָט ער אַדורכ־געמאַכט דעם וועג צווישן דרום־אַמעריקע און אַפֿריקע!

ווי גיך עס אַרבעט דער מענטשלעכער מוח אין זײַנע טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען, ווי געשווינד ער איז מבֿטל גרענעצן, ווי גיך ער באַהערשט די צײַט און דעם רוים – און ווי פּאַמעלעך עס מאָלן די מילן פֿון דער גערעכטיקייט. פֿופֿצן יאָר האָט געדויערט ביז וואַנען די האַנט פֿון דער גערעכטיקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן פּליכעוואַטן קאָפּ פֿון "ריקאַרדאָ קלעמענס" און אים געבראַכט און אַרײַנגעזעצט אין דער גלעזערנער שטײַג אַרײַן. און שוין דעם דריטן טאָג נעמט עס דעם ייִדישן אָנקלאָגער צו דערווײַזן – מיט דער הילף פֿון פּרעצעדענטן וועגן גנבֿים – אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט רעכט אים צו מישפּטן!

זײַן לאַנגע באַשולדיקונגס־רעדע אין נאָמען פֿון די זעקס מיליאָן שטומע באַשולדיקערס, אין נאָמען פֿון די שווײַגנדיקע קרבנות, די פּאַרטיליקטע, פּאַרברענטע, פֿאַרגאַזטע און פֿאַרפּײַניקטע, האָט גדעון האַוזנער געהאַלטן אייניקע טעג שפּעטער. דערווײַל אָבער האָבן די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן אין געריכט־זאַל זיך געערגערט, זיי זענען געווען אומגעדולדיק, זיי האָבן געוואַרט אויף "ממשותדיקס", אויף דראַמאַטישע באַריכטן פֿאַר זייערע צײַטונגען אין אויסלאַנד. "איר האָט דאָך געוואָלט", האָבן זיי געזאָגט, "אַז דער מישפּט זאָל זײַן אַ היסטאָרישער, אַז ער זאָל אויפֿטרייסלען די וועלט. וואָלט אפֿשר דעריבער בעסער געווען איר זאָלט דערציילן דער וועלט וועגן דער טראַגעדיע פֿון איין ייִדישער משפּחה, וועגן דעם יסורים־וועג פֿון איין ייִדיש קינד. אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער עפֿנטלעכער מיינונג – הגם, ווער איז זי? – ווירקט נישט קיין סטאַטיסטיק. עס אינטערעסירן זי נישט

קיין פֿאַרטרוקנטע, קיין פֿאַראַגראַפֿירטע יורידישע פּרעצעדענטן. די וועלט האָט נישט קיין געדולד, מען דאַרף איר דערלאַנגען שטאַרקע, אויפֿטרייסלענדיקע פֿאַקטן"; די רעפּאָרטערן פֿון דער וועלט־פּרעסע זוכן "שטאַרקע הויפּט־קעפּ", כּדי צו טעלעגראַפֿירן און באַריכטן זייערע צײַטונגען – און ה' האַחנער, וועלכער בויט זײַנע יורידישע מאָטיווירונגען מיט אַן אײַזערנער לאָגיק, רעדט אָבער פֿאַר יוריסטן, און נישט פֿאַר דער וועלט־פּרעסע. אויף אַ "שטאַרקן הויפּט־קאָפּ" מוזן בײַ אים די רעפּאָרטערן וואַרטן לאַנגע שעהען – און דערווײַל האָט זיי דער ראַטן־פֿאַרבאַנד "אויסגעכאַפּט" דעם צײַטונגס־קאָפּ מיט דער סענסאַציע וועגן דעם ערשטן קאָסמאָס־פֿלי פֿון יורי גאַגאַרין!

די אויסלענדישע רעפּאָרטערן האָבן נישט קיין געדולד – אָבער אײַכמאַן איז געדולדיק. די שילדקרעט־מאַסקע אויף זײַן פּנים ווײַזט נישט אַרויס קיין סימנים פֿון וועלכע עס איז עמאָציעס ווען דער ריכטער לייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט. ער הערט אָבער זיך צו זייער אויפֿמערקזאַם, לאָזט נישט אַדורך קיין וואָרט. דער בוכהאַלטער פֿון טויט לאָזט נישט אַדורך קיין ציפֿער פֿון דעם דערלאַנגטן חשבון. אַכציק טויזנט אין ליטע דרײַסיק טויזנט אין לעטלאַנד דרײַ הונדערט און זעבציק טויזנט...פֿינף און פֿופֿציק טויזנט... ער קאָנטראָלירט זיי, קענטיק, אין זײַן זכּרון, די דאָזיקע ציפֿערן, וועלכע ער האָט פּינקטלעך אָפּגעהיט אין די שופֿלאָדנס פֿון זײַן אַרבעטס־טיש. צי האָט נישט אַמאָל דער ריכטער זיך טועה געווען אין אַ ציפֿער, אפֿשר האָט ער עפּעס פֿאַרפֿעלט? ער נאָטירט טאַקע אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, שיקט איבער צו זײַן אַדוואָקאַט, ד"ר סערוואַציוס, אַ באַמערקונג. ער הערט זיך אויך צו מיט אינטערעס צו די קאָמישע פּרעצעדענטן וועגן גאַנגסטערס, וואָס האָבן דערהרגעט מענטשן אין שיקאַגאָ און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין שטאַט אינדיאַנאַ, אָדער וועגן


"אין זין דער אַנקלאַגע ניכט שולדיג"

אַ הון, וואָס איז אַריבער די גרענעץ און איז געוואָרן דאָס אייגנטום פֿון אַ צווייטער מדינה...

די דאָזיקע פֿאַקטן זענען מסוגל אַרויסצורופֿן אַ לײַכט שמייכעלע אין די ווינקלען פֿון זײַנע צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן. אַמאָל גיט אויך בײַ אים אַ שמייכל דאָס גלאָז און דאָס רעמל פֿון זײַנע ברילן. די ציפֿערן פֿון די מיליאָנען אויסגעשאָכטענע ייִדן, די נעמען פֿון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, איבער וועלכע ער האָט געקעניגט, רופֿן אפֿשר אַרויס בײַ אים גאַנץ אָנגענעמע איבערלעבונגען און דערינערונגען – ווער קען דאָס וויסן? דער אויסדרוק אויף זײַן פּנים דערציילט גאָרנישט, ער רעאַגירט נישט – ער איז פֿאַרפּאַנצערט אין דער נישט־דורכדרינגלעכער הויט פֿון אַ געוויסנלאָזן מערדער. אַ הויט, וואָס איז שטאַרקער פֿון יענע מעטאַלענע פּאַנצערס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט אין דער זעלבער צײַט דעם קאָסמאָס־פֿליִער יורי גאַגאַרין.

יורי גאַגאַרין איז אין אַ געוויסן מאָמענט צוגעפּרעסט געוואָרן צו זײַן סאָפֿע אין דער קאַבינע אין מיטן דעם פֿלי, אונטערן דרוק פֿון דער שטאַרקער גראַוויטאַציע־קראַפֿט פֿון דעם ערדקײַלעך. אַדאָלף אײַכמאַן איז אין זײַן גלעזערנער שטײַג נישט צעקוועטשט געוואָרן אונטער דער לאַסט פֿון די מיליאָנען באַשולדיקונגען, פֿון די מיליאָנען קרבנות, וואָס שרײַען פֿון זייערע קבֿרים און פֿאַרלאַנגען נקמה. זײַנע אויגן זענען נישט פֿײַכט געוואָרן, עס איז נישט דערגאַנגען צו זיי קיין שפּריץ פֿון די צענדליקער מיליאָנען ליטערס בלוט, וואָס איז אָפּגעצאַפּט געוואָרן פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק – אויך נישט ווען דער פּראָקוראָר האָט דערקלערט, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן דעם, וואָס האָט אויסגעפֿירט די טײַוולאָנישסטע פֿאַרברעכנס, און אַז עס איז נישט פֿאַראַן אויף דער וועלט קיין פּרײַז, פֿאַר וועלכן ער זאָל זיך קענען אויסקויפֿן.

*לעצטע נײַעס*, **3־טער אַפּריל 1961**

פֿונעם טאָגבוך פֿון דעם אײַכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים

# דער בוכהאַלטער פֿון טויט

## 19־טער אַפּריל 1961

אין דעם גלעזערנעם בײַדל, אין וועלכן עס זיצט דער אָבער־שטורעם־מערדער אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, זעט אויס צו זײַן זייער קאַלט. ווײַל אין דעם זעלבן טאָג, ווען דאָס פֿאַרגליווערטע בלוט פֿון די צום טויט געטריבענע האָט ווידער אויפֿגעזידט, ווי עס האָבן נישט געזידט די גרויזאַמסטע גיהנום־לאַוועס פֿון די ווולקאַנען – איז געבליבן פֿאַרפֿרוירן דער בליק אין די אויגן פֿון דעם בוכהאַלטער פֿון טויט.

אומצאָליקע מאָל האָבן מיר שוין געהערט דעם יסורים־געשריי פֿון די קרבנות אויף די הונדערטער אַזכּרות און אין די גרויל־געשיכטעס פֿון די ניצול־געוואָרענע; פֿיל טויזנטער בלעטלעך מיט גבֿית־עדות זענען שוין אַרויס פֿון די דרוק־מאַשינען, וואָס האָבן איבערגעזעצט אויף שוואַרצע פֿיגורירטע אותיות די פֿאַרשטיקטע קולות פֿון די פֿאַר־פֿײַניקטע און געטריבענע צו די גאַז־קאַמערן – אָבער צום ערשטן מאָל זענען די דאָזיקע קולות געוואָרן געריכטעט צו די אויערן פֿון דעם, פֿאַרשוין, וואָס האָט זיי געשיקט אַהין אין די גאַז־קאַמערן און ברודער־קבֿרים, יעדנפֿאַלס צו איינעם פֿון זיי. און נישט קיין קולות פֿון געבעט, פֿון תּחנונים, נאָר פֿון באַשולדיקונג אין דער ריכטונג, אין וועלכער עס איז אין זייער נאָמען געווען אויסגעשטרעקט דער פֿינגער פֿון דעם פּראָקוראָר:

– *איך באַשולדיק!!*

זעקס מיליאָן פּראָקוראָרן, זעקס מיליאָן "איך באַשולדיק!" – אין דעם איינעם פֿינגער, וואָס האָט געטײַטלט אויף דעם פֿאַרפֿרוירענעם בליק אין דער גלעזערנער קאַמער פֿון "בית העם" אין ירושלים.

זיבן הונדערט און פֿופֿציק אָנוועזנדיקע אין זאַל פֿון געריכט, קרובֿ צו

זעקס הונדערט צוזעערס אין דעם טעלעוויזיע־זאַל פֿון "ראַטיסבאָן", און צוזאַמען מיט די טויזנטער און טויזנטער בני־ישׂראל בײַ די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן האָבן געהערט די טרוקענע, זעלבסטזיכערע דערקלערונג פֿון דעם באַשולדיקטן:

– "אין זין דער אַנקלאַגע – ניכט שולדיג".

פּופּצן מאָל, נאָך יעדן "פּרט" פֿון דעם נישט ווייניקער טרוקענעם, קורץ פֿאַרפֿאַסטן באַשולדיקונגס־אַקט. און טאַקע, פֿאַרוואָס, *פֿאַר וועמען*, האָט דען אָט דער אַדאָלף, דער זון פֿון קאַרל־אַדאָלף אײַכמאַן, געדאַרפֿט זיך מודה זײַן? – פֿאַר זײַנע קרבנות, וועמעס גורל איז געוואָרן אַנטשידן דורך אים? פֿאַר די ניצול־געוואָרענע, וועלכע האָבן דורך כּלערליי "ביטרע שטיקלעך" זיך אַרויסגעדרייט פֿון זײַן גזר־דין? פֿאַר זייערע פֿאָרשטייער, דעם יידישן פּראָקוראָר און די יידישע ריכטער, וועלכע האָבן זיך גענומען די העזה אים צו מישפּטן *אומגעזעצלעך?*...

האָט דאָך אין זײַן נאָמען דער דײַטשער אַדוואָקאַט ד"ר ראָבערט סערוואַציוס קוועסטיאָנירט די געזעצלעכקייט פֿון דעם מישפּט, און ער האָט נאָך בדעה צו אַפּעלירן קעגן דער דעציזיע פֿון די ריכטער. "נישט דער באַשלוס פֿון די ריכטער, נאָר – *דאָס געפֿיל פֿון דעם באַשולדיקטן* איז דאָ מאָסגעבנדיק", – האָט דאָך ד"ר סערוואַציוס דערקלערט אין אַן אינטערוויו פֿאַר אַן אויסלענדישער נײַעס־אַגענטור.

דאָס געפֿיל פֿון דעם באַשולדיקטן! זײַן געפֿיל איז, אַז ער איז "אפֿשר שולדיק פֿאַר גאָט", אָבער נישט פֿאַרן געזעץ, נישט פֿאַרן יידישן געריכט!

ער פֿאַרמאָגט, אַלזאָ, געפֿילן, דער מערדער. עס איז נישט וויכטיק, צי זענען דאָס זײַנע אייגענע "געפֿילן", אָדער זענען זיי געוואָרן אַרײַנגעבלאָזן אין אָט דער פֿאַרפֿוילטער נשמה דורך זײַן ספּריטנעם פֿאַרטיידיקער, וועלכער האָט אים צוריקגעקערט די חוצפּה, די זעלבסט־זיכערקייט. זײַן "גאָט" – און אפֿשר איז דאָס ווידער געוואָרן דער פֿירער, וואָס פֿאַר אים, זעט אויס, פֿילט ער זיך שולדיק הלמאַי ער האָט נישט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן דעם פּלאַן פֿון דער ענדגילטיקער לייזונג, זײַן חלום צו פֿאַרניכטן אַלע עלף מיליאָן יידן, וואָס האָבן דאַן געלעבט אין אייראָפּע.

געוואַלד! נו, באמת, ווי קאָן מען דאָס זײַן אַזוי אַבזוריותדיק און ווי קאָן מען אויף אַזאַ "בידנעם, קליינעם ביוראָקראַט", וואָס האָט אַזוי "געוויסנהאַפֿט" אויסגעפֿירט זײַנע מלוכישע פֿליכטן בײַם שרײַבטיש, – ווי קאָן מען דאָס אויף אים אַרויפֿוואַרפֿן די אַחריות פֿאַר אַזעלכע

שרעקלעכע זינד, פֿאַר אַזעלכע שרעקלעכע פֿאַרברעכנס?! און – ווי קאָן דאָס קליינע גלעזערנע קעמערל אויסהאַלטן אַזאַ דרוק פֿון מיליאָנען "איך באַשולדיק"ס – און נישט ווערן צעקוועטשט אונטער זייער שרעקלעכער לאַסט? ווי קאָן עס נישט פֿאַרברענט ווערן פֿון דעם פֿײַערדיקן צאָרן, ווי קאָן עס נישט פֿאַרפֿלייצט ווערן פֿון די טײַכן פֿון דעם ייִדישן בלוט, וואָס האָט אויפֿגעזידט אין דער באַשולדיקונגס־רעדע פֿון דעם פּראָקוראָר?! האָבן דאָך אין דעם טאָג אַרומגעשוועבט, און שוועבן איצט ווײַטער אַרום, אין די אַלע טעג פֿון די עדות־דערקלערונגען, די נשמות פֿון מער ווי אַ מיליאָן פֿאַרטיליקטע קינדערלעך, דאָס געשפּענסט פֿון זעקס מיליאָן קדושים, וועלכע טרעפֿן זיך איצט צום ערשטן מאָל אויג־אויף־אויג מיט זייער אָבער־הענקער. די גלעזערנע ווענט טיילן זיי אָפּ פֿון זײַן פֿאַרקאַלכטן פּנים.

ווי ווערט אים נישט פֿינצטער אין די אויגן פֿון אָט דער מעכטיקער כמאַרע פֿון נשמות און געשפּענסטער?... –

ניין, עס ווערט אים נישט פֿינצטער אין די אויגן אונטער די דיקע ברילן, וועלכע ער האָט זאָרגפֿעליק אָפּגעפּוצט נאָך דעם ווי ער איז אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אין זײַן קעמערל און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זײַן בענקל. די אויערן זענען אים פֿאַרלייגט מיט טרײַבלעך, דורך וועלכע ער הערט אַ גענויע דײַטשע איבערזעצונג פֿון דער באַשולדיקונגס־רעדע. דורך די טרײַבלעך איז ער אויך פֿאַרבונדן מיט זײַן פֿאַרטיידיקער, דעם אַדוואָקאַט ד"ר ראָבערט סערוואַציוס, וועלכער באַמיט זיך פֿון צײַט צו צײַט אים צו דערמוטיקן.

זײַנע *געפֿילן* זענען אָבער זעלבשטענדיק, אומאָפּהענגיק. זיי זענען אָפּגעזונדערט, אָפּגעשיידט פֿון אַלע קאָשמאַרן, אַזוי ווי זיי זענען געווען אין יענע גליקלעכע טעג, ווען ער האָט געקעניגט פֿון הינטער זײַן שרײַבטיש. זײַנע "געפֿילן" זענען איצט פֿאַרבונדן מיט גאָט: נאָר צו אים האָט ער צוטרוי, נאָר פֿאַר אים, זאָגט ער, פֿילט ער זיך שולדיק.

און, פֿאַרוואָס טאַקע נישט? זײַן גאָט האָט אים געגעבן די שטומע הסכּמה צו מאָרדן און צו שענדן און צו רויבן, און דער ייִדישער גאָט האָט געשוויגן. האָט דאָך דער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן געשריִען צו די הימלען: "איר האָט קיין גאָט נישט, הימלען!" – ווען צו זיי האָבן זיך אַרויפֿגעהויבן די נשמות פֿון די פֿאַרפּײַניקטע, פֿאַרטיליקטע ייִדישע קינדערלעך, צווישן זיי אויך פֿון דעם 15־יאָריקן ייִנגעלע, בײַ וועמען די שטריק אַרום האַלדז האָט זיך אָפּגעריסן פֿון דער תּליה – ווי עס איז דערציילט געוואָרן אין די עדות־באַווײַזן אויף דעם מישפּט פֿון אַדאָלף

אײַכמאַן – און דאָס ייִנגעלע איז צום צווייטן מאָל אויפֿגעהאָנגען געוואָרן אין די אויגן פֿון צוואַנציק טויזנט צוזאַמענגעטריבענע ייִדן. אויך זייערע נשמות זענען אַרויף אַהין, אין די הימלען; אויך די נשמות פֿון אַלע צום טויט פֿאַרפּײַניקטע דורך הונגער, פֿון די דערשאָסענע אויף די וועגן צום אומשלאַג־פּלאַץ, פֿון די דערשטיקטע אין די אָנגעפּראָפּטע טראַנספּאָרט־וואַגאָנען; פֿון די לעבעדיקערהייט באַגראָבענע, פֿון די פֿאַרברענטע אין די קרעמאַטאָריעס און אין די אונטערגעצונדענע בונקערס. אַלע, אַלע האָבן זיי זיך איצט אַראָפּגעלאָזט צוריק פֿון די הימלען און זיי שוועבן אַרום מאַסנווײַז אין דעם חלל פֿון "בית העם", און קלאַפּן אין די גלעזערנע ווענט פֿון דער באַשולדיקונגס־קאַמער, און שרײַען: *"איך באַשולדיק!"*

צו זיי האָט אָבער אַדאָלף אײַכמאַן נישט קיין שײַכות. זײַנע "געפֿילן" זענען נאָך אַלץ געווענדט צו זײַן גאָט: – נאָר פֿאַר אים פֿילט ער זיך שולדיק...

*לעצטע נײַעס*, **20־סטער אַפּריל 1961**



**פֿון דעם מחברס נאָטיץ־ביכל,**

פֿון רעכטס: דער מדינה־פּראָקוראָר גדעון האַוזנער
און אײַכמאַנס פֿאַרטיידיקער ד"ר ראָבערט סערוואַציוס.

צייכענונג: יצחק לודען

פֿונעם טאָגבוך פֿון דעם אײַכמאַן־פּראָצעס

# אַדאָלף אײַכמאַן לערנט
# אַ קאַפּיטל "יידישקייט"

אַן אויסטערליש בילד: דער זאַל פֿון דעם בית־מישפּט איז פּלוצעם פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַטעדרע פֿאַר ייִדישער געשיכטע. פֿאַרן עדות־פּולפּיט שטייט אַ פּראָפֿעסאָר, און די זעלבע מענטשן אין זאַל, וועלכע האָבן מיט אײניקע טעג פֿריִער קוים געצוימט זייערע נערוון, זיי זאָלן נישט פּלאַצן פֿון אויפֿרעגונג בעת דער באַשולדיקונגס־רעדע פֿון דעם פּראָקוראָר און בײַם אויסהערן אײַכמאַנס שטימע פֿון קלאַנגבאַנד, ווי פֿון יענער וועלט – זענען איצט געזעסן ווי געהאָרכזאַמע סטודענטן און זיך צוגעהערט צו אַ גײַסטרײַכן רעפֿעראַט וועגן ייִדישער קולטור, וועגן ייִדישע קהילות, וועגן ייִדישער עקאָנאָמישער טעטיקייט, וועגן ייִדישער גאונות, וועגן ייִדישן בײַשטײַער פֿאַר דער קולטור פֿון דער וועלט.

צוזאַמען מיט די דאָזיקע "סטודענטן" איז אין זײַן גלעזערנער קאַמער געזעסן דער טײַוול אַליין, האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס צו דער לעקציע און האָט געלערנט אַ "קאַפּיטל ייִדישקייט"... ער איז געזעסן בנעימותדיק, מיט אַ פֿינגער פֿאַרלייגט אויף דער זײַט פֿון זײַן פּנים. די ליפּן זענען דאָס מאָל שוין נישט געווען אַזוי פֿאַרפּרעסט, פֿון צײַט צו צײַט אַפֿילו געעפֿנט דאָס מויל אויס נײַגעריקייט. די פֿינגער האָבן בײַ אים דאָס מאָל שוין נישט געציטערט. פּשוט, אַזוי ווי "איינער פֿון דער אוידיטאָריע". ווי ער וואָלט געזעסן אויף דער שול־באַנק, און נישט אויף דער שולד־באַנק... נאָר די צוויי שוטרים, די פּאָליציסטן בײַ זײַן זײַט אין דער גלעזערנער קאַמער האָבן דערמאָנט דעם עולם, אַז אייגנטלעך איז דאָס אַ מישפּט – אַ מישפּט פֿאַר דער געשיכטע.

און פֿאַרן מישפּט פֿון דער געשיכטע איז אויך געשטאַנען די געשיכטע גופֿא.

*"אני נשבע באלוהים, שעדותי במשפט זה תהיה אמת, כל האמת ורק האמת"...*

האָט איר שוין געהערט, אַז צוטרעטנדיק צו אַ רעפֿעראַט פֿון געשיכטע זאָל דער פּראָפֿעסאָר שווערן פֿאַר גאָט, אַז ער וועט זאָגן דעם אמת, דעם פֿולן אמת, און נאָר דעם אמת?

פּראָפֿעסאָר שלום באַראָן, סאַלאָ־וויטמאַיער באַראָן, פֿון גאַליציאַנער *שטעטל* טאַרנאָוו, היינט פּראָפֿעסאָר פֿון ייִדישער געשיכטע אין קאָלומביאַ־אוניווערסיטעט, האָט דאָס מאָל צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן אָנגעהויבן די לעקציע מיט אַ שבֿועה צו גאָט, בײַם עדות־פּולפּיט. צום ערשטן מאָל אין זײַן לאַנגיאָריקער פּראַקטיק האָט ער אויך פֿאַרן אָנהייבן זײַן לעקציע געדאַרפֿט איבערגעבן פֿאַר דער אוידיטאָריע זײַנע ביאָגראַפֿישע פּרטים, אויסרעכענען זײַנע אַקאַדעמישע טיטולן, זײַנע וויסנשאַפֿטלעכע שאַפֿונגען: געבוירן אין טאַרנאָוו, געלערנט אין ווין, באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פֿון פֿילאָסאָפֿיע אין 1917, דאָקטאָר פֿאַר מלוכישע וויסנשאַפֿטן אין 1922, יורי־דאָקטאָר אין 1923; אויך דעם טיטל רבֿ באַקומען אין רבנים־סעמינאַר אין ווין... אַרויסגעגעבן אַ בוך אין דרײַ בענדער וועגן דער געשיכטע פֿון די ייִדישע קהילות ביז דער תּקופֿה פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַכט בענדער רעליגיעזע און געזעלשאַפֿטלעכע געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק, אַ בוך א״נ *מאָדערנער נאַציאָנאַליזם און רעליגיע*, איצט הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דער *געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק*, וואָס וועט דערשײַנען אין 21 בענדער; האָט געלייענט לעקציעס אין פֿאַרשיידענע אוניווערסיטעטן איבער דער וועלט.

איצט לייענט ער אַ לעקציע פֿון ייִדישער געשיכטע... אין געריכט־זאַל פֿון "בית העם" אין ירושלים, וווּ אַדאָלף אײַכמאַן איז איינער פֿון זײַנע צוהערערס...

מיט וויפֿל איראָניע שפּײַזט אונדז דער גורל! די ייִדישע געשיכטע ווי אַן עדות אין דעם גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס.

ווען מען מישפּט אַ געוויינלעכן מערדער, ווערן פֿאַרהערט עדות, וואָס שילדערן דעם קרבן. פּראָפֿ׳ סאַלאָ באַראָן האָט געשילדערט דעם קרבן פֿון דעם געמישפּטן מערדער. דער קרבן איז דאָך דאָס ייִדישע פֿאָלק און זײַן רומרײַכע געשיכטע, וואָס איז פֿאַרשניטן געוואָרן, פֿאַרטיליקט און פֿאַרברענט געוואָרן אין סאַמע מיטן פֿון זײַן הער־לעבסטן אויפֿבלי, צוזאַמען מיטן פֿאַרטיליקטן פֿאָלק.

ריכטער באַנוצן זיך מיט פּאַראַגראַפֿן – היסטאָריקער באַנוצן זיך מיט היסטאָרישע טערמינען, דאַטעס און סטאַטיסטיקעס.

אָבער אין דעם אַקאַדעמישן רעפֿעראַט פֿון פּראָפֿ׳ באַראָן האָט ווידער

אויפֿגעלעבט אַ פֿאָלק, וואָס איז נישטאָ. טויזנטער ייִדישע קהילות האָבן אויפֿגעוואַכט צום לעבן, מיט זייער טויזנטיאָריקער פֿאַרגאַנגענהייט, מיט זייער געזעלשאַפֿטלעכער, עקאָנאָמישער, רעליגיעזער, קולטורעלער און פֿילאַנטראָפּישער טעטיקייט. די ייִדישע גמילת־חסדים־קאַסעס, ביבליאָ־טעקן, צײַטונגען, ישיבֿות, חדרים, ייִדיש־וועלטלעכע שולן, תּרבות־שולן, פּאַרטייען, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ייִדישע בענק, רבנים, ייִדישע שרײַבער און קינסטלער, ייִדישע געלערנטע. עס האָט אויפֿגעלעבט דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן, ליטע און לעטלאַנד אין זײַן בליִענדיקער עפּאָכע צווישן ביידע וועלט־מלחמות, דער פּראַכטפֿולער דערציִונגס־בנין פֿון פּוילישן ייִדנטום: טויזנטער חדרים, 18 טויזנט בחורים אין די ישיבֿות, צען טויזנט קינדער אין די 86 ייִדיש־וועלטלעכע שולן פֿון ציש"אָ, 42 טויזנט קינדער אין די "תּרבות"־שולן און גימנאַזיעס, 88 פּראָצענט ייִדישע קינדער אין ליטע דערצויגענע אין די שולן אין ייִדיש, 85 פּראָצענט אין לעטלאַנד... די ייִדישע און העברעיִשע ליטעראַטור. עס הערן זיך נעמען פֿון ייִדישע און העברעיִשע שרײַבער... פּרץ, שלום־עליכם, רייזען, שלום אַש... ביאַליק, טשערניכאָווסקי... ייִדישע קולטור־טעטיקייט אין פֿראַנקרײַך, רומעניע, האָלאַנד... די ייִדישע פּרעסע. 30 טעגלעכע ייִדישע צײַטונגען אין פּוילן! 138 פּעריאָדישע אויסגאַבעס. 854 ייִדישע פּרעסע־פּאָזיציעס אין אייראָפּע! אַ ייִדישע וויסנשאַפֿטלעכע מאָנאַט־שריפֿט, וואָס איז דערשינען אין דײַטשלאַנד קרובֿ צו 90 יאָר, קרובֿ צו 70 יאָר אין פֿראַנקרײַך...

וויפֿל וווּנדערלעכע אוצרות זענען איבערגעגאַנגען פֿון דור צו דור – ביזן דור פֿון חורבן, ווען די דײַטשישע נאַצישע בעסטיע האָט אַרויפֿגעלייגט איר ברוטאַלע האַנט אויפֿן ייִדישן גוף און אויפֿן ייִדישן גײַסט.

און וויפֿל קולטור־אוצרות האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק געגעבן דער נישט־ייִדישער וועלט, דערונטער אויך דעם דײַטשישן הערן־פֿאָלק! עס הערן זיך אין זאַל די נעמען פֿון "דײַטשישע" שרײַבער, ווי וואַסערמאַן, פֿויכטוואַנגער, הײַנע, ווערפֿעל, בראָד... די פּוילישע שרײַבער יוליאַן טוּווים, אַנטאָני סלאָנימסקי... דער פֿראַנצייזישער מאַרסעל פּרוסט... און ערשט די גרעסטע גאונים פֿון דער מענטשהייט אַלבערט אײַנשטיין, זיגמונד פֿרויד, בערגסאָן, בירקהיים, און נאָך און נאָך – ווער קען זיי דען אויסרעכענען, די טויזנטער, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן פֿון ייִדישן פֿאָלק און האָבן איבערגעלאָזט זייער געניוס בירושה דער נישט־ייִדישער וועלט, וועלכע האָט זיך צוגעקוקט צום חורבן פֿון פֿאָלק ישׂראל...

דער געלערנטער פּראָפֿעסאָר האָט נישט פֿאַרפֿעלט אַפֿילו צו ציטירן לענינען אין זײַן גרויסן עדות־רעפֿעראַט. אין יאָר 1903 האָט לענין אין דער *איסקראַ* אָנגעגריפֿן דעם "בונד" טענהנדיקן, אַז דאָס פֿלעגן אַ נאַציאָנאַל־ייִדיש לעבן איז אין גרונט אַ רעאַקציאָנערע זאַך, אַ "פֿילאָ־סאָפֿיע פֿון געטאָ". אָבער אין 1917 האָט ער זײַן שטעלונג געענדערט, און אַ רײַך ייִדיש קולטור־לעבן האָט אויפֿגעבליט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אין די צוואַנציקער יאָרן. אַפֿילו זעלבשטענדיקע ייִדישע סאָוויעטן זענען געווען אין ווײַסרוסלאַנד און אין קרים.

און דאָס אַלץ – אַדאַנק דער אומגעווײנלעכער וויטאַליטעט פֿון ייִדישן פֿאָלק, אַדאַנק זײַנע חלוצישע אייגנשאַפֿטן, וואָס האָבן אים געלערנט שטענדיק, אַפֿילו אין די שווערסטע באַדינגונגען פֿאָרצוזעצן און אַנטוויקלען זײַן גײַסטיקע ירושה.

און אָט אויף דעם לעבנסגײַסט פֿון ייִדישן פֿאָלק האָט זיך פֿאַרמאָסטן די נאַצישע חיה.

*"אין אַלע צײַטן זענען געווען סאַדיסטן פֿון אַלע סאָרטן. געווען אָנגרײַפֿן אויף בתּי־כּנסת און אויף בתּי־קבֿרות און אויף דעם געביט זענען אַלעמאָל די דײַטשן געווען די ערשטע"*, – דערקלערט פּראָפֿ' באַראָן.

די דײַטשן זענען געווען די, וואָס האָבן אַרײַנגעפֿירט די אָרגאַניזירטע עקסטערמינאַציע, די ערשטע, וועלכע האָבן דעם אַנטיסעמיטיזם געגעבן אַ ביאָלאָגישע אויפֿפֿאַסונג, געבויט אים אויפֿן פּרינציפּ פֿון חיהשן ראַסיזם.

זיצט ער, דער צורר, און הערט זיך צו צו דער לעקציע פֿון ייִדישער געשיכטע, צום "קאַפּיטל ייִדישקייט". אפֿשר דערמאָנט ער זיך, פֿאַר־גלײַכט עס מיט די לעקציעס, וואָס ער פֿלעגט אַמאָל נעמען בײַם בערלינער רבֿ, ווען ער האָט זיך געגרייט צו דערפֿילן זײַנע אויפֿגאַבעס פֿאַרן טויזנטיאָריקן רײַך.

לויטן אויסדרוק פֿון זײַן פּנים איז אָבער שווער צו גלייבן, אַז ער גיט זיך אָפּ אַ חשבון פֿון אָט דער לעקציע. ס'איז שווער צו באַשטימען צי ער ווייסט, אַז דאָס איז דער חשבון, וואָס ווערט אים צוגעשטעלט, און אַז פֿאַר אָט דעם חשבון וועט ער דאַרפֿן באַצאָלן – אין נאָמען פֿון זײַנע פֿאָלקס־קאַמעראַדן, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אים, אונטער זײַן אָנפֿירונג פֿאַרניכטעט אָט דעם ריזיקן, פּראַכטפֿולן אוצר פֿון דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט, פֿון ייִדישן גײַסט.

דאַן קומט דער טרויעריקער סך־הכּל, וועלכן עס ציט אונטער אונדזער געשיכטע־פּראָפֿעסאָר. וואָס עס איז געבליבן נאָכן חורבן. דעם חורבן גופֿא דאַרף ער ניט שילדערן – דער סך־הכּל איז נישט ווייניקער שרעקלעך ווי דער חורבן גופֿא: עס *פֿעלן* זעקס מיליאָן... אין זײַן געבורט־שטעטל טאַרנאָוו האָט ער פֿון 20 טויזנט יידן געטראָפֿן 20 (און דאָס נישט אַלע פֿון טאַרנאָוו), ווען ער האָט דאָרט באַזוכט נאָך דער מלחמה.

אין דעם מאָמענט שטעלט אײַכמאַנס געלערנטער פּאַרטיידיקער, ד"ר סערוואַציוס, זיך אויף כּדי צו פֿאַרפֿירן אַ פֿילאָזאָפֿישן וויכּוח מיטן יידישן היסטאָריקער וועגן דעם שורש פֿון אַנטיסעמיטיזם, וועגן העגעלן און שטיינבערגן, וועגן דער השפּעה פֿון דעם יחיד אויפֿן גאַנג פֿון דער געשיכטע, און ער וויל אויספֿירן, אַז "אָט האָט מען געוואָלט פֿאַרניכטן אַ פֿאָלק, אָבער די זאַך איז געשטערט געוואָרן, און ס'איז אויפֿגעקומען אַ בליִענדיקע מדינה"...

אויך די פּראָטאָקאָלן פֿון די זקני־ציון זענען דערמאָנט געוואָרן, און אַנדערע פֿינצטערע קאַפּיטלען פֿון דער געשיכטע פֿון יידן־האַס. אָבער אַלץ, אַלדאָס שרעקלעכע פֿון יענע פֿינצטערע קאַפּיטלען, איז געבליבן בלייך און נישטיק אין פֿאַרגלײַך מיט דעם דערשיטערנדיקן סך־הכּל, וואָס עס האָט דערלאַנגט פּראָפֿ' באַראָן: 6 ביז 7 מיליאָן אַבֿידות, און די קוואַליטאַטיווע אַבֿידה איז – נאָך גרעסער. ווײַל, ווען נישט דער חורבן, וואָלט אונדזער פֿאָלק הײַנט געציילט איבער 20 מיליאָן נפֿשות.

*"אײַכמאַן האָט מצליח געווען צו באַזײַטיקן די יידן פֿון עסטרײַך. ער האָט דורכגעפֿירט אַ מוסטערהאַפֿטע אַרבעט אין גענעראַל־גאָווערנמענט און אין דער טשעכאָסלאָוואַקײַ. האָט אויסגעפֿירט די 'יידן־אַקציאָנען' מיט דער נייטיקער האַרטקייט. אַדאַנק זײַן טעטיקייט קען ער פֿאַרזיכערן ריזיקע אוצרות דעם דײַטשן רײַך"* – אַזוי זאָגט זיך אין איינער פֿון די רעקאָמענדאַציעס צו העכערן דעם מיליטערישן ראַנג פֿון דעם אָבערשטורמבאַן־מערדער אַדאָלף אײַכמאַן, י"ש.

די העכערונג אין ראַנג וועט ער זיכער באַקומען...

*לעצטע נײַעס*, 26־סטער אַפּריל 1961

## פֿונעם טאָגבוך פֿון דעם אײַכמאַן־פּראָצעס

# זונדל גרינשפּאַנס באַגעגעניש מיט אײַכמאַנען

***"יודען ראַוס!"***

***"פֿאַרזיכטיק, אַ טויט־געפֿאַר"***

***"פֿאַרזיכטיק – איציק"***

**– דער קאָשמאַר פֿון יענע גרויליקע טעג פֿון אַנטי־ייִדישן באָיקאָט און טעראָר אין נאַצי־דײַטשלאַנד, פֿון דעם גירוש פֿון די "אָסט־יודען", פֿון שוואַרץ־שבת און פֿון דער נאַכט פֿון לאַנגן מעסער – האָט אויפֿגעטויכט אין "בית העם" אין ירושלים, אויף דער 14־טער און 15־טער זיצונג פֿון דעם אײַכמאַן־פּראָצעס.**

אַ בערשטורמבאַנפֿירער אַדאָלף אײַכמאַן האָט פּינקטלעך 9 אַזייגער אינדערפֿרי געעפֿנט זײַן ביוראָ. אַ גרויסער שטויס פֿון אַקטן אויפֿן טיש. ער סאָרטירט זיי זאָרגפֿעליק. די קאַרטאָטעקן זענען אײַנגעלייגט לויט אַ סדר. יעדער דאָקומענט האָט זײַן נומער.

דאָס זענען קאָפּיעס פֿון דאָקומענטן. די אָריגינאַלן זענען בײַם פּראָקוראָר. יעדעס מאָל, ווען דער פּראָקוראָר לייענט פֿאָר אַ דאָקומענט פֿון אײַכמאַנס "פּערזענלעכע אַקטן", קאָנטראָלירט זײַנע קאָפּיעס דער טונקעלער מאַן אין זײַן "ביוראָ" – אין דער גלעזערנער קאַמער. אַזוי קאָנטראָלירט ער, צי עס זענען ריכטיק די שטעלן פֿון ווײסליצעניס "כאַראַקטעריסטיק" וועגן אײַכמאַנען, וואָס עס לייענט פֿאָר דער גענעראַל־פּראָקוראָר.

"אײַכמאַן איז געווען אַ שוואַכזיניקער אויסוווּרף, – שרײַבט וועגן אים דער צווייטער אויסוווּרף, ווײסליצעני, – ער האָט נישט געמאַכט קיין איינציקע באַוועגונג אָן אַ דערלויבעניש פֿון אויבן. ער איז געווען זייער ציניש אין זײַן שטעלונג לגבי דער ייִדן־פֿאַרניכטונג. ער איז נישט אוממאָראַליש – ער האָט בכלל נישט פֿאַרמאָגט קיין מאָראַל, איז געווען אײַזקאַלט אין זײַן האַלטונג"...

אין אַלע זיצונגען, אויף וועלכע מען האָט באַהאַנדלט די אופֿנים פֿון

דער ייִדן־אויסראָטונג, האָבן זיך באַטייליקט ביידע מנוּוולים – אײַכמאַן און וויסליצעני, וועלכער איז צוערשט געווען דער העכערער קאָמאַנדיר פֿון אײַכמאַנען און איז שפּעטער געוואָרן זײַן אונטערגעאָרדנטער – ווײַל אײַכמאַן האָט זיך, קענטיק, בעסער אויסגעצייכנט אין זײַן "פּראָפֿעסיע". נאָר אין 1944 איז וויסליצעני אויף אַזאַ זיצונג נישט געווען, און ווי ער דערציילט אין זײַן עדות־זאָגן איידער ער איז פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט אין בראַטיסלאַוואַ, האָט אים אײַכמאַן איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פֿון דער זיצונג: היטלער האָט באַפֿוילן אָנצוהייבן מיט דער "ענדגילטיקער לייזונג". דאָס באַטײַט, האָט אײַכמאַן אויפֿגעקלערט, די ביאָלאָגישע אויסראָטונג פֿון דער ייִדישער ראַסע.

*"זײַ נישט סענטימענטאַל, דאָס איז דער באַפֿעל פֿונעם פֿירער!"* – האָט אויף די פֿרעגנדיקע בליקן פֿון וויסליצעני אויסגעשריגן אײַכמאַן, וועלכער האָט בעת דער אויספֿאָרשונג אין דער ישׂראלדיקער תּפֿיסה געזאָגט, אַז ער איז פֿון דער נאַטור סענטימענטאַל, ער קען נישט קוקן אויף קיין אָפֿענער ווונד...

אָבער אײַכמאַן האָט גאָרנישט געטון אָן אַ באַפֿעל, אָן אַ שריפֿטלעכן דאָקומענט. איז ער דאָך געווען אַ בוכהאַלטער פֿון טויט. דערפֿאַר האָט ער נישט אָפּגעשטעלט די ייִדן־פֿאַרניכטונג. אַפֿילו אויף דער פֿאַראָרדענונג פֿון הימלערן. ער האָט געפֿאָדערט אַ שריפֿטלעכן באַפֿעל, אַנדערש קען ער נישט.

*אָרדנונג מוזט זײַן!*

און אָט איז קעגנאיבער דעם גלעזערנעם "ביוראָ", ווו אַדאָלף אײַכמאַן האָט סאָרטירט זײַנע אַקטן און דאָקומענטן, דערשינען אַן אַלטער ייִד מיט אַ באָרד. וואָס טוט ער דאָ, דער דאָזיקער ייִדישער זקן? צי האָט ער אים נישט אַמאָל שוין באַגעגנט ערגעץ אין זײַן אַמט־צײַט?

יאָ, טויזנטער, הונדערטער טויזנטער אַזעלכע ייִדן האָט ער באַגעגנט; אין דײַטשלאַנד, אין פּוילן, אין אונגאַרן, אין די אוישוויצס און טרעבלינקעס. נאָר אים פּערזענלעך – ניין. דער נאָמען אָבער זאָגט אים זייער פֿיל. דאָס איז דער 75־יאָריקער זונדל גרינשפּאַן. יאָ, מיט זײַן זון האָט ער זיך יאָ געטראָפֿן. ער האָט דאָך אין יאָר 1943 באַפֿוילן אים צו ברענגען צו זיך אויף אַן אויספֿאָרשונג. ער איז נײַגעריק געווען צו זען אים פּערזענלעך, דעם יונגן בחור הערשל גרינשפּאַן, וואָס האָט געוואַגט צו דערשיסן זײַנס אַ קאָלעגע, דעם דײַטשישן דיפּלאָמאַט פֿאָן ראַט. איצט איז צו אים געקומען הערשל גרינשפּאַנס טאַטע, און עס איז אויך געקומען זײַן ברודער מרדכי, וועלכער לעבט אין ישׂראל.

– ״אויב איר זענט מיד, קענט איר זיצן״, האָט דער ריכטער פֿאָרגעלייגט דעם זקן.

– ״פֿאַרן כּבֿוד פֿון געריכט וועל איך שטיין״, האָט דער 75־יאָריקער זונדל גרינשפּאַן געענטפֿערט, און האָט אָנגעהויבן שילדערן ווי אַזוי ער איז צוזאַמען מיט 600 ״אָסט־יודען״, וואָס האָבן געלעבט אין האַנאָווער, און צוזאַמען מיט נאָך 12.000 ״אָסט־יודען״ פֿון גאַנץ דײַטשלאַנד געטריבן געוואָרן דעם 28־סטן אָקטאָבער 1938 צו דער פּוילישער גרענעץ, קיין זבאָנשין, ווי אַזוי מען האָט זיי באַרבאַריש געשלאָגן מיט בײַטשן איבער די קעפּ, ווי אַזוי ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ ראָוו, און זײַן זון, מרדכי־אליעזר, האָט אים אויפֿגעהויבן און אונטערגעהאַלטן. ״לאָמיר לויפֿן, טאַטע, אַנדערש וועלן מיר אומקומען״...

זונדל גרינשפּאַן האָט גערעדט ייִדיש. פֿאַרן געריכט איז געשטאַנען דער אָסט־יודע, דער פּוילישער ייִד, און געקוקט דעם מערדער אין די אויגן, דורך דער גלעזערנער וואַנט.

״צום ערשטן מאָל האָב איך דאַן געזען די באַרבאַרישקייט פֿון דײַטשן פֿאָלק״, דערקלערט דער זקן מיט דער באָרד. זײַן זון איז דאַן געווען אין פּאַריז. פֿון זבאָנשין, אויף דער פּוילישער זײַט, האָט ער אים געשריבן אין אַ בריוו: ״שרײַב נישט מער קיין דײַטשלאַנד״.

זײַן זון איז געווען הערשל גרינשפּאַן.

און אָט דערשײַנט פֿאַרן עדות־פּולפּיט זונדלס צווייטער זון, הערשלס ברודער. ער דערציילט, אַז צוויי וואָכן פֿאַרן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיי זיך באַזעצט אין ראַדאָמסק, אין דער געבורט־שטאָט פֿונעם פֿאָטער. ווען די דײַטשן זענען אַרײַן אין דער שטאָט האָבן זיי גלײַך אָנגעהויבן זוכן די גרינשפּאַנס, וועלכע זענען אַנטלאָפֿן קיין ביאַליסטאָק.

״מײַן לעבן אין דער תּפֿיסה איז מאָנאָטאָן. איך האָף, אַז די פֿראַנצייזישע יוסטיץ וועט מיך פֿאַרשטיין״, האָט הערשל גרינשפּאַן געשריבן אין אַ בריוו צו זײַנס אַ קוזין אין ארץ ישׂראל. מרדכי גרינשפּאַן שטעלט פֿאָר אָט דעם בריוו דעם געריכט.

...און פֿון דעם גירוש פֿון די ״אָסט־יודען״ דעם 28־סטן אָקטאָבער 1938 – צו דער קרישטאַל־נאַכט פֿון 10־טן נאָוועמבער פֿון זעלבן יאָר.

פֿאַרן עדות־פּולפּיט שטייט ה׳ בענאָ כּהן, דער פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרבאָטענער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין דײַטשלאַנד אין די יאָרן 1933 ביז 1939. איינער פֿון די פֿאָרשטייער פֿון די ייִדן פֿון בערלין בײַ דער אָפֿיציעלער דײַטשער מאַכט. ער שילדערט די רעכטלאָזיקייט פֿון ייִדישן

יישובֿ, די פּאָגראָמען, די עמיגראַציע קיין ארץ־ישׂראל (ער האָט אין דער־אָ תּקופֿה אָנגעפֿירט מיטן לעגאַלן פּאַלעסטינע־אַמט), דעם דײַטשן וואַנדאַליזם, די אויטאָדאַפֿעס, די שוידערלעכע נאַכט פֿון לאַנגן מעסער, און – דאָס באַווײַזן זיך פֿון אַדאָלף אײַכמאַן ווי דער ממונה איבער די יידן־ענינים און זײַנע, בענאָ כּהנס, באַגעגענישן מיטן צורר אין יענער צײַט.

און ווידער ווערט דערמאָנט דער נאָמען הערשל גרינשפּאַן, עס ווערט אויך דערמאָנט דער נאָמען דוד פֿראַנקפֿורטער, וועלכער האָט דערשאָסן אין דער שווייץ דעם נאַצישן פֿאָרשטייער אין דער שווייץ, גוסטלאָף (פֿראַנקפֿורטער לעבט איצט אין ישׂראל).

צווישן דעם גירוש פֿון די ״אָסט־יודען״ און דער קרישטאָל־נאַכט איז געווען – דער העלדישער טאַט פֿון הערשל גרינשפּאַן. פֿאַר איין דײַטשן דיפּלאָמאַט איז דורכגעפֿירט געוואָרן דער חורבן פֿון דײַטשן יידנטום, עס זענען פֿאַרברענט געוואָרן 280 בתּי־כּנסת, די יידן האָבן געמוזט באַצאָלן אַ קאָנטריבוציע פֿון אַ מיליאַרד מאַרק, 40 טויזנט יידישע מענער זענען אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און אַ סך יידישע פֿרויען האָבן באַקומען צוגעשיקט בריוו, אַז –

*״אײַער מאַן איז געשטאָרבן פֿון אַ האַרץ־אַטאַק. מיר שיקן אײַך איבער דעם אַש. די טראַנספּאָרט־קאָסטן באַטרעפֿן דרײַ מיט אַ האַלבן מאַרק״* ...

דער עדות שילדערט דעם ייאוש, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס דײַטשע יידנטום נאָך דער היטלער־איבערקערעניש, נאָך דעם ערשטן שוואַרץ־שבת פֿון 1־טן אַפּריל 1933. יידן, וואָס זענען געווען פֿאַרבונדן מיט דער דײַטשער קולטור, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו גלייבן, אַז דאָס איז בכלל מעגלעך. זיי זענען באַזונדערס געטראָפֿן געוואָרן פֿון די *קולטור־גזירות*, ווען מען האָט, צ״ב יידישע מוזיקער פֿאַרבאָטן צו שפּילן די ווערק פֿון אַרישע קאָמפּאָזיטאָרן...

״מענדעלסאָנען האָבן זיי אַוודאי יאָ געמעגט שפּילן״... באַמערקט דערבײַ דער ריכטער ה׳ לאַנדוי.

יאָ, מענדעלסאָנען האָבן די יידישע מוזיקער געמעגט שפּילן. פֿאַר די דײַטשן איז ער געוואָרן טריף.

דער עדות ציטירט אַן אַרטיקל פֿון רעד. ראָבערט וועלטש אין *יודישע רונדשאַו*: ״טראָגט מיט שטאָלץ די געלע לאַטע!״

אַדאָלף אײַכמאַן זיצט אין זײַן גלעזערנעם ביורא און נאָטירט פֿלײַסיק און גיך. יאָ, ער געדענקט די *יודישע רונדשאַו*, ער האָט זיך מיט איר בשעתּו גאַנץ פֿלײַסיק פֿאַרנומען.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען בלייך אין פֿאַרגלײַך מיט דער תּקופֿה, ווען אויף דער אַרענע פֿון די ייִדישע ענינים האָט זיך באַוויזן ער אַליין, דער וואָלף אין דער שעפּסענער פֿעל – אַדאָלף אײַכמאַן.

צום ערשטן מאָל האָט ער זיך באַוויזן פֿאַר די בערלינער ייִדן בעת אַ געזעגענונגס־פֿאַרזאַמלונג לכּבֿוד דעם אָפּפֿאָרנדיקן ייִדישן מנהיג יאָאַכים פּרינץ אין 1937. דער זאַל איז געווען פֿול געפּאַקט, נישט אַלע מענטשן האָבן געקאָנט אַרײַנגיין, און אײַכמאַן איז געקומען מיט אַ סוויטע ציוויל־געקליידטע געסטאַפּאָ־לײַט. ער האָט אַרויסגערופֿן בענאָ כּהן צו זיך און געשריגן און גערעדט: "וואָס איז דאָס פֿאַר אַ געדראַנג, איך וועל אײַנשטעלן אָרדנונג!" אין דעם געדראַנג האָט אײַכמאַן צופֿעליק באַקומען אַ קלאַפּ אין בויך. ער האָט זיך אָבער געפֿירט "קאָרעקט": געזעסן אין זאַל, זיך צוגעהערט צו די רעדעס, געשריבן, נאָטירט – אַזוי ווי איצט אין זײַן גלעזערנער קאַמער.

פֿון זײַן שרײַבן איז אַרויסגעקומען דער שפּעטערדיקער חורבן, די צוואַנגס־עמיגראַציע, די רעגיסטראַציע און סעקוועסטראַציע פֿון ייִדישן פֿאַרמעגן, די קרישטאָל־נאַכט, און שפּעטער...

דער "קאָרעקטער" אײַכמאַן איז געוואָרן אַלץ פֿרעכער און פֿרעכער. "דו, שײַס־יודע!" האָט ער געשריגן צו די ייִדישע פֿאָרשטייער, וואָס ער האָט אַרויסגערופֿן צו זיך.

– "צי איז דאָס נישט די העזהדיקע אויפֿפֿירונג פֿון די ייִדישע פֿאָרשטייער געווען די סיבה פֿון אײַכמאַנס כּעס אויף דער דאָזיקער באַגעגעניש?" – האָט מיט פֿרעכער חוצפּה אַ פֿרעג געטאָן אײַכמאַנס פֿאַרטיידיקער, אַדוו' ד"ר ראָבערט סערוואַציוס.

זײַן פּראָוואָקאַטיווע פֿראַגע איז געבליבן הענגען אין דער שווערער לופֿט פֿון דעם פֿאַרמאַטערנדיקן עדות־פֿאַרהער אין בית העם. אין דער לופֿטן האָבן נאָך געקלונגען די טענער פֿון דער יום־כּיפּור־תּפֿילה, וואָס איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן נאָך דער קרישטאָל־נאַכט, און פֿאַר וועלכער איר מחבר, הרבֿ ד"ר לעאָ בעק, איז פֿאַרפּײַניקט געוואָרן צום טויט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער:

> "ווער האָט געגעבן דער וועלט דאָס געפֿיל פֿון כּבֿוד פֿאַרן מענטש, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער געטלעכער געשטאַלט? ווער האָט געפּרעדיקט פֿאַר דער וועלט די מיצווה פֿון צדק, דעם סאָציאַלן געדאַנק?" ...

**בית העם, ירושלים,** *לעצטע נײַעס*, **27־סטער אַפּריל 1961**

# דער פּרייַז פֿון אַ קויל אין וואַרשעווער געטאָ

עס קלינגט צומאָל פּאַראַדאָקסאַל: וואָס מער מיר דערווײַטערן זיך פֿון יענער קאַטאַסטראָפֿאַלער תּקופֿה אין צײַט, אַלץ מער דערנענטערן מיר זיך צו איר מיט אונדזער גײַסט און נשמה און אַלץ מער אידענטיפֿיצירן מיר זיך מיט איר. מעגלעך, אַז דאָס האָט דער שאָק פֿון דעם איבערגעלעבטן גיהנום געהאַט פּאַרטויבט אונדזערע געפֿילן און פֿאַרשטומט אונדזער רעאַקציע. דאָס פֿעלן פֿון אַ פּערספּעקטיוו האָט אָפּגעשוואַכט אונדזער פֿעיִקייט פֿון אָפּשאַצן ווי געהעריק דעם פֿאַרנעם און דעם מהות פֿון דעם קאַטאַקליזם, פֿון יענער טראַגיש־העלדישער עפּאָפּעע פֿון אומקום און גבֿורה.

און עס איז דאָך שוין איצט פֿאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז נישט קיין קליינע ראָלע אין פֿאַרמינערן און אונטערשאַצן דעם פֿאַרנעם פֿון דער ייִדישער גבֿורה האָבן געשפּילט אויך פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע חשבונות. די אידעאָלאָגיע פֿון פֿאַרלייקענען דעם גלות האָט דאָך געבוירן די פֿאַלשע, ממש פֿאַרשוועברישע לעגענדע וועגן דער כּלומרשטער אומפֿעיִקייט פֿון אַ ייִד אין גלות צו קעמפֿן, צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד און אַרויסצוווײַזן העלדישקייט. צוליב אָט דער אידעאָלאָגיע פֿון שלילת־הגלות איז דאָך אײַנגעפֿלאַנצט געוואָרן צווישן דער יוגנט און צעשפּרייט געוואָרן איבער דער וועלט די שענדלעכע עלילה, אַז ייִדן זענען געגאַנגען "ווי שעפּסן צו דער שחיטה".

און דער פּאָליטישער חשבון פֿון אָנשפּאַרן זיך אויף דײַטשלאַנד, אויף דעם דײַטשלאַנד, וואָס איז כּלומרשט "אַנדערש" – האָט געפֿירט נישט נאָר צום פֿאַרלייקענען אָדער פֿאַרמינערן די גבֿורה, נאָר אַפֿילו אויך צום פֿאַרמינערן און פֿאַרשווײַגן דעם אומקום, די דײַטשע אַכזריות און אויסראָטונג פֿון אַ דריטל פֿון ייִדישן פֿאָלק. אָט דער וועג האָט געפֿירט דורך פֿאַרגעסונג – צו *פֿאַרגעבונג*. אָט דער וועג האָט געפֿירט צו דער באַהויפּטונג, וואָס מיר האָבן ערשט דאָ נישט לאַנג געהערט, אַז קעגנשטעלן זיך דער צוזאַמענאַרבעט מיטן הײַנטיקן דײַטשלאַנד

באַטײַט... ראַסיזם!

אָן ספֿק איז דאָס געווען דער אײַכמאַן־פּראָצעס, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט דאָס פֿאָלק און די וועלט, האָט צעשטערט אונדזער רו און אויפֿגעריסן דאָס הײַטל פֿון פֿאַרשווײַגן און פֿאַרגעסן, וואָס האָט אָנגעהויבן אָנוואַקסן אויף אונדזערע פֿאַרגליווערטע וווּנדן. ס׳קאָן זײַן, אַז דאָס אומרויִקע געוויסן צוליב דעם באַהאַלטענעם געפֿיל פֿון שולד האָט אויך גורם געווען די ענדערונג, וואָס איז אַרײַנגעטראָטן אין די לעצטע צוויי יאָר – זינט דעם אָנהייב פֿונעם אײַכמאַן־פּראָצעס – סײַ אין דעם אופֿן פֿון אָפּמערקן דעם יאָרטאָג פֿון דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, און סײַ אין דער אָפּשאַצונג פֿון דעם פֿאַרנעם און באַטײַט פֿון חורבן און גבֿורה פֿונעם אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

*

וואָס מער מיר דערווײַטערן זיך אין צײַט פֿון יענע קאָשמאַרפֿולע יאָרן, אַלץ מער און מער קומען אויף באַווײַזן סײַ פֿון דער חיהשער אַכזריות פֿון די דײַטשן און סײַ פֿון ייִדישער העלדישקייט. עס ברייטערט זיך אויס די פֿאָרשונג, עס פֿאַרגרעסערט זיך די דאָקומענטאַציע; עס ווערן אָפּגעפֿונען אַלץ נײַע און נײַע דאָקומענטן. ערגעץ אין אַ פֿויערשער כאַטע ווערן אויף אַ בוידעם אָפּגעפֿונען פֿאַרגעלטע, פֿאַרוועלקטע בלעטלעך פֿון אַ טאָגבוך, געשריבן פֿון אַן אויסבאַהאַלטענעם און שפּעטער אומגעבראַכטן ייִד. ערגעץ אין אַ גויִיש טישקעסטל געפֿינט זיך אָפּ צווישן אַלטע פּאַפּירן אַ בריוול פֿון אַ געיאָגטן, געפּײַניקטן ייִד אין געטאָ, אין לאַגער אָדער אויף דער אַרישער זײַט; ערגעץ אונטער די חורבֿות פֿון אַ געטאָ אָדער אונטער אַ הויפֿן אַש אין אָשוויענטשים ווערט נאָך אָפּגעפֿונען אַ פֿאַרגראָבן שאַכטעלע, אַ פֿלעשעלע אָדער אַ סלאָיִקל מיט נײַע אַנטפּלעקונגען, נײַע אומבאַקאַנטע פּרטים וועגן די דײַטשע מאָרד־המצאָות און וועגן ייִדישע העלדישקייטן – אין באַדינגונגען, אין וועלכע די עצם מעגלעכקייט פֿון גבֿורה איז כּמעט אויסגעשלאָסן, אומבאַגרײַפֿלעך פֿאַר אונדזער געדאַנק.

אויך אין די דערציילונגען פֿון די שארית־הפּליטה און פֿון די ווייניקע ניצול־געוואָרענע פֿונעם גיהנום, קומען־אויף נײַע פּרטים, נײַע פֿאַקטן, וואָס באַלײַכטן אַלץ מער און מער די געשעענישן פֿון יענע פֿינצטערע יאָרן. די פֿאָרשער און היסטאָריקער האָבן נישט קיין צײַט צו פֿאַרנעמען זיך מיט "קליינע פּרטים". זיי פֿאַרלאַנגען מער סטאַטיסטיק, אַלגעמיינע ציפֿערן און פֿאַקטן וועגן דער באַטייליקונג פֿון דער אָדער אַנדערער גרופּע אָדער פּאַרטיי – בעת דעם קליינעם פּרט, דעם מענטשלעכן

סיפּור־המעשׂה, לאָזן זיי איבער פֿאַר דעם שרײַבער.

ווילן מיר דאָ איבערגעבן אַזאַ "קליינעם פּרט" – אַ "קאָמישע דערציילונג", וואָס מיר האָבן די טעג געהערט פֿון יעקבֿ פּוטערמילך, אַ קעמפֿער אינעם וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, וועלכער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט צוזאַמען מיט די לעצטע רעשטלעך קעמפֿער אויף דער אַרישער זײַט און איצט געפֿינט ער זיך אין ישׂראל. *

אפֿשר וועט זיך געפֿינען אַ קינסטלער, וואָס וועט פֿון אָט דער "קאָמישער מעשׂה" אַרויספֿילן די טראַגעדיע פֿון דעם אויסזיכטלאָזן לעבן און פֿון אומגלײַכן קאַמף, און וועט קענען אויפֿשטעלן די גרויסע דראַמע וועגן דעם העלדישן געראַנגל פֿון די יונגע ייִדישע געטאָ־קעמפֿער אין וואַרשע.

די דראַמע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די קאַנאַליזאַציע־רערן אונטער די גאַסן פֿונעם וואַרשעווער געטאָ, דורך וועלכע די קעמפֿער האָבן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אויף דער "אַרישער זײַט". בײַ איינער פֿון די עפּענונגען האָבן פּוילישע אונטערגרונט־קעמפֿער פֿון דער "אַרמיאַ לודאָוואַ" זיי אָפּגעוואַרט. דער וועג אין די פֿינצטערע קאַנאַלן, אין דעם שטיקנדיקן, קלעפּיקן עיפּוש, איז געווען אַ דורכויס שווערער, און די צײַט האָט געטריבן, ווײַל פֿון די אַנדערע עפֿענונגען האָבן די דײַטשן אָנגעהויבן אַרײַנלאָזן שטיקנדיקע גאַזן.

וואָס נאָענטער צום אַרויסגאַנג, אַלץ שמעלער איז געוואָרן דער קאַנאַל און אַלץ שווערער דער גאַנג. שמאָלע סנאָפּעס ליכט האָבן געפֿינקלט פֿונדערווײַטנס, ווי לאָקנדיקע שטראַלן פֿון דער נאָענטער באַפֿרײַונג, וועלכע האָבן אָבער אויך אָנגעזאָגט נײַע געפֿאַרן. אָבער צוצוקומען צו אָט דעם באַפֿרײַונגס־ליכט איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער – און דאָ האָט זיך פּלוצעם צווישן די מיטגלידער פֿון דער קאַמפּס־גרופּע אַרײַנגערוקט אַ פֿרעמדער ייִדישער בחור, נישט פֿון די קעמפֿער. מיט זײַן ברייטער פּלייצע און נישט געשולטן גאַנג האָט ער געשטערט דאָס גיין פֿון די אַנדערע, האָט פֿאַרשטעלט דעם דורכגאַנג און פֿאַרלאַנגזאַמערט זייער וועג.

יורעק בלאָנעס, אַ יונגער, בלאָנדער קעמפֿער פֿון דער בונדישער קאַמפּס־גרופּע, האָט זיך געוואָנדן צו דעם פֿרעמדן בחור און אים געבעטן ער "זאָל זיך נישט פּלאָנטערן צווישן די פֿיס" און זאָל ניט שטערן אין גאַנג. דער בחור האָט אים געענטפֿערט אַ ביסל חוצפּהדיק און צווישן ביידע האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעשיקער וויכּוח. יורעק, וועלכער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ כּעס, האָט אויפֿגעהויבן זײַן ביקס און האָט

אויסגעשריִען:

– גיי אַוועק, אַנישט וועל איך דיך דערשיסן!

– דערשיס מיך! – האָט רויִק געענטפֿערט דער בחור.

אָבער יורעק האָט נישט בדעה געהאַט צו שיסן דעם ייִדישן בחור, ווײַל נישט פֿאַר אים איז געווען באַשטימט די קויל, און דער עיקר: אַ קויל איז געווען אַ צו טײַער פֿאַרמעגן פֿאַר אַ ייִדישן קעמפֿער אין געטאָ, דערצו נאָך אין קאַנאַל.

– נו, גוט. איך וועל דיך דערשיסן, אָבער מיטן באַדינג, אַז דו וועסט פֿאַר דעם באַצאָלן פֿאַר דער קויל, – האָט יורעק נאָך אַ קורצער ווײַלע אַ זאָג געטאָן.

דער פּרײַז איז געווען: הונדערט "זלאָטעס" (גילדן). דער בחור האָט נישט געהאַט אַזוי פֿיל געלט און האָט זיך אָנגעהויבן ערנסט צו דינגען וועגן דעם פּרײַז פֿון דער קויל, וואָס זאָל אים אויסלייזן פֿון דעם הינטישן לעבן, פֿון דעם הונגער און פֿון דער שרעקלעכער פּערספּעקטיוו צו ווערן געפּלאָגט און גערודפֿט פֿון דער געסטאַפּאָ, פֿון דער פּוילישער "גראַנאַטאָווער פּאָליציי" אָדער פֿון די "שמאַלצאָווניקעס", די שאַנטאַזשיסטן, אויף דער אַרישער זײַט.

אַזוי זיך דינגענדיק איז דער פֿרעמדער בחור מיטגעשלעפּט געוואָרן דורך די קעמפֿער צו דער עפֿענונג און האָט זיך צוזאַמען מיט זיי אַרויסבאַקומען אויף דער "אַרישער זײַט".

*

נאָך דער מלחמה, ווען די שארית־הפליטה, די אָפּגעראַטעוועטע קליינע רעשטלעך פֿון דעם גרויסן חורבן זענען געקומען אין ייִדישן קאָמיטעט אויף דער טאַרגאָווע גאַס אין פּראַגע, אויף דער רעכטער זײַט פֿון דער ווײַסל, האָט דער לעבנגעבליבענער יעקבֿ פּוטערמילך – יאַקובעק, ווי מיר האָבן אים גערופֿן – דאָרט באַגעגנט אויף די טרעפּ יענעם בחור, וואָס האָט נישט געהאַט גענוג געלט זיך צו באַפֿרײַען פֿון זײַן נימאס געוואָרענעם לעבן. ער האָט איצט דערקענט יאַקובעקן, וועלכער איז געווען אַן עדות פֿון זײַן דראַמע אין קאַנאַל. יורעק בלאָנעס האָט שוין נישט געלעבט – ער איז אומגעקומען אין דער געסטאַפּאָ, נאָכדעם ווי ער איז צוזאַמען מיט אַ גרופּע מיטקעמפֿער פֿאַרראַטן געוואָרן דורך אַ פּוילישן פּויער, וועלכער האָט זיי געהאַט צוגעזאָגט, כּלומרשט, אַ באַהעלטעניש.

מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז פֿון ישׂראל אַרויסגעפֿאָרן קיין קאַנאַדע יצחק צוקערמאַן – "אַנטעק" – כּדי דורכצופֿירן אַ געלט־אַקציע

פֿאַרן "בית כּצנלסון", דעם חורבן־מוזיי, דאָס "הויז פֿון די געטאָ־קעמפֿער" אין קיבוץ לוחמי הגיטאות. די דאָרטיקע ייִדישע פּרעסע האָט געמאָלדן וועגן אַנטעקס באַזוך אין קאַנאַדע, און אַ געוויסן טאָג האָט זיך צו אַנטעקן געוואָנדן אַ רײַכער ייִד, וועלכער האָט אײַנגעאָרדנט לכּבֿוד אים אַן אייגנאַרטיקן קבלת־פּנים, מיט שפּענדונגען פֿאַרן "בית כּצנלסון". סײַ דער גאַסטגעבער און סײַ די פֿאַרבעטענע געסט זענען געקומען צום באַנקעט געקליידעט אין צילינדערס און פֿראַקן. אויף אָט דעם באַנקעט האָט דער ייִד – הײַנט אַ גרויסער גבֿיר אין קאַנאַדע – דערציילט פֿאַר זײַנע געסט די זעלבע געשיכטע, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט דאָ באַשריבן. ער איז עס געווען דער העלד פֿון דער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין קאַנאַל – די דראַמע, וואָס דערציילט אונדז אויף אַזאַ באַשײַמפּערלעכן אופֿן ווי ביליק עס איז געווען דאָס לעבן פֿון ייִדן און ווי טײַער עס איז געווען די קויל אין געטאָ:

– די קויל, וואָס איז געווען באַשטימט אויף צו היטן דעם כּבֿוד פֿונעם פֿאָלק.

*לעצטע נײַעס*, **1961**

---

* יעקבֿ פּוטערמילך, אַ קעמפֿער אין דעם אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, איז געשטאָרבן אין ישׂראל אין יאָר 1984. ער איז געווען דער מאַן פֿון דער בונדישער געטאָ־קעמפֿערין מאַשע גלײַטמאַן־פּוטערמילך, וועלכע איז געשטאָרבן שפּעטער, אין נאָוועמבער 2007 אין תּל־אָבֿיבֿ.

# די לעצטע געטאָ־קעמפֿער

## דער אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ
## אין אַ נײַעם ליכט

מאַרעק עדעלמאַן ווערט באַטראַכט אין אייראָפּע און אויף דער גאָרער וועלט ווי די שטים פֿון געוויסן, אין זכות פֿון זײַן מוטיקער האַלטונג – נישט נאָר ווי אַן אומדערשראָקענער קעמפֿער-קאָמאַנדיר אין וואַרשעווער געטאָ, נאָר אויך קעגן דעם קאָמוניסטישן דעספּאָטיזם אין פּוילן פֿון נאָך דער מלחמה, און קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין דער פּוילישער געזעלשאַפֿט. צו זײַן שטים הערט מען זיך צו מיט רעספּעקט און מיט אָפּשײַ.

בלויז אין ישׂראל ווערט ער איגנאָרירט. זײַן ביכל ***"דער געטאָ קעמפּט"***, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1945 און וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם שטאַרקסטן דאָקומענט, דעם סאַמע אויטענטישסטן באַריכט פֿון דעם אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ – איז געוואָרן ממש באָיקאָטירט דורך די ישׂראלדיקע פֿאַרלאַגן אין משך פֿון 46 יאָר – ווײַל זײַן באַריכט איז נישט געענוי ווי דער נאַראַטיוו פֿון די אָפֿיציעלע ציוניסטישע היסטאָריקער. מאַרעק עדעלמאַנס ***"דער געטאָ קעמפּט"*** איז דערשינען אין לאַנד אין דער העברעיִשער איבערזעצונג ערשט אין יאָר 2001, איבער 50 יאָר נאָך זײַן פֿאַרפֿאַסונג.

מאַרעק עדעלמאַן האָט אָנגעפֿירט, ווי באַוווסט, מיט די בונדישע קאַמפּס-גרופּן און איז געווען דער הויפּט-פֿאָרשטייער פֿון בונדישן אונטערגרונט און דער וויצע-קאָמענדאַנט פֿון דער ייִדישער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע, דעם "זש.אָ.ב". נאָכן זעלבסטמאָרד פֿון מרדכי אַניעלעוויטשן צוזאַמען מיט דער הויפּט-קאָמענדאַנטור אויף מילע 18, האָט עדעלמאַן איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער די ווײַטער קעמפֿנדיקע גרופּן נישט נאָר פֿון "בונד" (א. שפּירא, לי"פּ, מערץ-אַפּריל 2006).

**דער אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ – דער ערשטער אויפֿשטאַנד קעגן דער נאַצישער אָקופּאַציע אין אייראָפּע – ווערט פֿאָרגעשטעלט פֿאַר די אײַנוווינער אין אַ נײַעם, אַן אויטענטישן ליכט, דערציילט פֿון זײַנע לעצטע עדות, די לעצטע זעקס לעבנגעבליבענע קעמפֿער– בראָש**

מיט דעם וויצע־קאָמענדאַנט מאַרעק עדעלמאַן אין אַ נײַעם פֿילם, וואָס איז פּראָדוצירט געוואָרן פֿאַר דעם 2־טן (קאָמערציעלן) קאַנאַל פֿון דער ישׂראלדיקער טעלעוויזיע און איז געוואָרן דעמאָנסטרירט פֿאַר אַ פֿול געפּאַקטן זאַל פֿון תּל־אָבֿיבֿער סינעמאַטעק. די מאַנשאַפֿט פֿון דעם פֿילם האָט אין משך פֿון דרײַ יאָר באַגלייט און רעקאָרדירט די עדות פֿון יעדן איינעם פֿון די לעצטע קעמפֿער אין לאַנד און אין אויסלאַנד. פֿיר פֿון זיי: **קאַזשיק רותּם** (**שׂמחה ראַטהײַזער**), **פּנינה גרינשפּאַן־פֿרומער**, **מאַשע גלײַטמאַן־פּוטערמילך*** **און אַהרון כּרמי** (**כמיעלניצקי**) – לעבן אין ישׂראל, **מאַרעק עדעלמאַן** לעבט אין פּוילן, און **ברוך** (**בראָנעק**) **שפּיגעל** – אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

אויפֿן פֿאָן פֿון יעדן איינעמס פּערזענלעכע דערמאָנונגען, און פֿירנדיק דעם צוזעער פֿון דעם פֿילם צוזאַמען מיט די קעמפֿער דורך די וועגן און גאַסן פֿון דער צעשמעטערטער שטאָט, לענגאויס די חורבֿות צווישן זייערע קאַמפּס־פּאָזיציעס אין וואַרשעווער געטאָ, גייט די קאַמערע פֿאַרבײַ די פֿאַרדעקטע עפֿענונגען פֿון די פֿאַרעיפּושטע קאַנאַלן און קאַנאַליזאַציע־רערן, דורך וועלכע אַ טייל פֿון די לעבנ־געבליבענע קעמפֿער האָבן זיך אַרויסגעקראָגן פֿון דעם ברענענדיקן גיהנום.

די רעזשיסערן פֿון דעם פֿילם – **יעל קיפּער** און **רונן זאַרעצקי** – האָבן מצליח געווען אויפֿצולעבן די העראָיִשע עפּאָפּייע פֿון אומגעווײנלעכער געוואַגטקייט, פֿון קאַמף און יסורים.

אָן דעם מינדסטן שפּור פֿון פּאַטאָס, אַפֿילו – אַזוי ווי עס איז זיך נוֹהג אַרויסצושטעלן די געטאָ־העלדן דער "אַנטי־גיבור" מאַרעק עדעלמאַן, דער וויצע־קאָמאַנדיר פֿונעם אויפֿשטאַנד – פּרובירנדיק צו לינדערן דעם מיטאָס פֿון העלדישקייט און צו פֿאַרמינערן די גבֿורה פֿון די קעמפֿער – האָט זיך אײַנגעגעבן דער מאַנשאַפֿט, דורך די פּשוטע, אויפֿריכטיקע רייד און די אויטענטישע בילדער פֿון וואַרשע, ווי אויך דורך די בילדער פֿון דעם איצטיקן לעבן פֿון אָט די זעקס לעצטע קעמפֿער – אויפֿצושטעלן אַן אויטענטישן און עבט מענטשלעכן דראַמאַטישן נאַראַטיוו, וואָס איז אין פֿולן קעגזאַץ צו דעם סיסטעמאַטישן אָנשטרענג פֿון די אָפֿיציעלע פֿאָרשערס, די פּאַרטייִשע היסטאָריקערס, וועלכע שטעלן פֿאָר דעם אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ ווי דאָס "ווערק" פֿון די ציוניסטישע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס, פֿאַרהוילנדיק כּמעט לחלוטין די ראָל פֿון "בונד" אין דעם אויפֿשטאַנד, און פֿון דעם וועלט־געשאַצטן און אָנערקענטן וויצע־קאָמאַנדיר מאַרעק עדעלמאַן.

דער איצטיקער פֿילם, דאַקעגן, ברענגט דאָס אמתדיקע בילד פֿון דער קאַמפּס־ברודערשאַפֿט – ווי זי ווערט דעמאָנסטרירט דורך די זעקס לעבנגעבליבענע קעמפֿער, וואָס דרײַ פֿון זיי – מאַרעק עדעלמאַן, ברוך שפּיגעל און מאַשע גלײַטמאַן־פּוטערמילך זענען – בונדיסטן; און די פֿערטע, פּנינה פֿרומער־גרינשפּאַן, האָט געקעמפֿט אונטער מאַרעק עדעלמאַנס קאָמאַנדשאַפֿט.

די זעלבע קאַמפּס־ברודערשאַפֿט פֿון יענע היסטאָרישע טעג איז פֿאַרבליבן אויך איצט צווישן די זעקס לעצטע קעמפֿער פֿון וואַרשעווער געטאָ. צו זיי דאַרף אויך אָן ספֿק צוגערעכנט ווערן די זיבעטע מוטיקע קעמפֿערין – די בונדישע פֿאַרבינדלערין פֿייגעלע פּעלטעל – וולאַדקע מיד, (די מחברין פֿון דעם בוך *"אויף ביידע זײַטן געטאָ־מויער"*), וועלכע לעבט הײַנט אין ניו־יאָרק און האָט (צוזאַמען מיט איר נאָרוואָס פֿאַרשטאָרבענעם מאַן, בנימין מיד) גרויסע פֿאַרדינסטן פֿאַר פֿלעגן און אײַנפֿלאַנצן אינעם קאָלעקטיוון באַוווּסטזײַן דעם זכר פֿונעם גרויסן יידישן חורבן אין מזרח־אייראָפּע און פֿון דעם מער ווי העראָישן אויפֿשטאַנד אין געטאָ פֿון וואַרשע.

(פֿון אַ נאָטיץ אין *לעבנס־פֿראַגן*, **נאָוועמבער־דעצעמבער 2006**)

* מאַשע גלײַטמאַן־פּוטערמילך איז געשטאָרבן אין נאָוועמבער 2007 אין תּל־אָבֿיבֿ.

# פֿאַרשוויגענע העלדן פֿון אונדזער געשיכטע

נישט יעדער איינער פֿון די וואָס האָבן צוגעטראָגן זייער פּערזענלעכן צושטייַער צו דער קאָלעקטיווער דערפֿאַרונג פֿון אונדזער פֿאָלק, האָט דעם זעלבן מזל צו דעם ספֿר־הזכּרון, דהײַנו – צו דעם קאָלעקטיוון זכּרון, און צו ווערן פֿאַראייביקט אין אונדזער נאַציאָנאַלער געשיכטע. עס איז אָפּהענגיק פֿון דעם ווער עס הערשט איבער דעם ספֿר־הזכּרון, ווער עס שרײַבט די געשיכטע. און באַשיידנקייט איז אַוודאי נישט קיין סגולה אַרײַנגענומען צו ווערן אין פּאַנטעאָן פֿון די פֿאַראייביקטע העלדן.



אַזוי ווי באָנטשע שווײַג פֿון י. ל. פּרצעס אַלעגאָרישער דערציילונג האָט ער דאָ צווישן אונדז געלעבט זײַנע לעצטע יאָרן, אַזוי ווי ער איז ער שטיל געשטאָרבן און איז אויך, אַזוי ווי פּרצעס באָנטשע, נאָך שטילער באַגראָבן געוואָרן. אין עקסטרעמען קעגנזאַץ צו פּרצעס באָנטשען איז אָבער אָט דער שווײַגדיקער מענטש גראָד יאָ געוואָרן פֿאַראייביקט – אויך שטילערהייט – נאָך בײַ זײַן לעבן, און דווקא ווי דער סימבאָל פֿון גבֿורה.

ער האָט געדינט ווי דער מאָדעל פֿון דער העכסטער ייִדישער גבֿורה "פֿון בר־כּוכבא ביז מרדכי אַניעלעוויטש" – אַ העלד פֿון אונדזער דור. ער אַליין אָבער דערשײַנט ווי אַן אַנאָנימע פֿיגור.

וויפֿל מענטשן ווייסן ווער עס איז דער שטאָלצער מאַן – די סאַמע צענטראַלע פֿיגור אויף דעם דענקמאָל פֿון די העלדן פֿונעם אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ – דעם דענקמאָל, וועלכן עס האָט אויפֿגעשטעלט אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט דער סקולפּטאָר נתן ראַפּאַפּאָרט?

50 יאָר נאָך דער אַנטהילונג פֿון דעם דענקמאָל, ווען אין וואַרשע איז אָפּגעגעבן געוואָרן כּבֿוד און פֿאַרערונג די קדושים פֿונעם חורבן און די גיבורים

פֿון דעם ייִדישן ווידערשטאַנד – איז דער מאָדעל פֿאַר דעם דענקמאָל פֿון מרדכי אַניעלעוויטש און פֿון די יונגע ייִדישע גיבורים געלעגן אַ שווער קראַנקער אין אַ פֿאַרנאַכלעסיקטן זקנים־אַנשטאַלט פֿון די באָבאָוער חסידים אין ישׂראל. אַ וואָך שפּעטער איז ער געשטאָרבן אין טיפֿער איינזאַמקייט און פֿאַרגעסנקייט אין עלטער פֿון 87 יאָר.

זײַן נאָמען איז **אַבֿרהם גרינשפּאַן**, וועלכער איז אין וואַרשע פֿון פֿאַר דעם חורבן געווען אַן אַקטיאָר אין דעם עקספּערימענטאַלן ייִדישן "יונג־טעאַטער", מיט וועלכן עס האָט אָנגעפֿירט דער באַקאַנטער רעזשיסער ד"ר מיכאל ווײַכערט. ער האָט דאָרט אויך געאַרבעט ווי אַן אַדמיניסטראַטיווער באַאַמטער. גרינשפּאַן איז געבוירן אין וואַרשע און האָט דאָרט פֿאַרענדיקט די ייִדיש־וועלטלעכע פֿאָלקס־שולע פֿון ציש"אָ און שפּעטער זיך געלערנט די בינע־קונסט אין דער טעאַטער־סטודיע אין וואַרשע.

דער "יונג־טעאַטער" איז געגרינדעט געוואָרן אָנהייב 1933 דורך די אַביטוריענטן פֿון אָט דער סטודיע. דער עקספּערימענטאַלער טעאַטער האָט געהאַט גרויס דערפֿאָלג צווישן די ליבהאָבערס פֿונעם ערנסטן ייִדישן טעאַטער – אָבער גאָר ווינציק מזל האָט ער געהאַט בײַ די מאַכט־אָרגאַנען פֿון פּוילן ווען עס האָבן זיך דאָרט פֿאַרשטאַרקט די פֿאַשיסטישע עלעמענטן און צוזאַמען מיט זיי דער אַנטיסעמיטיזם.

אַן אָפּטער אײַנגייער אין אָט דער סטודיע איז געווען דער סקולפּטאָר נתן ראַפּאַפּאָרט, וועלכער האָט אין די קלאַסישע פּנים־שטריכן פֿון אַבֿרהם גרינשפּאַן און אין זײַן שלאַנקער, ספּאָרטיווער פֿיגור געפֿונען אַ גלענצנדיקן מאָדעל פֿאַר זײַן דיפּלאָם־אַרבעט אד"ט "דער דיסק־וואַרפֿער" – און שפּעטער, שוין ווי אַ פּליט אין סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט ער זיך באַנוצט מיט אָט דעם מאָדעל ווען עס איז אים אין מאָסקווע געוואָרן פֿאָרגעלייגט דער פּראָיעקט אויפֿצושטעלן דעם דענקמאָל אין וואַרשע.

די פּוילישע מאַכט האָט דעם "יונג־טעאַטער" געשלאָסן אין יאָר 1937, צוויי יאָר פֿאַרן אויסברוך פֿון דער פֿאַרניכטונגס־מלחמה, און דער קאָלעקטיוו האָט זיך דאַן אָרגאַניזירט אין אַ זעלבשטענדיקן אַנסאַמבל, אַרומפֿאָרנדיק מיט זײַן רעפּערטואַר איבער דער פּוילישער פּראָווינץ. ווען די מלחמה איז אויסגע־בראָכן, האָט גרינשפּאַן זיך געפֿונען מיט זײַן אַנסאַמבל אין מיזרח־טייל פֿון פּוילן, און איז נאָך אַ קורצער צײַט פֿון אויפֿטריטן אין די געגנטן פֿון דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע פֿאַרשיקט געוואָרן אין די הרי־חושך.

נאָך דער מלחמה, צוריקקערנדיק זיך קיין פּוילן, האָט אַבֿרהם גרינשפּאַן דאָרט געאַרבעט ווי אַ זשורנאַליסט אין דער צײַטונג "דאָס נײַע לעבן" און שפּעטער אין דער "פֿאָלקס־שטימע". אין יאָר 1958 האָט ער, צוזאַמען מיט

זײַן פֿרוי אויסגעוואַנדערט קיין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל, ווו ער איז געוואָרן אַ לערער פֿון ייִדיש. 15 יאָר שפּעטער, אין 1973, איז ער פֿון דאָרט געקומען קיין ישׂראל און זיך באַזעצט אין חולון, דאָרט געדונגען אַ וווינונג אין אַ הויז פֿון דער "סוכנות" אין שכנות מיט דעם פֿון אַרגענטינע געקומענעם שרײַבער יצחק יאַנאַסאָוויטש און דעם וואָרט־קינסטלער הערץ גראָסבאַרד.

נאָך אַ קורצער צײַט זענען זיי געוואָרן געצוווּנגען דאָס הויז צו פֿאַרלאָזן און עס האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַר די גרינשפּאַנס אַ שווערע תּקופֿה פֿון היים־זוכענישן, וואָס האָבן זיי דערפֿירט צום באַזעצן זיך – און דאָס אויך אין זכות פֿון רותּקעס רבנישן ייִחוס – אין אַ שטאַרק אָפּגעלאָזענעם זקנים־הויז פֿון די באָבאָוווער חסידים אין בת־ים, אָן אַ קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער סבֿיבֿה, נישט האָבנדיק קיין מיטלען אָנצוקומען אין אַן עלטערן־היים פֿון דער הסתּדרות.

דאָרט האָט ער זיך אָפּגעמאַטערט די לעצטע צוויי יאָר פֿון זײַן לעבן.

אין דעם באָבאָווער זקנים־הויז איז אַבֿרהם גרינשפּאַן געשטאָרבן נאָך אַ לענגערער קראַנקייט און האָט דאָרט איבערגעלאָזט אַ נאָך מער פֿאַראיינ־זאַמטע, און אין אַ סך אַן ערגערן צושטאַנד, זײַן שווער קראַנקע פֿרוי, רותּקע קירשנבלאַט־גרינשפּאַן. זי איז געווען אַן אַקטיווע קעמפֿערין אין וואַרשעווער געטאָ, אַקטיוו אין דעם בונדישן אונטערגרונט. זי פֿלעגט גאָר באַזונדערס זיך באַשעפֿטיקן מיט אויפֿזוכן באַהעלטענישן פֿאַר קינדער אויף דער אַרישער זײַט, פֿלעגט העלפֿן דאָרט אײַנקויפֿן געווער. פֿאַר איר מוטיקער אונטערערדישער טעטיקייט איז זי נאָך דער מלחמה געוואָרן באַקרוינט מיטן אָרדן "ווירטוטי מיליטאַרי" דורך דער פּוילישער רעגירונג.

*לעבנס פֿראַגן*, **מערץ־אַפּריל 1993**

---

צוויי יאָר נאָך אַבֿרהם גרינשפּאַנס פּטירה איז געשטאָרבן זײַן פֿרוי, **רותּקע קירשנבלאַט־גרינשפּאַן.**

אין איר שטרענגער באַשיידנקייט האָט זי זיך אָפּגעהאַלטן פֿון דערציילן וועגן אירע מוטיקע מעשׂים. אַ פֿאַרשיקטע נאָכן וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד קיין אושוויץ איז זי על־פּי־נס דאָרט ניצול געוואָרן – און האָט אין יאָר 1995 פֿאַרענדיקט איר לעבן אַ פּאַראַליזירטע און אינגאַנצן איינזאַם אין דעם באָבאָווער זקנים־הויז אין בת־ים, וווּהין זי איז אָנגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן אַבֿרהם, ווי געזאָגט, "אין זכות פֿון איר חשובֿן רבנישן ייִחוס".

אויך זי האָט, אַזוי ווי איר מאַן, שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן. און אָט מיט וואָס דאָס פֿאָלק און מדינת־ישׂראל צאָלן אָפּ זייערע געטרײַע זין און טעכטער, וועלכע האָבן דעם פֿאָלק אַזוי פֿיל געגעבן...

## נתן ראַפּאַפּאָרט (1987 - 1911)

ביי קינסטלער איז עס דאָך אַנדערש. בפרט ביי נתן ראַפּאַפּאָרטן, וועלכער האָט צוזאַמען מיט די מיליאָנען קדושים, וועמען ער האָט געווידמעט זיין גאַנצן טאַלאַנט און זיין קינסטלערישע נשמה, אויך זיך פאַרזיכערט אַ חשובן אָרט אין דער געשיכטע.

ווי אויסטערליש איז דער גורל. ערשט נעכטן, דאַכט זיך, דאָ געווען – און שוין איז ער נישטאָ. בערך מיט צוויי חדשים צוריק האָב איך אים טעלעפאָנירט אין זיין וווינונג אין רמת־גן, אין ישׂראל. געוואָלט זיך טרעפן מיט אים, בעטן פּרטים און פאָטאָגראַפיעס פון זיינע שאַפונגען אין שייכות מיט דער אַרבעט וואָס איך האָב געשריבן וועגן אים פאַר מיין בוך וועגן קונסט און וועגן קינסטלער.* פון דער אויטאָמאַטישן קעמערל האָט אַראָפּגערעדט זיין רעקאָרדירטע שטימע, וואָס האָט געבעטן זיך פאַרבינדן שפּעטער, ווייל ער האָט געמוזט אַוועקגיין. דער "שפּעטער" איז געווען אין צוויי וואָכן אַרום, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון ניו־יאָרק און האָט מיך אָפּגערופן און זיך אָפּגעשמועסט מיט מיר זיך צו טרעפן.

אַ קורצע פאָר וואָכן איז ראַפּאַפּאָרט דאַן געווען אין ישׂראל, האָט דאָ אַנטהילט זיין לעצטע סקולפּטור – "ברודערשאַפט", פאַר דער "באַנק פון בלוט" אין שיבא־שפּיטאָל אין תל־השומר און האָט זיך ווידער צוריקגעקערט קיין ניו־יאָרק, צו רעאַליזירן זיינע דאָרטיקע פּראָיעקטן און דאָרט איז ער דעם 4־טן יולי 1987 געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק.

ווען איך האָב אים באַגעגנט אַרום זעקס וואָכן פאַר זיין טויט, איז ער פול געווען מיט וויטאַלער ענערגיע פון אַ יונגן מענטש, נישט געקוקט אויף זיינע 76 יאָר, און אַזוי האָט ער געלעבט צווישן רמת־גן און ניו־יאָרק, איבערלאָזנדיק אין דעם רעקאָרדירטן מאַגנעטאָפאָן וווינונג די בקשה: "קלינגט אָן שפּעטער", הגם ער איז געווען פון דאָרט טויזנטער קילאָמעטער ווייט. ווייל – ער האָט געלעבט מיט

דער צוקונפֿט, מיט זײַנע אומצאָליקע פּלענער און פּראָיעקטן – נישט געקוקט אויף זײַן עלטער און אויף דעם, אַז זיי זענען כּמעט אַלע געווען געווידמעט דער פֿאַרגאַנגענהייט, דעם ייִדישן אומקום און דער ייִדישער גבֿורה. ווי אַזעלכער האָט ער זיך, ווי געזאָגט, אַרײַנגעשריבן אַ גאָר בכּבֿודיקן בלאַט אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער קונסט. גאָר באַזונדערס – אין זכות פֿון דעם גרויסן דענקמאָל, וואָס ער האָט אויפֿגעשטעלט דעם פֿאַרטיליקטן פּוילישן ייִדנטום און די קעמפֿער פֿון וואַרשעווער געטאָ. די פֿראָנטאַלע גרופּע פֿון דעם מאָנומענט, וואָס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן דורך ראַפּאַפּאָרטן אויף די חורבֿות פֿונעם געטאָ אין וואַרשע, און וואָס אַ קאָפּיע פֿון אים איז אײַנגעמויערט אין דער אָנדענק־וואַנט פֿון "יד ושם" אין ירושלים, איז שוין געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַל באַקאַנטער סימבאָל פֿון דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד און פֿון דעם חורבן בכלל.

דער דאָזיקער דענקמאָל איז אַנטהילט געוואָרן דעם 19־טן אַפּריל 1948, צום פֿינפֿטן יאָרטאָג פֿונעם אויסברוך פֿון דעם אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. אָבער שוין בײַם אָנהייב פֿון זײַן קינסטלערישער קאַריערע, נאָכן פֿאַרענדיקן די "זאַכענטאַ"־שול פֿאַר קונסט אין וואַרשע קורץ פֿאַרן אויסברוך פֿון דער היטלער־מלחמה, האָט נתן ראַפּאַפּאָרט זיך געווידמעט דער טעמאַטיק פֿון העראָיִזם, וועלנדיק אַרויסברענגען דאָס שיינע, דאָס דערהויבענע אינעם כאַראַקטער פֿון מענטש. ער איז געשטאָרבן, ווי געזאָגט, פֿון אַ האַרץ־אַטאַק אין ניו־יאָרק, אין מיטן זײַן שעפֿערישן בלי.

*לעצטע נײַעס*, **12־טער יוני 1987**
(פֿראַגמענט)

* **יצחק לודען:** ***פּערל פֿון גן־עדן*** – **וועגן קונסט און וועגן קינסטלער.** עסייען, אָפּהאַנדלונגען און שמועסן. ז' 169.

## *האַנושע וואַסער - די 16־יאָריקע געטאָ־העלדין*

אַיבער די פּאָליצעס פֿון דער ייִדישער ביבליאָטעק א"נ פֿון פֿראַנץ קורסקי אין תּל־אָבֿיבֿ איז אויפֿגעקלאַפּט געוואָרן אַ קליין שילדל מיט דער אויפֿשריפֿט: "קינדער־אָפּטיילונג אויפֿן נאָמען פֿון האַנושע וואַסער".



ווייניקע קענען דעם דאָזיקן נאָמען. די קינדער, וועלכע קומען אויסטוישן דאָ זייערע ביכלעך, ווייסן נישט ווער עס איז געווען האַנושע וואַסער און פֿאַרוואָס איר נאָמען קוקט אַראָפּ פֿונעם קליינעם שילדעלע איבער דער פּאָליצע. זיי ווייסן נאָר, אַז זי איז געווען אַ קינד פּונקט ווי זיי, און אַז זי לעבט שוין נישט.

יאָ, זי איז טאַקע געווען אַ קינד פּונקט ווי אַלע אַנדערע קינדער, און דאָך – אַזוי אַנדערש... זי איז געווען איינע פֿון די טויזנטער אומבאַקאַנטע קליינע קעמפֿערס פֿון יענער העלדישער געטאָ־עפּאָפּעע, איינע פֿון די טויזנטער, וועמענס קליינע שוואַכע קערפּערלעך זענען אַזוי ברוטאַל, אַזוי חיהש צעריסן און פֿאַרניכטעט געוואָרן, זייערע נשמות זענען אַוועק אין דער אייביקייט און זייערע נעמען זענען געוואָרן פֿאַרשווונדן, האָבן זיך אויסגעמישט מיט די מיליאָנען אומבאַקאַנטע נעמען, וואָס זענען אַוועק פֿון דער וועלט. פֿאַר דער געשיכטע, פֿאַר די דורות, וואָס קומען, פֿאַרבלײַבן די אַלע אומבאַקאַנטע זעלנער ווי אַן אייביק, זיך נישט אויסלעשנדיק פֿלעמל פֿון יענער פֿינצטערער תּקופֿה.

האַנושע וואַסער איז געווען אַ קינד פֿון וואַרשע. זי האָט זיך אין דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד נישט באַטייליקט. זי האָט אים נישט דערלעבט. קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי איז זי אומגעקומען. עס זענען נישט געבליבן קיין עדות. עס איז אָבער באַוווּסט ווי אַזוי זי האָט געלעבט ביז יענעם טאָג אין אויגוסט 1942, ווען זי איז דורך די דײַטשישע מערד־באַנדעס אַוועקגעשלעפּט געוואָרן אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ, וווּהין דער וועג האָט געפֿירט צום טויט. זי איז אַלט געווען סך־הכּל 16 יאָר. העלדישקייט אין געטאָ האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר אין דעם אופֿן

פֿון שטאַרבן, נישט דווקא אין קאַמף מיט דער ביקס אין דער האַנט קעגן די דײַטשן. אין געטאָ האָט מען אויך געדאַרפֿט קענען העלדיש לעבן. אינעם ווילן פֿאַר יעדן פּרײַז אויפֿצוהאַלטן דאָס לעבן איז געווען העלדישקייט, ווידערשטאַנד קעגן די צילן פֿון די דײַטשן. אַ העלד איז געווען דער, וואָס האָט אין יענע טעג פֿון הונגערטויט באַוויזן דאָס נעבעכדיקע לעבן צו באַהויכן מיט אינהאַלט און מיט גלויבן.

די קליינע האַנושע וואַסער האָט געטראָגן גלויבן אין איר האַרץ און האָט געזייט גלויבן אין די הערצער פֿון אַנדערע קינדער: אין האַרצן גלויבן, און אונטערן אָרעם פֿלעגט זי טראָגן די מעשׂה־ביכעלעך, די דערציילונגען, וואָס זי האָט איבערגעזעצט פֿון פֿראַנצייזיש, כּדי זיי פֿאָרצולייענען פֿאַר די קינדער פֿונעם "ווינקל" אין איר הויף אויף דער גענשע גאַס נומער 13 אין וואַרשעווער געטאָ.

נישט פֿאַר זיך האָט זי געלעבט, נאָר פֿאַר די, וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין איר לעבן. פֿאַר די קינדער, פֿאַר וועמען זי האָט געטראָגן ליכט – ווײַל זיי האָבן זיך אין דעם גענויטיקט אין יענע פֿינצטערע טעג. און ווען איר מוטער האָט איר איינמאָל פֿאָרגעלייגט זיך אַריבעצוקריגן אויף דער אַרישער זײַט, ווו זייערע פֿרײַנד וועלן זיי אויסבאַהאַלטן, האָט האַנושע קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. זי וועט דעם געטאָ נישט פֿאַרלאָזן. אויף דער אַרישער זײַט וועט זי זיך דאַרפֿן אויסבאַהאַלטן – און זי וועט דאָרט קיינעם קיין נוצן נישט ברענגען...

זי איז געבוירן געוואָרן אין מערץ 1926 אין אַ בונדישער משפּחה – איר פֿאָטער איז געווען דער באַוווּסטער בונדישער טוער חיים וואַסער, די מוטער, מאַניע, איז געווען אַ טוערין אין די ייִדיש־וועלטלעכע פֿאָלקס־שולן. אין אָט דער משפּחה און אין אָט די שולן האָט האַנושע באַקומען איר סאָציאַליסטישע דערציִונג. זי האָט זיך געלערנט אין דער "גראָסער"־שול אויף קאַרמעליצקע גאַס – אין דער זעלבער שול, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַזוי פֿיל פֿון די שפּעטערדיקע געטאָ־קעמפֿער, וואָס זייערע נעמען זענען יאָ אַרײַן אין דער געשיכטע. די דערציִונג אין שול און אין דער היים איז געווען אַ האַרמאָנישע און אין דער דאָזיקער האַרמאָניע האָט האַנושע געלעבט איר גליקלעך לעבן.

אין דער אַרומיקער סבֿיבֿה האָט זי זיך גײַסטיק אויסערסט גוט אַנטוויקלט, שוין אין די יונגע יאָרן געהאַט אַ רײַפֿן בליק אויפֿן לעבן און זיך אויפֿריכטיק איבערגענומען מיט די סאָציאַליסטישע אידעען, וועלכע מען האָט אין איר פֿאַרפֿלאַנצט אין דער היים, אין שול און אין

דער בונדישער קינדער־אָרגאַניזאַציע. אָט ווי זי שרײַבט, צו צוועלף יאָר, אין דער קינדער־צײַטונג *די קליינע פֿאָלקסצײַטונג* וועגן איר באַזוך אויפֿן נײַעם ווילנער בית־עולם:

*"און אָט גייען מיר צו צו דעם ברודער־קבֿר פֿון די קרבנות פֿון צאַריזם. מיר ציילן אָן אַזש 18 קבֿרים פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1905. בײַ יעדן – אַ צעטעלע מיטן נאָמען. מיר קוקן זיך אײַן אין די קבֿרים און פֿאַרטראַכטן זיך, אונדז דאַכט זיך, ווי מיר וואָלטן געזען די בלוטיקע טעג פֿון 1905, די שיסערײַען און קאַמפֿן, בעת וועלכע אָט די מענטשן, בײַ וועמענס קבֿרים מיר שטייען איצט, זענען געפֿאַלן טויט. שטיקער צעריסענע לײַבער ליגן אָט דאָ אונטער דער ערד. מיר שטייען נאָך אַ ווײַלע און גייען ווײַטער. נישט איינער קערט זיך אום, כּדי נאָכאַמאָל געבן אַ קוק אויף דעם, וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון די העלדן".*

אויף דער געשיכטע פֿון אָט די העלדן האָט זיך האַנושע געלערנט. אין געטאָ האָט זי וועגן זיי געלערנט אַנדערע קינדער.

פֿאַרענדיקנדיק די פֿאָלקסשול, איז האַנושע אַוועק זיך לערנען אין דער יידיש־פּוילישער מיידל־גימנאַזיע א"נ פֿון קאַלעצקאַ, ווו זי האָט זייער גיך דערוואָרבן אַ שטאַרקע אויטאָריטעט צווישן אירע חבֿרטעס פֿון קלאַס. אין לערנען האָט האַנושע געזען אַ געווער, אין וועלכן זי נויטיקט זיך פֿאַר אירע אידעאַלן, אין וועלכע זי האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט. אין געטאָ, ווען פֿאַר יידישע קינדער איז געווען פֿאַרבאָטן זיך צו בילדן, האָט האַנושע זיך באַטייליקט אין די אומלעגאַלע גימנאַזיע־קאָמפּלעטן, ווו זי האָט זיך געלערנט מיט פֿלײַס, ווי זי וואָלט דערמיט דערפֿילט אַ הייליקע אויפֿגאַבע. און די שילערינס פֿלעגן אומגעדולדיק וואַרטן האַנושע זאָל זיי ברענגען די אומלעגאַלע געטאָ־צײַטונגען.

דערציילן אירע צוויי לערערינס העלענאַ שעפּנער און פֿראַנציסקאַ קושינסקאַ, די איינציקע לעבן־געבליבענע פֿון אירע לערערינס:

דער ווינטער פֿון 1942 איז געווען זייער אַ שווערער. האַנושע האָט געליטן פֿון אַוויטאַמינאָזע, פֿון וואָס זי האָט באַקומען געשווירן אויף די פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט. זי האָט שטאַרק געליטן, אָבער זי האָט איבערגעטראָגן אירע ליידן מיט אַ זעלטענעם פֿאַר קינדער סטאָיִציזם. ווען דער דאָקטער האָט דערקלערט, אַז מען מוז איר שנײַדן די ווונדן, האָט זי נישט דערציילט איר מוטער און איז אַליין געגאַנגען צו דער אָפּעראַציע, כּדי נישט צו פֿאַרשאַפֿן דער מוטער קיין צער. דער דאָקטער איז געווען דערשטוינט פֿון דער העלדישער רויִקייט פֿון אָט

דעם יונגן מיידל, וועלכע האָט פֿאַרביסן די ליפּן און געשוויגן אונטער די שטאַרקסטע ווייטיקן.

מיט דער האַנט איבערגעבונדן אויף אַ ברעטל איז זי שפּעטער געקומען צו די גימנאַזיע־קאָמפּלעטן. אין די ראַמען פֿון אָט די קאָמפּלעטן האָט זי אָנגעשריבן אַ גרעסערן רעפֿעראַט אויף דער טעמע: *די געשיכטע פֿון סאָציאַליזם.* ערנסט און רײַף – דערציילט איר לערערין – האָט זי באַאַרבעט די טעמע. אין דער דיסקוסיע האָט זי באַוויזן זאַכלעך און לאָגיש צו ענטפֿערן אויף די געשטעלטע פֿראַגן.

אויף דער פֿראַגע פֿון דער לערערין, ווי אַזוי האָט זי געקענט מיט אַ פֿאַרבונדענער רעכטער האַנט אָנשרײַבן אַזאַ גרויסע אַרבעט? – האָט זי געענטפֿערט: "איך האָב זיך ספּעציעל אויסגעלערנט שרײַבן מיט דער לינקער האַנט, כּדי צוצוגרייטן דעם רעפֿעראַט"...

זומער, די האַנט האָט זיך אויסגעהיילט, האָט האַנושע באַקומען אַרבעט אַלס ברויט־פֿאַרטיילערין נעבן אַ בעקערײַ. מיטן זעקל אויף די פּלייצעס איז זי געגאַנגען איבער שטאָקן און פֿאַנאַנדערגעטראָגן ברויט. ווען די לערערין האָט זי געוואָלט באַפֿרײַען פֿון שׂכר־לימוד, כּדי זי זאָל נישט דאַרפֿן זיך שלעפּן איבער די שטאָקן, האָט זי פּראָטעסטירט: זי וויל נישט די לערער זאָלן אַרבעטן פֿאַר איר אומזיסט.



אין יענער צײַט האָט די בונדישע קינדער־אָרגאַניזאַציע, דער "סקיף", אָרגאַניזירט "קינדער־ווינקלען" אין די הייף, ווו "סקיפּיסטן" האָבן געגעבן פֿאָרשטעלונגען, און פֿאַרן געלט וואָס די קינדער האָבן "פֿאַרדינט" פֿאַר די פֿאָרשטעלונגען, האָט מען געקויפֿט עסן פֿאַר די הונגער־לײַדנדיקע קינדער. האַנושע האָט אָנגעפֿירט מיט אַזאַ "קינדער־ווינקל". זי האָט צונויפֿגענומען די קינדער פֿון איר הויף, האָט זיי געלערנט זינגען, געלייענט פֿאַר זיי ביכער און דערציילט זיי וועגן דער גליקלעכער צײַט וואָס וועט קומען נאָך דעם ווי היטלער וועט ווערן באַזיגט. גלײַכצײַטיק האָט זיך די קליינע האַנושע געגרייט אַרײַנצוטרעטן

אין אומלעגאַלן סעמינאַר־קאָמפּלעט פֿון דער בונדישער יוגנט, ווו מען האָט געגרייט לערער פֿאַר די ייִדישע שולן נאָך דער מלחמה...

איינמאָל איז האַנושע געקומען צו דער לעקציע אַן אויפֿגעטרייסלטע. זי האָט אויפֿן וועג – דאָס איז געווען בעת די מאַסן־אַרעסטן אין אַפּריל 1942 – געזען ווי די דײַטשן שלעפּן אַרויס מענטשן פֿון די שטובן. עס האָט איר פֿאַרדראָסן, פֿאַרוואָס מענטשן גייען אַזוי שטיל און רעזיגנירט צום טויט. זיי דאַרפֿן אַקטיוו זיך קעגנשטעלן, האָט זי אַ דערצאָרנטע געטענהט, זיי דאַרפֿן לכל־הפּחות שפּײַען די דײַטשן אין פּנים אַרײַן, וואָרפֿן זיי אויסדרוקן פֿון טיפֿער פֿאַראַכטונג.

"איך וואָלט נישט געקאָנט אַזוי גיין ווי אַ קאַלב צו דער שחיטה!" – האָט זי דעמאָלט געזאָגט מיט פֿאַרביסנקייט.

האַנושע האָט נישט פֿאַרענדיקט איר גימנאַזיע־קורס, זי האָט זיך נישט דערוואַרט אויף דעם לערער־סעמינאַר און אויך נישט דערלעבט צו דעם געטאָ־אויפֿשטאַנד אין וועלכן זי וואָלט אָן ספֿק גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל.

אין משך פֿון איניקע חדשים האָט זיך איר לעבן געענדערט. אַריבער פֿון איין שאָפּ אין אַנדערן, שטענדיק מיטן רוקזאַק אויף דער פּלייצע, מיט די נויטיקסטע זאַכן אויף זיך, ווײַל צו יעדער צײַט האָט מען געקאָנט צונעמען זייער ווױנונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע אַקציע פֿון יולי 1942. מיט יעדן טאָג איז דער געטאָ געוואָרן אַלץ מער און מער אײַנגעשרומפּן, איין גאַס נאָך דער אַנדערער איז געוואָרן "אָפּגערייניקט". די דײַטשן זוכן ייִדן, כּדי אָנצופֿילן די טראַנספּאָרטן פֿונעם "אומשלאַג־פּלאַץ".

האַנושע און איר קראַנקע מוטער טוען אַלץ, כּדי אויסצומײַדן דעם בלוטיקן גורל, זיי דרייען זיך אַרויס פֿון די דײַטשע הענט, אָבער דער גורל יאָגט זיי נאָך, ביז ער פֿאַנגט זיי און פֿאַרטרײַבט צוזאַמען מיט אַנדערע טויזנטער אין דעם ענדלאָזן עמק־הבכא, פֿון וועלכן מען קומט שוין נישט צוריק.

קיינער ווייסט נישט, ווי האַנושע האָט זיך פֿאַרהאַלטן אין אָנבליק פֿון טויט. קיין עדות זענען נישט געבליבן. אָן שום ספֿק האָט זי געוואָרפֿן די מערדער אין פּנים אַרײַן די אויסדרוקן פֿון טיפֿער פֿאַראַכטונג.

*לעצטע נײַעס*, 23־סטער סעפּטעמבער 1955

# דער קעלצער פּאָגראָם

## – ווער דערמאָנט אים נאָך הײַנט?

אין יענעם יאָר, ווען די פֿרײַע וועלט האָט זיך נאָך אַלץ געפֿרייט מיט איר נצחון איבער היטלער־דײַטשלאַנד, האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק נאָך אַלץ באַוויינט זײַן גרויסן חורבן, דעם דריטל פֿון זײַן נאַציאָנאַלן גוף, וואָס איז דורך דער נאַציש־דײַטשישער הידרע פֿאַרצוקט געוואָרן אין דער אויסראָטונגס־מלחמה קעגן דעם אייראָפּעיִשן ייִדנטום אין איר חיהשער שׂינאה – אין נאָמען פֿון איר פּאַטאָלאָגיש אײַנגעבילדעטן ראַסיסטישן "ייִחוס".

מיטן נצחון איבער אָט דעם ראַסיסטישן פֿאַרזעעניש האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו דער יודאָפֿאָביע, צו דעם שאָוויניסטישן אַנטיסעמיטיזם. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ניין, אַז די קרעציקע חיה האָט בעת איר אָקופּאַציע פֿון אייראָפּע מצליח געווען אײַנצופֿלאַנצן אין די מוחות פֿון די אָקופּירטע פֿעלקער פֿון מזרח־אייראָפּע – אָדער אויפֿצוּוועקן אין זיי – די פֿאַרבאָרגענע ווירוסן פֿון דער אָנשטעקנדיקער קראַנקהייט, די יודאָפֿאָביע. באַזונדערס אין פּוילן, אוקראַיִנע און אין ליטע, ווו די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס האָבן הפֿקרדיק געווילדעוועט אָנפֿאַלנדיק אין די וועלדער, אויף די וועגן און אין די באַנען אויף ייִדן, וואָס זענען נאָרוואָס ניצול געוואָרן פֿון די נאַצישע גאַזן און קרעמאַטאָריעס.

דער הויכפּונקט פֿון אָט דער ווילדער רציחה איז געקומען צום אויסדרוק 14 חדשים נאָך דעם סוף פֿון דער מלחמה – דעם 4־טן יולי 1946 אין דעם פּאָגראָם אין קעלץ, ווו דער אָנגערייצטער המון האָט זיך געוואָרפֿן מיט געוועֹר און מיט העק און מיט מעסערס אויף דעם הײַפֿל פֿון בערך 200 ייִדן צוריקגעקומענע פֿון די לאַגערן און באַהעלטענישן. זיי זענען אַלע געווען פֿאַרזאַמלט אין אַ הויז פֿאַר די ייִדישע רעפּאַטריאַנטן. קרובֿ צו 50 פֿון זיי זענען געוואָרן אַכזריותדיק דערמאָרדעט, נאָך דעם ווי דער בנין איז באַשאָסן געוואָרן פֿון דרויסן. אַ

סך פֿון די אַנטלויפֿנדיקע זענען געוואָרן געלינטשט אויף דער גאַס. צענדליקער זענען געוואָרן פֿאַרוווּנדיקט.

אָט דער בלוטיקער פּאָגראָם איז אויסגעבראָכן אין רעזולטאַט פֿון אַ בלוט־בילבול אין זײַן קלאַסישן העסלעבן נוסח פֿון די מיטל־אַלטערלעכע בילבולים קעגן ייִדן, אַז זיי נוצן דאָס בלוט פֿון קריסטלעכע קינדער פֿאַר די פּסחדיקע מצות. עס האָט זיי, די העצערס צום פּאָגראָם, נישט געשטערט דער פֿאַקט, אַז די צײַט איז שוין געווען לאַנג נאָך פּסח. דער קלאַנג האָט זיך צעשפּרייט צווישן די אײַנוווינערס פֿון קעלץ נאָך דעם ווי אַ פּויליש ייִנגל איז פֿאַרשוווּנדן פֿון זײַן שטוב. ווען ער האָט זיך אָפּגעפֿונען גאַנץ און געזונט, האָט שוין דער בלוטיקער פּאָגראָם געהאַט פֿאַרצוקט זײַנע אומשולדיקע קרבנות.

וועגן דעם גענויעם פֿאַרלויף פֿון דעם קעלצער פּאָגראָם זענען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע סתּירותדיקע ווערסיעס, נאָך דעם ווי די קאָמוניס־טישע געהיים־דינסטן האָבן געמאַכט די גרעסטע באַמיִונגען צו פֿאַרהוילן די זאַך פֿאַר דער ברייטער עפֿנטלעכקייט. לויט אַ טייל פֿון די ווערסיעס האָט דער געהיים־דינסט געהאַט אַ חלק אין דעם פּאָגראָם, וועלנדיק געווינען די סימפּאַטיע פֿון די מאַסן און אויך אָפּצווענדן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דעם דורכפֿאַל אין דעם פֿאַבריצירטן רעפֿע־רענדום, אין וועלכן ווינציקער פֿון אַ דריטל האָבן געשטימט פֿאַר די קאָמוניסטן.

אין דעם פּוילישן אָפּטייל פֿון דער פּאָפּולערער "וויקיפּעדיאַ" אין דער אינטערנעץ האָב איך געפֿונען אַ באַריכט וואָס דערציילט, אַז בעת דעם פּאָגראָם זענען צוויי פּאָלאַקן דערהרגעט געוואָרן פֿון ייִדן. עס ווערט דאָרט אויך באַריכטעט, אַז נײַן באַטייליקטע אינעם פּאָגראָם זענען פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף טויט און דרײַ – אויף לעבנסלאַנגער טורמע. דאַקעגן זענען די פּאָליציסטן, מיליטערלײַט און פֿונקציאָנערן פֿון דער "או־בע" געמישפּט געוואָרן באַזונדער און אַלע זענען זיי געוואָרן באַפֿרײַט פֿון שולד – חוץ דעם קאָמאַנדיר פֿון דער מיליץ ("MO"), וויקטאָר קוזניצקי, וועלכער איז געוואָרן פֿאַרמישפּט אויף... איין יאָר.

דער ייִדישער ייִשובֿ אין קעלץ, וואָס האָט אין דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1931 באַטראָפֿן 18,000 נפֿשות – בערך 40% פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿון דער שטאָט – האָט שוין, אָנהייבנדיק פֿון 16־טן יאָרהונדערט, זייער אַ "רײַכע" געשיכטע פֿון רדיפֿות, גירושים און באַנײַונגען. פֿון 1873 איז דער ייִדישער ייִשובֿ אין קעלץ גיך אויסגעוואַקסן פֿון ווייניקער פֿון 2000 נפֿשות אויף איבער 20,000 ערבֿ דער היטלער־מלחמה. אונטער דער

דײַטשער אָקופּאַציע זענען אין קעלצער געטאָ געווען קאָנצענטרירט אַרום 25,000 נפֿשות – און דער פּאָגראָם אין יולי 1946 שליסט אָפּ דאָס קאַפּיטל פֿון ייִדישן קעלץ.

דער שענדלעכער קעלצער פּאָגראָם פֿון נאָך דער חורבן־מלחמה איז אַלע יאָרן, ווי געזאָגט, געוואָרן פֿאַרשוויגן און פֿאַרהוילן – און ערשט הײַנטיקס יאָר, צו זײַן 60־סטן יאָרטאָג, איז ער דערמאָנט געוואָרן אויף דעם יערלעכן ייִדישן קולטור־פֿעסטיוואַל, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין חודש יולי אין קראָקע. ער איז דערמאָנט געוואָרן אויף אַ באַשיידענעם אופֿן – אפֿשר כּדי נישט צו פֿאַרשטערן די גוטע פֿאַרווײַלערישע אַטמאָספֿער, וואָס האָט אויף דעם פֿעסטיוואַל געהערשט.

*לעבנס פֿראַגן*, **יולי־אויגוסט 2006**



י.ב.

# דאָס געלעכטער פֿון שׂטן

דער צינישער חוזק – דאָס טעגלעכע לשון פֿון דעם אַשמדאַי – האָט די טעג דערגרייכט די העכסטע מאָס פֿון זײַן טײַוולאָנישער ראַפֿינירטקייט. און דאָס, אין זכות פֿון דער אַפֿערע, וואָס רופֿט זיך – קורט וואַלדהיים.

דאָס בלומרשט "קליינע שרײַפֿעלע" פֿון דער מעכטיקער נאַצישער מאָנסטער־מאַשין פֿון פֿאַרניכטונג און אָפּנאַרערײַ, האָט מצליח געווען ווידעראַמאָל אָפּצונאַרן די וועלט און ווייניקסטנס אַרײַנצופֿירן זי אין אַ פֿאַסקודנער פֿאַרלעגנהייט. אָט דאָס "קליינע שרײַפֿעלע" פֿון דער נאַצישע מאָנסטער־מאַשין האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ וויכטיקער מכשיר פֿון דעם מעכאַניזם, וואָס צילט צו פֿאַרווישן און פֿאַרדעקן די חרפּה פֿון דער מענטשהייט אין די יאָרן פֿון דער היטלער־ממשלה. אין דער זעלבער צײַט אָבער האָט ער אַרויסגעשטעלט פֿאַר דער צערודערטער מענטשהייט דעם אָפּגעדעקטן העסלעכן חלק פֿונעם עסטרײַכישן פֿאָלק.

דער אויסגאַנג פֿון די פּרעזידענט־וואַלן אין עסטרײַך – אין זייער ערשטער רונדע – האָט געטרײַ אָפּגעשפּיגלט די טאָפּלטע נשמה פֿון דעם עסטרײַכישן פֿאָלק, זײַנע צוויי חלקים, אַזוי ווי די צוויי זײַטן, די ליכטיקע און די פֿינצטערער, פֿון דער לבֿנה.

און אפֿשר גאָר – ווי יענער צבֿיעותדיקער מאָראַל־פּרעדיקער, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעלט דאָס פּנים פֿאַר חרפּה הלמאַי ער האָט אָפּגעדעקט זײַן אַנדערן חלק, – אַזוי האָט זיך איצט אַנטפּלעקט דאָס פֿאָלק פֿון די זיסע וואַלסן און ביטערע קריגס־מאַרשן, דאָס פֿאָלק פֿון מאָצאַרט און שובערט – און פֿון היטלער און אײַכמאַן; דאָס פֿאָלק פֿון אָטאָ באַוער, קאָלאָמאַן וואַליש און – פֿון קורט וואַלדהיים.

אַזוי זעט מיר אויס דער אויסגאַנג פֿון די וואַלן, אין וועלכע עס האָט צוגעפּעלט נאָר אַ דריטל פֿון אַ פּראָצענט, כּדי דער געוועזענער נאַצי, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן אָפּגענאַרט די גאַנצע וועלט – זאָל ווערן

אויסגעווײלט ווי דער פּרעזידענט פֿון עסטרײַך, וואָס איז ביז נישט לאַנג געוואָרן אָנגעפֿירט פֿון... אַ ייִדישן קאַנצלער.

ווייס איך אַלזאָ נישט, צי זאָל מען זיך פֿרייען מיטן פֿאַקט, אַז קורט וואַלדהיים איז דאָך נישט געוואָרן אויסגעווײלט, און אַז עס איז נאָך געבליבן אַ פֿונק פֿון האָפֿענונג – אַ קליינע, אָבער דאָך אַ האָפֿענונג – אַז אין דער צווייטער רונדע וועט ער אפֿשר לײַדן אַ דורכפֿאַל; אָדער גאָר זאָלן מיר ווערן אַדורכגענומען פֿון פּחד און בושה מחמת דעם עצם פֿאַקט, אַז ער האָט כּמעט געוווּנען די וואַל־שלאַכט, אַז עס האָט אים צוגעפֿעלט נישט מער ווי אַ דריטל פֿון אַ פּראָצענט, אַז ער האָט דאָך דעראָבערט די גרעסטע צאָל שטימען פֿון צווישן אַלע קאַנדידאַטן אין די וואַלן, און – אַז עס בלײַבט אים דער גרויסער שאַנס צו זיגן אין דער צווייטער רונדע, וואָס וועט פֿאָרקומען אין צוויי חדשים אַרום, דעם 8־טן יוני.

אין אַזאַ פֿאַל וועט ער שוין מער נישט רעפּרעזענטירן, ווי איצט, נאָר אַ העלפֿט פֿון עסטרײַכישן פֿאָלק, דעם העסלעכן אָפּגעדעקטן חלק; טאָמער וועט ער דאָס מאָל ווערן אויסגעווײלט, וועט ער שוין רעפּרעזענטירן, אַזוי ווי יעדער געווײלטער פּרעזידענט – דאָס גאַנצע עסטרײַכישע פֿאָלק.

*

אין גרונט גענומען דאַרף מען זיך נישט ווונדערן אויף אָט דעם דערפֿאָלג פֿון דעם געוועזענעם אונ״אָ־סעקרעטאַר קורט וואַלדהיים, וועלכער איז דערשינען פֿאַר דעם עסטרײַכישן וויילער ווי דער פֿאַרטרעטער פֿון דעם עלטערן דור, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך היטלערן און אײַכמאַנען, האָט מיט התלהבֿות אויפֿגענומען דעם ״אַנשלוס״ און די נאַצישע הערשאַפֿט, און האָט נאָך דעם אין משך פֿון איבער פֿערציק יאָר פֿאַרשטעלט זײַן פֿאַרגאַנגענהייט, אַזוי ווי עס האָט דאָס ביז איצט געטאָן מיט אַזאַ גרויסן דערפֿאָלג ד״ר קורט וואַלדהיים – און האָט אין משך פֿון איבער פֿערציק יאָר זיך אַרויסגעדרייט פֿון דער אַחריות פֿאַר די מיטגעמאַכטע נאַצישע פֿאַרברעכנס.

דורך קורט וואַלדהיימען האָפֿט אפֿשר דער מיאוסער חלק פֿונעם עסטרײַכישן פֿאָלק צו דערגרייכן זײַן קאָלעקטיווע רעהאַביליטאַציע בײַ דער פֿעלקער־משפּחה, וועלכע האָט פּלוצים אַנטדעקט דעם שווינדל.

*

עס איז באַזונדערס מערקווירדיק און כאַראַקטעריסטיש די אויפֿפֿירונג פֿון די דײַטשן אין אָט דער פּרשה, און זייער רעאַקציע אויף די

אַנטפּלעקונגען וועגן קורט וואַלדהיימס פֿאַרגאַנגענהייט. בײַם אָנהייב האָבן זיי געשוויגן, און אין זייער שווײַגן איז געווען פֿאַרשטעקט אַ היפּשע מאָס פֿון קינאה און אויך שאָדן־פֿרייד קעגן די עסטרײַכער, וועלכע האָבן געדינט די נאַציס מיט נישט קיין קלענערער התלהבֿות ווי זיי, אָבער די עסטרײַכער האָבן זיך אַרויסגעדרייט פֿון דער אַחריות און זענען איבער פֿערציק יאָר אָנגעגאַנגען – און זיי גייען ווײַטער אָן – ווי די קרבנות פֿון דער נאַצישער הערשאַפֿט.

מיט דער צײַט אָבער האָט דײַטשלאַנד געפֿונען אין די עסטרײַכער "חבֿרים אין אַ נויט", און אין וואַלדהיימען – אַן אָנשפּאַר פֿאַר זייער אייגענער רעהאַביליטאַציע. דאָס איז דער אייגנטלעכער זין פֿונעם אַרויסטריט פֿון דײַטשן קאַנצלער לטובֿת וואַלדהיימען.

די אומדערהערטע דערקלערונג פֿון העלמוט קאָהל, אַז "קורט וואַלדהיים איז אַ פּאַטריאָט", און אַז ווען ער, העלמוט קאָהל, וואָלט געווען אַן עסטרײַכער, וואָלט ער געוווּסט פֿאַר וועמען ער דאַרף שטימען"... דאָס איז געווען פֿאַר די עסטרײַכער "אַ פֿרײַנדלעכער זשעסט", און נישט קיין פֿרעבע אַרײַנמישונג אין די אינערלעכע ענינים פֿון עסטרײַך, ווי קורט וואַלדהיים און זײַנע אָנהענגער האָבן דאָס באַצייכנט די וואָרענונג פֿון יצחק שמיר, אַז דער אויסוואַל פֿון קורט וואַלדהיימען אַלס פּרעזידענט וועט אַוועקשטעלן ישׂראל פֿאַר אַ שווערן פּראָבלעם, און ווי ער האָט אויך באַצייכנט די אַנטפּלעקונגען פֿון יידישן וועלט־קאָנגרעס וועגן זײַן נאַצישער פֿאַרגאַנגענהייט.

דער דײַטשער קאַנצלער, וועלכער האָט געפֿירט דעם אַמעריקאַנישן פּרעזידענט צו די קבֿרים פֿון די דערהרגעטע "עס־עס"־לײַט, האָט איצט געפֿונען אין וואַלדהיימען אַ לעבעדיקן "עס־עס"־אָפֿיציר, כּדי דורך אים צו כּשרן די אויספֿירער פֿון היטלערס באַפֿעלן. און דאָס אויך כּדי צו כּשרן דורך אים – די נאַצישע פֿאַרגאַנגענהייט פֿון דײַטשישן פֿאָלק, אַזוי ווי פֿון דעם עסטרײַכישן.

און נישט נאָר דער דײַטשער קאַנצלער. אויך די אַנדערע מדינה־פֿירער רײַסן זיך נישט אײַן דעם ספּאָדעק אָפּצוהאַלטן דאָס עסטרײַכישע פֿאָלק פֿון דעם שענדלעכן אַקט. דאָס אויפֿדעקן זײַן נאַצישע פֿאַרגאַנגענהייט דעקט דאָך אויך אויף זייערע אייגענע באַמיִונגען צו פֿאַרשטעלן און פֿאַרדעקן די דײַטשע פֿאַרברעכער, זייער באַנוצן זיך מיט זיי נאָך דער מלחמה און זייער ווילן אַ סוף צו מאַכן צום גריבלען זיך אין דער פֿאַרגאַנגענהייט בכלל. טאָמער וועט אויך זייער געוויסן זיך אַרויסווײַזן באַפֿלעקט.

דאָס איז אפֿשר די סיבה, הלמאַי די יוגאָסלאַוון און די גריכן האָבן געשוויגן וויסנדיק וועגן וואַלדהיימס ראָל אַלס באַריכט־פֿאַרצייכענער פֿון היטלערס באַפֿעלן און פֿון זייער אויספֿירונג, אַלס דער צושטעלער פֿון די אינפֿאָרמאַציעס וועגן דערשיסונגען פֿון פּאַרטיזאַנער און ייִדן. דאָס איז אפֿשר אויך די סיבה הלמאַי מאָסקווע האָט זיך אַזוי געריסן אים צו שטיצן אין זײַן פּרוּוו אויסגעוויילט צו ווערן ווי דער און״אָ־סעקרעטאַר אויף אַ דריטער קאַדענץ. דאָס איז אויך די סיבה הלמאַי מאָסקווע שווײַגט איצט.

איינער פֿון די אַנטפּלעקטע דאָקומענטן באַשטעטיקט, אַז קורט וואַלדהיים איז געווען פּערזענלעך אַנגאַזשירט אין די קאָנטריבוציעס, וואָס זענען אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף די ייִדן פֿון גריכנלאַנד, און אין זייער פֿאַרשיקונג אין די לאַגערן פֿון טויט. דער ניצול־געוואָרענער אָנפֿירער פֿון דער ייִדישער קהילה אין ראָדאָס האָט באַשטעטיקט, אַז דאָס איז ער, קורט וואַלדהיים, געקומען מיט אַ ליידיקער וואַליזע צו די ייִדן פֿון ראָדאָס און געפֿאָדערט זיי זאָלן זי אָנפֿילן מיט געלט, גאָלד און זילבער.

איצט באַצייכנט ער ווי אַ ״חוצפּה״ דאָס אַרויסברענגען די דאָזיקע באַווײַזן. אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע האָט קורט וואַלדהיים אַדורכ־געלאָזט צוויי יאָר – דעם שוואַרצן פֿלעק אין זײַן פֿאַרגאַנגענהייט – און האָט שפּעטער פֿאַרענטפֿערט דעם דאָזיקן בלויז דערמיט, אַז די צוויי יאָר ״זענען נישט ליטעראַריש אינטערעסאַנט״...

די מאָדערנע ליטעראַטור וועט אפֿשר טאַקע אויסשפּײַען די גאַנצע ביאָגראַפֿיע פֿון קורט וואַלדהיים טאַקע צוליב די דאָזיקע צוויי פֿינצטערע יאָרן פֿון זײַן לעבן, מיט וועלכע עס גרויסט זיך דווקא דער מיאוסער חלק פֿון דעם עסטרײַכישן פֿאָלק.

דער שׂטן האָט אַ גוטע סיבה צו לאַכן מיט ציניִשן חוזק פֿון דער הײַנטיקער וועלט.

*לעצטע נײַעס*, 9־טער מײַ 1986

# אַ גילגול פֿון דעם אַשמדאַיס נשמה

ס׳איז לײַכט זיך פֿאָרצושטעלן וואָס פֿאַר אַ מהומה ס׳וואָלט אויסגעבראָכן בײַ אונדז טאָמער דער גײַסטיקער מנהיג פֿון דער דריטגרעסטער פּאַרטיי אין אַזאַ מדינה, לאָמיר זאָגן, ווי עסטרײַך, וואָלט געזאָגט, אַז די ייִדן זענען "שלאַנגען", אָדער אַז זיי זענען אַלע "פֿאַרשאָלטענע רשעים", און אַז "גאָט האָט חרטה וואָס ער האָט זיי באַשאַפֿן"?

ווען אַ ראַסיסטישער "גײַסטיקער" מנהיג איז בײַ אונדז דאָס "צינגל פֿון דער וואָג", איז ער פֿרײַ צו לאָזן אויף הפֿקר זײַן צונג און איר צו לאָזן הערן רייד, פֿאַר וועלכע די פּאַרטיי פֿון מאיר כּהנא איז געשטעלט געוואָרן אויסער דעם געזעץ.

דער נײַ־געוויילטער מדינה־פּרעזידענט, וועלכער איז גלײַך נאָך זײַן אויסוואַל און נאָך זײַן תּפֿילה בײַם כּותל המערבֿי אַוועק דאַנקען דעם גדול התּורה און גדול החכמים, הרבֿ עובֿדיה יוסף, ווי אויך דעם רבֿ פֿון די מתנחלים, הרבֿ מרדכי אליהו און דעם אַלטן קבלה־רבֿ הרבֿ כּדורי – האָט אין זײַן רעאַקציע אויף די פּערווערסיווע רייד פֿונעם פּוסק ההלכה הרבֿ יוסף געשטאַמלט, און אַזוי אויך דער פּרעמיער־מיניסטער אהוד ברק.

צי לוינט עס דען צוליב גויים קאַליע צו מאַכן די באַציִונגען מיטן הויפּט־פֿאַרוואַלטער פֿון דער מדינה? און אַפֿילו ווען ער איז שוין געוואָרן אַן אָפּאָזיציאָנער – ווי קאָן מען דאָס אײַנרײַסן מיט אַ פּאָטענציעלן צוקונפֿטיקן פּאַרטנער?

אַפֿילו נישט צוליב די פּערל פֿון זײַן מויל, אַז "ברק האָט נישט קיין שׂכל", און אויך נישט צוליב זײַנע שאַנד־רייד וועגן די קדושים פֿון דעם חורבן.

אויב די פּאַרטיליקטע מיליאָנען קדושים זענען געווען גילגולים פֿון די נשמות פֿון די פֿריִערדיקע זינדיקע דורות – ווער־זשע, אויב אַזוי, איז דער גילגול פֿון דער נשמה פֿון דעם אַשמדאַי?

מיט זײַן דערשיטערנדיקער "פֿעסטשטעלונג" האָט דער געוועזענער ספֿרדישער ראשון לציון פֿון דער ייִדישער מדינה פֿאַרוואַנדלט די נאַצישע רוצחים אין שליחים פֿון דעם רבונו־של־עולם אויסצופֿירן זײַן שטראָף איבער זײַן אויסדערוויילט פֿאָלק: ער האָט זיי פֿאַרוואַנדלט אין שליחי מיצווה פֿונעם טײַוול איבער די, וואָס טראָגן אויף זיך די אַחריות, לויט דער עקסטרעמער קריסטלעכער דאָגמע, פֿאַרן מאָרד פֿון ישו, – יעזוס – דעם זון פֿון דעם קריסטלעכן גאָט!...

מיט זײַן טענה וועגן דעם "גילגול פֿון די נשמות" האָט דער חשובֿער גדול בתּורה זיך אָנגעשלאָסן צו די פֿאַרלייקענערס פֿונעם חורבן. ווייסן מיר דאָך, אַז דאָס פֿאַרלייקענען דעם חורבן דינט פּאַקטיש ווי אַ באַזע פֿאַר די, וועלכע זוכן אַ רבנישן הכשר פֿאַר דער באַרעכטיקונג פֿון דעם חורבן. הרבֿ עובֿדיה יוסף האָט זיי אונטערגעטראָגן דעם דאָזיקן הכשר.

*לעבנס־פֿראַגן*, **סעפּטעמבער־אָקטאָבער 2000**



# די באַרנע און דער באַרנבוים

מיר אַלע קענען דאָס ייִדישע ווערטל, אַז דער כּל יכול זיצט אויבן און פּאָרט צונויף אונטן. דער עיקר ווען עס רעדט זיך וועגן צרות און אָנשיקענישן: די גזירות און די צרות, וואָס ער שיקט אָן אויף אונדז, קומען אַראָפּ לרובֿ פּאָרנווײַז.

אַזוי איז טאַקע געשען הײַנטיקע וואָך, ווען אויפֿן אַנדערן טאָג, באַלד אויף צו מאָרגנס נאָך דעם אומגליק אין שטראַסבורג, ווו אַן אַלטער שווערער בוים, וועלכן דער שטורעם האָט אַרויסגעריסן פֿונעם באָדן, האָט דערהרגעט, פֿאַרווונדיקט און פֿאַראומגליקט אַזוי פֿיל יונגע נפֿשות בעת אַ קאָנצערט פֿון ייִדישן ליד – און אַ צווייטער בוים, אַ באַרנבוים, האָט אַראָפּגעוואָרפֿן זײַנע באַרנעס אויף דער ישׂראלדיקער געזעל־שאַפֿטלעכקייט בעת אַ קאָנצערט פֿון דעם בערלינער פֿילהאַרמאָנישן אָרקעסטער אין ירושלים, אונטערן דיריגיר־שטעקעלע פֿון דעם באַגאַבטן מוזיקער דניאל באַרנבוים.

קיינער איז פֿון דעם באַרנבוים נישט געוואָרן דערהרגעט. ער האָט אַפֿילו געוווּנען דאָ באַגײַסטערטע אָנהענגערס און איז באַשאָנקען געוואָרן מיט הייסע אַפּלאָדיסמענטן. אָבער די פֿאַרגיפֿטעטע פּירות פֿון דעם באַרנבוים האָבן איבערגעלאָזט שוואַרצע פֿלעקן אויפֿן געוויסן פֿון דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט און איר באַציִונג צום חורבן, פֿון וועלכן דאָס פֿאָלק איז נאָרוואָס אויפֿגעשטאַנען אַזוי צעשמעטערט, מיט דער נאַציאָנאַלער טראַומע פֿון זײַן יסורימדיקן זכּרון.

דער וויכּוח אַרום דעם פּראָבלעם פֿון אויפֿפֿירן עפֿנטלעך די שאַפֿונגען פֿון ריכאַרד וואַגנער גייט אָן אין לאַנד – און אין דער ייִדישער עפֿנטלעכקייט בכלל – שוין לאַנגע יאָרן. דאָס איז אַ וויכּוח צווישן די וואָס פֿאַרלאַנגען אָפּצוהיטן די פֿרײַהייט פֿון דער קינסטלערישער יצירה און אָפּצוטיילן זי פֿון דעם זכּרון פֿונעם חורבן, און די אַנדערע וואָס האַלטן, אַז די צוויי דערשײַנונגען לאָזן זיך נישט אָפּטיילן איינע פֿון דער אַנדערער, מחמת דער טײַוול אַליין האָט זיי צונויפֿגעפּאָרט. ווײַל – דאָס

האָבן דאָך די נאַציס, די דײַטשן אַליין פֿאַנאַנדערגעטײלט צווישן זיי, געמאַכט אַ סעלעקציע צווישן "קולטור" און מענטשלעכקייט, צווישן געניאַליטעט און מערדערישן באַרבאַריזם; דאָס האָבן דאָך די דײַטשן – די "געוויינלעכע מענטשן" – געקענט זײַן געטרײַע משפּחה־לײַט און ליב האָבן ווײַב־און־קינדער, גלעטן די קאַץ אָדער דעם הונט אין שטוב און ליב האָבן מוזיק און מוזיקאַלישע האַרמאָניע – און אין דער זעלבער צײַט פֿײַנט האָבן ביז מערדערישער שׂינאה זײַן ייִדישן שכן, דאָס ייִדישע פֿאָלק און די ייִדישע ראַסע. ווײַל – דאָס "קולטור־פֿאָלק", וואָס האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך די גרעסטע גאונים פֿון גײַסט און יצירה אין דער פֿילאָסאָפֿיע, אין דער מוזיק און אין הומאַניזם, איז דערצויגן געוואָרן אין גײַסט פֿון אייגענער ראַסן־העכערקייט און פֿון דעהומאַניזאַציע פֿונעם ייִד און פֿונעם פֿרעמדן. די מענטשן פֿון דער הערן־ראַסע האָבן אויסגע־שלאָסן דעם ייִד פֿון דעם מענטשלעכן מין – אַזוי אַז זיי האָבן זיך געקענט באַציִען צו ייִדן ווי צו ווערעם, וועלכע מען מעג "מיט אַ ריינעם געוויסן" צעטרעטן, פֿאַרגאַזן, פֿאַרברענען...

דאָס איז געווען זייער סעלעקציע.

ווי קומט עס אָבער, אַז אויך בײַ אונדז זאָל ווערן געמאַכט אַן ענלעכע סעלעקציע צווישן מענטשלעכקייט און גײַסטיקער יצירה, וואָס אין איר זכות אַדאָפּטירט מען די מוזיקאַלישע געניאַליטעט פֿון אַ ריכאַרד וואַגנער, און מען איגנאָרירט וואַגנערס גיפֿטיקע אַנטיסעמיטישע תּורה, פֿון וועלכער היטלער האָט דערנערט און געשפּײַזט די האָטענ־טאָטישע מאָנסטער־פּלענער פֿון זײַן פּסיכאָפּאַטישן מוח?

ווי קומט עס, אַז אַ ייִדישער מוזיקער – אויך אַ גאָון – אַ זון פֿון ייִדישע עלטערן, אָפּשטאַמיקע פֿון פּוילן, מיט וועלכע ער האָט אײַנגעוואַנדערט פֿון אַרגענטינע נאָך ווי אַ קינד און איז אויפֿגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין ייִדישן לאַנד – ווי קומט עס, אַז נאָך דעם ווי ער האָט זוכה געווען צו אַן אינטערנאַציאָנאַלן שם און אָנצופֿירן מיטן בערלינער פֿילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, זאָל ער אויסנוצן זײַן הויכן מעמד און די זעלטענע געלעגנהייט צו ברענגען דעם אָרקעסטער קיין ירושלים, כּדי דאָ אויף אַזאַ ציניש אופֿן, דורך אַן אָפּנאַרערישן אַקט, צו שענדן דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן זכרון?

דער חטא איז אָבער נישט בלויז פֿון דעם מוזיקער דניאל באַרנבוים. דער חטא איז, אייגנטלעך, פֿון דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט, און אפֿשר אויך פֿון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט איבער דער וועלט, וועלכע האָט זיך אַזוי גיך אײַנגעלעבט מיט דער אַטמאָספֿער פֿון פֿאַרגעבונג און

פֿאַרגעסונג, מיט דער אָפּגעטעמפּטקייט פֿון דעם זכּרון־געפֿיל, וועלכער האָט זיך פֿאַרשלאָסן אין זײַן צײַט־געטאָ פֿון כ״ז ניסן אויף אָפּצופּטרן דעם חובֿ פֿאַר דעם אָנדענק פֿונעם חורבן... ווײַל אַנדערש וואָלט דניאל באַרנבוים נישט געוואַגט אַדורכפֿירן דעם שווינדלערישן מאַנעווער אין נאָמען פֿון דער "דעמאָקראַטיע" און פֿון דער "פֿרײַהייט פֿון אויסדרוק": דניאל באַרנבוים האָט שוין מיט חדשים צוריק געהאַט אָנגעזאָגט, אַז ער האָט בדעה דורכצוברעכן דעם וואַגנער־באָיקאָט אין ישׂראל און אויפֿצופֿירן דווקא מיטן בערלינער מלוכישן אָרקעסטער די "וואַלקיריעס", איינע פֿון וואַגנערס באַרימטע שאַפֿונגען. די אָנפֿירונג פֿון דעם ירושלימער פֿעסטיוואַל האָט לכתּחילה געהאַט אָנגענומען דעם פֿאָרשלאָג. אָבער אין אָנבליק פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן שטורעם, וואָס איז אויסגעבראָכן אין לאַנד מחמת דער שאַרפֿער קעגנערשאַפֿט מצד די שארית הפליטה, ווי אויך אין דער כּנסת, האָט די לייטונג פֿונעם פֿעסטיוואַל צוריקגעצויגן איר באַשלוס, און באַרנבוים האָט זיך פֿאַרפֿליכטעט צו ענדערן דעם פּראָגראַם: אַנשטאָט וואַגנערס "וואַלקיריעס" וועלן געשפּילט ווערן די שאַפֿונגען פֿון שומאַן און סטראַווינסקי. אָבער נאָך דעם ווי דער בערלינער אָרקעסטער האָט אויפֿגעשפּילט אין ירושלים די צוויי שאַפֿונגען און דעם פֿאַרלאַנגטן צוגאָב – האָט דער דיריגענט דניאל באַרנבוים רעאַליזירט זײַן "סטראַטעגישן פּלאַן" אומצוגיין דעם וואַגנער־פֿאַרבאָט אויף אַ "דעמאָקראַטישן אופֿן". ער האָט זיך געוואָנדן צום פּובליקום מיט דער תּמימותדיקער פֿראַגע – ווי "זײַנע אַ פּערזענלעכע ווענדונג, נישט אין נאָמען פֿון דעם פֿעסטיוואַל און פֿון דעם אָרקעסטער" – צי דער עולם וויל הערן וואַגנערן. די וואָס ווילן נישט הערן, האָט ער געזאָגט, קענען פֿאַרלאָזן דעם (געזעלשאַפֿטלעבן) זאַל פֿון די "בניני האומה" אין ירושלים, ווײַל פֿאַר זייערע געקויפֿטע בילעטן זענען זיי שוין געוואָרן פֿאַרגיטיקט...

"צופֿעליק", האָט באַרנבוים געזאָגט, האָט ער מיטגענומען מיט זיך די נאָטן פֿון וואַגנערס דערעפֿענונג צו דער אָפּערע "טריסטאַן און איזאָלדע". אָבער גאָרנישט צופֿעליק האָט ער מיטגעבראַכט מיטן אָרקעסטער די צוויי האַרפֿעס, וועלכע זענען נישט געווען נייטיק צום שפּילן, לויטן פּראָגראַם, די שאַפֿונגען פֿון שומאַן און סטראַווינסקי. דער צינישער טריק איז געווען זייער דורכזיכטיק, כּדי ער זאָל קענען זאָגן, ווי ער האָט עס טאַקע געטאָן, אַז זײַן האַנדלונג איז געווען לויט אַלע כּללים פֿון דער דעמאָקראַטיע.

די מערהייט פֿונעם עולם אין זאַל האָט אויפֿגענומען וואַגנערס יצירה מיט באַגײַסטערונג, און נאָר אַ קליינע גרופּע פֿון דער שארית הפליטה האָט געשטערט, און נאָך אַ וויכּוח פֿון אַ האַלבער שעה פֿאַרלאָזט דעם זאַל.

וואַגנער און באַרנבוים האָבן מנצח געווען. דאָס איז געווען דער נצחון פֿון דעם פֿאַרטעמפּטן נאַציאָנאַלן זכּרון, דער זיג פֿון דער סעלעקציע צווישן דער קונסט און דער מענטשלעכקייט, צווישן דער מוזע און דעם טראַוומאַטישן זכּרון פֿון אַ פֿאָלק. ווי געזאָגט, זענען פֿון אָט דער סעלעקציע באַהערשט נישט נאָר באַרנבוים און די אָנהענגערס פֿון דער אַזויגערופֿענער "אומאָפּהענגיקייט פֿון דער קונסט". די שיידליניע גייט אַדורך צווישן אַלע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג, אַפֿילו צווישן לעבנגעבליבענע קאַצעטלער. איך קען אַ מוזיקאָלאָג, וועלכער האָט אַליין אַדורכגעמאַכט דעם פּײַן־אוניווערסיטעט פֿון אוישוויץ – און איז דאָך אַ באַגײַסטערטער חסיד פֿון וואַגנערן. אַנדערע האָבן געטאַדלט זײַן אויפֿפֿירונג ווי אַן אומפֿאַרשעמטע חוצפּה.

עס איז אָבער פֿאַרדריסלעך, וואָס דאָס "רעבט אויף טרויערן" און אויף היטן דעם זכּרון פֿונעם חורבן ווערט רעזערווירט נאָר פֿאַר די שטאַרבנדיקע "ניצולי השואה" – די אָפּגעראַטעוועטע פֿונעם חורבן, אין דער צײַט ווען די אַנדערע, דאָס פֿאָלק – זיי זענען "באַפֿרײַט" פֿון אָט דעם נאַציאָנאַלן חובֿ. ווי דאָס וואָלט נישט געווען דער חורבן פֿון יידישן פֿאָלק, נאָר אַ פּריוואַטער אומגליק פֿון די "ניצולי השואה"...

דער דאָזיקער טאָן האָט זיך אַרויסגעהערט פֿון די רייד פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער שרון, אַז – "מעגלעך, אַז עס איז נאָך צו פֿרי צו שפּילן וואַגנערן אין ישׂראל"; "איך וואָלט בעסער געוואָלט" – האָט ער געזאָגט – "מען זאָל אים ניט שפּילן, ווײַל עס זענען פֿאַראַן אין לאַנד אַ סך מענטשן, וואָס עס איז זיי שווער צו הערן זײַנע שאַפֿונגען"...

"שווער צו הערן" – נישט ווײַל די קלאַנגען געפֿעלן זיי נישט, נאָר ווײַל זיי דערמאָנען, צי מען וויל אָדער נישט, די גיפֿטיקע ווערטער פֿון וואַגנערס עסייען, אַז מען דאַרף צונעמען פֿון די יידן די בירגערלעכע רעכט, ווײַל זיי פֿאַראומרייניקן די דײַטשישע מוזיק און די דײַטשישע קולטור".

ווי אויסטערליש איז זי, די איראָניע פֿונעם גורל. אַזוי ווי מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער מאמר מיט דעם אומגליק אין שטראַסבורג, ווילן מיר מיט שטראַסבורג אויך פֿאַרענדיקן די דאָזיקע שורות, ווײַל – אויף

דער אינטערנאַציאָנאַלער ייִדיש־באַגעגעניש, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דער דאָזיקער שטאָט מיט זיבן חדשים צוריק, האָבן מיר באַגעגנט דעם פּסיכאָלאָג און מוזיקאָלאָג ד״ר גאָטפֿריד וואַגנער, אַן אור־אייניקל פֿון דעם וועלט־באַרימטן – און פֿאַר אונדז טרויעריק־באַרימטן – געניאַלן קאָמפּאָזיטאָר. אין קעגנזאַץ צו זײַן עלטער־זיידן, איז ד״ר גאָטפֿריד וואַגנער אַן אַקטיווער קעמפֿער קעגן ראַסיזם און קעגן זײַן עלטער־זיידנס יודאָפֿאָביע, און אַ געטרײַער פֿרײַנד פֿון ייִדן און פֿון ייִדיש. ער איז אויפֿגעטראָטן מיט אַ וואַרעמער באַגריסונג בעת דער פֿײַערלעכער דערעפֿענונג פֿון דעם וועלט־צוזאַמענפֿאָר פֿאַר ייִדיש און איז געווען אָנוועזנדיק אויף אַלע זיצונגען פֿון דעם פֿינפֿטאָגיקן סעמינאַר.

אָבער נאָר אויף דעם ייִדישן מוזיקער דניאל באַרנבוים, וועלכער שעפּט זײַן אינספּיראַציע און יניקה פֿון די מוזיקאַלישע וואָרצלען פֿון דעם וואַגנערישן שטאַם קאָן מען זאָגן, אַז פֿון יענעם געניאַלן, אָבער פֿאַרסמטן גאָרטן איז אַרויסגעוואַקסן אַ געניאַלער, אָבער אַ פֿאַרסמטער באַרנבוים, און אויף אים – אַ ביטערע באַרנע.

**9־טער יולי 2001**

## *דער מאַרש פֿון די נאָך לעבנדיקע*

דעם חורבן האָבן זיי איבערגעלעבט – איצט ראַנגלען זיי זיך פֿאַר זייער אויסלעבן, פֿאַר זייער אָפּלעבן.

דער אָנדענק־טאָג פֿון חורבן און גבֿורה האָט הײַנטיקס יאָר זיך אָנגעהויבן אין ישׂראל אַנדערש, אינגאַנצן אַנדערש ווי אין אַלע אַנדערע יאָרן און ווי אין אַלע אַנדערע לענדער: דער יאָרטאָג פֿון חורבן און גבֿורה האָט זיך דאָס מאָל אָנגעהויבן בײַ אונדז מיט פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס פֿון די שארית הפליטה אין תּל־אָבֿיבֿ און אין ירושלים קעגן דער סקאַנדאַליעזער, דער שאַנדפֿולער און בזיונדיקער באַציִונג פֿון מדינת־ישׂראל צו די ניצולים, צו די געראַטעוועטע רעשטלעך פֿונעם חורבן.

פֿון צווישן אַלע ציוויליזירטע לענדער ווו עס האָבן זיך נאָכן חורבן באַזעצט די באַפֿרײַטע קאַצעטלער, געוועזענע פּאַרטיזאַנער און אַלע אַנדערע וואָס האָבן דעם חורבן איבערגעלעבט, די אַזוי גערופֿענע "סורוויוואָרס", די ניצולים – די נישט דערגאַזטע און נישט דערברענטע, די לעבנגעבליבענע פֿונעם חורבן – פֿון צווישן אַלע לענדער וואָס האָבן זיי אויפֿגענומען, איז דער גורל זייערער דער ערגסטער – אין דער ייִדישער מדינה, אין מדינת־ישׂראל.

דאָס האָט געזאָגט נישט עפּעס אַ קעגנער פֿון מדינת־ישׂראל, אַן אַנטי־ציוניסט אַ פֿײַנט פֿון דער מדינה, אָדער סתּם אַ צו־להכעיסניק, אַ פֿאַרעקשנטער אָפּאָזיציאָנער. ניין – געזאָגט האָט עס אַן אָנפֿירער פֿון די שארית הפליטה־פֿאַרבאַנדן אין ישׂראל. דאָס זעלבע האָט אויך געזאָגט אַפֿילו אַזאַ הויכגעשאַצטע ישׂראלדיקע פּערזענלעכקייט, ווי די כּנסת־דעפּוטאַטין קאָלעט אַבֿיטל פֿון "עבֿודה" – געוועזענער קאָנסול פֿון ישׂראל אין ניו־יאָרק, איינע פֿון די פֿינף קאַנדידאַטן, וואָס האָבן זיך איצט פֿאַרמאָסטן אויסגעוויילט צו ווערן אויפֿן אַמט פֿון מדינה־פּרעזידענט.

אין ישׂראל – ווו דען, אויב נישט אין ישׂראל? – איז אויפֿגעקומען מיט נײַנצן יאָר צוריק דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן יעדעס יאָר אויף דער ערד פֿון פּוילן, אין די אָנדענק־טעג פֿון דעם חורבן, אַ מאַרש פֿון דער ייִדישער יוגנט קיין אוישוויץ, צום מאַסן־קבֿר פֿון אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

ער איז געבוירן געוואָרן, דער דאָזיקער געדאַנק, בײַ דעם לעצטנס דעמיסיאָנירטן פֿינאַנס־מיניסטער אַבֿרהם הירשזאָן, וועלכער האָט אויך אויסגעטראַכט דעם נאָמען פֿאַר אָט דער דעמאָנסטראַציע צום גיא המוות, דעם טאָל פֿון טויט: דער "מאַרש פֿון די לעבעדיקע": נאַט אײַך, זאָלן זיי זען, די גויים, אַז עם ישׂראל חי. זאָלן זיי זען, אַז – צו להכעיס אַלע אונדזערע שׂונאים די אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אונדז צו פֿאַרלענדן און האָבן באַוויזן אויסצושעכטן אַ דריטל פֿון אונדזער פֿאָלק – לעבן מיר דאָך און מיר האָבן אַן אייגענע מדינה און אַן אייגענעם כּוח, וואָס זאָל אונדז באַשיצן: אַ בליִענדיקע, אַ פּראָספּערירנדיקע מדינה מיט אַ שטאָלצער יוגנט און אַן אַרמיי – די שטאַרקסטע אין מיטעלן מזרח.

אָבער – מער ווי זעבציק יאָר נאָך דעם ווי די אַליאירטע כּוחות האָבן דער הידרע אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, אויסגעלאָשן דאָס ברענענדיקע פֿײַער אין די אויוונס, פֿאַרמאַכט די גאַז־קאַמערן און אָפּגעשטעלט די דײַטשישע מאָרד־מאַשין – האָבן די נישט דערגאַזטע און נישט דערברענטע, די וועטעראַנען פֿון די טויט־מאַרשן צו יענע לעבעדיקע קבֿרים – צום ערשטן מאָל מאַרשירט אין דעם הײַ־יאָריקן "יום השואה" אין לאַנד, אין ייִדישן לאַנד – אין תּל־אָבֿיבֿ און אין ירושלים, אין זייער פּראָטעסט־מאַרש פֿון די נאָך אַלץ לעבנגעבליבענע – קעגן דער גלײַכגילטיקייט פֿון זייער אייגענער מדינה צו זייער גורל. צום ערשטן מאָל נאָך 60 יאָר שווײַגן האָבן זיי דעמאָנסטרירט קעגן דער ממש אַכזריותדיקער באַציִונג פֿון דער מדינה, די וועלכע שיקט יעדעס יאָר אירע קינדער דעמאָנסטרירן אין אוישוויץ, אָבער דאָ, אין לאַנד, האָט זי פֿאַרלוירן די בושה קעגנאיבער אירע אייגענע בירגער, די טויזנטער לעבנגעבליבענע קרבנות פֿון דעם מאָנסטערישן נאַצי־דײַטשישן פֿײַן־און מאָרד־קאָמבינאַט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווי די לעבנגעבליבענע קרבנות, וואָס די מערהייט פֿון זיי געפֿינען זיך שוין בײַ דער שוועל – אָדער דערנענטערן זיך צו דער שוועל – פֿון דער וועלט, וואָס איז כּולו טובֿ, זענען אַרויס מיטן אַלאַרם־געשריי קעגן דער גרויסער עוולה וואָס ווערט קעגן זיי באַגאַנגען מצד דער ייִדישער מדינה. די מדינה, וואָס

איז אויפֿגעקומען אין דער גרויסער מאָס אין זייער זכות און האָט זיי אויפֿגענומען ווי זייער זיכערסטער און געזעצלעכסטער מקום־מיקלט: די מדינה, וואָס האָט זיך דערקלערט פֿאַר זייער אַפּוטרופּוס און יורש צוגלײַך.

אמת, די שארית הפליטה פֿונעם חורבן זענען געקומען אַהער פֿרײַוויליק, און פֿרײַוויליק, אַפֿילו מיט ענטוזיאַזם, האָבן זיי – די מערהייט פֿון זיי – זיך באַטייליקט אין בויען די מדינה, אין בויען איר ווירטשאַפֿט און איר כּוח. זיי האָבן אויך פֿרײַוויליק, צוזאַמען מיט די אַנדערע, אָפּגעגעבן דער מדינה זייערע קרבנות אויף די שלאַכטפֿעלדער פֿון לאַטרון און פֿון די מלחמות פֿאַר איר אויפֿקום און קיום. אָבער די מדינה פֿון איר זײַט, ברענגענדיק זיי אין לאַנד אַרײַן ווי אַרויסגעראַטעוועטע פֿונעם גיהנום, און באַנוצנדיק זיך מיט זיי ווי די בויער און באַשיצער פֿון דעם לאַנד – האָט זיך פֿון זיי ווי אָפּגעקערט, צוגעוואָרפֿן זיי די אָפּגעשאָבענע ביינער פֿון די דײַטשישע פֿאַרגיטיקונגס־געלטער, וואָס די מדינה האָט פֿאַר זיי באַקומען.

זיי זענען אויך, אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון דער מדינה, געצווונגען געוואָרן ווי פּליטים אויפֿן וועג צום לאַנד אַראָפּצוּוואַרפֿן דעם שטערנדיקן באַלאַסט פֿון זייער גלותדיקער פֿאַרגאַנגענהייט צוזאַמען מיט זייער אָנגעזאַמלטן גײַסטיקן פֿאַרמעג. דער עיקר – דעם וועלטלעך־ייִדישן גײַסטיקן פֿאַרמעג פֿון דער לעצטער עפּאָכע פֿון פֿאַרן מבול (פֿאַר דער רעליגיעזער ירושה האָט די וועלטלעכע מדינה גראָד יאָ געזאָרגט).

און – פֿון די מאַטעריעלע פֿאַרגיטיקונגען, וואָס די רעגירונג האָט איבערגענומען פֿון די דײַטשן און זיך פֿאַרפֿליכטעט זיי אויסצוצאָלן געזעצלעך די "געליטענע פֿון די נאַצישע רדיפֿות" – ווי זיי ווערן אָפֿיציעל באַצייכנט אין די אָפּמאַכן מיט דער דײַטשישער רעגירונג, – צאָלט זיי די רעגירונג בלויז אַ דריטל ביז אַ העלפֿט פֿון די צאָלונגען וואָס עס באַקומען די באַרעכטיקטע דירעקט פֿון דער דײַטשישער רעגירונג אין די לענדער פֿון אייראָפּע.

אין אָנבליק פֿון דער לעצטנס פֿאַרשטאַרקטער טעטיקייט פֿון דער אָרגאַניזירטער שארית הפליטה אין אויסלאַנד, האָט אויך אין ישׂראל זיך אָנגעהויבן אַ פּראָטעסט־באַוועגונג. אפֿשר אין זכות פֿון דעם המשך־דור פֿון די שארית הפליטה און פֿון דעם זיך פֿאַרשטאַרקנדיקן חורבן־באַוווּסטזײַן אויף דער וועלט – באַזונדערס נאָכן אויפֿדעקן די טיף פֿאַרשטעקטע אוצרות אין די שווייצאַרישע און אַנדערע בענק. די געשאַפֿענע כּנסת־קאָמיסיע בראָש מיט דער דעפּוטאַטין קאָלעט אבֿיטל

האָט דערוויזן, אַז די נאַציאָנאַלע באַנק פֿון ישׂראל, וועלכע האָט אויף אַ סקאַנדאַליעזן אופֿן זיך אָפּגעזאָגט און דערנאָך זיך אַרויסגעדרייט פֿון אויפֿדעקן און אויסצאָלן די יורשים פֿון די אומגעבראַכטע אינוועסטערס זייערע "איינגעפֿרוירענע" און פֿאַרהוילענע אינוועסטיציעס און אָפּשפּאָרונגען, זיך אָפּגעזאָגט די גיטער און ווערטזאַכן וואָס האָבן נישט קיין יורשים – זיי איבערצוגעבן די נויטלײַדנדיקע אַלטע לײַט, וואָס הונגערן ממש.

די נאַציאָנאַלע באַנק פֿון דער ייִדישער מדינה איז געבליבן די לעצטע און איצט די איינציקע פֿון אַלע מדינות אויף דער וועלט, וואָס האָט נאָך אַלץ נישט אויסגעצאָלט איר חובֿ צו די קרבנות פֿון נאַציזם. אין דער זעלבער מאָס איז די רעגירונג פֿון ישׂראל די לעצטע, וואָס איז גרייט אַנטקעגנצוקומען די אמתדיקע נויטן פֿון די אויסגייענדיקע, אָבער נאָך אַלץ לעבנדיקע קרבנות מיט זייערע לײַדן, קראַנקהייטן און טראַומעס און נישט פֿאַרהיילטע ווונדן. איצט לײַדן זיי אויך פֿון דער בושה, וואָס עס האָט פֿאַרלוירן די רעגירונג פֿון מדינת־ישׂראל.

די קרבנות פֿון דעם חורבן, וואָס זייער צאָל פֿאַרקלענערט זיך מיט יעדן יאָר אין רעזולטאַט פֿון דער "ביאָלאָגישער לייזונג" צוליב זייער עלטער – זענען געוואָרן קרבנות פֿון דער האַרצלאָזער מלוכישער ביוראָקראַטיע, פֿון די כּסדר געענדערטע קריטעריעס (צוערשט לויט די דאַטעס פֿון זײַן אין דייטשלאַנד, פֿון ווען געקומען אין לאַנד – פֿאַר 1949 אָדער פֿאַר 1953 – ווען דערלאַנגט די אַפּליקאַציע אד"גל), קרבנות פֿון די קאָמיסיעס, וואָס ווערן אויפֿגעשטעלט איינע נאָך דער אַנדערער אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון דעם דאָמינאַנטישן פֿינאַנס־מיניסטעריום, און נאָך און נאָך אַזעלכע תּירוצים און שטרויכלונגען.

זעכציק יאָר האָט געדויערט דאָס שלאָגן זיך מיט דער דעה צו באַשטימען ווער איז אַ געראַטעוועטער (אַ "ניצול השואה") אָדער אַן איבערגעלעבטער (אָפּהענגיק ווו ער האָט געלעבט), ביז עס ווערט פֿון די נויטלײַדנדיקע אַרויסגעצויגן די נשמה. אָט דאָס האָט געפֿירט צו די ערשטע באַשיידענע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס אין הײַ־יאָריקן יום השואה, דעם אָנדענק־טאָג פֿון חורבן און גבֿורה. נאָך צוויי־דרײַ טעג איז דער אַלאַרם־געשריי פֿאַרשטומט געוואָרן – די פּרעסע איז געווען באַשעפֿטיקט מיט די אַנדערע "סקאַנדאַלן פֿון טאָג".

אַזוי האָבן זיך באַצויגן מיט זילזול צו די קרבנות פֿון די נאַצישע רדיפֿות אַלע רעגירונגען פֿון ישׂראל, אָנהייבנדיק פֿון דער ערשטער, מיט

זעכציק יאָר צוריק, ביז דער איצטיקער רעגירונג פֿון אהוד אָלמערט. אַזוי אויך די פֿינאַנס־מיניסטאָרן, אַרײַנגערעכנט דעם לעצטן, דעם איניציאַטאָר פֿון די יאָר־יערלעכע "מאַרשן פֿון די לעבעדיקע" אין פּוילן, ה' אַבֿרהם הירשזאָן, וועלכער האָט געמוזט דעמיסיאָנירן צוליב זײַנע קרימינעלע עבֿירות פֿון דער צײַט ווען ער האָט, ווי אַן עסקן פֿון "ליכּוד", אָנגעפֿירט מיט דער קראַנקן־קאַסע בײַ דער "הסתּדרות הלאומית" – די "נאַציאָנאַלע" פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פֿון דער "נאַציאָנאַלער" פּאַרטיי, דעם "ליכּוד".

אין רעזולטאַט פֿון די פּראָטעסטן פֿון כּעס און פֿון ייִאוש, און אויפֿן סמך פֿון די דערשיטערנדיקע אַנטפּלעקונגען פֿון דער קאָמיסיע פֿון קאָלעט אַבֿיטל, האָט די רעגירונג פֿײַערלעך צוגעזאָגט צו געפֿינען אַ גיכע לייזונג, אַז "קיין איינציקער פֿון די קרבנות פֿון נאַציזם וועט נישט בלײַבן אָן אַ שטיצע, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן אויסצולעבן בכּבֿודיק זײַנע יאָרן" – ווי עס האָט פֿאַרזיכערט דער פּרעמיער־מיניסטער אהוד אָלמערט. מיט די זעלבע הבֿטחות זענען אָבער די קרבנות געשפּײַזט געוואָרן אין משך פֿון אַלע יאָרן.

דרײַ מיט אַ האַלבן חדשים נאָך יענע ערשטע דעמאָנסטראַציעס פֿון די שארית הפּליטה, איז ער ענדלעך געקומען צו זיי מיט דער נאָך מער דערשיטערנדיקער, מיט דער טיף באַליידיקנדיקער "בשׂורה": די רעגירונג האָט באַשטימט אַ סומע פֿון 120 מיליאָן שקלים פֿאַרן יאָר 2008, צו צעטיילן צווישן 120 טויזנט "איבערלעבערס". דאָס באַטרעפֿט טויזנט שקלים אַ יאָר פֿאַר יעדן איינעם, ד"ה צו 83 שקלים אַ חודש... נאָך 400 מיליאָן וועלן צוגעטיילט ווערן אין די ווײַטערדיקע יאָרן, ביז 2011, קרובֿ 70 יאָר נאָכן חורבן...

אַ היגער פּובליציסט האָט אין זײַן אַרטיקל אין "הארץ" באַצייכנט דעם דאָזיקן בזיונדיקן פֿאָרשלאָג וועגן די 83 שקלים ווי "דער 83־סטער שמיץ" – אויפֿן נאָמען פֿון די 81 שמיץ, וואָס עס האָט באַקומען פֿון די דײַטשן אַלס ייִנגל דער הײַנטיקער פּאָליציי־אָפֿיציר (אין עמעריטור) י. גלבוע, וועלכער האָט געפֿאָרשט אײַכמאַנען און האָט עס דערציילט אין זײַן עדות־זאָגן אויף דעם אײַכמאַן־משפּט... אָלמערטס פֿאָרשלאָג האָט אויף אַ ביז גאָר בולטן אופֿן אָפּגעשפּיגלט די גרינגשעצנדיק־באַליידיקנדיקע באַציִונג פֿון דער מדינה צו דער שארית הפּליטה. ער האָט אויך דעמאָנסטרירט די טעמפּע געפֿיללאָזיקייט פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער, און ס'איז אַוודאי קיין וווּנדער נישט, וואָס די "איבערלעבערס"

האָבן צאָרנדיק אָפּגעוואָרפֿן דעם דערנידערנדיקן פֿאָרשלאָג פֿון דער רעגירונג.

די אָנפֿירונג פֿון די פֿאַרשיידענע פֿאַרבאַנדן פֿון דער שארית הפליטה האָבן גלײַך צוזאַמענגערופֿן אַן אויסנאַם־זיצונג פֿון די פֿאַרבאַנדן, וועלכע האָט, ווי אַן ענטפֿער אויף דעם מלוכישן בזיון באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן הײַנטיקע וואָך דעם "מאַרש פֿון די נאָך לעבנדיקע" מיט זייערע קינדער און אייניקלעך. דער אָפּרוף איז געווען אַ ספּאָנטאַנישער, ביז גאָר אײַנדרוקספֿול, און זײַן אָפּקלאַנג איז געווען אַ קאָלאָסאַלער.

דאָס איז געווען אַ מאַרש פֿון געצוימטן צאָרן און אומגעצוימטער ביטערניש, אָן געשרייען, אָבער מיט אַ סך ווירדע.

דער צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז נאָכמיטאָג דעם זעלבן טאָג פֿון אָט דער אַסיפֿה זאָל אין אַן אַנדער אָרט אין תּל־אָבֿיבֿ פֿאָרקומען אַן אַנדער צוזאַמענקום פֿון דער שארית הפליטה – אַ צוזאַמענקום פֿון די, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט דעם וואָגל־וואַנדער מיט דער פּליטים־שיף "עקזאָדוס", אָפּצייכענענדיק 60 יאָר פֿון דער העראָיִש־טראַגישער עפּאָפּייע.

די באַציִונג פֿון דער מדינה צו די שארית הפליטה פֿון דער חורבֿער אייראָפּע איז אַלעמאָל, אין משך פֿון די זעכציק יאָר, געווען אַ סעלעקטיווע. די עפּאָפּייע פֿון "עקזאָדוס" איז געוואָרן אויסגענוצט פֿאַר דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע אויף דער וועלט – אָבער די שארית הפליטה (חוץ די געקומענע פֿון דעם צעפֿאַלענעם ראַטנפֿאַרבאַנד) זענען קיינמאָל נישט געווען קיין ווירקנדיקער פּאָליטישער כּוח, זיי האָבן נישט געהאַט קיין סעקטאָריאַלע פּאַרטרעטערשאַפֿט אין דער כּנסת און קיין שום פּאָליטישע פּאַרטיי האָט זיך פֿאַר זיי נישט אָנגענומען, זיך נישט געקימערט איבער זייערע ספּעציפֿישע נויטן חוץ געציילטע יחידים, ווי למשל די כּנסת־דעפּוטאַטין קאָלעט אַבֿיטַל אין די לעצטע פּאָר יאָר) די קליינע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס קעגן דער סקאַנדאַליעזער גלײַכ־גילטיקייט פֿון דער רעגירונג צו די נויט־אַלאַרמען פֿון די צענדליקער טויזנטער לײַדנדיקע האָבן אָבער אַרויסגערופֿן אַ טיפֿע עמפּאַטיע בײַ דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג.

דער אָנגעזאָגטער מאַרש פֿון די נאָך לעבנדיקע – דרײַ און אַ האַלבן חדשים נאָך יענע צוויי דעמאָנסטראַציעס פֿונעם "יום השואה" – האָט אָבער געווירקט אויף דער רעגירונג, וועלכע האָט געוואָלט דעם מאַרש פֿאַרמײַדן, כּדי צו פֿאַרמײַדן אַ קאָמפּראָמיטירנדיקן אָפּקלאַנג אין

אויסלאַנד. אויף דער אינטערווענץ פֿון דעם מיניסטער רפֿי איתן, דעם אָנפֿירער פֿון דער פּענסיאָנערן־פּאַרטיי, האָט די רעגירונג איר פֿאָרשלאָג צוריקגעצויגן און עס זענען פֿאָרגעלייגט געוואָרן אַנדערע לייזונגען, דערונטער אַ נישט איינהייטלעכע פֿאַרגרעסערטע שטיצע לויט די מדרגות פֿון דער נויט – און די נײַע פֿאָרשלאָגן האָבן געדאַרפֿט באַטראַכט ווערן אויף דער באַגעגעניש, וואָס אָלמערט האָט צוגעזאָגט אָפּצוהאַלטן מיט די אָנפֿירערס פֿון די שארית הפליטה דעם מיטוואָך – צומאָרגנס נאָכן שרײַבן די דאָזיקע שורות.

ווי געזאָגט, האָבן די רעגירונגען פֿון דער ייִדישער מדינה געשפּײַזט די קרבנות מיט פּוסטע רייד און מיט הבֿטחות, און זיי איבערגעלאָזט אין זייער נויט און ייִאוש. איצט וואַרטן זיי מיטן לעצטן געדולד אויפֿן צוריקקער פֿון זייער צוגערויבטער ווירדע. מיט נײַע האָפֿענונגען און – מיט נײַע אַנטוישונגען.

דעם חורבן האָבן זיי איבערגעלעבט – איצט ראַנגלען זיי זיך פֿאַר זייער איבערלעבן...

*פֿאָרווערטס*, **6־טער אויגוסט 2007**



י.ב.

## דער פּויפּסט בענעדיקטוס
## זוכט גאָט אין אוישוויץ...

בעת זײַן היסטאָרישן וויזיט אין פּוילן האָט דער פּויפּסט בענעדיקטוס – דער דײַטשישער יורש פֿון וואָיטולאַ, דעם פּוילישן פּויפּסט יאַן פּאַולוס דעם צווייטן, חוץ אייניקע זשעסטן פֿון סטערילער העפֿלעכקייט, נישט געבעטן קיין מחילה, ווי אַ זון פֿון דײַטשן פֿאָלק – נישט בײַ די פּאָליאַקן און נישט בײַ די ייִדישע קרבנות פֿון זײַנע מיטבירגער.

דאַקעגן האָט אָבער דער פּויפּסט בעת זײַן וויזיט אין אוישוויץ געהאַט דעם מוט און די זעלטענע העזה צו פֿרעגן בײַ זײַן אַלמעכטיקן באָס אין הימל – ווּ האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין דער צײַט ווען מ'האָט אין אוישוויץ געשאָכטן, פֿאַרגאַזט און געברענט זײַנע קינדער? – אַ שאלה, וואָס זײַנע ייִדישע שליחים, די רבנים, די דיינים און אַלע אַנדערע כּלי קודש וואַגן נישט, האָבן נישט דעם מוט אים, דעם אייבערשטן, צו פֿרעגן.

*לעבנס־פֿראַגן*, **מײַ־יוני 2006**

# פֿון נאָענטן אַמאָל

## *די קאַרמעליצקע גאַס*

איך האָב אויף דער קאַרמעליצקע גאַס נישט געוווינט. כ׳בין געבוירן געוואָרן נישט ווײַט פֿון דאָרט; מײַן מאַמע האָט מיך ״געהאַט״ אין קריסטלעכן שפּיטאָל פֿון דער הייליקער זאָפֿיע, אויפֿן עק נאָוואָליפּיע־גאַס און זשעלאַזנע, אָדער ״די אײַזערנע גאַס״, ווי ייִדן האָבן זי גערופֿן, און מײַנע פֿריִע קינדער־יאָרן האָב איך געוווינט אין דער דירעקטער שכנות, וואַנט־בײַ־וואַנט מיט מײַן געבורט־שפּיטאָל, אויף דער נאָוואָליפּיע נומער 69 אין וואַרשע.

מיט דער קאַרמעליצקע גאַס זענען אָבער געווען פֿאַרבונדן די מערסטע זכרונות פֿון מײַנע קינדער־יאָרן, אַזוי ווי עס זענען מיט איר פֿאַרבונדן די דערינערונגען פֿון דעם רובֿ ייִדן פֿון וואַרשע. דאָרט איז געווען, ווי מ׳זאָגט, מײַן צווייטע היים: מײַן שולע.

איך האָב מיט אַ געוויסער צײַט צוריק געזען אַ בילד, וואָס שטעלט פֿאָר די קאַרמעליצקע גאַס אין איר נײַער געשטאַלט. די דאַטע: 1954. גרויסע ליכטיקע הײַזער־בלאָקן אַרומגערינגלט מיט סקווערן און קליינע גערטנדלעך, אין וועלכע עס שפּילן זיך זאָרגלאָז קליינע קינדער. אונטערן בילד, וואָס איז געווען אָפּגע־דרוקט אין אַ פּוילישן אילוסטרירטן זשורנאַל, איז געווען אונטער־געשריבן: ״די נײַע ווױנונגס־קאָלאָניע פֿאַר פּוילישע אַרבעטער, ׳נײַ־מוראַנאָוו׳. קאַרמעליצקע גאַס אין וואַרשע״.

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב די אמתדיקע קאַרמעליצקע גאַס אויף דעם בילד נישט געפֿונען. איך האָב זי אָבער געפֿונען אין די אַלטע פֿונדאַמענטן פֿון די נײַע הײַזער, וואָס אויפֿן בילד. ווײַל, ווען דו קוקסט זיך צו צום בילד גאָר אויפֿמערקזאַם – און עס איז דאָך שווער אָפּצורײַסן פֿון אים דעם בליק – דערזעסטו, אַז די הײַזער שטייען נישט אויפֿן געווײנטלעכן באָדן. צו יעדן הויז זענען פֿאַר־וואָרפֿן בריקלעך מיט אַ סך טרעפּ אַרויפֿצוקלעטערן. אונטער די

בריקלעך און אונטער די טרעפּ ליגט די אַלטע, די אמתדיקע קאַרמעליצקע גאַס, און צוזאַמען מיט איר ליגט באַגראָבן די גאַנצע ייִדישע וואַרשע מיט איר לעבן און שטערבן, מיט איר קולטור און שטייגער, מיט איר קאַמף און אומקום.

מיט איניקע יאָר צוריק, ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט פֿון מײַן פּליטים־גלות צו די חורבֿות פֿון מײַן געבורט־שטאָט, האָב איך געקלעטערט איבער דעם באַרג ציגל און שטיינער פֿון דער גאַס, וואָס האָט אַמאָל געהייסן קאַרמעליצקע: אויפֿן נאָמען פֿון דעם קאַרמעליטן־קלויסטער, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן עק פֿון דער קאַרמעליצקע און דער לעשנאָ־גאַס, ווי דער איינציקער גאַנץ געבליבענער זכר פֿון אָט דער חרובֿ־געוואָרענער פּוילישער כּרמל־אָדער קאַרמעליטן־גאַס... איך האָב די גאַס געפֿונען לויטן אַלטן שילדל, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט צו אַן אויסגעקרומטן לאַמטערן – איינער פֿון די גאַז־לאַמטערנס, וואָס מ׳פֿלעגט זיי אַמאָל אָנצינדן אין די אָוונטן מיט דער הילף פֿון לאַנגע שטעקנס און זיי פֿלעגן צולײַכטן די פֿאַרבײַגייערס און די שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך אין גאַס. די זעקס־קאַנטיקע גלעזערנע קעסטעלעך מיט די קאָנוס־אַרטיקע שפּיצן האָבן געוואָרפֿן זייער בלאַסע, ווײַס־גרין־געלבלעכע שײַן אויף די ברייטע טראָטואַרן, וואָס פֿלעגן זיך אָנפּילן מיט אָן אַ שיעור מענטשן צום אָוונטיקן גאַסן־האַרמידער.

איינזאַם און אויסגעקרומט איז איצט געשטאַנען דער דאָזיקער איינציקער לאַמטערן, ווי אַן אָרעמע מצבֿה, מיט אַ שילדל, וואָס האָט דערציילט אָן ווערטער, אַז דאָ האָט געלעבט און איז געשטאָרבן די קאַרמעליצקע גאַס.

דאָרט האָב איך געקלעטערט, צוזאַמען מיט מײַנעם אַן אָפּגע־פֿונענעם שול־חבֿר, און מיר האָבן ביידע דאָרט געזוכט אונדזער קינדהייט. מיר האָבן זי געפֿונען נעבן דער לאַמטערן־מצבֿה, אויפֿן הויכן באַרג חורבֿות, אויפֿן סאַמע עק פֿון דער גאַס.

דאָס איז געווען דאָס אָרט, וווּ עס איז געשטאַנען מײַן שולע. די ייִדיש־וועלטלעכע פֿאָלקס־שול אויפֿן נאָמען פֿון בראָניסלאַוו גראָסער אויף קאַרמעליצקע נײַן און צוואַנציק. אַמאָל איז דאָס געווען דאָס לעצטע הויז פֿון דער גאַס. פֿון דאָרט האָבן שמאָלע סטעזשקעס צווישן די רויִנען־בערג איצט געפֿירט צו די אָרעמע גאַסן פֿון דער אַרבעטער־געגנט – דזשעלנע, דאָס טורמע־געסל

(״וויעוזשעננע״) און צום ״פּאַוויאַק״ אויף דער פּאַווע־גאַס, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ לאַנגע מויער, הינטער וועלכער עס זענען געווען פֿאַרשפּאַרט אַרעסטאַנטן אין דעם ״פּאַוויאַק״, ווי מען האָט אָנגערופֿן די טורמע אויפֿן נאָמען פֿון דער גאַס.

קיין גאָלדענע פּאַווע איז דאָס נישט געווען. דאָ איז אַלעמאָל געווען טונקל. די הײַזער פֿון דער פּאַראַלעלער דזשעלנע גאַס האָבן קוים צוגעלאָזט אַ שטיקל זון. פֿון אונטן, פֿון דער גאַס, פֿלעגט דורך די פֿענצטער פֿון די קלאַסן־צימערן זיך דערטראָגן צו אונדזערע אויערן דער טומל און דאָס קלינגערײַ פֿון די טראַמווײַען און ״דראָזשקעס״. אין די פּויזעס צווישן די לעקציעס פֿלעגן די בליקן אונדזערע זײַן געווענדט צו די קעגנאיבערדיקע הײַזער, וואָס האָבן פֿאַרשטעלט פֿאַר אונדז די זון און דעם האָריזאָנט. פֿון דעם פֿענצטער, וואָס האָט אַרויסגעבליקט אויפֿן דורכגאַנגס־הויף פֿון דער קאַרמעליצקע 29 און דזשעלנע 15, פֿלעגן אונדזערע בליקן זיך טרעפֿן מיט די בליקן פֿון די קינדער פֿון דער העברעיִשער קאַפּלאַן־שול. זייערע פּנימלעך זענען געווען פֿעטינקע, אויסגע־צערטלטע – מיר פֿלעגן זיי רופֿן ״קאַפּלאַניאַקעס״, ״בורזשויען״; און זיי האָבן אונדז געוויזן זייערע ווייכע פּויסטלעך און געשריִען צו אונדז אויף פּויליש: ״בונדאָווצי, פּענטאַקי!״...

און איצט זענען די צעברעקלטע ציגל פֿון ביידע שולן געלעגן אויסגעמישט צוזאַמען אין איין שטומער חורבֿה.

אין אָט דער חורבֿה זענען געבליבן באַגראָבן מײַנע דערי־נערונגען פֿון אַ זיבן יאָר. די אַסימילאַטאָרישע ״קאַפּלאַניאַקעס״ און די בונדישע ״סקיפּיסטן״, די קאָמוניסטישע פּיאָנערן, די לינק־פּועלי־ציוניסטישע ״יונגבאָריסטן״ און די רעכט־פּועלי־ציוניסטי־שע חלוצים, וואָס האָבן געהאַט זייער קלוב אין זעלבן בנין אויפֿן דריטן שטאָק, איבער מײַן ״גראָסער־שולע״. באַגראָבן זענען דאָ געלעגן די לעקציעס פֿון געשיכטע און פֿון יידישער ליטעראַטור, די סאָציאַליסטישע רעפֿעראַטן און די ציוניסטישע טרוימען. אַ געמיש פֿון אידעען, פֿון קינדעריש געלעכטער און זאָרגלאָזיקייט, צוזאַמען מיט היימישע דאגות און מיט דער דערציִונג וועגן שענערע וועלטן, וועגן מענטשלעכקייט און וועגן גבֿורה.

יאָ, וועגן גבֿורה – ווײַל פֿון דער־אָ שולע זענען דאָך אַרויס־געקומען. וועלוול ראָזאָווסקי און זײַן ברודער לייבעלע פֿון מײַן קלאַס, די לאה שיפּמאַנס, די וועלוול ראָזנשטיינס, סטאַשעק

ברילאַנשטיין, די ברידער בלאָנעס און די דאַווידאָוויטשעס און נאָך און נאָך – אַזוי פּיל, אַזוי פּיל פֿון די, וואָס האָבן אין דעם געטאָ־אויפֿשטאַנד מיט זייערע קליינע שוואַכע גופֿים געקעמפֿט פֿאַרן כּבֿוד פֿון אַזאַ גרויס פֿאָלק! פֿון אָט דער שולע זענען אויך אַרויסגעוואַקסן די געטאָ־קעמפֿער, וועלכע לעבן צווישן אונדז און אין אויסלאַנד, אַזעלכע ווי מאַרעק עדעלמאַן, פֿייגעלע פּעלטעל ("וולאַדקע"), מאַשע גלײַטמאַן א"אַנד.

אַ הויפֿן שטיינער און ציגל – אַ זכר פֿון אַ העלדישער עפּאָפּעע. דער דאַרער, אײַנגעבויגענער לאַמטערן – אַ שטומער עדות פֿון דער מאַקאַברישער דראַמע פֿון דער פֿאַרטיליקונג, אַן אויסגע־קרומטער פֿון די פֿײַער־פֿלאַמען, פֿון די שׂריפֿות, וואָס האָבן פֿאַרצוקט דעם ברענענדיקן געטאָ – דער דאָזיקער אַלטער, שטומער עדות איז פֿאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן מצבֿה־שילדל פֿון דער גאַס. אויף זייערע חורבֿות איז אויסגעוואַקסן דער נײַער מוראַנאָוו – די נײַע גרויסע וווינונגס־בלאָקן מיט קליינע גערטנדלעך און סקווערן אַרום די הײַזער.

*

איך קוק אויפֿן בילד און פּרוביר עס פֿאַרגלײַכן געאָגראַפֿיש מיט דער אַלטער קאַרמעליצקע גאַס. עס וועט נישט זײַן איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז די שמאָלע קאַרמעליצקע גאַס איז סײַ געאָגראַפֿיש און סײַ געזעלשאַפֿטלעך געווען דאָס צענטראַלע געסל פֿון ייִדישן וואַרשע. עס זענען דאָך געווען גרעסערע, ברייטערע, שענערע און מער לעבעדיקע גאַסן אין ייִדישן חלק פֿון דער שטאָט – די סוחרישע נאַלעווקעס, די זאַמענהאָף, די פֿראַנציסקאַנער, גענשע, די האָרעפּאַשנע סמאָטשע, די אָרעמע וואָלינסקע, די בכּבֿודיקע טלאָמאַצקע מיטן ייִדישן שרײַבער־פֿאַראיין און מיט דער "דײַטשער סינאַגאָגע" – און בכלל, אויף וועלכער ייִדישער גאַס האָט עס דען נישט געקאָכט מיט לעבן, מיט הו־האַ און געפּילדער?

דאָך האָט די קאַרמעליצקע גאַס געטראָגן אַ ספּעציפֿישן, און טאַקע אַ צענטראַלן כאַראַקטער – ווי אַ צענטראַל שרײַפֿל אין אַ קאָמפּליצירטן מעכאַניזם.

געאָגראַפֿיש – ווײַל אַלע וועגן האָבן געפֿירט דורך קאַרמע־ליצקע. האָט מען געוואָלט גיין פֿון די אַרבעטער־גאַסן צום קראַשינסקי־גאָרטן "כאַפּן אַ ביסל לופֿט" און זיך אויסרוען, אָדער זענען קינדער געלאָפֿן אַהין זיך שפּילן – האָט מען געמוזט פֿאַר־

בײַגײַין די קאַרמעליצקע גאַס. דורך אָט דעם קלײנעם געסל האָבן זיך פֿאַראַלעל אַדורכגעשניטן די נאָװאָליפּקי און די נאָװאָליפּיע. דאָ האָט זיך אָנגעהױבן דאָס שטילע מילנע געסל, װאָס האָט געפֿירט צום פּראָלעטאַרישן פּלעצל אױפֿן „פּזשעיאַזד", װוּ עס פֿלעגן זיך פֿאַרזאַמלען די אַרבעטער אױף מיטינגען און דעמאָנס־טראַציעס פֿון ערשטן מײַ. דורך דער קאַרמעליצקע גאַס פֿלעגן פֿאַרבײַפֿאָרן די פּאָליציײיִשע „קעטשלעך", װאָס פֿלעגן װערן אַלאַרמירט אין פֿאַל פֿון „מאַסױװקעס" און גאַסן־צונױפֿשטױסן. דאָ, אױף די קרײצונגען פֿון דער קאַרמעליצקע האָבן זיך געזאַמלט די ייִדישע „דאָראָזשקעס" און „טאַקסױװקעס".

דאָס שמאָלע קאַרמעליצקע געסל איז געװען אַ מין קאָרידאָרל, דורך װעלכן דער טראַמװײַ פֿלעגט אַרײַנפֿאָרן פֿון דער דרױסנ־דיקער גױיִשער װעלט און זיך אַרײַנשלענגלען מיט געקלאַנג און מיט רעש אין די ייִדישע גאַסן אַרײַן. און דאָס זעלבע קאָרידאָרל האָט, פֿון דער אַנדערער זײַט, אַרױסגעפֿירט די ייִדישע יוגנט צו דער לעשנאָ גאַס, װוּ חבֿרה פֿלעגן אָפּעטעמען אַ ביסל פֿרײַער און שפּאַצירן אין די אָװנטן פֿאַרלעכװײַז אױפֿן ברײטן טראָטואַר, דעם אַזױגערופֿענעם „דעפּטאַק" אױפֿן אָפּשניט צװישן דעם קאַרמעלי־טישן קלױסטער און דעם עװאַנגעלישן.

דאָ, האָט זיך געדאַכט, עפֿנט זיך די ברײטע װעלט. מען איז פֿון דאַנען נישט געלאָפֿן אין די גױיִשע גאַסן – עס האָט די יונגע חבֿרה געצױגן צו דער כּמעט אײנציקער ייִדישער געמיטלעכער גאַס, װוּ עס איז געװען אַ גרױסע, מאָדערן אײַנגעאָרדנטע ייִדישע ביבליאָ־טעק (די „גראָסער־ביבליאָטעק" מיט אירע בערך פֿופֿציק טױזנט ביכער), די ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציע און... דער „גערטנער־רעסטאָראַן", װוּ עס פֿלעגט זיך פֿאַרזאַמלען אַ טײל פֿון דער ייִדישער באָהעמע און אינטעליגענץ. אַהין האָט געאָגראַפֿיש געפֿירט דורך דער קאַרמעליצקע גאַס.

און אױך געזעלשאַפֿטלעך איז זי געװען אַ צענטראַלע גאַס. זי האָט געפֿירט צו פּאַרטײיִשע לאָקאַלן און קלובן, צו צײַטונגס־רעדאַקציעס און שולן. הגם גאַנץ קלײן און נישט זײער רױשיק איז געװען די דאָזיקע גאַס, האָט זי דאָך געהאַט גענוג פּלאַץ פֿאַר אַלע פּאַרטײען. דאָ האָט געהאַט זײַן אָרט דער לאָקאַל פֿון די לינקע פּועלי־ציון (אױף קאַרמעליצקע 23) און די בונדישע „גראָסער־שול", די חלוצים פֿון די רעכטע פּועלי־ציון און די „אַגודה". דאָ

האָבן אויך געוווינט אַ סך "פֿיגורן" פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ.

די ייִדישע אינטעליגענץ האָט זיך באַזונדערס געזאַמלט האַרט אַרום דער דאָזיקער גאַס. דאַ האָט געוווינט יאָשקע ליפֿשיץ, דער פֿאָטער פֿון די צווילינג־שוועסטער זאָשקע און פֿאָלע (אונטער די חורבֿות פֿון זייער הויף אויף קאַרמעליצקע 6 איז געווען באַגראָבן אַ טייל פֿון דעם בונדישן געטאָ־אַרכיוו), און אויף דער זעלבער גאַס האָט געוווינט דער מיטגליד פֿונעם וואַרשעווער קאָמיטעט פֿון פּועלי־ציון, סעגאַל, וואָס זײַן זון, שמואליק, אַ שילער פֿון דער באָראָכאָוו־שול, האָט געטיילט מיט מיר די הילצערנע "שלאָף־נאַרע" אין דעם לאַגער־באַראַק אין ווײַטן סאָוויעטישן צפֿון, אין דער געגנט פֿון וואָרקוטאַ; דערנעבן, אויף נאָוואָליפּיע 26, האָט געלעבט דער העלדישער אַרטור זיגעלבוים מיט זײַן משפּחה. זײַן טאָכטער רבֿקהלע האָט געלערנט אין אונדזער שול, אין מײַן קלאַס. ח.ש. קאַזדאַן, איינער פֿון די הויפּט־זײַלן פֿון דעם ייִדיש־וועלטלעכן שולוועזן, האָט געוווינט קעגנאיבער, אויף דער אַנדערער זײַט נאָוואָליפּיע.

נישט ווײַט פֿון דאָרט, אויף דער רויִקער נאָוואָליפּקי־גאַס נעבן דעם קלויסטער האָט געוווינט דער דיכטער מלך ראַוויטש מיט זײַן משפּחה. זײַן זון, דער קינסטלער יאָסל בערגנער, איז געווען אַ שילער אין דער זעלבער "גראָסער־שול" אויף קאַרמעליצקע 29, אין איין קלאַס מיט מײַן אומגעקומענעם, מיט צוויי יאָר עלטערן ברודער אַבֿרהמל.

און די *פֿאָלקסצײַטונג*, און דער *וואַרשעווער עקספּרעס* האָבן דאָך אויך געהאַט זייערע רעדאַקציעס און דרוקערײַען אָט־דאָ, האַרט נעבן דער קאַרמעליצקע גאַס. דערנעבן אין דעם שמאָלן שטילן מילנע געסל, וואָס האָט זיך אַוועקגעשלענגלט פֿון הינטער דעם וואַנגעלישן קלויסטער, וואָס זײַן פֿראָנט איז געווען אויף דער ברייטער לעשנאָ גאַס – האָט געוווינט מײַן שול־חבֿר אַבראַשאַ, דער זון פֿון דעם טעאַטער־אַקטיאָר אײַזיק ראָטמאַן.

ווער, ווער איז דען בכּוח זיי אַלעמען אויסצורעכענען? – אַ וועלט אַ גאַנצע, אַ מעכטיקע שפּרודלדיקע שעפֿערישע וועלט, אין אָט דעם קליינעם, שמאָלן געסל. מיט אַזוי פֿיל פֿאַרב, אַזוי פֿיל קלאַנג!

מישן זיך מיר איצט אין מײַן דמיון די פֿאַרבן און די קלאַנגען פֿון דער קאַרמעליצקע גאַס, ווען איך קוק זיך צו צו דעם בילדל פֿון

אָט דעם ״נײַעם וואַרשע״ מיט דער נײַער ווױנונגס־קאָלאָניע, אונטער וועלכער עס ליגט באַגראָבן מײַן וועלט, מײַן פֿאַר־גאַנגענהייט, צוזאַמען מיטן געוויסן פֿון דער נײַער וועלט, וואָס בויט זיך אויף אירע חורבֿות.

מײַן קאַרמעליצקע גאַס איז שוין מער נישטאָ. אויך נישט דער אויסגעקרומטער אײַזערנער לאַמטערן מיטן מצבֿה־שילדל פֿון מײַן באַגראָבענער גאַס, ווי אַ קבֿר פֿון מײַן באַגראָבענעם אַמאָל...

*לעצטע נײַעס*, **29־סטער אַפּריל 1955**



צוויי אַביטוריענטן פֿון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול אויפֿן נאָמען פֿון בראָניסלאַוו גראָסער – פּיניע רינגעלבלום און יצחק לודען – אויף די חורבֿות פֿון דעם בנין אויף קאַרמעליצקע 29 אין וואַרשע.

# די פּעדאַגאָגישע באַלאַדע

## דאָס קינדערלאַנד – דער פֿאַרשניטענער חלום

וואָס מער מיר דערווײַטערן זיך פֿון יענע "זיסע קינדעריאָרן" און פֿון יענע פֿינצטער־גרויליקע יאָרן נאָך זיי, ווען די וועלט האָט זיך פֿאַר אונדז צוזאַמענגעבראָכן און האָט באַגראָבן אונטער זיך אונדזער קינדהייט און אונדזער גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט – אַלץ מער דערנענטערן מיר זיך און קערן זיך אום צוריק צו זיי אין אונדזער שווער באַלאַדענעם זכּרון, אין אונדזער אַלץ מער און מער פֿאַרפּײַניקטן נסיון און באַוווּסטזײַן. דער לוח, וועלכן מיר באַנײַען יעדעס יאָר אין די דאָזיקע טעג פֿאַר ראָש השנה, איז פֿול מיט געדענק־טעג – יעדער טאָג איז דאָך בײַ אונדז אַ יאָרטאָג.





אויך צו דער געשיכטע דאַרף מען האָבן מזל. אַ סך מזל.

אויף איר ריזיקן בית־עולם ליגן באַגראָבן אומצאָליקע מענטשלעכע דראַמעס. צוזאַמען מיט זייערע העלדן זענען זיי באַגראָבן געוואָרן אין דעם ריזיקן ברודער־קבֿר פֿון דעם ייִדישן חורבן און פֿון דער פֿאַרגעסנקייט. פֿון צײַט צו צײַט טויכט־אויף פֿונעם קבֿר אַרויס איינע פֿון די געשיכטעס פֿון מאַרטירערטום און פֿון העלדישקייט, אָדער פֿון סתּם איבערמענטשלעכער מענטשלעכקייט. פֿון צײַט צו צײַט בליצט־אויף פֿון דער טיפֿער פֿינצטערניש

אַ שטראַל פֿון דערהויבענע מעשׂים, פֿון הערלעכע נסיונות, פֿון שיינע חלומות און האָפֿענונגען, וואָס זענען אַבזוריותדיק פֿאַרשניטן געוואָרן דורך דער ברוטאַלער האַנט פֿון אוממענטשן – מאָנסטערס.

דער קאַלענדאַר אויף דער וואַנט, צי אויפֿן טיש, צוזאַמען מיט די יום־טובֿים, און אַפֿילו מיט די טעג פֿון שׂימחות, איז פֿאַר יעדן איינעם פֿון אונדז די שארית הפליטה פֿון דער חורבֿ געוואָרענער ייִדישער וועלט, אַ בית־עולם אַ גאַנצער פֿון "די נעבטיקע טעג", פֿון די פֿאַרשניטענע נאָענטע נשמות און פֿון די אייגענע פֿאַרלוירענע הנאָות און נחתן. יעדע דאַטע אויפֿן לוח – אַ מצבֿה נאָך אָט דעם אַלעמען, וואָס איז געוואָרן חרובֿ.

דעם 23־סטן אויגוסט 1942 האָבן די דײַטש־נאַצישע האָרדעס פֿאַרניכטעט איינעם פֿון די שענסטע אויפֿטוען אין ייִדישן לעבן אין פּוילן: יענעם טאָג האָבן די נאַצישע מערדער ליקווידירט די איינציק־אַרטיקע קינדער־רעפּובליק – די מעדעם־סאַנאַטאָריע נעבן וואַרשע, און אָפּגע־שיקט מיטן טויט־טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע אירע קינדער צוזאַמען מיטן דערציִערישן, מעדיצינישן און באַדינערישן פּערסאָנאַל פֿון אָט דעם וווּנדערלעכן מוסטער־אַנשטאַלט.

אַן ענלעכע געשיכטע וועגן אַ קינדער־אַנשטאַלט און זײַן פֿאַר־וואַלטער, וואָס האָט נישט געוואָלט זיך שיידן פֿון די קינדער און איז מיטגעגאַנגען מיט זיי אויפֿן וועג צום טויט, איז גוט באַקאַנט אויף דער וועלט: דאָס איז די געשיכטע פֿון יאַנוש קאָרטשאַק און זײַן יתומים־הויז אין וואַרשע, וואָס איז פֿאַרטיליקט געוואָרן אין די זעלבע טעג בעת דער "גרויסער אַקציע" אין אויגוסט 1942. דער פֿאַל מיט יאַנוש קאָרטשאַקן האָט באַקומען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אויף דער וועלט, און צענדליקער "קאָרטשאַק־קאָמיטעטן" זענען נאָך דער מלחמה אויפֿגע־קומען אין פֿאַרשיידענע לענדער – צווישן זיי אין ישׂראל, אין אַמעריקע און אין פּוילן – צו פֿאַראייביקן זײַן אָנדענק און צו לערנען פֿון זײַן העלדישער האַלטונג. אפֿשר אין זכות פֿון זײַן ספּעציפֿישקייט ווי אַן איינצלפֿאַל, אַזוי ווי דער פֿאַל פֿון אַננאַ פֿראַנק. טראַגעדיעס אָדער העלדישקייטן פֿון יחידים ווירקן געוויינלעך שטאַרקער ווי קאָלעקטיווע טראַגעדיעס, וואָס ווערן געמאָסטן און געשילדערט מיט דער דימענסיע פֿון ציפֿערן, ווי גרויס זיי זאָלן נישט זײַן.

אין פֿאַל פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע איז מיט די קינדער מיטגע־גאַנגען אַ טייל פֿון דעם דערציִונגס־ און באַדינונגס־פּערסאָנאַל. זייער לעצטער וועג, דער וועג צום טויט אין די גאַז־קאַמערן פֿון טרעבלינקע,

איז למעשׂה געווען דער זעלבער ווי דער פֿון יאַנוש קאָרטשאַק און פֿון זײַנע קינדער, די יתומים. אויך די העלדישקייט און דער גורל פֿון די דערוואַקסענע, וואָס האָבן די קינדער פֿון ביידע אַנשטאַלטן באַגלייט אויף זייער לעצטן וועג, איז געווען דער זעלבער – כאָטש דער פֿון יאַנוש קאָרטשאַק איז געוואָרן וועלט־באַרימט, אין דער צײַט ווען דער טראַגישער סוף פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע איז ווי געוואָרן פֿאַרגעסן.

עס איז אָבער געווען אַ וועזנטלעכער אונטערשייד צווישן די צוויי קינדער־אַנשטאַלטן – אַן אונטערשייד אין זייער כאַראַקטער און אין זייער באַשטימונג. כאָטש ביידע קרבנות פֿון דעם זעלבן יידישן גורל, האָבן זיי אָבער געהערט צו צוויי אַנדערע ווינקלען פֿון דער פֿאַרבנ־רײַכער מאָזאַיִק פֿונעם ייִדישן לעבן אין פּוילן. יאַנוש קאָרטשאַק אַליין – אַ גרויסער דערציִער, אַ שרײַבער פֿון מעשׂהלעך פֿאַר קינדער – איז געקומען פֿון אַן אַסימילירטער משפּחה, וואָס האָט געלעבט מיט דער פּוילישער קולטור, און די אומגאַנגס־שפּראַך אין זײַן יתומים־הויז איז געווען פּויליש; די מעדעם־סאַנאַטאָריע, דאַקעגן, איז געווען אַ היילונגס־ און דערציִונגס־אַנשטאַלט פֿאַר קינדער, לרובֿ קינדער פֿון אָרעמע היימען, און האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ מין ייִדישע קינדער־רעפּובליק, אַ מוסטער־אינדזעלע פֿון יושר און גלײַכ־הייט, מיט ייִדיש – אַ קולטיווירטן ייִדיש – ווי די אומגאַנג־שפּראַך פֿון דעם אַנשטאַלט: בפֿירוש אַ קליינער ייִדישער קינדער־גן־עדן.


וועכנטלעכע פֿאַרזאַמלונג פֿון דעם קינדער־פּאַרלאַמענט

די דאָזיקע ווער־טער קלינגען אפֿשר פּאַטעטיש און זעען אויס היפּשלעך איבערגעטריבן – איבער דער גרענעץ פֿון צו זײַן רעאַל. ווײַל – וואָס נאָך קען זײַן אַזוי שלמותדיק ווי דער גן־עדן? יעדע זומער־קאָלאָניע, יעדער קאָלעק־טיוור פֿאַרברענג איז פֿאַר קינדער אַ מקור פֿון פֿרייד און פֿון עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען. דאָך האָט די מעדעם־סאַנאַטאָריע זיך אויסגעטיילט פֿון אַנדערע אַנשטאַלטן מיט איר עקסטרעמער אַנדערש־קייט, וואָס האָט זי דערהויבן צו אַן איינציק־אַרטיקער דערשײַנונג אין

ייִדישן לעבן, וואָס די קורצע צײַט פֿון איר עקזיסטענץ און דאָס גיהנום־פֿײַער פֿון אונדזער חורבן האָבן נישט באַוויזן עס צו דערקענען און ווי געהעריק צו דערשאַצן.

דאָס אַלץ פֿאַרמינערט נישט, חלילה, פֿון דער העלדישקייט פֿון יאַנוש קאָרטשאַק. פֿאַר אונדז, די חסידים פֿון ייִדיש, האָט אָבער די מעדעם־סאַנאַטאָריע דעם גאָר באַזונדערן באַדײַט ווי די איינציקע ייִדיש־וועלטלעכע קינדער־רעפּובליק, אין וועלכער דאָס לעבן האָט זיך געפֿירט אויף ייִדיש, ווי די "אָפֿיציעלע" און די אַבסאָלוט הערשנדיקע שפּראַך אויף אַלע געביטן פֿון דעם קינדערשן לעבן. יאָ, עס זענען געווען – אין פּוילן און אין ליטע, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און אפֿשר אויך אין אַנדערע לענדער – קינדער־קאָלאָניעס פֿון די ייִדישע שולן און זומער־לאַגערן פֿון די קינדער־ און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וווּ מ'האָט גערעדט ייִדיש און געזונגען ייִדישע לידער. זיי זענען אָבער נישט געווען, ווי די מעדעם־סאַנאַטאָריע, קיין סטאַבילע, גאַנציאָריקע אַנשטאַלטן.



**די עלטערע גרופּע קינדער אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע**
צווישן זיי – מאַרעק עדעלמאַן, יאָסל זיגעלבוים, צבֿיה וואַקס, האַנושע וואַסער, פֿייגעלע פעלטעל (וולאַדקע מיד), חנה קרישטאַל, רחלע מענדעלסאָן, לובע שאַפּיראָ א"אַנד. מאַנכע פֿון די דאָזיקע קינדער זײַנען געווען מוטיקע קעמפֿער אין וואַרשעווער געטאָ.

קורצווײַליק איז נאָר געווען איר עצם עקזיסטענץ, סך הכל פֿון 18־טן יאַנואָר 1926 ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן, ביז דעם 23־סטן אויגוסט 1942 ווען זי איז געוואָרן ליקווידירט און אויף אייביק פֿאַרטיליקט דורך דעם דײַטשישן מלאך המוות; מיט אַ קורצן איבעררײַס פֿון עטלעכע חדשים צווישן דער דײַטשישער אינוואַזיע אין סעפּטעמבער 1939 און דער ווידער־עפֿענונג אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע.

אָבער אין אָט דער קורצער צײַט פֿון איר עקזיסטענץ האָט די מעדעם־סאַנאַטאָריע, דורך אירע סאַמע מאָדערנסטע פּעדאַגאָגישע

מעטאָדן, באַשלייערט מיט העכסטער ליבשאַפֿט און טיפֿסטער איבערגעגעבנקייט פֿון דעם דערציִונגס־ און באַדינונגס־פּערסאָנאַל צום קינד, איינגעפֿלאַנצט אין אים דעם סם פֿון ליבע צום מענטש און די שענסטע מאָראַלישע ווערטן.

אויך דאָס קלינגט היינט, אין אונדזער צינישער וועלט, ווי "פֿאַרעלטערטע מליצה פֿון דער אָפּגעלעבטער אידעאָלאָגישער פּראַזעאָלגיע". עס איז שווער, אַפֿילו אוממעגלעך, אַריבערצופֿירן מיט דער הילף פֿון דער פֿעדער (און אַוודאי נישט פֿון דעם קאָמפּיוטער) שטאַרקע פּערזענלעכע געפֿילן און עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען, וואָס זענען געוויינטלעך פֿאַרשיידן און אַנדערש ביי יעדן יחיד. דער שרייבער פֿון אָט די שורות האָט זייער אַ סך אַדורכגעמאַכט אין זיין לעבן. איך בין אָבער גרייט צו פֿאַרזיכערן, אַז קיין שום איבערלעבונג האָט זיך נישט אַזוי טיף איינגעקריצט אין דער נשמה פֿון קינדער פֿון קליינוויז ביז זייערע "הויכע יאָרן", ווי די איבערלעבונג פֿון אַ חודש אָדער זעקס וואָכן אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. און דאָס האָט פֿאַר מיר באַשטעטיקט יעדער איינער אויף וועמען איך האָב זיך נאָר אָנגע־טראָפֿן, ווי אַזאַ וואָס האָט די זעלבע איבערלעבונג מיטגעמאַכט און טראָגט זי אין זיין זכּרון.

צווישן די דאָזיקע "עדות" איז געווען דער פֿאַרשטאָרבענער מיטאַרבעטער פֿון "פֿאָרווערטס" – דער לערער, שרייבער, רעדאַקטאָר און טרוימער יאָסל מלאָטעק, וועלכער האָט ווי אַ קינד אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע זיך אַרויסגעהויבן מיט זיין שעפֿערישן טאַלאַנט און איז אויסגעוואַקסן צו אַן אַקטיוון, און אין דער זעלבער צייט באַשיידענעם, מנהיג – ווערנדיק דאָרט ביי זיין יעדן אויפֿהאַלט אויסגעוויילט דורך די קינדער ווי דער מנהיג פֿון דעם קינדער־פּאַרלאַמענט, דהיינו, ווי דער פֿאָרזיצער פֿונעם קינדער־ראַט.

דאָס אויפֿקומען פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע צווישן וועלדער אין מיעדזעשין הינטער וואַרשע איז געווען אַ קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג, וואָס האָט פֿאַרלאַנגט אַ סך פֿאַנטאַזיע און אומגעוויינלעכע מיטלען. איר איניציאַטאָר איז געווען – דער בונדישער מנהיג וולאַדימיר מעדעם, *"די לעגענדע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג"*, ווי מען האָט אים באַקרוינט אין די אַרבעטער־קרייזן מחמת זיין פֿאַנטאַסטישער לעבנס־געשיכטע. ער האָט געטרוימט וועגן אַ סאַנאַטאָריע ווי אַ הייל־אַנשטאַלט פֿאַר טובערקולאָז־באַדראָטע און אָפּגעשוואַכטע יידישע קינדער פֿון דער שטאָטישער ענגשאַפֿט און נויט פֿון קורץ נאָך דער

ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז אָבער געשטאָרבן אין אַמעריקע בעת זײַן קאַמפּיין פֿאַר אָט דעם נאָך דאַן נישט עקזיסטירנדיקן אַנשטאַלט, אין יאָר 1923. זײַן טרוים איז געוואָרן פֿאַרווירקלעכט ערשט דרײַ יאָר נאָך זײַן טויט.

דער גרינדער און לעבעדיקער גײַסט פֿון דער סאַנאַטאָריע, וואָס איז אָנגערופֿן געוואָרן אויף מעדעמס נאָמען, איז געווען איר פֿאַרוואַלטער, דער קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער טוער און דערציִער שלמה גילינסקי, ווי דער פֿאָרשטייער פֿון דער צענטראַלער יִדישער שול־אָרגאַניזאַציע, בראָש פֿון וועלכער עס איז געשטאַנען שלמה מענדעלסאָן.

עס איז צו באַוווּנדערן ווי גיך עס האָט זיך אײַנגעגעבן די אָרגאַניזאַטאָרן אויפֿצושטעלן אַזאַ איבערגעגעבענעם מעדיצינישן און דערציִערישן באַדינונגס־אַפּאַראַט פֿאַר מער ווי הונדערט קינדער בײַם אָנהייב, און גיך צו פֿאַרגרעסערן זייער צאָל ביז 200 (אונטער דער דײַטשישער אָקופּאַציע נאָך מער), און ווי גיך צו פֿאַרוואַנדלען דעם שטח אין אַ מוסטער־אַנשטאַלט מיט פּרעכטיק געפֿלעגטע געבײַדעס און טעראַסעס, מיט אײַנריכטונגען, מיט גערטנער און אַלייען, מיט אַ וואַרעם־הויז פֿון טראָפּישע און אַנדערע געוויקסן, מיט אַ נאַטור־ווינקל, אַ ביאָלאָגישן מוזיי פֿון אויסגעשטאָפּטע חיות – טראָפּישע פֿייגל און פֿליִענדיקע פֿיש און אַנדערע באַשעפֿענישן, וואָס דער דיכטער מלך ראַוויטש האָט געבראַכט פֿון זײַנע אָפּטע רײַזעס איבער דער וועלט, מיט אַ מעטעאָראָלאָגישער סטאַציע און מיט אַלדאָס מעגלעכע, וואָס קען באַפֿרידיקן דעם נײַגער־אינסטינקט פֿון די קינדער.

און עס איז נאָך מער צו באַוווּנדערן דעם לעבעדיקן גײַסטיקן אינהאַלט, מיט וועלכן די אָנפֿירונג פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע האָט באַוויזן אין אָט דער קורצער צײַט אָנצופֿילן דעם טרוקענעם מאַטעריעלן אינווענטאַר. די גלאַנצנדיקע ציכטיקייט אין רעזולטאַט פֿון די שטרענגע סאַניטאַרע כּללים, די געוויילטע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג פֿון די קינדער, מיט די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע קאָמיסיעס אויף אַלע געביטן פֿון דער קינדערשער זעלבסט־טעטיקייט, דער ראָיִענדיקער בינשטאָק פֿון לעקציעס, פֿאָרשטעלונגען, שמועסן אויף דער טעראַסע, אויספֿלוגן, קאָנקורסן פֿון צוריכטן די בעטן, פֿון זויבערקייט, פֿון פֿאַרריכטן די בגדים, דאָס וואַשן זיך, דער פֿרימאָרגן־ראַדיאָ, וואָס פֿלעגט צוגעגרייט ווערן יעדן טאָג דורך אַ קינדער־רעדאַקציע און אַ קינד פֿלעגט לייענען יעדן אינדערפֿרי פֿאַרן פֿרישטיק, די "שטילע מינוט" און די קלאַוויר־מוזיק פֿאַרן עסן, דער וועטער־פּראָגנאָז פֿון דער אַ"ג "סאַנמעסט־קאָמיסיע"

(סאַנאַטאָריע־מעטעאָראָלאָגישע סטאַציע), די לידער און פּאַראַדיעס, וואָס די קינדער האָבן געשאַפֿן – און נאָך און נאָך, אַ רײַכע וועלט פֿון קינדערשער נאַיִווער אומשולד, מיט אויפֿוועקן און פֿלעגן די שענסטע קינדערשע געפֿילן און ווערטן, מיט נײַע נאָרמעס פֿון אויפֿפֿירונג, וואָס די קינדער פֿלעגן אַהיימנעמען מיט זיך נאָכן פֿאַרלאָזן – מיט טרערן און מיט בענקשאַפֿט – דעם קליינעם גן־עדן פֿון פֿרייד, גליק און האָפֿענונג.



ציַיכענונג: **יאָסל בערגנער**

די מעדעם־סאַנאַטאָריע איז געוואָרן אַ שם דבֿר ווי אַ מוסטער־אַנשטאַלט, וואָס איז געוואָרן געלויבט און אויסגעצייכנט דורך די פּוילישע און אינטערנאַציאָנאַלע פּעדאַגאָגישע אויטאָריטעטן. אַ טייל פֿון די קינדער זענען געשיקט געוואָרן אַהין דורך דער וואַרשעווער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג אויף היילונג, און אַ טייל זענען געשיקט געוואָרן פֿון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן פֿון וואַרשע, פֿון לאָדזש און פֿון אַנדערע ערטער – ווי אַ טייל פֿון דער דערציִערישער מעטאָדיק. זיי, די קינדער פֿון די ייִדיש־וועלטלעכע שולן, האָבן געבילדעט דעם קערן פֿאַר

דער יִידישער קולטור־אַטמאָספּער, וואָס האָט "אָנגעשטעקט" די אַנדערע קינדער, די וואָס זענען געקומען פֿון דער יִידישער גאַס און פֿון די פּוילישע מלוכישע פּובליק־שולן.

ווי געזאָגט – אַן אומפֿאַרגעסלעכע גן־עדן־איבערלעבונג פֿאַר יִידישע קינדער – אַ חלום אויף דער וואָר, וואָס איז אַזוי אַכזריותדיק פֿאַרצוקט געוואָרן לעבעדיקערהייט דורך דער חיה אין דער מאָנסטער־געשטאַלט, וואָס האָט געהאַט די העזה זיך אָנצורופֿן "מענטש" – און אים, דעם מענטש, אַזוי ברוטאַל צו פֿאַרשווענכן.

גרויסע יִידישע שרײַבער און דיכטער – י. י. טרונק, ה. לייוויק, משה בראָדערזאָן, דניאל טשאַרני, מאַני לייב, חיים לייב פֿוקס, מלך ראַוויטש, אַבֿרהם זאַק, לייב מאָרגענטוי א"אַנד – האָבן באַזונגען די מעדעם־סאַנאַטאָריע, די וווּנדער־שאַפֿונג פֿון יִידישן שולוועזן און פֿון דער יִידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, האָבן באַווײנט אירע דער־מאָרדעטע קינדער. זייערע הייליקע נשמהלעך שוועבן אַרום איבער אונדז און מאָנען מען זאָל זיי נישט פֿאַרגעסן. זיי פֿאַרלאַנגען פֿון אונדז – און עס קומט זיי – אַ בכּבֿודיקן מאָנומענט, אַ גאָלדן בלאַט אין דער יִידישער געשיכטע פֿון אונדזער צײַט און אין אונדזער זכּרון.

דער דיכטער אַבֿרהם זאַק האָט זײַן קלאָגליד נאָך די דאָזיקע קינדער פֿאַרענדיקט מיט די פֿאָלגנדיקע שורות:

...נשמהלעך ריינע  
פֿון קינדערלעך קליינע –  
עס טראָגט זייער יאָמער דער ווינט...  
האָט וועלט געטאָן שווערן  
בײַ הימל און שטערן:  
נקמה פֿאַר איטלעכן קינד! – –

19־טער אויגוסט 2002

## נאָטיצן פֿון וועג

# די שטאָט פֿון קאַנאַלן, בלומען און געשיכטע

ווו קען דען זוכן אין דער ברייטער וועלט אַ ייִד, וואָס קומט פֿון ישׂראל, ווו יעדער שטיין און יעדעס זאַמד־קערנדל איז אָנגעזאַפּט מיט פֿיל־טויזנטער־יאָריקער געשיכטע? ווער קאָן זיך דען גלייַכן דערמיט, למשל, צו אונדזער ירושלים?

און דאָך – אויב אַ גרויסער טייל פֿון אונדזער געשיכטע איז נאָך אַלץ באַגראָבן אונטערן באָדן, אויף וועלכן מיר טרעטן, ליגט אָבער די געשיכטע פֿון אַמסטערדאַם אויסגעלייגט אויף די פֿראָנטן פֿון די הײַזער און זי שייַנט מאַיעסטעטיש אַראָפּ צו דיר פֿון די אומצאָליקע היסטאָרישע זעענסווערדיקייטן, מיט וועלכע עס איז פֿול די דאָזיקע פּראַכטפֿולע שטאָט.

אמת, קיין דרייַטויזנט־יאָריקע געשיכטע געפֿינען מיר נישט אין דעם "מאָקעם" (מקום), ווי די האָלענדער רופֿן זייער הויפּטשטאָט, אָבער די יונגע געשיכטע ווערט זאָרגפֿעלטיק אָפּגעהיט און באַשיצט קעגן דער צעשטערערישער נטיה פֿון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע און פֿון דער פֿאַרגעסנהייט. ליגט זי, די דאָזיקע געשיכטע, אויסגעלייגט לענג־אויס די 60 קאַנאַלן, וואָס צעטיילן די שטאָט אויף 90 אינדזלעך, און זי זיצט אויף די 483 בריקן, וואָס פֿאַרבינדן די אינדזעלעך און די גאַסן פֿון דער שטאָט.

זי קוקט אַראָפּ צו אונדז, די געשיכטע, פֿון די דרייַעקיקע אָרנאַמענ־טירטע פֿאַסאַדן און דעכער איבער די שמאָלע הײַזער מיט די ווײַסע פֿענצטער־ראַמען, פֿון די ווונדערבאַרע שטאָטישע טורעמס פֿון 17־טן יאָרהונדערט, מיט די אַלטע זייגערס, וועלכע קלינגען אויס יעדע שעה און אַנדערע מעלאָדיעס און אונטער וועלכע עס זענען אויפֿגעשריבן די

דאַטעס ווען די טורעמס זענען געבויט געוואָרן: 1620 אָדער 1632, און דאָס גלײַכן. איינער פֿון די דאָזיקע אַלטע טורעמס געפֿינט זיך אויפֿן "מונטפלעין" – דעם פּלאַץ פֿון דער מלוכישער מינצערײַ, ווו מ'פֿלעגט אַמאָל אויסגיסן די האָלענדישע מטבעות. פֿון אָט דעם טורעם טראָגן זיך פֿונאַנדער יעדע פֿערטל שעה איבער דער שטאָט מיט אירע קאַנאַלן – די "ווענעציע פֿון צפֿון" – די קלאַנגען פֿון האָלענדישע פֿאָלקס־מאָטיוון, און זיי גיסן זיך צוזאַמען מיטן געקלאַנג פֿון די אייגנאַרטיקע שמאָלע טראַמווײַען, וואָס פֿאָרן אַרום איבער דער שטאָט.

## *אַ לאַנד פֿון קאָנטראַסטן*

האָלאַנד איז אַ לאַנד פֿון שטאַרקע קאָנטראַסטן, וועלכע לעבן אָבער צווישן זיך אין פֿרידלעכער קאָעקזיסטענץ. די 13 מיליאָן גוטמוטיקע, גאַסטפֿרײַנדלעכע האָלענדער לעבן אויף אַ שטח, וואָס באַטרעפֿט נאָר פּופּציק פּראָצענט מער ווי דער שטח פֿון ישׂראל פֿון פֿאַר דער זעקסטאָגיקער מלחמה. און היות עס איז זיי אַ ביסעלע ענג, קאָנצענטרירן זייער גאַנצע מי און ענערגיע אויף צו זוכן לעבנסרוים – אָבער נישט חלילה אין מלחמות מיט זייערע שכנים (מיט וועלכע זיי לעבן גאָר אין פֿרײַנדשאַפֿט), און נישט אויף אָפּצורײַסן פֿון זיי שטחים און טעריטאָריעס, ווי עס פֿלעגן טאָן זייערע דײַטשע שכנים, נאָר אויף אַרויסצורײַסן און אויסצוטריקענען שטיקער פֿון ים, כּדי זיי צו פֿאַר־וואַנדלען אין פֿרוכטבאַרן באָדן. דערבײַ איז דאָס אויך נישט, חלילה, קיין "אַגרעסיע" קעגן דעם ים: מיט זייער אומדערמידלעכער מי און מיט דער הילף פֿון די מעכטיקע שלוזן און דאַמבעס, וואָס זיי האָבן אויפֿגעשטעלט, האָבן זיי באַוויזן צוריק צו "באַפֿרײַען" דאָס רובֿ פֿון די שטחים, וואָס דער ים האָט געהאַט אָפּגעריסן פֿון האָלאַנד אין משך פֿון די לעצטע הונדערטער יאָרן. דער דאָזיקער שווערער געראַנגל האָט געשטאַלטיקט דעם כאַראַקטער פֿון די האָלענדער און זיי געמאַכט פֿאַר ערנסטע און פֿלײַסיקע מענטשן, וואָס עס פֿעלט זיי אפֿשר דער חוש פֿאַר הומאָר – אָבער זיי צייכענען זיך אויס מיט עקסטרעמער טאָלעראַנץ צו אַנדערש גלויביקע און צו אַנדערש דענקענדיקע.

דער דאָזיקער כאַראַקטער־שטריך האָט דאָס דערמעגלעכט די טאָלעראַנטע קאָעקזיסטענץ פֿון קאָנטראַסטן. די האָלענדער זענען פֿון איין זײַט באַקאַנט אַלס קאָנסערוואַטיווע, טיף גלויביקע מענטשן, וועלכע האָבן זיך קיין סך נישט געענדערט אין זייערע מינהגים, אין זייערע געוווינהייטן, אין זייער באַשפּײַזונג (שוין הונדערטער יאָרן עסן

זיי די טראַדיציאָנעלע אַרבעסזופּ...) און אין זייער אויסזען זינט עס האָבן זיי געשילדערט אויף זייערע בילדער די גרויסע קינסטלער ווערמער און וואַן דיק; און אין אַ ריי דערפֿער נעבן אַמסטערדאַם קליידן זיך נאָך די אײַנוווינער אַזוי ווי זיי זענען געשילדערט אין די בילדער פֿון מיט קרובֿ פֿיר הונדערט יאָר צוריק; און בײַ דער זײַט פֿון אָט דער קאָנסערוואַטיווער גאָטספּאַרכטיקייט געפֿינען מיר אין האָלאַנד די גרעסטע פֿרײַהייט פֿון זינד... אין דאָזיקן לאַנד זענען לעגאַל די קלובן פֿון האָמאָסעקסואַלן, לעזבישע ליבע ווערט רעקלאַמירט אין די צײַטונגען און אין די פֿענצטערס פֿון די הונדערטער לעגאַלע "סעקס־שאַפּס", ווו מען פֿאַרקויפֿט פֿרײַ די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע אויסטער־לישקייטן פֿון סעקסועלער פּערווערסיע. אין אַזעלכע "סעקס־געשעפֿטן" וואָס געפֿינען זיך אין די שענסטע גאַסן פֿון דער שטאָט, קענט איר זען אַרײַנגיין עלעגאַנט געקליידטע און קולטורעל־אויסזעענדיקע פּאָרפֿעל־קער, וועלכע קלײַבן זיך אויס און באַשטעלן פֿאַר זיך די סאַמע אויסטערלישסטע "סעקס־צודאַטן" – און קיינעם גייט עס נישט אָן, קיינעם אינטערעסירט נישט וואָס דער אַנדערער טוט, קיינער מאַכט נישט דעם אַנדערן קיין פֿאָרוווּרף. אַזוי איז עס אויך פֿולשטענדיק נאַטירלעך בײַ די האָלענדער, ווען אין ענגער שכנהשאַפֿט מיטן קלויסטער געפֿינען זיך די באַרימטע אַמסטערדאַמער שאַנד־הײַזער מיט די רויטע ליכטלעך און די פּאָספּאָריזירטע דורכזיכטיקע קליידער, וואָס עס טראָגן די פֿרויען פֿון דער דאָזיקער אַלטער, "בכּבֿודיקער" פּראָפֿעסיע. די "פֿענצטער־גאַס", מיט די גאַסן־פֿרויען אין די פֿענצטערס, שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן אַטראַקציע פֿאַר טוריסטן – אָבער פֿאַר די אײַנוווינער פֿון אַמסטערדאַם איז עס פֿולשטענדיק נאַטירלעך, ווען דער גלח און די גאַסן־פֿרוי זאָגן זיך העפֿלעך "גוט־מאָרגן" אין זייער שכנותדיקער גוט־פֿרײַנדשאַפֿט.

## די הויפּטשטאָט פֿון די "היפּיס"

און פּונקט אַזוי איז עס אויך נאַטירלעך, אַז די דאָזיקע קאָנסער־וואַטיווע שטאָט שטעלט מיט זיך פֿאָר די "הויפּטשטאָט" פֿון די היפּיס, וועלכע זיצן גאַנצע טעג אויסגעזעצט אין זייער דעמאָנסטראַטיווער קבצניש־באָרוועסער "קליידונג" אויפֿן באַרימטן "דאַמפּלעין", דעם גרעסטן און שענסטן פּלאַץ פֿון האָלאַנד, אונטער דעם גרויסן דענקמאָל נאָך די געפֿאַלענע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה – און נישט אַנדערש ווי קעגנאיבער דעם פּאַלאַץ פֿון דער קעניגין יוליאַנאַ. און

קיינער שטערט זיי נישט, קיינעם אַרט עס נישט...

מיט טאָלעראַנטער פֿאַרגעבונג באַציִען זיך די האָלענדער צו דעם ווילדעוועוען פֿון די אַזוי גערופֿענע "פּראָוואָס" – דאָס איז די פּאַרטיי פֿון די היפּיס, וועלכע האָט אין די לעצטע קאָמונאַלע וואַלן באַוויזן אַרײַנ־צופֿירן אירע פֿאָרשטייער אין דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. די דאָזיקע טאָלעראַנץ האָט דאָס דערפֿירט צו דעם, אַז די "היפּיס" זענען דאָרט רויִקער, זיי פֿירן זיך אויף העפֿלעך און אין אַ געוויסער מאָס קולטורעל – אויף וויפֿל מ׳קאָן דאָס פֿאַרלאַנגען פֿון די דאָזיקע משונהדיקע לײַט; די זונות פֿירן זיך אויף "אָנשטענדיק", ד"ה זיי זידלען זיך נישט אויף דער גאַס; די גאַסן־הענדלער טומלען נישט, די מענטשן טרעטן זיך נישט אָן אויף די הינער־אויגן, די פּאַרטיי־עסקנים רײַסן זיך נישט אַרום צווישן זיך – און דאָס לעבן איז רויִקער און געמיטלעכער.

## *אַלט און נײַ*

למעשה איז האָלאַנד אַ מאָדערנע, גוט־אַנטוויקלטע אינדוסטריעלע מדינה, וועלכע היט אָבער אָפּ מיט דער גאַנצער אייפֿערדיקייט די אַלטע קולטור־ווערטן, וואָס האָבן זיך דאָרט אָנגעזאַמלט אין משך פֿון צענדליקער דורות.

קעגנאיבער דעם ריזיקן מלוכישן "ריקסמוזעום", וועלכער אַנטהאַלט אויף זײַנע ווענט די גרעסטע קלאַסישע אוצרות פֿון דער קלאַסישער קונסט אין אייראָפּע – מיט די ווערק פֿון אַזעלכע מײַסטערס פֿון איטאַליענישן רענעסאַנס, ווי טינטאָרעטאָ און וועראָנעזע, אָדער פֿון שפּאַנישן באַראָק – על גרעקאָ, גאָיאַ, וועלאַסקעז, מורילאַ און רובענס, צי פֿון די האָלענדישע מײַסטערס פֿון באַראָק (מיט פֿיל צענדליקער בילדער פֿון רעמבראַנדט) און פֿון "גאָלדענעם 17־טן יאָרהונדערט", אַזעלכע ווי וואַן דיק, געלדער, יאַן סטעען, אָסטאָדע א"אַנד – געפֿינט זיך דער מאָדערנער "סטעדעליק־מוזעום" פֿאַר מאָדערנער קונסט, מיט די ריזיקע אָנגעבלאָזענע נײַלאָן־באַלאָנען און אַנדערע אויסטערלישקייטן פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם "פּאָפּ־אַרט" מיט פּסיכאָדעלישע ריזן־פּלאַקאַטן מיט בילדער פֿון פֿידעל קאַסטראָ, און טשע געוואַראַ – בײַ דער זײַט פֿון דער גרעסטער קאָלעקציע מיט קרובֿ צו הונדערט בילדער – "לעבעדיקע" אָריגינאַלן – פֿון דעם גרויסן און אומגליקלעכן קינסטלער ווינסענט וואַן־גאָג...

## דאָס ייִדישע פּינטעלע

קלאָר, אַז ווי אַ ייִדישער טוריסט פֿון ישׂראל האָבן מיר געזוכט דאָס "ייִדישע פּינטעלע" אין דער דאָזיקער פֿרעמדער, און דאָך אַזוי היימישער שטאָט. ווי מיר האָבן שוין דערציילט אין אונדזערע פֿריִערדיקע נאָטיצן פֿון וועג, האָבן מיר געפֿונען ייִדישקייט שוין בײַם סאַמע אָנקומען אין דער שטאָט – אין דעם העברעיִשן לשון פֿון אַ יונגן, צופֿעליק באַגעגנטן פּאָרפֿאָלק פֿון סאַברעס, אין די העברעיִשע און ייִדישע נעמען פֿון גויישע רעסטאָראַנען און קאַפֿע־הײַזער ("מאַזל און בראָכע" און "מאַזעל־טאָוו"), אין דער אויסשטעלונג "מאָקעם ען מעדינע" וועגן דער געשיכטע פֿון אַמסטערדאַם, אין דער אַלטער און באַרימטער פּאָרטוגעזישער שול און אין דער קליינער אַשכּנזישער שול קעגנאיבער, אין דעם אַלטן ייִדישן קוואַרטאַל מיט דער "ברייטער ייִדן־גאַס", ווו עס זענען שוין קיין ייִדן נישטאָ, אָבער עס שטייט דאָרט דאָס הויז, אין וועלכן עס האָט געלעבט דער גרויסער ייִדן־פֿרײַנד, דער מײַסטער רעמבראַנדט; און בעיִקר אין דעם הויז פֿון אַננאַ פֿראַנק (וועגן וועלכן עס דערציילט יעדער טוריסטן־פֿירער, און וועלכער איז גראָד אין דעם טאָג געווען געשלאָסן...).

בײַ דער זײַט פֿון דעם ישׂראלדיקן נאַכט־קלוב מיטן נאָמען "ירושלים של זהבֿ", האָבן מיר אין דעם מלוכישן פּראָספּעקט פֿאַר טוריסטן געפֿונען – אין דער רשימה פֿון ערטער און אינסטיטוציעס, וועלכע עס איז כּדאַי צו באַזוכן – אויך דעם "ייִדיש־קאַבאַרעט" Jidish־Cabaret "LI־LA־LO"... וואָס געפֿינט זיך אויף דע־קלערק־סטראַאַט נומ' 109, און ווו עס ווערט דערלאַנגט "אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָגראַם פֿון יאָסי און זשאַק האַללאַנד". גרויס איז געווען אונדזער באַדויערן, וואָס מיר האָבן שוין נישט באַוויזן צו זען דעם דאָזיקן "ייִדישן קאַבאַרעט" אין דעם אַזוי היימישן אַמסטערדאַם.

## די טולפּאַנען פֿון האָלאַנד

מיר האָבן אָבער נישט געקאָנט זיך אָפּזאָגן פֿון זען – בעת אונדזער סך־הכּל צוויי־טאָגיקן באַזוך – די ריזיקע בלומען־פֿאַרמע און דעם פּראַכטפֿולן בלומען־פּאַרק אין קעוקענהאָף נעבן אַמסטערדאַם גראָד אין דער צײַט, ווען די מיליאָנען טוליפּאַנען און כּלערליי אַנדערע בלומען האָבן זיך צעבליט אין די צענדליקער פֿאַרשיידענע קאָלירן. ווי אַ שיכּורטע איז צווישן די דאָזיקע בלומען אַרומגעשפּרונגען אין אַ מין

עקזאָטישן עקסטאַז אַ יונגע אינדאָנעזישע שיינהייט – אַ פֿרוי פֿון אַ הויכן מלוכה־מאַן, אַ גענעראַל פֿון דזשאַקאַרטאַ, וועלכע איז צוגעשטאַנען צו אונדזער באַזוך אין דעם פּאַרק. אַ פֿאַרכּישופֿטע פֿון דעם שטאַרקן אַראָמאַט און פֿון דעם פֿאַרבן־צויבער פֿון די בלומען, האָט זי פֿון צײַט צו צײַט אַרויסגעלאָזט פֿון האַלדז משונהדיק ווילדע קלאַנגען פֿון התלהבֿות און התפּעלות. איר ליבע צו די בלומען האָט זי געירשנט פֿון די האָלענדער וועלכע האָבן פֿריִער געהערשט אין אינדאָנעזיע. פֿון דער אַמאָל אַזוי ריזיקער אימפּעריע איז זיי פֿאַרבליבן נאָר דער אינדזל קיראַטאָ, און עס זענען פֿאַרבליבן די אינדאָנעזישע רעסטאָראַנען אין אַמסטערדאַם. אָבער זיי באַדויערן דאָס נישט. זיי זענען צוגעבונדן צו זייערע בלומען פֿיל מער ווי צו די פֿאַרלוירענע לענדער און אוֹצרות פֿון דער אַמאָליקער אימפּעריע. זעט אויס, אַז די דאָזיקע ליבשאַפֿט צו בלומען האָט דאָס בײַ די האָלענדער אַנטוויקלט אַזאַ הויכע קולטור, אַזאַ פֿאַנאַטיש שטאַרקן קולט פֿאַר ריינקייט, אַזאַ טאָלעראַנטע באַציִונג צו מענטשן, און אַזוי פֿיל ליבשאַפֿט צו דער קונסט, אין וועלכער דאָס קליינע האָלענדישע פֿאָלק האָט צוגעטראָגן אַזאַ גרויסן בײַשטײַער.

*לעצטע נײַעס*, **11־טער יולי 1971**

# דער פֿאַרשעמטער דאָלאַר

ערשט מיט געציילטע טעג צוריק האָט די פֿרײַע וועלט געפֿײַערט דעם יאָרטאָג פֿון דער דײַטשער מפּלה אין דער צווייטער וועלט־מלחמה – און אַקוראַט אין דער זעלבער צײַט האָט דאָס זעלבע דײַטשלאַנד, דאָס צעשלאָגענע, קאַפּיטולירטע דײַטשע רײַך געפֿײַערט זײַן ריזיקן נצחון איבער דעם ביז איצט גרעסטן כּוח אויף דער וועלט: איבער דעם אַמעריקאַנער דאָלאַר.

ערשט מיט פֿינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָט דער אַמעריקאַנער דאָלאַר אָנגעהויבן אַרײַנבלאָזן אַ נײַע נשמה אין דעם צעשטערטן דײַטשן בר־מינן. מיט דער הילף פֿון דעם אַזוי־גערופֿענעם "מאַרשאַל־פּלאַן" האָט די זיגערישע אַמעריקאַנער גרויסמאַכט געליפֿערט מיליאַרדן דאָלאַרן פֿאַר דער רויִנירטער דײַטשער ווירטשאַפֿט, כּדי זי צוריק אויפֿצושטעלן אויף די פֿיס – און אָט האָט די דאָזיקע "סאָציאַלע הילף" נישט נאָר צוריק אויפֿגעשטעלט אויף די פֿיס די דײַטשע ווירטשאַפֿט, נאָר אַפֿילו זי פֿאַרוואַנדלט אין דעם גיגאַנטישן ווירטשאַפֿטלעכן גולם, פֿאַר וועלכן דער דאָלאַר איז איצט געשטאַנען אַ פֿאַרשעמטער, ווי אַן אָפּגעשמיסענער יורד...

און מיט אַ זשעסט פֿון פֿרומער רחמנות האָבן די דײַטשן איצט געהאָלפֿן דעם דאָלאַר זיך ראַטעווען פֿון זײַן חלשות, אַרײַנגעשפּריצט אין אים אַ מיליאַרדן־דאָזע פֿון שטאָלץ־קאַנקרעטיקע מאַרקן, און דערבײַ צוגעשמייכלט מיט אַ בייזער הנאה. ווי זיי וואָלטן וועלן זאָגן: נאַ דיר, זאָל אַ הונט וויסן וואָס אַ חזיר קען...

מיר האָבן אים געזען, דעם פֿאַרשעמטן דאָלאַר, אין זײַן נעבעכדיקער געפֿאַלנקייט בעת אונדזער נסיעה אין אייראָפּע. עס איז ממש געווען אַ רחמנות צוצוזען די ביטול־באַציִונג, וואָס מען האָט אַרויסגעוויזן צו אָט דעם אַמאָל אַזוי מיוחסדיקן גרינעם באַנקנאָט פֿון דער מעכטיקסטער גרויסמאַכט אין דער וועלט – אויף די פֿלי־וואָקזאַלן פֿון אייראָפּע, אָדער אין די בענק, אין די פּאָסט־אַמטן און רײַזע־ביוראָען, אין די איינפֿאַכע געשעפֿטן אין די

אייראָפּעיִשע שטעט. אַפֿילו אויף דער באַרימטער "פֿענצטער־גאַס" אין אַמסטערדאַם האָט דער ביז איצט געאַכטעטער דאָלאַר פֿאַרלוירן זײַן פּריִערדיקן ווערט און זײַן ווירדע.

דער ערשטער אײַנדרוק – אָפּטמאָל אַ גאַנץ צופֿעליקע אַסאָציאַציע – באַשטימט אָפּטמאָל די באַציִונג פֿון אַ רײַזנדיקן צו אַלץ וואָס ער באַגעגנט און זעט אויפֿן וועג פֿון זײַן נסיעה. אין מײַן באַוווסטזײַן האָט זיך די שטאָט אײַנגעקריצט ווי – די שטאָט פֿון... שאָקאָלאַד.

אָנגעהויבן האָט עס זיך אייגנטלעך פֿון דעם, וואָס אין דעם האָלענדישן K.L.M־עראָפּלאַן, וועלכער האָט אונדז געפֿירט פֿון בריסל קיין אַמסטערדאַם, האָט אונדז די באַחנטע סטיואַרדעסע מכבד געווען מיט שאָקאָלאַד, אין קעגנזאַץ צו די ווײַסע מילכיקע שפּײַזן אין דעם בעלגישן "SABENA", וואָס האָט אונדז געפֿירט פֿון לוד קיין אייראָפּע. מיר וואָלטן זיכער נישט געלייגט דערויף קיין אַכט, ווען נישט די שאָקאָלאַד־פֿאַרביקע הײַזער, וואָס זענען דערשינען פֿאַר אונדזערע אויגן ווען מיר זענען אַרײַנגעפֿאָרן אין דער שטאָט. און ווען נישט דאָס קליינע שאָקאָלאַד־קאָליריקע נעגער־ייִנגעלע, וואָס איז זאָרגלאָז פֿאַרבײַ־געלאָפֿן פֿאַר אונדזערע אויגן אויף איינער פֿון די אַמסטערדאַמער גאַסן.

אָט דער שאָקאָלאַד־אײַנדרוק האָט אונדז נאָכגעפֿאָלגט די גאַנצע צײַט פֿון אונדזער קורצן באַזוך אין דער האָלענדישער גרויסשטאָט. עס האָט זיך מיר דערמאָנט דער לײַדנשאַפֿטלעכער וויכּוח, וואָס איז לעצטנס אָנגעגאַנגען בײַ אונדז אין לאַנד אין שײַכות מיטן הײַזער־בוי אין ירושלים און די טענות, אַז מען "פֿאַרגוואַלדיקט" בײַ אונדז די פּרעכטיקע ירושלימער לאַנדשאַפֿט, אויפֿשטעלנדיק די מאָדערנע, קאָשאַרן־ענלעכע הײַזער־מאָנסטערס, וועלכע זענען אין ווילדער סתּירה צו דער אַרומיקער נאַטור. אויך אין אַמסטערדאַם ווערן געבויט מאָדערנע גרויסע הײַזער; און אין אַמסטערדאַם איז נישט פֿאַראַן יענע ספּעציפֿיש־מיסטישע אַטמאָספֿער, וואָס שוועבט איבער ירושלים מיט אירע גאָלדענע קופּאָלן פֿון די מעטשעטן, מיט די שפּיציקע צלם־טורעמס פֿון די קלויסטערס און מיט דעם כּותל־מערבֿי, די מויער פֿון דעם צוויי־טויזנטיאָריקן ייִדישן געוויין, אָבער אין אַמסטערדאַם האַלט זיך די מאָדערנע אַרכיטעקטור ווי פֿאַרפֿליכטעט צו דעם ספּעציפֿישן סטיל פֿון דער שטאָט מיט אירע אַלטע פּראַכטפֿולע געבײַדעס, אין וועלכע עס ליגט אײַנגעמויערט אַ שורשדיקע אַלטע קולטור־געשיכטע – הגם זיכער נישט אַזוי אַלט ווי די געשיכטע פֿון ירושלים.

פּונקט ווי די אַלטע, שמאָלע אָרנאַמענטישע הײַזער לענגאויס דעם

אַמסטעל־טײַך און פּאַראַלעל צו די ענדלאָזע קאַנאַלן, וואָס שנײַדן אַדורך כּמעט אַלע קוואַרטאַלן פֿון דער שטאָט – אַזוי זײַנען אויך די מאָדערנע הײַזער געבויט פֿון שאָקאָלאַד־ברוינע ציגל, מיט מילך־ווײַסע פֿענצטער־ראַמען, וואָס שאַפֿן, גיבן צו דער שטאָט אַ באַזונדערן אומפֿאַרגעסלעכן חן.

אפֿשר ווירקן זיי דאָס טאַקע אויף דעם געמיט פֿון די אײַנוווינער, אויף זייער קענטיקער גוטמוטיקייט און גאַסטפֿרײַנדלעכקייט. און אפֿשר דערפֿאַר טאַקע האָט זיך אונדז געוואָרפֿן אין די אויגן, אויפֿן ערשטן בליק, דאָס קליינע שאָקאָלאַד־ברוינע נעגער־ייִנגעלע אַרומלויפֿן אַזוי זאָרגלאָז־שפּילעוודיק און אַזוי היימיש אויף דער גאַס פֿון אָט דער פֿרעמדער אייראָפּעיִשער שטאָט.

אויך איך האָב גלײַך דערפֿילט די גוטמוטיקע היימישקייט – נישט נאָר אין דער ייִדיש־האָלענדישער משפּחה וואָלף־עדעלשטיין, וועלכע האָט מיך, אינגאַנצן אַן אומבאַקאַנטן און פֿרעמדן גאַסט פֿון ישׂראל, אַרומגערינגלט מיט וואַרעמער האַרציקייט, נאָר אויך אין דער נאַטירלעכער גאַסט־פֿרײַנדלעכקייט פֿון די האָלענדער; און אפֿשר אויך אין דעם היימישן העברעיִשן לשון, וואָס מיר האָבן גאָר צופֿעליק דערהערט אין דער ערשטער שעה פֿון אונדזער אָנקומען אין שטאָט, אין אַ קאַפֿע אויפֿן רעמבראַנדט־פּלאַץ, און שפּעטער, פֿאַר אונדזער אָפּפֿאָר, אין דעם פֿראַכטפֿולן בלומען־גאָרטן אין קעוקענהאָף, ווו פֿאַרבלאָנדזשעטע יונגע באַזוכערס פֿון ישׂראל האָבן דערקענט אַ היימיש פּנים.

עס האָט זיך גיך אַרויסגעוויזן, אַז אַמסטערדאַם איז נישט קיין פֿרעמדער פּונקט אויף דער מאַפּע פֿון די יונגע סאַברעס, וואָס לאָזן זיך אַרויס זוכן עמאָציעס אין אייראָפּע. אַ סך פֿון זיי פֿאַרליבן זיך אין אָט דער גאַסט־פֿרײַנדלעכער שטאָט און שטעלן זיך דאָ אָפּ אויף לענגער. אַ סך פֿון זיי פֿאַרבלײַבן שוין דאָ כּלומרשט "צײַטווײַליק", און די צײַטווײַליקייט ווערט אַ סטאַבילע אַכסניה. פֿון זיי האָבן מיר טאַקע באַקומען די אַדרעסן פֿון די ישׂראלדיקע קאַפֿע־הײַזער און פֿון דעם נאַכט־לאָקאַל "ירושלים של זהב", וואָס געפֿינט זיך אין צענטער פֿון דער שטאָט, און אין וועלכן עס טרעפֿט זיך צונויף די ישׂראלדיקע קאָלאָניע.

*לעצטע נײַעס*, **28־סטער מײַ 1971**

# דאָס גרויסע "דאָרף" לאָס־אַנדזשעלעס

וו ען מ'פֿאָרט אַרום אַ ביסל איבער פֿאַרשיידענע שטעט און לענדער פֿון דער גרויסער וועלט, טרעפֿט מען זיך אָפֿטמאָל אָן אויף דער אויסטערלישער דערשײַנונג: דווקא די "גרינע", די נישט־לאַנג געקו־מענע, זענען די אמתע לאָקאַל־פּאַטריאָטן פֿון זייערע ווױן־ערטער. זיי ווײַזן אַרויס די גרעסטע התלהבֿות פֿאַר די שטעט און לענדער, וועלכע זענען געוואָרן זייער נײַע היים, און יעדער איינער פֿון זיי געפֿינט אויס אַן אַנדערן סימבאָל, מיט וועלכן צו שטאָלצירן.

אין ניו־יאָרק האָט מען מיר געוויזן די העכסטע הײַזער פֿון דער וועלט, דעם רײַכסטן אוֹצר פֿון דער וועלט (אויף וואָל־סטריט) אאַז"וו. אין מאָנטרעאַל האָבן יידן זיך געגרויסט, אַז דאָס איז די גרעסטע שטאָט פֿון קאַנאַדע און די שענסטע אויף דער וועלט אד"גל.

דאַקעגן באַרימען זיך יידן אין לאָס־אַנדזשעלעס, אַז זייער שטאָט שטעלט מיט זיך פֿאָר דאָס גרעסטע דאָרף אויף דער וועלט...

ווען איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן ריזיקן "דזשאַמבאָ", וועלכער האָט מיך, צוזאַמען מיט די אַנדערע 400 פּאַסאַזשירן געבראַכט פֿון ניו־יאָרק קיין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט עס טאַקע אויסגעזען, ווי מ'וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אַ ריזיקן דאָרף מיט נידעריקע הײַזער און אָן אַ שיעור גרינע פּאַרקן און גערטנער.

ביז נישט לאַנג איז אין לאָס־אַנדזשעלעס נישט דערלויבט געווען צו בויען קיין הויכע בנינים, צוליב די אָפֿטע ערד־ציטערנישן מיט וועלכע די געגנט איז געבענטשט און וואָס האָבן שוין נישט איין מאָל חרובֿ געמאַכט די דאָזיקע פּראַכטפֿולע שטאָט, די גרעסטע שטאָט פֿון קאַליפֿאָרניע, אויפֿן דרום־מערבֿ פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. הײַנט איז שוין דערלויבט געוואָרן צו בויען און מען בויט שוין – וואָלקן־קראַצערס אין פֿאַרשיידענע צענטערס פֿון דעם "דאָרף", אַדאַנק אַ נײַעם "פּאַטענט" אַ נײַע בוי־שיטה, וואָס פֿאַרזיכערט די ריזן־קאָנסטרוקציעס אויך אין פֿאַל פֿון אַן ערד־ציטערניש. זעען זיי דערווײַל נאָך אויס ווי

פּרעמדע מאָנסטערס צווישן די קליינע הײַזקעס, געבויטע אין שפּאַנישן סטיל, וואָס ציִען זיך לענג־אויס די צען־ און צוואַנציק־קילאָמעטער־לאַנגע גאַסן פֿון דער שטאָט.

אין איר הונדערט און צוואַנציק־יאָריקער מוניציפּאַלער עקזיסטענץ, איז לאָס־אַנדזשעלעס אויסגעוואַקסן צו דער דריט־גרעסטער שטאָט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן (נאָך ניו־יאָרק און שיקאַגאָ), מיט אַ באַפֿעלקערונג פֿון קרובֿ צו דרײַ מיליאָן אײַנוווינער, אויף אַ שטח פֿון בערך 1,200 ק״מ. דאָס איז פּונקט פּראָצענט גרעסער ווי דער שטח פֿון ניו־יאָרק. און דער דאָזיקער שטח אַנטהאַלט אַזש 127 שטאָטישע פּאַרקן. ווען נישט דער אַזוי גערופֿענער ״סמאָג״, דער געמיש פֿון רויך און נעפּל, וועלכער בײַסט אָפּטמאָל אין די אויגן, וואָלט איך געוועזן אַ בעלן אַריבערצופֿירן צו אונדז קיין ישׂראל די דאָזיקע פּראַכטפֿולע שטאָט מיט איר ליבן, מילד־וואַרעמען קלימאַט, מיט אירע בולוואַרן און געשעפֿטן, הײַזער און גערטנער.

הגם לאָס־אַנדזשעלעס איז פֿאָרמעל נישט די הויפּטשטאָט פֿון קאַליפֿאָרניע – די אָפֿיציעלע הויפּטשטאָט איז סאַקראַמענטאָ, – האָט זי זיך אָבער אַנטוויקלט פּאַראַלעל צו דעם שטאַט – דעם רײַכסטן שטאַט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. ״געבוירן״ געוואָרן איז קאַליפֿאָרניע אין זכות פֿון דעם גאָלדפֿיבער, וועלכער האָט געצויגן אַהער אימיגראַנטן פֿון דער גאַנצער וועלט, און אויך איבערוואַנדערערס פֿון אַמעריקע גופֿא. נאָך הײַנט ווערן אַנטדעקט גאָלדגרובנס אין קאַליפֿאָרניע, אָבער דאָס אמתע גאָלד, וואָס ברענגט אַרײַן הויכע פּראָפֿיטן, איז דאָ דער נאַפֿט, נאַטירלעכער גאַז, צעמענט און אַנדערע מינעראַלן; און די ריזיקע פֿאַרמעס, וועלכע געניסן פֿון דעם פּרוכטבאַרסטן באָדן אין אַמעריקע, פֿון דעם וווּנדערלעכן קלימאַט און פֿון די דרײַמאָליקע גערעטענישן אין יאָר, פֿאַרזאָרגן נישט בלויז אַמעריקע, נאָר אויך גרויסע טיילן פֿון אייראָפּע, מיט די בעסטע פּראָדוקטן פֿון דער אַמעריקאַנער לאַנד־ווירטשאַפֿט מיט פֿיש און אַנדערע אַרטיקלען.

קאַליפֿאָרניע שטייט אויך אויפֿן ערשטן אָרט אין דער פּראָדוקציע פֿון עלעקטרישער ענערגיע, און אירע שטעט ספּעציאַליזירן זיך אין בויען עראָפּלאַנען און עראָפּלאַן־טיילן, ווי אויך ראַקעטעס, עלעקטראָנישע אינסטרומענטאַציע; אין שטעטל פּאַסאַדענאַ נעבן לאָס־אַנדזשעלעס געפֿינט זיך דער גרויסער פֿאָרשונגס־צענטער בײַ דער אַמעריקאַנער קאָמיסיע פֿאַר אַטאָמישער ענערגיע, דאָרט ווערן געגרייט די פּלענער פֿאַר די דעראָבערונגען פֿון קאָסמאָס און פֿון דער לבֿנה.

אויסער די ווונדערס פֿון מענטשלעבן זשעני – די ריזיקע בריקן "גאָלדען־גייט" און "סאַן־פֿראַנסיסקאָ אָוקלענד" – פֿאַרמאָגט קאַליפֿאָרניע די שענסטע ווונדערס פֿון געטלעכן באַשאַף. דער "טויטער טאָל" (אַ קליינער "ברודער" פֿון אונדזער ים־המוות) אין דרום־מיזרח פֿון דעם שטאַט, איז 95 מעטער נידעריקער פֿון דער אויבערפֿלאַך פֿון ים (אין פֿאַרגלײַך מיט 409 מעטער פֿון אונדזער סדום), און דאָס איז דאָס נידעריקסטע אָרט אין אַמעריקע; אָבער אין זעלבן שטאַט געפֿינט זיך אויך דער "לעבעדיקער" לאַסען־פּיק, דער איינציקער – אויסער אין אַלאַסקאַ און אין האַוואַי – אַקטיווער ווולקאַן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן; דער באַרימטער סעקוואָיאַ־בוים אויפֿן נאָמען פֿון גענעראַל שערמאַן אין דעם נאַציאָנאַלן פּאַרק פֿון קאַליפֿאָרניע, וואָס ווערט געשאַצט אויף אַן עלטער פֿון 3,500 יאָר, און די שטאַמען פֿון די סאָסנעס אין די "ווײַסע בערג" – אויף איבער פֿיר טויזנט יאָר.

אין אָט דעם, מיט אוצרות, נאַטור און מיט יאָרן רײַכסטן פֿון די אַמעריקאַנער שטאַטן, איז די באַפֿעלקערונג אין די לעצטע דרײַסיק יאָר געשטיגן מער ווי דרײַפֿאַכיק און אין זײַן גרעסטער שטאָט, אין לאָס־אַנדזשעלעס, האָט זיך די באַפֿעלקערונג אין דער זעלבער תּקופֿה "בלויז" פֿאַרטאָפּלט.

אָבער ווען איך האָב זיך שפּעט אין אָוונט אַראָפּגעלאָזט פֿון מײַן "מאָטעל", כּדי צו כאַפּן אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פֿון דער ריזיקער שטאָט, האָב איך דאָרט קיין לייַדיקן נפֿש פֿאַר די אויגן נישט געזען, נישט געטראָפֿן קיין מענטש, ווועמען איך זאָל קענען פֿרעגן אויף אַ גאַס, אַן אַדרעס: ווײַל די גאַנצע שטאָט געפֿינט זיך אויף רעדער. אויף אירע דרײַ מיליאָן אויטאָס – דער גרעסטער אויטאָ־דורכשניט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. נאָר אַ קליינער אָפּשניט פֿון דעם לאַנגן סאָסנעס־בולוואַר און פֿון האָליוווד־בולוואַר איז באַלעבט פֿון דער באָהעמע און פֿון היפּיס אין די שפּעטע שעהן פֿון דער נאַכט.

אָט דאָס איז דער רעזולטאַט פֿון דער טעכנאָלאָגיע און פֿון דער מעכאַניזאַציע, וואָס האָט אַרויסגעצויגן דאָס חיות און די נשמה פֿון אָט דער שטאָט, וועלכע האָט זיך פֿאַרמאָסטן צו ליפֿערן דער וועלט די שענסטע חלומות און אוטאָפּיעס. אין דער שטאָט, ווו עס לײַכטן די ריזיקע פֿאַרביקע רעקלאַמעס פֿון האָליווּד און פֿון רונדיקע "רעקאָרד־סענטערס"; דאָרט ווו עס איז אויסגעבויט געוואָרן איינער פֿון די שענסטע טעאַטער־צענטערס אויף דער וועלט; די שטאָט וועלכע האָט די צוויי ריזיקע אַמפֿיטעאַטערס – דעם "גריק־טעאַטער" מיט זיבן טויזנט

זיצפּלעצער און דעם "האָליוווּד־באָל" מיט 22 טויזנט פּלעצער – אין אָט דער שטאָט פֿון גלאַנץ און פּראַכט איז היַינט שוין דער קינאָ געוואָרן אַ טיַיער פֿאַרגעניגן. קינאָ־בילעטן, וואָס האָבן מיט אַ צוויי צענדליק יאָר צוריק געקאָסט נאָר 25 סענט, זענען היַינט שוין געשטיגן אויף דריַי דאָלאַר און מער.

דערפֿאַר אָבער איז בײַטאָג שוין גאָר לעבעדיק אין אָט דער שטאָט, וועלכע באַשטייט אייגנטלעך פֿון 15 באַזונדערע שטעטלעך מיט באַזונדערע מוניציפּאַלע אינסטאַנצן. אויף מערבֿ פֿון דער שטאָט פֿאָרן מיר פֿאַרבײַ די באַרימטע בעווערלי־הילס, די רעזידענץ פֿון די מיליאָנערן – וואָס איז אויך אַ פּעטער קוואַל פֿאַר די "מגביתן" פֿון "יונײַטעד דזשויִש אַפּיל" – און דאָרט געפֿינט זיך אויך דער קאָנסערוואַ־טיווער "סיני־טעמפּל", די שענסטע סינאַגאָגע אויף דער וועלט.

אויף אַ גרינעם באַרג אין בעלער געפֿינען מיר די אַלטע קאָלאָניע פֿון די האָליוווּדער פֿילם־סטאַרס, אָפּגעזונדערט פֿון דעם אַרום אין אַ פּראַכטפֿולער נאַטור־סבֿיבֿה. וויניקע פֿון די אָריגינעלע האָליוווּדער פֿילם־סטאַרס וווינען נאָך היַינט אין אָט די ווילעס. אַ טייל פֿון זיי זענען אַריבער בירושה צו זייערע נישט זייער דאַנקבאַרע קינדער און אייניקלעך, וועלכע צעטרענצלען די געירשנטע פֿאַרמעגנס פֿון די וועלט־באַרימטקייטן; אַנדערע ווילעס ווערן אָפּגעקויפֿט פֿאַר פֿאַנטאַס־טישע סומעס דורך אויפֿגעקומענע גבֿירים, אָדער זיי ווערן אָפּגעדונגען דורך "היפּיס" און אַנדערע צעבאַלעוועטע זינדלעך פֿון באַלעבאַטישע בירגער.

האָליוווּד, הגם זי האָט פֿאַרלוירן דעם אַמאָליקן אָרעאָל ווי די הויפּטשטאָט פֿון דעם מאַגישן וויַיסן עקראַן, וואָס האָט געשפּיַיזט די גאַנצע וועלט מיט אילוזיע, אוטאָפּיע און פֿאַנטאַזיע, איז נאָך אַלץ געבליבן די "האַנדלס־מאַרקע" פֿון לאָס־אַנדזשעלעס, און אויף דעם לאַנגן האָליוווּד־בולוואַר, וועלכער ציט זיך אויף אַ מהלך פֿון איבער צוואַנציק קילאָמעטער לענג־אויס דער שטאָט, האָט די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג פֿאַראייביקט די פֿוס־שפּורן פֿון די פֿילם־סטאַרס אויף די פּלאַטן פֿון טראָטואַר; און אין די ריזיקע האָליוווּדער "יוניווערסאַל־סטודיאָס", וואָס פֿאַרנעמען אַ שטח פֿון הונדערטער דונאַם, ווערן אָפּגעהיט די לוקסוס־ווילעס פֿון קירק דאַגלעס, פֿון לעין טערנער און פֿון אַנדערע פֿילם־סטאַרס, מיט זייערע אַלע איַינריכטונגען און פֿולע קליידער־גאַרדעראָבן – מיטן זעלבן פּיעטעט, ווי דאָס וואָלטן געווען קיסרים אָדער אַנדערע געשטאַלטן פֿון דער וועלט־געשיכטע.

די "יוניווערסאַל־סטודיאָס", אין וועלבע עס ווערן פּראָדוצירט מיליאָנען־פּראָפּיטן צוזאַמען מיט די פּילמען פֿאַר קינאָ און טעלעוויזיע, דינען אויך ווי אַ גוטער הכנסה־מקור פֿון דער טוריסטיק. טויזנטער טוריסטן ווערן דאָ אַרומגעפֿירט איבער די קינסטלעכע דזשונגלען און שטעט פֿון דער גאַנצער וועלט – פֿון בערלין ביז סאַן־פֿראַנסיסקאָ און פֿון טאָקיאָ ביז באַגדאַד, און ווו עס ווערן דעמאָנסטרירט פֿאַר די באַזוכערס אויף אַ "רעאַלן אופֿן" קינסטלעכע רעגנס, שטורעמס און שנייען און אַנדערע וווּנדערס פֿון דער פֿילם־טעכניק.

דער גוטער, באַקוועמער קלימאַט און אַ גאַנצע ריי אַנדערע גינסטיקע באַדינגונגען האָבן צוזאַמען מיט די אַנדערע גרופּן אַמעריקאַנער געצויגן אַהער אויך אַ גרויסע צאָל ייִדן – און לאָס־אַנדזשעלעס איז געוואָרן דער צווייט־גרעסטער ייִדישער ייִשובֿ אויף דער וועלט, מיט בערך 600 טויזנט נפֿשות און מיט אַ ברייט־פֿאַר־צוויַיגטער טעטיקייט אויף אַלע געביטן פֿון ייִדישן לעבן.

*לעצטע נײַעס*, **10־טער סעפּטעמבער 1971**

# דער אײנזאַמער אַמעריקאַנער

"טיראָל איז שײן – אָבער די שענסטע לאַנדשאַפֿט איז עלול צו פֿאַרלירן איר חן, װען דער טאַש און דער מאָגן זענען ליידיק, און װען עס רעגנט אין דרױסן. און יענעם טאָג איז טאַקע געגאַנגען אַזאַ שטאַרקער רעגן, אַז ער האָט מיר אַזש אַרױסגעשלאָגן פֿון די אױגן"...

אַזוי, מער אָדער װייניקער (ציטירט פֿון זכּרון), האָט געשריבן אַמאָל דער גרױסער היַינריך הײַנע. מע דאַרף טאַקע זײַן אַ הײַנע, כּדי צו קענען אַזוי טרעפֿלעך אַרױסברענגען דעם פֿאַקט, אַז אײַנדרוקן זענען אַ רעזולטאַט פֿון אָביעקטיװע באַדינגונגען און סוביעקטיװע אומשטענדן.

עס איז אַ באַװוּסטער כּלל, אַז דער ערשטער אײַנדרוק שפּילט אַ װיכטיקע ראָלע אין דעם אופֿן, װי אַזוי מען זעט די זאַכן שפּעטער, אין גאַנג פֿון אַ באַזוך אין דעם אָדער אין יענעם אָרט; עס איז אויך אַ באַװוּסטער כּלל, אַז אַ גאַסט אויף אַ װײַל זעט אויף אַ מײַל – כאָטש אויך דער דאָזיקער כּלל שטימט שוין אויך נישט אַלעמאָל מיט דער װירקלעכקייט. װי קען דען אַ גאַסט אין אַזאַ שטאָט, למשל, װי ניו־יאָרק זען אויף אַ מײַל, װען די מײַלן זײַנען פֿאַר אים פֿאַרשטעלט דורך דעם געדיכטן װאַלד פֿון די װאָלקנקראַצערס? – זוכט ער דעריבער – און געפֿינט צומאָל כּלערליי פֿאַרכאַפּנדיקע זעענסװערדיקייטן אין די אָן אַ צאָל פֿאַרשטעקטע װינקעלעך פֿון דער שטאָט, אַפֿילו אונטער איר, אויף די אונטערערדישע סטאַציעס פֿון דעם סאַבװיי. דער גאַסט אויף אַ װײַל זעט טאַקע װאָס אַן אמת, די אַלע זאַכן װאָס אַנדערע האָבן געזען שוין פֿון לאַנג, און דעריבער באַמערקן זיי נישט, װײַל זיי האָבן זיך שוין צו זיי צוגעװוינט; אָבער ער זעט זיי געװיינלעך אויבערפֿלעכלעך, און דער עיקר – אָפּהענגיק פֿון די אומשטאַנדן.

מע זאָגט אויך, אַז אַ טוריסט, אַ באַזוכער, אַ גאַסט אויף אַ װײַל לויפֿט אַרום בײַטאָג איבער די גאַסן, און אין די אָװנטן "גייט ער איבער די הײַזער" – צו קרובֿים, אויב ער האָט, און צו פֿרײַנד און חבֿרים.

און װײַל דער ערשטער אײַנדרוק איז עלול צו באַװירקן די

וויַטערדיקע איַינדרוקן פֿון דעם גאַסט, איז דעריבער אויך וויכטיק ווו און מיט וואָס עס לאַנדעט דער ״גאַסט אויף אַ וויַל״: – מיט אַן אויטאָ, צי מיט דער באַן, מיט דער שיף אָדער מיט אַן עראָפּלאַן.

נאָך מײַן ערשטן קורצן באַזוך אין ניו־יאָרק האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו ״לאַנדן״ דאָרט עטלעכע מאָל, בײַ פֿאַרשיידענע אומשטאַנדן, מיט דרײַ פֿון די פֿיר דערמאָנטע טראַנספּאָרט־מיטלען. מיטן עראָפּלאַן האָב איך געלאַנדעט אין ניו־יאָרק צוויי מאָל – איין מאָל אויפֿן לאַ־גאַרדיאַ פֿלי־פּלאַץ, אָנקומענדיק פֿון באַפֿעלאָ (אויפֿן וועג פֿון דעם ניאַגאַראַ וואַסער־פֿאַל). און געווען איז עס אין דער נאַכט־פֿינצטערניש; דעם צווייטן מאָל – אויפֿן ריזיקן קענעדי־פֿלי־פּלאַץ, צוריקקערנדיק זיך מיטן גרעסטן פּאַסאַזשיר־עראָפּלאַן, דעם ״דזשאַמבאָ־747״, פֿון לאָס־אַנדזשעלעס. אויך מיטן אויטאָ זענען מיר אַרײַנגעפֿאָרן קיין ניו־יאָרק, צוריקקערנדיק זיך פֿון וואַשינגטאָן. און לסוף – פּונקט ווי יעדער דיסציפּלינירטער טוריסט, האָבן מיר אויך גענומען אַ ״ראַיד״ מיט אַ פּאַראָם־שיף – אַ ״פֿערי״ – פֿון איין אינדזל פֿון ניו־יאָרק צום אַנדערן (ווײַל די גרעסטע שטאָט אויף דער וועלט ליגט אויף קליינע אינדזלען) – פֿון סטעטן־איַילענד קיין מאַנהעטן, דעם געשעפֿט־צענטער פֿון ניו־יאָרק, אָפּשטאַטנדיק, אַזוי ווי דאָס רובֿ באַזוכער, אַ מין ״העפֿלעכקייטס־וויזיט״ בײַ דער ״מאַמען פֿון אַמעריקע״: בײַ דער פֿרײַהייט־סטאַטוע, וועלכע האָט אין משך פֿון פֿינף און אַכציק יאָר (פֿון 28־סטן אָקטאָבער 1886) באַגריסט די צענדליקער מיליאָנען אימיגראַנטן, וואָס האָבן דאָ איַינגעוואַנדערט פֿון אַלע עקן וועלט, זוכנדיק אַ גליקלעכערע צוקונפֿט אין דעם גאָלדענעם לאַנד.

און גראָד האָט יענעם טאָג גערעגנט, און די 50־מעטער הויכע פֿרויען־פֿיגור מיט איר גרויסער דערנער־קרוין אויפֿן קאָפּ און מיטן פֿאַקל אין דער האַנט, איז געשטאַנען אַ פֿאַראיינזאַמטע צווישן די גרויע וואַסערן פֿון דעם ים־איַינגוס, אונטערן דריבנעם, אומעטיקן רעגן.

די ״פֿערי״ – די שטאָטישע פּאַראָם־שיף, מיט וועלכער מיר זענען געפֿאָרן – איז הײַנט דער איינציקער טראַנספּאָרט־מיטל, וועלכער האָט נאָך ביז איצט נישט אָנערקענט די עקאָנאָמישע אויפֿטרייסלונגען, די קריזיסן און די אינפֿלאַציעס און דעם געפֿאַלענעם ווערט פֿון דעם דאָלאַר. פּונקט ווי מיט פֿופֿציק יאָר צוריק, קאָן מען אויך הײַנט אַרומפֿאָרן צווישן די אינדזלען פֿון ניו־יאָרק פֿאַר איינציקע פֿינף סענט; און עס זענען פֿאַראַן נישט ווייניק איַינוווינער פֿון דער גרויסער שטאָט, וועלכע קומען אַהער ״פֿאַרברענגען״ אַ גאַנצן טאָג פֿאָרנדיק פֿאַר די

זעלבע פֿינף סענט אַהין און צוריק, אַנטלויפֿנדיק פֿון דער שטיקנדיקער שטאָטישער לופֿט אין די הייסע זומערטעג. אָבער נישט געקוקט אויף דעם "קאָנסערוואַטיוון" פּרײַז, װעלכער װערט נאָך דאָ אָפּגעהיט פֿון די אַמאָליקע צײַטן, איז שוין אויך דאָ אַרײַנגעדרונגען די מאָדערנע טעכניק, און דאָס רובֿ פּאַסאַזשירן קומען אַרויף אויף דער שיף מיט זייערע אויטאָס, פּונקט אַזוי װי אין די מאָדערנע אַמעריקאַנער סופּערמאַרקעטן און אָפֿענע קינאָס, װוּ מ'דאַרף איבערהויפּט פֿונעם אויטאָ נישט אַרויסגיין.

אין אָט דער "פֿערי", אויפֿן פּאָן פֿון די מעבטיקע װאָלקנקראַצערס פֿון מאַנהעטן, האָב איך באַגעגנט דעם איינזאַמען אַמעריקאַנער. ער איז צוגעקומען צו אונדז – איך בין געפֿאָרן מיט מײַנעם אַ ניו־יאָרקער פֿרײַנד – און האָט אונדז העפֿלעך געפֿרעגט צי ער קאָן אונדז דינען מיט זײַנע אויפֿקלערונגען. און דאַן האָט ער געעפֿנט פֿאַר אונדז אַ גאַנצן רעפֿעראַט װעגן דער געאָלאָגיע, געאָגראַפֿיע און געשיכטע פֿון ניו־יאָרק, פֿון דעם גאַנצן אַמעריקאַנישן ברעג – אָנהייבנדיק פֿון דער קאַלקוליטישער עפּאָכע, ביז דער מאָדערנער ציוויליזאַציע מיט אירע אַלע דעמאָגראַפֿישע, פּאָליטישע, עקאָלאָגישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, מיטן אַ"ג "פּאַלושן", מיט דער לופֿט־פֿאַרפּעסטונג און װאַסער־פֿאַרסמונג, װעגן די מיליאָנען טאָן מיסט, װאָס װערן דאָ יעדן טאָג אַרײַנגעװאָרפֿן אין ים אַרײַן און זיי װאַקסן אָן מיט דער צײַט צו אַ געפֿערלעכער פּלאָג פֿאַר דער מענטשהייט, אַפֿילו מיט ראַדיאָאַקטיװע אויסװירקונגען...

דער יונגער אַמעריקאַנער, װעלכער האָט אונדז פֿרײַװיליק געשאָנקען פֿון זײַן װיסן, האָט זיך אַרויסגעװיזן װי אַ העכסט געלערנטער מענטש פֿון גאָר הויכער אינטעליגענץ. לויט אַלע סימנים אַ װיסנשאַפֿטלער. װעגן זײַן ייִדישן אָפּשטאַם האָט ער מרמז געװען נאָר פֿאַרבײַגייענדיק, װויסנדיק, אַז זײַנע צוהערער זענען ייִדן, און פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער אַרײַנװאַרפֿן אויך אַ ייִדיש װאָרט אין זײַן רעפֿעראַט. אַליין איז ער אַן אַמעריקאַנער בירגער, שוין דער פֿערטער דור. װי אומהיימלעך איז אים אָבער געװאָרן װען מײַן באַגלייטער האָט געבעטן בײַ אים אַנטשולדיקונג, כּדי זיך צו באַפֿרײַען פֿון זײַנע אויפֿקלערונגען.

אונדזער פֿרײַװיליקער "װעג־װײַזער" איז געװען איינער פֿון דער אומענדלעכער צאָל מענטשן, װאָס פֿילן זיך איינזאַם אין דער מיליאָנען־שטאָט, און װאָס זוכן אַן אויער, װאָס זאָל זיי שענקען אויפֿמערק־זאַמקייט, זאָל זיך צוהערן צו זיי. דאָס זענען מענטשן פֿון אַלע שיכטן, און

אונדזער צופּעליקער באַגלייטער האָט געקאָנט זײַן אַפּילו אַ פּראָפעסאָר, אַ לעקטאָר אין אוניווערסיטעט, וועלכער פילט זיך פּונקט אַזוי איינזאַם ווי טויזנטער אַנדערע, נישט האָבנדיק קיין נאָענטע, קיין דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער געזעלשאַפט. און וואָס גרעסער עס איז די שטאָט, וואָס שטאַרקער עס איז דער הו־האַ און דער אימפּעט פון איר לעבן – אַלץ גרויזאַמער פילן זיך די דאָזיקע איינזאַמע מענטשן.

די מאָדערנע ציוויליזאַציע צעמאָלט אָבער אויף שטויב אָט די איינזאַמע מענטשן, און דעם יחיד בכלל. די מאַסן־פּראָדוקציע פון אויטאָס און פון רעקלאַמעס, פון אוניפאָרמירטער קולטור און פון היגיענישע מיטלען, האָט פאַרוואַנדלט דעם יחיד אין אַ קליין שרײַפעלע פון דעם מעכטיקן מעכאַניזם פון דעם אַזוי גערופענעם "אַמעריקען־סטײַל" – דעם אַמעריקאַנישן סטיל און שטייגער, וועלכער ווייסט נישט פון קיין סענטימענטן.

דער געוואַלדיקער טעמפּאָ פון דער אינדוסטריאַליזאַציע האָט גורם געווען דעם אומגעהויערן וווּקס פון די גרויסע שטעט. אין די לעצטע זיבעציק יאָר, זינט 1900, האָט זיך די באַפעלקערונג אין די מעטראָפּאָלי־טאַנישע ראַיאָנען פירפאַכיק פאַרגרעסערט. אָבער אין דער זעלבער צײַט – באַזונדערס לעצטנס – גייט גלײַכצײַטיק אָן אַ פאַרקערטער פּראָצעס פון אַנטלויפן פון די שטאָט־צענטערס אין די פאָרשטעט. הײַנט לעבן אין די פאָרשטעט – די אַ״ג "סאַבערבס" – צוויי דריטל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. אין דער צײַט, ווען די באַפעלקערונג אין די צענטראַלע שטעט איז אין די לעצטע צען יאָר געשטיגן נאָר מיט איין פּראָצענט, איז זי אין די פאָרשטעט געוואַקסן מיט גאַנצע 25 פּראָצענט. מיט דער צײַט אָבער ווערן אויך די פאָרשטעט פאַרוואַנדלט אין נײַע "סיטיס", מיט אַלע זייערע פּראָבלעמען פון רעש, רויך, עקאָלאָגיע, "פּאָלושן", מיט די פּראָבלעמען פון ראַסן־שכנות און ראַסן־קעגנזאַצן, מיט די סאָציאַלע פּראָבלעמען אאַז״וו.

אַ פערטל פון די אַמעריקאַנער "מופן" אָדער "מוווּן" יעדעס יאָר, ד״ה זיי טראָגן זיך איבער פון די סיטי־צענטערס אין די פאָרשטעט, און פון איין פאָרשטאָט אין דער אַנדערער. ווי עס האָבן אויסגערעכנט אַמעריקאַנער ספּעציאַליסטן אויפן סמך פון דער סטאַטיסטיק, פון די ביז איצטיקע דערפאַרונגען און פון די אומפאַרמײַדלעכע אַנטוויקלונגען אין דער צוקונפט, וועלן אין די יאָרן 1980־1975 אַזש 13 פּראָצענט פון אַלע נײַע וווינונגס־איינהײַטן אין אַמעריקע זײַן – באַוועגלעכע הײַזער!

שוין הײַנט זענען באַוועגלעכע הײַזער אין דער מאָדע, און אין אַ סך

ערטער קאָן מען זען גאַנצע ״קוואַרטאַלן״ פֿון וווינונגען אויף רעדער. דאָס זענען מערסטנס וווינונגען פֿון אינזשיניערן אָדער אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפֿטיקט צײַטווײַליק בײַ אַ זיך בויענדיקן פּראָיעקט; און מען טרעפֿט אויך הײַנט אויף די ברייטע און באַקוועמע אַמעריקאַנער שאָסייען טויזנטער ״פֿאָרנדיקע וווינונגען״, אין וועלכע אַ סך פֿון די אַמעריקאַנער פֿאַרברענגען זייערע אורלויבן און וויקענדס העט ווײַט פֿון דער היים, פֿון דער פֿאַרפּעסטעטער שטאָטישער לופֿט. אָבער די באַוועגלעכע הײַזער, וואָס ווערן געפּלאַנט פֿאַר דער צוקונפֿט, זענען באַשטימט פֿאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן און זיי האָבן גאָר אַן אַנדערן ציל: זיי דאַרפֿן העלפֿן די אַמעריקאַנער צו אַנטלויפֿן פֿון זייער אייגענעם גורל...

*לעצטע נײַעס*, **1־טער יוני 1971**



## *משיח אויפֿן בריסטעלער גראַנד־פּלאַס*

עס איז שוין אַן אַלט־באַקאַנטער פֿאַקט, אַז רײַזעס בילדן, אַז רײַזעס ברייטערן אויס די האָריזאָנטן פֿון וויסן; אָבער קיין שום זאַך אויף דער וועלט איז נישט אימשטאַנד אַזוי צו באַשטעטיקן דעם דאָזיקן אמת – ווי די רײַזעס גופֿא. בײַ מיר, יעדנפֿאַלס, האָט די נסיעה באַשטעטיקט, מער ווי אַלע מאַטעמאַטישע פֿאָרמולעס, די... רעלאַטיוויטעט־טעאָריע פֿון אַלבערט אײַנשטיין.

ווען איך בין צום ערשטן מאָל אָנגעקומען פֿון ישׂראל קיין אייראָפּע, האָט אַזאַ קליין לאַנד, למשל, ווי האָלאַנד אויסגעזען געוואַלדיק גרויס, ברייט, רחבֿותדיק; און די שטאָט אַמסטערדאַם האָט אויסגעזען ממש אַ ריז אין פֿאַרגלײַך מיט תּל־אָבֿיבֿ – שוין אָפּגערעדט פֿון פֿאַרגלײַכן זי, למשל, מיט אַ גבֿעתיים.

אָבער ווען איך בין פֿון דאָרט אָנגעקומען קיין צפֿון־אַמעריקע און בין שיִער נישט פֿאַרלוירן געגאַנגען אונטערן שאָטן פֿון אַ וואָלקן־קראַצער אין ניו־יאָרק (וואָס האָט אַליין אַמאָל געהייסן: ניו־אַמסטערדאַם) – האָט זיך דער ריזיקער פֿאַרנעם פֿון אייראָפּע גאָר אײַנגעשרומפּן אין מײַן באַוווסטזײַן. אַלץ, אַלץ איז דאָרט גרויס אין דער אַמעריקע. נישט נאָר די הײַזער און די ביזנעס, נאָר אַפֿילו אויך די שוואַרצע יאַגדעס, וועלכע וואַקסן דאָרט אויף גרויסע ביימער...

און די שטרעקעס, די מרחקים! – ווו נאָך קאָן מען פֿאָרן מיט אַן אויטאָ פֿון אַ גוטן פֿרײַנד אַכט שעה צײַט כּמעט אָן אָפּשטעל, און זען אין די קעטסקיל־בערג, אויפֿן וועג פֿון ניו־יאָרק קיין מאָנטרעאַל, דעם זון־אונטערגאַנג אין משך פֿון גאַנצע דרײַ שעה!

(איר וועט מסתּמא ענטפֿערן: אויך אין רוסלאַנד איז עס נישט קיין נאָווינע... יאָ, דאָרט בין איך אַמאָל געפֿאָרן נישט אַכט שעה, נאָר מער ווי דרײַ וואָכן מיט אַן עשעלאָן אויפֿן ווײַטן צפֿון, און דער זון־אונטערגאַנג האָט דאָרט געדויערט אַ סך, אַ סך לענגער. אָבער אויך דאָס באַשטעטיקט די טעאָריע פֿון דעם גרויסן געלערנטן).

דעם אמת געזאָגט, איז אַמעריקע שוין געווען אַ ביסעלע צו גרויס פֿאַר מײַן מאָס, און איך האָב זיך דערפֿילט עטוואָס היימישער אויפֿן גראַנד־פּלאַס אין בריסל, בפֿרט נאָך, ווען איך האָב בײַ דער זײַט פֿון דעם אַלטן קעניגלעכן פּאַלאַץ און קעגנאיבער דעם הויז, אין וועלכן דער פֿראַנצויז וויקטאָר הוגאָ האָט פֿאַרענדיקט זײַן ווערק "אין יאָר 1793" – באַגעגנט אין אָקטאָבער 1971 משיחן, געקליידט אין אַ מונדיר פֿון אַ פּאַקיסטאַנישן פּאַקיר, מיט אַ כּישוף־שטעקן אין דער פֿאָרעם פֿון אַ שלאַנג, און מיט אַן אויסשטאַטונג פֿון אַ מיטלאַלטערלעכן קעניגלעכן רופֿא.

פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע יונגע טוריסטן – אַמעריקאַנער, סקאַנדינאַוון און טערקן – האָט ער דעמאָנסטרירט די מעדיצינישע אויסשטאַטונג פֿון דעם מאָדערנעם היפּאָקראַטעס: אַ פֿלעשל מיט וויטאַמינען, אַן אַלט צוקער־צווענגל און... אַ קאָלערל פּאָדעם, און דערבײַ געפּרעדיקט און דערציילט אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן וועגן זײַנע דערהויבענע אויפֿגאַבן און משיחישע אייגנשאַפֿטן. ער איז בודהאַ און יעזוס, ער איז היפּאָקראַטעס און שפּינאָזאַ; אָט איז ער שוין גאָר דער גרויסער טאָרקוועמאַדאַ, און מיטאַמאָל ווערט ער פֿאַרוואַנדלט אין נאַפּאָלעאָנס אור־אייניקל, און אַלע הײַזער אַרום, אַלע פּאַלאַצן פֿון בריסל געהערן צו אים, און נישט צו דעם בעלגישן קעניג. ער איז דער געהיימער הערשער פֿון דער וועלט.

נאַטירלעך, אַז דער פּאַקיסטאַנישער פֿאַקיר האָט צונויפֿגעזאַמלט אַרום זיך אַלע אָנוועזנדיקע טוריסטן און קאָפּע־זיצער, ווײַל קיינער קאָן זיך נישט פֿאַרמעסטן מיט קיין משוגענעם אין געזעלשאַפֿטלעכער הצלחה. פֿאַר מיר, אַ ייִד פֿון ישׂראל, איז קיין ספֿק נישט געווען, אַז די דאָזיקע קאָלירפֿולע געשטאַלט פֿון דעם בריסעלער גראַנד־פּלאַס איז פֿון די אַחינו־בני־ישׂראל; און עס האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט, ווי ער האָט זיך פֿאַר מיר פֿאָרגעשטעלט מיט שטאָלץ און מיט גאווה און אין אַ זאַפֿטיקן גאַליציאַנישן ייִדיש, אַלס – משיח בן־דוד, וועלכער פֿירט אַדורך יעדן טאָג אַ יציאת־מצרים און אַז עס פֿעלט מער נישט ווי אָנדערהאַלבן טריט צו דער פֿולער גאולה. און ווען ער איז אַריבערגעגאַנגען צום העברעיִשן לשון, האָבן די אַרומיקע גויים געגומען גאַפֿן, הערנדיק ווי דער פּאַקיסטאַנישער פֿאַקיר רעדט גאָר אויפֿן לשון פֿון די נבֿיאים...

*לעצטע נײַעס*, **15־טער אָקטאָבער 1971**

# אין דער פֿרייַער אַמעריקע

**א**מעריקע איז, ווי באַוווּסט, דער סימבאָל פֿון אַלע פֿרײַהייטן. יעדער איינער מעג דאָרט זיך אויסלעבן אויף זײַן שטייגער: ער מעג זיך פֿירן ווי ער וויל, זאָגן וואָס ער וויל, עסן וואָס ער וויל; ער מעג זײַן פֿרום אָדער פֿרײַ, ווײַס אָדער שוואַרץ, זײַן אַ ייִד צי אַ גוי, אַ קאַטוילִיקער אָדער אַ טערק, און יעדער ייִד קען זײַן אַן אָרטאָדאָקס צי אַ קאָנסערוואַטיווער, אַ רעפֿאָרמער צי אַ סאַטמאַרער, אַ לובאַוויטשער אָדער אַ בעלזער, און ער מעג עסן כּשר אָדער טריפֿה – קיינער קען אים קיין דעה נישט זאָגן. ער קען זײַן אַ ציוניסט אָדער אַ בונדיסט, אַ פֿולבויכיקער אַמעריקאַנער אָדער אַ "גרינער" – יעדער איינער געפֿינט זיך שוין אויס זײַן געזעלשאַפֿט, זײַן סבֿיבֿה. ער קען מתפּלל זײַן יעדן טאָג שחרית און מעריבֿ, אָדער גיין שבת אין קינאָ און אין טעאַטער – קיינער קען אים גאָרנישט פֿאַרווערן אין דעם פֿרײַען לאַנד אַמעריקע.

אָבער – ווי נאָר איך בין אָנגעקומען אין אָט דער פֿרײַער אַמעריקע האָבן מײַנע פֿרײַנד מיך געבונדן אין זייער קאַר, מיט וועלכן זיי האָבן מיך אָפּגעוואַרט נאָך דעם ווי איך בין אָנגעקומען פֿון קאַנאַדישן מאָנטריאָל קיין ניו־יאָרק. שפּעטער האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז אין דער פֿרײַער אַמעריקע, ווו יעדער איינער מעג זיך פֿירן ווי נאָר ער וויל, זענען פֿאַראַן אָן אַ שיעור באַגרענעצונגען און געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרבאָטן. אַזוי, אַ שטייגער, טאָר מען נישט רויכערן צווישן מענטשן, נישט טרינקען געצוקערט און נישט עסן געזאַלצן, און מען טאָר נישט זאָגן קיין שלעכט וואָרט אויף ישׂראל, מען טאָר נישט קריטיקירן אירע האַנדלונגען – צווישן ייִדן, פֿאַרשטייט זיך – מע טאָר זיך נישט אַרומדרייען בײַנאַכט אין דער שטאָט, און מען טאָר נישט טאָן אַ סך אַנדערע זאַכן.

ווײַל די פֿרײַע אַמעריקע איז פֿול מיט שרעק, מיט אמתדיקע אָדער אימאַגינירטע פּחדים. מען האָט מורא פֿאַר קראַנקייטן, פֿאַר רויב־איבערפֿאַלן, פֿאַר "האָלד־אַפּס", פֿאַר פֿאַרכאַפּונגען, פֿאַר דער זיקנה און פֿאַרן רוסישן שפּיאָנאַזש.

די שרעק פֿאַר דעם ״איידס״ איז איצט אויף דעם ערשטן אָרט פֿון די אַקטועלע פּסיכאָזעס אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿטלעבקייט. נאָך מער ווי דער פּחד פֿאַר דער אַטאָמישער באָמבע. די געפֿאַר פֿון דער איידס־קראַנקייט שרײַט אַראָפּ מיט גרויסע קעפּ פֿון אַלע צײַטונגען. מ׳האָט מורא זיך צו קושן, מ׳האָט מורא פֿאַר אַן אומבאַקאַנטן, טאָמער איז ער אָנגעשטעקט, טאָמער וועט ער אָנשטעקן. מ׳האָט מורא צו שיקן קינדער אין די שולן טאָמער געפֿינט זיך דאָרט אַ קינד, וואָס איז אָנגעשטעקט מיטן איידס.

אין ניו־יאָרק גייט איצט אָן אַ יורידישער גראַנגל צווישן דער שטאָטישער בילדונגס־אָפּטיילונג און אַ צאָל שול־פֿאַרוואַלטערס, וועלכע פֿאָדערן באַזײַטיקן אַ קינד, וואָס איז אָנגעשטעקט פֿון איידס, כאָטש די דאָקטוירים טענהן, אַז דאָס קינד איז אומשעדלעך. דער פּחד פֿאַר דעם איידס האָט אַרויסגערופֿן אַ היסטעריע צווישן די אַמעריקאַנער, און דער יִדישער מעיאָר פֿון ניו־יאָרק, עד טאַטש, האָט בעת די שטאָטראַט־וואַלן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען הײַנטיקע וואָך פֿאַרשטאַרקט זײַן פּאָפּולאַריטעט מיט זײַן צוזאָג צו שליסן די עפֿנטלעכע בעדער אין די קלובן פֿון די האָמאָסעקסואַלן. און ער איז טאַקע ווידער אויסגעוויילט געוואָרן אויף אַ דריטער קאַדענץ.

*

דער לענגערער באַזוך פֿון דעם פּרעמיער שמעון פּרס אין וואַשינגטאָן און די באַריכטן וועגן זײַנע פּילצאָליקע באַגעגענישן מיט די וועלט־מנהיגים און מיט די פֿאָרשטייערס פֿון די יִדישע אָרגאַניזאַציעס זענען ווי פֿאַרשלונגען געוואָרן אין דעם פֿעסטיוואַל פֿון דער פּאָליטישער אַקטיוויטעט, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער זעלבער צײַט מיטן אָפּמערקן 40 יאָר עקזיסטענץ פֿון דער יו־ען, די אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער, אויף וועלכער די פֿעלקער האָבן געלייגט אַזוי פֿיל האָפֿענונגען מיטן פֿאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה, און וואָס אַזוי פֿיל פֿון אָט די האָפֿענונגען האָבן אַנטוישט.

״אַ צוריקקער צו דער רעאַליטעט״ – האָט געזאָגט אַ הויכער באַאַמטער פֿון דער יו־ען. מיט אָט די ווערטער האָט ער באַצייכנט דאָס אויסוועפּן זיך פֿון די אילוזיעס אין דעם פֿערציקסטן געבורטס־טאָג פֿון דער נישט זייער פֿאַראייניקטער פֿעלקער־משפּחה.

אָבער ניו־יאָרק האָט געיובֿלט – הגם דער דאָזיקער פֿעסטיוואַל האָט זיך באַגרענעצט צו די צענטראַלע גאַסן פֿון דער וועלט־מעטראָפּאָליע, פֿון דער ערשטער ביז דער פֿינפֿטער עוועניו אין מאַנהעטן. די אַנדערע

גאַסן פֿון דער ריזיקער שטאָט האָבן וויַיטער פֿאָרגעזעצט זייער געוויינלעכן ברויזנדיקן לעבנס־טעמפּאָ, יעדער איינער מיט זיַינע ענינים און געשעפֿטן, ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען. ווייניק פֿון די אַמעריקאַנער איז אָנגעגאַנגען וועגן וואָס מען רעדט און וואָס מען באַשליסט אין די הויכע און רחבֿותדיקע בנינים פֿון דעם יו־ען צענטער אויף דער ערשטער עוועניו בײַם איסט־ריווער.

*

אויף דער ייִדישער מאָמענט און דער טראַגישער אַקאָרד פֿון דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן חורבן איז נישט פֿאַרפֿעלט געוואָרן אין אָט דער פֿעסטיוואַל־מוזיק פֿון די יו־ען־פֿײַערונגען, און ער איז בולט אָפּגעצייכנט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער פּרעסע.

דער דײַטשער קאַנצלער העלמוט קאָהל האָט דאָס מאָל זיך נישט געקענט אַרויסדרייען פֿון קיין קאָנפֿראָנטאַציע און אויסצוהערן דעם ייִדישן פּראָטעסט קעגן דער שענדלעכער פּרשה פֿון ביטבורג, וווּ דער קאַנצלער האָט פֿאַר זײַן אַרויספֿאָר קיין וואַשינגטאָן געלייגט אַ קראַנץ אויף די קבֿרים פֿון די עס־עס־לײַט אויפֿן מיליטערישן צווינטער פֿון אָט דער שטאָט. אין אַ גרויס רעמל אויף איינער פֿון זײַנע ערשטע זײַטן דערציילט דער פּרעסטיזשפֿולער "ניו־יאָרק טײַמס" וועגן דעם "כּשרן מיטאָג", וואָס דער קאַנצלער קאָהל האָט געגעסן מיט אַ גרופּע אַמעריקאַנער ייִדישע פֿאַרשטייער און בעת וועלכן די ייִדן האָבן גערעדט, און דער קאַנצלער האָט כּמעט ווי געשוויגן.

איינער פֿון די סאַמע שאַרפֿסטע מאָמענטן פֿון אָט דער באַגעגעניש, שרײַבט די אַמעריקאַנער צײַטונג, איז געווען ווען בנימין מיד, דער פֿאָרזיצער פֿון דעם פֿאַרבאַנד פֿון די שארית הפּליטה אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, האָט געשילדערט די איבערלעבונגען זײַנע און פֿון זײַן משפּחה אונטער דער דײַטשער גרויל־הערשאַפֿט. בנימין מיד איז דער מאַן פֿון ח׳טע וולאַדקע מיד, די העלדישע אונטערגרונט־קעמפֿערין אין געטאָ פֿון וואַרשע, אונדזער באַליבטע פֿייגעלע פּעלטעל פֿון אַמאָל.

צוויי קעניגן, 6 מלוכה־פּרעזידענטן, 10 פּרעמיער־מיניסטאָרן און 130 אויסערן־מיניסטאָרן, וואָס רעפּרעזענטירן 148 פֿון די 159 מדינות, אָנגעשלאָסענע אין דער יו־ען, האָבן זיך באַטייליקט אין די גע־בורטסטאָג־פֿײַערונגען פֿון דער אָרגאַניזאַציע, אין דער צײַט ווען די איבעריקע 11 קליינע מדינהלעך האָבן נישט געהאַט, קענטיק, אויף קיין רײַזע־הוצאָות פֿאַר זייערע מנהיגים. פֿאַרשטייט זיך, אַז מדינת־ישׂראל קען זיך נישט דערלויבן אויף אַזאַ לוקסוס פֿון **נישט** שיקן אַ גרויסע

דעלעגאַציע, און נישט אײַנצואָרדענען קיין טײַערע און באָמבאַסטישע קבלת־פּנימער... לאָמיר דערמאָנען, אַז ווען ישׂראל איז אַרײַנגענומען געוואָרן אין דער יו־ען, האָבן צו איר זיך אָנגעהערט בלויז 51 מדינות. צענדליקער־טויזנטער זיבערהייטס־לײַט האָבן אויסגעפּולט די שטאָט צו באַשיצן די חשובֿע געסט, די מנהיגים פֿון דער וועלט, וואָס זענען געקומען פֿײַערן דעם 40־יאָריקן געבורטסטאָג פֿון דער יו־ען. די טויזנטער לימוזינעס, מיט וועלכע זיי האָבן פּאַראַדירט, האָבן פֿאַר־שטאָפּט די גאַסן פֿון דער שטאָט.

אַזאַ קאָנצענטראַציע פֿון וועלט־מנהיגים האָט אַפֿילו ניו־יאָרק גאָר זעלטן־ווען געזען. די אײַנוווינער פֿון ניו־יאָרק האָבן זיך אָבער דערמיט נישט צו שטאַרק איבערגענומען. אין זייערע אויערן האָט אָפּגעקלונגען דער ווידערקול פֿון די ווערטער, מיט וועלכע זייער פּרעזידענט, ראָנאַלד רייגען, האָט אָנגעהויבן זײַן געבורטסטאָג־רעדע אויף דער פֿולפֿאַר־זאַמלונג פֿון דער יו־ען:

„מיט פֿערציק יאָר צוריק האָט די וועלט זיך אויפֿגעוועקט מיטן גלויבן, אַז די תּקופֿה פֿון האַס און גוואַלט איז שוין אויף שטענדיק פֿאַרבײַ, און אַז דער שלום וועט אויך באַשיצן די פֿרײַהייט פֿון פֿעלקער און פֿון מענטש. מיט פֿערציק יאָר צוריק האָט די וועלט נאַיִוו געגלויבט אין די אומ־שולדיקע טרוימען, געגלויבט אין אידעאַלן מיט אומשולדיקן צוטרוי... אָבער אין אָט די פֿערציק יאָר זענען צו פֿיל חלומות געוואָרן צעשטערט, צו פֿיל הבֿטחות זענען געוואָרן געבראָכן, צו פֿיל לעבנס זענען געגאַנגען פֿאַרלוירן. דער פֿײַנלעבער אמת איז, אַז דאָס באַנוצן זיך מיט ברוטאַלן כּוח כּדי אויפֿצוהאַלטן די מאַכט, איז געבליבן אַ דויערנדיקע ווירק־לעכקייט אין אַ גרויסן טייל פֿון דער וועלט...

פּרעז' רייגען האָט צוגעגעבן אין זײַן רעדע, אַז ער איז געקומען פֿאָרלייגן „אַ נײַעם סטאַרט", אַ נײַעם אָנהייב. נאָך פֿערציק יאָר פֿון אַנטוישונגען גלייבן אָבער זייער ווייניק מענטשן אין אַזעלכע נײַע סטאַרטן, וואָס ווערן פֿאָרגעלייגט פֿון די הערשער פֿון דער וועלט.

*לעצטע נײַעס*, **8־טער נאָוועמבער 1985**
(פֿון דער רובריק **„וואָכעדיקס אויף שבת"**)

# אויף די רעשטן פֿון
# דער גרויסער אימפּעריע

דער ישׂראלדיקער האָטעל "דן" – אַ קליינע אַבסניה, בעיקר, פֿאַר ישׂראלים, אַן אייגנאַרטיקע פּריוואַטע איניציאַטיוו פֿון אַ "סאַברע", אַ געוועזענעם באַאַמטן פֿון דער ישׂראל־אַמבאַסאַדע אין רוים – געפֿינט זיך אויף וויאַ באַנקאָמפּאָני, האַרט נעבן דער וועלטבאַרימטער גאַס, די וויאַ ווענעטאָ, ווו עס זיצן טאָג און נאַכט אין די קאַפֿעען די באַרימטע פֿילם־אַקטריסעס און די יונגע שיינהייטן פֿון איטאַליע.

אָבער אַ סך שענער פֿון זיי זענען די אַלטע שיינהייטן פֿון מאַרמאָר און פֿון שטיין, די פּראַכטפֿולע רעשטן פֿון אַן אַלטער ציוויליזאַציע, וואָס האָט איבערגעלעבט אַזוי פֿיל אויפֿטרייסלונגען און צעשטערונגען פֿון דער צײַט אויף דער וויאַ אימפּעריאַלע, דעם באַרימטן טראַקט, וואָס פֿירט פֿון שטאָט־צענטער צום קאָלאָסעום (וועלכער איז ווירקלעך – קאָלאָסאַל...). אויף לינקס פֿירט דער טראַקט צום קווירינאַל, און אויף רעכטס צום פּאַלאַטין, צו די באַרימטע קאַראַקאַלאַ־בעדער און צום רוימישן פֿאָרום.

דאָרט, בײַ דער זײַט פֿון דעם פֿאַר אונדז, ייִדן, טרויעריק־באַרימטן טיטוס־טויער, ליגט אַ צעקרישלטע אין שטאָלצער פּראַכט די אַלטע רוימישע אימפּעריע – אָט אויפֿן דאָזיקן טראַקט האָבן די איטאַליענישע אַרכיטעקטן פֿון טוריסטישן ביזנעס אויפֿגעשטעלט אַ מערקווערדיקן דענקמאָל, וואָס איז אַנדערש פֿון די צענדליקער טויזנטער דענקמעלער, וועלכע מיר געפֿינען אין אָט דער אייביקער שטאָט: אויף דער מויער בײַ דער זײַט פֿון דעם פֿאָרום ראָמאַנאָ זענען אויף אַ ריזיקער מאַרמאָרנער פּלאַטע אויסגעקריצט די מאַפּעס פֿון רוימס אויפֿשטײַג, פֿון איר מעכטיקייט און וווּקס. זעלטן וועלכע עס איז אַנדערע וויזיע איז אימשטאַנד פֿאָרצושטעלן מיט אַזאַ דראַמאַטישער באַשײַמפּער־לעכקייט די קאַפּריזן פֿון דער געשיכטע, ווי די דאָזיקע פֿיר גרויסע

מאַפּעס אויפֿן הויפּט־טראַקט פֿון רוימס אייביקייט: די ערשטע מאַפּע שילדערט אונדז דאָס קליינע נעבעבדיקע פּינטעלע – די שטאָט רוים, וואָס אויף איינעם פֿון אירע זיבן בערגלעך, אויפֿן פּאַלאַטין, האָט ראָמולוס געגרינדעט די שטאָט מיט 2624 יאָר צוריק (אין יאָר 753 פּ"קר); דאַן קומט די צווייטע מאַפּע, די מאַפּע פֿון נאָך די פּונישע מלחמות, וואָס האָבן געדויערט איבער 120 יאָר און וואָס האָבן פֿאַרוואַנדלט די רוימישע רעפּובליק אין אַ גרויסן און שטאַרקן כּוח. אויף דער דריטער מאַפּע זעען מיר די אימפּעריע פֿון אָקטאַוויאַן אויגוסט, וועלכער האָט אין יאָר 14 נאָך קריסטוסעס געבורט זיך אויסגעשפּרייט ביז סיריע און ביזן שוואַרצן ים, און וואָס איר עיקרדיקער כּוח איז געווען נישט אַזוי אין אירע אויסערלעכע דעראָבערונגען, ווי אין איר אינערלעכער עשירות, אין דער געוואַלדיקער שעפֿערישקייט און ענערגיע, ווי דאָס האָט צום בעסטן אויסגעדריקט פֿאַרן טויט אין זײַנע געזעגענונגס־רייד דער קיסר אַליין, דער אימפּעראַטאָר אָקטאַוויאַן אויגוסט: "איך האָב געפֿונען רוים געבויט פֿון שטיינער – און איך לאָז זי איבער אין מאַרמאָר".

און צום סוף, אויף דער פֿערטער מאַפּע, זעען מיר רוים אין איר העכסטן אויפֿשוווּנג – די ריזן־אימפּעריע, וואָס האָט אונטער דער הערשאַפֿט פֿון טראָיאַנוס אין די יאָרן 98–117 זיך אויסגעשפּרייט פֿון מעסאָפּאָטאַמיע אין מיזרח ביזן אַטלאַנטישן אָקעאַן אויף מערבֿ, און פֿון ענגלאַנד אויף צפֿון, ביז אַפֿריקע אויף דרום...

און דאָרט, הינטער דער מויער מיט די מאַפּעס פֿון רוימס אויפֿשטײַג, ליגט די אימפּעריע אַ צעשמעטערטע, און אירע פּראַכטפֿולע מיטאָסן און לעגענדעס ליגן באַגראָבן אונטער אירע חורבֿות און סטאַטועס אויפֿן פֿאָרום. דערנעבן, אויף דער ריזיקער אַרענע צווישן די חורבֿות פֿון די אַלטערטימלעכע בעדער פֿון קאַראַקאַלאַ, ווערט יעדע נאַכט אויפֿגעשפּילט – מיט אַ ריזן־אַנסאַמבל און מיט פֿערד־ און רײַט־ וועגענער אויף דער בינע – די באַרימטע אָפּערע *אַידאַ* פֿון דזשוזעפּע ווערדי, אָדער אַנדערע אָפּערעס, מיט וועלכע עס שטאָלצירן די הײַנטצײַטיקע איטאַליענער. און אויף דער גאַס, צווישן די שטומע אַלטערטימלעכע חורבֿות און הילכיקע קלאַנגען, וואָס טראָגן זיך פֿון דער אָפּערע־בינע אין די בעדער פֿון קאַראַקאַלאַ – שטראָמט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פֿון הײַנטצײַטיקן רוים, ווו אויסער די אַטראַקציעס, וואָס מען פֿאַרקויפֿט פֿאַר טוריסטן, ראַנגלט זיך די רעגירונג צוזאַמען מיטן פֿאָלק איבער טויזנטער פּראָבלעמען פֿון גרויען טאָג־טעגלעכן

קיום, מיט אינפֿלאַציעס, יקרות, אַרבעטסלאָזיקייט און אַזוי ווײַטער.

אַן אויסטערליש געמיש, אַ מין פֿרידלעכע קאָעקזיסטענץ צווישן אַלט און נײַ, לעגענדע און ווירקלעכקייט, צווישן דער אומגעווײנלעכער פּראַכט פֿון אַמאָל און דער טיפֿער הײַנטצײַטיקער אָרעמקייט.

איך בין גראָד אָנגעקומען קיין רוים פֿון פּאַריז, וועלכע איז אויך איינע פֿון די "הויפּטשטעט פֿון דער געשיכטע". אין ביידע איז די קעגנוואַרט צוזאַמענגעלעבט מיט דער מאָנומענטאַלער געשיכטע. אָבער אויב פּאַריז איז עלעגאַנטער, אויסגעצוואָגן און ווײַס – איז רוים אייגנאַרטיק מיט איר ספּעציפֿישן חן: זי איז אַ סך אינטימער פֿון איר ייִנגערער שוועסטער, ווייניקער אויסגעפּוצט, און איר קאָליר איז – אָראַנזש. באַזונדערס אין ליכט פֿון בין־השמשות, ווען די ציגל־פֿאַרב פֿון די אַלטערטימלעכע רויִנען גיסט זיך צוזאַמען מיט דער אָראַנזש־קאָליר פֿון די גראָדליניקע פּאַלאַצן פֿון רענעסאַנס און מיט די רײַכע דענקמעלער פֿון דער באַראָקישער תּקופֿה. רוים איז – מער פֿון יעדער אַנדערער שטאָט אויף דער וועלט – די שטאָט פֿון וווּנדערבאַרער האַרמאָניע פֿון דער נאַטור און דער אַרכיטעקטור, איבער וועלכער עס הערשט די אָראַנזש־קאָליר. אַלע תּקופֿות פֿון דער אַרכיטעקטור און קונסט לעבן זיך דאָ האַרמאָניש צוזאַמען, איינע אויף דער אַנדערער – דער ראָמאַנישער סטיל, דער ביזאַנטישער און גאָטישער, צוזאַמען מיטן רענעסאַנס, מיטן באַראָק. נאָר איין סטיל רײַסט זיך אַרײַן אינמיטן און פֿאַרשעמט עטוואָס די אַלגעמיינע האַרמאָניע: – דאָס איז דער נעאָ־קלאַסישער, אין ווײַסן מאַרמאָר געבויטער ריזן־דענקמאָל פֿון דעם קעניג וויקטאָר עמאַנועל דעם צווייטן, קעניג פֿון סאַרדיניע, וועלכער האָט פֿאַראייניקט איטאַליע און איז געזאַלבט געוואָרן אַלס קעניג מיט 110 יאָר צוריק.

אין פּאַריז זענען די אוֹצרות פֿון דער קונסט קאָנצענטרירט בעיקר אין די מוזייען און אין די פּאַלאַצן. דאַקעגן געפֿינען זיך די קונסטווערק פֿון רוים בעיקר אויף די גאַסן, אויף די פּלעצער און אין די קלויסטערס, (אויסער, פֿאַרשטייט זיך, אין מוזיי פֿון ווילאַ באָרגעזע און אין אייניקע קלענערע מוזייען). דער וואַטיקאַן איז הײַנט דער רײַכסטער קונסט־קאָלעקציאָנער אויף דער וועלט, שוין אָפּגערעדט פֿון דער קונסט, וואָס איז אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין דער אַרכיטעקטור אַליין און אין דעם בוי פֿון די קלויסטערס. דער וואַטיקאַן האָט אויך מצליח געווען צו באַהערשן אַ טייל פֿון די אַלטערטימלעכע קונסט־חורבֿות און "אַרויפֿזעצן זיך" אויף זיי מיט זייערע הייליק פֿאַרגלאָצטע אויסלייזונגס־כּוונות.

מ׳דאַרף אָבער מודה זײַן, אַז זיי האָבן אויך אָפּגעראַטעוועט און אָפּגעהיט אַ סך אַלטע קולטור־אוצרות פֿון פֿולשטענדיקער פֿאַרניכטונג. אַזוי, למשל, געפֿינען מיר אויף די חורבֿות פֿון פֿאָרום ראָמאַנאָ די באַזיליקע פֿון די הייליקע קאָסמאַ און דאַמיאַנאָ, די דאָזיקע באַשיידענע באַזיליקע איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן דורכן פּויפּסט סאַנט־פֿעליקס דעם 4־טן (אין אָנהייב פֿון 6־טן י״ה) אין האָל פֿון דעם ״פֿאָרום דעלאָ פּאַטשע אָ די וועספּאַסיאַנאָ״, ווו עס איז אין יאָר 75 נ״ק פֿאַרלייגט געוואָרן די באַרימטע ״ביבליאָטעק פֿון שלום״, און דאָרט, אין דער באַזיליקע, איז געפֿונען געוואָרן די וווּנדערשיינע מאָזאַיִק פֿון די הייליקע קאָסמאַ און דאַמיאַנאָ – אַ מײַסטערווערק פֿון דער רוימישער מאָזאַיִק־שול. די איצטיקע באַזיליקע איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן אויף די חורבֿות פֿון דער פֿריִערדיקער דורכן פּויפּסט אורבאַן דעם 8־טן אין יאָר 1632, און דער אַרײַנגאַנג צו דער באַזיליקע געפֿינט זיך אויף די חורבֿות פֿון דעם ״טעמפּל פֿון ראָמולי״, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורך דעם קעניג מאַקסענטיוס אין יאָר 307.

אַזוי פֿלעכט זיך אַרײַן איין תּקופֿה אין דער אַנדערער. און זיי אַלע זענען הײַנט אַ טייל פֿונעם לעבן פֿון רוים, אַ סחורה פֿאַר דעם פֿיל־מיליאָניקן שטראָם פֿון טוריסטן, וועלכע זענען שוין געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער שטאָט, אַן אַטראַקציע – פֿאַר אַנדערע טוריסטן... די זעלבע האַרמאָניע וואָס הערשט צווישן די דענקמעלער פֿון פֿאַרשיידענע תּקופֿות און סטילן, הערשט אויך צווישן אָט־די דענקמעלער און די הונדערטער היפּיס, וואָס זיצן אויסגעזעצט אויף די וווּנדערלעכע טרעפּ פֿון פּיאַצאַ די ספּאַניאַ, צי בײַ דעם פֿאַנטאַסטישן פֿאָנטאַנאָ די טרעווי, אָדער בײַ די דענקמעלער אויף פּיאַצאַ נאַוואָנע. אויף אָט דעם פּלאַץ האָבן אויך די גרויסע קונסט־שעפֿער פֿאַראייביקט די שפּאַסן פֿון זייער תּקופֿה: קעגנאיבער דעם מאָנומענטאַלן פֿאַסאַד פֿונעם ״קלויסטער פֿון דער הייליקער אַנעט אין טרויער״ האָט דער באַרימטער באַראָקישער סקולפּטאָר בערניני אויפֿגעשטעלט, אין סאַמע צענטער פֿונעם פּלאַץ, זײַן באַוווּסטן ״פֿאָנטאַן פֿון די פֿיר טײַכן״, מיט אַלעגאָרישע פֿיגורן, וואָס סימבאָליזירן דעם נילוס, דעם גאַנגעס, דעם דונאַי און דעם טיבער מיטן פּאָ. די לעצטע, די איטאַליענישע טײַכן, זענען פֿאָרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פֿון אַ ייִנגעלע, וואָס האַלט די האַנט אויפֿגעהויבן אַרויף, טאַקע צום פֿאַסאַד פֿון דעם קעגנאיבערדיקן קלויסטער. און די לעגענדע זאָגט, אַז דאָס האָט בערניני אַזוי געמאַכט דאָס ייִנגעלע זאָל האַלטן די האַנט, כּדי די הייליקע מאַריע פֿון

קעגנאיבער, דאָס ווערק פֿון זײַן ריוואַל, דעם סקולפּטאָר־אַרכיטעקט באָראַמיני, זאָל, חלילה, פֿונעם פֿאַסאַד נישט אַראָפּפֿאַלן ...

אַזוי דערציילט די לעגענדע. אין דער אמתן שטימט דאָס נישט אײַנגאַנצן מיט דער ווירקלעכקייט, ווײַל דער פֿאָנטאַן איז אַנטהילט געוואָרן אין יאָר 1651, און דער פֿאַסאַד פֿון דעם קלויסטער איז אויסגעפֿאַרטיקט געוואָרן ערשט מיט 15 יאָר שפּעטער. אָבער די לעגענדע האָט, פּונקט אַזוי ווי די זשורנאַליסטיק, אויך ליב אַזעלכע סאַטירישע קוריאָזן...

אָבער ווער עס האָט נישט געזען די שפּיל פֿון ליכט אין רוים בײַנאַכט – דער האָט אין זײַן לעבן קיין שיינקייט נישט געזען, שוין אָפּגערעדט פֿון די באַליבטעסטע פֿאָנטאַנען אין די גערטנער פֿון טיוואָלי. איך האָב געזען דעם טאַנץ פֿון די פֿאָנטאַנען אויפֿן "עקספּאָ" אין מאָנטרעאַל, און אויף טראָקאַדעראָ־פּלאַץ קעגנאיבער דעם אייפֿל־טורעם אין פּאַריז. אָבער צו דער פֿאָרשטעלונג פֿון ליכט און קלאַנג אין רוים קומט עס נישט.

דער אומגעוויינלעך אײַנדרוקספֿולער ליכט־ספּעקטאַקל, וואָס איז דורך דער רעגירונג איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ פּריוואַטער אונטער־נעמונג, האָט אָבער אַרויסגערופֿן אַ שאַרפֿע קעגנערשאַפֿט מצד די יונגע אַרכעאָלאָגן, וועלכע האָבן עטלעכע נעכט דעמאָנסטרירט קעגן די דאָזיקע פֿאָרשטעלונגען. זייער טענה איז געווען, אַז די וויבראַציע פֿון די קלאַנגען שעדיקט די אַרכעאָלאָגישע קעגנשטאַנדן אויפֿן אָרט.

און אין אָט דעם ווירבל צווישן די חורבֿות פֿון אַלטערטום און דער דינאַמיק פֿון דער קעגנוואַרט, גייט זיך דאָס לעבן מיט זײַן נאַטירלעכן גאַנג. אין די האָטעלן שטרײַקן די אָנגעשטעלטע, און די טוריסטן מוזן זיך אַליין אויסבעטן זייערע געלעגערס. און דער שאָפֿער, וועלכער פֿאָרט מיט אונדז פֿאַרבײַ נעבן דעם באַלקאָן, פֿון וועלכן מוסאָליני פֿלעגט האַלטן זײַנע רעדעס אויפֿן פּיאַצאַ די ווענעציאַ קעגנאיבער דעם ווײַסן דענקמאָל פֿון קעניג וויקטאָר עמאַנועל, רעדט מיט בענקשאַפֿט וועגן די "גוטע צײַטן" פֿון פֿאַשיסטישן רעזשים, הגם הײַנט שטימט ער פֿאַר די קאָמוניסטן...

*לעצטע נײַעס*, **22־סטער אָקטאָבער 1971**

## די ייִדישע פּאַרטיזאַנער־פּרוּוו
## אין די בערג פֿון לאָמבאַרדיע

ערשט ווען מען זעט איטאַליע מיט די אייגענע אויגן, קאָן מען פֿאַרשטיין פֿון וואַנען עס נעמט זיך די ליבשאַפֿט און אַכטונג פֿון די איטאַליענער צו זינגער און פּאָעטן.

אויפֿן אינדזל קאַפּרי, אויף איינעם פֿון די בילדערישע סערפּענטין־געסלעך, וואָס פֿירן אַרויפֿצו צום שפּיץ פֿונעם באַרג, שטייט אַן אַלטער דעמב, וועמענס געדיכטע צווײַגן וואַקסן אַריבער אויף דער אַנדערער זײַט פֿון דעם שמאָלן געסל. דער אייגנטימער פֿון דעם פּלאַץ קעגנאיבער דעם בוים איז אומגליקלעך – ער קאָן דאָרט נישט בויען קיין הויז, און ער קאָן אויך דעם פּלאַץ נישט פֿאַרקויפֿן. ער קאָן פֿאַר אים קיין פּרײַז נישט באַקומען: ווײַל אונטער אָט־דעם בוים האָט דער גרויסער לאָרד בײַראָן געשריבן אייניקע פֿון זײַנע פּאָעמעס. דערפֿאַר טאָר מען דעם בוים נישט אָפּשנײַדן, נישט באַשעדיקן – אַפֿילו ווען ער שטערט דער באַוועגונג. אַפֿילו ווען ער שטערט בויען אויפֿן קעגנאיבערדיקן פּלאַץ (איך בין זיכער, אַז ווען דער בנין פֿון דער הרצליה־גימנאַזיע, אָדער דאָס הויז פֿון אַחד־העם וואָלט געשטאַנען אין קאַפּרי, צי ערגעץ אַנדערשוווּ אין איטאַליע, וואָלט מען אויף דעם אָרט נישט געבויט קיין "כּל־בוֹ", קיין "מיגדל־שלום"־בנין...)

אין רוים האָט מען מיר געוויזן אַ קליין פּלעצל בײַ דער זײַט פֿון דעם באַרימטן פּיאַצאַ נאָוואָנאַ, ווו עס געפֿינט זיך דער פֿאָנטאַן פֿון די פֿיר טײַכן פֿון דעם באַראָקישן סקולפּטאָר בערניני. דאָס קליינע פּלעצל דערנעבן טראָגט דעם נאָמען פֿון דעם איטאַליענישן דיכטער פּאַסקינאָ, וועלכער פֿלעגט שרײַבן בײַסיקע סאַטירעס קעגן דער הערשאַפֿט פֿון אַ דעספּאָטישן פּויפּסט. זײַנע סאַטירעס האָט מען נישט געטאָרט פֿאַרעפֿנטלעכן, אָבער גאַנץ רוים האָט זיי געקענט אויף אויסנווייניק, ווײַל יעדע נאַכט פֿלעגט דער דיכטער פּאַסקינאָ קומען אויף דעם

פּלעצל, פֿלעגט אַרײַנלייגן זײַן נײַ־אָנגעשריבענע דיכטונג אין אַ שפּעלטל פֿון דער קליינער סטאַטוע פֿון דער הייליקער מאַריע, וועלכע שטייט דאָרט אין אַ ווינקל צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט – און אויפֿ־צומאָרגנס פֿאַרטאָג פֿלעגן דאָס זײַנע חסידים אַרויסנעמען, איבער־שרײַבן און דעקלאַמירן אין די קאַפֿעען. די איטאַליענער זענען פֿרומע קאַטאָליקן, זיי האָבן דרך־ארץ צום פּויפּסט און צו די גלחים, אָבער נאָך מער דרך־ארץ און טאַקע ליבשאַפֿט, ווײַזן זיי אַרויס צו די פּאָעטן.

און אין די שטעט פֿון לאָמבאַרדיע, אין מילאַנאָ, אין קאָמאָ, אין לעקקאָ און אין אַנדערע ערטער אין צפֿון פֿון איטאַליע, האָב איך געזען אַ גרויסע צאָל סטאַטועס פֿון דעם פּאָפּולערן איטאַליענישן נאַציאָנאַלן דיכטער אַלעקסאַנדראָ מאַנצאָני, וועלכער האָט באַזונגען די שיינקייט פֿון לאָמבאַרדיע מיט אירע בערג און אָזיערעס.

*

לאָמבאַרדיע, וואָס ליגט צופֿוסנס פֿון די אַלפּן, נישט ווײַט פֿון דער שווייצאַרישער גרענעץ, איז געדיכט באַוווינט און אָנגעפּראָפּט מיט אַ סך שטעטלעך, ווי אַרײַנגעשפּאַרט צווישן די שפּאַלטן פֿון די בערג, ווי צוגעקלעפּט און אַרײַנגעוואַקסן אין דער פֿאַרכאַפּנדיקער לאַנדשאַפֿט. אין די דאָזיקע שטעטלעך קלאַפּט ענערגיש דער פּולס פֿון אַ גוט־אַנטוויקלטער מאָדערנער אינדוסטריע; דאָ ווערן אויסגעאַרבעט טעקסטילן און מאַשינען פֿאַר טעקסטיל־פֿאַבריקן, און די מאַשינען האָבן אַ גוטן אָפּזאַץ אין כינע, אין פּוילן און אַ סך אַנדערע לענדער פֿון דער וועלט. אָבער נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער אינדוסטריאַליזאַציע פֿון אָט־דער געגנט, לעבט דאָרט די באַפֿעלקערונג אַ רויִק, פֿלעגמאַטיש לעבן, אָן אײַלעניש, אָן דער נערוועזיטעט פֿון די גרויסע שטעט.

אָן ספֿק איז דאָס די קאָלירפֿולע באַרגיקע לאַנדשאַפֿט, וואָס רינגלט אַרום די קליינע שטעטלעך מיט די גרויסע פֿאַבריקן, און וואָס מאַכט די דאָרטיקע אײַנוווינער אַזוי ראָמאַנטיש געשטימט, אַזוי געמיטלעך און פֿרײַנדלעך. די אינדוסטריע מאַכט פֿאָרשריט, דאָס לעבן און די מאָדע ענדערן זיך – אָבער די נאַטור איז אומפֿאַרענדערט. די הויכע בערג בײַטן זייערע קאָלירן לויט די צײַטן פֿון טאָג, אָבער טויזנטער יאָרן חזרט טאָג־טעגלעך זיך איבער די זעלבע געטלעכע פֿאַרבן־שפּיל; און די בלויע וואַסערן פֿון די אָזיערעס זענען – דערוועײַל נאָך – אייביק בלוי, אַזוי ווי זיי זענען געווען אין משך פֿון טויזנטער יאָרן. כאָטש, ווער ווייסט, אפֿשר איז אויך די אייביקייט נישט אייביק... לעבן מיר דאָך אין אַ צײַט, ווען די מאָדערנע טעכנאָלאָגיע צעשטערט אַלץ, וואָס איז ביז איצט

געווען שיין און אייביק. נישט נאָר אָזיערעס און טײַכן, נאָר אַפֿילו גאַנצע ימען און אָקעאַנען ווערן פֿאַראומרייניקט פֿון אָפּפֿאַל, פֿון גיפֿט, פֿון ראַדיאָאַקטיווער אויסשטראַלונג.

צו די אָזיערעס, די ״לאַגאָס״ פֿון צפֿון־איטאַליע, איז נאָך די דאָזיקע פּלאָג נישט דערגאַנגען. אויף אַ הויכן באַרג איבער די בלויע וואַסערן פֿון לאַגאָ די קאָמאָ שטייט שוין 800 יאָר אין שטאָלצער איינזאַמקייט דער טורעם־שלאָס פֿון דעם באַרימטן פֿרידריך באַרבאַראָסאַ, דעם גערמאַנישן הערשער, וועלכער האָט זעקס מאָל געפֿירט זײַנע ריטער און וואַסאַלן אין קאַמף קעגן די לאָנגאָבאַרדן. די גוטמוטיקע אייניקלעך פֿון די לאָנגאָבאַרדן טראָגן אָבער נישט קיין האַס צו זייער אַמאָליקן פֿײַנט און באַצווינגער, און דער פֿאַרבליבענער שלאָס פֿון דעם רויט־בערדיקן דײַטשן קייסער איז איצט אַ טייל פֿון דער איטאַליענישער לאַנדשאַפֿט. דאָ, נישט ווײַט פֿון דעם טורעם־שלאָס פֿון באַרבאַראָסאַ, האָבן די אַנטי־פֿאַשיסטישע פּאַרטיזאַנער אויסגעפֿירט דעם טויט־אורטייל איבער דעם פֿאַשיסטישן דיקטאַטאָר בעניטאָ מוסאָליני בײַם סוף פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

*

אין דער אייביקער אומבאַוועגלעכקייט, אין וועלכער עס שטייען שוין טויזנטער יאָרן די וואַסערן אין די אָזיערעס און לאַגאָס, טראַכט־צו דער גורל פֿון צײַט צו צײַט די סאַמע אויסטערלישסטע סיטואַציעס, איינע פֿון זיי איז געווען – מײַן פֿולשטענדיק צופֿעליקע באַגעגעניש מיט אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער יידישער נשמה, אַ יידישע פֿרוי פֿון מײַן היימשטאָט.

און געשען איז דאָס אויף פֿאָלגנדיקן אופֿן: איך האָב זיך אַראָפּגעכאַפּט פֿון מילאַנאָ אויף עטלעכע טעג קיין לעקקאָ – אַ פּראַכטפֿול שטעטל בײַ דער אָזיערע לעקקאָ – און פֿון דאָרט אין דעם קליינינקן שטעטעלע אָדזשאָנע, בײַ דער אָזיערע אָננאָני, כּדי זיך אָפּצורוען עטלעכע טעג אין אָט דער פּראַכטפֿולער געגנט. אין דעם שטעטעלע, אין וועלכן עס געפֿינט זיך אַ גרויסע פֿאַבריק פֿון טעקסטיל־מאַשינען, לעבן סך־הכּל זעקס טויזנט אײַנוווינער, און איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין איינעם פֿון די צוויי קליינע האָטעלעכלעך – ״לאַ וועטורינאַ״. דער אייגנטימער האָט מיך אויפֿגענומען זייער פֿרײַנדלעך, כאָטש מיר האָבן קיין געמיינזאַמע שפּראַך נישט געקענט. מיט מײַן קליינעם באַגאַזש פֿון די איטאַליענישע ווערטער, וואָס איך האָב באַוויזן זיך איבערצושרײַבן פֿון ווערטערבוך, האָב איך געזאָגט, אַז איך בין פֿון ישׂראל; ער, פֿון זײַן זײַט, האָט מיר פֿאַרזיכערט ווי ליב ער

האָט ישׂראל און ווי פֿײַנט ער האָט די אַראַבער, האָט מיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש און דערלאַנגט אַ זאַט איטאַליעניש מיטאָג אָפּצועסן.

בײַ אַ צווייט טישל האָט געגעסן מיטאָג אַ מיטליאָריקער איטאַליענער, וועלכער האָט זיך נײַגעריק צוגעהערט און צוגעקוקט צו מיר, ביז ער איז ענדלעך צוגעקומען צו מיר, זיך אַנטשולידקט, הלמאַי ער האָט "אונטערגעהערט" מײַן געשפּרעך מיטן בעל־הבית. ער האָט אויך, זאָגט ער, אַ שטיקל שײַכות מיט ישׂראל: ער האָט דאָרט קרובֿים.

"זײַט איר דען אַ ייִד?" האָב איך אים פֿאָרזיכטיק געפֿרעגט.

"ניין," האָט ער געענטפֿערט. "איך בין אַן איטאַליענער, אַ קריסט. אָבער מײַן פֿרוי איז אַ ייִדישע, פֿון פּוילן."

"פֿון וואַנען פֿון פּוילן?"

"פֿון וואַרשע."

נאָכדעם ווי איך האָב אים אַ צופֿרידענער געזאָגט, אַז אויך איך שטאַם פֿון פּוילן, און טאַקע פֿון וואַרשע – האָט ער זיך נאָך מער דערפֿרייט און איז איבערגעגאַנגען פֿון פֿראַנצויזיש (וואָס איך האָב גאַנץ שוואַך פֿאַרשטאַנען) צום פּוילישן לשון, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט בײַ זײַן ייִדישער פֿרוי.

פֿון וואַנען קומט עס אַ ייִדישע פֿרוי פֿון פּוילן צו זײַן דאָס ווײַב פֿון אַן איטאַליענער אינעם פֿאַרוואָרפֿענעם אָרט אין לאָמבאַרדיע? דער גורל, דער ייִדישער גורל, פֿירט אומעטום, אויך אַהין קיין לאָמבאַרדיע, קיין אָדזשאָנע. דאָס האָט די נאַצישע מלחמה אַזוי געקירעוועט מיטן גורל.

דורכגעמאַכט דעם נאַצישן גיהנום אין וואַרשעווער געטאָ און אין פֿאַרשיידענע לאַגערן, פֿאַרלוירן דעם מאַן און קינד, האָט זיך דער פֿרוי אײַנגעגעבן צו אַנטלויפֿן און אַריבערצוקומען די גרענעץ אין דער שווייץ. פֿון דאָרט איז זי אַנטלאָפֿן דורך דער גרענעץ קיין איטאַליע, ווו זי האָט זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ גרופּע אַנטיפֿאַשיסטישע פּאַרטיזאַנער. דער קאָמאַנדיר פֿון דער גרופּע, וואָס האָט געהערשט אין די וועלדער און בערג פֿון לעקקאָ – אָדזשאָנע, איז געווען טאַקע דער־אָ מאַן, וועלכן איך האָב איצט באַגעגנט אין דעם קליינעם קאַפֿע פֿון "לאַ וועטורינאַ", בײַם ברעג פֿון דער אָזיערע אַננאָנע. זיי האָבן זיך, אַלזאָ, פֿאַרליבט און זענען געוואָרן מאַן־און־ווײַב.

קאַרלאָ – אַזוי הייסט דער איטאַליענער – איז הײַנט אַן אַגענט פֿון אַ גרויסן איטאַליענישן ביכער־פֿאַרלאַג, און ער פֿאָרט אַרום מיט זײַן אויטאָ און מיט ביכער איבער גאַנץ לאָמבאַרדיע. איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין חודש קומט ער אין שטעטעלע אָדזשאָנע, זײַן געבורטס־אָרט,

און גראָד דעם טאָג האָט ער דאָרט מיך באַגעגנט, דעם ייִד פֿון ישׂראל.

אויפֿצומאָרגנס איז ער ווידער געקומען מיט זײַן אויטאָ, כּדי מיך אײַנצולאַדן צו זיך אַהיים קיין קאָמאָ, וואָס געפֿינט זיך אַן ערך 25 ק״מ פֿון דעם אָרט. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָב איך דעמאָלט פֿאַרברענגט אין דער וואַרעמער האַרציקער שטוב פֿון דעם פּאָרפֿאָלק, און צופֿוסנס פֿון דעם טורעם־שלאָס פֿון פֿרידריך באַרבאַראָסאַ האָט פּליסיק געשטראָמט דאָס זאַפֿטיקע ייִדישע לשון פֿון אָט דער פֿרוי, וועלכע האָט שוין לאַנג נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו רעדן ייִדיש אין יענע קאַנטן. און ווען זיי האָבן מיך שפּעט בײַנאַכט צוריקגעפֿירט מיט זייער אויטאָ קיין אָדזשאָנע, האָבן זיי מיר מיטגעגעבן אַ גאַנצן הויפֿן מיט גרוסן פֿאַר זייערע קרובֿים אין בת־ים און אין תּל־אָבֿיבֿ.

נישט איין מאָל שפּעטער, זיצנדיק בײַם ברעג פֿון דער בלויער אָזיערע און צוהערנדיק זיך צו דער געהיימנישפֿולער שטילקייט פֿון דעם אַרום, האָב איך געפּרוּווט אַרײַנטראַכטן אין דעם פּענאָמען פֿון ייִדישן גורל, וואָס מאַכט די ווײַטע צפֿון־איטאַליענישע לאַנדשאַפֿט אַזוי היימיש און אייגן פֿאַר דער וואַרשעווער ייִדישער פֿרוי: פֿון דעם זעלבן גורל, וואָס מאַכט אויך, אַז שולמית, די טאָכטער פֿון דעם אומגעקומענעם ייִדישן דיכטער אַלטער קאַציזנע, זאָל זיך פֿילן אין דער איטאַליענישער הויפּטשטאָט ווי אַן אַפּטרופּוס איבער דער אונטער־געגאַנגענער אימפּעריע און זאָל זיך זאָרגן און זיך דענערווירן צוליב דעם, וואָס די היסטאָרישע רעשטן, זעלטענע קונסט־אָביעקטן, ווערן נישט ווי געהעריק אָפּגעהיט און הלמאַי אויך, איר רוים, ווערט הײַנט אַזוי פֿאַרנאַכלעסיקט. און עס ליגט מיר נאָך אין מויל דער גוטער ייִדישער טעם פֿון דעם נאַפּאָליטאַנישן קוגל, געמאַכט פֿון איטאַליענישע מאַקאַראָנען, מיט וועלכן די מאַרקיזע שולמית רעאַלע האָט מיך מכבד געווען בײַ זיך אין רוים...

*לעצטע נײַעס, ״נאָטיצן פֿון וועג״*

**29־סטער אָקטאָבער 1971**

# דאָרט ווו די פֿערד מאַכן אַ לעבן

אוי, ווי שיין ס'איז די וועלט! און – ווי גוט וואָלט געווען צו לעבן, ווען מע וואָלט קיין צײַטונגען נישט געדאַרפֿט לייענען.

זאָלן מײַנע ברויטגעבער מיר מוחל זײַן די שאָדן־ברענגענדיקע רעקלאַמע; איך מוז אויך בעטן מחילה בײַ זיך אַליין, פֿאַר אונטערזעגן דעם בוים פֿון מײַן אייגענער פּרנסה. וואָס זאָל איך אָבער טון, אַז ווען מיר לייענען די צײַטונג, דאַכט זיך פֿאָרט אונדז אויס, אַז דער מענטש מיט זײַנע גרויסע אויפֿטוען, מיט זײַנע באַרימערײַען און שוואַכקייטן, אינטריגעס, קלאָפּאָטן, סקאַנדאַלן און פֿאַרברעכנס – איז דער איינציקער "מתנחל", דער עקסקלוסיווער באַווינער פֿון דער זינדיקער ערד. אַ נעבעכדיקער טאָג! ווען מ'זאָל גיין ציילן אַלע לעבעדיקע באַשעפֿענישן אויפֿן ערד־קײַלעך, וואָלט זיך גלײַך אַרויסגעוויזן, אַז דער מענטש, דער "האָמאָ סאַפּיענס", שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ נישטיקע מינדערהייט, וואָס אין אַ "דעמאָקראַטישער אָפּשטימונג" וואָלט ער אַפֿילו נישט אַדורכגעגאַנגען דאָס נאָדל־לעכל פֿון דעם פּראָצענט־צענזוס אין פֿאַל פֿון וואַלן צום פֿאַרלאַמענט... און היות ווי קיין אַנקעטע־פֿאָרשונגען ווערן צווישן גאָטס אַנדערע באַשעפֿענישן נישט דורכגעפֿירט, ווייסן מיר נישט וואָס זיי טראַכטן וועגן אונדז, דעם מין מענטש.

אַ סך פֿון די פֿאַרשיידענע בעלי־חיים דינען טאַקע דעם מענטש – דעם אויסדערוויילטן פֿון צווישן אַלע גאָטס באַשעפֿענישן – צו באַשײַנען זײַן טיש און צו זעטיקן דעם מאָגן. בעלי־חיים באַדינען אויך דעם מענטש צו שלעפּן זײַנע משׂאות, צו אַקערן זײַנע פֿעלדער און צו היטן זײַן שטוב. עס זענען אָבער פֿאַראַן בעלי־חיים, וואָס ווערן באַדינט פֿון דעם מענטש, געניסן פֿון זײַנע צערטלעכקייטן און אַפֿילו – פֿון דעם העכסטן כּבֿוד און דרך־ארץ...

*

עס איז שווער הײַנט צו שרײַבן וועגן אָט די זאַכן – פּשוט דערפֿאַר, ווײַל די אַלע ווערטער וועגן אומגלײַכהייט, וועגן הונגעריקע און זאַטע, וועגן באַעוולטע און פּריווילעגירטע – די אַלע שיינע רייד זענען געוואָרן אַן אויסגעריבענע מטבע אין אונדזער צינישער צײַט. נאָך די אַלע עוולות און גרוילן, וואָס מיר האָבן אַלע אַדורכגעמאַכט, נאָך די אַנטוישטע אידעאַלן און יוגנט־טרוימען קלינגען די רייד וועגן גלײַכהייט און צדק נישט ווייניק באַנאַל. דער סאָוויעטישער "מוסטער" פֿון גלײַכהייט און פֿרײַהייט האָט שטום געמאַכט די אַלע, וואָס האָבן דעם מוסטער געזען און זיך אָנגעליטן פֿון אים.

אָבער די וועלט, וועלכע האָט נישט אויפֿגעהערט צו גאַלאָפּירן צו דער טעכנאָלאָגישער פּערפֿעקציע, צו דעראָבערן דעם אויסערלעכן רוים און צו איר אַטאָמישער זעלבסט־צעשטערונג – איז אין תּוך געבליבן די זעלבע וועלט פֿון אומגלײַכהייט און פֿון אומרעכט. די "אויסגעלייזטע" מענטשהייט לעבט ווײַטער מיטן פּחד פֿאַרן מאָרגן און איז נישט זעלטן מקנא די אַנדערע באַשעפֿענישן פֿון גאָטס וווּנדערלעכער יצירה.

*

יאָ, עס איז פֿאַראַן וואָס מקנא צו זײַן די אויסגעצערטלטע ריטערלעכע פֿערד, וועלכע מאַכן טאַקע אַ לעבן, וואָס נישט איין מענטשלעכער נפֿש וואָלט זיך דאָס געוווּנטשן. מיך אַליין האָט שיִער נישט אָנגעבאַפּט אַזאַ קינאה ווען איך האָב, מיט אַ גרופּע ישׂראלדיקע און אויסלענדישע זשורנאַליסטן באַזוכט פֿאַבריקע וואָך דעם פּרעכטיקן פּאַלאַץ אין ניו־מאַרקעט, אין מיזרח־ענגלאַנד, ווו עס ווערן יעדעס יאָר פֿאַרקויפֿט אויף אַ קעניגלעכער ליציטאַציע צו דרײַ טויזנט פֿערד, וועלכע ווערן אַהערגעבראַכט פֿון דער גאַנצער וועלט, ווערן דאָ געפֿלעגט און געהאָדעוועט אין די באַקוועמע געלופֿטערטע שטאַלן און ווערן דאָ פֿאַרצוקערט פֿאַר פֿרײַזן, וואָס דערגרייכן ביז זעקס הונדערט און פֿופֿציק טויזנט פֿונט־שטערלינג און, גלייבט מיר – אַ סך טעאַטערס וואָלטן זיך געוווּנטשן צו האָבן אַזאַ פּרעכטיקע בינע, אויף וועלכער די פֿערד ווערן פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דעם גרויסן פּובליקום וואָס זיצט אַרום אויף די ווייכע פֿאָטעלן, און אַ סך אַרטיסטן וואָלטן זיך געוווּנטשן אַרויפֿצושפּאַנען אויף דער אַרענע אויף אַ וועג, וואָס איז אויסגעלייגט מיט אַזעלכע עלעגאַנטע טעפּיכער ווי די, אויף וועלכע מען פֿירט אַרײַן די פֿערד צום פֿאַרקויף...

* * *

באַרעבנט, וויפֿל מענטשן וואָלטן זיך פֿאַרקויפֿט אין דער הײַנטיקער וועלט פֿאַר אַזאַ סומע פֿון זעקסהונדערט פֿופֿציק טויזנט פֿונט שטערלינג! ווער קויפֿט זיי, די פֿערד? ווער דערלויבט זיך אויסצוגעבן אויף זיי אַזעלכע סומעס?

פֿאַראַן, פֿאַראַן גענוג גבֿירים, וואָס קענען זיך דאָס דערלויבן, אין דער צײַט, ווען עס זענען נאָך הײַנט פֿאַראַן צענדליקער מיליאָנען מענטשן, וואָס הונגערן, קינדער וואָס שטאַרבן ממש פֿון הונגער. עס איז "ניט שיין" הײַנט וועגן דעם צו רעדן, עס קלינגט צו שטאַרק באַנאַל, ווײַל אַזוי האָט מען גערעדט מיט הונדערט, צי מיט פֿופֿציק יאָר צוריק, און הײַנט געהערט דאָס שוין נישט צו דעם "באָן־טאָן" פֿון דער מאָדערנער אייראָפּעיִשער געזעלשאַפֿט. עס איז נישט אײַנגעפֿאַלן די פּאָר צענדליק זשורנאַליסטן וועגן דעם צו טראַכטן ווען מ'האָט זיי אַרומגעפֿירט איבער די קלובן פֿון די אַדעליקע דזשאָקייען, די אויסגעשולטע פֿערד־רײַטערס פֿון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע גרויסן זיך מיט זייער הויכן ייִחוס און מיט זייער "פֿערד־באַוווסטזײַן", וואָס דינט זיי ווי אַ וויזיט־קאַרטע פֿאַר דער אָנגעהעריקייט צו דער דאָזיקער געזעלשאַפֿט. מיר האָבן דאָרט געזען אַפֿילו די צימערן פֿון די געריכטן, פֿאַר וועלכע מ'פֿלעגט מישפּטן די פֿאַרזינדיקטע דזשאָקייען, וואָס האָבן זיך שלעכט באַצויגן צו זייערע פֿערד. מיר האָבן געזען די פּראַכטפֿולע געצאַצקעטע גרינע טעפּיכער פֿון די באַרימטע ענגלישע גאַזאָנען, די ווייכע פֿעלדער פֿון גראָז, אויף אַ שטח פֿון 4.300 אַקער, פֿון דעם מער ווי אַ העלפֿט פֿאַר פֿערד־געיעגן, איבער וועלכע עס פֿאַרמעסטן זיך הונדערטער־טויזנטער מענטשן אויף ריזיקע האַזאַרד־סומעס. מיר האָבן געזען די פּרעכטיקע ריזיקע פֿעלדער אַרום, דעם פּריוואַטן ווינטער־פּאַלאַץ פֿון דער ענגלישער קעניגין אין סאַנדרינגהעם, און די גרינע פּליינען אַרום קעמברידזש און קאָלטשעסטער, און די וווּנדערלעכע פֿעלדער אַרום די אַלטע, פֿול מיט געשיכטע און מיט געהיימנישפֿולע רוחות אָנגעזאַפּטע פּאַלאַצן פֿון דעם אַלטן קאָנסערוואַטיוון און כּסדר זיך באַנײַענדיקן ענגלאַנד.

קיינער פֿון אונדז האָט נישט געטראַכט וועגן די מיליאָנען הונגעריקע ווען מיר זענען געזעסן בײַ די פֿול באַלייגטע טישן מיט אַלדאָס גוטן און געשמאַקן – אַזוי אין די רײַכע פּאַלאַצן און לוקסוס־האָטעלן אין ענגלאַנד, און אַזוי אויך אין די ראָקאָקאָ־פּאַלאַצן אין דרום פֿון פֿראַנקרײַך, ווו מען האָט אונדז אַרומגעפֿירט אין דער צײַט פֿון דעם 25־סטן זשורנאַליסטישן וועלט־קאָנגרעס פֿאַר טוריסטיק. אויך דאָרט,

אַזוי ווי אין ענגלאַנד, האָט מען נישט געשפּאָרט דעם לוקסוס, אויך דאָרט, אין די טוריסטיק־שטעטלעך פֿון לאַנגעדאָק־רוסיאָן, אין דער סופּערמאָדערנער טוריסטן־שטאָט גראַן־מאָט און אין דעם בילדערישן באַסקישן פּראַכט־שטעטל קאָליור נעבן דער שפּאַנישער גרענעץ – אומעטום האָט זיך געגאָסן דער שאַמפּאַניער און די טישן האָבן זיך געבראָכן פֿון די צענדליקער סאָרטן ווײַן, פֿון די פֿאַרשיידנאַרטיקע ראַקעס, שלימאַקעס און פֿליישן, און פֿון דעם ספּעציאַליזירטן, אָבער אומבאַגרענעצטן פּרעס, אין וועלכן עס ווערט אַרײַנגעלייגט אַזוי פֿיל קולינאַרישע חכמה און אַזוי פֿיל פֿאַרשמאַלצטער "עספּרי", אַזוי פֿיל "גײַסט" און הימלישן געשמאַק...

ביז וואַנען – מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צו דער ערדישער רעאַליטעט, זיך באַפֿרײַט פֿון דעם אָפֿיציעלן קעסט פֿון אונעסקאָ און פֿון די רעגירונגען מיט זייערע דעפּאַרטאַמענטן פֿאַר טוריסטיק – און מיר האָבן זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט צום ניוואָ פֿון אונדזער אייגענער ווירקלעכקייט. צוריק זיך אָנגעוואַרעמט אין דעם היימישן ייִדישן ייִשובֿ פֿון פּאַריז, אויף אַ האַרציק אינטימער קולטור־באַגעגעניש מיט הונדערטער ייִדן. און, ערשט צוריקקערנדיק זיך צו דער טאָגטעגלעכער אַרבעט אין תּל־אָבֿיבֿ פֿאַרטראַכט מען זיך איבער דעם טיפֿן תּהום צווישן אָט דעם לוקסוס און איבערגעפֿרעסנקייט – און איבער יענע "באַנאַלע רייד" וועגן זאַטע און הונגעריקע, וועגן מיליאָנען אונטערדערנערטע קינדער, וועגן "גלײַכהייט" אָדער "אומגלײַכהייט". און – ערשט איצט באַנעמט מען דעם זין פֿון דער עקזיסטענץ און פֿון יעדן איינעמס ווירקלעכקייט.

ווי גוט וואָלט טאַקע געווען דאָס לעבן ווען מען וואָלט נישט געדאַרפֿט לייענען קיין צײַטונגען...

*לעצטע נײַעס*, **5־טער אָקטאָבער 1979**
(פֿון דעם קאָלום "וואָכעדיקס אויף שבת")

## "פֿיר ברידער זענען זיי געווען"...
### דאָס אַרויסטרײַבן מאַרקסן פֿון היכל אין מאָסקווע

איר קענט דאָך אַלע דאָס באַרימטע ייִדישע פֿאָלקסליד: "צען ברידער זענען מיר געווען, האָבן מיר געהאַנדלט מיט ווײַן; איינער איז פֿון אונדז געשטאָרבן, זענען געבליבן נײַן"...

קענען מיר איצט פּאַראַפֿראַזירן אָט דאָס ליד און אָנהייבן עס מיט די פֿיר ברידער – אין שײַכות מיט די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען, וואָס קומען איצט פֿאָר אין ראַטן־פֿאַרבאַנד 74 יאָר נאָך יענע צען טעג וואָס האָבן אויפֿגערודערט די וועלט – לויטן טיטל פֿון דעם באַרימטן בוך פֿון דזשאָן ריד וועגן דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע פֿון אָקטאָבער 1917.

מיר מיינען דאָ די פֿיר פּנימער, וואָס זענען אין משך פֿון צענדליקער יאָרן געווען דער סימבאָל פֿון דעם קאָמוניסטישן רעזשים. מיט קיין ווײַן האָבן זיי טאַקע נישט געהאַנדלט, אָבער זיי זענען זייער אָפֿט און אומעטום דערשינען אויף די פּענער און פּלאַקאַטן ווי אַ סיאַמער פֿירלינג – די פֿיר אידייען־ברידער, וועלכע פֿירן די פּאַרטיי און די מדינה צו אירע גרויסע נצחונות. איז אָבער געקומען אַ טאָג, דעם 5־טן מערץ 1953, ווען איינער איז פֿון זיי געשטאָרבן, און געבליבן זענען דרײַ... – אָן סטאַלינען. נאָך זײַן טויט האָט אים כרושטשאָוו באַזײַטיקט, אַרויסגעריסן פֿון דער פֿירער־קרוין.

איז שפּעטער געקומען גאָרבאַטשאָוו מיט זײַן "פּערעסטראָיקע" און האָט אויך לענינען אַראָפּגעזעצט פֿון זײַן גדולה, כאָטש ער האָט אים איבערגעלאָזט אויף זײַן אייביקער דאַטשע אין מאָסקווער מאַוזאָליי. זענען זיי, הייסט עס, געבליבן נאָר צוויי: מאַרקס און ענגעלס.

איז איצט געקומען דער זעלבער גאָרבאַטשאָוו און האָט אויך מאַרקסן אַהיימגעשיקט און אַראָפּגענומען זײַן בילד פֿון דער געטלעכער אָנפֿירונג – און געבליבן איז נאָר איינער, וואָס זײַן נאָמען איז שוין לאַנג פֿאַרגעסן געוואָרן און ער ווערט שוין מער נישט דערמאָנט (כאָטש אַ שטאָט איז נאָך געבליבן אויף זײַן נאָמען).

אונדז דערמאָנט דאָס די איַצטיקע לאַגע פֿון דער סאָוויעטישער קאָמוניסטישער גרויסמאַכט: פֿרידריך ענגעלס, כאָטש אַ דענקער און אַ קעמפֿער, וואָס אין פֿיר יאָר אַרום וועט ווערן 100 יאָר נאָך זײַן טויט (ער איז געשטאָרבן אין 1895), איז געווען אַ זון פֿון אַ גבֿיר אַן אינדוסטריעלער, און אַליין אויך אַ גבֿיר, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן זײַן חבֿר קאַרל מאַרקס, דעם מחבר פֿון *קאַפּיטאַל*. די וועלכע האָבן זיך דערקלערט ווי זײַנע חסידים און האָבן אים געמאַכט פֿאַר זייער אָפּגאָט, זענען איצט געצוווּנגען אָנצוקומען צו אָט דעם פֿאַרהאַסטן קאַפּיטאַל – וועלכן מאַרקס האָט פֿאַרמישפּט צום טויט, און וועלכן זיי האָבן געהאָפּט צו פֿאַרניכטן און באַגראָבן – כּדי ער, דער זעלבער קאַפּיטאַל (און נישט דער, וועלכן עס האָט אָנגעשריבן מאַרקס) זאָל זיי איצט ראַטעווען פֿון זייער אידעאָלאָגישן און מאַטעריעלן באַנקראָט.

מיט אַ קורצער צײַט צוריק איז קיין מאָסקווע פֿאַרבעטן געוואָרן פּראָפֿ' שלמה אַבֿינרי פֿון העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, כּדי צו זײַן איינער פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון דער פֿולער אויסגאַבע פֿון אַלע וויסנשאַפֿטלעכע ווערק פֿון קאַרל מאַרקס. די כּוונה איז, צום ערשטן מאָל צו רעדאַגירן זיי אָן דער באָלשעוויסטישער צענזור און אָן די פֿעלשונגען, אין וועלכע די פֿריִערדיקע פּאַרטייִשע דיקטאַטור איז געווען פֿאַראינטערעסירט.

אין דער זעלבער צײַט האָט אָבער די גרויסע מערהייט פֿון דער קאָמוניסטישער אָנפֿירונג, די וועלכע שטיצט גאָרבאַטשאָוון, באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פֿון דער ביז איצט פֿאַרהייליקטער און פֿאַרפֿליכטנדיקער מאַרק־סיסטישער דאָקטרין, און די פּאַרטייִשע אידעאָלאָגן האָבן געדאַרפֿט אויסאַרבעטן, צום נאָענטסטן פּאַרטיי־קאָנגרעס, אַ נײַע אידעיִשע פּלאַטפֿאָרם, וואָס זאָל זײַן באַזירט אויף די פּרינציפּן פֿון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

מיר קלײַבן זיך נישט צו מאַכן דאָ קיין אַנאַליז, כּדי צו דערגיין די אמתדיקע כּוונות פֿון די סאָוויעטישע מאַכטהאָבערס, און אַוודאי נישט זאָגן קיין נבֿואות וועגן די רעזולטאַטן, וואָס די איצטיקע ענדערונגען וועלן ברענגען אין דער צוקונפֿט. אַן אָנהענגער פֿון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם איז פֿול מיט התלהבֿות פֿאַר דער אויפֿגעוועקטער פֿרײַהייט אין דעם לאַנד, און פֿול מיט מיטלײַד פֿאַר די מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע לײַדן, וואָס די אײַנוווינערס פֿון דעם לאַנד האָבן איצט אויסצושטיין. און ווי אַ מענטש מיט דער ביטערער דערפֿאַרונג פֿון דעם דור, בין איך פֿול מיט ספֿקות אין דער ערלעכקייט פֿון די כּוונות פֿון די באָלשעוויסטישע מאַכטהאָבערס, ווי אויך אין דער פֿראַגע, צי דער קאָמוניזם איז בכלל מסוגל זיך וועזנטלעך צו ענדערן. עס איז אַ פֿאַקט, אַז עס איז נישט פֿאַראַן אויף דער וועלט קיין מער אָפּאָרטוניסטישע באַוועגונג,

ווי עס איז די קאָמוניסטישע, וועלכע האָט שוין נישט איין מאָל, ווי אַ סאַלאַמאַנדרע, געטוישט איר הויט און איר כאַראַקטער, איר אידעאָלאָגיע און "גענעראַל־ליניע". אַזוי האָט זי שוין געהאַט געשלאָסן אַ בונד אַפּילו מיטן פֿאַשיזם, מיט זײַן סאַמע ערגסטן מאָנסטער – דעם היטלעריזם, און דערקלערט, אַז די באַציִונג צום פֿאַשיזם איז "אַ זאַך פֿון געשמאַק"...

מ׳קען אָבער געפֿינען אַ שטיקעלע נחמה אין דער כּוונה פֿון דער איצטיקער אָנפֿירונג זיך אָפּצהאָגן פֿון דעם ביז איצט פּראַקטיצירטן (זינט לענינען) מאַקיאַוועלישן פּרינציפּ, לויט וועלכן דער ציל הייליקט זײַנע מיטלען.

עס איז אָבער אַ פֿאַקט, אַז גאָרבאַטשאָוו האָט זיך צוגעאײַלט צו קומען מיט דער ליקווידאַציע פֿון דער מאַרקסיסטישער דאָקטרין און אָפּשאַפֿן די פּאַרטייאישע העגעמאָניע און דעם דיקטאַט פֿון די פּאַרטייאישע "יאַטשייקעס" אויף די מלוכישע אַרבעט־פּלעצער – גראָד ערבֿ דער שפּיצן־קאָנפֿערענץ פֿון די זיבן רײַכע אינדוסטריעלע מדינות – צו וועלכער דער סאָוועטישער מנהיג איז געקומען ווי אַן אָרעמער גאַסט – און ערבֿ דער שפּיצן־קאָנפֿערענץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מאָסקווע צווישן אים און דעם פּרעזידענט דזשאָרדזש בוש, וועלכער איז געקומען אַהין ווי דער רײַכער פֿעטער פֿון אַמעריקע... מיר טאָרן אָבער נישט פֿאַרגעסן, אַז אין זכות פֿון דער איצטיקער גאָרבאַטשאָוו־איבערקערעניש אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, אין זכות פֿון דער "פּערעסטראָיקאַ", האָבן זיך פֿולשטענדיק געענדערט די פּאָליטישע פֿאַרהעלטענישן אויף דער וועלט, עס האָט זיך פֿאַרענדיקט די "קאַלטע מלחמה" און עס איז פֿאַרשוווּנדן די געפֿאַר פֿון אַ הייסער, אַ דריטער – דאָס מאָל אַן אַטאָמישער – מלחמה, און אַז אין זײַן זכות האָט זיך איצט געעפֿנט, ווי עס האָט דאָס באַצייכנט דער אַמעריקאַנער סטייט־סעקרעטאַר בייקער, "אַ פֿענצטער פֿון געלעגנהייטן" פֿאַר אַ פֿרידלעכער לייזונג און אפֿשר, אפֿשר אין דער צוקונפֿט – פֿאַר אַ שלום צווישן ישׂראל און אירע אַראַבישע שכנים. אויב דער בשותּפֿותדיקער אָנזאָג פֿון ביידע וועלט־מנהיגים וועגן אַ ראַיאָן־קאָנפֿערענץ אין אָקטאָבער, וואָס זאָל ברענגען צו שלום־געשפּרעכן צווישן ישׂראל און די אַראַבער פֿאַרזיכערט נאָך נישט שוין אויפֿן אָרט דעם שלום, זאָגט ער אָבער אָן אַ נײַע תּקופֿה אין מיטעלן מזרח, אַ נײַע תּקופֿה פֿאַר ישׂראל. פֿאַרשטייט זיך – אויב... אָבער הגם דער הויפּט־מחותּן איז דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט בוש מיט זײַן טיכטיקן און ענערגישן אויסערן־מיניסטער בייקער, איז דאָס אָבער אָן ספֿק אין אַ גאָר גרויסער מאָס אין זכות פֿון מיכאַיל גאָרבאַטשאָוו, דעם סאָוועטישן מנהיג, דעם אַרכיטעקט פֿון דער "פּערעסטראָיקאַ".

*

דאָס לעבן און די פֿאַרהעלטענישן אינעם לאַנד פֿון דעם צוגעזאָגטן פֿרילינג,

ווי אָפֿן עס זאָל איצט נישט זײַן פֿאַר דער וועלט און וויפֿל מען זאָל נישט האָבן שוין געשריבן וועגן דעם – איז נאָך אַלץ געבליבן אײנס פֿון די גרעסטע רעטענישן פֿון אונדזער הײַנטיקער פּאָליטישער ווירקלעכקייט. לויטן געמיט פֿון די סאָוועטישע מענטשן איז אין מאָסקווע איצט האַרבסט, כאָטש די טעג זענען זומער 1991, ווען די זון אין חודש יוני וואַרעמט גאָר שטאַרק אויפֿן רויטן פּלאַץ נעבן קרעמל.

מיט צוויי יאָר צוריק, זאָגן די אײַנוווינערס פֿון מאָסקווע און פֿון לענינגראַד, פֿון קיִעוו און פֿון טאַשקענט, פֿון לוואָוו צי פֿון קעשענעוו – האָט עס אויסגעזען אַנדערש: די מענטשן זענען פֿול געווען מיט האָפֿענונג און מיט גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן, און טאַקע אין רעזולטאַט פֿון דער "פּערעסטראָיקאַ", וועלכע זיי האָבן דעמאָלט אויפֿגענומען מיט אַזוי פֿיל התלהבֿות. דאַן האָט אַלץ, זאָגן זיי, געבליט. איצט האָט אַלץ, ווי מען זעט, אָנגעהויבן צו וועלקן.

איך בין דאָרט מיט צוויי יאָר צוריק נישט געווען. דעם פֿאַרגלײַך האָב איך געקאָנט מאַכן נאָר לויט די שילדערונגען פֿון דער פּרעסע און טעלעוויזיע, און לויט דעם, וואָס עס האָבן אונדז דערציילט די תּושבֿים פֿון דער גיגאַנטישער שטאָט, וועלכע האָט אין משך פֿון זיבן צענדליק יאָר אָנגעוואָרפֿן דער וועלט איר מעכטיקן שאָטן פֿון נײַגער, האָפֿענונג און פּחד.

דאָס איז בכלל געווען מײַן ערשטער באַזוך אין מאָסקווע און אין לענינגראַד. איך האָב אָבער געקענט רוסלאַנד פֿון איר הינטערטיר – פֿון די סטאַליניסטישע שטראָף־לאַגערן פֿון ווײַטן צפֿון און פֿון די פֿון זון פֿאַרברענטע קיביטקעס, די טרוקענע סטעפּעס און זאַפּטיקע ווײַנפֿעלדער פֿון מיטל־אַזיע אין דרום. פֿאַרהוכט אַלזאָ פֿון קאַלט און פֿון וואַרעם. זינט יענער צײַט איז דער ראַטן־פֿאַרבאַנד געוואָרן פֿאַר אונדז אַן אַנדערע וועלט, אַ ווײַטער פּלאַנעט פֿון טויזנטער ליכטיאָר פֿון פֿינצטערניש...

עס האָט אָבער גענומען נישט מער ווי פֿיר שעה מיט צען מינוט – דער דויער פֿון דעם פֿלי פֿון תּל־אָבֿיבֿ קיין מאָסקווע – און מיטאַמאָל איז דער ווײַטער פּלאַנעט געוואָרן אַזוי נאָענט, מיטאַמאָל איז אָפּגעמעקט געוואָרן אַ מחיצה פֿון עטלעכע טויזנט קילאָמעטער און פֿון פֿינף און פֿערציק יאָר. און אָט זענען מיר ווידער אינעווייניק, ווידער אַ חלק פֿון יענער ווײַטער און אַזוי אומדערגרייכלעכער ווירקלעכקייט. כאָטש ווי טוריסטן, וואָס זעען אַלץ פֿון דרויסן, מיט אַנדערע אויגן, און מעסטן אַלץ מיט אַנדערע מאָסן, כאָטש פֿרעמדע אין דעם לאַנד – האָבן מיר דאָך מיטאַמאָל זיך דערפֿילט גאָר היימיש מיט דער ייִדישער שרײַבער־משפּחה, מיט די דאָרטיקע ייִדן בכלל.

דאָס איז געווען – נישט געקוקט אויף דעם שווערן, פּײַנלעכן שמועס, וועלכן מיר האָבן געהאַט מיט די רעדאַקטאָרן פֿון *סאָוועטיש היימלאַנד*, כּדי

צו פּרוּבירן באַזײַטיקן דעם אָנזאַץ פֿון די פֿאַרדרוסן און ביטערנישן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פֿון די צענדליקער ביטערע יאָרן פֿון דער אויפֿגעצוווּנגען־פּריוויליקער צעשיידונג און איזאָלאַציע. ווײַזן מיר זאָלן נישט האָבן זיך געוועגדט און וווּהין מיר זאָלן נישט האָבן געגאַנגען, איז אונדז נאָכגעגאַנגען דער שאָטן פֿון יענער שוואַרצער נאַכט פֿון 12־טן אויגוסט, די נאַכט פֿון סטאַלינס לאַנגן מעסער, וואָס האָט געשאָכטן דאָס ייִדישע קולטור־לעבן אין לאַנד פֿון דער קאָמוניסטישער פֿאַרווירקלעכונג.

איצט, קרובֿ פֿערציק יאָר נאָך יענער נאַכט פֿון סטאַלינס ווילדן שגעון, לויפֿט דאָס סאָוועטישע ייִדנטום אין פּאַניק וווּהין נאָר עס קען, איז עולה קיין ישׂראל, וואָס גיט זיי אַ היימלאַנד, אָבער זי האָט נישט פֿאַר אַלעמען קיין דאַך איבערן קאָפּ און קיין פֿאַרזיכערטע פּרנסה. דאָך זענען ייִדן גרייט צו לויפֿן אויך ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט, ווּהין מ׳וועט זיי נאָר אַרײַנלאָזן – וועלנדיק אַנטלויפֿן פֿונעם קאָשמאַר פֿון דעם אומבאַוווּסטן מאָרגן, וועלכער דערמאָנט זיי אָן אויפֿהער דעם נעבעכטן... און אָט דעם לעבן אויף דערוויַיל, גייען אַלץ מער און מער פֿאַרלוירן די שפּורן, די וואָרצלען און די זאַפֿטן פֿון דעם רומפֿולן רוסישן ייִדנטום, וואָס האָט באַשפּײַזט מיט זײַנע אידייען פֿון אַלע סאָרטן און מיט זײַנע גרויסע פּערזענלעכקייטן די גאַנצע ייִדישע וועלט, אַלע ייִדישע תּפֿוצות.

איז דאָס געווען פֿאַר אונדז אַן אויסטערליש, אַ ביז גאָר סורעאַליסטיש בילד, ווען אַ ייִדישער שרײַבער, וואָס איז געקומען פֿון אויסלאַנד, האָט אין דעם ייִדישן קלוב אין לענינגראַד, אין דעם קיראָוור־הויז, דערציילט פֿאַר אַ הײַפֿל דאָרטיקע ייִדן וועגן זייערע גרויסע ייִדישע לאַנדסלײַט, וועגן די ייִדישע מאַרטירערס, און האָט גערעדט פֿאַר זיי וועגן דעם גרויסן לענינגראַדער ליטעראַטור־פֿאָרשער און היסטאָריקער ישׂראל צינבערג, וועגן וועמען זיי האָבן איצט צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געהערט אין דער פֿאַר זיי שוין כמעט אומפֿאַרשטענדלעכער שפּראַך – אויף ייִדיש...

דער פֿאָרזיצער פֿון דעם קולטור־קלוב, אַ פּאָלקאָווניק־פּענסיאָנער, וועלכער האָט געדינט אַרום פֿינף און צוואַנציק יאָר אין דער רויטער אַרמיי (אַ מין סאָוועטישער קאַנטאָניסט...) און ער האָט שוין אַ זון אין ישׂראל – איז, אַ באַהאָנגענער מיט מעדאַלן, געשטאַנען אומבאַהאָלפֿן און האָט נישט געוווּסט וועגן וואָס און וועגן וועמען מ׳רעדט דאָ, און וואָס עס מיינט בכלל דאָס אויפֿשטיין און באַערן דעם אומבאַקאַנטן העלד פֿון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע.

איצט מעגן שוין די ייִדן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד באַוויינען זייער חורבן, ווי עס מעגן דאָס די ייִדן אויף דער גאַנצער וועלט.

דאַקעגן איז די נויט און די אָרעמקייט, די ביוראָקראַטיע און די נישט־עפֿעקטיווקייט פֿון דער מלוכישער אַדמיניסטראַציע געבליבן די זעלבע ווי מיט פֿינף און פֿערציק און מיט פֿופֿציק יאָר צוריק און מער; די הויפּטשטאָט, וועלכע האָט אָבער געשמט מיט איר פּראַכט און זויבערקייט, ליגט ווי אַ מידער גיגאַנט, וואָס קיינער האָט נישט קיין כּוח אים צו באַדינען: אָפּגעלאָזט און פֿאַרנאַכלעסיקט, ווי אָן אַ באַלעבאָס. עס האָט זיך אָבער צעבליט די פֿרײַהייט, וועלכע די אָפֿיציעלע מאָסקווער *פּראַוודאַ* האָט אַ געוויסן טאָג באַצייכנט ווי "אַ דיקטאַטור פֿון מאַכטלאָזיקייט"... די פֿרײַהייט האָט פּלוצעם זיך אַרויסגעריסן פֿון אַלע ווינקעלעך און שפּעלטעלעך און האָט עקספּלאָדירט מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון דער אָנגעזאַמלטער פֿערמענטירונג פֿון זיבן יאָרצענדליקער. און זיך אַרויסגעריסן אויף אַלע געביטן, אומעטום ווו זי איז געוועזן פֿאַרווערט און פֿאַרבאָטן. אַזוי אַרום האָט פֿון די פֿינצטערע לעכער און באַהעלטענישן אויך אויפֿגעטויכט דער אַנטיסעמיטיזם און האָט זיך פֿאַרבונדן מיט די פֿינצטערסטע יסודות פֿון דעם אָרטאָדאָקסישן קאָמוניזם – מיט די סטאַליניסטישע רעשטלעך; אין די טעג פֿון אונדזער באַזוך אין מאָסקווע איז אויך געוואָרן אָנגעמאָלדן די גרינדונג פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין פֿון פּריוואַטע אייגנטימערס, אַ קלוב פֿון מיליאָנערן און... אַ מאַרקסיסטישע פּאַרטיי, אָפּצוהיטן די ריינקייט פֿון מאַרקסיזם, וועלכער איז דורך דער באָלשעוויסטישער אָנפֿירונג געוואָרן געפֿעלשט און פֿאַרקריפּלט.

אין יענע טעג פֿון אונדזער באַזוך (בעת דער זעקסטער סעסיע פֿון וועלטראַט פֿאַר ייִדיש, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מאָסקווע) איז אויך אויפֿגעקומען אַ מאָנאַרכיסטישע באַוועגונג און אַ קאַפּיטאַליסטישע בערזע פֿון אַקציעס און ווערט־פּאַפּירן אין מאָסקווע. איך האָב אַפֿילו געזען אַ פּראָצעסיע פֿון האַרי קרישנאַ אויפֿן "ניעווסקי פּראָספּעקט", אין סאַמע צענטער פֿון לענינגראַד. און די באַפֿעלקערונג פֿון לענינגראַד האָט אין אַ פֿאָלקס־רעפֿערענדום געשטימט מיט אַ צעשמעטערנדיקער מערהייט שטימען פֿאַר צוריקקערן דער דאָזיקער פּרעכטיקער שטאָט איר אָריגינעלן אַלטן נאָמען "סאַנקט־פּעטערבורג", מיט וועלכן עס האָט זי געקרוינט מיט קרוב דרײַ הונדערט יאָר צוריק, אין יאָר 1703, איר גרינדער, דער צאַר פּיאָטר דער גרויסער, אויפֿן נאָמען פֿון דעם הייליקן אַפּאָסטאָל פּיאָטר, וועלכער ליגט באַגראָבן אין וואַטיקאַן, אין רוים; דער שטאָט גאָרקי איז געוואָרן צוריקגעקערט איר אַלטער נאָמען ניזשני־נאָווגאָראָד, און צענדליקער גאַסן פֿון מאָסקווע האָבן צוריק באַקומען זייערע נעמען פֿון די צאַרישע צײַטן.

אין נאָמען פֿון ליבעראַליזם – דאָס געזעצלעכע קינד פֿון דער "גלאַס־

נאָסט״ – איז הײַנט דערלויבט אַלץ, וואָס איז געזעצלעך נישט פֿאַרווערט. און פֿאַרווערט איז דאָרט הײַנט כמעט גאָרנישט. האָבן איך אָט דער ״דיקטאַטור פֿון דער אָנמאַכט״ אָנגעהויבן בלײַען, ווי געזאָגט, אַלע ווילד־געוויקסן פֿון דער צערודערטער געזעלשאַפֿט, וועלכע האָט פּלוצעם דערפֿילט, צום ערשטן מאָל, דעם זיסן טעם פֿון דער פֿרײַהייט. און עס האָבן אָנגעהויבן רײַפֿן אַלע ביטערע פּירות... אין דעם אויפֿגעקומענעם תּוהו־ובֿוהו, אין אָט דער אומאָרדענונג, האָבן זיך צעמישט און פֿאַרטוישט די ריכטונגען: רעכטס איז געוואָרן לינקס, און לינקס איז געוואָרן רעכטס. די אָנהענגערס פֿון דער פֿרײַער מאַרק־ווירטשאַפֿט זענען הײַנט די ליבעראַלע קרײַזן, און זיי ווערן באַצייכנט אַלס די ״לינקע״, אין דער צײַט ווען די סטאַליניסטן, די אָרטאָדאָקסישע קאָמוניסטן, זענען די ״רעכטע״. און ס׳איז קיין ווונדער נישט – זיי זענען דאָך די וועלכע האָבן זיך פֿאַרבונדן מיט היטלערן אין 1939, האָבן דאַן געבענטשט דעם פֿאַשיזם, און זיי האָבן פֿאַרשטעלטערהייט געשטאַרקט דעם אַנטיסעמיטיזם און אײַנגעפֿירט די באַגרענעצונגען קעגן ייִדן, אַדורכגעפֿירט דעם פּאָגראָם איבער דער ייִדישער קולטור־וועלט. און זיי זענען דאָס הײַנט די, וואָס שטיצן דעם אַנטיסעמיטישן ״פּאַמיאַט״. די רעאַקציע האָט, אַלזאָ, איין פּנים – מיט אַ לינקער באַק און מיט אַ רעכטער באַק...

*

טראָצקי און טראָצקיזם – דער ערגסטער חזיר־טרייפֿער שאַנד־חטא זינט סטאַלין האָט טראָצקין פֿאַרטריבן פֿון רוסלאַנד און זײַנע שליחים האָבן אים שפּעטער דערמאָרדעט אין מעקסיקע – איז שוין מער נישט קיין זידלוואָרט.

זיבעציק יאָר איז גאָט געווען אין גלות – אַרויסגעטריבן פֿון די צערקוועס, פֿון די מעטשעטן און פֿון די שילן, ווי אויך פֿון די מוחות; אַטעיִזם איז געווען די אָפֿיציעלע אַנטי־רעליגיעזע רעליגיע אין קאָמוניסטישן גן־עדן פֿון דעם גליקלעכסטן מאָרגן. אויפֿן אָרט פֿון די קירכעס, וואָס זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין קלובן און אין מאַגאַזינען פֿון סחורות, האָט די סאָוועטישע מאַכט אויפֿגעבויט אַטעיִסטישע קאַטעדראַלעס מיט הויכע שפּיציקע טורעמס, פֿון וועלכע עס האָט אַראָפּגעשײַנט און געלויכטן דער ליכטיקער רויטער שטערן פֿון קאָמוניסטישן גלויבן. אַזעלכע זענען, למשל, די בנינים פֿון מאָסקווער אוניווערסיטעט, דער האָטעל ״אוקראַיִנאַ״ א״אַנד.

איצט בוקט זיך גאַנץ רוסלאַנד שוין צו דרײַ געטער: צו דעם אין הימל, צו אַמעריקע, און צו דער פֿרײַער מאַרק־ווירטשאַפֿט... איך האָב געזען אַ פֿרימאָרגן־פּראָגראַם פֿון דער סאָוועטישער טעלעוויזיע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פּראַוואָסלאַוונער תּפֿילה און מיט די ווערטער: צוערשט איז געווען דאָס וואָרט. און דאָס וואָרט איז געווען – גאָט... דערנאָך זענען

געקומען די נעמען פֿון די הייליקע פֿון דעם טאָג, כּדי אָנצורופֿן אויף זיי די קינדער, וואָס ווערן דעם טאָג געבוירן. דאַן האָסטו אין משך פֿון שעהען געקענט הערן – פֿון עטלעכע סאָוועטישע סטאַציעס – אַמעריקאַנישע ווידעאָ־קליפּס מיט היפּי־טענץ און דזשאַז־מוזיק, סײַ אויף ענגליש און סײַ אויף רוסיש. נאָך דעם ראַפּאָרטן פֿון דער בערזע און לסוף ווידער רעליגיעזע דרשות.

די גרעסטע בוי־אַרבעטן זענען איצט פֿאַרבונדן מיטן רעמאָנטירן און רעסטאַווירן די צערקוועס.

יענעם טאָג האָט מען גראָד געפֿײַערט דעם יום־טובֿ פֿון דער סלאַווישער קולטור אין דער רוסישער רעפּובליק – די רעפּובליק, וועלכע האָט מיט אַ וואָך שפּעטער אויסגעוויילט באָריס יעלצינען פֿאַר איר פּרעזידענט און האָט אים נאָך דעם אײַנגעשוווירן אונטער דער נײַער פֿאָן פֿון דער רוסישער רעפּובליק – די רויטע פֿאָן מיטן שטערן און דעם סערפּ־און־האַמער, אָבער אויך מיט אַ ברייטן בלויען שטרײַף אין דער זײַט... עס האָט אים אײַנגעשוווירן דער מעטראָפּאָליט פֿון מאָסקווע – דער הויפּט פֿון דער פּראַוואָסלאַוונער, ד״ה דער רעכטגלויביקער צערקווע.

דער ראַטן־פֿאַרבאַנד איז אַלזאָ געוואָרן אַ חוזר בתּשובֿה. ער גייט מיט דער צײַט... יענעם טאָג, ווען עס איז געפּראַוועט געוואָרן דער יום־טובֿ פֿון דער סלאַווישער קולטור, האָבן די טעלעוויזיע־סטאַציעס פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד געבערענגט לעבעדיקע פּראָגראַמען פֿון דעם אויפֿסנײַ רעמאָנטירטן סאָבאָר פֿון 13־טן יאָרהונדערט אין דער שטאָט סמאָלענסק, מיט אַ קאָלירפֿולער פּראָצעסיע פֿון יונגע פּאָפּן, נאָך וועלכע עס האָט זיך געשלענגלט אַ לאַנגער שטרײַף פֿון יונגע מענטשן – די פֿון דעם דור, וואָס איז אויפֿגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן דורך דער פּאַרטיי פֿון מאַרקסיזם־לעניניזם אונטער דעם "פּראָגרעסיוון" קאָמוניסטישן רעזשים אינעם לאַנד פֿון די פֿאַרפֿירטע חלומות: דאָרט ווו פֿון דעם צוגעזאָגטן מאָרגן איז געוואָרן... אַ נעבעכדיקער טאָג. איצט זינגען זיי שוין נישט מער די לויב־געזאַנגען צום "פֿאָטער פֿון די פֿעלקער", נאָר צוריק צו יענעם פֿאָטער אין הימל, צום גאָט פֿון זייערע זיידעס.

נײַע צײַטן – נײַע זמירות, אָבער פֿונעם אַלטן פּראַוואָסלאַוונעם סידור...

*די צוקונפֿט*, **נאָוועמבער־דעצעמבער, 1991**

## צוריק צו דער היימישער ווירקלעכקייט

עס איז שוין פֿון לאַנג געווען באַוווּסט, נאָך פֿאַר איינשטיינען, אַז די ווירקלעכקייט איז אַ רעלאַטיווער באַגריף. אָבער יעדער איינער פֿון אונדז נויטיקט זיך יעדעס מאָל אין אַ נײַער דערפֿאַרונג, כּדי יעדעס מאָל פֿון דאָס נײַ צו באַשטעטיקן דעם אומבאַשטרײַטבאַרן אמת.

יעדער איינער – אין זײַן וועלט. אויב עס גייט אָבער אין דער קאָלעקטיווער ישׂראלדיקער ווירקלעכקייט, וואָלט אפֿשר געפּאַסט פֿאַר איר איינשטיינס בײַשפּיל, אין וועלכן ער פֿאַרגלײַכט די געשווינדיקייט פֿון דער באַן מיט דער געשווינדיקייט פֿון אַ מענטש, וואָס באַוועגט זיך אין איר, גייט אַריבער פֿון איין וואַגאָן אין אַנדערן אין דעם פֿאָרנדיקן צוג. די לאַגע פֿון ישׂראל איז אָבער להיפּוך צו אָט דעם בײַשפּיל: די וועלט באַוועגט זיך, און די אַנטוויקלונגען אין ישׂראל באַוועגן זיך אַ סך גיכער. טאָמער כאַפּסטו זיך אַראָפּ אויף אַ ווײַלע קיין אויסלאַנד און דו קערסט זיך גיך צוריק – געפֿינסטו שוין דײַן לאַנד נישט אויפֿן זעלביקן אָרט, אין דעם זעלביקן צושטאַנד, אין דער צײַט ווען די וועלט שטייט ווײַטער אויף איר זעלבן אָרט.

ווען ישׂראל וואָלט געקאָנט אויסנוצן איינשטיינס טעאָריע, לויט וועלכער געשווינדיקייט ווערט פֿאַרוואַנדלט אין ענערגיע, וואָלט זי געקאָנט אַרויסציִען אַ סך נוצן פֿון אירע אינטענסיווע אַנטוויקלונגען. דערויף דאַרף מען אָבער האָבן אַ נײַעם מערידאָר, ווײַל דעם אַלטן מערידאָר האָבן די ענערגישע אַנטוויקלונגען שוין פֿאַרשטויסן פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער בינע, און די נסים האָבן זיך שוין געענדיקט.

דו קענסט אָבער זיך באַציִען צו דעם אַלעם מיט פֿילאָסאָפֿישער דער־ווײַטערונג ווען דו קוקסט אַראָפּ אויף דער וועלט פֿון דעם מיט שניי באַדעקטן הויכן שפּיץ פֿונעם טיטליס (3,200 מעטער) אין די שווייצאַרישע אַלפּן, ווו קיין זאַך ענדערט זיך נישט אין משך פֿון טויזנטער און אפֿשר מיליאָנען יאָרן. די הייך, די שטילקייט, די זויבערע לופֿט און די אייביקייט – זיי אַלע דערמעגלעכן דיר זיך אָפּצורײַסן פֿון דײַן אייגענער ווירקלעכקייט און זיך צו לאָזן שוועבן מיטן געדאַנק איבער די אויסטערלישקייטן פֿון דער

פֿילאָזאָפֿישער מעטאַפֿיזיק. דאָרט הערשן טאַקע זייערע געזעצן – דאָרט זענען זיי די ווירקלעכקייט.

עס איז אָבער גענוג זיך צוריק אַראָפּצולאָזן – מיט דער הענגבאַן אָדער אַפֿילו צופֿוס – אויף דער פֿאַרהעלטנישמעסיק קליינער נידער פֿון צוויי טויזנט מעטער פֿון דעם טיטליס קיין ענגעלבערג, אָדער פֿון דער נאָך העכערער יונגפֿרוי קיין אינטערלאַקען – און שוין הערסטו די העברעיִשע און אַפֿילו די יידישע שפּראַך (יאָ, אַזוי איז עס געשען מיטן מחבר פֿון אָט די שורות: אין יידיש זענען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס ער האָט געהערט פֿון דעם ערשטן אָנגעטראָפֿענעם פּאָרפֿאָלק אין אָט דעם פּראַכטפֿולן בילדערישן שטעטל צווישן צוויי וווּנדערשיינע אָזיערעס אין דער שווייץ. אַ זאַפֿטיקער ליטווישער יידיש) – אַפֿילו, אַ פּאָר ווײַלעס שפּעטער, אויף אַ געוועזענעם מיטאַרבעטער פֿון די *לעצטע נײַעס*. און דו טרעפֿסט זיך אָן אויף ישׂראלים, וואָס זענען אַנטלאָפֿן אויף אַ ווײַלע פֿון דער אייביקער ווירקלעכקייט – און דורך זיי טאַקע געפֿינסטו זיך פּנים־אל־פּנים מיט דער ישׂראלדיקער ווירקלעכקייט שוין ווידער...

דו קענסט פֿון איר ניט אַנטלויפֿן.

ישׂראלדיקע ווירקלעכקייט. ווי געזאָגט, אַ רעלאַטיווער באַגריף. זי ענדערט זיך טאַקע אָן אויפֿהער, אָבער אין סך־הכּל בלײַבט זי אין פּרינציפּ אומפֿאַרענדערט, אַזוי ווי אין אַ פֿאַנטאָמימע־שפּיל, אין וועלכן דער אַרטיסט באַוועגט זיך, גייט פֿאָרויס, און בלײַבט צום סוף אויפֿן זעלבן אָרט. די זעלבע פּראָבלעמען, די זעלבע קריזיסן, די זעלבע זאָרגן – נאָר זייער פֿאַרנעם ווערט יעדעס מאָל גרעסער, זייער טיף ווערט וואָס אַ מאָל טיפֿער, ווי דאָס ביטערע מזל וואָלט קיין גרונט נישט פֿאַרמאָגט. דאָרט, אין די הויכע אַלפּן פֿון דער שפּעדיקער שווייץ, אָדער אין די טיראָל־בערג אין דרום פֿון עסטרײַך, ווו די רעגנס האָבן פֿאַרגאָסן די שיינקייטן פֿון דער נאַטור, זענען די אַלע דאגות ווײַט און נישט רעאַל, ווי פֿון אַן אַנדער פּלאַנעט. דאָך דערגייען אויך אַהין קליינע שפּליטערס פֿון ידיעות פֿון לאַנד – דורך אַ צופֿעליק באַגעגנטן ישׂראלדיקן טוריסט, אָדער אין אַן אָרטיקער צײַטונג. שוין נישט ווי אַמאָל, זענען די ידיעות פֿון ישׂראל אין דער אויסלענדישער פּרעסע גאַנץ קאַרגע, זיי פֿאַרנעמען שוין מער נישט די הויפּט־קעפּ, נאָר דו געפֿינסט זיי ערגעץ פֿאַרבאָרגן אין אַ ווינקעלע, אין געציילטע שורות, אַמאָל מער און לרובֿ ווייניקער. אין אַ גרעסערן רעפּאָרטאַזש אין דעם דײַטשן *שטערן* באַקלאָגט זיך אַ זשורנאַליסט אויף דער ישׂראלדיקער פּרעסע, אַז זי זעט נישט די וועלט, נאָר זיך אַליין; אַז ישׂראל איז אין אירע צײַטונגען דער פּופּיק פֿון דער וועלט, און אַז אַלץ וואָס עס קומט פֿאָר אויף דער וועלט ווערט געמאָסטן לויט דעם,

צי עס איז גוט פֿאַר ישׂראל, אָדער נישט. אין אויסלאַנד דערוואַרט מען שוין מער נישט קיין נסים פֿון ישׂראל.

און ווען דו דרייסט זיך אַזוי אַרום אין דעם אויסלאַנד, פּלאַצט דיר דאָס האַרץ פֿון קינאה איבער דער שפֿע און עפֿעקטיווקייט: אַזאַ קליין שטעטעלע ווי ענגעלבערג, נישט ווײַט פֿון דעם פּרעכטיקן ציכטיקן אויסגעוואַשענעם לוצערן, אַ שטעטעלע פֿון קוים 3,000 אײַנוווינער – באַדינט אין משך פֿונעם יאָר – 600,000 טוריסטן, איבער אַ העלפֿט פֿון דער יערלעכער צאָל טוריסטן, וואָס באַזוכן ישׂראל. צו 200 טוריסטן אויף יעדן אײַנוווינער פֿון דעם שטעטל! און דאָס – אָן אַ כּותל־מערבֿי, אָן אַ תּנ״כישער פֿאַרגאַנגענהייט. אָבער מיט אַ פּראַכטפֿולער לאַנדשאַפֿט און אַ פּראַכטפֿול אָרגאַניזירטער באַדינונג פֿון דער טוריסטיק, וואָס האָט פֿאַרוואַנדלט די קליינע שווייץ אין אַ סימבאָל פֿון שפֿע. אַזוי אויך אין דעם שכנותדיקן עסטרײַכישן טיראָל, ווו דער טוריסט ווערט אויפֿגענומען מיט עפֿעקטיווער אינפֿאָרמאַציע און באַדינונג.

צווישן אָט די טוריסטן פֿאַרנעמען די ישׂראלים אַן אָנזעעוודיקן אָרט, בײַ דער זײַט פֿון די אַמעריקאַנער און יאַפּאַנער, וועלכע פֿאַרפֿלייצן אייראָפּע. דו באַגעגנסט זיי, די ישׂראלים, אין יעדן נישט פֿאָרויסגעזעענעם אָרט. באַזונדערס אין די קויף־צענטערס, אַפֿילו אין די שפּײַז־געוועלבער. זעלטן אין די קונסט־מוזייען, ווו איך האָב אומגעריכט געטראָפֿן גאָר נאָענטע פֿרײַנד פֿון ירושלים, מיט וועלכע איך האָב זיך שוין יאָרן נישט געזען.

אַן אייגנטימעריך פֿון אַ האָטעל האָט מיר דערציילט וועגן די גרויסע וואַליזעס, וואָס עס שלעפּן אַרום מיט זיך דאָס רובֿ ישׂראלדיקע טוריסטן און האָט געפֿרעגט: „פֿון וואַנען נעמט זיך בײַ זיי אַזוי פֿיל געלט אויף אַרומצופֿאָרן איבער דער וועלט און אויף אײַנצוקויפֿן אַזוי פֿיל זאַכן, ווען די עקאָנאָמישע לאַגע בײַ אײַך איז אַזאַ שווערע, ווי עס שרײַבן די צײַטונגען?" נו, גיי קלער אויף אַ גוי די חכמה פֿון דער ייִדישער עקאָנאָמיע.

גיי דערצייל זיי, די גוים, ווי אַזוי נאָר בײַ אונדז קאָן אַ טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג געניסן פֿון דער נאַציאָנאַלער נויט, כּדי אַליין צו מאַכן אַ גוט לעבן – און טאַקע אין אויסלאַנד. און דווקא אין אַ צײַט, ווען דיווירטשאַפֿט שטייט אויפֿן שוועל פֿון אַ קאַטאַסטראָפֿע, ווי עס טענהן איצט די אַלע, וואָס האָבן צו דער דאָזיקער לאַגע דערפֿירט.

אַזאַ איז די ווירקלעכקייט – די רעלאַטיווע און די „אָביעקטיווע"– צו וועלכער דער בירגער קערט זיך צוריק מיטן צוריקקערן זיך אין לאַנד פֿון די אויסגעשעפּטע נסים.

*לעצטע נײַעס*, 23־סטער סעפּטעמבער 1984

# סאַלוואַדאָר דאַלי –
# דער שגעון פֿון אונדזער צײַט

מיר זענען שוין געוווינט כמעט, אין יעדן הספד און אין יעדער שילדערונג פֿון אַ גרויסער פּערזענלעכקייט, צו באַצייכענען דעם פֿאַרשטאָרבענעם מיט אַזעלכע ווערטער, ווי אַ שליח פֿון דער געשיכטע, אַ פֿאַרקערפּערונג, אָדער אַפֿילו אַן אָפּשפּיגלונג, פֿון דער תּקופֿה, אין וועלכער ער האָט געלעבט. און עס איז ריכטיק. ווײַל – די גרויסקייט פֿון דעם גרויסן מענטשן ליגט דאָך אין דער ערשטער ריי אין אָט דער אייגנשאַפֿט. יעדער איינער פֿון אונדז איז אַ קינד פֿון זײַן תּקופֿה, פֿון זײַן סבֿיבֿה; אָבער דער גרויסער מענטש איז דער, וועלכער באַווירקט זי, דער וועלכער לייגט אויף איר זײַן חותם.



און אַזעלכע זענען דאָך געווען, און זענען נאָך אַלץ פֿאַראַן, אָן אַן עין־הרע, ווייניקסטנס אַזוי פֿיל, וויפֿל עס איז פֿאַראַן אָרט פֿאַר זיי אין די ענציקלאָפּעדיעס, צי אין די געשיכטע־ביכער...

ווייניק אָבער זענען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס קענען אָפּשפּיגלען אַזוי טרעפֿלעך דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פֿון אונדזער תּקופֿה, ווי דאָס איז דער נישט־לאַנג פֿאַרשטאָרבענער קינסטלער סאַלוואַדאָר דאַלי.

מיט זײַן פּראָוואָקאַטיוון שטייגער פֿון זײַן לעבן, פֿון זײַן שאַפֿן און אויפֿפֿירונג האָט ער אָפּגעשפּיגלט דעם שגעון פֿון אונדזער תּקופֿה. סײַ אין זײַן ספּעקטאַקולאַרער, נישט־באַלאַנסירטער פּערזענלעכקייט, און סײַ אין זײַן אָבסעסיוו־טאַלאַנטפֿולן שאַפֿן האָט ער אויסגעדריקט די דראַמע פֿון אונדזער צײַט, מיט אירע לײַדנשאַפֿטן און אָבסעסיעס, מיט איר שיינקייט און עקלהאַפֿטיקייט צוגלײַך.

אין אַן עסיי וועגן פּיקאַסאָ האָב איך בשעתו געשריבן, אַז ער און

זײַן ווערק *גערניקאַ* זענען די צוויי סימבאָלן פֿון אונדזער (געמיינט דעם צוואַנציקסטן) יאָרהונדערט: פּיקאַסאָ ווי דער סימבאָל פֿון דער אומ־פֿאַרשטענדלעכקייט, פֿון דער גרויסער מיספֿאַרשטייעניש צווישן דעם קינסטלער און די קונסט־קאָנסומענטן פֿון זײַן דור, דער סימבאָל פֿון דער בונטאַרישקייט און פֿון דער גרויסער איבערקערעניש אין דער קונסט. דער סימבאָל פֿון דער גרויסער צעטומלעניש, וואָס הערשט אין די מוחות פֿון הײַנטצײַטיקע מענטשן; זײַן ריזן־ווערק *גערניקאַ* סימבאָליזירט מאָראַלישע געפֿאַלנקייט פֿון דעם הײַנטצײַטיקן מענטש, און אין דער זעלבער צײַט אויך דעם געראַנגל פֿון מענטש קעגן דער סטיכיע פֿונעם גורל און קעגן דער חיה אינעם מענטש, דעם ווײי־געשריי קעגן זײַן אייגענער אומבאַהאָלפֿנקייט.

סאַלוואַדאָר דאַלי, דאַקעגן, סימבאָליזירט און שפּיגלט אָפּ, ווי געזאָגט, דעם שגעון פֿון אונדזער צײַט.

אויב מען זאָגט, אַז יעדער גאָון האָט אין זיך אַ היפּשן שגעון, איז דאָס ווי אָנגעמאָסטן אויף אָט דעם קינסטלער, הגם דער שגעון איז געווען בײַ אים אפֿשר גרעסער ווי דער גאָון. זײַן געניאַליטעט איז אָבער באַשטאַנען אין דער פֿעיִקייט צו פֿאַרוואַנדלען דעם שגעון אין אַ שעפֿערישן מאָטאָר פֿון אַן אומגעוויינלעכער קראַפֿט, אין זכות פֿון זײַן אומגעוויינלעכן טאַלאַנט.

דער מאַן, וועלכער האָט זײַן לעבן פֿאַרוואַנדלט אין אַ דראַמאַטישן ספּעקטאַקל מיט אַלע מעגלעכע טשודאַקישע טריקן, פּראָקלאַ־מירנדיק זיך אַלס די „געטלעכקייט" אַליין – האָט אויך זײַן טויט פֿאַרוואַנדלט אין אַ דראַמע, אָנזאָגנדיק, אין זײַן צוואה, מען זאָל אים באַגראָבן מיט אַ קרוין אויפֿן קאָפּ, אָבער אויף זײַן מצבֿה זאָל דאַקעגן קיין שום אויפֿשריפֿט נישט זײַן.

מיט אָט דעם „באַשיידענעם" לעצטן ווילן זײַנעם האָט סאַלוואַדאָר דאַלי, ווען דער טויט האָט אויסגעלייזט פֿון זײַנע קראַנקייטן און ליידן, חלילה זיך נישט געשטעלט אין קיין געפֿאַר פֿאַרגעסן צו ווערן פֿון דער געשיכטע. זײַן נאָמענלאָזע מצבֿה איז, אויף זײַן פֿאַרלאַנג, אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין מיטן פֿון דעם גרויסן זאַל פֿון זײַן מוזיי, וועלכער טראָגט זײַן נאָמען און אַנטהאַלט בלויז זײַנע שאַפֿונגען – טויזנטער שאַפֿונגען. דער דאָזיקער מוזיי איז פֿאַראייניקט מיט זײַן ווילע, אַ פֿעסטונג אין שפּאַנישן שטעטל פֿיגערעס, אין קאַטאַלאָניע, ווו ער איז געבוירן געוואָרן דעם 11־טן מײַ 1904.

סאַלוואַדאָר דאַלי איז געקומען אויף דער וועלט, קאָן מען זאָגן,

מיטן אָנהייב פֿון אַ נײַער תּקופֿה אין דער מאָלערײַ־קונסט (און נישט נאָר אין דער קונסט), אין די יאָרן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַ נײַע עפּאָכע אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע; אין דער באַנעמונג, אין דער אַנטוויקלונג פֿון מענטשלעכן געדאַנק. ער איז געבוירן געוואָרן מיטן אָנהייב פֿון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. צוויי יאָר נאָך דאַליס געבורט איז געשטאָרבן פּאָל סעזאַן, וועלכער ווערט באַצייכנט ווי דער פֿאָטער פֿון דער מאָדערנער קונסט־מאָלערײַ. ער אַליין, אַ פּאָסט־אימפּרעסיאָניסטישער קינסטלער, איז געווען דער עקסטרעמער היפּוך פֿון דאַלי: פּאָל סעזאַן איז געווען דורכאויס אַ



ראַציאָנאַליסט; ער האָט געמאָלט זײַנע ווערק ״דורכן פֿילטער פֿון שׂכל״ און פֿון קאַלטן באַוווּסטזײַן – אין דער צײַט (הגם נישט אין דער זעלבער צײַט) ווען סאַלוואַדאָר דאַלי איז געווען דער בולטסטער סימבאָל פֿון איראַציאָנעלן אומרו און פֿון דעם פֿאַרבאָרגענעם אונטערבאַוווּסטזײַן. פּאָל סעזאַן ווערט באַטראַכט ווי דער פֿאָטער פֿון קוביזם אין דער קונסט; סאַלוואַדאָר דאַלי געהערט צו די בולטסטע, צו די שרײַענדיקסטע פֿאָרשטייער פֿונעם סורעאַליזם.

*

מאַנכע קונסט־פֿאָרשער זאָגן, אַז מיטן טויט פֿון סאַלוואַדאָר דאַלי איז ענדלעך געשטאָרבן דער סורעאַליזם, אַז ער איז געווען זײַן לעצטער מאָהיקאַנער. אַנדערע האַלטן, אַז דער סורעאַליזם ווי אַ באַוועגונג – און נישט נאָר אין דער פּלאַסטישער קונסט, נאָר אויך אין דער ליטעראַטור און אין אַנדערע מוזעס – איז פֿאַקטיש געשטאָרבן שוין אין יאָר 1946, מיטן טויט פֿון אַנדרע ברעטאָן, דעם גרינדער פֿון אָט דער באַוועגונג און דעם פֿאַרפֿאַסער פֿון דעם סורעאַליסטישן מאַניפֿעסט אין יאָר 1924. דאָס איז געווען אין דער צײַט, ווען אין דער פּסיכאָלאָגיע און אין דער פֿילאָסאָפֿיע האָט אויפֿגעבליט דער פּסיכאָאַנאַליז און די טעאָריע פֿון חלומות, וואָס עס האָט אַנטוויקלט זיגמונד פֿרויד.

ווי יעדע מאָדע, האָט אויך די מאָדע פֿון סורעאַליזם אָפּגעבליט צוזאַמען מיט דער מאָדע פֿון פּסיכאָאַנאַליז און האָט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פֿאַר אַנדערע מאָדערניזמען.

עס זענען אָבער געבליבן פֿאַרשיידענערליי פּאַרטריקנטע, האַלב־פֿאַרגעלטע און צוריק אויפֿוואַכנדיקע גרינע צווײַגעלעך. און אַפֿילו באַנײַטע שפּראָצונגען זענען אַרויסגעוואַקסן פֿון אָט דעם סטיל אין דער קונסט, וועלכער האָט געשאָנקען די קינסטלער אַ סך אַ ברייטער פֿעלד פֿון אידייען און אַ סך טיפֿערע קוואַלן פֿאַר זייער שאַפֿערישער אינספּיראַציע, ווי וועלכע נישט איז אַנדערע ריכטונג אין דער קונסט, ווי אויך אין דער ליטעראַטור. דערפֿאַר האָט די סורעאַליסטישע קונסט זיך אויפֿגעהאַלטן אַ סך לענגער ווי אַלע אַנדערע מאָדערניסטישע ריכטונגען. אפֿשר דערפֿאַר, ווײַל זי איז באַזירט אויף דער פֿיגוראַטיווער רעאַליסטישער קונסט און דערמעגלעכט דעם קינסטלער אַרויסצוברענגען אַ ברייטן פֿעבער פֿון אָריגינעלע אידייען, אַרויסצוברענגען זײַן קינסטלערישע פּערזענלעכקייט, זײַן באַזונדערע יחידישקייט. די סורעאַליסטישע מאָלערײַ, וועלכע האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו באַפֿרײַען, אויפֿצוּוועקן און אויפֿצודעקן דעם מענטשנס אינערלעכע אימפּולסן, זײַן פֿאַרבאָרגענע פּסיכישע וועלט און פֿאָרצושטעלן זי לויט דער לאָגיק פֿון חלום – האָט זיך באַנוצט מיט דער שיטה פֿון צעברעכן, צעשפּאַלטן און איבערשטעלן די אָביעקטן פֿון דער רעאַלער וועלט, און דערנאָך זיי צונויפֿצוברענגען און צוזאַמענצופּאָרן אין אַנדערע, אָפּטמאָל משונהדיקע, פֿאַרבינדונגען און צוזאַמענהאַנגען, אין אַ נײַער רעאַליטעט, וואָס איז אַזוי ווי די משונהדיקע רעאַליטעט פֿון חלומות.

ברעטאָן און מאַקס ערנסט, מאַגריט און דעלוואָ, מיראָ און טאַנגי, דע קיריקאָ, און אויף אַ באַזונדערן אופֿן אויך מאַרק שאַגאַל – יעדער איינער פֿון זיי האָט זיך אַרײַנגעשריבן אין דער געשיכטע פֿון דער קונסט, אין דער געשיכטע פֿון דער סוררעאַליסטישער קונסט, מיט אַן אַנדערן אייגנאַרטיקן צוגאַנג און אויסדרוק. יעדער איינער פֿון זיי האָט געמאָלט אַנדערש – פּונקט אַזוי ווי יעדער איינער חלומט אַנדערש.

סאַלוואַדאָר דאַלי האָט זיך אָבער אויסגעטיילט פֿון זיי אַלע מיט זײַן געוואַלדיק ברויזנדיקער, אימפּולסיווער נאַטור, וואָס האָט געקענט קומען צום געהעריקן אויסדרוק טאַקע נאָר אין דער סור־רעאַליסטישער מאָלערײַ, וועמענס גרעסטער מײַסטער ער איז געווען.

אין אָט דעם מעדיום פֿון דער מאָלערײַ האָט עס טאַקע דער מטורפֿדיקער מאָלער, וואָס דער שגעון האָט אים באַפֿרײַט פֿון אַלע העמונגען און צוימען, פֿון באַשיידנקייט און צוריקגעהאַלטנקייט, פֿון קאָנווענציאָנעלע שקרים און פֿון בושה, געהאַט די מעגלעכקייט

אַרויסצוברענגען אַלע זײַנע אָבסעסיעס, קאַפּריזן און קאָמפּלעקסן, ביז צו די סאַמע איבלדיקסטע אויסדרוקן פֿון העסלעבקייט און עקל. אין דער זעלבער צײַט אָבער האָט ער געהאַט אַן אומגעווײנלעכן חוש פֿאַר שיינקייט – אין די זעלטענע פֿאַלן, ווען עס האָט זיך אים נאָך איר פֿאַרבענקט. די דאָזיקע זעלטענע פֿאַלן האָבן אָבער אַרויסגעגעבן אַ רײַכן אוצר פֿון פּראַכטפֿולע שאַפֿונגען – בײַ דער זײַט פֿון יענעם עקלהאַפֿטן עקסהיביציאָניזם פֿון זײַן פּסיכאָטישער עקסטראַוואַגאַנץ.

*

סאַלוואַדאָר דאַלי איז אָן ספֿק געווען אַ גאָון. זײַן גאונות איז, ווי געזאָגט, דערגאַנגען ביז צו דער גרענעץ, און האָט אָפּטמאָל אויך איבערגעטראָטן די גרענעץ, פֿון שגעון.



סאַלוואַדאָר דאַלי: די אויסגערונענע צײַט

שוין ווען ער איז אַלט געווען זיבן יאָר האָט ער אָנגעשריבן זײַן אויטאָביאָגראַ־פֿיע, אין וועלכער ער האָט אָנגעזאָגט, אַז ער וועט זײַן אַ גאָון. כּדי צו דער־ווײַזן זײַן גאונות פֿלעגט ער, אויסער זײַן גאונישער מאָ־לערײַ, דערשײַנען אין פֿאַרשיידענערליי קאַפּריזנע און איבערראַשנדיקע משונהדיקע פּאָזעס, דעמאָנסטרירנדיק מיט זײַן אויפֿפֿירונג זײַן "אַנטיבורזשואַזיזם" און זײַן אָנגעבלאָזענעם אינדיווידואַליזם. זײַנע לאַנגע, שמאָלע און פֿאַרדרייטע וואָנצעס אונטער דער נאָז מיט די ווילד אָנגעגלאָצטע אויגן זענען געוואָרן זײַן "האַנדלס־מאַרקע" און דער סימבאָל פֿון זײַן "געטלעכן שגעון", נאָך דעם ווי ער האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס דער געטלעכער קינסטלער (אַזוי ווי עס האָט דאָס, אין זײַן צײַט, געטאָן, להבֿדיל, דער אַמעריקאַנער באָקס־מײַסטער, דער נעגער קאַסיוס קלעי, וועלכער איז געוואָרן מוכאַמעד אַלי...).

עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן פֿאַרגעטערט זײַן

אַנטי־בירגערלעכע אויפֿפֿירונג. אַנדערע האָבן אים נישט געקענט פֿאַרטראָגן. קיינער האָט אָבער נישט געקאָנט פֿאַרלייקענען דעם אויסשטראַלנדיקן כּוח פֿון זײַן פּערזענלעכקייט און פֿון זײַן השפּעה. זײַנע משונהדיק ווילדע פּסעוודאָ־וויסנשאַפֿטלעכע דערקלערונגען פֿלעגן אַרויסרופֿן איראָנישע רעאַקציעס. איינמאָל האָט ער געטענהט, אַז ער איז מסוגל אויפֿצוכאַפּן קאָסמישע וויבראַציעס, אין זכות פֿון זײַנע ״געטלעכע״ אייגנשאַפֿטן; אַ צווייט מאָל האָט ער דערקלערט, אַז דאָס שטעטל פּערפּיניאַן אין דרום־מערבֿ פֿון פֿראַנקרײַך איז דער צענטער פֿונעם אוניווערס.

סאַלוואַדאָר דאַלי, דער לעצטער פֿון די סוררעאַליסטישע גיגאַנטן, האָט זיך אַרײַנגעריסן מיט שטורעם פֿון זײַן ברוויזנדיקער פּערזענלעכקייט אין דער וועלט פֿון דער קונסט אין די מיטל־צוואַנציקער יאָרן. ער איז געווען אַקטיוו שעפֿעריש נישט נאָר אין דער מאָלערײַ, נאָר אויך ווי אַ שרײַבער, אַ מאָלער פֿון טעאַטער־דעקאָראַציעס, אַ ביזשוטעריע־קינסטלער; אויך אין פֿילם און אין אילוסטרירן ביכער האָט ער איבערגעלאָזט זײַן חותם. פֿון יונגווײַז אָן איז ער געווען אַ בונטאַר, און אָנקומענדיק אין 1926 פֿון זײַן שפּאַנישן געבורט־שטעטל קיין פּאַריז, האָט ער אַדורכגעמאַכט כּמעט אַלע דעמאָלט־מאָדערניסטישע ריכטונגען, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך אָפּגעפֿונען אינעם סוררעאַליזם, וואָס האָט צום בעסטן אַנטשפּראָכן זײַן משונהדיקער קאַפּריזנער נאַטור.

ער אַליין האָט אָבער נישט אָנערקענט קיין ״איזמען״ און האָט זיך נישט צוגעשריבן צו קיין שום ריכטונג, אויסער – צו זיך אַליין; סאַלוואַדאָר דאַלי, וועלכער איז געווען בײַ זיך אין די אויגן גרויס און געטלעך, דער אומשטערבלעכער און דער איינציקער אויף דער וועלט – באַשיידנקייט האָט קיינמאָל נישט געהערט צו די שוואַכקייטן פֿון דעם קינסטלערישן גיגאַנט, – האָט געטענהט, אַז ער הערשט איבער אַלץ. ער האָט אָבער נישט געקענט באַהערשן זײַנע שטאַרקע עמאָציעס און ספּאָנטאַנישע אימפּולסן און לײַדנשאַפֿטן.

עס איז געווען אַ צײַט, ווען ער האָט געהאַט איבערגעריסן מיטן סוררעאַליזם און האָט זיך דערקלערט, אין 1939, פֿאַר אַן אַקאַדעמישן רעאַליסט. אַ יאָר שפּעטער איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע און האָט דאָרט געמאַכט מיליאָנען פֿון זײַנע עקסהיביציאָניסטישע שגעונות. שפּעטער האָט ער זיך געווידמעט דעם קריסטלעכן מיסטיציזם.

אין יאָר 1973 האָט ער געווידמעט אַ סעריע פֿון 13 ליטאָגראַפֿיעס דער טעמע פֿון די צוועלף יִידישע שבֿטים, ווי אַ זשעסט פֿאַר

מדינת־ישׂראל. ער האָט אויפֿגעהערט מאָלן, נאָך דעם ווי עס איז געשטאָרבן זײַן מאָדעל און לעבנס־באַגלייטערין, די רוסין גאַליאַ. סאַלוואַדאָר דאַלי איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ דעפּרעסיע, פֿון וועלכער ער האָט זיך שוין מער נישט באַפֿרײַט.

„אָן ליבע, אָן גאַליאַן, בין איך נישט דאַלי“, – האָט ער געזאָגט. ער איז שוין פֿאַקטיש געווען קינסטלעריש טויט די לעצטע זעקס יאָר.


סאַלוואַדאָר דאַלי: יששׂכר
(פֿון דער סעריע "יידישע שבֿטים")

בײַ דער זײַט פֿון פּאַבלאָ פּיקאַסאָ, וועמענס קינסטלערישע אויפֿפֿאַסונג האָט מער אַנטשפּראָכן דער רעלאַטיוויסטישער לערע פֿון אַלבערט אײַנשטיין, ווי דער פֿרוידיסטישער פּסיכאָלאָגיע פֿון חלומות, איז אויך סאַלוואַדאָר דאַלי, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, געווען אַ סימבאָל פֿון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. איינס פֿון זײַנע וויכטיקסטע בילדער איז געווען – דאָס בילד פֿון דער אויסרינענדיקער צײַט. אויפֿן בילד – אײַנגעלייגטע טעלערס אויף צווײַגן פֿון אַ בוים, אויסגעבויגענע זייגערס פֿון ווייכן מאַטעריאַל, ליגן אויף טישן. די זייגערס, וואָס אויך זיי דאַרפֿן סימבאָליזירן אײַנשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע פֿון צײַט און רוים, זענען געמאַכט געוואָרן, לויט זײַן טענה, „פֿון קריטישן קאַמאַמבער־קעז, אָנגעפּילט מיט שגעון“...

דער זייגער פֿון סאַלוואַדאָר דאַלי האָט אויפֿגעהערט צו גיין. זײַן צײַט איז אויסגערונען – און אויסגערונען איז צוזאַמען מיט אים אַ תּקופֿה פֿון טעכנאָלאָגישער ראָמאַנטיק אויפֿן שוועל פֿון דער נײַער עפּאָכע, ערבֿ דעם אַרויספֿלי אין די אומבאַקאַנטע רוימען פֿון דעם אָנקומענדיקן נײַעם, איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

*די צוקונפֿט*, נומ' 96, **1989**

## *די לעבעדיקע לעגענדע: טשאַרלי טשאַפּלין*

די דרײַ דימענסיעס פֿון דער צײַט – די פֿאַרגאַנגענהייט, די קעגנוואַרט און די צוקונפֿט – באַגלייטן דעם מענטש אויף זײַן יעדן טריט און שריט, כאָטש פֿאַרשיידן איז יעדן איינעמס באַציִונג צו יעדן באַזונדערן קאָמפּאָנענט פֿון דער צײַט. פֿאַראַן טרוימערס, וואָס אַנטלויפֿן פֿון דער קעגנוואַרט און לעבן נאָר מיט דער צוקונפֿט, בויענדיק שלעסער אין דער לופֿט; אַנדערע, ווידער, די וואָס לעבן מיט נאָסטאַלגיע, שטעקן מער אין דער פֿאַרגאַנגענהייט. "נאָרמאַלע" מענטשן, וואָס שטייען מיטביידע פֿיס אויפֿן באָדן פֿון דער מאַטעריעלער ווירקלעכקייט און זאָרגן אויך פֿאַר דער צוקונפֿט – כאַפּן אַרײַן, אַמאָל אפֿשר בגנבֿה, אויך אַ בליק צו דער פֿאַרגאַנגענהייט. דאָס איז, קענטיק, אַ ביאָלאָגישער באַדאַרף פֿון יעדן מענטשן – צוריקקערן זיך מיטן גדאַנק און באַוווּסטזײַן צו יענער צײַט ווען מען איז יונג געווען. אַ מין בענקשאַפֿט צו די יונגע שעפֿערישע יאָרן.

עס זענען פֿאַראַן לעגענדעס, וואָס באַגלייטן די מענטשן אויף זייער לעבנסוועג און רופֿן אַרויס דערינערונגען פֿון די אַמאָליקע צײַטן. זיי לעבן מיט אײַך, מיט אײַער קעגנוואַרט – אָבער זיי געהערן דער פֿאַרגאַנגענהייט.

אַזאַ לעגענדע – אַ לעבעדיקע לעגענדע – איז די פּערזאָן פֿון טשאַרלי טשאַפּלין. כאָטש פֿון אַן אַנדער לאַנד, פֿון אַן אַנדערן מעדיום און אַן אַנדערער סבֿיבֿה, קלינגט זײַן נאָמען אַזוי פֿאַמיליאַר היימיש, ווי ער וואָלט געווען אַן אייגענער, אַ נאָענטער קרובֿ, אָדער ווייניקסטנס אַ שטיקל שכן פֿון אַמאָל... ווער פֿון אונדז קען אים נישט? און, ווי געוויינלעך, ווען אַזאַ "אייגענער" דערלעבט אַ שטיקל נחת און מאַכט אַ שׂימחה – פֿרייען מיר זיך צוזאַמען מיט אים און שעפּן אויך כאָטשבי אַ זיפּץ פֿון אַ ביסעלע נחת.

אַזאַ געפֿיל פֿון "נחת" האָבן מיר איבערגעלעבט פֿאָריקע וואָך, ווען אונדזער אַלטער באַקאַנטער טשאַרלי טשאַפּלין האָט באַקומען פֿון דער ענגלישער קעניגין דעם טיטל "סער" און איז אַרײַן אין דעם אַדל־שטאַנד... קוקנדיק אויפֿן בילד, ווי דער גרויסער קאָמיקער – דער גרעסטער קאָמיקער פֿון אונדזער יאָרהונדערט – בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ בעת די קעניגין רירט אָן

זײַנע בײדע אַקסלען מיט איר שווערד און רופֿט אים אָן "סער טשאַרלי טשאַפּלין", און זענענדיק ווי דער 86־יאָריקער אַמאָליקער אָרעמער טראַמפּ ראַנגלט זיך מיט די טרערן, וואָס ווילן זיך אַרויסרײַסן פֿון זײַנע אויגן – האָבן מיר געהאַט דאָס געפֿיל, ווי מיר וואָלטן זיך געפֿונען אויף אַ היימישער חתונה, און ווי מיר וואָלטן אַליין אויך באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ טײלעכל פֿון אָט דעם גרויסן כּבֿוד. אַזאַ קלײניקייט! און צוזאַמען מיט אים האָבן מיר באַדויערט און זענען געווען אַ ביסעלע אַנטוישט, וואָס דער דאָזיקער אַלטער מאַן, וועלכער האָט אַרײַנגעברענגט אַזוי פֿיל פֿרייד און געלעכטער אין אונדזער יוגנט, איז אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אויף דער רעדערשטול אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, באַגלייט פֿון דער מוזיק וואָס ער אַליין האָט פֿאַרפֿאַסט צו זײַן פֿילם *"די בינע־ליכטער"* – און האָט נישט געקענט קניִען פֿאַר דער קעניגין, אַזוי ווי ער האָט געהאָפֿט, און האָט געמוזט אָננעמען דעם כּבֿוד אין זײַן פֿיזישער אומבאַהאָלפֿנקייט. אומבאַהאָלפֿן איז ער אויך געווען אין זײַן עמאָציאָנעלער גערירטקייט. די קעניגין, וועלכע האָט ביז איצט שוין דערטיילט כּבֿוד און אַדל־טיטלען צו 175 ענגלענדער, האָט געווידמעט אַ סך מער צײַט און אַ סך מער וואַרעמקייט דעם אַלטן קלײנעם טשאַרלי. און טשאַרלי טשאַפּלין, דער קעניג פֿון געלעכטער אויפֿן קינאָ־עקראַן, וועלכער איז איצט געוואָרן אַן אַדלמאַן, איז געשטאַנען קינדעריש צעטומלט און האָט געשטאַמלט, נישט קענענדיק אַרויסברענגען קיין לעבעדיק וואָרט. ערשט נאָך דעם צערעמאָניאַל, ווען ער איז געשטאַנען פֿאַר זשורנאַליסטן אויפֿן הויף פֿון דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, אָנגעשפּאַרט אויפֿן שטעקן, האָט זיך צוריקגעקערט צו אים דער אַלטער טשאַפּלינישער הומאָר, ווען ער האָט געמאָלדן, אַז ער וועט אינאָוונט פֿײַערן דאָס אַרײַנטרעטן אין דעם אַדל־שטאַנד מיט אַ *לײַטישן שנאַפּס*...

צוויי פֿון די באַרימטסטע און עפּאָכע־מאַכנדיקע פֿילמען פֿון טשאַרלי טשאַפּלין ווערן איצט דעמאָנסטרירט אין תּל־אָביב און אין פּאַריז. אין איינעם פֿון די תּל־אָביבער קינאָס ווערט אויפֿגעפֿירט דאָס מײַסטערווערק פֿון טשאַפּלינישן הומאָר – *"די גאָלד־בהלה"* – גענוי פֿופֿציק יאָר נאָך דעם ווי דער פֿילם איז געשאַפֿן געוואָרן; אין פּאַריז ווערט אויפֿגעפֿירט זײַן פֿילם *"מאָדערנע צײַטן"*, וועלכן ער האָט געשאַפֿן מיט עלף יאָר שפּעטער – אין 1936. צוויי סטאַציעס אויף דעם לעבנסוועג פֿון דעם גרויסן קינאָ־קינסטלער און אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פֿון דעם יאָרהונדערט. אָבער דער איינהײַטלעכער הויפּט־מאָטיוו איז אין בײדע – די וווּנדערלעכע אָנווענדונג פֿון דער אַזויגערופֿענער "טשאַפּלינישער סיטואַציע", כּדי צו שילדערן די דראַמע פֿון דעם געראַנגל פֿון דעם מענטש פֿאַר זײַן קיום.

דאָס שילדערן די דאָזיקע עקזיסטענציאַלע דראַמע איז פֿון תּמיד אָן די אַמביציע פֿון יעדן גרויסן שרײַבער, דראַמאַטורג און קינסטלער, יעדער אויף זײַן וועג, אויף זײַן אופֿן. אָבער ברענגען צום אויסדרוק די גרעסטע טראַדיציעס פֿון דער מענטשהייט דורך געלעבטער, אונטערשטרײַכן די טיפֿקייט פֿון דער דראַמע מיט דער הילף פֿון קאָמישע סיטואַציעס – דאָס האָט באַוויזן אויפֿן עקראַן נאָר טשאַרלי טשאַפּלין, וועלכן מיר וואָלטן דרייסט געקאָנט אָנרופֿן "דער שלום־עליכם פֿון קינאָ". אין דער מאַקאַב־רישער הונגער־סצענע, אין וועלכער טשאַרלי קאָכט אָפּ זײַנע שיך און עסט די שנורעוואַדלעס ווי זיי וואָלטן געווען געשמאַקע הייסע לאָקשן – ברענגט ער אַרויס די דראַמע פֿון הונגער מיט דער שטאַרקסטער קראַפֿט. און אין דער זעלבער צײַט ווען יעדער צושויער זוכט אין דעם פֿילם זײַנע אייגענע אמתן, מיט וועלכע ער זאָל זיך קענען אידענטיפֿיצירן – דערלאַנגט אים טשאַרלי טשאַפּלין *צוויי אמתן*, וואָס אַנטשפּרעכן נישט איינער דעם אַנדערן, ווען די העלדן פֿון זײַן שאַפֿונג לעבן יעדער איינער מיט זײַן אייגענעם אמת און פֿאַרשטייען נישט איינער דעם אַנדערן. אָט דער אָביעקטיווער אמת – וועלכער ברענגט אָפּטמאָל אַנטוישונג ווען ער אַנטשפּרעכט נישט דעם סוביעקטיוון *מײַן אמת* – איז כּמעט דער לייטמאָטיוו פֿון דער כאַראַקטעריסטישער טשאַפּלינישער סיטואַציע אין דעם רובֿ פֿון זײַנע פֿילמען. ער קומט צום אויסדרוק אין דעם קווי־פּראָ־קוואָ, אין דעם קעגנזײַטיקן נישט־פֿאַרשטיין־זיך פֿון זײַנע העלדן, ווי למשל, דאָס מיידל, אין וועלכן ער פֿאַרליבט זיך און ווי ער פֿאַרטיידיקט זי קעגן דעם אָנגרײַפֿנדיקן אַטלעט – בעת זי נעמט טשאַרלין נישט ערנסט, זי לעבט זיך אין איר וועלט, מיט אירע געפֿילן...

די דאָזיקע אַמביוואַלענטישקייט פֿון דעם אמת, די קעגנזײַטיקייט פֿון דעם נישט־פֿאַרשטיין־זיך, איז איינער פֿון די עיקרדיקסטע זײַלן פֿון דער מענטש־לעבער טראַגעדיע, פֿון דער דראַמע און פֿון די קאָנפֿליקטן אין אונדזער געזעלשאַפֿט. טשאַרלי טשאַפּלין ברענגט זי אַרויס אויך אין דעם פֿילם *"מאָדערנע צײַטן"*, וועלכער האָט, אַזוי ווי מיט אַ סך יאָרן שפּעטער *"די בינע־ליכטער"* אויך אָפּגעשפּיגלט זײַן אייגענעם קינסטלערישן קאָנפֿליקט.

דאָס איז געווען דער ערשטער קלאַנגפֿילם, אין וועלכן דער גרויסער קינסטלער פֿון דעם שטומען פּאַנטאָמימע־פֿילם דערשײַנט מיט שטאַמ־לענדיקע, נישט פֿאַרשטענדלעכע רייד. אָבער אין אָט דעם פֿילם ברענגט ער אַרויס מיט אַ מעכטיקער קראַפֿט דעם קאָנפֿליקט צווישן דעם מענטש און דער מאַשין אין אונדזער מאָדערנער צײַט פֿון מעכאַניזאַציע. אויך דאָ דערשײַנט די טשאַפּלינישע סיטואַציע און דאָס קאָנפֿראָנטירן באַזונדערע

אמתן ווי דער לייטמאָטיוו פֿון דעם קאָנפֿליקט, פֿון דער דראַמע פֿון לעבן. פֿון איין זײַט – די דערדריקנדיקע שלימזלדיקע אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון דעם קליינעם מענטש קעגנאיבער דער מעכטיקער מאַשין, וועלכע פֿאַרוואַנדלט דעם מענטש אין אַ שרײַפֿעלע און דערפֿירט אים ביז משוגעת. און פֿון דער אַנדערער זײַט די קאָמישקייט פֿון זײַן אומבאַהאָלפֿנקייט ווען ער זוכט אַרבעט אויף דער גאַס, הייבט אויף אַ רויט פֿענדל פֿון די שאָסיי־אַרבעטער און געפֿינט זיך פּלוצעם מיט דעם זעלבן רויטן פֿענדל – אָן זײַן וויסן – בראָש פֿון אַ דעמאָנסטראַציע פֿון אַרבעטסלאָזע און שטויסט זיך צוזאַמען מיט דער פּאָליציי... נישט ווייניקער דערפֿאָלגרײַך האָט טשאַרלי טשאַפּלין אַרויס־געבראַכט די דראַמע פֿון דער מענטשלעכער אומבאַהאָלפֿנקייט און דעם קאָנפֿליקט צווישן דעם מענטש און זײַן גורל – אין דער ענלעכקייט פֿון דעם פֿריזירער צו היטלערן אין זײַן פֿילם *"דער דיקטאַטאָר"* אָדער די ענלעכע טראַגיש־גראָטעסקישע סיטואַציע אין *"מעסיע ווערדו"* און אין אַנדערע פֿון זײַנע צענדליקער מײַסטער־פֿילמען.

די ביאָגראַפֿיע, און באַזונדערס די אָפּשטאַמונג פֿון טשאַרלי טשאַפּלין איז פֿול מיט מיסטעריעזע רעטענישן, פֿאַרהוילן אין אַ געדיכטן נעפּל. לויט געוויסע ביאָגראַפֿן און פֿאָרשער שטאַמט ער פֿון אַן אָרעמער יידישער משפּחה פֿון לאָנדאָנער ווײַטשעפּל. ער אַליין, טשאַרלי טשאַפּלין, האָט זיך קיינמאָל אין דעם נישט "מודה געווען" כאָטש ער האָט בײַ אַ סך געלעגנ־הייטן דעמאָנסטרירט זײַן סימפּאַטיע צום יידישן פֿאָלק. אין אַלגעמיין האָט טשאַרלי טשאַפּלין זיך באַמיט אָנצוהאַלטן דעם נעפּל אַרום זײַן פּערזענ־לעכער ביאָגראַפֿיע – אפֿשר דערפֿאַר, ווײַל זײַן קינסטלערישער מעדיום איז אַ קאָסמאָפּאָליטישער, אַן אַלמענטשלעכער, און ווי אַזאַ וויל ער פֿאַרבלײַבן פֿאַר דער געשיכטע. אָבער אַפֿילו ווען ער באַטראַכט זיך נישט פֿאַר קיין ייִד (און אפֿשר איז ער דאָס טאַקע נישט? וואָס ווילן מיר פֿון אים האָבן?), פֿאַרבלײַבט ער פֿאַר אונדז ווי אַן אייגענער, ווי אַ טייל פֿון אונדזער פֿאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, מיט וועלכער מיר לעבן, און אין דער זעלבער צײַט – אַ לעבעדיקע לעגענדע.

*לעצטע נײַעס,* 1969

## *וועגן פּערפֿעקציע אין דער קינסטלערישער יצירה*

די פּלאַסטישע קונסט געהערט נישט צו די 9 מוזעס און איז בכלל נישט אַרויפֿגעלאָזט געוואָרן צו זעוסעס שיינע טעכטער אויפֿן פּאַרנאַס. די מאָלערס און סקולפּטאָרן האָבן אין די אַמאָליקע צײַטן, גראָד ווען די פּלאַסטישע קונסט האָט געבליט, נישט גענאָסן פֿון קיין הויכן מעמד אין דער געזעלשאַפֿט. מען האָט זיי באַוווּנדערט, אָבער נישט געשעצט. מען האָט זיך מיט זיי גאַנץ ווייניק גערעכנט.

דער גרויסער גריכישער פֿילאָסאָף אַריסטאָטעלעס האָט באַטראַכט מאָלערײַ און סקולפּטור ווי אַן אינטעלעקטועלע שפּילערײַ, צו באַפֿרידיקן דעם יצר פֿון אימיטאַציע, פֿון קאָפּירן די נאַטור; זײַן בר־פּלוגתּא פּלאַטאָ האָט געזען אין דער מאָלערײַ און סקולפּטור דעם באַשײַמפּערלעכסטן אויסדרוק פֿון דער נישט־ממשותדיקייט: אויב די מאַטעריעלע וועלט איז נאָר אַ צײַטווײַליקייט, נישט מער ווי אַ מין "העפּענינג" – אַ נעבעכדיקע קורצווײַליקע קאָפּיע פֿון דער אייביקער אידייע, דעם באַגריף – איז דאָך די צייכענונג, די מאָלערײַ אָדער די סקולפּטור געוועזן נאָך ווייניקער: אַ קאָפּיע פֿון דער קאָפּיע פֿון דער ממשותדיקער אידייע. סך־הכּל, הייסט עס, אַ זייפֿנבלאָז...

הײַנט זעט מען אין דער קונסט און אין דעם קונסטווערק די אידייע גופֿא, אָדער דעם תּמצית פֿון דער אידייע.

שטעלט אײַך פֿאָר, אַז אַפֿילו אין מיטן דעם העכסטן אויפֿבלי פֿון דער קונסט־שאַפֿונג, אין דער צײַט פֿון רענעסאַנס, איז דער גרויסער מיקעל אַנדזשעלאָ בואָנאַראָטי געוועזן באַצייכנט ווי אַ שטיינהאַקער. ער איז געווען אַ מיטגליד אינעם צעך פֿון די שטיינהאַקערס, ווײַל אַנדערש וואָלט ער נישט געטאָרט אַרבעטן ווי אַ קינסטלער און שאַפֿן זײַנע אייביקע ווערק. און ווען דזשאָטאָ, מיקעל אַנדזשעלאָ, לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי אָדער ראַפֿאַעלאָ סאַנטי זענען שפּעטער באַצייכנט געוואָרן דורך דעם מאַניעריסטישן קונסטמאָלער און ביאָגראַפֿיע־שרײַבער פֿון די קינסטלער פֿון זײַן צײַט, דזשאָרדזשיאָ וואַזאַרי, אַלס *געטלעך* – איז דאָס

געווען אין זכות פֿון דער פּערפֿעקציע פֿון זייער קינסטלערישער יצירה.

און כאָטש פּערפֿעקציע, אַבסאָלוטע שלמות, איז דער אויסשליס־לעכער מאָנאָפּאָל פֿון דעם באַשעפֿער – האָבן זיי אים אין דער הינזיכט איבערגעשטיגן, ווײַל זײַן שאַפֿונג איז שוין גאָר נישט אַזוי פּערפֿעקט, שוין גאָר נישט אַזוי שלמותדיק. פֿרומע גלויביקע מענטשן לויבן געוויינלעך אים, און נישט זײַן באַשאַף. דער אונטערשייד באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס זײַן ווערק, די וועלט אַזוי ווי זי זעט אויס, איז אויפֿ־געקומען ווי אַ יש מאַין, אין דער צײַט ווען זיי האָבן געשאַפֿן זייערע אָביעקטן און געשטאַלטן פֿון דער גרייטער מאַטעריע. אויך די פֿאַנטאַזיע, דער טאַלאַנט און די אידעען, דורך וועלכע זיי, די קינסטלער, האָבן געוואָלט (און ווילן) שענער מאַכן די פֿאַראַנענע וועלט – זיי זענען שוין אַ פּראָדוקט פֿון דער פֿריִערדיקער באַשאַפֿונג, דעם בראשית.

ווען מיר קערן זיך צוריק צום ענין פֿון די מוזעס, צו וועלכן די זינדיקע פּלאַסטישע קינסטלער זענען נישט געוואָרן צוגעלאָזט – איז אָבער כּדאַי אונטערצושטרײַכן דעם פּאַראַדאָקס, אַז היות ווי זיי זענען נישט געוואָרן אַרויפֿגעלאָזט אויפֿן פּאַרנאַס, האָבן זיי זיך אויסגעבויט אַ מין ערדישן פֿיליאַל פֿון דעם פּאַרנאַס, און האָבן אים אַ נאָמען געגעבן *מוזעום*. דאָ זענען זיי, און נישט די מוזעס, געוואָרן די עיקרדיקע באַלעבאַטים. די אָריגינעלע מוזעס האָבן אַהער, אין מוזעום, כּמעט קיין אַרײַנטריט נישט באַקומען, סײַדן נאָר ווי באַזוכערס. אפֿשר ווי אַ נקמה קעגן פֿאַרשליסן פֿאַר די קינסטלער די טויערן פֿונעם פּאַרנאַס.

האָט אַלזאָ די *היסטאָריע* (אָדער *קליִאָ*, די מוזע פֿון דער היסטאָריע, ד״ה פֿונעם עפּישן ליד, איז געווען די עלטסטע פֿון זעקסעס נײַן טעכטער, די מוזעס), באַקומען איר אָרט אין די אַרכיוון. די פּאָעזיע איז אַרײַן אין די ביבליאָטעקן, די מוזיק אין די פֿילהאַרמאָניעס און קאָנצערט־זאַלן אד״גל. דאַקעגן איז די פּלאַסטישע, די וויזועלע קונסט אַרײַן אין די מוזייען, די ערדישע פּאַלאַצן פֿון די מוזעס, און האָט זיך דאָ באַזעצט אויף שטענדיק – כאָטש זי האָט שוין פֿריִער געהאַט באַהערשט אין אַ סך לענדער די שטאָטישע פּלעצער, די קלויסטערס, מאָנאַסטירן און דעראָבערט פֿאַר זיך אַ ביז גאָר חשובֿן אָרט אין דער קולטור־געשיכטע פֿון דער מענטשהייט.

אין אָט דעם קאָמפּלעקס האָט אונדזער ייִדישער גורל – אַ גאַנץ חשובֿן – סײַ אַ טראַגישן און סײַ אַ ווירדיק־בכבֿודיקן חלק.

דער באַקאַנטער ״לא תעשׂה לך פּסל וכל תּמונה״ האָט נישט נאָר בײַ

ייִדן פֿאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פֿון דער קינסטלערישער יצירה. אויך אין דער געשיכטע פֿון קריסטנטום איז געווען אַ תּקופֿה, ווען ס׳איז פֿאַרווערט געווען נישט נאָר צו צייכענען, מאָלן אָדער סקולפּטירן די מענטשלעכע געשטאַלטן, נאָר מען האָט אַפֿילו געהאַקט קעפּ פֿון די שוין פֿריִער געשאַפֿענע פֿיגורן, און גאָר אַ סך קונסט־שאַפֿונגען זענען געוואָרן פֿאַרניכטעט. דאָס איז געווען אין דער צײַט פֿון די אַ״ג ״איקאָנאָקלאַסטן״ אין 8־טן יאָרהונדערט. אָבער דאָס איז געווען נאָר אַ קורצע תּקופֿה, און די קריסטלעכע רעליגיע האָט געוווּסט נאָך דעם אויסצונוצן די קונסט פֿאַר אירע צוועקן, ווי אַן עפֿעקטיווע פּראָפּאַ־גאַנדע פֿאַר דער רעליגיעזער אינדאָקטרינאַציע. אין אָט דער קריסטלעכער פּראָפּאַגאַנדע איז אויך אַרײַנגעטריפֿט געוואָרן אין די מוחות פֿון די מענטשן דער שטאַרקער סם פֿון שׂינאה קעגן ייִדן – דורך די בילדער און סקולפּטורן פֿון דעם קריסטלעכן פּאַסיאָן, פֿון די ליידן, וואָס זייער משיח איז אויסגעשטאַנען פֿון די ייִדן. נישט וויניק האָבן אויך די דאָזיקע גרויסע קונסטווערק געהאָלפֿן אָנצינדן די העצע צו פּאָגראָמען. אין די וווּנדערלעכע קאַטעדראַלעס פֿון באַמבערג און פֿון שטראַסבורג געפֿינען זיך בײַם אײַנגאַנג די אַלעגאָרישע פֿיגורן פֿון דער זינדיקער און ליגנערישער ״סינאַגאָגע״ וועלכע שטייט אַ בלינדע, מיט פֿאַרבונדענע אויגן, קעגנאיבער דעם קלויסטער, דעם אַנטפּלעקער פֿון דעם געטלעכן אמת. פּאַאָלאָ אוטשעלאָ, דער מײַסטער פֿון דער רענעסאַנטישער פּערספּעקטיוו, האָט אין איינעם פֿון זײַנע מײַסטער־האַפֿטע אַלטאַר־בילדער אָנגעמאָלן אַ ייִדישע משפּחה, וואָס איז געקומען פֿאַרמשכּונען בײַם פּראָצענטניק דאָס צוגעגנבֿעטע הייליקע ברויט פֿונעם קלויסטער, און פֿון דרויסן רײַסט זיך אַרײַן דער אויפֿגעבראַוזטער המון, כּדי צו לינטשן די כּופֿרים, די אַנטיכריסטן.

די קונסט האָט אַלזאָ אין משך פֿון לאַנגע יאָרהונדערטער געדינט דעם קלויסטער און דעם קריסטלעכן עסטאַבלישמענט; אָבער די קריסטלעכע קירך האָט, נוצנדיק דעם דאָזיקן מכשיר, אויך מיטגעהאָלפֿן דער אַנטוויקלונג פֿון דער פּלאַסטישער קונסט, וועלכע האָט זיך, אין משך פֿון דער צײַט אַרויסגעריסן פֿון אירע קייטן און איז געוואָרן זעלבשטענדיק און פֿרײַ (כאָטש אויך אין די מאָדערנע צײַטן איז זי געוואָרן פֿאַרגוואַלדיקט און איז געצוווּנגען געוואָרן צו דינען דיקטאַטאָרישע רעזשימען און ערדישע געצן).

אין די לעצטע צוויי הונדערט יאָר איז אויך אויסגעוואַקסן אַ פּלעיאַדע פֿון ייִדישע קינסטלער, וועלכע האָבן זיך מיט אַ האַסטיקן

שטראָם אַרײַנגעריסן און אַרײַנגעפּלאָכטן אין דער אוניווערסאַלער קונסט. נישט ווייניקע פֿון זיי זענען אַרײַן אין פּאַנטעאָן פֿון די גרויסע וועלט־מײַסטערס, און מאַנכע אַנדערע האָבן זיך ווירדיק אַרײַנגעשריבן אין דעם קאַפּיטל, וואָס רופֿט זיך ייִדישע קונסט – הגם וועגן זײַן אייגנטלעכן מהות פֿירט זיך פֿון תּמיד אָן אַ וויכּוח, וועלכער האָט זיך ביז הײַנט נישט פֿאַרענדיקט. אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די ישׂראלדיקע פּלאַסטישע קונסט, וואָס איר געשיכטע און אַנטוויקלונג איז גענוג אינטערעסאַנט און דראַמאַטיש, כּדי זיך מיט איר צו באַשעפֿטיקן.

אין איינעם פֿון די עסייען און חיבורים אין מײַן בוך *״פּערל פֿון גן־עדן – וועגן קונסט און וועגן קינסטלער״*, באַמי איך זיך אַרויסצוברענגען צוויי עיקרדיקע קאָנצעפּטן וועגן דער ראָלע, דער אויפֿגאַבע און תּכלית פֿון אַ קונסטווערק: איינע, די פֿון דעם איטאַליענישן קינסטלער לעאָנע באַטיסטאַ אַלבערטי – די קלאַסישע אויפֿפֿאַסונג פֿון מיט אַ האַלבן יאָר־טויזנט צוריק, אַז *״אַ בילד איז אַ פֿענצטער צו דער ווירקלעכקייט״*, און די צווייטע, די מאָדערניסטישע אויפֿפֿאַסונג פֿון דעם פֿראַנצויזישן קינסטלער מאָריס דעני, אַז ״אַ בילד, איידער עס ווערט אַ גאַלאָפּירנדיק פֿערד, אַ נאַקעטע פֿרוי אָדער אַן אַנדערע אַנעקדאָטישע שילדערונג, *איז עס קודם־כּל אַ לײַוונט, וואָס ווערט באַדעקט מיט פֿאַרבן און פֿאָרמען לויט אַ באַשטימטן סדר״*, ד״ה לויט אַ באַשטימטער קאָמפּאָזיציע.

צווישן אָט די צוויי עיקרדיקע קאָנצעפּטן (און אַזעלכע און אַנדערע זענען פֿאַראַן אָן אַ צאָל) ליגט אַ ראַשיקע אַנטוויקלונג פֿון סטיליסטישע ענדערונגען, וואָס האָבן אין די עטלעכע הונדערט יאָר, באַווירקט פֿון די סאָציאַלע, טעכנאָלאָגישע און אומצאָליקע אַנדערע אומשטאַנדן, פֿאַרוואַנדלט די קינסטלערישע אילוזיע אין פֿאַנטאַזיע, און די באַראָ־קישע פֿאַנטאַזיע אין ראָמאַנטיק, די ראָמאַנטיק אין אימפּרעסיאָניזם און אין די הונדערטער פֿאַרשיידנאַרטיקע סטילן, זשאַנערס און אופֿנים פֿון קינסטלערישן גײַסטיקן און עמאָציאָנעלן אויסדרוק – לויטן גײַסט פֿון דער צײַט. אין זיי שפּיגלען זיך אָפּ, דורך די קינסטלער, די דערהויבענע חלומות און שטרעמונגען פֿון דער מענטשהייט.

*לעצטע נײַעס*, **8־טער יולי 1988**

*פֿראַגמענט פֿון אַ רעפֿעראַט אין ״לייוויקהויז״*
***לכּבֿוד דעם דערשײַנען פֿון בוך ״פּערל פֿון גן־עדן״***

## אַלעקסאַנדער ליזען:
# *דער אָטעם פֿון קונסט*

״יצחק לודענס קאַפּיטאַל, גרויספֿאָרמאַטיק בוך וועגן קונסט און וועגן קינסטלער, *״פּערל פֿון גן־עדן״*, פֿאַרמאָגט בײַ די דרײַ הונדערט און דרײַסיק זײַטן, און עס גייט אַ רייד וועגן כּמעט הונדערט קינסטלער, און בײַ די 500 אילוסטראַציעס, פֿאָטאָגראַפֿיעס און רעפּראָדוקציעס פֿון קונסטווערק. פֿון דעסטוועגן באַטאָנט דער מחבר, אַז דאָס דאָזיקע בוך איז ״נישט קיין לעקסיקאָן און נישט קיין ענציקלאָפּעדיע און נישט קיין לערנבוך. זײַן ציל איז אָבער צו זײַן אַ באַלערנדיק בוך״.

איך בין גאָר אַ קליינער ווייסער אין הילכות קונסט, הגם כ׳האָב גאַנץ ערנסט זיך משתּדל געווען אַ שווים צו טאָן אין דעם־אָ זייער רחבֿותדיקן און זייער טיפֿן ים און ניט דערטרונקען ווערן. ערשטנס – פֿאָרט קונסט. צווייטנס – די קונסט פֿון, למשל, מאָלערײַ אָדער סקולפּטור איז גאָר קרובֿיש צו דער קונסט פֿון דעם וואָרט: די זעלבע מיסיע, די זעלבע פּראָבלעמאַטיק, אַפֿילו כּמעט די זעלבע ריכטונגען און טערמינאָלאָגיע. אי דאָ, אי דאָרטן זענען פֿאַראַן און ס׳פֿאַרמערן זיך מאָדערניסטן און אַוואַנגאַרדיסטן, אימפּרעסיאָניסטן און עקספּרעסיאָניסטן, פֿוטוריסטן, קוביסטן, עקזיסטענציאַליסטן, סוררעאַליסטן, דאַדאַיִסטן, און נאָך אַלערליי ״איסטן״. די דאָזיקע קרובֿהשאַפֿט איז באַזונדערס אָנזיכטיק וואָס שייך דעם דיכטערישן וואָרט.

לפֿי עניות דעתּי זענען ניט אַלע ״איסטן״ באַרעכטיקט. פֿאַראַן עקסטרעמע, איבערגעשפּיצטע, מאַנירלעכע, פּרעטענציעזע, וואָס זייער ציל איז עטאַפּירן דעם צוזעער און דעם לייענער. פֿאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף ניט מאָלן אָדער דיכטן, אָדער שרײַבן אַזוי ווי מיט הונדערט יאָר צוריק. עפּעס נײַס מוז זײַן. נײַס און פּראָגרעסיוו. פֿאַראַן אָבער אַ יידיש ווערטל: ״וואָס צו איז איבעריק״. בײַם מאָלער/ סקולפּטאָר/ דיכטער דאַרף זײַן אַ חוש פֿון ״אָנגעמאָסטנקייט״. איין זאַך, ווען מען

מאָלט אַ "ווײ־געשריי". ווי ברייט עס זאָל נישט זײַן צעפּראַלט דאָס מויל, ווי אויסגעקרימט, צעקריפּלט עס זאָל ניט זײַן דאָס פּנים, ווי שרעקלעך די אויגן זאָלן ניט שיטן פּעך און שוועבל – אַלץ איז באַרעבעטיקט, וואָרעם דאָס איז אַ ווײ־געשריי, און אַלע, און באַזונדערס יידן, ווייסן וואָס עס הייסט אַ ווײ־געשריי אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט. אָבער צו וואָס, אַ שטייגער, דאַרף מען זיך מוטשען און דעשיפֿרירן עפּעס אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס הייסט: "פּאַניק + מײַנע הויזן" (ז' 189)? וואָלט דאָס געווען עפּעס אַ ווידערקול פֿון מאַיאַקאָווסקיס "אַ וואָלקן אין די הויזן"? נאָר די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע האָט כאָטש אַ נאָמען, איז מיר געלונגען אָפּזוכן די הויזן (און די פּאַניק – ניט). פֿאַראַן אָבער צווישן די פּערל פֿונעם בוך ניט ווייניק קאָמפּאָזיציעס אָן אַ נאָמען. איז פּרוביר פֿאַרטײַטשן.

דאָס איז ניט קיין קלייניקייט, ניין. לאָמיר זיך דערמאָנען וואָס פֿאַר אַ ציל איז געווען בײַם מחבר מיט דעם בוך *פּערל פֿון גן־עדן.* שוין אַליין דער נאָמען: פּערל... גן־עדן... אָבער – זאָגט ער – דאָס בוך איז ניט קיין לעקסיסקאָן אאַז"וו. "זײַן ציל איז צו זײַן – אַ באַלערנדיק בוך".

איך מיין, אַז זײַן בלויז אַ באַלערנדיק בוך איז צו אַ באַגרענעצטער ציל. איך רעד שוין נישט דערוועגן. דערווײַל ווענן קאַטאַרזיס. וועגן דעם וועלן מיר אַ שמועס טאָן שפּעטער. יעדער איינער ווייסט, אַז אַ קונסטווערק דאַרף פֿאַרשאַפֿן נחת־רוח, אַניט איז דאָס ניט קיין קונסטווערק. אַפֿילו אַליין דער פּרוּוו פֿון אויסטײַטש, אויב ס'איז אַ געלונגענער, פֿאַרשאַפֿט גײַסטיקן פֿאַרגעניגן. אָבער אויב אַ ניט געלונגענער, מחמת צו פֿיל פֿאַרדרייטקייט און מטושטשקייט? וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגעניגן קאָן דאָ זײַן? בלויז ערגערניש. און דער קינסטלער מאָלט דאָך זײַנע קאָמפּאָזיציעס ניט נאָר פֿאַר זײַנע קאָלעגן פֿאַכלײַט און פֿאַר מעצענאַטן, נײַערט פֿאַר אַ ברייטן עולם. ניט אַזוי?

קומען דעריבער יצחק לודענס "פּערל" צו הילף. ערשטנס: די שווערע, פֿאַרנעפּלטע, מערסטנס בלויז רמזימדיקע, האַלב־שאָטנדיקע פֿאַכ־שפּראַך פֿון די קינסטלער גיט איבער דער מחבר אין אַ פֿאַר אַלעמען צוגענגלעכער דײַטלעך קלאָרער שפּראַך. און צווייטנס: די שפּראַך איז דאָך פֿאָרט מאַמע־לשון. ס'הייסט, לאָמיר זאָגן, אַז אַליין די שפּראַך העלפֿט־מיט צו שאַפֿן בײַם לייענער, דעם קומענדיקן צוקוקער, דעם דערמאָנטן גײַסטיקן נחת־רוח, וועלכער מוז אומבאַדינגט אַרײַנדרינגען און פֿאַרברייטערן דעם באַגריף "באַלערנדיק", ווי זײַן וויכטיקער באַשטאַנדטייל.

יאָ, פֿאַר אַלעמען. על אַחת כּמה וכּמה פֿאַר "קרובֿים", וואָס זענען אויך קינסטלער, וואָרט־קינסטלער. דיכטער, ווער זאָגט היינטצייטיקע, און נאָענטע צו דער היינטצייטיקייט, זיינען אויך גרויסע פֿאַרערער פֿון פֿאַרב, פֿון קאָלירן. ס'איז גענוג צו דערמאָנען סערגיי יעסענינס ליבע צו קאָלירן: ראָזעווע שקיעה, גראָווע כּמאַרעס, געלע לייצעס, בלאָווע מראַקע, גילדן פֿייער, ווייסע קלינגעריי, פּורפּור־רויטע רייט, געלער שוים, ראָזע פֿערד, געל־רויטע סטויגן... ס'איז גענוג צו דערמאָנען די פֿאַרערונג פֿון די "יונגע" צו די קאָלירן... און בכלל: אַלע קונסטן זיינען ניט בלויז גאָר נאָענטע שכנים, קעגנזייטיק אָנשטעקעוודיקע, וואָס באַגייסטערן איינע די צווייטע, וואָס רעגן איינע די צווייטע, און די מקורים פֿון די רעגונגען זענען כּמעט אַלצאיינע: ספּאָנטאַנישקייט, סימבאָלישקייט, פֿאַרנעפּלטקייט, ניט־דערזאָגטקייט, פֿאַנטאַזיע, לופֿט־בילדער, לעגענדעס, חלומות, טרוימען, וויזיעס...

זייער קרובֿהשאַפֿט איז אַזוי סמיכותדיק, אַז ווען, למשל, אַ מוזיקער נעמט זיך גלאָריפֿיצירן מוזיק אויף אַ נייעם אופֿן, נוצט ער אויס די טערמינאָלאָגיע פֿון אַן אַנדערער קונסט – מאָלעריי, סקולפּטור, שוין אָפּגערעדט פֿון וואָרט־קונסט. און אויך פֿאַרקערט. אַ דיכטער ווענדט זיך צו דער הילף פֿון מוזיק, מאָלעריי, סקולפּטור, ווען געוויינטלעכע ווערטער ווערן שוין אויסגעדראָשן, צו באַנאַל און בלייך.

איז נאָך אַ לויטערער מזל, וואָס עס טוט אַ ווייע פֿון די הונדערטער בילדער פֿון די פּערל פֿון גן־עדן, זאָל זיין שווערע, זאָל זיין אַפֿילו טראַגישע, און דאָך טוט אַ בלאָז אַ קאַטאַרזיס־ווייעניש, און עפּעס ענלעכס אויף אַ גם־זו־לטובֿה־טרייסט, אויב נישט אויף דעם שוין דערמאָנטן גייסטיקן נחת־רוח, שפּראָצט אַרויס אומדערוואַרט־ספּאָנטאַן פֿון די נשמה־טיפֿענישן...

* * *

וואָס איז קונסט? – פֿרעגט דער אַווטאָר, – און וואָס איז די אויפֿגאַבע פֿון דעם קינסטלער? און דערביי איז ער מטעים, אַז "יעדער איינער פֿון אונדז איז זיכער, אַז ער ווייסט געענוי דעם ענטפֿער, פּונקט ווי יעדער איינער ווייסט גענוי וואָס עס איז ברויט, וואָס איז ליבע און וואָס עס זענען אַלע אַנדערע באַגריפֿן פֿון דעם טאָג־טעגלעכן אומגאַנג".

מיר דאַכט זיך, אַז אונדזער געשאַצטער מחבר דערלאָזט אין געגעבענעם פֿאַל אַ טעות. ניט בלויז "יעדער איינער", נאָר אַפֿילו אַליין די קינסטלער וואָס שאַפֿן די קונסט, ווייסן ניט, פֿאַרשטייען ניט אַלץ איינס וואָס עס איז אַזוינס קונסט, און אין וואָס באַשטייט זייער

אויפֿגאַבע, אַניט וואָלט ניט געווען אַזוי פֿיל פֿאַרשיידענע דעפֿיניציעס, אַניט וואָלט ניט געווען אַזוי פֿיל פֿאַרשיידענע ריכטונגען, שטרעמונגען, שיטות, שאַטירונגען אַפֿילו אין די ראַמען פֿון איין קונסט. איז אפֿשר טאַקע אין דעם באַשטייט די גרויסע צוציִונגס־קראַפֿט פֿון דעם לייענער, באַזונדערס פֿון דעם פּראָסט־פּשוטן לייענער צו די פּערל פֿון גן־עדן – דערוויסן זיך גענוי, גאַנץ דײַטלעך, וואָס עס איז טאַקע אַזוינס קונסט, און וואָס פֿאַר אַ נאָבעלע אידעאַלע מיסיע האָבן, דאַרפֿן האָבן, די שעפֿער, אויב ניט די באַשעפֿער, פֿון די דאָזיקע פּערל?

לײדער וועט אונדזער געוויינטלעכער לייענער אין דעם דאָזיקן בוך ניט געפֿינען קיין דײַטלעכע, קלאָרע, איינציק ריכטיקע און איינציק מעגלעכע "אין דער לעצטער אינסטאַנץ" ענטפֿערס אויף ביידע פֿראַגעס. ס'איז אַ סבֿרה, אַז דאָס איז פּשוט אויסגעשלאָסן. אָבער דאָס וואָס דער לייענער האָט אַ מעגלעכקייט "אויסצוהערן" כּלערליי שטאַנדפּונקטן וועגן דעם און "אַרומבליקן" די פּערל, זאָל זײַן אַפֿילו ניט אין זייער נאַטירלעכער גרויסקייט און מאַיעסטעטישקייט, פֿאַרברייטערט אָן ספֿק דעם לייענערס דיאַפּאַזאָן וועגן קונסט און קינסטלער. און טאַקע פֿאַר דעם קומט דעם מחבר אַ האַרציקער דאַנק.

* * *

דער לייענער דערוויסט זיך אויך עפּעס וויכטיקס וועגן דער דילעמע גוף־נשמה, חומר־גײַסט. דער אַוטאָר זאָגט אונדז, אַז "צווישן זיי קומט פֿאָר אַן אייביקער 'דיאַלאָג' – אַ פֿאַרמעסט און אַ געראַנגל איבער דעם פּרימאַט... מחמת זיי זענען די צוויי וויכטיקסטע זײַלן פֿון דער קונסט".

"געדאַנק און געפֿיל" – שרײַבט ער – "דאָס זענען צוויי וויכטיקע יסודות נישט נאָר אין דער קונסט", נאָר אויך אין דער וויסנשאַפֿט און בכלל אין יעדער מענטשלעכער טעטיקייט. אָבער אויב אין דער וויסנשאַפֿט פֿאַרנעמט די אויבערהאַנט דער שׂכל, דער געדאַנק, איז אין דער קונסט – די עמאָציע, דער דמיון. דער געדאַנק האָט ליב גיכטערקייט, פּסדרקייט, דיסציפּלין. דעם דימיונס פּריאָריטעט איז פֿאַרקערט: ספּאָנטאַנישקייט, אומגעריכטקייט, התלהבֿות. אַ וויסנשאַפֿטלער שטרעבט צום אָביעקטיוון אמת, אַ קינסטלער – אַרויסצוברענגען זײַן סוביעקטיווע איבערלעבונג, וועלכע איז, לויט זײַן טיפֿער איבערצײַגונג, אַ חלק פֿון דער אַלמענטשלעכער עמאָציאָנעלער דערקענטעניש. איידער אַ מאָלער נעמט זיך עפּעס מאָלן, איידער אַ מוזיקער נעמט זיך עפּעס מוזיצירן, איידער אַ שרײַבער נעמט זיך עפּעס שרײַבן דאַרף ער, מוז ער האָבן אין זינען, צי דאָס וואָס ער קלײַבט זיך צו שאַפֿן וועט פֿאַרנעמען אַ

באַשטימט אָרט אין דעם אַלמענטשלעכן קינסטלערישן היכל. און, חלילה ניט פֿאַרגעסן וועגן דעם שוין דערמאָנטן קאַטאַרסיס, וואָס לויט אַריסטאָטעלן שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ לײַטערונג פֿונעם גײַסט סאַמע דורך טראַגישקייט, דורך מיטלײַד. יצחק לודען ציטירט דעם ישׂראלדיקן פֿילאָסאָף, פּראָפֿ׳ בן־עמי שאַרפֿשטיין, וועלכער זעט אין אַ קינסטלערי־שער שאַפֿונג "אַ וועג צו פֿאַרוואַנדלען ווייטיק און לײַדנשאַפֿט אין עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו פֿאַרגעניגן און האָפֿענונג".

ווי אַן איבערצײַגנדיקער העלער בײַשפּיל פֿון דער נאָענטקייט, פֿון דעם איבערפֿלעכט פֿון צוויי מינים קונסט, רופֿט אָן דער אַוטאָר דעם באַרימטן מאַרק שאַגאַל, וועלכער איז געווען אי אַ קינסטלער, אי אַ פּאָעט. אין זײַנע דרײַ צענדליק לידער וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין פֿאַרשיידענע צײַטן – שרײַבט י. לודען – קאָן מען זען די זעלבע זכרונות, די זעלבע חלומות און בענקשאַפֿטן סײַ אין די בילדער, סײַ אין די לידער. אָט, למשל, אַזאַ ליד:

*ניטאָ מײַן לערער מיטן פּענדזל, ניטאָ זײַן בערדעלע,*
*אַ גזלן אים געהרגעט פֿאַר אַ צווייער,*
*אַוועקגעצויגן האָט אַ שוואַרצער פֿערדעלע*
*אויף יענער־וועלט אים דורכן טויער.*
*עס האָט פֿאַרלאָשן זיך זײַן לאָמפּ,*
*עס קוקט אַרײַן אין שטוב אַ וואָלקן,*
*אַנטקעגן אים שטייט ווי אַ גלאָמפּ*
*פֿאַרשפּאַרט דער קלויסטער מיט אַ פּלאָקן.*
*דײַן בילד, דאָס ייִדישע, אין בלאָטע*
*פֿאַרשמירט אַ חזיר מיטן עק –*
*איך האָב, מײַן לערער, שוין חרטה,*
*וואָס איך בין לאַנג פֿון דיר אַוועק.*

ווער־זשע איז זײַן לערער, זײַן ערשטער וויטעבסקער לערער? יהודה פּען. און זײַן קינה־ליד איז אַרויסגערופֿן מיט אַ טיפֿן עגמת־נפֿש, ווען ער האָט איבערגעלייענט אין דער מינסקער ייִדישער צײַטונג "אָקטיאַבער", אין יאָר 1937, די ידיעה וועגן אַ ייִדישן בחור און אַ מיידל, וועלכע מ׳האָט געמישפּט "פֿאַר דערהרגענען דעם גרײַז־גראָען מאָלער יהודה פּען, מיינענדיק צו געפֿינען בײַ אים עשירות...".

און איך מיין, אַז יצחק לודענען קומט אַ האַרציקער יישר־כּוח פֿאַר דעם בוך *פּערל פֿון גן־עדן*, וואָס צוויי דריטל פֿון דעם פֿרעכטיקן בוך זענען געווידמעט ייִדישער קונסט און ייִדישע קינסטלער און פֿאַר דעם –

פֿאַר פֿריִער – וואָס ער וועט געוויס פֿאָרזעצן זײַן גרויסן אויפֿטו אויך להבא אויב ניט אין דער פֿאָרם פֿון אַזאַ בוך, איז דערווײַל אויף די שפּאַלטן פֿון די "לעבנס־פֿראַגן".

**אַלעקסאַנדער ליזען,** לוואָוו *

## דעם מחברס ענטפֿער:

# די קונסט פֿון זעען

אַ גרויסן יישר־כּוח אײַך, ליבער אַלעקסאַנדער ליזען, און אַ האַרציקן דאַנק פֿאַר אַרײַנלייגן אַזוי פֿיל מי און פּראַצע אין אײַער אָפּהאַנדלונג וועגן מײַן בוך. עס איז מיר גאָרנישט אײַנגעפֿאַלן, אַז עס וועט נאָך זײַן וועגן דעם בוך וואָס צו שרײַבן, נאָך דעם וואָס עס איז שוין געשריבן געוואָרן וועגן אים אין די איבער פּופֿציק פֿאַרעפֿנטלעכטע רעצענזיעס, אויך אין דער נישט־ייִדישער פּרעסע.

אמת, מיט אייניקע אָפּשניטן און באַמערקונגען אין אײַער אַרטיקל בין איך נישט זייער מסכּים – באַזונדערס בנוגע דער וויזועלער אויפֿ־פֿאַסונג, וועלכע ענדערט זיך מיט יעדן דור – אָבער יעדער דור פֿאַר זיך האַלט זיך בײַ דער באַנעמונג פֿון זײַנע אייגענע יונגע יאָרן... עס איז פֿאַר אונדזער עלטערן דור זייער שווער זיך אָפּצושיידן פֿון אונדזערע יוגנט־באַגריפֿן, ד"ה פֿון אונדזער אַמאָל, און צו אַדאָפּטירן די קאָנצעפּטן פֿון די איצטיקע ייִנגערע דורות. מיר אַלע, די וואָס רופֿן זיך פֿאָרגעשריטענע מענטשן, בלײַבן אין דער אמתן צוריקגעשטאַנען בײַם "פּראָגרעס" פֿון יענער צײַט, ווען מיר זענען געווען יונג און דעמאָלטיק מאָדערן.

דאָס איז די סיבה הלמאַי עס איז אונדז שווער זיך צוגעוווינען צו אַ נישט פֿיגוראַטיווער אָבסעררואַציע. פֿון דאַנעט נעמט זיך אײַער עטוואָס שפּאָטישע באַמערקונג וועגן דער "פּאַניק + מײַנע הויזן"... – ווײַל מאַיאַקאָווסקי פֿון פֿאַר זיבעציק יאָר איז אונדז אָן שום ספֿק אַ סך מער פֿאַרשטענדלעכער פֿון יגאל טומאַרקינען פֿון די הײַנטיקע זעכציקער און זיבעציקער יאָרן.

עס איז גענוג צו פֿאַרגלײַכן די אויפֿפֿאַסונג פֿון וויי־געשריי אינעם בילד *"דאָס באַוויינען ישוס טויט"* פֿון דעם איטאַליענישן רענעסאַנס־קינסטלער דזשאָטאָ (1264–1337) און די אין דעם *"וויי־געשריי"* פֿון דעם נאָרוועגישן עקספּרעסיאָניסטישן קינסטלער עדוואַרד מונק (1863 – 1944).

דעם טיפֿערן זין און דעם אונטערשייד צווישן די דורות אין זייער וויזועלער באַנעמונג געפֿינען מיר אין די צוויי עקסטרעם קעגנזעצלעכע דעפֿיניציעס וועגן דעם מהות פֿון דער קונסט און וועגן דעם, וואָס עס איז אַזוינס אַ בילד: אין דער דעפֿיניציע פֿון לעאָנע באַטיסטאַ אַלבערטי, דעם איטאַליענישן הומאַניסט פֿון דער רענעסאַנס־תּקופֿה, אַז "אַ בילד איז אַ שפּיגל פֿון דער ווירקלעכקייט" – און פֿון דעם פֿראַנצייזישן אימפּרעסיאָניסטישן קונסט־טעאָרעטיקער פֿון 19־טן יאָרהונדערט, מאָריס דעני, אַז אַ בילד, איידער עס ווערט, לאָמיר זאָגן, אַ פֿערד־געיעג, אָדער אַ וועלכע נישט איז שילדערונג, "איז עס פֿריִער פֿאַר אַלץ אַ לײַוונט, וואָס איז געוואָרן באַדעקט מיט פֿאַרבן לויט אַן אָרגאַני־זירטער קאָנצעפּציע אין אַ באַשטימטער קאָמפּאָזיציע" (איך ציטיר דאָס פֿון אויסנווייניק).

ווי עס זאָל נישט זײַן, קאָן מען די טעמע נישט אָפּפּטרן מיט קיין צו שטאַרק פֿאַראײנפֿאַכטער באַצייכענונג, ווי מיר זענען געוווינט הײַנט צו הערן, למשל, אַז "מײַן פּינפֿיאָריק אייניקל קען אויך אָנפּאַטשקען אַזאַ מאָלערײַ"... דאָס פֿאַררופֿן זיך אויף מאַיאַקאָווסקין, אַז "די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע האָט כאָטש אַ נאָמען" באַווײַזט, אַז איר האָט נישט באַנומען דעם מהות פֿון דער נישט־פֿיגוראַטיווער קונסט. איר זײַט אָבער אין דעם ניט שולדיק, ווײַל די וויזועלע אויפֿפּאַסונג איז אַן ענין פֿון דעם פּסיכאָ־סאָציאָלאָגישן פּראָצעס פֿון יעדן דור, און מיר אַלע זענען פֿון אים באַאײַנפֿלוסט. דאָס מאַכט מיך נאָך נישט פֿאַר קיין חסיד שוטה פֿון דעם אָדער יענעם באַשטימטן סטיל אין דער קונסט: איך בין אַן אָנהענגער פֿון יעדער גוטער קינסטלערישער שאַפֿונג – אין וועלכן סטיל דאָס זאָל נישט זײַן, אָפּהענגיק פֿון דער צײַט, פֿון דעם היסטאָרישן הינטערגרונט און פֿון אַלע אַנדערע פּאַראַמעטערס, לויט וועלכע עס ווערט געמאָסטן די קוואַליטעט פֿון אַ קינסטלערישער יצירה.

איר זײַט פֿולשטענדיק גערעכט ווען איר שרײַבט, אַז "אונדזער געוויינ־לעכער לייענער וועט אין דעם בוך נישט געפֿינען קיין דײַטלעך־קלאָרע און איינציק מעגלעכע 'אין דער לעצטער אינסטאַנץ' ענטפֿערס אויףביידע פֿראַגעס (וואָס עס איז אַזוינס קונסט, און וואָס פֿאַר אַ נאָבעלע אידעאַלע שליחות עס האָבן אירע שעפֿער)". אין מײַן בוך האָב איך חלילה נישט פּרעטענדירט צו געבן אַזאַ קאַטעגאָרישן ענטפֿער – און אַזאַ איז טאַקע בכלל נישט פֿאַראַן: נישטאָ וועגן דעם נישט קיין נאַציאָנאַלער און נישט קיין אינטערנאַציאָנאַלער קאָנסענזוס... אין מײַן בוך *"פּערל פֿון גן־עדן – וועגן קונסט און וועגן קינסטלער"* האָב איך

נאָר פּרובירט אַרײַנפֿירן דעם "געװײנטלעכן לייענער" פֿון ייִדישן בוך אין דעם דופּטיקן פּרדס פֿון דער קינסטלערישער יצירה, אין דער װעלט פֿון דער פּלאַסטישער קונסט בכלל, און זיך טײלן מיט אים מיט מײַנע ידיעות און מיט מײַנע באַטראַכטונגען, װי איך װײַז עס אָן אין דעם אַרײַנפֿיר צו מײַן בוך. איך דערצייל דאָרט װעגן פֿאַרשיידענע (אַװדאי נישט אַלע) סטילן און שטרעמונגען אין דער קונסט. װען עס קומט אָבער צום אויפֿקלערן אַבסטראַקטע קונסט, איז נישטאָ, צום באַדויערן, קיין אַנדערע ברירה, װי זיך צו באַנוצן מיט אַבסטראַקטע באַגריפֿן... (איך האָב דאָס באַטאָנט אין דעם באַהאַנדלטן בוך אין מײַן עסיי װעגן דעם קינסטלער יוסף זאַריצקי, ז' 226).

און דעם שרײַבער אַלעקסאַנדער ליזען בלײַבט מיר נאָר צו דאַנקען פֿאַר העלפֿן דעם לייענער זיך פֿאַנאַנדערצוקלײַבן אין דעם לאַבירינט פֿון דער קונסט און אויך פֿון מײַנע אויפֿקלערונגען, װאָס זענען אפֿשר, לויט זײַן מיינונג, נישט אַלעמאָל גענוג דײַטלעך און קלאָר. און גאָר באַזונדערס פֿאַר אַ קריטיקער, װעלכער דעקלאַרירט בײַם סאַמען אָנהייב פֿון זײַן עסיי, אַז ער איז "גאָר אַ קליינער װייסער אין הילכת קונסט" – און ער װײַזט זיך גאָר אַרויס װי אַ היפּשער בקי אין דער פּלאַסטישער שפּראַך.

*יצחק לודען*

*"די צוקונפֿט"*, **נאָוועמבער־דעצעמבער 1997**

* **אַלעקסאַנדער ליזען** (1910 – 1999), געבוירן אין שטעטל קופּעל, פּראָסקוראָװער געגנט, אוקראַיִנע. געדינט װי אַן אָפֿיציר אין דער סאָװיעטישער אַרמיי בעת דער היטלער־מלחמה. געשריבן אין דרײַ שפּראַכן: ייִדיש, רוסיש און אוקראַיִניש. געלעבט נאָך דער מלחמה אין לװאָװ, דאָרט געװאָרן ליטעראַריש שעפֿעריש און קולטור־געזעלשאַפֿטלעך אַקטיװ פֿאַר ייִדיש. אַרויסגעגעבן אין בוך־פֿאָרם ראָמאַנען און באַלאַדעס אין פּראָזע, אַ טייל פֿון זיי געדרוקט אין "לעבנס־פֿראַגן". געשטאָרבן סוף 1999 אין לװאָװ.



סאַלוואַדאָר דאַליס רעאַקציע אויף דעם בירגער־קריג
אין שפּאַניע. 1936.

## פֿון יענע יאָרן
# דער ערשטער באַן־פֿײַף

דער פֿרימאָרגן האָט זיך געשטעלט אַ מילדער, די שטימונג אַ געהויבענע.

ווידער ציילט מען אונדז, און – צום לעצטן מאָל עפּנט זיך פֿאַר אונדז דער טויער פֿון דער שאַכטער־זאָנע. צו דרײַ אין אַ ריי מאַרשירן מיר אַרויס אויף דער פֿרײַ. אונטער אונדזערע פֿיס סקריפּען און בייגן זיך די יונגע ביימעלעך, "נאַקאַטניקעס", וואָס מיר, די ביז נאָרוואָס געוועזענע אַרעסטאַנטן, האָבן אויסגעלייגט אויף דעם הילצערנעם זעבצן־קילאָמעטערדיקן שאָסיי. די לופֿט ווערט פֿאַרהילכט פֿון פֿרייד־געשרייען און לוסטיקע לידער.

מיר זענען די ערשטע גרופּע באַפֿרײַטע אַרעסטאַנטן – 215 "זאַקלוטשאָנניִע", – "פֿאַרשלאָסענע", ווי מיר האָבן אָפֿיציעל געהייסן אויף רוסיש. אין לאַגער בלײַבן נאָך איבער פֿיר הונדערט אַרעסטאַנטן, פֿאַרמישפּטע פּוילישע בירגער, וואָס וואַרטן אויף דער ריי צו ווערן באַפֿרײַט.[1]

מיר מאַרשירן פֿאַרבײַ אונדזער זאָנע, דאָס אָרט, וואָס מיר האָבן אַזוי לאַנג פֿאַרשאָלטן און געוואַרט אויפֿן גליקלעכן מאָמענט זיך פֿון דאַנען וואָס גיכער אַרויסצובאַקומען. אויף יענער זײַט דראָטענעם פּלויט שטייען די אומגליקלעכע, די וואָס האָבן נישט געהאַט די זכיה אויסגערופֿן צו ווערן צום טראַנספּאָרט, און צווישן זיי מײַן חבֿר

---

[1] אויפֿן סמך פֿון דעם אַמנעסטיע־אָפּמאַך פֿאַר פּוילישע בירגער, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין מאָסקווע צווישן גענעראַל שיקאָרסקי, דעם פּרעמיער פֿון דער פּוילישער גלותדרעגירונג אין לאָנדאָן, און דער סאָוועטישער רעגירונג נאָך דער דײַטשישער אינוואַזיע קעגן סאָוועטרוסלאַנד.

שמואליק. עס נעמט מיך אָן אַ ווייטיק – וואָס פֿאַר אַ שאָד! וויפֿל האַרציקע און גליקלעכע מינוטן האָבן אויסגעפֿילט אונדזער פֿרײַנד־שאַפֿט אין יענע שווערע און פֿײַנלעכע טעג. און איצט – ווער ווייס צי מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל ערגעץ באַגעגענען אויפֿן וואַנדערוועג אין אונדזער אומבאַוווּסטער צוקונפֿט. אָרעמער שמואליק.

די אומגליקלעכע פֿון יענער זײַט פֿאָכען צו אונדז מיט די טיכלעך, מיט די היטלען, ווינטשן אונדז אַ זאַטע און אַ גליקלעכע פֿרײַהייט. אין דער לופֿטן טראָגן זיך געזעגענונגס־אויסגעשרייען:

– אַ גליקלעכן וועג, חבֿרה!

עס געזעגנט זיך אויך שמואליק ס.: ער שרײַט: זאָל לעבן די פֿרײַהייט! יאָ, די פֿרײַהייט, וועלכע ער האָט מיט אַזאַ פֿלאַם געטראָגן אין זײַן יונג לײַדנשאַפֿטלעכן האַרץ, די פֿרײַהייט, וואָס מען האָט אונדז געוואָלט צורויבן אויף אַזוי פֿיל יאָרן, די פֿרײַהייט, נאָך וועלכער עס האָט זיך אַזוי געבענקט אין די אַנדערטהאַלבן יאָר טורמע און לאַגער.

מיר גייען ווײַטער מיטן שאָסיי, די זאָנע דערווײַטערט זיך אַלץ מער הינטער אונדז. בײַ דער זײַט גייט דער נאַטשאַלניק פֿונעם אַזוי־גערופֿענעם "קולטור־דערציִונגס־ווינקל" ("ק. וו. טש.") מיט אַ טעקע אין האַנט, שוין נישט אַזוי שטרענג ווי תּמיד ביז אַהער. הײַנט איז ער באַזונדערס העפֿלעך, מ׳קען מיט אים רעדן אַ וואָרט. ער בייזערט זיך שוין נישט וואָס מען זינגט פּויליש לידער. ער ווענדט זיך שוין צו אונדז מיט "טאָוואַרישטש", חבֿר, שוין ווי אַ גלײַכער מיט גלײַכע.

זײַן אויפֿגאַבע איז אָפּצופֿירן אונדז ביז דער שטאָט קאָזשווע.

מיר קומען אָן צום טײַך, ווו עס וואַרטן אויף אונדז צוויי "קאַטערס", ראַפּסאָדעס. זיי דאַרפֿן נעמען די פּעקלעך און די קראַנקע. די איבעריקע דאַרפֿן גיין דרײַ־און־צוואַנציק קילאָמעטער צופֿוס, צו דער באַן־סטאַציע.

אויך איך בין באַשטימט געוואָרן צו פֿאָרן מיט דער ראַפּסאָדע, צוליב מײַן קראַנקייט, די "צינגאַ", וועלכע איך האָב מיר אין לאַגער דעראָבערט. מיר שטײַגן אײַן. דער יונגער טאָטער, דער "בורלאַק", שפּאַנט אײַן דאָס פֿערד וואָס אויפֿן ברעג, פֿאַרוואַרפֿט אַ לאַנגע דיקע שטריק צום קאַטער. מיר לאָזן זיך שווימען איבער דעם ברייטן וואַסער. דער ברעג דערווײַטערט זיך פֿון אונדז אַלץ מער און מער.

דאָס פֿאָרן מיטן קאַטער אויף די צפֿונדיקע וואַסערן איז נישט געווען אַזוי אָנגענעם, ווי עס האָט זיך אונדז פֿריִער אויסגעוויזן. דאָס איז געווען אין חודש אָקטאָבער, דעם 8־טן אָקטאָבער, ווען דער אָנקומענדיקער ווינטער גיט שוין פֿון זיך גאַנץ שאַרף אָנצוהערן. די ווײַסע זומערדיקע

נעבעט זענען שוין פֿון לאַנג פֿאַרבײַ און עס רוקן זיך שוין אָן די שוואַרצע ווינטערדיקע טעג. און עס דאַכט זיך דיר, אַז דער ווינטער שפּיגלט זיך שוין אין די קלאָרע וואַסערן פֿון דער אינטאַ.[2]

דער צפֿונדיקער הימל באַדעקט זיך מיט כמאַרעס. אַ קאַלטער ווינט שטײַפֿט די גלידער, שמײַסט און שטעכט אין פּנים, רײַסט די האָר. אַ קעלט נעמט אַדורך די ביינער. מיר טוליען זיך אײַן אין די פּעקלעך – עס העלפֿט אָבער ווייניק. די פֿיס ווערן פֿאַרשטאַרט, אָבער דו האָסט נישט קיין ברירה, דו מוזסט שווײַגן, פֿאַרפֿאַלן – דו פֿאָרסט דאָך צו דער פֿרײַ!

אויפֿן הימל לויפֿן אָן פֿון אַלע זײַטן ריזיקע, שווערע כמאַרעס איבערן טײַך. באַלד וועט זיך אויפֿהייבן אַ שטורעם, אַ זאַווערוכע. אָט באַלד וועט עס אַ נעם טאָן... די ברעגן זאָגן אונדז קיין הילף נישט צו – אַרום איז די טונדרע, די ברייט און ווײַט צעשפּרייטע פּאָלאַרע טונדרע מיט אירע נידעריקע געדיכטע קוסטן.

קאַלט איז אויפֿן לײַב, אין די ביינער, אָבער נאָך קעלטער איז אויף דער נשמה. דער טײַך איז פֿלאַך, די צוויי פֿערד אויפֿן ברעג פֿאַלן שוין פֿון די כּוחות. יעדע רגע שטויסן מיר זיך אָן אויפֿן צעריבענעם זשוויר, מיט וועלכן עס איז פֿול דער גרונט. דאָס פֿערד ראַנגלט זיך מיטן פֿראָסט, מיטן ווינט, שלעפּט אונדז פֿון איין זאַמד־אינדזעלע צום אַנדערן. עס ווערט מיטאַמאָל שטאַרק ליכטיק. דאָס וואַסער הייבט אָן אונדז וואַרפֿן אין אַלע זײַטן און פֿאַרכליאַפּעט אונדז פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, ווי גרויס מיר זענען. דער ווינט פֿאַרוואַרפֿט אונדזער קאַטער אויף וואָס אַ מאָל אַלץ פֿרישע קופּעס שטיינער און זשוויר. עס הייבט אָן פֿאַלן אַ דריבנער שטעכנדיקער שניי. מיר זענען דורכגעווייקט ביז דער זיבעטער ריפּ.

ווי גרויס ווערט די פֿרייד, ווי וואַרעם ווערט אויף דער נשמה, ווען פֿון דער ווײַטנס באַווײַזט זיך אַ רויך!

– אַ כאַטע, אַ כאַטע! – שרײַען אַלע אין גרויס באַגײַסטערונג.

און ווירקלעך, נאָך לאַנגע מאַטערנישן האָבן מיר זיך ענדלעך דערשלעפּט צו אַ געצעלט, וואָס איז אויפֿגעשטעלט צווישן די פּוסטע טונדרעס אויפֿן ווײַטן צפֿון, כּדי אַדורכפֿאָרנדיקע זאָלן זיך קענען אָנוואַרעמען אין זייער שווערער רײַזע.

---

[2] אַ בײַטײַך פֿון דער מעכטיקער פּיעטשאָרע, מיט וועלכער מיר זענען פֿריִער געשוווּמען צען טעג – צום לאַגער.

אין געצעלט האָבן זיך געפֿונען עטלעכע איַינוווינער־פֿאַרשיקטע, בערדיקע טאַטאַרן, אָנגעטאָן אַזוי ווי מיר, אין שוואַרצע "פֿופֿײַקעס", וואַטענע הויזן און וואַטענע היטלען מיט לאַפּן. זיי האָבן אונדז אויפֿגענומען אויסערסט פֿרײַנדלעך, געגעבן אונדז זיך אָנצוּוואַרעמען מיט הייסער טיי.

ווי נאָר עס האָט אויפֿגעהערט דער געוויטער, האָבן מיר זיך גענומען גרייטן אין וועג אַרײַן. דער טײַך איז געווען פֿלאַך, דער זשווירקער גרונט האָט אַרויסגעשטאַרצט פֿונעם וואַסער – פֿאָרן מיט אַזאַ לאָדונג איז אוממעגלעך. דאָס פֿערד וועט נישט דערשלעפּן. מיר באַשליסן, אַז די געזונטערע צווישן אונדז זאָלן גיין צופֿוס. איך בין צווישן זיי. דער יונגער טאָטער האָט אײַנגעשפּאַנט דאָס פֿערד און האָט ווידער גענומען שלעפּן דעם קאַטער. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין מיטן ברעג, אויף די שפּורן פֿון דער גרופּע, וואָס איז דורך דאַנען געגאַנגען אינדערפֿרי.

די שפּורן זײַנען געווען זייער שוואַכע, פֿאַרטושט פֿון דער זאַווערוכע. דאָך האָבן מיר זיך ווי עס איז אָריענטירט אינעם וועג. דער שניי איז שוין געווען אַ טיפֿער. די פּיס אין די אָנגעוויקלטע "אָניצעס" זענען געווען דורכגעווייקט.

צופֿעליק בין איך אין דער טונקלקייט אָפּגעשטאַנען פֿון די איבעריקע עטלעכע לאַגער־חבֿרים און עס איז מיר שוין אויסגעקומען צו גיין אַליין איבער דער וויסטער טונדרע, ווו עס האָט זעלטן ווען געשפּאַנט אַ מענטשלעכער פֿוס. און אויב עס איז דאָ ווער געגאַנגען, איז דאָס זיכער געווען אַ פֿאַרשיקטער אָדער אַ "פֿאַרשלאָסענער" אַרעסטאַנט. הײַנט האָבן דאָ געלאָזט זייערע שפּורן אין דער איינזאַמער טונדרע מײַנע לאַגער־חבֿרים.

לכתּחילה וואַרפֿט די טונדרע אָן אויף מיר אַ פּחד. זי איז אַזוי פּוסט, אַזוי שרעקעוודיק־פּוסט! און אַזוי ווײַט פֿון אַ מענטשלעכן ייִשובֿ. אָבער ביסלעכווײַז געוויינסטו זיך צו. עס פֿירן דיך די שוואַכע שפּורן פֿון דײַנע חבֿרים. זיי פֿירן דיך צו דעם נײַעם לעבן, צו דער פֿרײַהייט.

מיטאַמאָל – אַ פֿײַף! אַן אמתער באַן־פֿײַף!

דאָס האַרץ נעמט קלאַפּן האַסטיק. שוין־זשע אַ מענטשלעכער ייִשובֿ? איך גלייב נישט מײַנע אויערן. אָבער אָט שנײַדט אַדורך די לופֿט אַ צווייטער פֿײַף: יאָ, ווירקלעך! כאָטש ער קומט פֿון ווײַט, דאָך הילכט ער דאָ אָפּ אין דער טונדרע אַזוי נאָענט, אַזוי היימיש, אַזוי אָנגענעם! עס דערמאָנט זיך מיר מײַן היים, מײַן היימשטאָט. אַ מענטשלעכער

גערודער, אַן אָטעמדיק לעבן. דער דאָזיקער פֿײַף פֿאַרבינדט מיך מיטאַמאָל מיט מײַן משפּחה, מיט אַלע מײַנע נאָענטע!

עס ווערט אַזוי ליבלעך וואַרעם אויף דער נשמה. עס ווילט זיך לויפֿן, וואָס גיכער דערזען די באַן, דעם שטאָטישן האַרמידער, דאָס לעבעדיקע מענטשלעכע לעבן, פֿון וועלכן מען איז אַזאַ לאַנגע צײַט געווען אָפּגעריסן, און נאָך וועלכן מען האָט אַזוי לײַדנשאַפֿטלעך געבענקט.

דו גייסט ווײַטער, דעם פֿײַף הערסטו וואָס אַ מאָל אַלץ אָפּטער, עס דאַכט זיך דיר, אַז דאָס אַלץ איז אַ טרוים, און דער טרוים איז אַ פֿאַטאַ מאָרגאַנאַ, וואָס דערווײַטערט זיך פֿון דיר כּסדר און דו קענסט אים בשום אופֿן נישט דערגרייכן...

איך קוק שוין נישט אויף די שפּורן – איך שפּאַן אין דער ריכטונג פֿונעם פֿײַף.

די טונדרע ווערט מיר היימיש, זי שרעקט מיך שוין נישט מער. עס ווערט נאָך טונקעלער אַרום. פֿון דער ווײַטנס באַווײַזן זיך פֿינקלענדיקע עלעקטרישע ליכט־פֿלעמלעך, וועלכע וואַקסן ביסלעכווײַז אויס צו גרויסע רעפֿלעקטאָרן, וואָס באַלײַכטן די גאַנצע געגנט אַרום. פֿאַר די אויגן וואַקסן אויס ריזיקע בעטאָנענע בריקן, דו זעסט פֿאַר זיך וואַגאָנען און מאַשינען. עס רוישט און עס ברענט אַן אַרבעט; מען גראָבט קאַנאַלן, מען לייגט באַן־רעלסן, מען לאָדנט לאַסט־אויטאָס און באַרזשעס;[3] עס קלאַפּן די דינאַמאָס און די עלעקטרישע סטאַציעס. פֿאַרשיידענע מעכטיקע קלאַנגען פֿאַרטויבן דאָס אויער. די אויגן ווערן פֿאַרבלענדט פֿון אַזוי פֿיל ליכט; דער מוח ווערט פֿאַרטומלט פֿון אַזוי פֿיל באַוועגונג – דאָס אַלץ קומט מיר פֿאָר ווי אַ חלום, אַזוי אומגעריכט, ווי איך וואָלט פֿון הימל אויף דער ערד אַראָפּגעפֿאַלן, ווי אַ נײַע וועלט וואָלט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר מיר!...

און דו וווּנדערסט זיך: איבער אַ האַלב יאָר געווען אין אינטע און נישט געוווּסט, אַז אַזוי נאָענט – סך־הכּל דרײַ און צוואַנציק קילאָמע־טער פֿון דיר – געפֿינט זיך אַזאַ ייִשובֿ מיט טויזנטער מענטשן און עס בויט זיך אַזאַ מעכטיקע אונטערנעמונג, וועלכע וואַקסט דאָ פֿון טאָג צו טאָג!... פֿון דאַנען האָסטו דאָס דערהערט יענעם ערשטן פֿײַף ערשט אין דער פוסטער טונדרע!...

---

[3] ״באַרזשעס״ – ראַפּסאָדעס פֿאַר האָלץ, קוילן און אַנדערע לאָדונגען צו טראַנספּאָרטירן מיטן טײַך.

אָבער דער ייִשובֿ איז קיין ייִשובֿ נישט, די מענטשן זענען נישט ווי מענטשן און דאָס לעבן איז קיין לעבן נישט.

דער ייִשובֿ – דאָס איז אַ לאַגער, און די מענטשן זענען פֿאַרשיקטע, פֿאַרמישפּטע, אַזוי ווי מיר ביז איצט, אויף לאַנגע יאָרן, און דאָס לעבן – דאָס איז אַ שווערע קאַטאָרגע. און דאָס אמתע, פֿרייַע לעבן איז נאָך ערגעץ ווײַט פֿאַר דיר. אַ ווײַטן וועג, טויזנטער קילאָמעטער דאַרף מען נאָך פֿאָרן צו דעם דאָזיקן לעבן. דאָס איז נאָר די ערשטע סטאַציע אויפֿן שיידוועג, וואָס פֿירט צו דער פֿרייַהייט.

צומאָרגנס האָט מען אונדז אַרײַנגעזעצט אין די וואַגאָנען.

די באַן האָט געררירט – און באַלשאַיאַ אינטאַ מיט אירע קוילנשאַכטן, דער ווײַטער צפֿון מיט זײַנע טונדרעס און פֿרעסט, דער אייביקער טאָג זומער און די אייביקע נאַכט ווינטער זענען געבליבן הינטער אונדז. ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז זענען זיי פֿאַרשווונדן אין דער ווײַטער אומענדלעכקייט.

**טורטקול, קאַראַקאַלפּאַקיסטאַן,**
**דעם 24־סטן מײַ 1942**

---

שמואליק סעגאַל האָט געלערנט אין דער "באָראָכאָוושולע" פֿון ציש"אָ אויף דער "טוואַרדע גאַס", אין וואַרשע, און אין דער היטלער־מלחמה איז ער פֿאַרוואָגלט געוואָרן ווי אַ פּליט אין די וועלדער פֿון אַרכאַנגעלסק. דאָרט האָט אים די "ענקאַוועדע" אַרעסטירט אותער דער אויסגעטראַכטער באַשולדיקונג וועגן אַ "קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער פֿאַרשוועערונג קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט" – און אים, צוזאַמען מיט עטלעכע אַנדערע פֿאַרשיקטע פּוילישע בירגער, צווישן זיי דעם קראָקעווער בונדיסט אַדוו' ד"ר פֿענצטערבלוי, פֿאַרמישפּט אויף אַכט יאָר קאַטאָרגע. מיט אָט דעם אורטייל איז שמואליק געבראַכט געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט צו אונדז אין לאַגער. ער איז געווען אין מײַן עלטער, און ווי צוויי וואַרשעווער געוועזענע "פֿאָלקסשילער" – ער פֿון דער "באָראָכאָוושול" פֿון די לינקע פּועלי ציון, און איך פֿון דער בונדישער "גראָסערשול" אויף קאַרמעליצקע גאַס – און אַזוי זענען מיר געוואָרן ווי צוויי ברידער אינעם לאַגער "באַלשאַיאַ אינטאַ" פֿון די "וואָרקוטסטראָי"־גולאַגס אין ווײַטן צפֿון־אוראַל.

# לעשקאַ צווישן צוויי וועלטן

## (אַן אמתע דערציילונג)

א יצט אַרט עס איר שוין נישט. זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דער לאַגע. זי פֿילט שוין נישט קיין באַליידיקונג, קיין ווייטיק. דער גורל האָט אַזוי געוואָלט, און זי האָט שוין מיט אים שלום געמאַכט – כאָטש נעכטן האָט זי געמיינט, אַז זי וועט עס נישט קענען איבערטראָגן. און דאָך...

ווען לעשקאַ פֿאַרטראַכט זיך איבער איר אייגענעם גורל, דאַכט זיך איר אויס, אַז איר לאַגע איז אויסזיכטלאָז, אָן שום האָפֿענונג. אָבער אין די לעצטע פֿאָר יאָר האָט זיך לעשקאַ אויסגעלערנט בײַצוקומען אירע שלעכטע שטימונגען און טריבע מחשבֿות. זי האָט פּשוט באַשלאָסן זיך נישט אונטערצוגעבן דער פֿאַרצווייפֿלונג. נישטאָ, זאָגט זי, דאָס שלעכטע וואָס זאָל צום גוטן נישט אויסגיין... דאַכט זיך, פֿון איר פֿאָטער האָט זי געהערט דאָס דאָזיקע ווערטל, און זי האָט באַשלאָסן, אַז זי וועט זיך דאָס זאָגן יעדעס מאָל ווען עס וועלן זי באַהערשן שוואַרצע מחשבֿות. ווײַל סוף־כּל־סוף איז דאָך זי אַליין דער בעסטער באַווײַז ווי ריכטיק דאָס איז. זי איז דאָך דערפֿון דער לעבעדיקער עדות.

זי ווייסט, לעשקאַ, אַז זי איז אַ יוצא־מן־הכּלל, אָבער זי האָט נישט קיין נחת פֿון דעם. הלוואַי וואָלט זי געווען ווי אַלע. אָפֿטמאָל, ווען זי קאָן נישט אײַנשלאָפֿן, ווען די מחשבֿות ראַנגלען זיך מיטן שלאָף אויף איר געלעגער, פּרובירט זי זיך פֿאַרגלײַכן צו אַ בלימל, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט פֿון אַ פֿעלזיקן באָדן און ראַנגלט זיך פֿאַרן קיום, וויל זיך צעבליִען. אָט דוכט זיך איר, אַז זי בליט – און אָט פֿילט זי, אַז זי הייבט אָן צו וועלקן נאָך איידער זי, די בלום, הויבט אויס איר גאַנצן פֿרישן אַראָמאַט בײַ דער באַגעגעניש מיטן ערשטן שטראַל פֿון דער זון... עס באַפֿאַלט זי אַ לײַדנשאַפֿטלעכער באַגער זיך צו האַלטן, נישט אויפֿהערן צו בליִען, נישט צו פֿאַרלירן דעם אַראָמאַט, געניסן און

אויפֿהאַלטן דאָס גליק פֿון דער ערשטער בליִונג... אָבער זי ווייסט, אַז די אויסערלעכע כּוחות זענען שטאַרקער פֿון איר, זי וועט זיי נישט בײַקומען. זי איז דאָך צו שוואַך אין אָט דעם געראַנגל. זי איז איינזאַם.

און נאָך מער – זי איז אַ יתומה, כאָטש זי האָט לעבעדיקע עלטערן. זי איז, ווי מ׳זאָגט, אַ לעבעדיקע יתומה. און נאָך מער: זי געהערט צו צוויי פֿעלקער. זי איז סײַ אַ קריסטין, סײַ אַ ייִדישע טאָכטער. זי געהערט צו ביידע – און דערפֿאַר איז זי איינזאַם, דערפֿאַר געהערט זי נישט צו קיינעם. און דער גורל דערלויבט איר אַפֿילו נישט אויסצווויילן צווישן קיין איינעם פֿון זיי. דעריבער שוועבט זי ווי אַ פֿאַרבלאָנקעטע נשמה צווישן די צוויי וועלטן, און זי קאָן זיך קיין אָרט נישט געפֿינען...

אָבער עס אַרט זי שוין נישט. זי האָט שלום געמאַכט מיט איר גורל.

*

עס איז געווען קורץ פֿאַר פּסח. אַ שטעכיקער ליכטיקער שטראַל האָט זיך אַדורכגעריסן דורך אַ שפּאַרע פֿון דעם האַלב־פֿאַרמאַכטן לאָדן פֿונעם פֿענצטער און האָט אויפֿגעוועקט לעשקאַן פֿון איר טיפֿן, מידן שלאָף. פֿון דרויסן האָט זיך דערטראָגן דורכן פֿענצטער דער נערוועזער רויש פֿון אויטאָ־מאָטאָרן, וואָס זענען, אַזוי ווי לעשקאַ, אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון זייער נאַכטיקער רו. דער געדיכטער כאַמסין האָט מיט זײַן שווערער משׂא געדריקט אויף לעשקאַס אויגן, און איר איז גוט געווען וואָס זי האָט אַ תּירוץ זיי נישט אויפֿצועפֿענען.

אין איר האַלבן שלאָף האָט לעשקאַ געוועבט דעם המשך פֿון דעם פֿאַרגאַנגענעם אָוונט, פֿאָרגעזעצט אין דמיון איר שמועס מיט יורעקן. הגם עס איז שווער געווען צו אָטעמען אין דער הייסער כאַמסין־לופֿט, האָט אָבער לעשקאַ געפֿילט אַן אומגעוויינלעכע לײַכטקייט אין דער ברוסט. אין דעם אָוונט האָט זי אַרײַנגעאָטעמט אין זיך נײַע האָפֿענונגען. עס איז איר גוט געווען צו טרוימען, איבערצוחזרן און זיך דערמאָנען אַלץ וואָס זי האָט דעם אָוונט איבערגעלעבט, הערן נאָך אַ מאָל יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט נעכטן געהערט פֿון יורעקן. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי פֿילט נאָך אַלץ זײַן הייסן אָטעם. אַ האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע האָט זי נישט אויפֿגעהערט צו טרוימען ווי זי טוליעט זיך צו אים, ווי זי פֿאַרמשכּונט אין זײַנע פֿעסטע אָרעמס איר צוקונפֿט, איר גליק, איר זיכערהייט. שוין! מער וועט זי נישט זײַן איינזאַם, מער וועט זי נישט זײַן פֿאַרצווייפֿלט, צעריסן, פֿאַרדאגהט. מיט יורעקן וועט איר מער נישט זײַן שלעכט!

אַ גליקלעכער שמייכל האָט זיך צעלייגט אויף איר פּנים, בעת פֿון איר מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ברייטער, הילכיקער גענעץ. די מידע פֿוילקייט נאָך דעם יום־טובֿדיק פֿאַרברענגטן אָוונט האָט לעשקאַן צוגעשמידט צו איר געלעגער. די שאַרפֿע ליכטיקייט פֿון דעם אויפֿגייענדיקן טאָג האָט זי אָבער געצווונגען זיך צו צעשיידן מיט אירע זיסע חלומות. זי האָט ברייט צעעפֿנט אירע גרויסע העל־בלויע אויגן, זיך אויסגעצויגן איבער דער גאַנצער לענג פֿון איר געלעגער, פּרוּוונדיק פֿאַרטרײַבן פֿון זיך דעם שלאָף, די מידקייט און דעם כאַמסין, און דאַן האָט זי מיט נײַגעריקייט זיך אַרומגעקוקט איבער דעם צימער.

די איבערגעפֿולטע אַש־בעכערס, די אָנגעוואָרפֿענע שאָלעכצן פֿון באַנאַנען און אָראַנזשן, די ליידיקע גלעזער און האַלב־ליידיקע פֿלעשער, דער אָפּענער פּאַטעפֿאָן און די פּלאַטן, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפֿן אויפֿן בענקל, אויפֿן בופֿעט און אויף דר'ערד – דאָס אַלץ האָט געהאָלפֿן לעשקאַן זיך אָפּצוטרייסלען פֿון איר האַלב פֿאַר־חלומטקייט און אויפֿצולעבן פּרט נאָך פּרט דעם פֿאַרלויף פֿון דעם נעכטיקן אָוונט, אויף וועלכן זי האָט צוזאַמען מיט יורעקן און מיט זייערע בשותּפֿותדיקע חבֿרים געפֿײַערט איר צוויי און צוואַנציקסטן געבורטסטאָג. עס איז איר געווען זיס און אָנגענעם צו דערמאָנען זיך דעם דאָזיקן גוט פֿאַרברענגטן אָוונט און בעיקר – דעם וואַרעמען אָטעם פֿון יורעקס מויל און דעם דורשטיקן בליק פֿון זײַנע אויגן. צום ערשטן מאָל האָט זי דערפֿילט, אַז ער פֿעלט איר, אַז זי וואָלט אים געוואָלט האָבן נעבן זיך, ממשיך זײַן דעם נעכטיקן אָוונט. זי איז אויך געווען איבערצײַגט, אַז ער האָט זי אויפֿריכטיק ליב.

אָבער די זעלבע אָנגעוואָרפֿענע רעשטלעך פֿון דעם פֿאַרברענגטן אָוונט, באַזונדערס דער איבערגעקערטער וואַזאָן און די אַרויסגע־פֿאַלענע בלומען, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דר'ערד, האָבן פּלוצעם אַרויסגערופֿן בײַ איר אַן אומפֿאַרשטענדלעכע שרעק. עס האָט איר מיט אַ מאָל אָנגעהויבן עקבערן דער ספֿק, צי איז נישט דאָס אַלץ געווען אַ פֿאַרבײַגעלאָפֿענער חלום – און די זעלבע חפֿצים, וועלכע האָבן איר מיט אַ רגע פֿריִער דערמאָנט די מינוטן פֿון גליק, האָבן זיך פּלוצעם באַוויזן אין איר דמיון ווי אַ שרעקעוודיקער אָנזאָג, ווי אַ סימבאָלישע נבֿואה פֿון אַ פֿאַרשטערטער, צעבראָכענער אילוזיע...

זי האָט יורעקן באַקענט ערשט מיט אייניקע חדשים צוריק גאַנץ צופֿעליק, ביי די קרובֿים פֿון אירס אַ נאָענטער חבֿרטע פֿון אולפּן. אַ האַלב יאָר האָט לעשקאַ געלערנט אויפֿן אולפּן און עס קומט איר נאָך אַלץ אָן שווער זיך אויסצושמועסן אין דער שפּראַך, וועלכע זי האָט קיינמאָל אין איר לעבן נישט געהערט, ביז וואַנען זי האָט אַראָפּ־געשטעלט איר פֿוס פֿון דער שיף אין חיפֿהר פּאָרט. נאָך שווערער איז איר אָנגעקומען אין אולפּן נאָכצוקאָפּירן פֿון טאָוול די האַלב־רונדיקע, האַלב־קאַנטיקע העברעיִשע אותיות, וואָס האָבן איר אויסגעזען אַזוי ווילד־פֿרעמד און עקזאָטיש. דאָך האָט זי געפֿילט אַ מין פֿאַרבאָרגענע נאָענטקייט צו דער דאָזיקער אומפֿאַרשטענדלעכער, אויסטערלישער שפּראַך. זי איז געווען זיכער, אַז ווען זי וועט באַהערשן די שפּראַך, וועט זי זיין גלייך מיט אַלעמען, זי וועט זיך דאָ נישט פֿילן פֿרעמד, אָפּגעריסן פֿון דער געזעלשאַפֿט. זי איז אויך געווען זיכער, אַז ווען זי וועט גוט באַהערשן די העברעיִשע שפּראַך, וועט זי זיך פֿילן נאָענטער צו איר פֿאָטער, וועלכער איז שוין קרובֿ צוואַנציק יאָר אַ תּושבֿ אין דעם לאַנד.

צוליב איר פֿאָטער איז לעשקאַ אייגנטלעך געקומען אַהער. נאָר אויף אַ קורצן באַזוך, ווי אַ טוריסטין. זינט איר מוטער האָט איר מיט צוויי יאָר צוריק מגלה געווען דעם סוד, אַז איר אמתער פֿאָטער איז אַ ייִד און אַז ער לעבט אין ישׂראל, האָט זי קיין רו נישט געפֿונען אין דער שול, צווישן אירע חבֿרטעס און אין דער היים. זי האָט זיך דערפֿילט ווי אַרויסגעריסן פֿון לעבן, פֿון דער וועלט, פֿון דער געזעלשאַפֿט. ווי זי וואָלט מיטאַמאָל אַנטפּלעקט אין זיך אַ שרעקלעכן שאַנד־פֿעלער, וועלכער האָט אַוועקגענומען פֿון איר די רו. ביז דאַן איז איר לעבן צוגעגאַנגען אין פֿולער זאָרגלאָזיקייט, אָן שום פּראָבלעמען. איר שטיפֿפֿאָטער האָט זי ליב געהאַט, האָט זיך באַצויגן צו איר ווי אַן אמתער טאַטע, אַרויסגעוויזן איר די פֿולע פֿאָטערלעכע ליבשאַפֿט. אמת, זי פֿלעגט אַמאָל הערן, בעת די זעלטענע פֿאַמיליען־קריגעריַיען, ווי דער פֿאָטער פֿלעגט אַ זאָג טאָן מיט כּעס צו דער מוטער: "אַלץ צוליב דער זשידוווקע!..." – אָבער זי האָט קיינמאָל אויף דעם קיין אַכט נישט געלייגט, זי האָט קיין מאָל נישט חושד געווען, אַז דאָס מיינט מען זי. און צווישן אירע חבֿרים אין שול, אין דער גימנאַזיע, איז קיינעם נישט איינגעפֿאַלן זי חושד צו זיין, אַז זי איז נישט קיין "ריינע פּאָלקע". יעדנפֿאַלס, זי האָט קיינמאָל וועגן דעם נישט געטראַכט. און אַלע חוזק־אויסדרוקן וועגן ייִדן, די ביטול־ און עקל־באַציִונג צו ייִדן אין די

רייד פֿון אירע קאָלעגעס האָבן געקלונגען אין אירע אויערן אינגאַנצן נאַטירלעך.

און אָט האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז זי אַליין שטאַמט פֿון די זעלבע פֿאַרהאַסטע ייִדן, וואָס זי האָט אַפֿילו נישט געהאַט די מינדסטע פֿאָרשטעלונג מיט וואָס זיי שיידן זיך אונטער פֿון אַנדערע מענטשן, מיט וואָס זיי זענען אַזוי אויסטערליש, און פֿאַרוואָס זיי ווערן אַזוי געהאַסט. די דערשיטערונג, וואָס לעשקאַ האָט איבערגעלעבט אין משך פֿון לאַנגע טעג און וואָכן זינט איר מוטער האָט אויפֿגעדעקט פֿאַר איר דעם סוד, האָט ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אָפּטרעטן דאָס אָרט דער נײַגעריקייט. ווי זעט ער אויס, איר פֿאָטער? איז ער טאַקע אַזאַ גוטער, קלוגער מאַן? איז ער נאָך טאַקע אַזוי שיין, ווי די מוטער האָט אים געשילדערט פֿון מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען זי, לעשקאַ, איז געווען אַ פּיצל עופֿעלע און ער האָט דאַן פֿאַרלאָזט די שטוב און איז אַוועק קיין פּאַלעסטינע?

אַ געמיש פֿון באַוווּנדערונג און פֿאַרביטערונג האָט זיך געפֿילט אין דער מוטערס דערציילונג וועגן לעשקאַס פֿאָטער, און די דאָזיקע צוויי געפֿילן האָבן זיך אויך איבערגעגעבן לעשקאַן ווען זי האָט זיך צוגעהערט צו איר מוטערס דערציילונג ווי אַזוי זי האָט אים, דעם ייִד, אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן און אים אויסבאַהאַלטן בעת דער דײַטשי־שער אָקופּאַציע אויף דער אַרישער זײַט אין וואַרשע, ריזיקירנדיק מיט איר אייגענעם לעבן און מיטן לעבן פֿון אירע עלטערן; ווי אַזוי זיי האָבן זיך פֿאַרליבט און ווי אַזוי ער איז אַוועק פֿון איר ווען זי, לעשקאַ, די פּרוכט פֿון זייער ליבע, איז אַלט געווען צוויי יאָר; ווי שטאַרק זי האָט זיך דאָס געמאַטערט, ביז וואַנען זי האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט מיט רישעקן, וועלכער באַציט זיך טאַקע צו איר, צו לעשקאַן, ווי צו אַן אייגן קינד, כאָטש ווען זיי קריגן זיך וואַרפֿט ער איר פֿאָר, דער מוטער, פֿון צײַט צו צײַט דעם "ייִדישן חטא"...

נײַע געפֿילן האָבן אָנגעהויבן אויפֿברויזן אין לעשקאַס האַרץ. די אויפֿטרייסלונג איז אַריבערגעגאַנגען אין אַ נײַגעריקייט, און די נײַגעריקייט אין אַ בענקשאַפֿט – אַ בענקשאַפֿט צו איר אומבאַקאַנטן ייִדישן פֿאָטער.

לעשקאַ האָט מיטאַמאָל דערפֿילט אַ פֿרעמדקייט צו אירע חבֿרים אין דער שולע, צו איר סבֿיבֿה און אַפֿילו צו איר אייגענער היים. עס האָט זיך איר אָנגעהויבן אויסדאַכטן, אַז אירע חבֿרים דערווײַטערן זיך פֿון איר, אַז זיי ווייסן, אָדער זענען זי לכל־הפּחות חושד, אַז זי איז אַ ייִדישקע. דאָס צלמל, וואָס זי האָט געטראָגן אויפֿן האַלדז, האָט איר אָנגעהויבן מאָדנע אומאָנגענעם צו קילן די הויט פֿון דער ברוסט. מערקווערדיק – ביז איצט האָט זי דאָס צלמל כּמעט קיינמאָל נישט געפֿילט. עס האָט זיך סתּם אַזוי גלײַכגילטיק געבאָמבלט אונטער דער בלוזקע, זי האָט קיינמאָל נישט געלייגט אויף דעם קיין אַכט, אויך אין קלויסטער פֿלעגט זי גיין זייער זעלטן. זי איז נישט געווען פֿרום, אויך אירע עלטערן זענען נישט געווען פֿרום, בלויז די חגאָות געפֿײַערט און זעלטן ווען געגאַנגען אין קלויסטער. איצט אָבער האָט דאָס אַלץ אויפֿגעהערט צו זײַן פֿאַר איר גלײַכגילטיק – עס איז פּשוט געוואָרן פֿאַר איר אַ שווערע, אַן איבעריקע און פֿרעמדע לאַסט.

די אומבאַקאַנטע, ווילד־פֿרעמדע וועלט פֿון ייִדן האָט אָנגעהויבן וועקן איר פֿאַנטאַזיע. זי האָט אָבער נישט געהאַט פֿון וואַנען צו שעפּן די מינדסטע ידיעות וועגן דער דאָזיקער פֿרעמדער ייִדישער וועלט. און זי האָט אויך פֿאַר דער סבֿיבֿה נישט געקאָנט אַנטפּלעקן איר נײַגעריקייט. מיטאַמאָל האָט לעשקאַ אויך אַנטדעקט – ביז הײַנט ווייסט זי נישט ווי אַזוי – אַז איינע פֿון אירע נאָענטע חבֿרטעס אין דער שולע איז אַ ייִדישקע, הגם איר נאָמען האָט געקלונגען עכט פּויליש. זעט אויס, אַז צוזאַמען מיט דער אַנטפּלעקונג האָט אויך זיך אויפֿגעוועקט אין איר דער מאַגישער נאַציאָנאַלער אינסטינקט, דער חוש פֿון אָפּזוכן און אויסגעפֿינען אַ ייִדישן נפֿש. אָבער אויך יענע האָט ווייניק געוווסט וועגן ייִדישקייט. איר שטוב איז געווען ענלעך צו יעדער פּוילישער שטוב. זי האָט זיך אָבער שטאַרק מיט איר דערנענטערט. פֿאַר איר האָט זי זיך אַראָפּגערעדט פֿון האַרצן, זיי זענען ביידע געוואָרן ווי צוויי לײַבלעבע שוועסטער.

ענדלעך איז רײַף געוואָרן בײַ לעשקאַן דער באַשלוס צו פֿאָרן צו איר פֿאָטער קיין ישׂראל, כּאָטשבי אויף אַ קורצן באַזוך, ווי אַ טוריסטין. די מוטער האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם דאָזיקן פּלאַן. זי האָט געוווּסט דעם אַדרעס, ווײַל הגם זי האָט נישט געשריבן און אויך נישט געהאַט פֿון אים קיין בריוו, האָט זי אים דאָך "געהאַלטן אויפֿן אויג", פֿלעגט זיך נאָכפֿרעגן אויף אים בײַ באַקאַנטע און אויך אָפּנעמען פֿון מאָל צו מאָל אַ גרוס פֿון אים אויף דעם אָדער יענעם וועג. זי פֿלעגט

אויך פֿון צײַט צו צײַט, הגם זייער זעלטן, באַקומען פֿון אים אַ פּעקל פֿאַר דער טאָכטער.

*

די נסיעה קיין ישׂראל האָט לעשקאַן אי געפּרייט אי געשראָקן. די פּראַכטפֿולע לאַנדשאַפֿטן האָבן מיט שנעלן אימפּעט פֿאַרבײַגע־שוועבט פֿאַר אירע אויגן אויף די אייראָפּעיִשע וועגן, אָבער אין דמיון האָט זי געזען פֿאַנטאַסטישע בילדער פֿון אירע כּאַאָטישע אימאַזשן. זי האָט געקוקט דורכן באַן־פֿענצטער אויף די פֿעלדער פֿון אייראָפּע, און געטראַכט האָט זי וועגן דעם ציל פֿון איר רײַזע, וועגן ישׂראל און וועגן איר פֿאָטער. זי האָט זיי ביידע געזען אין אויסטערלישע פֿאָרמען און געשטאַלטן. יעדע ענדערונג אין דעם טאַקט פֿון די רעדער אויף די רעלסן האָט געענדערט די בילדער פֿון אירע פֿאָרשטעלונגען, דאָס פּנים פֿון דעם פֿאָטער, די אומבאַקאַנטע עקזאָטישע לאַנדשאַפֿטן, די זיך פּלאָנטערנדיקע מחשבֿות. זי האָט געפּרוּווט צוזאַמעשטעלן אין איר דמיון אַ רעאַל בילד פֿון דעם פֿאָטער לויט די ברעקלעך פֿון איר מוטערס אַבסטראַקטע שילדערונגען, געפּרוּווט זיך פֿאָרשטעלן ווי אַזוי ער האָט זיך געענדערט פֿאַר די קרובֿ צוואַנציק יאָר. אפֿשר האָט ער זיך פֿאַרלאָזט וואָנצעס, אפֿשר האָט ער שוין אַ שטיקל פּליך אויפֿן קאָפּ... ווי אַזוי וועט ער זי באַגעגענען, ווי אַזוי וועט ער זי אויפֿנעמען?

לעשקאַ האָט זיך געשראָקן פֿאַר דער באַגעגעניש מיטן פֿאָטער. זי האָט אים געשיקט אַ טעלעגראַמע, און ער האָט געענטפֿערט, אַז ער וועט זי אָפּוואַרטן אין פּאָרט, האָט אָנגעגעבן אַ סימן ווי אַזוי זי וועט אים דערקענען. וועט זי אים טאַקע דערקענען לויטן סימן?

אויפֿן וועג – אין דער באַן, און שפּעטער פֿון נאַפּאָלי אויף דער שיף – האָט לעשקאַ זיך דערפֿילט ווי צווישן צוויי וועלטן. הגם ווי אַ טוריסטין, נאָר אויף אַ קורצן באַזוך, האָט זי אָבער געהאַט דעם פֿאָר־געפֿיל, אַז זי האָט פֿאַרלאָזט איר היימלאַנד אפֿשר אויף שטענדיק, דאָרט איבערגעלאָזט איר מוטער, איר קינדהייט, אירע קרובֿ צוויי צענדליק יאָר, איר גאַנצע קריסטלעכע פֿאַרגאַנגענהייט. זי פֿאָרט צו אַ נײַער, אומבאַקאַנטער צוקונפֿט, אין אַ לאַנד, וואָס לעבט נאָר אין איר פֿאַנטאַזיע, צו אַ פֿאָלק, וואָס איז איר אייגן – און דאָך אַזוי ווײַט און פֿרעמד.

דאָ אויפֿן וועג איז זי אייגנטלעך דאָס וואָס זי איז אין דער אמתן: צווישן ביידע וועלט. און אפֿשר גאָר איז זי טאַקע די בריק צווישן אָט־די צוויי פֿרעמדע, פֿײַנטלעכע וועלטן? זי, די טאָכטער פֿון אַ ייִדישן

פֿאָטער און אַ קריסטלעכער מוטער, די פֿרוכט פֿון דער ליבע צווישן אַ גערודפֿטן ייִד, וואָס זײַן לעבן איז געווען באַדראָט פֿון ראַסן־שׂינאה און מענטשן־האַס – און זײַן פּוילישער רעטערין, אַ חסידת־אומות־העולם. זי, די טאָכטער פֿון חורבן, דאָס געוויקס, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט פֿון אַ חרובֿער וועלט – איז זי דען נישט די אמתע לעבעדיקע בריק צווישן די צוויי פֿעלקער? די בריק פֿון ליבע איבערן טײַך פֿון ביטערער שׂינאה...

די דאָזיקע מחשבֿות האָבן באַגלייט לעשקאַן אויף איר וועג צו דער אומבאַקאַנטער נײַער וועלט. די שיף האָט זיך לאַנגזאַם געשלײַכט צווישן דעם בלאָ פֿון הימל און וואַסער, און יעדער טאָג, וואָס האָט זי דערנענטערט צו די ברעגן פֿון ישׂראל, האָט פֿאַרשטאַרקט און פֿאַרכּפֿלט די אינערלעכע שפּאַנונג בײַ לעשקאַן, אַלץ מער און מער האָבן זיך געפּלאָנטערט בײַ איר די מחשבֿות אין מוח.

*

אויך איצט, ווען זי האָט געפּרוּווט זיך דערמאָנען און נאָכאַמאָל איבערלעבן די עמאָציעס פֿון דעם נעכטיקן אָוונט, האָבן זיך אירע געדאַנקען געפּלאָנטערט און עס איז איר שווער געווען זיי צו קאָנ־צענטרירן און אײַנצושטעלן אין זיי אַ סדר. געגנוי ווי דעמאָלט אויף דער שיף, אַזוי האָט זי אויך איצט זיך אי געפֿרייט אי געשראָקן וועגן איר צוקונפֿט. זי האָט זיך דערמאָנט איר ערשטע באַגעגעניש מיטן לאַנד און מיט איר פֿאָטער, פֿאַרגליכן אירע דאַמאָלטסטיקע פֿאָר־שטעלונגען אויף דער שיף מיט דערווירקלעכקייט אויפֿן ברעג, אין פֿאָרט, ווו דער פֿאָטער האָט זי אָפּגעוואַרט. ער איז ווירקלעך געווען אַ שיינער מאַן, נאָך שענער ווי די מוטער האָט אים פֿאַר איר גע־שילדערט. כּמעט נישט פֿאַרענדערט, ער האָט אויסגעזען אַ סך ייִנגער פֿון זײַנע פֿופֿציק יאָר, אָן וואָנצעס און אָן אַ פּליך... ער איז געווען עלעגאַנט געקליידט. די טונקעלע געדיכטע טשופּרינע און דער חנעוודיק־שטיפֿערישער שמייכל האָבן אים צוגעגעבן אַ יונגן אויסזען. זי דערמאָנט זיך די פֿרייד פֿון דער ערשטער באַגעגעניש צווישן דער טאָכטער און דעם פֿאָטער, וועלכע האָבן זיך איבערהויפּט נישט געקענט. זיי זענען געווען גליקלעך. ער האָט זי גענומען צו זיך, צו קרובֿים, צו פֿרײַנד, האָט זי אַרומגעפֿירט איבערן לאַנד, האָט זיך באַמיט צו פֿאַרשאַפֿן איר וואָס מער פֿרייד און אָנגענעמלעכקייט.

דאָך איז לעשקאַ נישט געווען אין גאַנצן גליקלעך. מיט דער צײַט האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי געפֿינט נישט גענוג נאָענטקייט צווישן

איר און דעם פֿאָטער, אַ מין קאַלטע ליבשאַפֿט הערשט צווישן זיי. און זי, לעשקאַ, נויטיקט זיך אין פֿאָטערלעכער וואַרעמקייט, הגם זי איז שוין נישט קיין קליין מיידעלע. דאָ אין דער נײַער פֿרעמדער וועלט דאַרף זי אַ פֿאָטער. ער איז צו איר זייער קאָרעקט, זייער פֿרײַנדלעך – אפֿשר מער פֿרײַנד ווי פֿאָטער. אפֿשר איז עס דערפֿאַר ווײַל ער איז אַליין, ווײַל ער האָט נישט חתונה געהאַט, ווײַל ער איז אָן משפּחה... זי האָט אים פֿאַרשטאַנען; אָבער קיין געמיינזאַמע שפּראַך האָט זי מיט אים נישט געפֿונען. האָט זי דעריבער נישט אַזוי שטאַרק פֿאַראיבל געהאַט, ווען דער פֿאָטער האָט אין צווישנצײַט, בערך אַ יאָר נאָך איר קומען אין לאַנד, באַשלאָסן אַוועקצופֿאָרן קיין קאַנאַדע, מיט אַ טוריסטין, כּדי דאָרט חתונה צו האָבן...

לעשקאַ האָט זיך גיך צוגעוווינט צום לעבן פֿון לאַנד, הגם פֿיל שווערער איז געווען מיט דער שפּראַך. איר טוריסטישע וויזע האָט זי פֿאַרלענגערט און האָט באַקומען דעם סטאַטוס פֿון אַ "צײַטווײַליקער אײַנוווינערין". זאַכן און דערשײַנונגען, וואָס האָבן איר בײַם אָנהייב אויסגעזען פֿרעמד און אויסטערליש, זענען איר געוואָרן ליב און אייגן – אַפֿילו די אויסטערליש געקליידטע מענטשן פֿון מאה־שערים, מיט די שוואַרצע כּאַלאַטן, שטרײַמלעך און לאַנגע פּאות... זי האָט געפֿילט ווי זי אַליין, מיט אירע בלאָנדע האָר און העל־בלויע אויגן, מיט איר עבֿט־אַרישן אויסזען, ווערט אַ טייל פֿון דעם עקזאָטישן ראַסן־געמיש פֿון כּלערליי פֿאַרבן, שפּראַכן, קליידונגען און פֿאַרשיידענעם לעבנס־שטייגער. זעקס חדשים איז זי געווען אין אולפּן, זיך גוט אײַנגע־לעבט אין דער געזעלשאַפֿט, זיך אײַנגעשאַפֿט פֿרײַנד. נאָכדעם זיך פֿאַרשריבן אויפֿן אוניווערסיטעט, אויפֿן קומענדיקן יאָר, און דערווײַל באַקומען אַרבעט אין אַ סופּערמאַרקעט, ווי אַ קאַסירערין. צוזאַמען מיט אַ חבֿרטע פֿון אולפּן געדונגען אַ צימער אין רמת־אָבֿיבֿ, און אַזוי ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז געוואָרן אַ טייל פֿון דעם מענטשלעכן פּייזאַזש אין ישׂראל.

די טעג פֿון דער נאַציאָנאַלער שפּאַנונג און נאָכדעם די זעקס־טאָגיקע מלחמה האָבן אַ סך מיטגעווירקט אין לעשקאַס זעלישער אַקלימאַטיזירונג. זי איז נאָרוואָס געהאַט געקומען אין לאַנד ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טעג פֿון שפּאַנונג, און זי האָט אָנגעהויבן מיטלעבן מיט דער סטיכיע פֿון יענעם נאַציאָנאַלן אומרו, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די באַפֿעלקערונג פֿון לאַנד און די ייִדן אויף דער גאַנצער וועלט. זי האָט ערשט איצט לײַבלעך דערפֿילט די לאַגע פֿון

איר פֿאָטער אין יענע יאָרן, ווען ער האָט צוזאַמען מיט זײַן פֿאָלק געלעבט אונטער דער געפֿאַר פֿון פֿאַרניכטונג, ווען איר מוטער האָט אים אויסבאַהאַלטן און אים אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן. אין די גורלדיקע טעג פֿון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה האָט זי מיטגעמאַכט די מינוטן פֿון אומגעהויערער שפּאַנונג אין דערוואַרטונג אויף די ידיעות פֿון פֿראָנט, די דערהויבונג און גוואַלדיקע פֿרייד מיט די בשׂורות וועגן די נצחונות. צוגעשמידט צום ראַדיאָ־טראַנזיסטאָר, פֿלעגט זי אויפֿשפּרינגען אַ צעשטראַלטע און איבערחזרן די רייד פֿון דעם ראַדיאָ־ספּיקער: "*אונדזערע* גייען פֿאָרויס", "*אונדזערע* האָבן דעראָבערט"...

אין יענע טעג האָט זי מיט איר גאַנצן וועזן דערפֿילט, אַז זי איז, ווי איר פֿאָטער, אַ טייל פֿון דעם פֿאָלק, אַז זי איז אַ ייִדישקע.

*

קורץ נאָך דער מלחמה האָט זי באַקענט יורעקן. זיי האָבן זיך באַגעגנט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון איר חבֿרטעס קרובֿים, צו וועלכע לעשקאַ איז אײַנגעלאַדן געוואָרן אויף אַ מאָלצײַט. יורעק האָט נישט געקענט דערציילט וועגן די איבערלעבונגען פֿון דער מלחמה. ער איז געווען מיד, דערשלאָגן. "די געציילטע טעג פֿון די שלאַכטן האָבן אים עלטער געמאַכט", זאָגט ער, "מיט גאַנצע צען יאָר". ער האָט געקעמפֿט אין דער אַלטשטאָט, נעבן אים זענען געפֿאַלן זײַנע נאָענטסטע חבֿרים, סטודענטן פֿון זײַן פֿאַקולטעט, וועלכע זענען צוזאַמען מיט אים מאָביליזירט געוואָרן אין דער מלחמה. די פֿרייד פֿון נצחון איז בײַ אים געווען אַ צוריקגעהאַלטענע, דורכגעדרונגען מיט זאָרג און מיט אומעט.

יורעק, וועלכער איז ערשט מיט צען יאָר צוריק געקומען מיט זײַנע עלטערן פֿון פּוילן, האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש און בײדע האָבן לײַכט געפֿונען אַ געמיינזאַם לשון. זיי זענען זיך געפֿעלן געוואָרן און האָבן אַלץ מער און מער פֿאַרברענגט צוזאַמען. לעשקאַ האָט אויך אָנגעהויבן קומען אָפֿטער אין יורעקס וווינונג, און זײַנע עלטערן האָבן זיך באַצויגן צו איר פֿרײַנדלעך און וואַרעם. און אַזוי איז מיט דער צײַט רײַף געוואָרן זייער באַשלוס צו פֿאַרבינדן זיך אויף שטענדיק – צו ווערן מאַן און ווײַב.

דער פֿאָרשלאָג איז געקומען פֿון יורעקן, טאַקע אין דעם אָוונט פֿון לעשקאַס געבורטסטאָג. זיי זענען בײדע געווען גליקלעך. לעשקאַ האָט אָנגעהויבן וועבן חלומות וועגן זייער בשותּפֿותדיקער גליק־

לעבער צוקונפֿט. אָט באַלד וועט זי זיך אַוועקזעצן אָנשרײַבן צו איר מוטער קיין פּוילן, און צו איר פֿאָטער אין קאַנאַדע, דערציילן זיי די בשׂורה. אמת, יורעק דאַרף נאָך רעדן מיט זײַנע עלטערן, אָבער זי צווייפֿלט נישט אין דעם, אַז זיי וועלן מסכּים זײַן, וועלן אַפֿילו געבן זייער ברכה. זיי האָבן דאָך איר גערן, זיי זענען אַזוי פֿרײַנדלעך צו איר. סימפּאַטישע, פֿאָרגעשריטענע מענטשן. אמת, זיי וואָלטן מסתּמא געוואָלט, אַז יורעק זאָל פֿריִער פֿאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט, זאָל אָנהייבן אַרבעטן, אָבער, ס'שאַט נישט, זיי וועלן ביידע שטודירן, וועלן וווינען אין קאַמפּוס בײַם אוניווערסיטעט, זי וועט אויך צואַרבעטן. זיי וועלן זיך אַן עצה געבן...

*

לעשקאַ האָט זיך נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז דווקא פֿון יורעקס עלטערן וועט קומען דער קלאַפּ.

מיט שפּאַנענדיקער אומגעדולד האָט לעשקאַ געוואַרט אויף יורעקן, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו קומען אינאָוונט. פֿאַרנאַכט אָבער האָט ער איר מודיע געווען דורך איר שכנטעס טעלעפֿאָן, אַז ער קאָן דעם אָוונט נישט קומען, ער איז שטאַרק באַשעפֿטיקט. ער וועט זיך באַמיִען צו קומען דעם אַנדערן טאָג. זײַן שטימע האָט געקלונגען אין אירע אויערן עפּעס אויסטערליש געענדערט, אַזוי נישט זיכער.

״צי האָסטו שוין גערעדט מיט דײַנע עלטערן וועגן דעם?״ האָט זי אים געפֿרעגט. יורעק האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון אַן ענטפֿער. ״מיר וועלן רעדן וועגן דעם מאָרגן״.

לעשקאַ איז געוואָרן שטאַרק אומרויִק. זי האָט געפֿילט אַז עפּעס איז געשען. עס רוקט זיך אָן אַן אומגליק, אירע ליכטיקע האָפֿענונגען זענען, קענטיק, געווען איבערגעטריבן. עס איז איר ווײַזט אויס, נישט באַשערט. זי איז געוואָרן צערייצט, נערוועז און צעשטרייט. די אַרבעט איז איר נישט אָנגעגאַנגען, עטלעכע מאָל האָט זי זיך טועה געווען בײַ דער קאַסע.

יורעק האָט זיך באַוויזן ערשט אויפֿן דריטן טאָג. דער אויסדרוק פֿון זײַן פּנים האָט בײַ לעשקאַן אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקן אומרו. זי האָט פֿאַרשטאַנען אַז ער האָט זיך געראַנגלט מיט זיך, ער האָט אָפּגעלייגט דאָס קומען צו איר, ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין מוט איר צו זאָגן דעם אמת. זי האָט צוגעלייגט איר האַנט צו זײַן מויל, נישט געלאָזט אים רעדן. ״זאָג גאָרנישט, עס איז נישט נויטיק. איך פֿאַרשטיי״.

יורעק האָט זי געפּרוּווט באַרויִקן, ער האָט געפּרוּווט פֿאַרענטפֿערן

זיך און זײַנע עלטערן. ״דו ווייסט דאָך, זיי האָבן גאָרנישט קעגן דיר. פֿאַרקערט, זיי האָבן דיך ליב. זיי זענען אויך נישט קיין פֿרומע, אָבער זיי ווילן נישט קיין ׳שיקסע׳ פֿאַר אַ שנור. זיי זאָגן, אַז דאָס איז נוגע דער צוקונפֿט. איך וואָלט געפֿאָרן מיט דיר קיין ציפּערן, דורכפֿירן אַ ציווילע חתונה – אָבער מײַנע עלטערן האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן צו דעם נישט דערלאָזן״.

לעשקאַ האָט זיך צוגעהערט שווײַגנדיק, די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער פּאָדלאָגע, און יורעק האָט שעמעוודיק, מיט אַ נישט זיכערן טאָן פֿאָרגעזעצט און פֿאַרזיכערט ווי שטאַרק ער האָט זי ליב, ווי שטאַרק ער איז דערשלאָגן צוליב דער קעגנערשאַפֿט פֿון די עלטערן, ווי שווער עס איז זײַן לאַגע, די לאַגע פֿון אַן איינציקן זון, וועלכער האָט זיך בשלום צוריקגעקערט פֿון דער מלחמה, און וועלכן די עלטערן ווילן נישט פֿאַרלירן. און ער קאָן זיי קיין צער נישט פֿאַרשאַפֿן.

אַרויסזאָגנדיק די דאָזיקע ווערטער, האָט יורעק אָפּגעקערט דאָס פּנים פֿון זײַן מיידל, וואָס איז געזעסן אומבאַוועגלעך אויף דער סאָפֿע און האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט געפֿילט, אַז זײַנע רייד פֿאַרשאַפֿן איר טיפֿן ווייטיק. ער האָט זיך אויך געשעמט מיט זײַן שוואַכקייט, מיט זײַן אומבאַהאָלפֿנקייט. ווען ער וואָלט איר דערקלערט, אַז ער האָט זי נישט ליב, וואָלט ער איר אפֿשר ווייניקער וויי געטאָן, ווי מיט אָט־די רייד. ווײַל איצט האָט ער נישט נאָר טיף אָנגערירט איר אייגנליבע, נאָר אויך אַוועקגענומען בײַ איר די האָפֿענונג...

יורעק האָט געוווּסט, אַז לעשקאַ וועט אָפּוואַרפֿן דעם פֿאָרשלאָג, וועלכן ער האַלט אָנגעגרייט אויף די ליפּן, ער ווייסט איר שטעלונג צום דאָזיקן ענין און ער מאַכט זיך נישט קיין אילוזיעס וועגן דעם. אַ קליינער פֿונק פֿון האָפֿענונג גיט אים אָבער צו מוט דאָס אַרויסצוזאָגן, ווי דאָס לעצטע רעטונגס־ברעט, אפֿשר וועט ער זי דאָך נישט פֿאַרלירן.

״דו ווייסט דאָך, לעשקאַ, אַז אויך נישט פֿרומע מענטשן מאַכן מיט די רעליגיעזע חתונה־צערעמאָניע. פֿאַר זיי איז דאָס נאָר אַ פֿאָרמע־לער ענין, ווײַל קיין אַנדערע ברירה איז נישטאָ. דו וואָלסט עס דאָך אויך געטאָן, ווען דו וואָלסט געווען אַ ייִדישקע, ד״ה, ווען דו וואָלסט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ ייִדישקע לויטן דין, דעם געזעץ. איז דאָך דאָס מגייר זײַן זיך אויך נאָר אַ פֿאָרמעלער ענין...״

יורעק איז אַנטשוויגן געוואָרן. לעשקאַ האָט פּאַמעלעך אויפֿגע־

הויבן דעם קאָפּ, געקוקט אויף יורעקן מיט אַן אויסדרוק פֿון באַדויער, פֿאַרהאַלטן אויף אים אַ ווײַלע דעם בליק און לסוף געזאָגט:

"אויף אַ סך זאַכן וואָלט איך אײַנגעגאַנגען, אַפֿילו אויף צבֿיעות, ווען דאָס איז אַן אומפֿאַרמײַדלעכער געזעץ פֿון לעבן. אויף אַ סך זאַכן אין לעבן וואָלט איך אויך גרייט געווען מוותּר צו זײַן. אָבער פֿון מײַן מוטער קען איך זיך נישט אָפּזאָגן. געגנוי אַזוי ווי דו ווילסט, און מיט רעכט, נישט פֿאַרשאַפֿן קיין צער דײַנע עלטערן, אַזוי וויל איך נישט פֿאַרשאַפֿן קיין צער מײַן מוטער. איך האָב פּשוט נישט קיין רעכט זי צו פֿאַרלאָזן. און איך האָב אַוודאי נישט קיין רעכט צו פֿאַרלאַנגען פֿון איר זי זאָל צוליב דיר זיך אָפּזאָגן פֿון איר פֿאָלק, פֿון איר גלויבן".

לעשקאַ האָט אַ רגע זיך אָפּגערוט, אַרײַנגעאָטעמט לופֿט אין די לונגען, און מיט אַ טאָן פֿון אַ פֿאָרוווּרף אין איר שטימע אַ זאָג געטאָן צו יורעקן:

"איך האָב צו דיר גאָרנישט, יורעק. דו קענסט נישט זײַן קיין אויסנאַם, דו קענסט זיך נישט אַרויסשטעלן קעגן די אָנגענומענע כּללים און מינהגים. עס איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז אויב עס האָט ווער געריידט מיט מיר וועגן דעם, און אויב עס האָט ווער געזאָגט, אַז ער איז קעגן די קאָנווענציאָנעלע שקרים און קעגן דער צבֿיעות – זענען דאָס תּמיד געווען פֿאַרהייראַטע מענער, אַזעלכע וואָס האָבן זיך צו גאָרנישט געדאַרפֿט פֿאַרפֿליכטן. זיי זענען נישט געווען מחויבֿ צו דערווײַזן מיט מעשׂים זייער קאָנסעקווענטע קעגנערשאַפֿט צו דער צבֿיעות... אַנדערש איז, ווען דער מענטש ווערט פּערזענלעך אַוועק־געשטעלט קעגנאיבער דער רעאַלער ווירקלעכקייט און ווען ער דאַרף זײַנע פּרינציפּן דערווײַזן מיט מעשׂים..."

יורעק איז געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט זיך געפֿילט ווי שולדיק. און נאָך מער שולדיק האָט ער זיך געפֿילט צוליב זײַן אומבאַהאָלפֿנקייט.

איצט אַרט עס איר שוין נישט. זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דער לאַגע. זי פֿילט שוין נישט קיין באַליידיקונג, קיין ווייטיק. זי האָט שלום געמאַכט מיט איר גורל.

נישט איין מאָל האָט זיך אין איר מוח אַריינגעגנבֿעט דער געדאַנק וועגן צוריקפֿאָרן צו איר מוטער קיין פּוילן, צוריקקערן זיך צו איר פֿאַרגאַנגענהייט ווי אַ קריסטלעכע טאָכטער. זי האָט אָבער אָן שום וואַקלונגען אָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם דאָזיקן געדאַנק. זי האָט זיך צוגעבונדן צום לאַנד, צום פֿאָלק. אויב זי וועט צוריקפֿאָרן קיין פּוילן, וועט זי זיך דאָרט פֿילן ווי אַ ייִדישקע, אַ פֿרעמדע. אייגנטלעך געהערט זי צו ביידע פֿעלקער, זי וועט זיך פֿון קיינעם נישט אָפּלייקענען. און סוף־כּל־סוף איז זי דאָך די פֿרוכט פֿון דער ליבע צווישן איר פּוילישער מוטער און דעם ייִדישן פֿאָטער. פֿון צווישן די חורבֿות און אַ וועלט פֿון שׂינאה איז זי דאָך אַרויסגעוואַקסן ווי אַן איינזאַם בלימל פֿון ליבע.

און אפֿשר... אפֿשר איז זי טאַקע צוליב דעם געבוירן געוואָרן כּדי צו זײַן די בריק צווישן ביידע פֿעלקער, די בריק פֿון אמתער ליבע איבערן טײַך פֿון ביטערער, אומבאַגרינדעטער שׂינאה...

*לעצטע נײַעס*, **20־סטער אַפּריל 1970**

## *דער חשבון, דער דין־וחשבון*
## *– און דער חשבון־נפֿש*

**א**ין אַ העברעיִש לידל, וואָס מען פֿלעגט זינגען אין ישׂראל אין יענע "טעג פֿון דערוואַרטונג" ערבֿ דער זעקסטאָגיקער מלחמה, זאָגט זיך צוו"אַנד: *"איך ווייס, עס איז קיין סוד / אַז שווער איז די מלחמה – / דאָך איז די דערוואַרטונג / שווערער נאָך"*...

אַוודאי איז דאָס געווען נאָר אַ רעטאָרישע פֿראַזע, אין גײַסט פֿון דעם ווערטל, אַז "ליבע איז שטאַרקער פֿון טויט" – אָבער מ'האָט דאָס געזונגען איידער מען האָט פֿאַרזוכט דעם "טעם" פֿון די באָמבעס און פֿון טויט. דעמאָלט האָט מען אָבער אָט די פֿראַזע באַנוצט ווי אַ שילדערונג פֿון אַ נשמה־צושטאַנד – אין אַ ליבע־בריוו פֿון אַ זעלנער אויפֿן "פֿראָנט פֿון דערוואַרטונג", ביז וואַנען מען קומט אין דעם אמתדיקן באַריר מיט די גרוילן פֿון מלחמה.

דערוואַרטונגען זענען אָבער פֿאַראַן פֿון כּלערליי סאָרטן. גרויסע און וויכטיקע דערוואַרטונגען זענען פֿאַרבונדן מיט עמאָציאָנעלער שפּאַנונג אין פּערזענלעכן, ווי אין נאַציאָנאַלן פֿאַרנעם.

נישט געקוקט אויף דער אָנגייענדיקער "רוטין" פֿון דער מלחמה־נישט־מלחמה קעגן די פּאַלעסטינער, קעגן דעם כאַמאַס און דעם טעראָר, די קאַסעם־ראַקעטעס, די נויט, די פּראָקוראַטור און די טויזנטער אַנדערע טאָגטעגלעכע פּלאָגן, מיט וועלכע די מדינה איז באַשעפֿטיקט – האָט די ישׂראלדיקע געזעלשאַפֿט זיך גענומען הײַנטיקע וואָך אַ קורצע אָטעם־פּויזע פֿון די אַלע דאגות און געוואַרט מיט "לײַדנשאַפֿטלעכן אומגעדולד" אויף דעם דין־וחשבון פֿון דער "אור־קאָמיסיע". דאָס גאַנצע לאַנד האָט אין איין אָטעם געוואַרט אויף דעם פּסק־דין, אָדער די מסקנות, אויב איר ווילט, פֿון דער קאָמיסיע בראָש מיטן וויצע־פּרעזידענט פֿון העבסטן געריכט, דעם ריכטער טעאָדאָר אור, וועגן די אומרוען, אין וועלכע עס זענען דערהרגעט געוואָרן 13 אַראַבער (12 ישׂראלדיקע בירגער און איין פּאַלעסטינער פֿון עזה)

פֿון פּאָליציייִשע קוילן מיט דרײַ יאָר צוריק, אין אָקטאָבער 2000. אין די זעלבע אומרוען איז אויך דערהרגעט געוואָרן אַ ייִדישער אײַנוווינער, פֿון אַ שטיין, וואָס אַראַבישע יונגעלײַט האָבן געוואָרפֿן אויף זײַן אויטאָ. די דאָזיקע אומרוען זענען געווען דער סיגנאַל פֿאַרן אויסברוך פֿון דער צווייטער אינטיפֿאַדע.

אין דעם פּאָליטישן עסטאַבלישמענט און אין דער אָנפֿירונג פֿון דער פּאָליציי האָט מען דעם מאָנטיק ממש געציילט די מינוטן צו דער אָנגעזאָגטער שעה, צוויי אַזייגער בײַטאָג, פֿון איבערגעבן דער רעגירונג און די באַטרעפֿנדיקע פֿאַקטאָרן דעם באַריכט פֿון דער דרײַ־פּערזאָניקער קאָמיסיע, אין וועלכער עס האָבן זיך, חוץ איר פֿאָרזיצער, אויך באַטייליקט דער ריכטער האַשעם חאטיב, וויצע־נשׂיא פֿונעם קרײַז־געריכט אין נצרת, און דער אָריענטאַליסט פּראָפֿ׳ שמעון שמיר, געוועזענער אַמבאַסאַדאָר אין עגיפּטן און אין יאָרדאַניע. אין די דערוואַרטע מסקנות פֿון דער קאָמיסיע האָבן זיך געוויגן נישט בלויז די פּערזענלעכע קאַריערעס און גורלס פֿון פּאָליטישע מנהיגים און פּאָליציייִשע קאָמאַנדירן, נאָר אפֿשר אויך דער גורל פֿון דעם ייִדישן ייִשובֿ אין דער מדינה – אין זײַן באַציִונג מיט זײַנע אַראַבישע מיטבירגער, וועלכע באַטרעפֿן (הײַנט) 18% פֿון דער באַפֿעלקערונג אין לאַנד.

די פֿאָרש־קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן דורך דעם דעמאָלטיקן פּרעמיער־מיניסטער אהוד ברק דעם 8־טן נאָוועמבער, אַ חודש נאָך די בלוטיקע אומרוען, אונטערן דרוק פֿון די משפּחות פֿון די דערהרגעטע, ווי אויך פֿון דער עפֿנטלעכער מיינונג, וועלכע האָט זיך באַקלאָגט אויף דער פּאָליציי, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט סנײַפּערס און מיט אמתדיקע קוילן קעגן דעמאָנסטרירנדיקע ישׂראלדיקע בירגער אין די מהומות, וואָס זענען אויסגעבראָכן דעם 1־טן אָקטאָבער 2000 אין די ייִשובֿים פֿון דעם אַראַבישן סעקטאָר אין ישׂראל. די אויפֿגאַבע פֿון דער קאָמיסיע איז געווען אויסצופֿאָרשן וואָס עס האָט געבראַכט צו די אומרוען, אָנהייבנדיק פֿון דער היסטאָרישער באַציִונג צו דער אַראַבישער באַפֿעלקערונג, דורך די אָנווײַזונגען, וואָס די פּאָליציי האָט באַקומען פֿון די העכערע ראַנגן, ביז צו דער אויספֿירונג פֿון דער פּאָליציי אויפֿן שטח. די קאָמיסיע, וועלכע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט דעם 19־טן פֿעברואַר 2001, האָט אויסגעהערט 435 עדות און האָט אַדורכגעפֿירט דרײַ אינספּעקציעס אויפֿן שטח פֿון די אומרוען; עס זענען איר פֿאָרגעשטעלט געוואָרן 4,289 דאָקומענטן און זאַכלעכע באַווײַזן –

ערונטער פּראָטאָקאָלן פֿון רעגירונג־זיצונגען, גילזן פֿון קוילן פּאָליציייִשע באַפֿעלן אד״גל.

אין גאַנג פֿון די יחידישע און עפֿנטלעכע פֿאַרהערן – וואָס זענען לרובֿ געווען אָנגעלאָדן מיט דראַמאַטישער שפּאַנונג, און וואָס אויף איינעם פֿון זיי האָבן די עלטערן פֿון די קרבנות אַטאַקירט און שווער צעשלאָגן אַ פּאָליציי־אָפֿיציר – האָט די קאָמיסיע אַרויסגעשיקט וואָרענונגס־בריוו צו 14 פֿון די פֿאַרהערטע און געפֿאָרשטע, צווישן זיי דעם פּרעמיער ברק און דעם ״מיניסטער פֿאַר אינערלעכער זיכערהייט״ (פּאָליציי־מיניסטער) שלמה בן־עמי, ווי אויך די דעמאָלט אַמטירנדיקע פּאָליציי־אָפֿיצירן און דרײַ אַראַבישע פּאַרטיי־מנהיגים, אַז זיי זענען עלול צו ווערן שטראָפֿלעך באַשולדיקט אין דער אַחריות פֿאַר די אומרוען און פֿאַר די קרבנות.

זינט די כּנסת האָט אָנגענומען נאָך דער יום־כּיפּור מלחמה דעם געזעץ וועגן מלוכישע יורידישע אויספֿאָרש־קאָמיסיעס, זענען שוין געשאַפֿן און פֿאַרגעסן געוואָרן נישט ווייניקער ווי 13 אַזעלכע (קורצוועיַליקע) קערפּער־שאַפֿטן, וואָס נאָר דרײַ פֿון זיי וועלן בלײַבן אײַנגעקריצט אין דעם קאָלעקטיוון היסטאָרישן זכּרון. דאָס זענען: די אַגראַנאַט־קאָמיסיע (בראָש מיטן העכסטן ריכטער ש. אַגראַנאַט) וועגן דעם יום־כּיפּור דורכפֿאַל – די מלחמה פֿון אָקטאָבער 1973 – וואָס איר באַריכט האָט געבראַכט צו דער באַזײַטיקונג פֿון דעם שעף פֿון גענעראַל־שטאַב דָדו אֶלַעזר (און קורץ דערנאָך צו זײַן טויט פֿון אַ האַרץ־אַטאַק); די כּהן־קאָמיסיע, וועלכע האָט אין אָקטאָבער 1982 געפֿאָרשט די שחיטה אין די פּליטים־לאַגערן סאַבראַ און שאַטילאַ און האָט געפּסלט אַריאל שרונען אַלס מיניסטער פֿאַר זיכערהייט, און – די איצטיקע אַ״ג אור־קאָמיסיע וועגן די אומרוען פֿון אָקטאָבער 2000.*

פֿון דעם דיקן באַריכט פֿון דער אור־קאָמיסיע, וואָס שפּרייט זיך אויס אויף 860 זײַטן, האָט זיך אַנטפּלעקט אַ האַרבער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער גאַנצער מדינה־אָנפֿירונג – קעגן אַלע רעגירונגען אין דער מדינה, קעגן אירע מאַכט־אָרגאַנען און, דער עיקר, קעגן דער פּאָליציי. אָבער געענוי אַזוי ווי אין די האַרבע באַריכטן פֿון די פֿריערדיקע אויספֿאָרש־קאָמיסיעס, וואָס האָבן זיך באַצויגן מיט מחילה צו די שאַרף געטאַדלטע קאַפּיטאַנען פֿון דער מדינה – האָט אויך דער באַריכט פֿון דער אור־קאָמיסיע זיך באַנוגנט מיט איר שמײַסנדיקער קריטיק, אויסמײַדנדיק די אָפּעראַטיווע מסקנות פֿאַר די זעלבע אָנגעשמיסענע מאַכט־אָרגאַנען.

״ער איז נישט געווען וואַכזאַם״ – זאָגט זיך אין דער קריטיק אויפֿן אַדרעס פֿון דעם פּרעמיער ברק און פֿון דעם פּאָליציי־מיניסטער בן־עמי

אין דעם באַריכט פֿון דער אור־קאָמיסיע. געדענקט איר נישט די־אָ געננוי די זעלבע באַשולדיקונג קעגן דער דעמאָלט הערשנדיקער רעגירונג פֿון מנחם בעגין – אין דעם באַריכט פֿון דער כּהן־קאָמיסיע? די קאָמיסיע האָט אַרויפֿגעלייגט די מיניסטעריאַלע אַחריות אויף דעם פּאָליציי־מיניסטער און אים געפּסלט אויף דעם אַמט אין דער צוקונפֿט – אַזוי ווי דעמאָלט אויף דעם זיכערהייטס־מיניסטער שרון; דער ״קליינער אונטערשייד״ באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס, אין קעגנזאַץ צו שרונען, אַמטירן שוין נישט די פּאָליטישע מנהיגים פֿון דער באַהאַנדלטער צײַט: פּראָפֿ׳ שלמה בן־עמי, אויף וועמען ברק האָט געהאַט אויפֿגעצוווּנגען, קעגן זײַן ווילן, דעם אַמט פֿון פּאָליציי־מיניסטער, און ער מוז איצט טראָגן דעם קין־פֿלעק אויפֿן שטערן. ער צאָלט איצט דעם פּרײַז פֿון ברקס פֿעיִקייט זיך אַרויסצוגליטשן פֿון פּערזענלעכע קאָנסעקווענצן.

די אור־קאָמיסיע האָט פֿון איין זײַט באַשטעטיקט די טענה פֿון פּראָפֿ׳ בן־עמי, אַז די פּאָליציי האָט אים געליפֿערט נישט־אמתדיקע אינפֿאָרמאַציעס, און זי שטרײַכט אונטער אין איר באַריכט, אַז די פּאָליציי איז באַהערשט פֿון אַ קולטור פֿון נישט־געזעצלעכקייט, פֿון נישט אויסהערן און אויספֿירן באַפֿעלן, פֿון פֿאַרטושן די אמתדיקע פֿאַקטן און נישט באַריכטן וועגן זיי דעם פּאָליטישן ראַנג.

אַזויאַרום האָבן די דרײַ ריכטער פֿון דער אור־קאָמיסיע אויסגע־שטעלט דעם פּראָפֿעסאָר בן־עמי, אַזוי ווי אין אַ ספּאָרט־פֿאַרמעסט, אַ ״רויט קאַרטל״, וואָס צוימט זײַן צוקונפֿטיקע פּאָליטישע קאַריערע – אין דער צײַט ווען קעגן אהוד ברקן איז געוואָרן אויסגעשטעלט נאָר אַ ״געלער בילעט״, וואָס שטערט אים נישט צו קריגן אַ ״וויזע״ זיך צוריק־צוקערן אין דער אָנפֿירונג פֿון דער דורך אים צעטרייסלטער ״עבֿודה״, ווו ער גרייט שוין מיט זײַנע אָנהענגערס דעם באָדן פֿאַר זײַן צוקונפֿטיקן אויפֿמאַרש.

דעם שווערסטן אָפּעראַטיווון קלאַפּ האָט אין דעם באַריכט פֿון דער אור־קאַמיסיע באַקומען, ווי געזאָגט, די פּאָליציי, וועלכע איז געוואָרן שאַרף געטאַדלט צוליבן באַנוצן זיך מיט ״הייס געווער״ קעגן דעמאָנסטראַנטן. די דרײַ יאָר פֿון דער פּאָליצייִשער פּאַסיווקייט האָבן שוין אָבער פֿאַרווישט אַ סך פֿון די זאַכלעכע באַווײַזן און זייערע שפּורן פֿאַר אַן עפֿעקטיווער אויספֿאָרשונג, ווי עס פֿאַרלאַנגען די משפּחות פֿון די קרבנות.

דעם שווערסטן מאָראַלישן קלאַפּ האָט אָבער באַקומען מדינת־ישׂראל ״על כּל דורותיה וממשלותיה״ – אין אַלע אירע דורות און

רעגירונגען – קעגן װעמען די קאָמיסיע האָט פּאַקטיש אױסגעשטעלט אַ האַרבן באַשולדיקונגס־אַקט, אַז זי האָט אין משך פֿון אַלע יאָרן דיסקרימינירט די אַראַבישע באַפֿעלקערונג, האָט פֿאַרזען און פֿאַרנאַכלעסיקט דעם אַראַבישן סעקטאָר, נישט געװען װאַכזאַם צו זײַנע נױטן און באַדערפֿענישן – אַזױ אַז יעדער אָנגעצונדענער פֿונק האָט געקאָנט גורם זײַן די אומרועןן, װעלכע די רעגירונג און די פּאָליצײ האָבן נישט געװוּסט װי אַזױ צו באַהערשן.

לאָמיר זיך דערמאָנען װאָס עס איז פֿאָרגעקומען אין יענע טעג מיט דרײַ יאָר צוריק:

28־סטער סעפּטעמבער 2000 – אין יענע אָנגעשטרענגטע טעג נאָכן דורכפֿאַל פֿון דער קאָנפֿערענץ אין קעמפּ דײװויד, איז אַריאל שרון, דער פֿירער פֿון דער אָפּאָזיציע, מיט דער דערלױבעניש פֿון דעם פּרעמיער אהוד ברק אַרױפֿגעשטיגן אױפֿן הר הבית, אין דער באַגלײטונג פֿון אַ צאָל כּנסת־דעפּוטאַטן פֿון "ליכּוד" און פֿון הונדערטער פּאָליציסטן.

29־סטער סעפּטעמבער – דעם אַנדערן טאָג נאָך שרונס באַזוך אױפֿן הר־הבית, זענען אין ירושלים אױסגעבראָכן שװערע אומרועןן נעבן דעם כּותל מערבֿי, װוּ די ייִדישע מתפּללים זענען באַװאָרפֿן געװאָרן מיט שטײנער פֿונעם הר־הבית. די פּאָליצײ האָט זיך אַרײַנגעריסן אױפֿן הר־הבית און אין די צונױפֿמענשטױסן מיט די אַראַבער זענען 7 פֿון זײ געװאָרן דערהרגעט.

30־סטער סעפּטעמבער – אױף די פּאַלעסטינער שטחים װערט פּראָקלאַמירט אַ טרױער־טאָג און אין די צוזאַמענשטױסן מיט דער פּאָליצײ װערן נאָך 7 פּאַלעסטינער דערהרגעט.

1־טער אָקטאָבער – די אַראַבער פֿון ישׂראל שליסן זיך אָן צום פּראָטעסט־טרױער פֿון די פּאַלעסטינער; דעמאָנסטראַציעס און צוזאַמענשטױסן מיט דער פּאָליצײ אין פֿאַרשײדענע אַראַבישע ייִשובֿים. דרײַ אַראַבער װערן דערהרגעט פֿון פּאָליצײיִשע קױלן.

2־טער אָקטאָבער – אַ ייִד געװאָרן דערהרגעט פֿון אַ שטײן, װאָס איז געװאָרפֿן געװאָרן אױף זײַן אױטאָ; 6 אַראַבער דערהרגעט אין צוזאַמענשטױסן מיט דער פּאָליצײ.

3־טער אָקטאָבער – נאָך 2 אַראַבער דערהרגעט, הגם די אומרועןן שטילן זיך אײַן.

8־טער אָקטאָבער – נאָך עטלעכע טעג פֿון שפּאַנענדיקער רו – צוזאַמענשטױסן אין נצרת צװישן אַראַבער און אַ גרופּע ייִדישע יונגעלײַט פֿון נצרת עלית, װאָס זענען געקומען זיך אָפּרעכענען מיט די אַראַבער.

2 אַראַבער דערהרגעט פֿון פּאָליציייִשע קוילן. דעם זעלבן טאָג – דעם 8־טן אָקטאָבער 2000 – באַשליסט די רעגירונג פֿון ברק אויפֿצושטעלן אַן אויספֿאָרש־קאָמיסיע אונטערן פֿאָרזיץ פֿון דעם ריכטער טעאָדאָר אור.

אין דעם נישט פֿאָרמעלן באַשולדיקונגס־אַקט, וועלכן עס אַנטהאַלט דער באַריכט פֿון דער אור־קאָמיסיע, ווערט אָנגעוויזן אויף דער אָנגעזאַמלטער פֿאַרביטערונג און פֿאַרצווייפֿלונג נאָך 55 יאָר פֿון סיסטעמאַטישער דיסקרימינאַציע פֿון דער אַראַבישער באַפֿעלקערונג אויף אַלע געביטן פֿון קאָמונאַלן, מלוכישן, געזעלשאַפֿטלעכן און בירגעררעכטלעכן לעבן פֿון לאַנד. דער לאַנגיאָריקער פּאָליציי־קאָמאַנדיר פֿון צפֿון־קרײַז אַליק רון, וועלכער איז געוואָרן צום שאַרפֿסטן געטאַדלט און באַשטראָפֿט אין די מסקנות פֿון דער קאָמיסיע (ער איז געוואָרן באַזײַטיקט פֿון דער פּאָליציי) האָט אין זײַנע אינטערוויוען מיט ביטערניש אָנגעוויזן אויפֿן פֿאַקט, אַז אין דעם באַריכט ווערט מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט דער דעמאָנסטראַטיווער אויפֿמאַרש פֿון אַריאל שרון אויפֿן הר־הבית – וואָס איז געווען ווי אַן אָנגעצונדן שוועבעלע אויף אַן אָנגעגליטן זשאַר.

אין דעם וויכּוח, וואָס דער פֿאַרעפֿנטלעכטער באַריכט האָט שוין אַרויסגערופֿן בײַם ציבור וועט, אַזוי ווי יעדעס מאָל, גאָר גיך פֿאַרגעסן ווערן דער חשבון און דער דין־וחשבון – די סיבה, וואָס האָט גורם געווען סײַ די האַרבע געשעענישן און סײַ דעם האַרבן באַשולדיקונגס־באַריכט פֿון דער אויספֿאָרש־קאָמיסיע. ער וועט גיך פֿאַרגעסן ווערן צוזאַמען מיט דעם חשבון הנפֿש – אַזוי ווי אין אַלע ענלעכע פֿאַלן...

*פֿאָרווערטס*, **2־טער סעפּטעמבער 2003**

* צו די דרײַ "היסטאָרישע" מלוכיש־יורידישע אויספֿאָרש־קאָמיסיעס זײַנען שפּעטער צוגעקומען נאָך אַזעלכע צוויי: די "ווינאָגראַד־קאָמיסיע" צו פֿאָרשן דעם דורכפֿאַל אין דער צווייטער לבֿנונישער מלחמה פֿון 2006, און די קאָמיסיע בראָש מיט דער ריכטערין פֿון העכסטן געריכט (אויף עמעריטור) חנה דאָרנער אין 2008 – צו פֿאָרשן די נישט אָנשטענדיקע באַציִונג פֿון דער ייִדישער מדינה (פֿון אַלע אירע רעגירונגען) צו די נויטן פֿון די לעבנגעבליבענע קרבנות פֿון נאַציזם, די שארית הפליטה פֿונעם חורבן – אין משך פֿון 60 יאָר אין מדינת־ישׂראל.

## דער נײַער מקור פֿון אַנטיסעמיטיזם

### אין זעקסטן יאָרצענדליק נאָכן חורבן

דאָס געשפּענסט פֿון אַנטיסעמיטיזם שוועבט ווידער איבער אייראָפּע, און נישט בלויז איבער אייראָפּע, וואָס איז דאָס וויגעלע פֿונעם אַנטיסעמיטיזם. גראָד אין די טעג, ווען דאָס ייִדישע פֿאָלק און די ליבעראַלע וועלט צייכענען אָפּ דעם "יום השואה" – דעם אָנדענק־טאָג פֿון אונדזער גרויסן חורבן אין אייראָפּע, איז דער אויפֿגעוועקטער אַנטיסעמיטיזם געקומען צום אויסדרוק אין דער כוואַליע פֿון די גרויסע אַנטי־ישׂראלדיקע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס איבער דער גאָרער וועלט, און אין די טעראָר־אַקטן קעגן ייִדישע רעליגיעזע און געזעלשאַפֿט־לעכע אינסטיטוציעס.

שוין נישט דער אַנטיסעמיטיזם פֿון דער יעזויִטישער אינקוויזיציע, פֿון די קאַטוילישע און פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס, די צאַרישע פּאָגראָמען און די "פּראָטאָקאָלן פֿון די זקני ציון", נישט דער ראַסיזם פֿון היטלערס "מײַן קאַמף" און נישט פֿון די אַלטע בלוט־בילבולים, כאָטש אויך זיי זענען נישט פֿאַרשוווּנדן פֿון קלויסטערס און ביכער־געשעפֿטן, און האָבן ערשט נאָרוואָס אויפֿגעטויכט אין אַ העץ־רעדע פֿון אַ סאַוד־אַראַבישן מיניסטער און אין דער עגיפּטישער פּרעסע.

דאָס מאָל, אין דער טראַגישער סדר־נאַכט, זענען די מצות געטונקען געוואָרן אין ייִדיש בלוט, אין קעגנזאַץ צו דעם אַלטן בילבול.

אין אָט דער כוואַליע, וואָס האָט פֿאַרפּלייצט די שטעט און לענדער פֿון דער וועלט, קומט צום אויסדרוק דער גרויסער פּאַראַדאָקס פֿון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ווירקלעכקייט. ווײַל צופֿעליק־נישט־צופֿעליק פֿאַלט זי זיך צונויף מיט דער "זיך קײַקלענדיקער אָפּעראַציע", וואָס האָט זיך דערקײַקלט צו דער מלחמה אין ארץ־ישׂראל – פּאַלעסטינע, און פֿון דאַנען שפּײַזט זיך דער דאָזיקער נײַער אַנטיסעמיטיזם.

ווען דער היטלערישער נאַציזם איז געוואָרן באַזיגט און די פֿרײַע וועלט האָט זיך געפֿרייט מיטן נצחון, זענען די שארית הפליטה, די רעשטלעך

פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, געשטאַנען ווי יתומים צעבראָכן און צעטומלט איבער די חורבֿות, האָבן געזאַמלט די צעקרישלטע רעשטלעך און צוזאַמען מיט זיי באַווײנט די פֿאַרטיליקטע, די אויסגע־שאָכטענע אבֿרים פֿונעם פֿאַראומגליקטן פֿאָלק.

דער איינציקער שטראַל, וואָס האָט אָנגעפֿילט זייערע טרוקענע ביינער מיט פֿרישן לעבנס־זאַפֿט און האָט זיי געהאָלפֿן באַנײַען דאָס פּערזענלעכע און דאָס נאַציאָנאַלע לעבן און צו בויען אַ נײַע צוקונפֿט, איז דעמאָלט געווען – דער שטראַל פֿון דער האָפֿענונג, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז באמת געוואָרן באַזיגט און וועט שוין מער נישט אויפֿשטיין תּחית המתים. און ווען עס האָבן זיך דאָך, און טאַקע גלײַך נאָכן נצחון איבערן נאַציזם, באַוויזן די נײַע דערשײַנונגען פֿון דעם אַלטן אַנטיסעמיטיזם – אין אוקראַיִנע און אין רוסלאַנד, אין "פֿאָלקס־דעמאָקראַטישן" פּוילן (דער פּאָגראָם אין קעלץ, למשל) און אין ליטע, דער דאָקטוירים־בילבול אין מאָסקווע און די שחיטה איבער דער ייִדישער קולטור־קרוין, דערנאָך דער "פּאַמיאַט" אין מזרח און דער נעאָ־נאַציזם און די לע־פּען באַוועגונג אין מערבֿ – און די הונדערטער אַנדערע אויסדרוקן פֿון דעם צוריק אויפֿגעלעבטן אָרטאָדאָקסישן אַנטיסעמיטיזם – האָבן די גרויסע מאַסן פֿון דעם לעבנגעבליבענעם ייִדנטום געזען אין דער אויפֿגעקומענער מדינת־ישׂראל די פֿון פֿריִער צוגעזאָגטע גאַראַנטיע פֿאַר זייער זיכערהייט.

דער קאָמוניזם, וועלכער האָט זיך פֿריִער געגרויסט מיט זײַן כּלומרשט קאָנסעקווענטן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם – און אַ שטראָף־געזעץ קעגן אַנטיסעמיטיזם איז אַפֿילו געווען אײַנגעשלאָסן אין דער סאָוויעטישער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע – האָט זיך אין זײַן אָפּאָרטוניזם אָפּגעקערט פֿון זײַן קאַמף קעגן אים, און האָט זיך אַליין אין אים אָנגעשטעקט.

די סאָציאַליסטישע און אַ טייל פֿון די ליבעראַלע פּאַרטייען אין אייראָפּע זענען געבליבן כּמעט די איינציקע, וואָס האָבן זיך אידעאָלאָגיש קעגנגעשטעלט דעם אַנטיסעמיטיזם, און די מערסטע ייִדן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן, האָבן אין מדינת־ישׂראל געזען די גאַראַנטיע קעגן דער באַנײַונג פֿונעם אַנטיסעמיטיזם. אָט די גאַראַנטירטע זיכערהייט איז דאָך געווען דער עיקרדיקער קוואַל, וואָס האָט געשפּײַזט דעם חזיון פֿון טעאָדאָר הערצל בעת דער דרײַפֿוס־אַפֿערע און דעם ציוניזם ביזן אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל.

אָבער גראָד מיט דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון אָט דעם חזיון איז איצט דער אַנטיסעמיטיזם געוואָרן די קאָריטע, פֿון וועלכער ער טרינקט און ער שפּײַזט זיך און שעפּט זײַן עיקרדיקע מאָטיוואַציע.

דער אָריגינעלער, דער אָרטאָדאָקסישער אַנטיסעמיטיזם, איז אַלע יאָרן זינט זײַן אַנטשטייונג ווי אַ גזעלשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע, און אַפֿילו ווי אַ רעליגיעזע דערשײַנונג, געווען איינער פֿון די עיקרדיקע קען־צייכנס פֿון דער קאָנסערוואַטיווער רעאַקציע, פֿון די עקסטרעמיס־טישע באַוועגונגען, דער עיקר אינעם רעכטן שאָוויניסטישן לאַגער. אַנטיסעמיטיזם איז אַלעמאָל געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פֿון דער ראַסיסטישער און פֿאַשיסטישער תּורה. איר איצטיקע נײַע פֿאָרעם האָט דערמעגלעכט די אַנטיסעמיטישע קרײַזן פֿונעם רעכטן לאַגער אַרײַנצודרינגען אין די לינקע פּאָליטישע באַוועגונגען, וואָס סאָלידאַ־ריזירן זיך מיטן קאַמף פֿון די פּאַלעסטינער קעגן דער אָקופּאַציע און דעמאָנסטרירן קעגן דער פּאָליטיק פֿון דער ישׂראל־רעגירונג.

אויף דעם אופֿן פֿאַרווישט זיך די גרענעץ צווישן דעם אַנטי־ציוניזם און דעם אַנטיסעמיטיזם – צו דער צופֿרידנקייט פֿון דער ישׂראלדיקער רעאַקציע, וועלכע "באַפֿרײַט" דעם אַנטיסעמיטיזם פֿון זײַן ביז־איצטיקן רעכטן שטעמפּל. די דאָזיקע סיטואַציע ליפֿערט אַ מכלומרשטע באַרעכטיקונג און דערמיט אויך אַ באַפֿעסטיקונג פֿאַר דער אַזוי אָפֿט אַרויסגעהויבענער טענה, אַז "די גאַנצע וועלט איז קעגן אונדז" – דעריבער דאַרף מען זיך מיט איר נישט רעכענען...

די וועלט איז נישט אַלעמאָל קעגן אונדז. ווען מדינת־ישׂראל האָט געקעמפֿט קעגן דעם אַראַבישן טעראָר אין די זעכציקער יאָרן האָט די פֿרײַע וועלט געהאָלפֿן ישׂראל, די פֿעלקער פֿון אייראָפּע האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיט דער מדינה, טויזנטער פֿרײַוויליקע פֿון אייראָפּע זענען געקומען אַרבעטן אין די קיבוצים, האָבן געזען אין ישׂראל אַ מוסטער פֿון אַ יונגער דעמאָקראַטיע אין מיטעלן מזרח, און ישׂראל האָט אויך געדינט ווי אַ מוסטער פֿאַר די אַפֿריקאַנישע און אַזיאַטישע לענדער, וואָס האָבן נאָרוואָס געהאַט דערגרייכט זייער זעלבשטענדיקייט.

זינט דאַן האָט זיך אַ סך, זייער אַ סך געענדערט אין דער באַציִונג פֿון דער וועלט צו ישׂראל. אין דער צײַט ווען די אָקופּירטע פֿעלקער און די קאָלאָניעס פֿון די גרויסמאַכטן האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון זייערע אָקופּאַנטן, האָט ישׂראל זיך מיליטעריש באַפֿעסטיקט, געוואָרן אַן אַטאָמישע גרויסמאַכט, זיך געחבֿרט מיטן אַפּאַרטהייד־רעזשים אין דרום־אַפֿריקע – און איז געבליבן כּמעט די איינציקע אָקופּאַנטישע מדינה נאָך דעם ווי

אויך דרום־אַפֿריקע האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער פֿרײַער דעמאָקראַטי־שער וועלט. די ראָלן צווישן ישׂראל און די פּאַלעסטינער האָבן זיך געטוישט: דער סימפּאַטישער אימאַזש פֿון דעם פֿלינקן "דוד מיט דער ראָגאַטקע" קעגנאיבער דעם אַראַבישן שווער־באַוועגלעכן "גלית" איז געוואָרן איבערגעקערט אין אָנבליק פֿון דעם באַלאַנס פֿון כּוח און פֿון פּחד צווישן די שווערע טאַנקען, מעכטיקע קריגס־עראָפּלאַנען מיט אַפּאַטשי־העליקאָפּטערס פֿון גוט־באַוואָפֿנטע זעלנער קעגנאיבער די "לעבעדיקע באָמבעס" פֿון פֿאַרביטערטע און פֿאַרצווייפֿלטע נקמה דורשטיקע "דזשיהאַד"־זעלבסטמערדער – די וועלט זעט זיי אויף די טעלעוויזיע־עקראַנען, אין לעבעדיקע בילדער, וואָס רעדן מער ווי טויזנט ווערטער, און ווירקן טויזנט מאָל שטאַרקער ווי די בעסטע לאָגישע, אידעאָלאָגישע אָדער פּסיכאָלאָגישע אויפֿקלערונגען.

אין זײַן רעדע אין דער כּנסת, וואָס איז, אין קעגנזאַץ צו זײַן אַנטוישנדיק בלאַסער רעדע פֿון אַ וואָך פֿריִער געווען אַ גוט מאָטיווירטע, גוט צוגעגרייטע רעדע, האָט דער פּרעמיער אַריאל שרון צום ערשטן מאָל פֿאַרגעשטעלט ברייטער די פּלענער און כּוונות פֿון דער "זיך קײַקלענדיקער אָפּעראַציע", וועלכע האָט זיך דערקײַקלט צו אַ מלחמה לויטן מוסטער פֿון דער מלחמה אין לבֿנון. און, אָנזאָגנדיק אַ טרויעריקע פּערספּעקטיוו פֿון אַ צײַטווײַליקן הסכּם אויף לאַנגע יאָרן, מיטן המשך פֿון דער אָקופּאַציע און מיט "זיכערהייט־זאָנעס" לויטן מוסטער פֿון לבֿנון נאָכן צעשטערן און צעשמעטערן די פּאַלעסטינער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג, האָט שרון איבערגעלאָזט שוואַכע האָפֿענונגען פֿאַר אַ שלום אין דעם ראַיאָן.

"די גאַנצע וועלט איז קעגן אונדז" – ווײַל זי וויל אונדז זען אַ באַפֿרײַטע פֿון דער אָפּגעלעבטער אָקופּאַציע און פֿון קאָלאָניאַליזם. זי וועט אָן ספֿק זײַן מיט ישׂראל ווען זי וועט צוריק אַרויפֿגיין אויפֿן וועג וואָס וועט פֿירן צום אומפֿאַרמײַדלעכן שלום.

*פֿאָרווערטס, 8־טער אַפּריל 2002*

## *ווען שפּינאָזאַ וואָלט געלעבט הײַנט...*

עס איז עטוואָס שווער צוצופּאַסן דעם קאָפּ פֿון אָט דעם אַרטיקל צום אינהאַלט, וואָס קומט אין די ווײַטערדיקע שורות, כאָטש צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס ברוך בענעדיקט שפּינאָזאַ – וועלכער איז געשטאָרבן מיט 300 יאָר צוריק, דעם 21־סטן פֿעברואַר 1677 – איז לויט זײַן גאַנצער אײַנשטעלונג געווען אַ דעטערמיניסט, וואָס האָט געגלויבט, ווי די אַמאָליקע סטאָיִקערס, אין דעם פֿון פֿאָרויס באַשטימטן גורל. זײַן אָרט אין דער געשיכטע איז דעריבער אַ טייל פֿון דעם גאַנצן סיסטעם, אין וועלכן די געטלעכקייט, נאַטור און ווירקלעכקייט זײַנען, לויט אים, איינס און דאָס זעלבע.

ווען שפּינאָזאַ האָט געלעבט אין סאַמע מיטן פֿון 17־טן יאָרהונדערט (1632 – 1677), איז שווער געווען צו לעבן און צו אָטעמען מיט אַזעלכע אַפּיקורסישע געדאַנקען, לויט וועלכע די תּורה איז נישט געגעבן געוואָרן פֿון גאָט אַליין, די נשמה שטאַרבט צוזאַמען מיטן קערפּער, און אַז – "גאָט" איז נאָר אַ פֿילאָסאָפֿישער באַגריף...

פֿאַרשטייט זיך, אַז אויך הײַנט זענען די דאָזיקע דרײַ פֿאַרלייקענונגען אַ כּפֿירה קעגן דעם עיקר. דאָך איז שפּינאָזאַ לחלוטין נישט געווען קיין אַטעיִסט, ווי אַ סך האָבן אים צוגעשריבן: פֿאַרקערט, ער איז געווען *אַ פּאַנטעיִסט,* פֿאַר וועמען אַלץ איז געטלעך און אַלץ ווערט אָנאויפֿהערלעך באַשאַפֿן אין אָט דער געטלעכקייט, וועלכע איז – די נאַטור גופֿא. און טאַקע דערפֿאַר, ווײַל ער האָט אין יעדער דערשײַנונג געזען די געטלעכקייט – איז ער געווען קעגן צוגעבן דעם אַלמעכטיקן וועלכע עס איז אומנאַטירלעכע אייגנשאַפֿטן. אין דעם איז באַשטאַנען זײַן גרויסער וויכּוח מיטן ייִדישן דת – פֿון וועלכן ער האָט זיך, אַגבֿ, נישט אָפּגעזאָגט, – און אויך מיטן קריסטנטום, מחמת ער האָט בשום־אופֿן נישט געוואָלט אָנערקענען די געטלעכקייט און די אומשטערבלעכקייט פֿון ישו, דעם קריסטלעכן משיח.

לאָמיר זיך אָבער צוריקקערן צו דעם, מיט וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן און אויך באַקרוינט אונדזער אַרטיקל: וואָס וואָלט געווען אויב שפּינאָזאַ וואָלט הײַנט געלעבט? אַוודאי איז דאָס אַ ספּעקולאַטיווע פֿראַגע, און דווקא אין באַצוג צו דעם דורכאויסיקן ראַציאָנאַליסט אויך אפֿשר אַ ביסל נישט אָנשטענדיק. זאָל ער אונדז דעריבער מוחל זײַן אויב מיר באַגייען דאָך דעם דאָזיקן חטא קעגן אים און מיר פּרובירן אים איבערפּלאַנצן אין די הײַנטיקע באַדינגונגען.

די פֿילאָסאָפֿיע פֿון ברוך שפּינאָזאַ שפּרייט זיך אויס אויף ברייטע פֿעלדער פֿון דער מענטשלעכער מחשבֿה, און אויף אַ סך געביטן – צווישן אַנדערן אויף געביטן פֿון דער עטיק, פּאָליטישער און נאַטור־פֿילאָסאָפֿיע, לאָגיק, טעאָלאָגיע און אויך אויפֿן געביט פֿון פֿילאָסאָפֿיע, וואָס איז בײַ אים געווען פֿאַרבונדן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע געביטן, מיט דער לאָגיק, מיטן ראַציאָנעלן געדאַנק.

הגם ער האָט דאַן זיכער געקענט די שריפֿטן פֿון דעם פֿלאָרענטינער פֿילאָסאָף מאַקיאַוועלי, האָט ער זײַן פּאָליטישע און רעליגיעזע פֿילאָסאָפֿיע (אין *טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט*) געבויט אויף די עטישע פּרינציפּן און נישט פֿאַרקערט. אָבער ווײַל ער איז געווען אַ ראַציאָנאַליסט, ווײַל ער האָט באַזירט זײַן גאַנצע פֿילאָזאָפֿיע אויפֿן מאַטעמאַטיש־געאָמעטריש געאָרדנטן שׂכל – האָט ער געזען אין דער אידעאַלער מדינה אַן אוטאָפּיע, וואָס קען נישט ווערן פֿאַרווירקלעכט.

מיט דעם האָט שפּינאָזאַ פּאַקטיש גאָרנישט באַנײַט. אַזוי האָבן אויך געהאַלטן פּלאַטאָ און אַריסטאָ, וועלכע האָבן דער אידעאַלער מדינה געווידמעט אַ סך פֿון זייערע שריפֿטן. אָבער וואָס שפּינאָזאַ האָט באַנײַט אין זײַן צוגאַנג צו דער אידעאַלער מדינה, איז די דעדוקטיווע שיטה פֿון מאָטיווירן זײַן צוגאַנג צו אָט דעם פּראָבלעם: כּדי אַ מדינה זאָל קענען עקזיסטירן, כּדי זי זאָל קענען, אַזוי ווי די נאַטור, זיך כּסדר באַשאַפֿן און באַנײַען – דאַרף זי כּסדר זיך ענדערן.

צוליב וואָס זאָל זיך אָבער דאַרפֿן ענדערן אַן אידעאַלע מדינה? אַנטהאַלט דאָך אין זיך דער דאָזיקער באַגריף דאָס העכסטע, דאָס פֿולתּוכיקע, צו וואָס עס שטרעבט דער מענטש און די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפֿט. און נאָר דעמאָלט איז די מדינה אַן אידעאַלע, ווען זי באַפֿרידיקט די שטרעבונגען און דעם פֿרײַען ווילן פֿון אירע בירגער. דעריבער קאָן יעדע ענדערונג אין דער אידעאַלער מדינה גיין נאָר אין דער ריכטונג פֿון... באַשאַפֿן זיך כּסדר פֿון דאָס נײַ. אַזוי דאַרף אויך די מדינה כּסדר זיך ענדערן...

ברוך שפּינאָזאַ, וועלכער האָט זיך געראַנגלט מיט דער דאָזיקער סוגיא מיט איבער דרײַ הונדערט יאָר צוריק, וואָלט זיך הײַנט נישט געדאַרפֿט ברעכן דעם קאָפּ איבער אָט דעם פּראָבלעם. ווען ער וואָלט געלעבט דאָ מיט אונדז, וואָלט ער נישט געשטאַנען פֿאַר דער דאָזיקער דילעמע און ער וואָלט געווען זיכער, אַז די מדינה האָט נאָך אַ סך אָרט זיך צו ענדערן – צום גוטן. פֿון ברוך שפּינאָזאַן, וועלכער איז פֿאַרדאַמט און פֿאַרשאָלטן געוואָרן דורך די פּרנסים פֿון דער אַמסטערדאַמער קהילה, וואָלטן מיר הײַנט געקאָנט אַ סך לערנען ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט דעם קאַלטן, קלאָרן און זאַכלעכן שׂכל, כּדי צו פֿירן די מדינה...

ברוך שפּינאָזאַ איז געווען באַאײַנפֿלוסט פֿון צוויי גרויסע פֿילאָסאָפֿן, וואָס האָבן געלעבט אין זײַן צײַט. פֿון איין זײַט איז ער אין זײַן באַציִונג צו גאָט און צו רעליגיע געווען באַאײַנפֿלוסט פֿון דעם ענגלישן פֿילאָסאָף טאָמאַס האָבס, מיט וועלכן ער האָט געטיילט זײַן נעגאַטיווע באַציִונג צום קלער (וועלכן דער ענגלישער פֿילאָסאָף האָט באַצייכנט ווי "דאָס קעניגרײַך פֿון פֿינצטערניש"); פֿון דער אַנדערער זײַט האָט ער זײַן פֿילאָסאָפֿישע שיטה, זײַן אופֿן פֿון דענקען און פֿון דערוועײַזן זײַנע אמתן, געבויט אויף דער ראַציאָנאַליסטישער לערע פֿון דעם פֿראַנצויזישן פֿילאָסאָף רענע דעקאַרט, וועלכער ווערט באַטראַכט ווי דער שעפֿער פֿון דער מאָדערנער פֿילאָסאָפֿיע.

אַלע דרײַ – האָבס, דעקאַרט און שפּינאָזאַ – זײַנען צו יענער צײַט גערודפֿט געוואָרן דורך דעם רעליגיעזן, און טיילווײַז אויך דורך דעם וועלטלעך־מלוכישן עסטאַבלישמענט. טאָמאַס האָבס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1588, דהײַנו 44 יאָר פֿאַר שפּינאָזאַ און איז געשטאָרבן צוויי יאָר נאָך זײַן טויט. זײַן דעטערמיניסטישער וועלט־באַנעם, לויט וועלכן דער קיום פֿון דער וועלט איז באַזירט אויף דער *טעאָלאָגישער* צוועקמעסיקייט, אויף געזועצלעבן *תּכלית*, אין וועלכן די פֿאַרגאַנגענ־הייט איז אַלעמאָל די סיבה פֿון דער צוקונפֿט – דער דאָזיקער צוגאַנג האָט געבוירן זײַן גרויס פֿילאָסאָפֿיש ווערק א"נ *"דער וואַלפֿיש"* (דער לוויתן), אין וועלכן ער פּרובירט אויפֿוועײַזן, אַז דער פּחד איז די סיבה פֿון די צווישן־מענטשלעכע און צווישן־לענדישע באַציִונגען, פֿון די מלחמות, טראַקטאַטן און פֿון דעם פֿרידלעכן צוזאַמענלעבן.

שפּינאָזאַ, וועלכער איז, אַזוי ווי האָבס, געווען אַ דעטערמיניסט – האָט געגלויבט אין דער צוועקמעסיקער געזעצלעבקייט פֿון דער געשיכטע און פֿון וועלט־קיום; ער האָט אָבער נישט אָנגענומען די

טעאָריע פֿון פּחד, און איז, אין קעגנזאַץ צו האָבסן, אויך נישט געווען קיין מאַטעריאַליסט. ער איז אָבער געווען אַ *נאַטוראַליסט*, וועלכער האָט געזען אין דער נאַטור דעם איינציקן פּרינציפּ אויף צו דערקלערן דעם קיום פֿון דער וועלט. ער האָט אָפּגעוואָרפֿן יעטוועדע קדושה, ער האָט אָפּגעוואָרפֿן דעם גלויבן אין נסים און אין צופֿעליקייטן; און ווײַל ער האָט נישט געגלויבט אין קיין נסים און אין קיין מיסטישע דערשײַנונגען – האָט ער אַלץ געבויט אויף די אַקסיאָמעס פֿון שׂכל. אויף דעם געביט איז ער באַאײַנפֿלוסט געוואָרן פֿון רענע דעקאַרט, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1596, דהײַנו 36 יאָר פֿאַר שפּינאָזאַ. אונטער זײַן אײַנפֿלוס האָט ער נישט נאָר די נאַטור־פֿילאָסאָפֿיע, נאָר אויך די עטיק געבויט אויף אַ געאָמעטרישן אופֿן, האָט אויסגעמיטן איבעריקע דעפֿיניציעס און געגעבן יעדן וואָרט און יעדן באַגריף אַ קלאָרן און גענוי באַשטימטן באַטײַט.

אַוודאי האָט ער, אַזוי ווי אין באַצוג צו דעם ענגלישן פֿילאָסאָף האָבס, אויך געהאַט זײַנע באַוואָרענישן צו דער לערע פֿון דעם פֿראַנצויזישן פֿילאָסאָף דעקאַרט, וועלכער האָט, אַגבֿ, אין זײַנע וואַנדערונגען אויך פֿאַרברענגט אַ געוויסע צײַט אין אַמסטערדאַם.

דעקאַרט איז נישט אַרויסגעטראָטן, ווי שפּינאָזאַ, קעגן דעם קלער, קעגן דער קריסטלעכער קירך. פֿאַרקערט, ער האָט געפּרוּווט געבן אַ ראַציאָנעלע פֿילאָסאָפֿישע אויסטײַטשונג פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון גאָט – און גראָד דאָ האָט ער זיך פֿאַרזינדיקט פֿאַר דעם רעליגיעזן ממסד. פֿאַר זיי, פֿאַר די גלחים און טעאָלאָגן, איז די געטלעכקייט אַן אַנטפּלעקונג, אַ מיסטישע, אָבער אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכע דערשײַנונג, וועלכע איז איבער און אויסער דער באַנעמונג פֿון דעם שׂכל. שפּינאָזאַ האָט, אַזוי ווי דעקאַרט געהאַלטן, אַז דער פֿרײַער ווילן איז אומבאַגרענעצט, פּונקט ווי די געטלעכקייט. שפּינאָזאַ האָט נישט אָנגענומען דעקאַרטס גאָט, וועלכער איז, אַזוי ווי דער יידישער גאָט, אַן אַקטיווער – ער איז סײַ דער באַשעפֿער און סײַ דער משגיח איבער דער באַשאַפֿונג. שפּינאָזאַ האָט דעם גאָט געגעבן די פּאַסיווע ראָלע פֿון ״העכסטער אויטאָריטעט״, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך די גאַנצע נאַטור, די גאַנצעווירקלעכקייט – אָבער יעדן פּרט פֿון אָט דער ווירקלעכקייט שענקט ער דעם פֿרײַען ווילן אין די ראַמען פֿון דער טאָטאַלער און אַבסאָלוטער צוועקמעסיקייט.

ווי קומט אָבער, אַז דער קריסטלעכער פֿילאָסאָף דעקאַרט, וואָס פֿון זײַן פֿילאָסאָפֿישן מעטאָד איז שפּינאָזאַ אַזוי שטאַרק באַאײַנפֿלוסט געוואָרן, ער זאָל זײַן דער גורם פֿון דעם חרם, וועלכן די ייִדן האָבן אַרויפֿגעלייגט אויף שפּינאָזאַ?

וועגן דעם חרם איבער שפינאָזאַ ווערט געפֿירט אַ ברייטע פֿאָרשונג, און ביז איצט איז ער נאָך נישט אין גאַנצן אויפֿגעקלערט געוואָרן. עס איז באַוווּסט, אַז דער דאָקומענט וועגן דעם חרם איז נישט אונטער־געשריבן פֿון קיין רבנים – נאָר פֿון זעקס פּרנסים פֿון דער אַמסטערדאַמער קהילה, וועלכע האָבן דאָס געטאָן מיט דער צושטימונג פֿון די רבנים.

עס גייט אָן אַ וויכּוח, צי די כּפֿירה פֿון ברוך שפּינאָזאַ איז געווען אַ גענוגנדיקע באַרעכטיקונג – לויט דער הלכה – אים אַרײַנצולייגן אין חרם. עס איז אָבער אַ פֿאַקט, אַז די פּאָליטישע אומשטאַנדן, וואָס האָבן צו יענער צײַט געהערשט אין האָלאַנד, האָבן באַוויגן די פּרנסים אַנטקעגנצוקומען דעם ווילן פֿון די קריסטלעכע מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע האָבן, אונטערן דרוק פֿון דער קאַלוויניסטישער קירך, באַקעמפֿט די פֿילאָסאָפֿיע פֿון דעקאַרט. דעקאַרט איז געשטאָרבן אין יאָר 1650 – זעקס יאָר איידער ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער חרם קעגן ברוך שפּינאָזאַ. אָבער די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אַלץ געטאָן, כּדי צו צוימען זײַן השפּעה. אין אָט דער אַטמאָספֿער זענען די ביז דאַן נאָך נישט פֿאַרעפֿנטלעכטע געדאַנקען פֿון ברוך שפּינאָזאַ געוואָרן געפֿערלעך אויך פֿאַר די קריסטלעכע מאַכט־אָרגאַנען.

איצט, ווען די וועלט פֿײַערט 300 יאָר נאָכן טויט פֿון דעם גרויסן ייִדישן פֿילאָסאָף, וווּנדערט מען זיך הלמאַי אין דער ייִדישער מדינה איז דער דאָזיקער יאָרטאָג אָפּגעצייכנט געוואָרן מיט אַן אַקאַדעמישן קאָלאָקוויום אין תּל־אָבֿיבֿער אוניווערסיטעט – אָבער אָן אַ מלוכישן סטאַטוס, און עס איז ביז איצט אויך נישט געמאַכט געוואָרן קיין פּרוּוו פֿאָרמעל מבֿטל צו מאַכן דעם חרם. דער דאָזיקער פֿאַקט אַליין באַווײַזט, אַז די ייִדישע טעאָקראַטיע, קעגן וועלכער שפּינאָזאַ איז אַרויסגעטראָטן מיט איבער 300 יאָר צוריק, איז נאָך אַלץ שטאַרק. זי האָט נאָך אַלץ די פֿולע מאַכט בײַם הײַנטיקן טאָג – אויב די מדינה איז נישט בכּוח צו פֿאַרריכטן די עוולה, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם גרויסן דענקער מיט 300 יאָר צוריק – הגם אַ סך ייִדישע יונגעלײַט האָבן זיך אין משך פֿון דורות דערצויגן אויף די לאָגישע און עטישע ווערטן, וואָס ער האָט געפּרעדיקט.

*לעצטע נײַעס*, 4־טער מערץ **1977**

## די געטרייַע, די רעזיגנירטע און – די רויטע קו

די געדיכט אָנגעלאָדענע תּקופֿה פֿון די ימים־נוראָים ביז שׂימחת־תּורה איז אינעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון ישׂראל געווען אַ תּקופֿה פֿון באַזונדערס שאַרפֿע און עקסטרעמע פּאָליטישע קעגנזאַצן. אין די טעג פֿון חול־המועד סוכּות, למשל, האָבן צענדליקער־טויזנטער מאמינים, און נישט נאָר מאמינים, געשטראָמט קיין ירושלים, און טויזנטער האָבן פּאַראַדירט אין אַ קאָלירפֿולער מאַניפֿעסטאַציע איבער די גאַסן פֿון דער הייליקער שטאָט. צווישן זיי זענען געווען, מ׳זאָגט, פֿינף טויזנט קריסטן, וועלכע האָבן דאָ דעמאָנסטרירט אין נאָמען פֿון דער אַזוי־גערופֿענער ״קריסטעלכער אַמבאַסאַדע״, אונטער די לאָזונגען פֿון טרייַשאַפֿט צו דער אייביקער הויפּטשטאָט פֿון ישׂראל. אין רמת־הגולן, אין קצרין, האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אויך אַ פּאָר טויזנט מענטשן פֿון גאַנצן לאַנד, אויף אַ מאַניפֿעסטאַציע אונטערן דעוויז: ״מיר רירן זיך נישט פֿון גולן!״

אויף דער טריבונע פֿון דער מאַניפֿעסטאַציע זענען נעבן די אָנפֿירערס פֿון די מתנחלים געזעסן די פֿירערס פֿון ש״ס, פֿון ״ישׂראל בעליה״ און פֿון מפֿד״ל, אלי ישי, נתן שעראַנסקי און יצחק לוי. אַלע דרײַ זענען זיי מיניסטאָרן אין דער רעגירונג פֿון אהוד ברק, אָבער אויף אָט דער מאַניפֿעסטאַציע האָבן זיי זיך אידענטיפֿיצירט מיט דער אָפּאָזיציע. דער ״ועד פֿון די גולן־יישובֿים״, וועלכער האָט אָרגאַניזירט די פּראָטעסט־מאַניפֿעסטאַציע אין קצרין, האָט פּראָקלאַמירט אַ מיליטאַנטישן קאַמפּיין איבער גאַנצן לאַנד, מיט אַ הוצאה פֿון פֿינף מיליאָן שקלים, קעגן דער כּוונה צוריקצוקערן צו סיריע דעם גולן.

אין ירושלים האָט דער אָנפֿירער פֿון אַגודת־ישׂראל, מאיר פּרוש, אין זײַן פֿלאַם־פֿײַערדיקער רעדע אויף אַ מאַניפֿעסטאַציע פֿון די פֿרומע, פּראָקלאַמירט דאָס באַנײַען ״די מלחמה קעגן דער דיקטאַטור פֿון העכסטן געריכט״ און פֿון דעם ציווילן געריכטטוועזן בכלל. די צוויי פּאַרטייער פֿון ״יהדות־התּורה״, די חסידישע ״אַגודת־ישׂראל״ און פֿון

דעם מתנגדיש־ליטווישן "דגל־התּורה", האָבן, ווי באַוווּסט, מיט אַ קורצער צײַט צוריק פֿאַרלאָזט די קאָאַליציע צוליב דעם טורבינע־סקאַנדאַל. דאָס מאָל – אַזוי האָט מאיר פּרוש פֿאַרזיכערט אין זײַן רעדע – וועט דער קאַמף קעגן דעם העכסטן געריכט זײַן אַ סך שאַרפֿער, ווי ער איז געווען, ווי מיר געדענקען, מיט אַ יאָר צוריק.

דאָס איז איין זײַט – די רעכטע זײַט – פֿון דער מטבע. פֿון דער אַנדערער זײַט האָבן אין טאָג פֿון שימחת־תּורה פּאַראַדירט אַרום 150,000 יונגע מענער און פֿרויען, ייִנגלעך און מיידלעך אויף דער פּראָמענאַדע לענגאויס דעם ים־ברעג אין תּל־אָבֿיבֿ. ניין, דאָס זענען נישט געווען די הקפֿות און מ'האָט נישט געטאַנצט מיט דער תּורה – דאָס איז געווען אַ קאָלירפֿולער און טומלדיקער "פּאַראַד פֿון ליבע". אַ פּאַראַד פֿון מוזיק און פֿון טענץ – דער גרעסטער פּאַראַד פֿון דעם סאָרט, וואָס די "ערשטע ייִדישע שטאָט" האָט ווען עס איז ביז איצט אַמאָל געזען.

דאָס איז געווען, ווי מיר זעען, די צווייטע, די לינקע, זײַט פֿון דער גערזעלשאַפֿטלעכער מטבע.

אָבער אויף יענער, אויף דער פֿריִער דערמאָנטער רעכטער זײַט, וועלכע איז דערשינען אַזוי אַנטשלאָסן און מיליטאַנטיש, האָבן זיך אין די זעלבע טעג באַוויזן גאָר ערנסטע שפּאַלטן פֿון רעזיגנאַציע, פֿון "אײַנפּעקלען די פֿענער" – און גראָד אין די העכסטע שפּיצן פֿון דער ארץ־ישׂראל השלמה. איינער פֿון זיי איז געקומען צום אויסדרוק אין די "רייד פֿון כּפּירה" פֿון דעם געוועזענעם פּאָליציי־מיניסטער אין דער רעגירונג פֿון נתניהו, אַבֿיגדור קַהַלַנִי, דער גרינדער און אָנפֿירער פֿון "הדרך השלישית" – דער דריטער וועג, די פּאַרטיי, וואָס האָט געליטן אַ פֿולשטענדיקע מפּלה אין די לעצטע וואַלן צו דער כּנסת.

אין אַן אינטערוויו פֿאַר איינער פֿון די היגע צײַטונגען ערבֿ ראָש־השנה האָט ער צום ערשטן מאָל מודה געווען, אַז עס וועט נישט מעגלעך זײַן קיין אמתדיקער שלום מיט סיריע – אָן אַראָפּצוגיין פֿונעם גולן.

אַבֿיגדור קַהַלַנִי – אַ גענעראַל, אַ העלד אין די שלאַכטן אויפֿן גולן בעת דער יום־כּיפּור־מלחמה, אַ געוועזענער מנהיג אין דער אַרבעטער־פּאַרטיי, איר דורכגעפֿאַלענער קאַנדידאַט אין די וואַלן פֿון דעם שטאָט־פּרעזידענט פֿון תּל־אָבֿיבֿ – האָט אין די וואַלן פֿון 1996 צו דער כּנסת געוווּנען פֿיר מאַנדאַטן פֿאַר דער דורך אים אָקערשט געגרינדעטער פּאַרטיי "דער דריטער וועג", און האָט זיי אַלע פֿאַרלוירן

אין די הײַיאָריקע וואַלן. דער קאַמף פֿאַר אָפּהיטן דעם גולן איז געווען דער איינציקער מאָטיוו פֿאַר גרינדן אָט די באַוועגונג.

זײַנע רעזיגנירטע רייד זענען דערשינען אין דעם יום־טובֿ־נומער פֿון "ידיעות אַחרונות" פֿון ערבֿ ראָש־השנה. און אין דעם שׂימחת־תּורה־נומער פֿון דער זעלבער סאַמע פֿאַרשפּרייטסטער צײַטונג אין לאַנד האָט אַ צווייטער אָנפֿירער פֿון דעם מתנחלים־לאַגער, דער גענעראַל־דירעקטאָר פֿון דעם "ראַט פֿון די יישובֿים פֿון יהודה און שומרון", אַהרון דאָמב, דערקלערט אין אַן אינטערוויו, אַז ער רעזיגנירט פֿון זײַן אַמט, ער גייט זוכן אַ קאַריערע אין ביזנעס. פּאָליטיק איז שוין מער נישט פֿאַר אים. לויט זײַן מיינונג האָט די אידייע פֿון דער ארץ־ישׂראל השלמה זיך שוין אויסגעשעפּט. זי איז געבליבן בלויז אין דער טעאָריע, נישט אויף דער טעריטאָריע... אַזוי ווי די אידייע פֿון ארץ־ישׂראל אויף ביידע זײַטן ירדן. די ווירקלעכקייט איז אַן אַנדערע, און אַ טייל פֿון די התנחלות־קאָלאָניעס וועלן, לויט זײַן מיינונג, זיך דאַרפֿן אויפֿלייזן.

אַהרון דאָמב איז געווען איינער פֿון די סאַמע מיליטאַנטישסטע אָנפֿירערס פֿון די מתנחלים, פֿלעגט אין די טעג פֿון דער ראַבין־רעגירונג זיך באַטייליקן אין די שטורמישע דעמאָסטראַציעס און צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי און מיט דער אַרמיי, און איז געווען נתניהוס ראַטגעבער פֿאַר די ענינים פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אויפֿן מערבֿדיקן ברעג.

אמת, ביידע רעזיגנירטע מנהיגים האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר זייער אייגענער אַפּיקורסות און האָבן נאָך דעם אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים פּרובירט אָפּלייקענען, זיך פֿאַרענטפֿערן און געפֿינען כּלערליי תּירוצים – אַז די אינטערוויוירערס האָבן זיי נישט ריכטיק פֿאַרשטאַנען, שלעכט אויסגעטײַטשט, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבן געזאָגט, איז געווען אונטערן באַדינג פֿון "אויב" און "טאָמער" אד"גל – אָבער דער אָנזאָג און דער רמז איז געווען אַ קלאָרער: די וואָר איז אַנדערש פֿון דעם חלום, די ווירקלעכקייט איז נישט ענלעך צו דער טעאָריע, די טעאָריע איז נישט בשלום מיט דער טעריטאָריע, און מ'דאַרף מאַכן שלום מיט דער נײַער ווירקלעכקייט.

עס זענען אָבער נאָך אַלץ פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס גיבן נישט אויף אַ סך דרייסטערע חלומות, און דער געוואַגסטער פֿון זיי איז – דער חלום צו באַהערשן דעם הר־הבית און צו באַנײַען דעם בית־המיקדש במהרה בימינו.

אַזוי ווי יעדעס יאָר, יאָר־אײַן, יאָר־אויס, האָבן אויך דאָס מאָל די

"נאמני הר הבית" פּרובירט זיך אַרײַנצורײַסן מיט כּוח אויפֿן שטח פֿון דעם הייליקן באַרג, דעם הר־המוריה, ווו עס איז אַמאָל געשטאַנען – און חרובֿ געוואָרן – דער בית־המיקדש, און ווו עס געפֿינט זיך הײַנט, ווי באַוווּסט, דער מוסולמענישער "אל־אַקסאַ"־טעמפּל, ווי אויך דער אָמאַר־מעטשעט. אויך דאָס מאָל זענען די "נאמני הר הבית" געקומען אַהער כּדי מתפּלל צו זײַן, און ווי יעדעס יאָר האָבן זיי באַקומען דעם אָפּזאָג פֿון העכסטן געריכט און דעם פֿאַרבאָט פֿון דער פּאָליציי. אויך די רעליגיעזע מאַכט פֿאַרווערט די ייִדן, אין נאָמען פֿון דער הלכה, צו באַטרעטן דעם הייליקן באַרג. זיי, די "נאמני הר הבית" בראָש מיט זייער אָנפֿירער ר׳ גרשון סלומון, אָנגעטאָן אין קליידער פֿון די אָמאָליקע כּהנים, האָבן געטראָגן אַ גרויסן שטיין, וואָס האָט געזאָלט זײַן דער אבֿן יסוד, דער גרונטשטיין, וועלכן זיי האָבן געוואָלט פֿאַר־לייגן פֿאַר דעם נײַעם בית־המיקדש אויפֿן הר־הבית, און ווי יעדעס יאָר איז געמוזט צוריקטראָגן און אים לאָזן וואַרטן אויפֿן קומענדיקן מאָל.

דעם זעלבן טאָג האָבן איבער טויזנט אָנהענגערס פֿון דעם באַנײַטן בית־המיקדש זיך פֿאַרזאַמלט אין גרויסן זאַל פֿון די "בניני האומה" אין ירושלים אויף זייער דריטן יערלעכן צונויפֿקום. אַלע וויכטיקע לײַט פֿון רעכטן לאַגער זענען דאָ געווען – אָנהייבנדיק פֿון די כּהנא־לײַט ברוך מאַרזעל, נועם פֿעדערמאַן, בן־גבֿיר און בראָש פֿון זיי מאיר, כּהנאס זון און זײַן גײַסטיקער יורש, דער יונגער כּהנא – ביז די מנהיגים פֿון "מולדת" און פֿון אַנדערע רעכט־פֿונדאַמענטאַליסטישע גרופּירונגען, בראָש מיט יהודה עציון, דעם שוין "אָפּגעזעסענעם" אָנפֿירער פֿון דעם געוועזענעם "ייִדישן אונטערגרונט", וועלכער האָט נישט איין מאָל שוין געהאַט פּלאַנירט אויפֿצורײַסן די מוסולמענישע מעטשעטן אויפֿן באַרג. און צווישן דעם עולם אין זאַל זענען געווען גימנאַזיסטן, ישיבֿה־בחורים, רבנים פֿון קרית־אַרבע, ווו עס שטייט באַצירט מיט פֿרישע בלומען די מצבֿה פֿון דעם "גיבור" ברוך גאָלדשטיין און רבנים פֿון די ישיבֿות פֿון חבֿרון און פֿון שכם, ווי אויך כּלערליי טשודאַקעס אָנגעטאָן אין לאַנגע טאָגעס פֿון דיקן לײַוונט מיט פֿאַרביקע געוועבן ווי כּהנים אין נוסח פֿון דער תּקופֿה פֿון מלכות יהודה און מלכות ישׂראל און אין גרויסע סאַנדאַלן אויף די פֿיס, וואָס באַטרעטן די ערד פֿון די אָבֿות...

אויף דער בינע איז געווען אויסגעשטעלט אַ מאַקעט פֿון דעם אַלטן און אויף ס׳נײַ געפּלאַנטן בית־המיקדש. נעבן דעם "ווירטועלן" מזבח פֿון קטורת זענען געווען בלעכענע רינוועס, צו לאָזן אָפּרינען דאָס

בלוט פֿון די קרבנות, וואָס וועלן געשאָכטן ווערן מיטן אויפֿקום פֿון דעם נײַעם בית־המיקדש. אויפֿן גרויסן עקראַן איז אויפֿגעלויכטן געוואָרן אַ פֿילם, אויף וועלכן מיר זעען דעם בית־המיקדש, וואָס מיט זײַן הילף וועט משיח זיך באַווײַזן אין ירושלים.

ביז דעמאָלט זענען די כּהנים פֿון די "נאמני בית המיקדש" באַשעפֿטיקט מיט אַרומזוכן איבער דער וועלט די רויטע קו, כּדי זי צוצוגרייטן בבֿוא היום צו איר הייליקער שליחות צו ווערן געשאָכטן פֿאַר אויסלייזן דעם עם־ישׂראל פֿון אַלע זײַנע צרות און זאָרגן.

הרבֿ ישׂראל אַריאל, דער פֿאַרוואַלטער פֿון דעם "מכון המיקדש" – דעם אינסטיטוט, וועלכער גרייט דעם בית־מיקדש און וועלכער דאַרף כּשרן די רויטע קו, האָט אין צווישן מגלה געווען, אַז אין טעקסאַס איז געבוירן געוואָרן אַ רויט קעלבל, וואָס וועט אינגיכן אַריבערגעבראַכט ווערן אין דער פֿאַרמע אין גליל. די פֿריִערדיקע רויטע קו איז געפּסלט געוואָרן צוליב דרײַ ווײַסע הערעלעך, וואָס מען האָט געפֿונען אויף איר צאַרטער רויטער פֿעל...

אויף צומאָרגנס נאָך די חגיגות, נאָך די מאַניפֿעסטאַציעס, הקפֿות און פּאַראַדן, האָט עם־ישׂראל זיך צוריקגעקערט צו דער נײַער טאָג־טעגלעכער רעאַליטעט – צום וויכּוח צווישן ישׂראל און דער פּאַלעסטינער אויטאָנאָמיע וועגן דעם "זיכערן דורכוועג", וואָס האָט געדאַרפֿט געעפֿנט ווערן הײַנטיקע וואָך און וואָס דאַרף פֿאַרבינדן דעם עזה־פּאַס מיטן מערבֿ־ברעג, ביידע טיילן פֿון דער פּאַלעסטינער אויטאָנאָמיע.

*"פֿאָרווערטס"*, **8־טער אָקטאָבער 1999**

## *אַ פּאַרטיי זוכט אַן אידעאָלאָגיע –*
## *און אַן אידעע זוכט אַ פּאַרטיי...*

דער פּראָצעס פֿון אויסליידיקן די פּאַרטייען פֿון זייער אידעאָלאָגישן אינהאַלט גייט שוין אָן אין ישׂראל זינט אַ לענגערער צײַט, באַזונדערס אין דער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע רופֿט זיך הײַנט "עבֿודה".

דער דאָזיקער פּראָצעס האָט פֿאַקטיש זיך אָנגעהויבן שוין מיטן אויפֿקום פֿון דער מדינה. ער איז אָבער געוואָרן באַזונדערס אינטענסיוו זינט דער רעזשים פֿון דער מדינה האָט זיך אַ קער געטאָן אויף רעכטס מיטן איבערנעמען דורך בעגינען די מאַכט אין יאָר 1977. פֿון דעמאָלט אָן איז שוין אַ סך וואַסער אָפּגעפֿלאָסן אין ירדן, און נאָך מער וואַסער איז אויסגעטרוקנט געוואָרן אין כּנרת. אין משך פֿון דער צײַט האָט די אַרבעטס־פּאַרטיי זיך שוין עטלעכע מאָל באַטייליקט אין קאָאַליציע־רעגירונגען מיטן "ליכּוד" אָדער אונטער זײַן אָנפֿירונג, האָט אויף אַ קורצער צײַט מצליח געווען צוצוקומען צוריק צום רודער און האָט ווידער פֿאַרלוירן די מאַכט, און איז ווידעראַמאָל געוואָרן אַ שותּף צום "ליכּוד" און צו דער פּאָליטיק און אידעאָלאָגיע פֿון "ליכּוד" אין דער רעגירונג פֿון אַריאל שרון.

די אַרבֿעטער־באַוועגונג אין ישׂראל מאַכט איצט אַדורך איינעם פֿון די שווערסטע קריזיסן אין איר געשיכטע, גאָר באַזונדערס נאָך דער לעצטער מפּלה פֿון "עבֿודה" אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אהוד ברק אין די וואַלן צו דער כּנסת מיט אַ יאָר צוריק, דעם 6־טן פֿעברואַר 2001. צוזאַמען מיט אירע וויילער האָט די פּאַרטיי אויך פֿאַרלוירן איר אידעאָלאָגיע.

"עבֿודה" איז, ווי באַוווּסט, די יורשטע פֿון פֿריִערדיקן "מערך" (לייען: מאַאַראַך), וועלכער איז פֿון זײַט זײַן געווען דער יורש פֿון דער "היסטאָרישער" מפּאַ"י. מיר וועלן דאָ נישט צוריקגיין נאָך ווײַטער צו

די צײַטן פֿונעם אָנהייב, צו דעם שורש פֿון ״אַחדות־העבֿודה״, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן, צוזאַמען מיט די רעכטע ״פּועלי־ציון״ אַ באַשטאַנד־טייל פֿון מפּאַ״י, און אויך נישט צו די פּילמאָליקע שפּאַלטונגען און פֿאַראייניקונגען, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט די באַוועגונג און האָבן אין אַ גרויסער מאָס מיטגעווירקט צו דער געשיכטע און געשטאַלטונג פֿון דער מדינה און פֿון איר געזעלשאַפֿטלעכן סדר.

ביז מיט איבער אַ צענדליק יאָר צוריק האָט בײַ דער זײַט פֿון מפּאַ״י (״מפּלגת פּועלי ארץ ישׂראל״ – די אַרבעטער־פּאַרטיי פֿון ארץ־ישׂראל) און דערנאָך פֿון ״מערך״, געווירקט דער לינקער מפּ״ם (״מפּלגת פּועלים מאוחדת״ – פֿאַראייניקטע אַרבעטער־פּאַרטיי), וועלכער איז, ווידער, געווען אַ סימביאָז פֿון די ״לינקע פּועלי ציון״ און דעם ״שומר הצעיר״. פֿון אָט דער פֿאַראייניקטער באַוועגונג זענען הײַנט פֿאַרבליבן אַ צאָל קיבוצים וואָס געפֿינען זיך אין אַ שווערן קריזיס, און אַ האַלבער ביכער־פֿאַרלאַג בשותּפֿות מיט די קיבוצים פֿון ״עבֿודה״. מפּ״ם גופֿא האָט זיך אַרײַנגעגאָסן אין מר״צ, צוזאַמען מיטן שלום־אַקטיוויסטישן ר״צ און דעם ליבעראַל־בירגערלעכן אָפּצווײַג פֿון ״שינוי״; דאָרט פֿאַראייניקט זיי די פּאָליטישע אַנטי־אָקופּאַציע־פּלאַטפֿאָרם פֿון די דרײַ קאָמפּאָנענטן. דער אַנדערער, דער רעכט־בירגערלעכער פֿליגל פֿון ״שינוי״ האָט געוואַנדערט איבער דער פּאָליטישער מאַפּע און צום סוף זיך אײַנגעגלידערט אין ״ליכּוד״. אין דער איצטיקער כּנסת איז דער לינקער מר״צ מיט זײַנע 10 מאַנדאַטן הײַנט די פֿירנדיקע פּאַרטיי אין דער קליינער אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג פֿון אַריאל שרון.

נאָך דעם שווערן קלאַפּ, וועלכן די אַרבעט־פּאַרטיי ״עבֿודה״ האָט באַקומען אין די לעצטע וואַלן, נאָכן פֿאַרלירן אַ גרויסע צאָל פֿון אירע וויילער און נאָך איר געוואַלדיקער אָרגאַניזאַציאָנעלער אָפּשוואַכונג אין רעזולטאַט פֿון איר וואַל־מפּלה, איז זי אָבער נאָך אַלץ געבליבן די גרעסטע פֿראַקציע אין דער כּנסת. דאָס איז אין ״זכות״ פֿון דער נאָך שווערערער מפּלה, וואָס עס האָט פֿאַר איר, אין די פֿריִערדיקע וואַלן, געליטן דער ״ליכּוד״, מיטן פּאָליטישן דורכפֿאַל פֿון דער רעגירונג פֿון נתניהו, נאָך פֿאַר ברקן. דאָס פֿאַלן פֿון די גרויסע דאָמינירנדיקע פּאַרטייען איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דעם געענדערטן וואַל־סיסטעם, מיטן שטימען מיט דער הילף פֿון צוויי צעטעלעך – באַזונדער פֿאַר דעם פּרעמיער־מיניסטער און באַזונדער צו דער כּנסת, וואָס האָט גאָר

באַדײַטנדיק פֿאַרשטאַרקט דעם ש״ס און די קלענערע סעקטאָריאַלע פּאַרטייען.

די ״עבֿודה״, וועלכע האָט פֿאַרלוירן איר עלעקטאָראַלן און פּאָליטישן כּוח, איז אָבער רעפּרעזענטירט מיט דער גרעסטער – נאָכן ״ליכּוד״ – צאָל מיניסטאָרן אין דער רעגירונג פֿון דער ברייטער קאָאַליציע, וואָס שרונען האָט זיך אײַנגעגעבן אויפֿצושטעלן נאָך זײַן פּערזענלעכן פּרעצעדענטלאָזן נצחון אין די לעצטע וואַלן.

די ״עבֿודה״ איז, הייסט עס, אַרײַן אין דער רעגירונג – איר אידעאָלאָגיע, אָדער דאָס וואָס איז פֿון איר פֿאַרבליבן, האָט זי געלאָזט אין דרויסן...

אהוד ברק, וועלכער האָט געהאַט ״מיט שטורעם״ דעראָבערט די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דער פּאַרטיי און דערנאָך פֿון דער רעגירונג, האָט זי נאָך די אַנדערטהאַלבן יאָר פֿון זײַן רעגירן איבערגעלאָזט אַ צעשמעטערטע און פֿאַרוווּנדיקטע נאָך זײַן וואַל־מפּלה, און אַליין זיך אַרויסגעלאָזט אויף זײַן ״פּאָליטישן אורלויב״ צו פּרובירן זוכן אַ נײַעם תּכלית, מאַכן געלט פֿון רעדעס און פֿאָרלעזונגען אין אויסלאַנד און דערנאָך אפֿשר ווידער אויפֿצוטויכן, בײַ אַ פּאַסיקער געלעגנהייט, אויפֿן פּאַרטייִשן יאַריד, אַזוי ווי עס פּרובירט איצט נתניהו אין ״ליכּוד״.

די רײַסעניש צווישן די פֿאַרשיידענע פֿראַקציעס, גרופּעס און עסקנים זענען אַ באַקאַנטע דערשײַנונג אין יעדער באַוועגונג ווען זי לײַדט פֿון אַ דורכפֿאַל. וועגן די רײַסענישן אין דער אַרבעט־פּאַרטיי נאָך די וואַלן האָב איך שוין געשריבן גאַנץ אויספֿירלעך אין מײַן אַרטיקל א״נ ״דער פֿאַרשטערטער ׳בורג־פֿרידן׳ אין ׳עבֿודה׳״ אין ״אונדזער צײַט״ פֿון סעפּטעמבער־אָקטאָבער 2001. איך האָב אים געשריבן אין דעם היסטאָריש־טראַגישן טאָג פֿון 11־טן סעפּטעמבער, אַ טאָג נאָך דעם ווי אַבֿרהם בורג איז מיט אַ מערהייט פֿון אַן ערך 1700 שטימען געוואָרן אויסגעוויילט ווי דער פֿאָרזיצער פֿון דער אַרבעט־פּאַרטיי און ווי דער פּאָטענציעלער וואַל־קאַנדידאַט בראָש פֿון דער רשימה פֿון ״עבֿודה״ צו דער קומענדיקער כּנסת.

דאַן איז אָבער אויסגעבראָכן דער שאַרפֿער קאָנפֿליקט וועגן דער ״כּשרות״ פֿון דעם אויסוואַל, נאָך דעם ווי זײַן איינציקער ריוואַל אין דעם וואַל־פֿאַרמעסט, דער זיכערהייטס־מיניסטער בנימין בן־אליעזר (די אַנדערע אָנפֿירנדיקע פּאַרטיי־עסקנים האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פֿון אַרײַנטרעטן אין דעם פֿאַרמעסט) איז אַרויס מיט דער באַשולדיקונג, אַז אין די אורנעס פֿון די דרוזישע ווײלער זענען געמאַכט געוואָרן

פֿעלשונגען. ער האָט דעריבער געפֿאָדערט איבערחזרן די וואַלן. די דרוזן האָבן זיך געפֿילט טיף באַליידיקט פֿון דער באַשולדיקונג. מיט דער צײַט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך אין אַ צאָל אַנדערע אַראַבישע אורנעס זענען געקויפֿט געוואָרן שטימען. די וואַל־קאָמיסיע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן דעם אויסגאַנג און צו פּראָקלאַמירן דעם זיגער.

דרײַ חדשים האָט אָנגעהאַלטן דער טיפֿער ריס צווישן די ריוואַלן אין דער פּאַרטיי – דעם זיכערהייטס־מיניסטער אין דער רעגירונג און דעם פֿאָרזיצער פֿון דער כּנסת. אַרום ביידע זענען אויסגעוואַקסן צוויי כּמעט פֿײַנטלעכע לאַגערן אין דער פּאַרטיי. צום סוף זענען די צדדים דורכגעקומען ווענן אַדורכפֿירן באַנײַטע וואַלן אין 40 פֿון די 530 פּאַרטייִשע וואַל־אורנעס.

אין צווישן האָט דער מנהיג פֿון דער דרוזישער עדה, סאַלאַך טאַריף, וועלכער איז ביז די לעצטע טעג געווען מיניסטער פֿאַר די ענינים פֿון די מינדערהייטן אין דער איצטיקער רעגירונג (ער האָט איצט דעמיסיאָנירט צוליב אַ פּאָליציייִשער געריכט־אָנקלאַגע ווענן סעקסועלע מיסהאַנדלונגען, אַריבערגעטראָגן זײַן אונטערשטיצונג פֿון בורגן אויף בן־אליעזרן און אין רעזולטאַט האָט דאָס ראָד פֿונעם מזל זיך איבערגעקערט: בורג האָט געליטן אַ מפּלה אין די איבערגעחזרטע קאָרעקטור־וואַלן און בן־אליעזר איז אַרויס דער זיגער – כאָטש בלויז 40% פֿון די וויילערס אין די "פּאַרדעבטיקע" אורנעס האָבן זיך אין די וואַלן באַטייליקט.

האָט איצט אַלזאָ די אַרבעטער־פּאַרטיי אין ישׂראל ענדלעך געפֿונען אַ מנהיג, און איר נײַ־געוויילטער מנהיג זוכט פֿאַר איר אַן אידעאָלאָגיע.

בנימין בן־אליעזר איז נישט קיין אידעאָלאָג. ער איז אַ פּראַגמאַטישער עסקן, און ווי מיר האָבן שוין בשעתּו געשריבן, האָט ער זײַן פּאָליטישע קאַריערע אָנגעהויבן אין דער קליינער ספֿרדיש־רעליגיעזער תּמ"י־באַוועגונג צוזאַמען מיטן רבֿ אַהרון אַבו־חצירא, וועלכער האָט זיך געהאַט אָפּגעשפּאָלטן פֿון דער אַמאָליקער "מזרחי". דערנאָך האָט ער צוזאַמען מיט עזר ווײַצמאַנען געשאַפֿן די וואַל־ליסטע א"נ "יחד", און פֿון דאָרט איז ער געקומען צו דער "עבֿודה". אַזוי ווי דער גרעסטער רובֿ אַנדערע מנהיגים פֿון "עבֿודה" איז ער געקומען צו דער פּאָליטישער קאַריערע ווי אַ פּענסיאָנירטער גענעראַל פֿון דער אַרמיי. פֿון דאָרט האָט ער אויך מיטגענומען אויפֿן פּאָליטישן וועג זײַן אַראַבישן צונאָמען "פֿואַד", ווי אַן אָפּשטאַמיקער פֿון דער איראַקישער עדה.

אין די רעגירונגען פֿון "עבֿודה" האָט "פֿואַד" מצליח געווען ווי דער מיניסטער, וואָס האָט געפּלאַסטערט שאָסייען און געבויט די אינפֿראַסטרוקטור. אין דער באַציִונג צום שלום־פּראָצעס און צו די ישׂראל־אַראַבישע פֿאַרהעלטענישן האָט ער געהערט צו די "שפּאַרבערס", הגם ער פֿלעגט זיך זעלטן באַטייליקן אין די אידעאָלאָגישע וויכּוחים. צוזאַמען מיט ברקן איז ער אָבער געווען אַן אָנהענגער פֿון אַן אייניקייט־רעגירונג מיטן "ליכּוד", באַזונדערס פֿאַר אַ שותּפֿות מיט שרונען. נאָך ברקס וואַל־מפּלה האָט שרון געפּלאַנט צו באַשטימען ברקן ווי דעם זיכערהייטס־מיניסטער אין זײַן רעגירונג, אָבער היות ווי ברק איז אַוועק אויף זײַן פּאָליטישן "אָפּרו", איז דער אויסוואַל געפֿאַלן אויף בן־אליעזרן, און דאָס האָט צוגעאײַלט בן־אליעזרס אַוואַנסירונג אין דער היעראַרכיע פֿון דער אָנפֿירונג אין "עבֿודה". צו דעם האָט אויך צוגעהאָלפֿן, ווי געזאָגט, דאָס נישט צושטעלן זיך פֿון די אַנדערע פֿירנדיקע פּאַרטיי־עסקנים – אַזעלכע ווי שמעון פּרס (וועלכער ווערט באַטראַכט ווי דער "זעלבסטפֿאַר־שטענדלעך טאָלערירטער" מנהיג אָדער ערן־מנהיג) און ווי חיים רמון, ד״ר יוסי ביילין, ישׂראל בן־עמי א״אַ, צו די פּרײַמעריס, אויסער אַבֿרהם בורגן.

צו אָט דעם פֿאַרמעסט צווישן דעם פֿאָרזיצער פֿון דער כּנסת און דעם זיכערהייטס־מיניסטער האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די אידעאָלאָגישע שייד־ליניע צווישן די צוויי ריוואַלן. בן־אליעזר, ווי דער זיכערהייטס־מיניסטער, האָט נישט צוזאַמען מיט שמעון פּרסן "געדעקט" און באַרעכטיקט שרונס מיליטאַנטישע פּאָליטיק קעגן דעם שלום־פּראָצעס און קעגן רעאַליזירן די אָפּמאַכן פֿון אָסלאָ. ער איז אויך, צוזאַמען מיט פּרסן און מיטן פּרעמיער־מיניסטער שרון אַ מיטגליד אין דעם "קיטשינעט", דעם "ענגן קאַבינעט" פֿון דער שרון־רעגירונג. נאָך מער – ער איז אין זײַן וואַל־פּלאַטפֿאָרם געווען קאָנסעקווענט מיט זײַן שפּאַרבערישער שטעלונג צו זײַנע מעשׂים און פֿירונגען אויפֿן געביט פֿון זײַנע מיניסטעריאַלע פֿונקציעס.

וואָס שייך דעם אידעאָלאָגישן וועג פֿון דער אַרבעטס־פּאַרטיי, איז ער שוין, ווי געזאָגט, פֿון לאַנג פֿאַרלוירן־געגאַנגען. דער אידעאָלאָגישער וויכּוח האָט אויפֿגעהערט זינט עס איז זיך צעפֿאַלן דער "קרײַז פֿון אַבֿיחיל" און דער "קרײַז פֿון די 8", וועלכער האָט זיך באַטראַכט ווי דער לינקער טויבישער פֿליגל פֿון דער פּאַרטיי. מיטן פֿאַרלירן די אָנפֿירונג

פֿון דער הסתדרות האָט די אַרבעטער־פּאַרטיי פֿאַרלוירן סײַ דעם סאָציאַלן און סײַ דעם עקאָנאָמישן באַזיס, אויף וועלכן זי האָט זיך אַלע יאָרן געהאַלטן.

צוטרעטנדיק צום פֿאַרמעסט פֿאַר דער אָנפֿירונג פֿון דער פּאַרטיי האָט בן־אליעזר געעפֿנט זײַן קאַמפּיין מיט אַטאַקעס קעגן די "לינקע" און האָט אָן אויפֿהער אונטערגעשטראָכן, אַז די אַרבעטער־פּאַרטיי איז אַ צענטראַלער געזעלשאַפֿטלעכער כּוח, וועלכער שליסט אײַן אין זיך אַלע סאָציאַלע שיכטן. אין גאַנג פֿון דעם קאַמפּיין האָט ער אַפֿילו דערקלערט, אַז עס איז נישטאָ קיין וועזנטלעכער אידעאָלאָגישער אונטערשייד צווישן דער "עבֿודה" און דעם "ליכּוד", און אַז ער איז פֿאַר אַ ווײַטערדיקער צוזאַמענאַרבעט צווישןביידע פּאַרטייען. נאָך דעם ווי ער האָט דרײַ חדשים נאָך זײַן דורכפֿאַל מנצח געווען אין די קאָרעקטור־וואַלן (אין זכות פֿון דער נישט־באַטייליקונג דאָס מאָל פֿון די דרוזן) – האָט ער שוין אָנגענומען אַ מער "טוביש"־לינקערע שטעלונג, דער עיקר צו דער פּאָליטישער סטראַטעגיע לגבי די פּאַלעסטינער, כּדי צו קענען דערשײַנען ווי אַן אַלטערנאַטיווער ריוואַל קעגן שרונען אין די קומענדיקע, עווענטועל אפֿשר צוגעאײַלטע, וואַלן צו דער כּנסת. קיין אידעאָלאָגישע פּלאַטפֿאָרם האָט אָבער בן־אליעזר דערווײַל נישט אַרויסגעשטעלט, און דאָס קומט אים אָן, קענטיק, היפּשלעך שווער.

דאַקעגן האָט אַבֿרהם בורג, וועלכער האָט די גאַנצע דרײַ חדשים נאָך די נישט־אַנטשידענע פּרײַמעריס זיך באַטראַכט ווי דער "זיגער", זיך שוין צוריק דערמונטערט נאָך דעם שווערן קלאַפּ, וועלכן ער האָט באַקומען פֿון די קאָרעקטור־וואַלן. ער האָט געפּרוּווט צוריק אויפֿריכטן זען געשלאָגענעם פּרעסטיזש און "עגאָ" דורך אַרויסברענגען דאָס מאָל אַ קלאָרערע שטעלונג פֿאַר באַנײַען דעם שלום־פּראָצעס, וועלנדיק אויפֿזאַמלען אַרום זיך דעם שטאַרק געפֿאַלענעם לאַגער פֿון די "טויבן". צו דעם צוועק האָט ער אָנגעשטעלט זײַן גאַנצן פּאַרלאַמענטאַרישן פּרעסטיזש, ווי דער פֿאָרזיצער פֿון דער כּנסת. דאָ האָט ער זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ גאָר שטאַרקן ווידערשטאַנד פֿון דעם גאַנצן רעכטן לאַגער, אײַנגעשלאָסן די "שפּאַרבערס" אין "ליכּוד", קעגן זײַן כּוונה אויפֿצוטרעטן פֿאַרן פּאַלעסטינער פּאַרלאַמענט אין ראַמאַללאַ מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צום פּאַלעסטינער פֿאָלק און מיט אַ רוף צו אַ שלום צווישן ביידע פֿעלקער.

אַבֿרהם בורג, וועלכער האָט מיט אַ האַלב יאָר פֿריִער געהאַט זיך אויסגעזאָגט פֿאַר אַ בשותּפֿותדיקן פּאַרלאַמענטאַרישן פֿראָנט מיטן

״ליכוד״, איז אַ יונגער, אַ זייער אינטעליגענטער מענטש מיט אַ שטאַרקן רעטאָרישן און פּאָלעמישן טאַלאַנט. ער ווערט אָבער נישט גענוג ערנסט גענומען דורך דער עפֿנטלעכקייט – נישט געקוקט אויף זײַן גענוג רײַכער פּאַרלאַמענטאַרישער און געזעלשאַפֿטלעכער דערפֿאַרונג ווי דער געוועזענער פֿאָרזיצער פֿון דער ״סוכנות״ און איצטיקער פֿאָרזיצער פֿון דער כּנסת. ער צייכנט זיך אָבער נישט אויס מיט קיין אידעאָלאָגישער אייגנאַרטיקייט, וואָס זאָל אים שענקען די נויטיקע ״כאַריזמע״. די פּאַרטיי נייטיקט זיך אין דעם־אָ ״אַרטיקל״, כּדי צו ברענגען דעם פֿאָלק אַן אַטראַקטיווע וויזיע, אַ מיטרײַסנדיקע אידעאָלאָגיע מיט ליכטיקע האָריזאָנטן פֿאַר אַ בעסערער צוקונפֿט.

דער שאַפֿער קריזיס אין דעם לינקן לאַגער און אין דעם לאַגער פֿון שלום, און אין אָנבליק פֿון דער דויערנדיקער סטאַגנאַציע אין מר״צ, וועלכער איז נישט אין שטאַנד זיך אַרויסצורײַסן פֿון דעם פֿאַרשלאָסע־נעם עלעקטאָראַלן רינג פֿון דעם צענדליק און נאָך וויניקער מאַנדאַטן אין דער כּנסת – האָט אָנגעהויבן רײַפֿן צו ווערן דער געדאַנק – מיט וועלכן אַ צאָל פּערזענלעכקייטן טראָגן זיך אַרום שוין אַ לענגערע צײַט – וועגן אויפֿשטעלן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל אַרײַננעמען דעם מר״צ און די פֿאַרשיידענע חוץ־פּאַרלאַמענטאַרישע קרײַזן און קרײַזלעך, אומפּאַרטייִשע יחידים, און אָנשליסן צו זיי אויך די שלום־שטרעבנדיקע קרײַזן, מנהיגים און טוערס אין דער אַרבעט־פּאַרטיי, וועלכע זענען אומצופֿרידן מיט דער פּאָליטישער ליניע פֿון זייער פּאַרטייִשער אָנפֿירונג.

ד״ר יוסי ביילין, וועלכער פֿירט אַן אומדערמידלעכן קאַמף פֿאַר אַ דיאַלאָג און אַ שלום מיט די פּאַלעסטינער און פֿאַרלאַנגט פֿון דער אַרבעטס־פּאַרטיי זי זאָל פֿאַרלאָזן די רעגירונג פֿון שרון, כּדי צו באַזײַטיקן פֿון אים דעם שירעם פֿון איר לעגיטימאַציע – ער אַליין האָט שוין געהאַט געפּרעדיקט דעם דאָזיקן געדאַנק, אָבער ער איז נאָך נישט גרייט צו פֿאַרלאָזן זײַן פּאַרטייִשע היים, כּל זמן זי האָט נאָך נישט דעפֿינירט איר אידעאָלאָגיע. אַנדערע וואַרטן אויפֿן אויסגאַנג פֿון די פּאָליטישע אַנטוויקלונגען און קענען זיך נאָך נישט אַנטשליסן.

אין דעם צושטאַנד האָבן מיר פֿאַר זיך אַ פּאַראַלעלע אַנטוויקלונג אין צוויי קעגנזעצלעכע ריכטונגען אין ציוניסטישן לאַגער: איין פּאַרטיי, וואָס זוכט אַן אידעאָלאָגיע, און אַן אידעע, וואָס זוכט אַ פּאַרטייִשע ראַם.

*אונדזער צײַט*, **1־טער פֿעברואַר 2002**

# וועגן שלום, פּאָרנאָגראַפּיע – און מאָראַלישן לינטש

עס שלום איז נאָך ביז הײַנט נישט געפֿונען געוואָרן קיין גענויע דעפֿיניציע פֿאַרן באַגריף "פּאָרנאָגראַפּיע", וואָס איז לעצטנס געוואָרן אַ זייער גאַנגבאַרער אַרטיקל אויף דער וועלט. ריכטער זענען אָפּטמאָל געצוווּנגען זיך צו שלאָגן מיט דער דעה, פֿאַר וועלכער פּאָרנאָגראַפּיע צו באַשטראָפֿן, און פֿאַר וועלכער – נישט; אָדער: וואָס זאָלן זיי באַטראַכטן ווי שמוציקע פּאָרנאָגראַפּיע, און וואָס – ווי ריינע קונסט.

ווייסן מיר דאָך, למשל, אַז די אַמאָליקע גריכן, וועלבע האָבן געוווּסט ווי אָפּצושאַצן די שיינקייט פֿון דער געטלעכער באַשאַפֿונג, האָבן אין דער נאַקעטער פֿרויען־פֿיגור געזען די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער שענסטער האַרמאָניע אין דער נאַטור. די פּוריטאַנישע מינהגים פֿון די פֿעלקער האָבן אַרויפֿגעלייגט אַ שלייער אויפֿן מענטשנס קערפּער, ווײַל אַלץ וואָס איז שיין – שמעקט מיט זינד... נישט אומזיסט באַשטייען די צוויי העברעיִשע ווערטער "בגד" און "בוֹגד" (קלייד און פֿאַררעטער) פֿון די זעלבע אוֹתיות: מיטן מאָמענט, ווען דער מענטש האָט אויף זיך אַרויפֿגעצויגן קליידער האָט ער פֿאַרראַטן זײַן אמתע געשטאַלט. אויך אין אַנדערע שפּראַכן, און אויך אויף ייִדיש, למשל, זאָגט מען: "ער באַהאַלט זיך אונטער אַ פֿרעמדן מאַנטל" אָדער בגד; "ער איז אַ פֿאַרשטעלטער", אָדער: "ער האָט זיך איבערגעטאָן פֿאַר אַן אַנדערן" אאַז"וו.

איז דעריבער "בגד" פֿאַרבונדן מיט "בגידה" (פֿאַרראַט), מיט צבֿיעות; און פֿאַרקערט: ווען מיר רעדן וועגן נאַקעטקייט, מיינען מיר אָפּטמאָל דעם "נאַקעטן אמת".

מיר לעבן אָבער אין אַ קלימאַט פֿון זיך ענדערנדיקע ווערטער און פֿון צוגווינטן – פֿאַרדעקן מיר דעריבער דעם אמת, ער זאָל זיך חלילה נישט פֿאַרקילן... און ווען ריכטער דאַרפֿן מישפּטן אין דער פֿראַגע: וואָס איז אַזוינס פּאָרנאָגראַפּיע? – זאָגן זיי, אַז דאָס מיינט מען אויסנוצן די שיינקייט

פֿון נאַקעטן מענטשלעכן קערפּער פֿאַר מיאוסע צוועקן, אויף צו רייצן און וועקן פּערווערזע מחשבֿות בײַם מענטשן. אָט, למשל, קאָן אַ שיינע נאַקעטע פֿרויען־פֿיגור זײַן דער מאָדעל פֿאַר אַ פּראַכטפֿול קונסט־בילד (און אַלע גרויסע קינסטלער האָבן געמאָלן נאַקעטע פֿרויען!); דאַקעגן אָבער, אויב דער נאַקעטער פֿרויען־מאָדעל וועט זיך לאָזן פֿאָטאָגראַפֿירן מיט די בלויזע שיך אָדער מיט הענטשקעס, וואָס זייער ציל איז אונטערצושטרײַכן די נאַקעטקייט – וועט דאָס שוין נישט זײַן קיין קונסט, נאָר פּאָרנאָגראַפֿיע, וואָס איר ציל איז צו וועקן בײַ דעם מענטש די עראָטישע אינסטינקטן.

וועט דער לייענער מסתּמא זיך וווּנדערן, וואָס עפּעס האָבן מיר זיך פּלוצעם אַרײַנגעלאָזט אין אַזאַ גאַנצער חקירה וועגן פּאָרנאָגראַפֿיע, און וואָס זענען מיר דערמיט אויסן? און – וואָס האָט עס פֿאַר אַ שײַכות מיטן וואָרט שלום, וואָס פֿיגורירט אינעם קאָפּ פֿון דעם אַרטיקל? און בכלל – ווי פּאָרן זיך עפּעס די־אָ ביידע באַגריפֿן?

ווילן מיר זיך דאָ באַוואָרענען, אַז דער "פּאַטענט" איז נישט אונדזערער; גענומען האָבן מיר אים פֿון אונדזער חשובֿן קאָלעגע עמנואל כּ"ץ, מיט וועלכן איך האָב געהאַט דעם כּבֿוד צו זײַן אַ שכן אויף דער זעלבער זײַט פֿון אונדזער צײַטונג פֿון 1־טן מײַ 1970. דאָס האָט ער זײַן אַרטיקל באַקרוינט מיט אָטאָ דעם אויסטערליש קלינגענדיקן נאָמען: "שלום – און פּאָרנאָגראַפֿיע".

אויב מיר האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט לענגער אויפֿן באַגריף פּאָרנאָ־גראַפֿיע, איז דאָס כּדי צו באַווײַזן, אַז עס איז אויך פֿאַראַן אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע פּאָרנאָגראַפֿיע, וועלכע שעפּט איר יניקה פֿון דעם זעלבן פּרינציפּ פֿון פֿאַרקריפּלען דעם נאַקעטן אמת, כּדי צו וועקן און רייצן די פּערווערזע מחשבֿות בײַ מענטשן... און דאָס צוקלעפּן צו אָט דעם באַגריף דאָס וואָרט "שלום", דינט פֿאַר דעם זעלבן נישט אָנשטענדיקן ציל.

אין דער היגער פּרעסע האָט זיך אין דער לעצטער צײַט פֿאַנאַנדער־געשפּילט ממש אַן אָרגיע פֿון כּלערליי אָנגריפֿן און באַשולדיקונגען קעגן דער אַ"ג "אויסער־פּאַרלאַמענטאַרישער אָפּאָזיציע"; קעגן די אַלע, וואָס זענען נישט מסכּים מיט דער שלימות־האָרצדיקער פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג, קעגן די אַלע, וואָס האָבן זיך אַנטוישט אין דער אויפֿריכטיקייט פֿון אירע אָפּטע "שלום"־דערקלערונגען. יעטוועדער אויסדרוק פֿון ספֿק ווערט באַצייכנט ווי. "דעפּעטיזם". דאָס אײַנשטעלן זיך, למשל, פֿאַר נחום

גאָלדמאַנען, ווען מען גאָלדע מאיר האָט פֿאַרוווערט צו פֿאָרן קיין קאַיר כּדי צו שמועסן מיט נאַצערן וועגן דער מעגלעכקייט פֿון אַ שלום – ווערט באַטראַכט ווי אַ "קאַפּיטולאַציע", דאָס קעגנשטעלן זיך דער קאָלאָניזאַציע אין חבֿרון ווערט פֿאַרשריגן ווי אַ "פֿאַרראַט", דאָס קריטיקירן די פֿון אויבן אינספּירירטע העץ־קאַמפּאַניע קעגן די 60 ירושלימער גימנאַזיסטן (אין שייַכות מיט זייער "אַפּיקורסישן" בריוו צו גאָלדע מאיר) – דאָס אַלץ איז "אַנטי־פּאַטריאָטיזם", און דאָס באַנוצן זיך ערנסט און אויפֿריכטיק מיטן וואָרט "שלום" – איז שיִער נישט געוואָרן אַ פֿאַרברעכן. לאָמיר זיך דערמאָנען די העץ־קאַמפּאַניע, וואָס איז מיט אַ קורצער צייַט צוריק געוואָרן פֿאַנאַנדערגעבלאָזן אין דער היגער פּרעסע קעגן דעם "ליד פֿון שלום" – "שיר השלום" – וואָס ווערט געזונגען מיט אַזוי פֿיל באַגייַסטערונג דווקא דורך דעם מיליטערישן כאָר פֿון דער צענטראַלער קאָמאַנדע (להקת פּיקוד המרכּז) פֿון צה"ל.

צו דער דאָזיקער אָרגיע פֿון העצן און פּרוּוון "פֿאַרמאַכן דאָס מויל" די אָנהענגער פֿון אַ שלום־פּאָליטיק, האָט זיך אויך אין אונדזער צייַטונג אָנגעשלאָסן אונדזער חשובֿער קאָלעגע עמנואל כּ"ץ מיט זייַן אַרטיקל ("שלום – און פּאָרנאָגראַפֿיע"), וואָס איז בעיקר געצילט קעגן דער פֿאָרשטעלונג *"מלכּת האַמבטיה"* ("די מלכּה פֿונעם באָדצימער") אין "קאַמערי"־טעאַטער; און צוויי וואָכן פֿאַר דעם – דעם 15.04.70 – האָט עמנואל כּ"ץ פֿאַרעפֿנטלעכט אין "לעצטע נייַעס" אַן אַרטיקל אויף דער טעמע, א"נ *"כּנעניזם אין דענעמאַרק – אַנטיסעמיטיזם אין ישׂראל"*.

די דאָזיקע צוויי אַרטיקלען האָבן מיך באַוווּגן אָנצושרייַבן אָט די ווערטער – ווייַל אין זיי קומט צום אויסדרוק דער דעמאַגאָגישער מישמאַש, דער ביליקער, אַלט־באַקאַנטער מיטל פֿון שאַפֿן די אַטמאָספֿער פֿון מאָראַלישן לינטש איבער דעם אידעיִשן קעגנער. אין דעם אַרטיקל ווערט דערציילט (מיט היפּשן פּאָרנאָגראַפֿישן רעאַליזם און מיט אַ מינע פֿון פֿרומער צניעות) וועגן די סעקסועלע אָרגיעס אויפֿן סעקס־יאַריד אין דענעמאַרק – און דערבייַ באַמיט זיך דער מחבר צו "באַווייַזן", אַז יעדער איינער וואָס רעדט הייַנט וועגן אַ שלום, וואָס איז נישט דער "שלום" פֿון דער שלמות הארץ־באַוועגונג, איז אַ פּאָרנאָגראַף, אַ געצנדינער, אַ כּנעני, אַ "נייַער לינקער", אַ פּאַציפֿיסט, אַ רק"חניק, אַ פּאַטאַכניק, אַ פֿאַררעטער אאַז"וו. אַלע שלעכטע מידות, וואָס זענען פֿאַראַן אויף דער וועלט, פֿאַלן נעבעך אויפֿן קאָפּ פֿון דעם בידנעם אָפּאָזיציאָנער.

אויפֿן זעלבן וועג גייט אונדזער חשובֿער קאָלעגע עמנואל כּ"ץ אין זייַן אָנגריף קעגן דער "מלכּה אין באָדצימער", אין וועלכן יעדער איינער וואָס

האַלט אַז נישט נאָר פֿאַר מלחמה, נאָר אויך פֿאַר שלום דאַרף מען געבן קרבנות – אַזאַ איינער איז אַן אַגענט פֿון "פֿאַטאַך", פֿון "מצפן", אַ געפֿערלעכער פּאַציפֿיסט, אַ פֿאַרדאָרבענער פּאָרנאָגראַף...

עס איז שווער צו געפֿינען דעם לאָגישן שײַכות צווישן אַזאַ קלאָץ־בוידעם־פּיעקעליק־פֿאַרבינדונג. עס איז אָבער לײַכט צו געפֿינען די לאָגיק פֿון דער *שיטה* – די שיטה פֿון "פֿאַרשטאָפּן דאָס מויל" דורך העצע און מאָראַלישן לינטש, לויטן טרויעריק־באַקאַנטן מוסטער פֿון דעם אַמאָליקן פּוילישן "אָרענדאָוניק", אָדער פֿון אַנדערע געלע פּאָגראָם־בלעטלעך פֿון דעם אַנטיסעמיטיש־פֿאַשיסטישן לאַגער, וועלכער האָט צוזאַמענגעפּאָרט דאָס יידישע געשפּענסט מיטן קאָמוניזם ("זשידאָ־קאָמונע"); און דאָס איז אויך די שיטה פֿון דעם באָלשעוויקישן לאַגער, וועלכער האָט דעם ציוניזם צוזאַמענגעפּאָרט מיטן אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און מיטן נאַציזם. דאָס איז די שיטה פֿון יעדן אַנטי־דעמאָקראַטישן גורם, וועלכער קאָן נישט פֿאַרטראָגן דאָס פֿרײַע וואָרט, דעם פֿרײַען געדאַנק.

*

דער מחבר, וועלכער גרענעצט זיך אָפּ מיט אַזאַ עקל פֿון די "גראָבע רייד און פּאָרנאָגראַפֿישע שילדערונגען" אין דער טעאַטער־פֿאָרשטעלונג "די מלכּה פֿון באָדצימער" – באַנוצט זיך אָבער אין זײַן אַרטיקל מיט אַזעלכע "אײדעלע" אויסדרוקן אויפֿן אַדרעס פֿון די "שלום־לײַט", ווי למשל: "נאַיִווע נאַראָנים, פּסיכישע דעגענעראַטן אָדער פֿאַרשטעלטע אַגענטן"; "שלום־צבֿויאַקעס"; "זיי האָבן געשוויגן ווי יורקעס הונט"... אאַז"וו.

האָבן מיר נישט בדעה צו דיסקוטירן מיט אָט דער שפּראַך און מיט אָט די מאָטיוון. מיר האָבן זיך פֿאַררופֿן אויף די צוויי אַרטיקלען ווי אַן אילוסטראַציע פֿאַר דער אַטמאָספֿער, וואָס האָט דערפֿירט צו די כוליגאַנישע מעשׂים פֿון אויפֿרײַסן די רעפֿעראַטן פֿון ד"ר נחום גאָלדמאַן פֿאַר די סטודענטן, און אַרונטעררײַסן די פֿאָרשטעלונגען פֿון דער סאַטירישער פּיעסע אין קאַמרי.

אַ געוואַלדיקער דרוק איז אויסגעאיבט געוואָרן אויפֿן "קאַמרי"־טעאַטער אָפּצורופֿן די דאָזיקע פֿאָרשטעלונג, וועלכע שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ שאַרפֿזיניקע פּאָליטישע סאַטירע פֿון דעם יונגן און זייער טאַלאַנטפֿולן דראַמאַטורג חנוך לעווין. ווי אַ המשך פֿון זײַנע צוויי פֿריִערדיקע פּיעסעס *"איך און דו און די קומענדיקע מלחמה"* און *"קעטשופּ"*, איז די פֿאָרשטעלונג אַנדערש פֿון די לאַנגווײַליקע און אויבערפֿלעכלעכע נאָכשפּעטונגס־קאָמעדיעס, וואָס ווערן געשפּילט אין די היגע טעאַטערס. ווי אַ פּאָליטישע סאַטירע – פּונקט ווי אַ פּאָליטישע

קאַריקאַטור – דאַרף זי זײַן (און זי איז) שאַרף, בײַסיק, שנײַדנדיק און ווייטיקלעך. דאָס איז דאָך דער זין פֿון אַ פּאָליטישער סאַטירע. מען מוז מיט איר נישט מסכּים זײַן – אָבער זי גיט שטאָף זיך צו פֿאַרטראַכטן, פֿאַרטיפֿן און צו דיסקוטירן. "אַן אמתע צנועה האָט פֿאַר קיין קריטיק נישט מורא"... נאָר אַ קראַנקהאַפֿטע, טאָטאַליטאַרע געזעלשאַפֿט פֿאַרטראָגט נישט קיין פּאָליטישע סאַטירע.

די גרויסע סאַטיריקער פּעטראָניוס (דער מחבר פֿון דעם ווערק "סאַטיריקאָן"), מאַרטיאַליס און יוּווענאַליס האָבן "געשניטן פּאַסן" פֿון די רוימישע הערשער מיט דער הילף פֿון זייערע בײַסיקע סאַטירעס – און די רוימישע אימפּעריע האָט דאַן געבליט. דער פֿאַרבאָט פֿון דער סאַטירע איז געווען דער אָנהייב־סימן פֿון דער דיקטאַטור, פֿון דער דעגענעראַציע און צעפֿאַלונג פֿון דער רוימישער אימפּעריע. בײַ אונדז האָט די קאָמפּאַניע קעגן דער אויפֿפֿירונג אין "קאַמרי"־טעאַטער געשאַפֿן אַן אַטמאָספֿער, וואָס באַדראָט דעם דעמאָקראַטישן רעזשים אין לאַנד. איינער אַ הויף־שרײַבער האָט גערופֿן מען זאָל די פֿאָרשטעלונג "אויסגיסן מיט די פּאָמאָיעס"; דער אָנפֿירער פֿון דער גח"ל־פֿראַקציע אין דער תּל־אָבֿיבֿער מוניציפּאַליטעט האָט געפֿאָדערט בטל צו מאַכן די קאָמונאַלע סובווענצן פֿאַרן "קאַמרי"־טעאַטער, אויב ער וועט נישט אָפּשטעלן דאָס אויפֿפֿירן די פּיעסע. אַנדערע האָבן גערופֿן צו אַ חרם קעגן דעם טעאַטער און דעם מחבר פֿון דער פּיעסע.

די זעלבע קרײַזן, וועלכע האָבן מיט דרײַ יאָר צוריק, ערבֿ דער זעקס־טאָגיקער מלחמה פֿאַרשפּרייט די אויסגעלאַסענע וויצן קעגן אשכּולן און די קלאַנגען, אַז דער מיניסטער י. ברזילי און דער וויצע־מיניסטער צבֿי דינשטיין זענען "אַרעסטירט געוואָרן ווי שפּיאָנען"; די זעלבע קרײַזן, וועלכע האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן בלערליי אויסטערלישע קלאַנגען וועגן אַבא אבֿן און יצחק ראַבין – זיי האָבן זיך איצט אַ וואָרף געטאָן אויף דער "מלכּה פֿון באָדצימער", אויף נחום גאָלדמאַנען, אויף די גימנאַזיסטן, מיטן זעלבן ציל צו פֿאַרפּעסטן די אַטמאָספֿער אין לאַנד און אָנצוּוואַרפֿן אַ פּחד אויף די וואָס האָבן אַן אייגענע, אַ זעלבשטענדיקע מיינונג.

*

אין צײַטן פֿון נאַציאָנאַלע געפֿאַרן, אין צײַטן פֿון מלחמה־שטימונג, איז זייער לײַכט צו שאַפֿן אַן אַנטי־דעמאָקראַטישע אַטמאָספֿער. די בלערליי בלומרשטע "פּאַטריאָטן", די פּרעדיקער פֿון "שלימות הארץ" און פֿון אַ "שטאַרקער האַנט" זענען גרייט צו דערשטיקן יעטוועדן פֿרײַען געדאַנק,

יעטוועדע אַנדערע מיינונג, פֿאַרשרײַענדיק זי אַלס "דעפּעטיזם", "שוואַכזיניקייט", "אַנטי־פּאַטריאָטישקייט", "פּאַרראַט" אאַז"וו. זיי פֿאַרגעסן אָבער, אַז אונטער דער לאָזונג פֿון "אָפּהיטן די גאַנצקייט פֿון פֿאָלק" – פֿאַרטיפֿט מען נאָך מער די צעריסנקייט, מען פֿאַרטרײַבט די אומצופֿרידענע.

אַ פֿאָלק קאָן מען נישט דרעסירן – מען דאַרף עס דערציִען צו אַ זעלבשטענדיק טראַכטן, און דער עיקר – צו טאָלעראַנץ. אין קעגנפֿאַל וועלן מיר זײַן אַ פֿאָלק פֿון מונדירטע ראָבאָטן.

אין דער היץ פֿון פּאָליטישן וויכּוח איז יעדער איינער איבערצײַגט, אַז דער אמת געפֿינט זיך בײַ אים אין דער וועסטל־קעשענע. און וועלנדיק איבערצײַגן דעם צד שכּנגד ווי גערעכט "איך בין" – ציט מען תּמיד אַרויס פֿון דער וועסטל־קעשענע דאָס הייליקע פֿענדעלע, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיטן בלוט פֿון "מײַנע קינדער": איינער זאָגט, אַז זײַנע קינדער זענען געפֿאַלן פֿאַרן כּותל־המערבֿי, פֿאַר ירושלים, פֿאַר חבֿרון, פֿאַר רמת־הגולן, פֿאַרן סיני – דעריבער טאָר מען נישט צוריקקערן קיין שפּאַן פֿון די דאָזיקע ערטער, ווײַל דאָס איז "דאָס בלוט פֿון מײַנע קינדער"; זאָגט אָבער דער אַנדערער, אַז זײַנע קינדער זענען געפֿאַלן, ווײַל זיי האָבן געוואָלט שלום, און נישט קיין טעריטאָריעס. זיי האָבן באַשיצט דאָס לאַנד פֿון פֿאַרניכטונג.

דער אמת איז, אַז מיר אַלע און אונדזערע קינדער זענען געגאַנגען פֿאַרטיידיקן דאָס לאַנד – און עס וואָלט געווען אַן אומרעכט צו פּרוּוון דיסקאָנטירן די דאָזיקע קרבנות־גרייטקייט אויף כּלערליי פּאַרטייאישע פּלאַטפֿאָרמעס, מעג יעדער איינער זיך באַטראַכטן ווי דער איינציק גערעכטער. דער "שיח לוחמים" האָט צום בולטסטן באַוויזן צו וואָס עס איז באמת פֿעיִק אַ טראַכטנדיקע יוגנט, אַ יוגנט וואָס גייט נישט ווי אַ סטאַדע בלינדערהייט אין שפּאַן.

ווײַל אַ יוגנט, וואָס ווייסט נישט פֿון קיין ספֿקות, איז נישט פֿעיִק צו טראַכטן; און אַ יוגנט וואָס טראַכט נישט – איז נישט פֿעיִק צו קעמפֿן. געטרײַ און איבערגעגעבן קאָן קעמפֿן נאָר אַ יוגנט, וואָס גלייבט, אַז זי ווערט נישט דיסקרימינירט און אַז אירע אידעאַלן ווערן נישט גרינגגעשעצט; אַ יוגנט, וואָס דאָס בלויזע קריטישע טראַכטן אירס ווערט פֿאַרשריגן ווי "פֿאַרראַט" – אַזאַ יוגנט ווערט אומפֿעיִק צו קעמפֿן.

דעם דאָזיקן פֿאַקט דאַרפֿן געדענקען די אַלע "קעמפֿערישע" פּרעדי־קערס, וועלכע מוסרן מיט פֿרום פֿאַרגלאָצטע אויגן קעגן דער... "פּאָרנאָגראַפֿיע און שלום".

*לעצטע נײַעס*, **15־טער מײַ 1970**

# דער תּמצית פֿון אַן אידעיִשן קיום

(צו דער דערעפֿענונג פֿון דעם "בונד"־אינסטיטוט
בײַם חיפֿהער אוניווערסיטעט)

... איך ווייס נישט ווי גרויס עס וועט זײַן דער פֿאַרנעם פֿון דעם הײַנטיקן יומטובֿדיקן אַקט אין דער געשיכטע, וואָס וועט אַמאָל געשריבן ווערן וועגן די איצטיקע טעג, אין וועלכע עס קומען פֿאָר אַזוי פֿיל דראַמאַטישע פֿאַסירונגען... אַ סך וועלן מסתּמא זיך בכלל נישט אינטערעסירן, און זייער אַ סך וועלן אונדזער הײַנטיקן אָוונט נישט ווידמען אַפֿילו דעם קלענסטן פֿונק פֿון דער מחשבֿה.

פֿאַר אונדז איז דאָס אָבער אַ גרויסער טאָג. ער שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ וויכטיקן אַקט נישט נאָר פֿאַר דער פֿאַראייביקונג פֿון אונדזער באַוועגונג, און נישט נאָר פֿאַר באַרײַכערן די געשיכטע־פֿאָרשונג פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין מזרח־אייראָפּע. דער הײַנטי־קער אַקט שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קאָרעקטור פֿון דער געשיכטע: מיר פֿאַרריכטן אַן עוולה, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן לגבי איינער פֿון די אָן אַן ערך וויכטיקע שטרעמונגען אין לעבן פֿון אונדזער פֿאָלק אין דעם יאָרהונדערט, אין לעבן פֿונעם פֿאָלק אין מזרח־אייראָפּע – אַ לעבן, וואָס איז געוואָרן פֿאַרשניטן דורך דעם חורבן.

די עוולה באַשטייט אין דעם, וואָס די פֿאַרשיידענע אומשטאַנדן – וואָס איינער פֿון זיי איז דער חורבן גופֿא – האָבן אָט די באַוועגונג באַרויבט פֿון דער מעגלעכקייט צו זײַן ווי געהעריק און גערעכטיקט פֿאַראייביקט און פֿאַרטראָטן אין דער אָפֿיציעלער געשיכטע־פֿאָרשונג פֿון אונדזער פֿאָלק. ווײַל דער ציל פֿון לערנען געשיכטע איז דאָך נישט כּדי נאָר צו זאַמלען וויסן, נאָר אויך כּדי צו לערנען פֿון דער דערפֿאַרונג און כּדי אָט די דערפֿאַרונג זאָל קענען דינען ווי אַ לעקציע, ווי אַן אָנלערנונג פֿאַר די, וואָס פֿירן אָן מיט אונדזער לעבן און באַשטימען אונדזער גורל, און אפֿשר אויך דעם גורל פֿון די ווײַטערדיקע דורות.

איך וועל דאָ נישט אַרײַנגיין אין די סיבות, וואָס האָבן געברענגט צו אָט דעם איגנאָרירן די ראָל און דאָס אָרט פֿון דער בונדישער באַוועגונג אין דער געשיכטע־פֿאָרשונג פֿון אונדזערע טעג. איך וועל אין קורצן נאָר זיך אָפּשטעלן דער עיקר אויף דער פֿראַגע פֿון דער רעלעוואַנטקייט און המשכדיקער אַקטועלקייט פֿון דער אידעאָלאָגיע פֿון בונד אין דער הײַנטיקער צײַט.

עס איז באַוווּסט אַז דער "בונד" האָט זיך קעגנגעשטעלט דער ציוניסטישער אידייע פֿון צונויפֿזאַמלען דאָס פֿאָלק אין ארץ־ישׂראל, דעם געדאַנק פֿון אַ טעריטאָריאַלער לייזונג פֿאַר דעם אַזויגערופֿענעם "ייִדישן פּראָבלעם". איז דאָך דער "בונד" אויפֿגעקומען ווי אַן אַנטיטעזע צום פּאָליטישן ציוניזם; די בונדישע באַוועגונג איז דאָך, ווי באַוווּסט, געגרינדעט געוואָרן פּאַראַלעל מיט דער גרינדונג פֿון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, אין זעלבן יאָר 1897. אָבער – די ציוניסטישע וועלט־באַוועגונג איז געגרינדעט געוואָרן אין אַ קאַזינאָ־זאַל פֿון אַן עלעגאַנטן האָטעל אין באַזעל, אין דער שווייץ, אין מערבֿ־אייראָפּע – אין דער צײַט ווען דער "בונד", וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרעם בוידעם־שטיבל אין ווילנע, האָט באַשטימט זײַן באַשרענקטן טעטיקייטס־געביט אין מזרח־אייראָפּע, אין די גרויסע ייִדישע קאָנ־צענטראַציעס אין דער צאַרישער אימפּעריע, דהײַנו – אין רוסלאַנד, ליטע און פּוילן, און דאָרט האָט ער געפֿירט זײַן אומלעגאַלע טעטיקייט. נאָך דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, ווען די צאַרישע אימפּעריע איז זיך צעפֿאַלן און די קאָמוניסטישע דיקטאַטור האָט דעם "בונד" ליקווידירט, אַרעסטירט זײַנע מנהיגים און פֿאַרווערט זײַן טעטיקייט אויפֿן שטח פֿון איר הערשאַפֿט – האָט זיך דאַן די טעטיקייט פֿון "בונד" קאָנצענטרירט דער עיקר אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, ווי אויך, אין אַ סך אַ קלענערן פֿאַרנעם, אין די באַלטישע לענדער און אין רומעניע צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

ווען דער קאָמוניזם איז געקומען צו דער מאַכט מיטן זיג פֿון דער באָלשעוויקישער רעוואָלוציע, האָבן בונדיסטן גאַנץ אָפֿט זיך אָנגעטראָפֿן אויף דער שאלה: וואָס האָט דען אײַער באַוועגונג נאָך צו טאָן, וואָס פֿאַר אַ באַרעכטיקונג האָט דען איר עקזיסטענץ נאָך דעם נצחון פֿון דעם קאָמוניזם, וועלכער האָט באַהערשט אַ זעקסטל פֿון דעם ערד־קײַלער?

ווי מיר זעען, זענען נײַטיק געווען מער ווי זיבעציק יאָר כּדי צו דערווײַזן און באַשטעטיקן די מאָראַלישע און אידעיִשע אויבערהאַנט

פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און הומאַניטאַרע אידייען פֿון "בונד".
אַ סך פֿון די, וואָס זענען געווען באַרוישט פֿון דעם קאָמוניסטישן פּאָפּוליזם, אַדאָפּטירן שוין היַינט נישט נאָר די סאָציאַלע אידייען, נאָר אויך דעם בונדישן געדאַנק פֿון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע ווי אַ מעגלעכע לייזונג פֿאַר דעם ייִדישן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם אין די תּפֿוצות, און ווי אַ מאָדעל אויך פֿאַר אַנדערע פֿעלקער.

נישט ווייניקער שאַרף איז געווען די קאָנפֿראָנטאַציע פֿון "בונד" מיט דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע, וועלכע ער האָט דאַן באַטראַכט ווי אַן אילוזיע, וואָס לענקט אָפּ די ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן פֿון די עקזיס־טענציאַלע און אַקטועלע פּראָבלעמען, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געראַנגלט אין יענע טעג אין זייערע ווינלענדער. ביזן אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל נאָכן חורבן אין אייראָפּע איז דער ציוניזם נישט געווען מסוגל צו ליפֿערן אַן אַנטשפּרעכנדיקן ענטפֿער פֿאַר די אַקטועלע פּראָבלעמען. אָט דער פֿאַקט האָט דעמאָלט פֿאַרוואַנדלט דעם "בונד" אין דער באַוועגונג, וואָס האָט מיט איר אַקטיוון קאַמף, און מיט דער הילף פֿון אירע ברייט־פֿאַרצווײַגטע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע כּלים רעפּרעזענטירט די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע לעבנס־אינטערעסן פֿון די ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן אין מזרח־אייראָפּע, דער עיקר אין פּוילן, פֿון פֿאַר דעם חורבן.

די רעזולטאַטן פֿון דעם חורבן, צוזאַמען מיט דעם נאַציאָנאַלן קאַמף דאָ אין לאַנד, זענען געווען דער הויפּט־פֿאַקטאָר פֿאַר דעם אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל. צוליב זײַן קאָנצענטרירן זיך אין מזרח־אייראָפּע, מחמת דעם געאָגראַפֿיש באַשרענקטן תּחום פֿון זײַן פֿאַרמלחמהדיקער טעטיקייט – אין קעגנזאַץ צו די ציוניסטישע, אָרטאָדאָקסיש־פֿרומע און קאָמוניסטישע באַוועגונגען – איז דער "בונד" געוואָרן באַשעדיקט אַ סך מער פֿון די אַלע אַנדערע באַוועגונגען אויף דער ייִדישער גאַס אין די טעג פֿון דעם חורבן. אויך די אַטמאָספֿער פֿון דעם נאַציאָנאַליסטישן פּאָפּוליזם, ווי אַ נאַטירלעכער, אומפֿאַרמײַדלעכער רעזולטאַט פֿון דעם חורבן און פֿון דער מדינה־אַנטשטייונג, האָט געווירקט אומגינסטיק אויף די באַנײַטע טעטיקייטס־מעגלעכקייטן פֿון דעם נאָכמלחמהדיקן "בונד".

די מערהייט פֿון די ניצול־געוואָרענע בונדיסטן האָט אָבער זיך נישט אָפּגעזאָגט פֿון די גרונט־פּרינציפּן פֿון בונדיזם, געפֿינענדיק זיי פֿאַר ריכטיק, מיט געוויסע לײַכט געענדערטע פֿאָרמולירונגען, אויך פֿאַר די נײַע אומשטאַנדן אין דער נײַערווירקלעכקייט. ווײַל – אויך נאָכן אויפֿשטעלן די ייִדישע מדינה פֿאַרבלײַבט ווײַטער דאָס ייִדישע פֿאָלק אַ

װעלט־פֿאָלק, מחמת די מערהײט פֿון דעם פֿאָלק בלײַבט לעבן אין די תּפֿוצות און די צעשפּרײטקײט בלײַבט װײַטער אַ סטאַבילער פֿאַקטאָר אין לעבן פֿון ייִדישן פֿאָלק. אױסער דעם זעט בונדיזם אין דער פּאָליטישער און סאָציאַל־עקאָנאָמישער װירקלעכקײט אין דער מדינה, און אין דער אומפֿעיִקײט פֿון דער ציוניסטישער באַװעגונג צו רעאַליזירן די סאָציאַלע און מאָראַלישע װיזיע פֿון אירע גרינדערס – דעם דורכפֿאַל פֿון דעם ציוניסטישן געדאַנק צו שאַפֿן אין לאַנד אַ מוסטער־מדינה, אַ נײַע פֿאָרגעשריטענע געזעלשאַפֿט, װאָס זאָל זײַן אַן "אור לגויים".

הײַנט צו טאָג היטן אָפּ די בונדיסטן די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע װיזיע פֿון די גרינדערס פֿון דעם "בונד" און פֿון זײַנע טױזנטער געטרײַע אָנהענגערס, װאָס די מערסטע פֿון זײ זײַנען אומגעקומען אינעם חורבן. אַ טײל פֿון די בונדישע מנהיגים זענען געװאָרן פֿאַרטיליקט דורך דעם טיראַנישן רעזשים פֿון סטאַלינען און פֿון זײַנע משרתים. אין חודש סעפּטעמבער פֿון דעם יאָר װעט װערן פֿופֿציק יאָרן זינט עס זענען דערמאָרדעט געװאָרן אין די קעלערן פֿון דער קאָמוניסטישער אינ־קװיזיציע אין מאָסקװע די שענסטע צװײ געשטאַלטן פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג, די פֿירערס פֿון פּױלישן "בונד" – הענריק ערליך און װיקטאָר אַלטער.

זײערע אידעאָלאָגישע יורשים װירקן הײַנט אין פֿולשטענדיק אַנדערע באַדינגונגען, בײַ אַ שטאַרק געענדערטער סאָציאַלער סטרוקטור פֿון ייִדישן פֿאָלק, באַזונדערס אין די ייִדישע תּפֿוצות – און דאָך זײַנען די אידעאָלאָגישע און די עטישע יסודות װײַטער גילטיק אױך הײַנט, װי עס זײַנען אױך הײַנט גילטיק די עטישע געבאָטן פֿון די נבֿיאים פֿונעם װײַטן אַמאָל.

די בונדישע באַװעגונג האָט אַ גרױסע אידעישע ירושה און דערהױבענע מיסיאַזשן. אַװדאי זײַנען מיר הײַנט, לױט די דרױסנדיקע מאַסשטאַבן, אַ קלײנע אידעאָלאָגישע באַװעגונג, אָבער – אין זכות פֿון אירע דערהױבענע אידעאַלן און איבערצײַגונגען האָט זי איבערגעלעבט אַ סך פֿון אַנדערע באַװעגונגען, װאָס זײַנען אױפֿגעקומען און פֿאַרשװוּנדן פֿון דער ייִדישער גאַס אין דער צײַט פֿון דעם "בונדס" עקזיסטענץ, און דאָס באַװײַזט זײַן אױסגעהאַלטנקײט, זײַן שטאַנדהאַפֿטיקײט און זײַן אידעאָלאָגישע אימוניטעט.

פֿאַרשטײט זיך, אַז מיר קענען זיך נישט גלײַכן צו קײן גרױסע באַװעגונגען מיט רײַכערע און עפֿעקטיװערע מיטלען פֿון טעטיקײט און פֿון קיום. אָבער – דאָס זעלבע רעכט פֿון זעלבסטבאַשטימונג, פֿון

וועלכן עס געניסט, לאָמיר זאָגן, דאָס מיליאַרדן־פֿאָלק פֿון די כינעזער (וואָס האָבן אַוודאי קיינמאָל אין זייער לעבן נישט געהערט וועגן אַ "בונד", סײַדן אפֿשר פֿון דעם סאָוויעטישן "קראַטקי קורס"...) – אָט דאָס זעלבע רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג קומט אויך יעדן איינציקן קאָלעקטיוו, יעדער אידעאָלאָגישער נאַציאָנאַלער, עטנישער אָדער אידעאָלאָגישער גרופּע, איטלעכן קאָלעקטיוו פֿון יעטוועדן טיפּ און כאַראַקטער ווי גרויס און ווי קליין ער זאָל נישט זײַן. ווײַל – דאָס רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג איז דאָס עלעמענטאַרע רעכט פֿון דער נאַטור, וואָס פֿאַרזיכערט דעם מענטש די פֿרײַהייט אין דער מאָדערנער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט.

ווי אַ באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו זעלבסטבאַשטימונג פֿאַר יעדער יִדישער תּפֿוצה, רופֿט זי צו שאַפֿן אַ בריק פֿון טיפֿער קעגנזײַטיקער פֿאַרשטענדעניש צווישן מדינת־ישׂראל און דער יִדישער צעשפּרייטקייט. דעריבער באַטראַכט זיך דער "בונד" אויך פֿאַרפֿליכטעט צום יִדישן לשון ווי איינע פֿון די נאַציאָנאַלע שפּראַכן, וואָס האָבן געהאָלפֿן אויפֿהאַלטן דעם קיום פֿון יִדישן וועלט־פֿאָלק. אין אָט דער שפּראַך זעט די בונדישע באַוועגונג די קאָמוניקאַטיווע און די גײַסטיקע בריק צו די יִדישע תּפֿוצות. די דאָזיקע שפּראַך אַנטהאַלט אין זיך דעם פֿולן אָנגעזאַמלטן אוֹצר פֿון דער נאַציאָנאַלער דערפֿאַרונג פֿון לאַנגע דוֹרות, און אין איר זעט דער "בונד" די עפֿעקטיווסטע דאַמבע פֿאַר דעם וועלטלעכן יִדנטום צו פֿאַרהאַלטן דעם שטראָם פֿון דער אַסימילאַציע, וועלכע איז גוֹרם צום אָוועקפֿאַלן פֿון אַזוי פֿיל גוטע חלקים פֿונעם קערפּער פֿון אונדזער פֿאָלק.

דער "בונד"־אינסטיטוט בײַם אוניווערסיטעט פֿון חיפֿה וועט דינען ווי אַ מכשיר צו פֿאָרשן אָט די באַוועגונג און איר ראָל אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק.

פֿון דעם באַגריסונגס־וואָרט בעת דער פֿײַערלעכער דערעפֿענונג פֿון דעם אינסטיטוט א"נ פֿון ישׂראל און שלום גאָטײַנער צו פֿאָרשן די געשיכטע פֿון "בונד", יִדישע אַרבעטער־באַוועגונג און יִדישע קולטור אין מזרח־אייראָפּע.

**חיפֿה אוניווערסיטעט, 23־סטער אָקטאָבער 1991**

## אַ בונדיסט איז קודם־כּל – אַ מענטש

(אייניקע באַמערקונגען וועגן פּראַגמאַטיזם
און אָפּאָרטוניזם – און וועגן פֿאַטאַליזם)

דער גערדאַנק וועגן עפּענען אַ חבֿרישן וויכּוח אויף די שפּאַלטן פֿון "*אונדזער צײַט*" וועגן דעם תּכלית פֿון בונדיזם אין די אומשטאַנדן פֿון 21־סטן יאָרהונדערט, איז אויפֿגעקומען נישט ווײַל מיר, בונדיסטן, זאָלן האָבן, חלילה, פֿאַרלוירן דעם וועג, אָדער זאָלן באַצווייפֿלען די בונדישע אידעאָלאָגיע. אויך נישט ווײַל מיר זענען נישט, ווי אַנדערע מיינען, דעם רעאַלן תּכלית פֿון דעם איבער הונדערט־יאָריקן קאַמף, וועלכן דער "בונד" האָט געפֿירט פֿאַר שאַפֿן אַ נײַעווירקלעבקייט אין ייִדישן לעבן.

די קאָלאָסאַלע ראָל פֿון "בונד" אין דער געשטאַלטונג פֿון ייִדישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע – מיט זײַן עצם אַנטשטייונג, מיט זײַן אידעיִשער אויסגעהאַלטנקייט און זײַן מוטיקן קאַמף – קען קיינער נישט פֿאַרלייקענען און אויך נישט פֿאַרמינערן.

די עיקרדיקע ספֿקות און חילוקי דעות צווישן די חבֿרים זענען דאָך נישט וועגן דעם מהות פֿון בונדיזם, נאָר אַרום דער פֿראַגע, הלמאַי מיר האָבן נישט מצליח געווען נאָכן חורבן זיך ווידער אויפֿצוריכטן אָרגאַניזאַציאָנעל, און הלמאַי מיר האָבן נישט מצליח געווען, אַזוי ווי אייניקע אַנדערע ריכטונגען, אויפֿצוריכטן די יוגנט־באַוועגונג, צוציִען יונגע מענטשן, אָדער איבערצווּוײַזן אונדזער אידעאָלאָגיע צו די קומענדיקע דורות. זענען פֿאַראַן חבֿרים, וואָס זוכנדיק דעם ענטפֿער אויף אָט דער מאַטערנדיקער פֿראַגע, פֿאַלן זיי אַרײַן אין אַן אָפּאָרטוניזם – פֿון פֿאַרטושן די אייגענע פּרינציפּן און אויסמישן זיי מיט אַנדערע, אין דער פֿאָרם פֿון אַן אַבסטראַקטן "נעאָ־בונדיזם" – וואָס האָט נישט צו טאָן מיט דעם טיילמאָל נייטיקן, און צומאָל אַפֿילו געוווּנטשענעם, פּראַגמאַטיזם פֿון דער אַקטועלער טאַקטיק, אויף וויפֿל ער דערווידערט נישט די אידעאָלאָגישע פּרינציפּן פֿון דער באַוועגונג; אַנדערע, ווידער, פֿאַלן אַרײַן אין אַ מין פֿאַטאַליזם ביז צו דער נטיה פֿון זעלבסטליקווידאַציע.

אין דעם וויכּוח, אין וועלכן עס האָבן זיך ביז איצט באַטייליקט אין *"אונדזער צײַט"* אַ צאָל טײַערע חבֿרים פֿון דרײַ־פֿיר עקן פֿון דער וועלט (די ח"ח יעקבֿ בעלעק [חולון, ישׂראל], וועלכער האָט מיט זײַן בריוו "פּראָוואָצירט", אָדער אינספּירירט דעם וויכּוח, און העניעק באַרענשטיין [מעלבורן], לילקע מײַזנער [לאָס אַנדזשעלעס], חיים סאַוויקין און אַרטור נונבערג [ניו־יאָרק], פּיניע קרישטאַל [מעלבורן], אַהרן שפּיראָ [חיפֿה, ישׂראל] און מעגלעך אַז נאָך) – האָט יעדער איינער פֿון זיי אַרויסגעבראַכט אַ סך ריכטיקע געדאַנקען און טרעפֿלעכע אָפּשאַצונגען, יעדער איינער אין זײַן סטיל און יעדער מיט זײַן אַקצענטירונג פֿון דעם אָדער יענעם גרונט־קאָמפּאָנענט פֿון דער בונדישער אידעאָלאָגיע קעגנאיבער דער אַקטועלערווירקלעכקייט. איך מיין אָבער, אַז די אויספֿירונגען זענען בײַ איייניקע חבֿרים אין סתּירה צו זייערע אײַנפֿירונגען. איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז רופֿנדיק צו "קוקן דער ווירקלעכקייט אין פּנים", האָבן איייניקע חבֿרים נישט געזען וויאַזוי דאָס פּנים זעט ווירקלעך אויס, אָדער האָבן געמאַכט, לויט מײַן מיינונג, נישט ריכטיקע אויספֿירן פֿון, ווי געזאָגט, ריכטיקע אָפּשאַצונגען.

יעדער איינער פֿון אונדז פֿאַרמעסט זיך אין געדאַנק מיט די פֿולשטענדיק "אַנדערע אומשטענדן" אין וועלכע עס געפֿינט זיך הײַנט אונדזער באַוועגונג, און עס איז פֿאַר יעדן פֿון אונדז קלאָר, אַז מיט די ביז איצטיקע כּלים און מיט די מיטלען, וואָס מיר פֿאַרמאָגן, קענען מיר נישט מיט אָט די "אַנדערע אומשטענדן" ווי געהעריק זיך פֿאַרמעסטן. די גרונט־פֿראַגע איז אָבער: צי איז דער "בונד" מיט זײַן אידעאָלאָגישער אײַנשטעלונג און מיט זײַנע מיטלען און מעטאָדן אויך הײַנט רעלעוואַנט אין דער הײַנטיקער אַזוי שטאַרק געענדערטער ווירקלעכקייט?

איך בין איבערצײַגט, אַז יאָ – אָבער מיר טאָרן נישט איבערשאַצן אונדזערע מעגלעכקייטן און זיך נישט מאַכן קיין אילוזיעס אין אונדזערע דערוואַרטונגען. מיר טאָרן נישט פֿאַרגעסן, אַז דער "בונד" האָט סײַ אידעיִש און סײַ אָרגאַניזאַציאָנעל "איבערגעלעבט" נישט וויייניק אַנדערע באַוועגונגען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן פּאַראַלעל צו אים געוווירקט אויף דער "ייִדישער גאַס", און אָפּטמאָל בײַ בעסערע פֿאַר זיי באַדינגונגען – און זענען מיט דער צײַט פֿאַרשוווּנדן פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אויבער־פֿלאַך. נעמט, למשל, די אַזויגערופֿענע "ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע" פּאַרטייען, די פּועלי־ציונס – די רעכטע און די לינקע: וואָס איז פֿון זיי געוואָרן און וואָס איז פֿון זיי געבליבן אַפֿילו אין מדינת־ישׂראל? די

געזעלשאַפֿטלעכע גרופּעס וואָס האָבן זיי געירשנט – וואָס פֿאַר אַ שײַכות האָבן זיי און מיט וואָס זענען זיי צווישן זיך ענלעך?

מיר אַלע ווייסן, אַז כּדי אַ באַוועגונג זאָל האָבן אַ המשך, נויטיקט זי זיך אין אַ המשך־דור, אַ יוגנט, וואָס זאָל קענען ציִען ווײַטער דעם פֿאָדעם, און וואָס זאָל אויך פֿאַרמאָגן די טעכנאָלאָגישע מיטלען און קענטענישן, כּדי זיך צוצופּאַסן צו דער מאָדערנער קאָמוניקאַציע, כּדי מיט זײַן הילף צו קענען פֿאַרשפּרייטן דעם בונדישן געדאַנק – בײַ די אַזוי שטאַרק באַשרענקטע מאַטעריעלע מיטלען און, דער עיקר – אָן די געהעריקע אינטעלעקטועלע כּוחות און מוחות, וואָס לײדער פֿאַרמאָגן מיר זיי שוין נישט: אַזעלכע ווי עס זענען געווען, למשל, אַרקאַדי קרעמער, וולאַדימיר מעדעם און וולאַדימיר קאָסאָווסקי אין דער צאַרישער תּקופֿה, ביינוש מיכאַלעוויטש, ישׂראל ליכטענשטיין, די צוויי מנהיגים פֿון פּוילישן ״בונד״ הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער סטאַליניסטישער טיראַניע, שמואל (אַרטור) זיגעלבוים, ד״ר לעאָן פֿײַנער און די ח״ח נח פּאָרטנוי, שלמה מענדעלסאָן, יוסף כּמורנער, עמנואל נאָוואָגרודסקי, ח.ש. קאַזדאַן, ד״ר עמנואל שערער, פּראָפֿ׳ ליבמאַן הערש, יעקבֿ פּאַט, טוביה מײַזעל און פּראָפֿ׳ אַרטור לערמער, אָדער י. אַרטוסקי (אָסקאַר) און אַנדערע, וואָס מיר האָבן זיי אַלע פֿאַרלוירן שוין נאָכן חורבן – שוין אָפּגערעדט פֿון די גיגאַנטן, וואָס מיר האָבן פֿאַרמאָגט פֿאַר דער מלחמה און וואָס זענען אַוועק צוזאַמען מיטן פּוילישן ייִדנטום, מיט דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט. מיר שעפּן אָבער די יניקה פֿון זייער גײַסטיקער און אידעיִשער ירושה.

עס איז פֿאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז מיר זענען געבליבן אַ קליינער אידעאָלאָגישע קרײַז, פֿאַר וועמען די בונדישע אידייען זענען רעלעוואַנט אויך הײַנט בײַ די אַזוי שטאַרק געענדערטע באַדינגונגען – ווײַל מיר זעען אין זיי אַ מאָראַלישע קאַטעגאָריע, וואָס איז פֿון זיי, פֿון די באַדינגונגען, נישט אָפּהענגיק. מיר פֿאַרגעסן אָבער, אַז אין אונדזער פּראַקטישער טעטיקייט זענען מיר הײַנט צו טאָג אַ באַוועגונג – ווי גרויס אָדער קליין זי זאָל נישט זײַן – פֿון אַן עמיגראַנטישן כאַראַקטער, וואָס לעבט, שעפּט אירע אינספּיראַציעס און איז באַשעפֿטיקט צום מערסטן *מיטן נעכטן, און מיטן דאָרטן*, ווו עס שטעקן אונדזערע וואָרצלען. מיר זענען קרבנות פֿון אונדזערע דורכגעמאַכטע דערפֿאַרונגען, און אין די איצטיקע טעג, אין דער עפּאָכע פֿון דער גלאָבאַליזאַציע און פּריוואַטיזאַציע, פֿון דעם גײַעג נאָך רײַכטום און נאָך אַ באַקוועמען לעבן אין די באַדינגונגען פֿון די שאַרפֿע און זיך אַלץ

מער און מער פּאַרטיפּנדיקע סאָציאַלע קאָנטראַסטן – אַפּעלירן נישט אונדזערע שטרעבונגען און צילן צום יונגן דור, און אַוודאי נישט צו דער צעטומלטער און ווילבליענדיקער יוגנט. הלוואַי וואָלטן מיר געהאַט די רעאַלע כּוחות קעגנצווווירקן דער דאָזיקער טענדענץ, הגם מיר זענען געניגט צו גיין, און מיר גייען, קעגן דעם שטראָם, קעגן דעם "מיינסטרים", קעגן דעם שאָוויניסטישן אַזיגערופּענעם "נאַציאָנאַלן קאָנסענזוס" און דעם פּרומען פּאַנאַטישן משיחיזם, וואָס פּאַרפּלייצט די ייִדישע גאַס.

אין דעם אָנגייענדיקן וויכּוח הערן מיר אָפּט דעם זייער פּאָפּולערן "מען דאַרף". מע דאַרף דאָס און מע דאַרף דאָס... און מען פּאַרגעסט אָבער, אַז כּדי צו באַפרידיקן דאָס וואָס מען דאַרף, דאַרף מען האָבן וואָס מען האָט נישט. אַוודאי איז פּאַראַן אַן אָרט צו רופן יעדן איינעם פּון אונדז צו פּאַרשטאַרקן זײַן מי און זײַן בײַטראָג צו דעם קאָלעקטיוון אָנשטרענג פּון דער באַוועגונג. איבערגעגעבנקייט איז דער גרעסטער בײַטראָג.

וואָס עס איז אָבער נוגע אונדזער גלויבן אין דער בונדישער אידעאָלאָגיע, אַפּילו ווען מיר האָבן פּאַרלוירן, אין ליכט פּון דער דערפּאַרונג, די האָפּענונג אויף איר נאָענטער רעאַליזירונג – איז זי באַזירט אויף אירע דרײַ עיקרדיקע זײַלן: דעם גלויבן אין מענטש, אין וועלטלעכער ייִדישקייט און אין סאָציאַליזם. דאָס מיינט: אין סאָציאַלן יושר. זיי זענען אַלע אויף אַ גלײַכער פּלאַך, אָן אַ וועלכער עס איז דאָמינירנדיקער פּריאָריטעט – ווײַל די אידעען פּון "בונד" זענען סײַ נאַציאָנאַל און סײַ אוניווערסאַל, אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע אידעאָלאָגישע ריכטונגען, וואָס ווירקן נאָך הײַנט אויף דער "ייִדישער גאַס" (אויף וויפּל דער באַגריף *"ייִדישע גאַס"* איז הײַנט נאָך רעלעוואַנט, אין אָנבליק פּון די אַזוי שטאַרק געענדערטע באַדינגונגען, וואָס זענען פּאַר יעדן פּון אונדז אַזוי קלאָר).

אַ בונדיסט איז דעריבער קודם־כּל אַ מענטש, וואָס איז העכער פּון אַלע אַנדערע פּריאָריטעטן. און דאָס נעמט שוין אַרײַן אין זיך אויך דאָס זײַן אַ ייִד, און אַלע מאָראַלישע קאַטעגאָריעס: אַ מענטש האָט ליב און איז איבערגעגעבן דער משפּחה, דעם אַרום, דעם פּאָלק און זײַנע מיטמענטשן פּון נאָענט און פּון ווײַט. אַ מענטש, אין עבטן זין פּון דעם וואָרט, רעכנט זיך מיטן צווייטן. ער האָט ליב זײַן פּאָלק, זײַן שפּראַך, אָבער ער רעכנט זיך אין דער זעלבער מאָס מיט די נויטן און באַדערפּעניש פּון אַנדערע. אַ מענטש, אַ וועלטלעכער ייִד און אַ סאָציאַליסט – אויב ער פּאַרבינדט צוזאַמען די דרײַ קאַטעגאָריעס – איז קעגן מלחמה און קעגן יעטוועדער דיסקרימינאַציע.

דאָס איז דער אייגנטלעכער תּוך פֿון בונדיזם. דאָס איז זײַן אידענטיטעט־קאַרטע, זײַן וויזיט־קאַרטע. דער גלויבן אין זײַנע פּרינציפּן דערמוטיקט אונדז צו גלייבן אין זײַן קיום און אין זײַן צוקונפֿט. ער דערמוטיקט אונדז "אָנצושטעקן" מיט אונדזער גלויבן אויך אַנדערע און אָנצוגיין ווײַטער מיט אונדזער אַרבעט ווי לאַנג מיר זענען בכּוח. און דאָס דערמעגלעכט אונדז צו זײַן אַקטיוו אויף די געביטן, ווו מיר קענען מיטווירקן מיט אַנדערע – ווי אויפֿן געביט פֿון דער ייִדישער קולטור, צו וועלכער מיר זענען גאָר באַזונדערס פֿאַרפֿליכטעט, קעגן דער אַסימילאַציע אד"גל.

דערפֿאָלגן און מיסדערפֿאָלגן פֿון אידעאָלאָגיעס און באַוועגונגען, און זייערע השפּעות, זענען געוויינלעך פֿאַרבונדן מיט די היסטאָרישע אומ־שטענדן; זיי ווערן אָבער געריכטעט פֿון דער קאָניונקטור. דער נצחון פֿון דער אַזויגערופֿענער "אָקטאָבער־רעוואָלוציע" אין רוסלאַנד האָט זײַנערצײַט פֿאַרשטאַרקט די קאָמוניסטישע השפּעה אויף דער ייִדישער אַרבעטער־יוגנט אין מזרח־אייראָפּע, און האָט אויך באַווירקט און פֿאַרשטאַרקט די מער "לינקע" שטראָמען אין "בונד". דער דורכפֿאַל פֿון דעם באָלשעוויקישן דעספּאָטיזם און דאָס אָפּרעקן די מאַסקע פֿון דעם קאָמוניסטישן שווינדל האָט געענדערט די שטימונגען אין "בונד" אַזוי ווי אין די סאָציאַליסטישע קרײַזן אויף דער וועלט בכלל. דאָס זעלבע איז געשען מיט דער השפּעה פֿון ציוניזם אין דער ייִדישער וועלט נאָך דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זײַן עיקרדיקן ציל – פֿון גרינדן די ייִדישע מדינה נאָכן גרויסן נאַציאָנאַלן חורבן. דער נאַטירלעכער שטראָם פֿון סאָלידאַריטעט מיט דער מדינה אין די תּפֿוצות, באַגלייט פֿון אַ דורכאויס קריטיקלאָזער טאָלעראַנטער באַציִונג צו דער פֿעלערהאַפֿטער פּאָליטיק פֿון אירע רעגירונגען, האָט נישט אויסגעמיטן אַ טייל פֿון בונדיסטן, לרובֿ אַזעלכע וואָס האָבן נישט פֿאַרמאָגט קיין גענוג שטאַרקן אידעיִשן רוקנביין – אַזוי ווי עס איז געוועזן מיט צענדליקער יאָרן פֿריִער מיט די ענלעכע סימפּאַטיעס אין דער ריכטונג צום סאָוויעטישן עקספּערימענט. נישטאָ קיין גרעסערער דערפֿאָלג ווי דער דערפֿאָלג אַליין – זאָגן די ענגלענדער.

מיט דער צײַט האָט זיך אָבער אויך סטאַביליזירט דער באַוווסטזײַן, אַז בײַ דער זײַט פֿון דער מדינה בלײַבט די צעשפּרייטקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק אַ סטאַבילער פֿאַקטאָר אין ייִדישן לעבן, און אַז אויך די תּפֿוצות נייטיקן זיך – און האָבן רעכט – אויף זעלבסטבאַשטימונג און דאַרפֿן נישט זײַן אונטער־געוואָרפֿן דעם דיקטאַט און די בלויזע אינטערעסן פֿון מדינת־ישׂראל. דער ציוניזם, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז אויך נישט געוואָרן די רפֿואה קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם. פֿאַרקערט, אין דער לעצטער צײַט האָט דער

אַנטיסעמיטיזם ווידער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פֿון דער ייִדישער מדינה איז געוואָרן אַ וויכטיקער טייל פֿון די קוואַלן, פֿון וואַנען דער "נײַער אַנטיסעמיטיזם" שעפּט זײַן יניקה.

און אויב עס גייט וועגן דעם "חלוצישן" אָדער "סאָציאַליסטישן ציוניזם", וועלכער האָט געוואָלט זען אין ישׂראל אַ מין עקספּערימענטאַלע לאַבאָראַטאָריע אויסצופּרוּוון די סאָציאַליסטישע רעאַליזירונג – איז דער עקספּערימענט טאָטאַל דורכגעפֿאַלן, און דער סאָציאַליסטישער פֿליגל, וועלכער האָט דאָמינירט אין דעם גרינדונגס־ און אויפֿבוי־ווערק פֿון דער מדינה – האָט טאָטאַל פֿאַרשפּילט. ווײַל – סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם, וואָס האָבן פּרובירט גיין געפּאָרט, זענען נישט קיין זיווג, זיי פּאָרן זיך נישט.

דער דאָזיקער אמת האָט זיך צום בולטסטן אַנטפּלעקט אין די טעג פֿונעם צחאַמענברוך פֿון דעם "לינקן" לאַגער אין ישׂראל און דעם נצחון פֿון דעם שאַראָניזם – נאָכן דורכפֿאַל פֿון קעמפּ דייוויד און מיטן צחאַמענברוך פֿון דעם שלום־פּראָצעס אין דער קורצער עפּאָכע פֿון אהוד ברק. דער צחאַמענברוך פֿון דעם ציוניסטישן סאָציאַליזם איז געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פֿון דעם פֿאַטאַלן צחאַמענשטויס צווישן דעם ציוניזם און דעם סאָציאַליזם ווי צוויי עקסטרעמע קאָנטראַסטן, וועלכע קענען נישט לעבן צווישן זיך בשלום אונטער איין און דעם זעלביקן דאַך. די דאָזיקע סתּירה האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין די טעג פֿון דער זעקסטאָגיקער מלחמה און האָט "געפּלאַצט" מיטן נצחון פֿון דער עקסטרעם־רעכטער קאָאַליציע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַריאל שרון.

דער "בונד" איז נאָכן חורבן געוואָרן "פֿיזיש" און ביאָלאָגיש אָפּגעשוואַכט און זײַנע כּוחות האָבן נישט געקלעקט כּדי צו שלאָגן טיפֿערע וואָרצלען נישט אין די אַלטע תּפֿוצות פֿון דער "נײַער וועלט", און נישט אין די באַנײַטע און אויפֿגעלעבטע תּפֿוצות פֿון נאָכן מבול. דאָך האָבן זוימען פֿון בונדיזם־ענלעכע אידעען זיך אײַנגעפּלאַנצט אין דעם וועלט־ייִדישן באָדן און קליינע שפּראָצונגען האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן פֿאַרזיכטיק אויף דער אויבערפֿלאַך פֿון הײַנטיקן ייִדישן לעבן.

דער בונדישער משיח שטייט נאָך נישט בײַ דער שוועל פֿון דעם ערדישן גן־עדן... דערפֿאַר איז נישטאָ קיין גרונט פֿאַר קיינעם פֿון אונדזערע חבֿרים צו אַנטלויפֿן פֿון דער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט אונדז באַלויכטן דאָס לעבן – און מיר טאָרן דער אידעאָלאָגיע נישט לאָזן אַנטלויפֿן פֿון אונדז.

*אונדזער צײַט,* **יולי־סעפּטעמבער 2004**

# *...און בלײַבן אַ מענטש*

דער פֿאַרמעסט, וועלכן עס פֿירט דער "בונד" אין די 90 יאָר פֿון זײַן עקזיסטענץ מיט אַלע אַנדערע שטרעמונגען אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, איז אין סך־הכּל נישט נאָר אַן אידעאָלאָגישער: דאָס איז נישט בלויז אַ פֿאַרמעסט אין נאָמען פֿון סאָציאַלן יושר און נאַציאָנאַלן פֿאָלקס־אויסדרוק, און נישט נאָר אַ וויכּוח פֿאַר באַפֿרײַען די שעפֿערישע ווערטן פֿונעם ייִדישן מענטש, פֿונעם אַרבעטער, קעגן זײַן נישט־אָנשטענדיקער, ממש ברוטאַלער אויסנוצונג דורך אַנדערע; נישט נאָר פֿאַר אַ גערעכטער פֿאַרטיילונג פֿון די נאַציאָנאַלע פֿאַרמעגנס, און נישט נאָר פֿאַר דער פֿולער גלײַכבאַרעכטיקונג פֿון מענטשן און פֿעלקער, קעגן יעטוועדער פֿאָרם פֿון דיסקרימינאַציע; אויך נישט נאָר וועגן דאָיִקייט און דאָרטיקייט.

דאָס איז, הייסט עס, נישט נאָר אַן אידעאָלאָגישע קאָנפֿראָנטאַציע מיט אַלע אַנדערע ריכטונגען אין ייִדישן קיום, נישט נאָר פֿאַר אַ פֿרײַען אויסוואַל פֿונעם לעבנסאַרט, קעגן רעליגיעזן און גײַסטיקן צוואַנג, און נישט בלויז פֿאַר דעמאָקראַטישן, הומאַניטאַרן סאָציאַליזם, קעגן יעטווע־דער פֿאָרם פֿון גוואַלד און דיקטאַטור; דאָס איז אויך נישט בלויז דער צוגאַנג צום געזעלשאַפֿטלעכן רעזשים און צו די נאַציאָנאַלע ווערטן, צום אופֿן פֿון ברענגען צום אויסדרוק דעם שעפֿערישן פּאָטענציאַל פֿון דעם ייִדישן פֿאָלקס־מענטש.

די אַלע אויסגערעכנטע באַשטימונגען זענען, וואָלט איך געזאָגט, אַ טייל פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון "בונד", זיי האָבן דאָס געצייכנט זײַן אידעיִשן וועג זינט זײַן גרינדונג אין 1897.

דער עיקרדיקער קענצייכן פֿון דער בונדישער אידעאָלאָגיע און פֿון דער בונדישער באַוועגונג איז אָבער געווען – דאָס אָנווענדן די אַלע באַשטימונגען און פּרינציפּן ווי *אַ מאָראַלישע קאַטעגאָריע*, וואָס צייכנט אָן די לעבנס־באַנעמונג און די אויפֿפֿירונג פֿון אַ בונדיסט, זײַן באַציִונג צו די סאָציאַלע, פּאָליטישע און לעבנס־דערשײַנונגען ווו נאָר דער מענטש

זאָל נישט זײַן און אין וואָס פֿאַר אַ סיטואַציע ער זאָל זיך נישט געפֿינען. מיט אָט דער אידעיִש־מאָראַלישער קאַטעגאָריע האָט דער "בונד" זיך פֿאַרמאָסטן קעגנאיבער אַלע אַנדערע שטרעמונגען, וואָס האָבן געווירקט און זענען ממשיך צו ווירקן – הגם אין אַן אַנדערער פּראָפּאָרץ ווי פֿריִער – אין ייִדישן לעבן: קעגנאיבער דער אַסימילאַציע, דעם ציוניזם, דעם קלער און דעם קאָמוניזם.

לויטן פֿאַרנעם פֿון זייער השפּעה איז יעדע איינע פֿון אָט די שטרעמונגען – חוץ דעם קאָמוניזם – זיך צעוואַקסן אין דער ייִדישער וועלט און האָט זיך פֿאַרשטאַרקט אויפֿן באָדן פֿון דער מאָראַדיקער דערשיטערונג, צעטרייסלונג און ייִאוש, אין רעזולטאַט פֿון דעם נאַציאָנאַלן חורבן, ווי אויך פֿון דער נאַציאָנאַליסטישער קאָניונקטור, אין רעזולטאַט פֿונעם אויפֿקום פֿון דער ישׂראל־מדינה.

דער קאָמוניזם האָט פֿאַרלוירן זײַן אָנשפּאַר אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, נאָך דעם ווי ער האָט מאָראַדיק אַנטוישט אירע אַלע דערוואַרטונגען. ער איז אָבער נאָך אַלץ אַ שטאַרקער כּוח אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע; דאַקעגן געניסט דער ציוניזם פֿון די זיסע פּרוכטן פֿון דערפֿאָלג, מחמת דער טיילווײַזער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זײַן עיקרדיקן ציל – פֿון דער ייִדישער מדינה (הגם אין דער זיסער פּרוכט האָט זיך אַרײַנבאַקומען דער וואָרעם פֿון די ביטערע דערפֿאַרונגען), אַזוי ווי עס האָט מיט אַ זיבן צענדליק יאָר צוריק געשניטן זײַנע פּרוכטן פֿון דערפֿאָלג אויף דער ייִדישער גאַס דער קאָמוניזם, מיטן נצחון פֿון דער באָלשעוויקישער באַהערשונג פֿון רוסלאַנד.

דער "בונד" איז, ווי באַוווּסט, ווייטיקדיק צעבראָכן געוואָרן דורך דעם חורבן פֿונעם מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום, זײַענדיק די אויטענטישע פֿאַרקערפּערונג פֿון דעם וועלטלעכן אַרבעטנדיקן סעקטאָר. ער האָט אויך נישט באַזונדערס מצליח געווען אין דעם פֿאַרמעסט מיט די אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע און אידעיִשע כּוחות אין ייִדישן לעבן נאָכן חורבן.

דער "בונד" האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן ווי דער אידעיִש און מאָראַליש צום מערסטן קאָנסעקווענטער סעקטאָר אין ייִדישן לעבן פֿון אונדזער צײַט. מעגלעך אפֿשר, אַז אין זכות פֿון דער נישט־פֿאַרווירקלעכונג פֿון זײַנע צילן און באַשטימונגען – ווײַל כּמעט יעדע פֿאַרווירקלעכונג ברענגט מיט זיך אומפֿאַרמײַדלעך געוויסע פֿאַרקריפּלונגען און אַנטוישונגען. דער עיקר אָבער איז דער "בונד" געבליבן מאָראַליש שטאַרק און אויסגעהאַלטן אַדאַנק דער מאָראַלישער באַרעכטיקונג פֿון זײַן עקזיסטענץ, פֿון זײַנע צילן און אידעען.

מיר זאָגן דאָס איצט – אין ליכט פֿון דער אָנגעזאַמלטער דערפֿאַרונג פֿון דער ציוניסטישער פֿאַרווירקלעכונג, אין ליכט פֿון כּמעט פֿערציק יאָר מדינת־ישׂראל און צוואַנציק יאָר נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה.

דעם 5־טן יוני 1967, און נאָך מער זעקס טעג שפּעטער, האָט דאָס געפֿיל פֿון אַ גוואַלדיקער דערלײַכטערונג אַרומגעכאַפּט די אײַנוווינער פֿון ישׂראל און נישט נאָר זיי, נאָר אויך דעם רובֿ יידן אויף דער וועלט. דאָס געפֿיל פֿון דער שטיקנדיקער באַלאַגערונג, פֿון קלעם און פֿון פּחד פֿאַרן נאַציאָנאַלן און פּערזענלעכן קיום, האָט אָפּגעטראָטן זײַן אָרט דעם אויפֿברויז פֿון נײַע געפֿילן, אין וועלכע עס האָט זיך אויסגעמישט אומגעהײַערע פֿרייד, דערלײַכטערונג, התלהבֿות און שיכּרות פֿון נצחון, פֿון פֿלוצעמדיק אַנטדעקטן כּוח.

דער אויסברוך פֿון די שטאַרקע עמאָציעס איז געווען אינגאַנצן נאַטירלעך אויפֿן פֿאָן פֿון דעם שאַרפֿן איבערגאַנג פֿון ייִאוש צו שׂימחה; אַן איבערראַשנדיקער איבערגאַנג פֿון דער אויסזיכטלאָזער, פֿאַרצווייפֿלטער סיטואַציע, אין וועלכער עס האָט זיך געפֿונען די מדינה – פֿילנדיק ווי זי וואָלט געוואָרן אַרײַנגעשטופּט דורך אירע פֿײַנד אין ים אַרײַן – צו איר פֿלוצעמדיקער דערלייזונג און פֿרײַען אָפּעטעמען אויף די ברייטע פֿרײַע האָריזאָנטן, וואָס האָבן זיך פֿאַר איר געעפֿנט אין רעזולטאַט פֿון דעם גרויסן נצחון.

דער מיליטערישער נצחון, די נאַציאָנאַלע התלהבֿות און דאָס איבער־נעמען די מאַכט איבער די באַזעצטע טעריטאָריעס אין רעזולטאַט פֿונעם נצחון – דאָס אַלץ איז אָבער גלײַך געוואָרן איבערגעזעצט אויף דער נײַער אידעאָלאָגיע פֿון אַנעקסיעס און אויף דער אַגרעסיווער פּאָליטיק, וואָס איז געקומען אין רעזולטאַט פֿון די אָקופּאַציעס.

> *"...צוואַנציק יאָר נאָך דעם אַלעם דאַרף אַ מענטש זײַן בלינד אָדער שיכּור, כּדי נישט צו זען די קללה, וואָס טריפֿט אַרײַן און זאַפּט זיך אײַן אין דער ברכה פֿון אָט דער שפֿע פֿון די באַזעצטע שטחים"* –האָט געשריבן עוזי בנזימן, דער רעדאַקטאָר פֿון דער וועבנטלעכער בײַלאַגע פֿון היגן "הארץ" (פֿון 05.06.1987).

אין יענעם יאָר, אין 1967 און נאָך עטלעכע יאָר שפּעטער, האָט דער מענטש געדאַרפֿט האָבן אַ זעלטענעם נבֿיאישן חוש און אַ זעלטן שאַרפֿן פּאָרויסבליק, כּדי אויסצוגעפֿינען דעם קנויט פֿון דער צײַט־באָמבע, דעם צינדער פֿון דער זעלבסט־צעשטערונג און זעלבסט־פֿאַרניכטונג, וואָס איז פֿאַרשטעקט און פֿאַרבאָרגן אין די באַזעצטע ראַיאָנען, און אין דער אָקופּאַציע פֿון די שטחים בכלל.

און – מען האָט געדאַרפֿט האָבן אַ בונדישן לעבנסבליק, כּדי פֿאָרויסצוזען די פֿאַטאַלע פֿאָלגן, וואָס די אָקופּאַציע פֿון די פּאַלעסטינער טעריטאָריעס און דאָס הערשן איבער אַ צווייט פֿאָלק וועט ברענגען פֿאַר דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, פֿאַר איר פּאָליטישער געשטאַלטונג, און אויך פֿאַר איר פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער צוקונפֿט.

אמת, עס זענען געווען אייניקע פּערזענלעכקייטן – אַזעלכע ווי דער לינק־רעליגיעזער פּראָפֿ׳ יהושע לייבאָוויץ, דער געוועזענער (פֿאַקטיש באַזײַטיקטער) סעקרעטאַר פֿון דער הסתדרות, יצחק בן־אַהרון, און אַ צאָל אַנדערע – וועלכע האָבן געוואָרנט, אַז די אָקופּאַציע און דאָס הערשן איבער אַ צווייט פֿאָלק וועט פֿאַרוואַנדלען דאָס לאַנד פֿון די ייִדן אין אַ פּאָליצייִשער מדינה, און אַז עס איז כּדאַי אַפֿילו איינזײַטיק זיך אַרויסצוציִען פֿון די אָקופּירטע שטחים, נישט וואַרטנדיק ביז דער שלום וועט קומען, כּדי צו פֿאַרמײַדן די מאָראַלישע אַראָפּקײַקלונג פֿון אָט דעם ייִדישן ייִשובֿ, כּדי צו פֿאַרמײַדן דאָס אויפֿהאָדעווען אַ נײַעם דור פֿון אָקופּאַנטן – מיט אַ נײַער מענטאַליטעט, מיט נײַע מאָראַלישע נאָרמעס. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז די פֿאַרנומענע שטחים דאַרפֿן דינען נאָר ווי אַ קאָרט פֿאַר שלום־אונטערהאַנדלונגען, ווי אַ משכּון צו ברענגען די אַראַבישע מנהיגים צום פֿאַרהאַנדלונגס־טיש און צו דערגרייכן מיט זיי אַ לייזונג פֿאַר דעם ישׂראל־אַראַבישן קאָנפֿליקט.

הײַנט, צוואַנציק יאָר נאָך דעם זעקסטאָגיקן נצחון, דאַרף מען שוין נישט האָבן קיין ספּעציעלע סגולות, כּדי צו דערזען די געפֿאַרן, וואָס ליגן פֿאַרשטעקט אין דער הערשאַפֿט פֿון ישׂראל איבער די באַזעצטע שטחים. די צוואַנציק יאָר האָבן צוגעשטעלט גענוג באַווײַזן, כּדי צו ברענגען יעדן בר־דעת צו דער מסקנא, אַז די אָקופּאַציע פֿון די שטחים באַדראָט די עקזיסטענץ פֿון דער ייִדישער מדינה אפֿשר נישט ווייניקער, ווי עס באַדראָט זי דער טעראָר און ווי עס האָבן זי באַדראָט די אַראַבישע אַרמייען, וואָס האָבן געהאַט זיך פֿאַרמאָסטן קעגן איר מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

די דאָזיקע געפֿאַר ליגט נישט אַזוי אין דער פֿיזישער (מיליטערישער און אַדמיניסטראַטיווער) אָקופּאַציע פֿון די פּאַלעסטינער שטעט און דערפֿער און בערג און מידבריות, ווי אין דער אידעיִש־געזעלשאַפֿטלעכער דעמאָראַליזאַציע פֿון דעם ייִדישן ציבור אין רעזולטאַט פֿון דעם נײַעם סטאַטוס, וועלכן דער נצחון אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט געשאָנקען דער ייִדישער מערהייט אין מדינת־ישׂראל. אַ רעזולטאַט פֿון דער פּלוצעמדיקער איבערוואַנדלונג פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט געלעבט

אין קלעם פֿון שרעק און אויסזיכטלאָזיקייט און אין שאָטן פֿון טעראָר – אין אַ פֿאָלק פֿון אָקופּאַנטן, פֿון הערשער איבער אַ צווייט פֿאָלק מיט דער הילף פֿון מיליטערישן און פּאָליציייִשן כּוח און מיט אַלץ, וואָס דרינגט פֿון דעם אַרויס.

אָט דער פֿונדאַמענטאַלער אמת איז אָבער נישט פֿאַר אַלעמען קלאָר. מיר זאָגן דאָס נישט דערפֿאַר ווײַל מיר האַלטן, אַז מיר זענען די איינציקע, פֿאַר וועמען די השגחה האָט מגלה געווען דעם גאַנצן אמת. מיר זאָגן דאָס דערפֿאַר, ווײַל אונדזער בונדישער לעבנסבליק דערמעגלעכט אונדז צו זען די היסטאָרישע און סאָציאַל־פּאָליטישע אַנטוויקלונגען אַ סך ניכטערער, ווי עס זעען דאָס מענטשן מיט אַ נאַציאָנאַליסטישער וועלט־באַנעמונג. הײַנט זענען מיר שוין נישט די איינציקע, וואָס זעען די שעדלעכע רעזולטאַטן פֿון דער שאָוויניס־טישער און אַנעקסיאָניסטישער פּאָליטיק; הײַנט זעען דאָס שוין אויך ברייטערע קרײַזן פֿון ציוניסטישן לאַגער.

אָבער עס איז גענוג צו לייענען און צו הערן די פּרומע רייד פֿון די וואָס פֿאַרטרעטן דעם אַזוי־גערופֿענעם "נאַציאָנאַלן לאַגער", כּדי צו באַנעמען דעם גוואַלדיק טיפֿן תּהום, וועלכן די אָקופּאַציע פֿון די שטחים האָט אויסגעגראָבן צווישן די פֿאַרשיידענע טיילן פֿון דער ייִדישער געזעל־שאַפֿט, צווישן די פֿאַרשיידענע וועלט־אויפֿפֿאַסונגען און אידעאָלאָגישע שיטות. די וואָכנצײַטונג *נקודה*, דער אָרגאַן פֿונעם "גוש־אמונים", באַצייכנט ווי קליינקעפּלדיקע "קאַרליקעס", "גלות־ייִדן", "דעפֿעטיסטן" און אַפֿילו ווי גײַסטיק געשטערטע די אַלע, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן דער ווײַטערדיקער הערשאַפֿט איבער די "שטחים", וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

די אָקופּאַציע פֿון די שטחים האָט אָבער אין דער זעלבער צײַט פֿאַרווישט די מחיצה צווישן דעם שׂכל־הישר און דעם שׂכל־השקר בײַ יעדן אָנשטענדיקן יחיד, און האָט אויסגעגראָבן אַ טיפֿן תּהום צווישן זײַנע מעשׂים און זייער מאָראַלישער מאָטיוואַציע. נאָך מער: די אָקופּאַציע פֿון די שטחים האָט אין משך פֿון די צוואַנציק יאָר אויפֿגעשטעלט אַ גאַנצן סיסטעם פֿון קאָנווענציאָנעלע מאָראַלישע שקרים, וואָס צילן צו "כּשרן" בײַם יחיד, ווי אײנעם פֿון די הערשער – ווי אַ שרײַפֿל אין דעם הערשאַפֿט־מעכאַניזם – זײַנע נישט מאָראַלישע מעשׂים, וואָס ער באַגייט אָפּטמאָל אומבאַוווּסטזיניק, אָדער אָן זײַן וויסן, אָדער וואָס ווערן באַגאַנגען אין זײַן נאָמען אין באַצוג צו דעם באַהערשטן. מאָראַלישע שקרים, וואָס מאַכן אים ווייניקסטנס גלײַכגילטיק צו די אומרעכט, וואָס

ווערן באַגאַנגען אין זײַן נאָמען און אין נאָמען פֿון דעם "נאַציאָנאַלן הכשר" און דעם כּלומרשטן נאַציאָנאַלן אינטערעס.

אין דעם באַשטייט די גרויסע געפֿאַר פֿאַר דער ישׂראלדיקער געזעלשאַפֿט, און אויך פֿאַר דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אין די תּפֿוצות, מחמת דער אויטאָמאַטישער צושטימונג פֿון אירס אַ באַדײַטנדיקן חלק צו די מעשׂים, וואָס ווערן באַגאַנגען דורך די מאַכטהאָבערס אין ישׂראל.

נישט איין מאָל ווערט דער געהאָרזאַמער יחיד געצוווּנגען, אין די ראַמען פֿון זײַנע ציווילע פֿליכטן (אין מיליטערישן רעזערוון־דינסט, אָדער ווי אַ רעגירונגס־באַאַמטער, און ווי אַ נאַטירלעכער שותּף צו די מעשׂים פֿון דער רעגירונג און פֿון אירע אויספֿיר־אָרגאַנען) צו דערפֿילן "אומשולדיקע" פֿונקציעס, וואָס דרינגען אַרויס פֿון דעם אָקופּאַציע־סיסטעם אין רעזולטאַט פֿון זײַן קיום. אין אָט די אומשטענדן ווערט דער מאָראַלישער יחיד אַוועקגעשטעלט פֿאַר דער שווערער אויפֿגאַבע צו בלײַבן אַ מענטש אין די אָפּטמאָל אוממענטשלעכע אומשטענדן, וואָס עס שאַפֿט די הערשאַפֿט איבער די שטחים און איבער זייערע תּושבֿים.

אין דער דאָמינירנדיקער אַטמאָספֿער און אין דעם פּראָצעס פֿון אײַנלעבן זיך מיט די אײַנגעפֿירטע נאָרמעס – בעת דער בירגער איז אָפּהענגיק פֿון דעם מאַכט־אַפּאַראַט און פֿון דער מלוכישער ביוראָקראַטיע – געוווינט דער יחיד ביסלעכווײַז זיך צו צו די אָנגענומענע מאָראַלישע שקרים, געוווינט זיך צו צו די אויפֿגעקומענע באַגריפֿן און צו די ראָלן, וואָס ווערן אים צוגעטיילט און וואָס ער דאַרף אויספֿירן ווי אַ געהאָרזאַמער בירגער.

נישט יעדער איינער איז וויליק צו ווערן אויסגעלאַכט פֿון זײַנע חבֿרים, למשל, בעתן דערפֿילן זײַן יערלעכן רעזערווו־דינסט אין דער אַרמיי, ווען ער ווײַזט אַרויס רחמנות צו די אַראַבישע אײַנוווינער בעת די אָפּטע ברוטאַלע רעוויזיעס אָדער קאָנטראָלן, וואָס מען הייסט אים אַדורכפֿירן אויף די וועגן, אָדער ווען ער הייבט אָן זיך אויפֿצופֿירן אַזוי ווי זיי, און די זאַך ווערט אַ נאָרמע: אַ נאָרמע פֿון דער אָקופּירנדיקער מאַכט. נישט יעדער איינער איז גרייט צו גיין אין תּפֿיסה – הגם עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע – פֿאַר אָפּזאָגן זיך צו גיין דינען אויף די אָקופּירטע שטחים, ווו עס קען אים טיילמאָל צוגעטיילט ווערן די אויפֿגאַבע צו היטן די ווײַבער פֿון די מתנחלים אין "בית הדסה" אין חבֿרון, די ישיבֿה־תּלמידים אין "יוספֿס קבֿר" אין שכם, אָדער די קינדער פֿון הרבֿ משה לעווינגער אין חבֿרון זיי זאָלן זיך קענען שפּילן אומגעשטערט אויף דער גאַס אין דער צײַט פֿון אַ "קאָרפֿיו", אַ פּאָליציי־שעה, ווען עס איז די אַראַבישע

אײַנוווינער און זייערע קינדער פֿאַרוועגט אַרויסצוציִיִן פֿון זייערע שטובן.

זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט־לעבער נאָרמע איז געווען דער אינצידענט, וואָס איז פֿאָרגעקומען מיטן עגיפּטישן אַמבאַסאַדאָר מוכאַמעד באַסיוני, בעת ער האָט זיך צוריק־געקערט פֿון אַ באַזוך בײַם געוועזענעם (באַזײַטיקטן) בירגערמײַסטער פֿון עזה, ראַשיד אַ־שאַוואַ. אַרויספֿאָרנדיק פֿון עזה־פּאַס איז דער אויטאָ פֿון אַדעם מבאַסאַדאָר פֿאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם זעלנער פֿון דעם וואַרפּאַסטן אין משך פֿון אַנדערטהאַלבן שעה. עס האָבן נישט געהאָלפֿן די טענות פֿון דעם אַמבאַסאַדאָר, אַז ער איז אַ דיפּלאָמאַט – דער סאָלדאַט האָט אים באַפֿוילן צו שווײַגן און האָט אים באַליידיקט און דערנידעריקט אין די אויגן פֿון זײַן באַגלייטנדיקער משפּחה, האָט אים אָנגערופֿן... "שמוציקער אַראַבער".

אויף דער צאָרנדיקער אָנקלאַגע פֿונעם אַמבאַסאַדאָר פֿאַר דעם מיליטערישן פֿאַרוואַלטער פֿון עזה־פּאַס האָט דער זיך פֿאַר אים אַנטשולדיקט און עס איז פֿאַרמיטן געוואָרן אַ דיפּלאָמאַטישער אינצידענט. בעת דער אויספֿאָרשונג, וואָס די מיליטערישע מאַכט האָט פֿאַרפֿירט, האָט דער זעלנער זיך פֿאַרטיידיקט, אַז ער האָט סך־הכּל אויסגעפֿירט די אָנווײַזונגען פֿון זײַנע קאָמאַנדירן, און מחמת דער פֿינצטערניש (די זאַך איז געשען אינאָוונט) האָט ער נישט געזען, אַז דער אַראַבער איז מער ווי אַן אַראַבער: ער איז דער אַמבאַסאַדאָר פֿון עגיפּטן...

דער דאָזיקער אויסנאַם־אינצידענט מיטן עגיפּטישן דיפּלאָמאַט זאָגט עדות וועגן דער טאָג־טעגלעכער באַציִונג צו די פּשוטע אײַנוווינער, וועלכע האָבן נישט קיין דיפּלאָמאַטישע אומבאַרירלעכקייט. עס טרעפֿט פֿון צײַט צו צײַט, אַז געוויסנהאַפֿטע זעלנער, נאָכן פֿאַרענדיקן זייער מיליטער־דינסט, דערציילן פֿאַר דער פּרעסע וועגן אויפֿטרייסלענדיקע פֿאַלן פֿון איזדעקעווען זיך איבער די אײַנוווינער פֿון די פּליטים־לאַגערן בעת די זייער אָפֿטע רעוויזיעס און דאָקומענטן־קאָנטראָלן, וועגן דערנידעריקן אַראַבישע בירגער בעת די זיכערהייט־קאָנטראָלן אויפֿן פֿליפּלאַץ, וועגן סאַדיסטישע שיקאַנעס און וועגן פֿאַלן, ווען אַ זון איז געצוווּנגען געוואָרן צו פֿאַטשן זײַן טאַטן און ווען געפֿאַרשטע מענטשן זענען געצוווּנגען געוואָרן צו לעקן דאָס עסן פֿון דער פּאָדלאָגע, צו שעלטן אַראַפֿאַטן און אויסצופֿירן כּלערליי דערנידערנדיקע באַפֿעלן פֿון יידישע זעלנער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט די אָפֿיציעלע פּאָליטיק פֿון דער זיכערהייט־מאַכט. אָבער די דאָזיקע מעשׂים ווערן טאָלערירט כּל־זמן זיי קומען נישט אַרויס אין דער עפֿנטלעכקייט – און אויך דעמאָלט ווערן זיי לרובֿ פֿאַרווישט און בלײַבן לרובֿ אומבאַשטראָפֿט. די דאָזיקע האַנדלונגען זענען אָבער אַ רעזולטאַט פֿון דער אַלגעמיינער אַטמאָספֿער, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין רעזולטאַט פֿון דער אָקופּאַציע. זיי זענען אַ רעזולטאַט פֿון דער דעהומאַניזאַציע פֿון דעם באַהערשטן. זיי זענען אַ רעזולטאַט פֿון דער דעמאָראַליזאַציע פֿון אַ געזעלשאַפֿט, וואָס ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אָקופּאַנטן, פֿאַר וועלכע די באַהערשטע אײַנוווינער זענען נישט מער ווי "זשוקעס אין פֿלעשער" – ווי עס האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט דער געוועזענער שעף פֿונעם גענעראַל־שטאַב און שפּעטער מיניסטער, רפֿאל איתן.

פֿון דאַנען איז שוין נישט ווײַט דער וועג צום אַפּאַרטהײַד אויף די וועגן און שאָסייען, דער געדאַנק וועגן אַ "טראַנספֿער" פֿון די אַראַבער, וואָס איז אַרויסגערוקט געוואָרן צוערשט דורך דעם גענעראַל (אין רעזערוו) רחבֿעם זאבֿי – "גאַנדי" איז זײַן צונאָמען, – און דערנאָך דורך דעם וויצע־מיניסטער פֿאַר זיכערהייט־ענינים, מיכאל דקל; און פֿון דאַנען איז שוין אַוודאי נישט ווײַט דער וועג צו דער ראַסיסטישער שול־יוגנט.

און פֿון דאַנען איז שוין גאָר נישט ווײַט געווען דער וועג צו די פּאָגראָמען, וואָס זענען אַדורכגעפֿירט געוואָרן קעגן אַראַבישע אײַנוווינער אין קאַלקיליע, וואָס אויף די "שטחים" אויפֿן מערבֿדיקן ברעג, און אין גני־יהודה און אין רמת־עמידר (אַ קוואַרטאַל אין רמת־גן) – אין די אָריגינעלע גרענעצן פֿון מדינת־ישׂראל.

אין די צוואַנציק יאָר פֿון דער אָקופּאַציע האָט זיך פֿאַרלאָשן די האָפֿענונג, און עס האָט זיך אָנגעצונדן און אויפֿגעוועקט, ס'איז אויסגעוואַקסן און ס'האָט זיך טיף פֿאַרוואָרצלט אין די הערצער – די שׂינאה. אין יאָרן אַרום וועט זי ווערן נאָך שטאַרקער, אויב דער שלום וועט זי נישט איבעריאָגן.

שוין צוואַנציק יאָר לעבן מיר אין אַ צושטאַנד פֿון אילוזיעס און פֿון זעלבסט־אָפּנאַרערײַ, אין אַ גן־עדן פֿון נאַראָנים – אין דעם צעטרייסלטן באַלאַנס צווישן שׂינאה און פּחד, בעת דער וויכטיקסטער געבאָט פֿון יעדן אָנשטענדיקן מענטש בלײַבט ווײַטער – דער געבאָט צו בלײַבן אַ מענטש בײַ אַלע אומשטענדן.

*אונדזער צײַט*, **יוני 1987**

# פֿון דעם מחברס איבערזעצונגען

*סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ*

## *אַפֿאָריזמען*

**אַ בקשה**

פֿאַרלאַנג נישט פֿון דעם פֿיש אונטערן מעסער
ער זאָל דאַנקבאַר זײַן דעם פֿרעסער

**אַ שאָד יעדער טראָפּן...**

וואַסער איז נישט קיין בלוט
מע דאַרף עס היטן גוט

**וועגן היפּאָטעזעס**

אַזאַ איז שוין די טבֿע פֿון דער היפּאָטעזע:
ביז וואַנען די פֿיס וועלן איר אויסוואַקסן
טראָגט זי שוין אַ פּראָטעזע

**אַפֿילו**

אַפֿילו אויב דו וועסט וואַרפֿן נאָר אַן אַרבעס אין וואַנט
וועט דיר דער שכן שוין מער נישט דערלאַנגען די האַנט

**אַ געשמאַק־זאַך**

נישט יעדע מפּלה
איז זוֹכה אַ קללה.

**פֿון דער דערפֿאַרונג**

ס'איז לײַכטער פֿאַר מענטשן אין מאַסן געדיכטע
מיטצוגיין מיטן טראָט פֿון דער געשיכטע

**אַ גלענצנדיקע צוקונפֿט**

מיר וועלן אַמאָל נאָך קויפֿן טאַטעס
אויף ראַטעס.

**שוואַרצע סילועטן**

ס'איז נישט קיין מיטאָלאָגישער סילועט:
האַלב גאָט און האַלב אַנאַלפֿאַבעט

**שוויַיג – אַז אַלע זאָלן דיך הערן!**
ווער עס קען יענעמס שוויַיגן נישט פֿאַרטראָגן
דער האָט אַוודאי אַליין אויך גאָרנישט וואָס צו זאָגן

**ווען די הימלען שוויַיגן**
אויך דער אויבערשטער אַ יום־טובֿ זיך מאַכט
ווען די שיל איז פֿאַרמאַכט

**פֿראָנטן און האָריזאָנטן**
עס איז לײַכטער צו טוישן די פֿראָנטן
איידער די האָריזאָנטן

**אַ ביאָגראַפֿיע אין דרייַ שורות**
אַלע יאָרן זייַנע האָט ער קוים געלעבט
איצט זאָגט ער
אַז ער האָט זיך נישט אויסגעלעבט

**וועגן דערפֿאָלגן**
דער מענטש האָט ליב זיַינע דערפֿאָלגן צו דובלירן
כּדי ער זאָל דעם רום נישט פֿאַרלירן:
קוק: צוערשט איז זיַין פּאָזיציע געווען גאַנץ באַדיַיטיק
און אָט איז זי געוואָרן צווייטדיַיטיק

**צו מיַינע גוטע פֿריַינד**
אַך ווי נישט קיין גליַיכע שפּיל:
איך טראַכט הויך, און איר – שאַ שטיל

**נישט פֿאַרנאַרן**
לאָמיר נישט פֿאַרנאַרן דעם נאַקעטן פֿאַקט
ער זאָל אונדז פּאָזירן צום אַקט*

---

* "**אַן אַקט**" מיינט אין פּראָפֿעסיאָנעלן לשון פֿון קינסטלער – מאָלן אַ "ניוד", ד"ה: אַ נאַקעטן מאָדעל.

(פֿון פּויליש)

*יוליאַן טווּים*

# *דער לאָקאָמאָטיוו*

שטייט אויף דער סטאַציע אַ לאָקאָמאָטיוו,
אַ שווערער, אַ מעבטיק פֿאַרשוויצטער מאַסיוו:
און ס׳רינט אים דער שווייס
אַ געדיכטער און הייס.

שטייט ער און סאַפּעט און שטיקט זיך און בלאָזט,
עס רײַסט זיך דאָס פֿײַער פֿון בויך און צעבלאָזט.
בוך – אוי ווי הייס דאָ!
אוך – אוי ווי הייס דאָ!
פּוף – אוי ווי הייס דאָ!
אוף – אוי ווי הייס דאָ!
ער לעבט קוים און סאַפּעט און אָטעמט שוין שווער,
דער הייצער שיט קוילן אַלץ מערער און מער.
וואַגאָנען מען ריגלט אים צו אָן אַ צאָל –
גרויסע און שווערע, פֿון אײַזן, פֿון שטאָל.

מיט מענטשן דעם ערשטן וואַגאָן פּאַקט מען אָן,
מיט פֿערד און בהמות דעם צווייטן וואַגאָן.
דער דריטער איז פֿול מיט אַ חבֿרה גרובאַסן:
זיי זיצן און עסן די פֿעטע קאָלבאַסן.
דער פֿערטער וואַגאָן איז באַלייגט מיט באַנאַנען,
אין פֿינפֿטן וואַגאָן שטייען זעקס פֿאָרטעפּיאַנען,

אין זעקסטן אַ שווערער האַרמאַט – אוי ווי גרויס!
עס שטאַרצן די ריזיקע רעדער אַרויס.
אין זיבעטן: דעמבענע טישן און שאַפֿעס,
אין אַכטן אַ העלפֿאַנט, אַ בער און זשיראַפֿעס.
אין נײַנטן – חזירים געשטאָפּטע און פֿעטע,
אין צענטן – וואַליזעס און קאַסטנס און ברעטער.

אַזעלכע וואַגאָנען אַ פֿערציק קאָן זײַן –
איך ווייס נישט וואָס אַלץ נאָך עס קען דאָרט אַרײַן.
אַפֿילו ווען ס׳קומען אַ טויזנט אַטלעטן,
און יעדער זאָל אויפֿעסן טויזנט קאָטלעטן,
פֿון וואַנען זאָל יעדער די כּוחות ניט שעפּן –
אַזאַ שווערע מאַסע קאָן קיינער ניט שלעפּן.

פּלוצעם – אַ פּיַיף!
פּלוצעם – אַ גריַיף!
די פּאַרע – באַנג!
די רעדער – אין גאַנג!
ביַים אָנהייב פּאַמעלעך – ווי אַ טשערעפּאַכע,
עס רירט די מאַשין זיך פּאַרשלאָפֿן, אַ שוואַכע.
זי שלעפּט די וואַגאָנען זיך שלענגלען איעדער,
און לאַנגזאַם עס נעמען זיך דרייען די רעדער.

אָט נעמען זיי לויפֿן אַלץ גיכער און גיכער,
עס קלאַפּט דער מאָטאָר און ער יאָגט ווי אַ וויכער.

ווּהין־זשע? ווּהין־זשע? ווּהין־זשע? – פֿאָר גליַיך!
אויף רעלסן, אויף בריקן וואָס איבערן טיַיך,
דורך בערג, דורך טונעלן, דורך פֿעלדער פֿון וויַיט,
ער איַילט זיך, באַוויַיזן ער זאָל צו דער ציַיט,
ער קלאַפּט און ער טוקעט אָן אויפֿהער צום טאַקט:
טאַ–ראַ–טאַ, טאַ–ראַ–טאַ, טאַ–ראַ, טאַ–טאַ–טאַק.

אָט שליַיבט ער זיך גלאַטיק און ליַיכט מיטאַמאָל,
ווי ער וואָלט גאָר אַ באַלעם געווען, ניט קיין שטאָל,
ניט קיין איַיזערנער גולם, קיין מעכטיקער ריז,
נאָר אַ קינדערשער שפּילציַיג פֿון בלעך און פֿון פֿליז.

פֿון וואַנען, ווּהין און פֿאַרוואָס דער גאַלאָפּ?
ווער יאָגט אים אַזוי אַז ס׳פֿאַרדרייט זיך דער קאָפּ
ער זאָל פּראַלן און טריַיבן צום ווילדן געיעג?

– דאָס טריַיבט אים די פּאַרע די הייסע אין וועג,
די פּאַרע וואָס שפּאַרט און באַוועגט די מאָטאָרן
און שטויסט זיי אַלץ גיכער און גיכער צו פֿאָרן.
זי שיקט פֿון דעם קעסל איר הייסן באַפֿעל:
פֿאַרזאַמט נישט קיין רגע, פֿאָרט גיכער, פֿאָרט שנעל!
און ס׳ריַיסן די רעדער אַלץ מער זיך פֿאָרויס,
און ס׳פּראַלט זיך די פּאַרע פֿון קעסל אַרויס.
און ס׳קלאַפּן די רעדער אָן אויפֿהער צום טאַקט:

טאַ–ראַ–טאַ, טאַ–ראַ–טאַ, טאַ–ראַ, טאַ–טאַ–טאַק.

(פֿון פּויליש: © 2005)

חיים חפֿר

# די מלחמה איז פֿאַרענדיקט (מאַקאַמע)

די מלחמה איז פֿאַרענדיקט. איצט איז שאַ און שטיל / אַנטשוויגן שוין
די אויפֿרײַסן און אויס מלחמה־שפּיל / די האַרמאַטן זײַנען שטום, די
מאָטאָרן קאַלט / די טאַנקן – צעשמעטערטע גלידער , אָן אַ צורה,
אָן אַ געשטאַלט / אומבאַהאָלפֿן ליגן זיי ווי שטאָלענע פּגרים
צעוואָרפֿן אַרום / אָט איז ער, דער שטאָלץ פֿון דמשׂק, די פּראַכט פֿון
יאָרדאַניע, פֿון אַלטן מצרים דער רום / עס פֿרעסט דער זשאַווער
זייערע רײַטוועגענער וואָס ליגן
אָנמעכטיק און שטום / דאָס איז ער,
דער טאָל פֿון די טראָפֿייען, אָט
זײַנען זיי, די וווּנדער־מאָנסטערס
מיט די דראָענדיקע ציינער / אָ,
מענטש, דו בן־אָדם, זיי וועלן שוין
נישט אויפֿלעבן, די דאָזיקע
טרוקענע ביינער. //
– – – – – – – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – – – – – – – – –



אילוסטראַציע פֿון
מאַרסעל יאַנקאָ

די מלחמה איז פֿאַרענדיקט . שוין,
פֿאַרענדיקט איז דער קריג / די מלחמה איז פֿאַרענדיקט, נאָר מײַן
ברודער איז נישט געקומען צוריק / אָבער איך זע אים ווי ער קוקט
אַזוי צו מיר פֿון די פֿלאַמען / איך הער זײַן קול – אין די טליִענדיקע
קוילן ער שטאַמלט / איך פֿיל די וואַרעמקייט פֿון דעם לעצטן אָטעם
זײַנעם / אָ, ברודער מײַנער, גוטער ברודער, ביסט ווי אַ טויב
אַוועקגעפֿלויגן אין יענעם לאַנד דעם שיינעם / אין דעם ווײַטן לאַנד

*דעם ליכטיקן, וואָס וועט בלײַבן יונג אויף שטענדיק / אָ, ברודער מײַנער, גוטער ברודער, די מלחמה איז פֿאַרענדיקט. //*

*די מלחמה איז פֿאַרענדיקט, נאָר איר עכאָ קומט־אויף און ער ווערט נישט פֿאַרשוווּנדן / פֿון די בליקן פֿון מענטשן, פֿון די ערן־סאַלוועס און פֿון די נישט־פֿאַרהיילטע וווּנדן / און פֿון דער פֿרײַנדשאַפֿט פֿון קעמפֿער אין יענע גרויסע טעג / די מלחמה איז פֿאַרענדיקט און מיר לאָזן זיך אַהיים צוריק אין וועג / מיר גייען און עס ברענט נאָך אויפֿן לײַב אונדז דער מונדיר אונטערן ווײַסן העמד / מיר, די לעבעדיקע קעמפֿער, וואָס טראָגן מיט זיך אין די הערצער אויך אונדזערע מתים צוריק פֿון דער פֿרעמד / דער קריג איז פֿאַרענדיקט. עס איז שטיל און אַזוי פּוסט אויף דער נשמה / הלוואַי זאָל דאָס זײַן שוין די לעצטע מלחמה.*

(פֿון העברעיִש. פֿראַגמענטן)

*"קעמפֿער־פּאַראַד"* פֿאַרלאַג "עמיקם", **תּל־אָבֿיבֿ 1978**



י. ב.

## *וועגן דעם נאָרמאַטיוון אויסלייג*

### פּרײַע מחשבֿות וועגן לאָגיק און שׂכל־הישר, טראַדיציע און באַניַיונג אין דער שפּראַך־נאָרמירונג

איך האָב שוין נישט איין מאָל געהערט זאָגן, אַז אַ שפּראַך פֿאַרמאָגט נישט קיין לאָגיק. איך בין גרייט דאָס אָנצונעמען ווען עס רעדט זיך וועגן פֿאַרגרײַזטע ווערטער, וואָס האָבן זיך אָנגענומען און זענען געבליבן ווי *אויסנאַמען* אין דער שפּראַך. אָבער נישט ווען דאָס איגנאָרירן די לאָגיק ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ סיסטעם.

דאָס לאָמיר נעמען ווי אַ בײַשפּיל אַזעלכע אָפּט גענוצטע ווערטער, ווי: *"לעבן אים"* (אָנשטאָט *נעבן אים*), אָדער: *באַשײַמפּערלעך* (אָנשטאָט, ווי עס וואָלט פֿאַקטיש געדאַרפֿט זײַן, אָבער איז נישט – *באַשײַנפּערלעך*). דאָס זענען גרײַזן, וואָס נאָר ווי אַזעלכע דאַרפֿן זיי באַטראַכט ווערן, און ווי אַן אָנגענומענער אויסנאַם, און נישט ווי אַ פֿאַרפֿליכטנדיקע נאָרמע. ווײַל – מ'זאָגט נישט קיינמאָל "דערלעבן", צוליב זײַן בולט־אַנדערן באַטײַט, נאָר: *דערנעבן*; דעריבער קלינגט אין דעם פֿאַל בעסער אין מײַנע אויערן דער אויסדרוק "נעבן", וועלכער ווערט אין דער גערעדטער שפּראַך נישט ווייניקער באַנוצט, ווי "לעבן". דאָס וואָרט "לעבן" איז אין דעם קאָנטעקסט פּשוט אַ פֿאַרגרײַזונג פֿון "נעבן", און נישט מער. און – דאָס וואָרט "דערנעבן" קען זיך דאָך נישט אָפּזאָגן פֿון זײַן טאַטן! מ'קען אויך זאָגן "דאָס נעבנדיקע" און דערנעבנדיקע" – אָבער זיכער נישט: "דאָס דערלעבנדיקע".

דאַקעגן נוצן מיר אַלעמאָל אַזאַ וואָרט ווי: *באַשײַמפּערלעך*, און נישט *באַשײַנפּערלעך* – וואָס וואָלט לכל־הדעות און לויט דער לאָגיק געדאַרפֿט זײַן ריכטיק, ווײַל דער שורש פֿון דעם באַגריף איז *שײַן*, און ניט שײַם: – "קלאָר ווי די שײַן פֿונעם טאָג". דאָך נוצן מיר דאָ דווקא דעם גרײַז, ווײַל ער האָט זיך שוין פֿעסט פֿאַרוואָרצלט אין דער שפּראַך ווי *אַן אויסנאַם*.

דעריבער וועבדן מיר אָן אין דעם פֿאַל דעם שׂכל־הישר אויפֿן אָרט פֿון דער שטרענגער לאָגיק.

עס איז אָבער נישט פֿאַראַן קיין לאָגיק און קיין שׂכל־הישר אין פֿאַרגרײַזן די גראַמאַטיק און די אָרטאָגראַפֿיע, ווי עס טוען דאָס די שטײַפֿע "פּוריסטן" און אַ צאָל געלערנטע לינגוויסטן. און איך זע נישט קיין לאָגיק אין דער היפּער־אָבסעסיווער מלחמה קעגן די אַ"ג "דײַטשמעריזמען". אין פּרינציפּ איז די כּוונה צו דערווײַטערן זיך ווי ווײַט מעגלעך פֿון דער דײַטשישער שפּראַכלעכער השפּעה אַ געראָטענע. מ'טאָר דאָס אָבער נישט דערפֿירן צו קיין אַבסורדן – מ'קען זי נישט נעגירן אויף אַ טאָטאַלן און אָבסעסיוון אופֿן און זיך אָפּזאָגן פֿון ווערטער, וואָס אָן זיי קאָן זיך די שפּראַך נישט באַגיין. ייִדיש איז שוין גענוג שטאַרק זיך צו קענען אַן עצה געבן מיט די אַבסאָרבירטע ווערטער פֿון אַנדערע לשונות, און אַוודאי פֿון דײַטשיש, אויב זיי זענען באַקליידט אין אַ ייִדישן לבֿוש.

אמת, עס דאַרפֿן פֿאַרשטאַרקט ווערן כּלערליי שפּראַכלעכע דאַמבעס און צוימען, כּדי נישט צו לאָזן די שפּראַך זאָל פֿאַרפֿלייצט ווערן פֿון דעם וואָס מיר רופֿן "דײַטשמעריזמען", עס דאַרף זײַן אַ געוויסע גרענעץ, וואָס זאָל אָפּהאַלטן אומנייטיקע אַרײַנדרינגלערײַען – אָבער די גרענעץ קען נישט זײַן הערמעטיש פֿאַרמאַכט, זי קאָן נישט זײַן "פֿון ביז צום 17־טן יאָרהונדערט", ווי עס פֿאַרלאַנגען געוויסע מיליטאַנטישע טעאָרעטיקער. אויך דאָ דאַרף אָנגעווענדט ווערן די לאָגיק פֿון דער שפּראַך, דער שׂכל־הישר, און – דאָס פֿילעוודיקע אויער, דער געזונטער חוש פֿאַר דעם לעבעדיקן לשון.

אין מײַנע אויערן קלינגט, למשל, דאָס "פֿאַרבאָטענע" וואָרט *"אַלזאָ"* אַ סך וויניקער דײַטשמעריש, ווי דאָס "כּשרע", זייער אָפֿט גענוצטע וואָרט *"די אָדער "דאָס דאָזיקע"*, וואָס האָט אין זיך – פֿאָנעטיש – דעם בולטן קלאַנג פֿון דיזן־דאַזן... צי איז עס ייִדיש נאָר אין זכות פֿון דעם קָמץ אָדער, גראָד דערפֿאַר, ווײַל נישט זעלטן טרעפֿט, אַז מ'קען זיך פּשוט אָן אים נישט באַגיין? איך באַמי זיך טאַקע דאָס "דאָזיקע" וואָרט אויסצומײַדן און עס צו פֿאַרטרעטן, ווען נאָר מעגלעך, מיט *"אָט דעם"* אָדער *"דעם־אָ"* – אָבער נישט תּמיד גיט זיך עס אײַן, און צײַטנווײַז (אויך אַ געפּסלט וואָרט...) קען איך זיך נישט באַגיין אָן אים – מחמת דעם ריטעם, דעם געבוי פֿון דעם זאַץ, דעם קלאַנג פֿון דער סעמאַנטישער סבֿיבֿה און דער בייגעוודיקייט פֿון דער שפּראַך, וועלכע קען זיך נישט דערלויבן מוותּר צו זײַן אויף ווערטער, אָדער אויף ניואַנסן פֿון ווערטער, וואָס האָבן נישט תּמיד קיין גענויעם עקוויוואַלענט, קיין אַנדערן גלײַכווערטיקן אויסדרוק.

דאָס אײַנפֿירן דעם איינהייטלעכן אויסלייג אין דער ייִדישער שפּראַך־נאָרמירונג מיט זיבעציק יאָר צוריק איז געווען אַ דרינגענדיקע נויטווענדיקייט און אַ געבענטשטע איניציאַטיוו אין יענער גלאַנצפֿולער

עפּאָכע פֿון איר דינאַמישן אויפֿבלי. אָבער דאָס אָנוואַרפֿן דער נאָרמאַ־טיווער שפּראַך אַזעלכע אויסדרוקן ווי, *"מיגלעך"*, *"פּירלייג"*, אָדער *"מאָסקעווע"*, צי *"פּינעף"* אד"גל - קען מיט אָט די אויסטערלישקייטן קיין געזונט נישט צוגעבן דעם אומזיסט־און־אומנישט געפּײַניקטן לשון. די רײַכע ייִדישע שפּראַך קען זיך נישט אָפּזאָגן פֿון די הונדערטער ווערטער, וואָס ווערן דורך די "פּוריסטן" געפּסלט אָדער געשטעלט אונטער אַ ספֿק, אָן אַ לאָגישן גרונט. און דאָס אַזעלכע אויסדרוקן, ווי למשל: אויסדרוק, אויסנאַם, אומגאַנג־שפּראַך, איינזאַם, אָנשטענדיק, דיכטונג (!), העסלעך און העפֿלעך, ווידערשטאַנד, ענדערונג, מעסיק, און נאָך און נאָך אַזעלכע אומשולדיקע קרבנות פֿון דער רייניקונג מצד די משגיחים פֿון די תּקנות. דער וויכּוח אַרום די נישט־איינהייטלעכע תּקנות האָט אַרויסגערופֿן אַ שאַרפֿע מחלוקות אין דער ייִדיש־וועלט, אַ מחלוקת, וואָס האָט אָנגענומען מיט דער צײַט אַ נישט אָנשטענדיקן און צומאָל ווולגאַרן כאַראַקטער, ביז צו קעגנזײַטיקע באַשמוצונגען צווישן די "טראַדיציאָנאַליסטן" און די "פּוריסטן", אָדער, לויט דער באַצייכנונג פֿון ד"ר הירשע־דוד קאַץ, צווישן דעם "שטומען אלף" און די "דרײַ טשוועקעס".

אַזאַ מלחמה פֿירט צו אַקאַדעמישן פּראָווינציאַליזם און זעט מיר אויס אַפֿילו טראַגיש און גראָטעסקיש צוגלײַך אין דער איצטיקער סיטואַציע פֿון דער ייִדיש־קולטור. דערצו איז אויך דער לעגיטימער אַקאַדעמישער וויכּוח צומאָל אַראָפּגעפֿירט געוואָרן פֿון די רעלסן פֿון אָנשטענדיקייט מצד מאַנכע פֿאַנאַטיקערס פֿון איין שיטה אין זייער פּאָלעמיק מיט דער אַנדערער; דאָס נעמט, נאַטירלעך, אַוועק דעם חשק און דעם ווילן צו נעמען אַ וואָרט און צו קומען מיט אייגענע פֿאָרשלאָגן ("פּירלייגן", לויט די תּקנות) - כּדי נישט צו ריזיקירן מיט ווערן באַשמוצט מצד הייס געבאָדענע היטערס פֿונעם מאָנאָפּאָל אין דער נאָרמירונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך.

איך בין זיך מודה, אַז אין דעם וויכּוח מיט די אַקאַדעמישע מומחים געפֿין איך זיך אין אַ נידערלאַגע דערפֿאַר, ווײַל איך בין, לײדער, נישט קיין פּראָפֿע־סיאָנעלער לינגוויסט און נישט קיין פֿאָרשער. שפּראַך איז אָבער נישט קיין אויסשליסלעך אַקאַדעמישער קעגנשטאַנד. עס וואָלט אין דעם פֿאַל זיכער געווען אויפֿן אָרט צו פּאַראַפֿראַזירן די באַקאַנטע פֿראַזע, אַז מלחמה איז אַ צו ערנסטע זאַך מען זאָל זי אָנטרויען אין די הענט פֿון גענעראַלן – און לאָמיר זיך דערלויבן צו זאָגן, אַז די שפּראַך איז אַ צו ערנסטער ענין מען

זאָל אים איבערלאָזן בלויז אין די הענט פֿון לינגוויסטן... איך וועל זיך דעריבער אויך נישט באַנוצן מיט קיין מקורים און מיט קיין ציטאַטן. אַפֿילו נישט מיט קיין אויטאָריטעטן (חוץ דעם נאָרוואָס דערמאָנטן פֿאַל).

אויב איך האָב זיך דאָך דערלויבט אַרייַנצושטעקן מייַן נאָז אין אָט דעם שטרייַטפֿעלד, איז דאָס צוליב מייַן פּראָפֿעסיאָנעלער זשורנאַליסטישער אַנגאַזשירטקייט, וועלכע צווינגט מיך צו נעמען שטעלונג, ווי אויך דערפֿאַר, ווייַל איך האָב די שפּראַך־קענטעניש און אירע כּללים אייַנגעזאַפּט אין זיך נאָך אין מייַן גאָר פֿריִער קינדהייט ווי אַ תּלמיד פֿון אַ ייִדיש־וועלטלעכער פֿאָלקסשול, און שפּעטער, ווען איך האָב צו״אַנד זיך באַקענט מיט די לערעס פֿון שפּראַך־לאָגיק, אין די ראַמען פֿון מייַנע אוניווערסיטעט־לימודים פֿון פֿילאָסאָפֿיע – און נישט פֿון לינגוויסטיק. איך האָב יעדן מאָל זיך באַמיט זיך אָפּצוהאַלטן און נישט געלאָזט זיך צו טיף אַרייַנציִען אין דעם וויכּוח צווישן די ״טראַדיציאָנאַליסטן״ און די ״פּוריסטן״.

איך בין אָבער נישט איין מאָל געוואָרן געצוווּנגען צו רעאַגירן אין דעם ענין, ווי אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ ייִדישן זשורנאַל. דאָס האָט מיך פֿון מאָל צו מאָל אַרייַנגעבראַכט אין אַ ״פֿרייַנטלעכער מחלוקת״ מיט ביידע קאָנטראָווערסאַלע שיטות. אויב איך נעם איצט דאָך אַ וואָרט אין דעם ענין, איז דאָס כּדי צו ברענגען פֿאַר די קאָמפּעטענטע שפּראַך־מומחים די שטים פֿון אַ זשורנאַליסט, וואָס איז שוין צענדליקער יאָרן אַנגאַזשירט און כּסדר באַשעפֿטיקט מיטן ייִדישן לשון אין די *לעבעדיקע אומשטענדן,* מחמת דער דרינגענדיקער באַדערפֿעניש אויפֿצופֿרישן די שפּראַך אין די נייַ־באַשאַפֿענע באַדינגונגען. און איך מיין, עס איז כּדאַי, אַז די וואָס באַטראַכטן זיך פֿאַר באַרופֿן צו פּסקענען הלכה אין דער נאָרמירונג פֿון דער שפּראַך, זאָלן זיך באַפֿרייַען פֿון זייער פֿאַנאַטיזם און זאָלן אויך צו אָט דער שטים זיך צוהערן און נעמען זי אין באַטראַכט.

מ׳טאָר נישט פֿאַרגעסן, אַז די לעצטע תּקנות פֿון ייִוואָ זענען געוואָרן אויסגעאַרבעט דורך אַ בשותּפֿותדיקער קאָמיסיע פֿון ייִוואָ און פֿון דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש״אָ) אין די סאַמע לעצטע יאָרן קורץ פֿאַרן אויסברוך פֿון דער היטלער־מלחמה. עס איז שוין דעמאָלט קיין צייַט נישט געבליבן די תּקנות אויסצופּרובירן, צו קאָנפֿראָנטירן זיי מיט דער שפּראַכלעכער ווירקלעכקייט – הגם עס האָט שוין דעמאָלט געהערשט אַן אומצופֿרידנקייט און אַ קריטיק, דער עיקר צווישן שרייַבער און לערער, און נישט דווקא מצד די ״טראַדיציאָנאַליסטן״, וועלכע האָבן מחמת זייער

קאָנסערוואַטיזם נישט געקענט פֿאַרטראָגן קיין ענדערונג. זינט דעמאָלט איז שוין אַריבער קרובֿ צו זיבעציק יאָר, די מאַפּע פֿון ייִדיש האָט זיך "אַ ביסל" געענדערט, און מיט איר האָט זיך אויך גאָר באַדײַטנדיק געענדערט דער באַנוץ פֿון דער שפּראַך אין די פֿאַרשיידענע לענדער פֿון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט.

מײַן שטענדיקער דעוויז אין דער איצטיקער מחלוקת איז, אַז אַ שפּראַך דאַרף מען נישט נאָר קענען, אָדער אויסלערנען, נאָר אויך פֿילן. אַ צווייטער וויכטיקער כּלל דאַרף זײַן, לויט מײַן מיינונג, אַז דאָס לערנען די שפּראַך דאַרף געמאַכט ווערן וואָס לײַכטער, וואָס ווייניקער קאָמפּליצירט און וואָס מער צוגעגלעך פֿאַר די נײַע תּלמידים.

דאָס מיינט אָבער נישט, אַז מען מעג דערלאָזן צו הפֿקרות, ווײַל דאָס "פֿילן די שפּראַך" איז אַנדערש בײַ פֿאַרשיידענע מענטשן אין פֿאַרשיידענע ערטער פֿון דער געאָגראַפֿישער ייִדיש־מאַפּע. די ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך אָבער זייער גוט "געספּראַוועט", זייער גוט זיך אַן עצה געגעבן מיט אָט דעם פּראָבלעם, און אין איר האָט די שפּראַך – די ליטעראַרישע שפּראַך, ווי מען רופֿט זי – געפֿונען דעם געהעריקן תּיקון. עס דאַרף דעריבער אָפּגעהיט ווערן די קעגנזײַטיקע באַווירקונג צווישן דער לינגוויסטיק, צו וועלכער די ליטעראַטור דאַרף אָנקומען, און דער ליטעראַטור, מיט וועלכער די לינגוויסטיק דאַרף זיך צום מערסטן רעכענען.

דאָס איז מײַן קרעדאָ, מיט וועלכן איך דערלויב זיך צו נעמען אַ וואָרט אין דעם לינגוויסטישן וויכּוח. דער עיקר ווי אַ זשורנאַליסט – מחמת די ייִדישע זשורנאַליסטיק איז צום נאָענטסטן צו דער "שטים פֿון פֿאָלק", אָבער זי נייטיקט זיך אין אַן אַנטשיידונג בנוגע דער שפּראַך־נאָרמירונג, זי נייטיקט זיך אין אַן איינהייטלעכן אויסלייג – בעת יעדער צד דערקלערט זיך פֿאַר דעם קאָמפּעטענטן אויסלייגער, און מיר איז שווער זיך בלינד און געהאָרכזאַם אונטערצוזוואַרפֿן זייערע כּללים, אויב זיי דערווידערן, לויט מײַן מיינונג, דער לאָגיק און דעם שׂכל־הישר פֿון דער שפּראַך.

## *וועגן זיכערהייט און אַנדערע "דרײַטשמעריזמען"*

אַן אומזיסטער קרבן פֿון די ייִוואָ־תּקנות איז געפֿאַלן די *זיכערהייט*, וועלכע איז אומשולדיק אויסגעמעקט געוואָרן פֿון דעם וואָקאַבולאַר פֿון ייִוואָ, און איז פֿאַרביטן געוואָרן אויפֿן וואָרט *זיכערקייט*. די מחברים פֿון די תּקנות האָבן איגנאָרירט דעם פֿאַקט, אַז זיכערקייט און זיכערהייט זענען צוויי באַזונדערע באַגריפֿן: "איך האָב נישט די *זיכערקייט*, אַז ער וועט מיר אָפּגעבן דאָס געלט", און – "די רעגירונג דאַרף זאָרגן פֿאַר דער *זיכערהייט* פֿון לאַנד"...

זיכערקייט איז אַ סיטואַציע, אין דער צײַט ווען זיכערהייט איז אַ ברייטער באַגריף: אַזוי ווי גלײַכקייט (ווי דער קעגנזאַץ צו קרומקייט) און גלײַכהייט; פֿרײַקייט (זיך אָרומדרייען, למשל, פֿראַנק־און־פֿרײַ) און פֿרײַהייט; שיינקייט און (אַ) שיינהייט (די שיינקייט פֿון דער נאַטור, און – זי איז אַ שיינהייט). צי קען די שפּראַך זיך באַגיין אָן אַ מערהייט־און־מינדערהייט, און אָן פֿרײַהייט? און צי קען אַ פֿאָלק דען לעבן אין שלום אָן מלוכישער זיכערהייט?

כּמעט אין אַלע שפּראַכן זענען זיכערהייט און זיכערקייט צוויי באַזונדערע באַגריפֿן: safety, security און certainty אויף ענגליש, bezpieczeństwo און pewność אויף פּויליש, безопасность און уверенность אויף רוסיש, assurance, certitude – און sécurité אויף פֿראַנצייזיש אד"גל. באַזײַטיקן דווקא די "זיכערהייט" פֿונעם ייִדישן ווערטער־אוצר ווי אַ "דײַטשמעריזם", אָדער ווי אַן "איבעריק" וואָרט – גראָד ווען מיר לעבן אין אַזאַ נישט־זיכערער וועלט – און פֿאַרטרעטן עס מיט דער באַשרענקטער "זיכערקייט"... – דאָס איז סײַ אַ לאָגישער אומזין און סײַ אַ סעמאַנטישע עוולה קעגן דער שפּראַך.

אַזוי ווי מיט דער "זיכערהייט" באַגייען זיך אונדזערע "פּוריסטן" אויך מיטן וואָרט *"וועזן"*: איך הער פֿון זיי, אַז דאָס איז אַ דײַטשמעריש וואָרט; פֿאַרשטיי איך נישט פֿאַרוואָס, אויב אַזוי, איז יאָ כּשר דאָס וואָרט *"וועזנטלעך"*, און – פֿאַרוואָס קאָן מען זאָגן, אַז "מען דאַרף נישט מאַכן פֿון דעם קיין וועזן", וואָס איז דאָך אַזוי פֿאָלקסטימלעך ייִדישלעך... און דאָס בינדט זיך שוין אויך מיטן באַגריף "אַ וועזנהייט" (a being, און אין עבֿרית: "ישות"). עס איז פֿאַר מיר אַ רעטעניש וואָס פֿאַר אַ חטא עס איז באַגאַנגען דאָס וואָרט *"מעגלעך"*, וואָס מען האָט עס פֿאַרוואַנדלט אין *"מיגלעך"* (אַפֿילו אויך אין אוריאל ווײַנרײַכס אַזוי ערנסטן און קאָמפּעטענטן *מאָדערן ענגליש־ייִדיש און ייִדיש־ענגליש ווערטערבוך*, וואָס איז דערשינען אַ יאָר נאָכן טויט פֿון דעם מחבר) – בשעת דאָס וואָרט שטאַמט פֿון "מעגן", און נישט פֿון "מיגן"? ווי מעג מען דאָס טאָן? פֿאַר באַנוצן דאָס וואָרט "ענדערונג" דער געלערנטער אידעאָלאָג פֿון דעם אויסגעטרוקנטן "לײַטישן מאַמע־לשון" אָפּגעחוזקט פֿון מיר אין זײַן אָרגאַן "אויפֿן שוועל" אין אַ מישטיינס געזאָגטן פֿעליעטאָנדל אונטערן קעפּל: "ער וויל זײַן אַ קאָלומבוס"... און – מיט וואָס האָט זיך פֿאַרזינדיקט, און פֿאַרוואָס זאָלן מיר פֿאַרשעמען דאָס וואָרט *"באַרימט"* און עס פֿאַרטרעטן, ווי עס האָבן געעפּסקנט די "משגיחים", מיטן העברעיִשן *"פֿאַרשֵמט"*, רחמנא־לצלן, וואָס קלינגט אין דעם פֿאַל אַזוי פֿרעמד און גראָטעסקיש אין יעדן שפּראַך־פֿילנדיקן אויער? און מיט וואָס איז "סע" מער געוווּנטשן פֿון "עס"?

## *וועגן אַ "פּריַיִער" גראַמאַטיק*

אין אַ לערנבוך – אַ האַנטבוך – פֿאַר לערער פֿון ייִדיש, וואָס איז דערשינען אין די לעצטע יאָרן, האָבן מיר, למשל, געפֿונען דאָס וואָרט *"איבערדרורן"* – צעטיילט אין צוויי באַזונדערע ווערטער: *איבער דורן* (!).

איך קען נישט אָננעמען די אײַנשטעלונג, אַז נאָר גלײַכווערטיקע זאַכווערטער (סובסטאַנטיוון) קענען ווערן פֿאַרבונדן, אין דער צײַט ווען אָרגאַניש פֿאַראייניקטע ווערטער ווערן אומנייטיק צעשפּאָלטן, ווי למשל: דאָס וואָרט *אַמאָל*, וואָס איז אומנייטיק צעשפּליטערט געוואָרן אויף "אַ מאָל" – אַן אומבאַשטימטן אַרטיקל און אַ זאַכוואָרט (אַ סובסטאַנ־טיוו), און דאָס וואָרט *מיטאַמאָל* איז געוואָרן צעדריבלט אויף גאַנצע דרײַ: *מיט אַ מאָל* [די צעדריבלונג פֿון דעם וואָרט אויף אַ באַזונדערער פּרעפּאָזיציע, אַן אומבאַשטימטן אַרטיקל און אַ סובסטאַנטיוו איז, לויט מײַן מיינונג, פּשוט אַ לאָגישער אומזין]. *בײַטאָג* – איז געוואָרן *בײַ טאָג*, און *בײַנאַכט* – *בײַ נאַכט*; *אַמאָל* איז געוואָרן *אַ מאָל*; די תּקנות אָנערקענען נישט דעם אונטערשייד צווישן *איין מאָל* און *איינמאָל*: איין מאָל זאָגט ער אַזוי און איין מאָל אַזוי; איין מאָל האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט און דערציילט דעם אמת; דעם אַנדערן מאָל האָט ער שוין נישט געוואַגט...; אָבער – איינמאָל (וואָס מיינט אַ געוויסן מאָל, אָדער אַ באַשטימטן מאָל) האָט ער זיך אויפֿגעוועקט אַ באַגאָסענער מיט שווייס...

און – *פֿאַרוואָס* טאַקע זאָל אָט דאָס פּרעגנדיקע וואָרט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ *"פֿאַר וואָס"*? (סײַדן אין דעם ספּעציפֿישן פֿאַל פֿון "פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען", ווו די פּרעפּאָזיציע און דער פּראָנאָם דאַרפֿן זײַן אָפּגעטיילט).

באַזונדערס נישט דאַנקפּול (און אַפֿילו נישט דאַנקבאַר, וואָס איז טריף בײַ די "פּוריסטן") זענען די תּקנות צום *דאַנק*: זיי פֿאַרזעען דעם מהותדיקן אונטערשייד צווישן דעם סובסטאַנטיוו *אַ דאַנק*, ווו דער "אַ" איז דער אומבאַשטימטער אַרטיקל: אַ דאַנק פֿאַר דער מתּנה – און דער פּרעפּאָזיציע *אַדאַנק*: אַדאַנק איר איז ער געוואָרן אַ גבֿיר; און אויף דער זעלבער וואָג: *"צוליב* אים בין איך בדלות געוואָרן", און – "איך האָב אים געוואָלט *צו ליב* טאָן".

אַזוי איז אויך געוואָרן מיט דער היים: די "פּוריסטן" פֿאַרוואַנדלען אָפּטמאָל דעם אַדווערב און אויך דעם ווערב, אין אַ סובסטאַנטיוו מיט אַן אומבאַשטימטן אַרטיקל, ווי למשל, דאָס וואָרט *"אַהיימקומען"*: "איך קום *אַ היים"*, *"אַ היים געקומען"* – אָנשטאָט *"איך קום אַהיים"*, *"כ'וועל אַהיימקומען"*, *"כ'בין אַהיימגעקומען"*, ווי עס דאַרף זײַן, לויט דער ריינער לאָגיק און דעם שׂכל־הישר. דאָס זעלבע איז אויך מיטן ווערב *צוריקקומען* –

וואָס די תּקנות האָבן פֿאַרגרײַזט (זאָל מען מיר מוחל זײַן מײַן חוצפּה) אויף *"צוריק קומען"*; *"צוריקגיין"* אויף *"צוריק גיין"*; *"אַריבערגיין"* – אויף *"אַריבער גיין"*. אַזוי דאַרף אויך זײַן *"איבעראַכטאָג"* און נישט *"איבער אַכט טאָג"*; *"איבעראַיאָר"*, און נישט *"איבער אַ יאָר"*; *"פֿאַראַיאָרן"*, און נישט *"פֿאַר אַ יאָרן"*, אַזוי ווי *"אײערנעכטן"* און *"איבערמאָרגן"* און *"אינדערפֿרי"*, – און נישט: *"אײער נעכטן"*, *"איבער מאָרגן"*, *"אין דער פֿרי"*; און אויך *"פֿינף אַזייגער נאָכמיטאָג"* – און נישט *"פֿינף אַ זייגער נאָך מיטאָג"*.

אַ היפּשע הפֿקרות הערשט אויפֿן געביט פֿון דער גראַמאַטיק – אָבער דאָ וואָלט איך נישט געזאָגט, אַז עס זענען פֿאַראַן חילוקי־דעות, נאָר אַ פּשוטע איגנאָראַנץ. אין דער גראַמאַטיק זענען פֿאַראַן קלאָרע פֿעסטגעשטעלטע כּללים, וועלכע זענען נישט אָפּהענגיק פֿון קיין שום דיאַלעקט אָדער שפּראַכלעכער סבֿיבֿה. עס זענען אָבער פֿאַראַן חשובֿע פּראָפֿעסאָרן, אַפֿילו לערערס פֿון ייִדיש אויף די אוניווערסיטעטן, וועלכע זענען לײַדער מיט דער גראַמאַטיק צעקריגט און זיי ווייסן נישט, אָדער זיי איגנאָרירן באַוווּסטזיניק דעם כּלל, אַז ווען אַ זאַכוואָרט פֿון אומבאַשטימטן געשלעכט באַקומט אַ באַשטימטן אַרטיקל, ענדערט זיך די פֿאָרם פֿונעם אַדיעקטיוו וואָס באַגלייט עס. נישט ווייניק ווייסן ווערן נישט זאַנט אַ פֿאַרגרײַזטע גראַמאַטיק – אַפֿילו אין זייערע עסייען ווענגן די ענינים פֿון שפּראַך. מאַנכע פֿון זיי נוצן דאָס אייגנשאַפֿטס־וואָרט (אַדיעקטיוו בלע״ז) מיטן באַשטימטן אַרטיקל אַזוי ווי מיטן אומבאַשטימטן: אַזוי, למשל, שרײַבט אַ לערער, אַ פּראָפֿעסאָר פֿון ייִדיש: *"דאָס ייִדיש ליד"*, ווען נאָר מיטן אומבאַשטימטן אַרטיקל איז עס טאַקע "אַ ייִדיש ליד"; אָדער *"דאָס קליין קינד"*, אַנשטאָט *"דאָס קליינע קינד"*. *"דאָס ייִדיש האַרץ"*, *"דאָס ייִדיש וואָרט"* – אַנשטאָט *"דאָס ייִדישע האַרץ"*, *"דאָס ייִדישע וואָרט"* אאַז״וו. אַזוי דאַרף זײַן אין דער צערטל־פֿאָרם: *"דאָס קליינע ייִנגעלע"*, *"דאָס שיינע מיידעלע"* (און נישט "דאָס שיין מיידעלע") אד״גל.

זיי "אָנערקענען אויך נישט" די בייגונג לגבי דעם אַדיעקטיוו, אין געניטיוו־פֿאַל צי אין אַקוזאַטיוו, ווי דאָס וואָלט זיי נישט פֿאַרפֿליכטעט... אין אַ בוך פֿון אַ צווייטן זייער חשובֿן שרײַבער האָב איך געפֿונען אַזעלכע זאַצן, ווי: "דאָס פֿעלן פֿון דערפֿאַרונג מאַכט *יעדער איינעם* (אָנשטאָט *יעדן איינעם*) אומבאַהאָלפֿן"; *"דער* (אַנשטאָט *דעם*) נעקראָלאָג האָב איך נעכטן דערזען; "דאָס געפֿיל, אַז *יעדער רגע*" (געמיינט אפֿשר: צו יעדער רגע?); "אַז *יעדער וואָרט*", אד״גל – אין אַ נאָמינאַטיוו.

## *דער, די און דאָס*

די ייִדישע גראַמאַטיק לײַדט, ווי באַוווּסט, פֿון דער נישט־איינהייטלעכקייט פֿונעם געשלעכט, און לויט אים – פֿון דעם באַשטימטן אַרטיקל (דער, די און דאָס), אין די פֿאַרשיידענע דיאַלעקטן פֿון דער שפּראַך. די ליטווישע און די רוסישע ייִדן, למשל, זאָגן: די ליד, די ווײַב, די הויז, די פּוס, דער פֿערד; דאָס געשטאַלט, די מעטאָד, די סיסטעם, די פּראָבלעם אאַז״וו; די וואַרשעווער זאָגן: ״דער געטאָ; די לאָדזשער: דאָס געטאָ. די ווילנער – און נישט נאָר זיי – זאָגן: די געטאָ. (וואָס שייך דעם לעצטן וואָרט, האָב איך אָבער נישט געזען מ׳זאָל אַ מאָל שרײַבן: ״פֿון דער געטאָ״ – נאָר אַלע מאָל: ״פֿון דעם געטאָ״; אין בעסטן פֿאַל: ״פֿון געטאָ״, אָן דעם אַרטיקל).

סײַ די וואַרשעווער און סײַ די לאָדזשער זאָגן: דאָס ווײַב, דאָס ליד, דאָס הויז, דער פּוס, דאָס פֿערד, די אָדער *דאָס* געשטאַלט, דער מעטאָד, *דער* סיסטעם, *דער* אָדער *דאָס* פּראָבלעם. אַ טייל פֿון די ייִדישע פּובליקאַציעס שרײַבן *״דער טייל״*, אַנדערע *״די טייל״*; *״דער אַלטערנאַטיוו״* – *״די אַלטערנאַטיווע״*. אַ צײַטונגס־אַרטיקל, למשל, געניסט סײַ פֿון דעם מענלעכן און סײַ פֿון דעם אומבאַשטימטן געשלעכט, און ווערט דורך איניקע באַגלייט מיטן אַרטיקל *״דער״*, בעת אַנדערע זאָגן: *״דאָס אַרטיקל״*...

דער (דאָס?) געשלעכט און, לויט אים, דער אַרטיקל פֿון די סובסטאַנטיוון זיי זענען אין דער גרעסטער מאָס באַווירקט פֿון די שכנותדיקע שפּראַכן: אין רוסיש געהערן אַזעלכע ווערטער ווי ״סיסטעם״, ״פּראָבלעם״, ״מעטאָד״, ״פּראָגראַם״ און ענלעכע באַגריפֿן – צום ווײַבלעכן מין: система, проблема אד״גל; דאַקעגן אין פּוילישן לשון זענען זיי פֿון מענלעכן מין: system, problem. היות ווי אָט די ווערטער ווערן אין ייִדיש כּמעט אַלע אַרויסגעזאָגט לויטן פּוילישן נוסח, דהײַנו אין דער מענלעכער פֿאָרם – זע איך דעריבער נישט קיין לאָגישע סיבה הלמאַי זאָל דער אַרטיקל גענוצט ווערן דווקא לויט דער רוסישער אויסשפּראַך, ווײַל ס׳קומט אַרויס אַזוי־אַרום, לויט ווי מײַן אויער נעמט עס אויף – אַ ווײַבלעכער אַרטיקל צו אַ מענלעכן סובסטאַנטיוו: די סיסטעם, די פּראָבלעם, די פּראָגראַם אאַז״וו. דערפֿאַר לייג איך פֿאָר צו שרײַבן (לויטן נוסח פֿון די *לעבנס־פֿראַגן*): דער סיסטעם, דאָס פּראָבלעם, דער פּראָגראַם. ווי איך פֿאַרשטיי אָבער, שפּילט דאָ אַ דעצידירנדיקע ראָל (די ״תּקנות״ זאָגן: ״ראָלע״) סײַ די השפּעה פֿון דרויסן, און סײַ די געוווינהייט (אָדער געוווינטקײַט).

דאָס זעלבע איז אויך חל אויף באַגריפֿן פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלן ווערטער־אוצר, וואָס ענדיקן זיך מיט ״טעט״: *אוניווערסיטעט, אויטאָריטעט, סאָלידאַריטעט, נערוועזיטעט, באַנאַליטעט, וווּלגאַריטעט, קאַפּאַציטעט,*

*פּאַריטעט, רעאַליטעט, קוואַליטעט* אד״גל. אַלע געהערן זיי צום ווײַבלעכן מין, חוץ ״אוניווערסיטעט״, וואָס ווערט אין ייִדיש געניצט סײַ אין ווײַבלעכן און סײַ אין מענלעכן געשלעכט. נישט קלאָר איז מיטן וואָרט *די טאַט* – אָדער *דער טאַט*? אאַז״וו.

אין באַצוג צום וואָרט *״יאָרצײַט״* גילט פֿאַר מיר דער אײַזערנער כּלל, אַז אין אַ טאָפּלוואָרט באַציט זיך דער אַרטיקל צום סוביעקט פֿון דעם באַהעפֿטיקטן וואָרט, דעם זאַכוואָרט – און דערפֿאַר דאַרף מען זאָגן: *דאָס ציַיטוואָרט, דאָס לערנבוך* און *די יאָרצײַט* (די צײַט פֿונעם יאָר) – און נישט ״דער יאָרצײַט״, ווי עס שרײַבן הײַנט פֿעלערהאַפֿט, קעגן די גראַמאַטישע כּללים, די מערסטע ייִדישע פּובליקאַציעס.

אַ נישט־איינהייטלעכקייט הערשט בנוגע די ווערטער: *געוועדט* (אָדער *געוועדעט*) – און *געוואָגן, געברענגט* און *געבראַכט, פֿאַרברענגט* און *פֿאַרבראַכט, געשריבן* און *געשריגן*, אד״גל. איך מיין, אַז ביידע פֿאָרמען זענען לעגיטים – געגנוי אַזוי ווי *זענען* און *זײַנען*, און ווי *ניט* און *נישט*, א״אַנד. – חוץ אפֿשר *״קענען״* און *״קאָנען״*.

פֿאַר די וואָס באַנוצן זיך מיט *״נישט״*, וואָלט איך געעצהט (און אַזוי פֿיר איך זיך) צו נעמען אין באַטראַכט דעם פֿאָנעטישן מאָטיוו, דהײַנו – אויסמײַדן אַ ״פֿאָנעטישן צוזאַמענשטויס״ צווישן ענלעכע קלאַנגען, ווי למשל: *״נישט שטענדיק״, ״נישט שטאַרק״*, וואָס איז שווער אַרויסצורײדן, און מ׳זאָל דעריבער שרײַבן: *״ניט שטענדיק״, ״ניט שטאַרק״, ״ניט שווער״, ״ניט שטרענג״, ״ניט שטרויכלען״, ״ניט שייך״, ״ניט שלאָפֿן״, ״ניט שווײַגן״* אד״גל – לויט דעם זעלבן פּרינציפּ פֿון פֿאַרלײַכטערן די אויסשפּראַך, לויט וועלכן מען שרײַבט שוין מער ניט ״זעלבסטשטענדיק״, נאָר ״זעלבשטענדיק״, און ״זעלבסטעטיקייט״ (מיט איין ״ט״), אאַז״וו. אַזוי אויך איז געוווּנטשן זיך אומצוגיין לויטן זעלבן פּרינציפּ מיט די דערנעבנדיקע (נישט ״דער־לעבנדיקע״...), דהײַנו שכנותדיקע ווערטער, ווי למשל: ״אַז עס איז״, און נישט ״אַז ס׳איז״, אָדער ״אָט וואָס עס שטייט געשריבן״ – און נישט *״אָט וואָס ס׳שטייט געשריבן״*, ווי מיר האָבן דאָס געפֿונען גראָד אין אַ געוויסן לינגוויסטישן עסיי.

אַ סך פּען־מענטשן באַנוצן זיך נישט ריכטיק מיט דער צוקונפֿטיקער פֿאָרם, באַציענדיק זיך צו דער פֿאַרגאַנגענהייט. למשל, שרײַבנדיק וועגן אַ זאַך וואָס איז פֿאָרגעקומען אַ געוויסן טאָג, לאָמיר זאָגן, פֿאַראַיאָרן, שרײַבן זיי, למשל: ״איך צוויי וואָכן אַרום האָב איך אים ווידער באַגעגנט״... דאָס איז נישט ריכטיק, ווײַל ״אין צוויי וואָכן אַרום״ מיינט נאָר פֿון איצט, דעם טאָג, אָדער פֿון דעם מאָמענט, ווען עס ווערט וועגן דעם געשריבן – און נישט וועגן אַ זאַך,

וואָס איז שוין פֿאָרגעקומען (צוויי וואָכן נאָך דער ערשטער באַגעגעניש). מען דאַרף שרײַבן: *"צוויי וואָכן נאָך דעם"*, אָדער: *"צוויי וואָכן שפּעטער"*, האָב איך אים ווידער באַגעגנט.

## *וועגן דעם אַטאַקירטן "שטומען אַלף":*

געוויינלעך, ווען מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין קאָמפּיוטער און קיין ייִדיש־פּראָגראַם, האָט דער "שטומער אַלף" געגרענצט פֿאַר אַ מחיצה צווישן צוויי וואָקאַלן, ווי למשל *רואיק*. הײַנט קענען מיר זיך פֿרײַ אַרויסהעלפֿן מיטן חיריק און מיטן מלופֿום; און מיטן מחיצה־אַלף קאָן מען, לויט מײַן מיינונג, זיך באַדינען נאָר דאָרט, וווּ איינער פֿון די "יודן" אָדער "וואָוון" ווערט אַקצענטירט און ווען דער "אַלף" קומט בײַם אָנהייב פֿון אַ זילב אָדער פֿון אַ סופֿיקס – ווי למשל: פֿאַראייניזאַמט, פֿאַראייניקט, באַציאונג, דערציאונג, בליאונג, גליאיק, טואונג, און אַפֿילו לגבי רויִק, וואָס קען אויך הײַנט זײַן "רואיק" און ווו דער "אַלף" איז נישט קיין פֿעלער – אָבער גאָר באַזונדערס צווישן דרײַ וואָקאַלן, ווי: פּאַרטייאיש, פּאָליציייאיש, *שנייאיק*, דערבײַיאיק אד"גל. דער עיקר קומט ער (דער אַלף) צו נוץ דאָרט וווּ ער אַקצענטירט דעם זילב, אַזוי ווי בײַם אָנהייב פֿון די ווערטער *"און"*, *"אין"*, "אויך", *"אונדזער"* אד"גל. שטערן, שטערט עס נישט: ער פֿירט אויס די זעלבע פֿונקציע, וואָס דער חיריק אונטערן "יוד" און דער מלופֿן בײַם "וואָוו". אין דעם פֿאַל קען דאָס פּראַקטיצירט ווערן לויטן העברעיִשן מוסטער פֿון "כּתיבֿ חסר" און "כּתיבֿ מלא". מיטן אָנווענדן דעם ניקוד (געפּינטלטע אותיות) איז דער אַלף אין די אַנדערע פֿאַלן געוואָרן איבעריק, ווי למשל אין אַזעלכע ווערטער, ווי: "פֿעיִק", "עסעיִסט" אָדער "אידעיִש".

דאַקעגן אָבער שטערט מיר דער "שטומער אַלף" דאָרט וווּ ער דינט נאָר ווי אַ סעפּאַראַטאָר, אַ מחיצה־אַלף, כּדי פֿאַנאַנדערצוטיילן צווישן די "דרײַ טשוועקעס", און נישט ווי אַן אַקצענטירער. ער זעט מיר דאָרט אויס ווילד־פֿרעמד סײַ גראַפֿיש און סײַ פֿאָנעטיש, ווי למשל טאַקע אינעם וואָרט, וואָס מען דאַרף שרײַבן *ווו*, (און נישט "וואו"), *וווּהין אָדער וווּאַהין* (און אַוודאי נישט "וואוהין" אָדער "וואואַהין"...), *וווּנדער*, און נישט וואונדער, און אויך נישט וואוינונג, געוואוינהייט, באַוואוסט, אאַז"וו. דער איבעריקער, נישט נייטיקער אַלף באַשווערט אין דעם פֿאַל דאָס לייענען, פֿירט אַרײַן אין אַ טעות די נײַע תּלמידים, און ענדערט, נישט זעלטן, אויך דעם באַטײַט פֿונעם וואָרט (ווי למשל דאָס וואָרט "אָנצווווערן" – וואָס מיטן "שטומען אַלף" באַקומט זיך עס "אָנצואווערן", און האָט אַ קאָנאָטאַציע פֿון אַ וואָרט מיט אַ שלעכטן ריח אין לשון פֿון די ליטווישע

יִדן...). שווערער איז מיטן וואָרט "צווּווּקס" (צוואוואוקס...), וואָס האָט פֿיר "וואָוו" נאָכאַנאַנד, און וואָס איך לייג פֿאָר, ווי אַן אויסנאַם, צו שרײַבן *צו־ווּוּקס*; און אָנשטאָט "עסייִסט" אָדער "עסייאיסט" – לייג איך פֿאָר צו שרײַבן: *עסעיִסט*; און "אידייִיש" – "אידעיִש".

## *וועגן נעאָלאָגיזמען*

די צוויי ענינים – פֿון אויסשפּראַך און פֿון אויסלייג – זענען אַלזאָ גאָר וויכטיקע פּראָבלעמען, וועלכע די לערער וואָלטן געדאַרפֿט באַטראַכטן און זיי לייזן אויף אַ קלוגן און זאַבלעבן אופֿן. איך וויל אָבער זיך אויך באַציִען צו די *נעאָלאָגיזמען*, די נײַע ווערטער, וואָס ווערן אַבסאָרבירט אין דער שפּראַך.

די אַנטוויקלונג פֿונעם לשון שפּיגלט אָפּ, ווי באַוווּסט, די דערפֿאַרונג, ריכטיקער: די דערפֿאַרונגען, פֿון דעם פֿאָלק. אין זײַן צעשפּרייטונג אין רוים און אין צײַט – איבער לענדער און קאָנטינענטן און איבער הונדערטער יאָרן – האָט דאָס ייִדישע לשון אײַנגעזאַפּט און אַבסאָרבירט אין זיך אַ היפּשע דאָזע ווערטער פֿון די פֿעלקער, מיט וועלכע אונדזער פֿאָלק איז געקומען אין באַריר. דאָס לעבן ווערט אָבער וואָס אַמאָל אַלץ מער אינטענסיוו און ברענגט מיט זיך יעדן מאָל (נישט "יעדער מאָל"...) אַלץ נײַע באַגריפֿן – טעכנאָלאָגישע, סאָציאַלע און אַנדערע – מיט וועלכע יעדע שפּראַך דאַרף זיך פֿאַרמעסטן. דאָס איז דאָס פּראָבלעם פֿון דעפֿינירן נײַע ווערטער, פֿון אויסגעפֿינען די אַנטשפּרעכנדיקע באַצייכענונגען פֿאַר די נײַ־אויפֿגעקומענע באַגריפֿן. אויב דאָס וועט נישט געטאָן ווערן, וועט די שפּראַך אַרײַנפֿאַלן אין אַ סטאַגנאַציע און זי וועט ווערן פּשוט אַטראָפֿירט.

מיר ווייסן, אַז אַ נײַ וואָרט אין דער שפּראַך איז ווי אַ פּלאַנטאַציע, אַן אײַנפֿלאַנצונג פֿון אַ נײַעם, אַ קינסטלעכן אָדער אַ פֿרעמדן אבֿר אין אַ לעבעדיקן קערפּער: אָדער עס נעמט זיך אָן, אָדער ס'ווערט אָפּגעשטויסן. כּדי אַ נײַ וואָרט זאָל זיך אָננעמען אין דער שפּראַך און זאָל ריכטיק רעפּרעזענטירן דעם באַשטימטן באַגריף, דאַרף עס דערפֿילן אַ רייי פֿאַרפֿליכטנדיקע באַדינגונגען: דאָס וואָרט דאַרף קודם־כּל זײַן נייטראַל און אָביעקטיוו. נישט פּאָזיטיוו און נישט נעגאַטיוו – אָן אַ וועלכער עס איז פּערזענלעכער אָדער קאָלעקטיווער *שטעלונג* – סײַדן דער באַגריף אַליין האָט אַ ריכטונג אָדער אַ באַשטימטע קאָנאָטאַציע (מ'קען, למשל, נישט פֿאַרלאַנגען קיין נייטראַלע אָדער אָביעקטיווע *שטעלונג* צו אַזעלכע ווערטער, ווי, לאָמיר זאָגן, גוט צי *שלעכט, ביטער, צי זיס*, אָדער, להבֿדיל, "מערדער", "אויסוווּרף" אד"גל);

נײַע ווערטער זענען אָבער נייטיק דער שפּראַך נאָר דעמאָלט, ווען מען געפֿינט נישט אין איר וואָקאַבולאַר קיין געהעריקן עקוויוואַלענט, וואָס זאָל

גענוי אָפּשפּיגלען דעם באַגריף אָדער זײַן ניואַנס, וועלכן דאָס וואָרט דאַרף רעפּרעזענטירן. נײַע ווערטער קענען אויך אויסברייטערן דעם באַגריף, אָדער דינען ווי אַ ניואַנס פֿון דעם באַגריף, וועלכן דאָס פֿאַראַנענע וואָרט (אויב עס איז טאַקע פֿאַראַן) רעפּרעזענטירט נישט אין דער גענוגנדיקער מאָס.

אַ נײַ וואָרט קען אויך דינען ווי אַ סינאָנים, אָדער ווי אַ מאָדערנער סינאָנים, וואָס מוז נישט דווקא מבֿטל מאַכן דאָס אַלטע און קען מיט אים צוזאַמענלעבן אויף אַ גאַנץ פֿרידלעכן אופֿן...

געוויינלעך, אָדער לרובֿ, קלינגען נײַע ווערטער לעבערלעך, צומאָל קאָמיש, אין אונדזערע אויערן, וואָס זענען צו זיי נישט צוגעוויינט. אָבער כּדי זיי צו באַרעכטיקן און מען זאָל צו זיי זיך קענען לײַכט צוגעוויינען – דאַרפֿן די אַרײַנגעפֿירטע נעאָלאָגיזמען אומבאַדינגט פֿאַרמאָגן אין זיך די געהעריקע *אַסאָציאַטיווע עלעמענטן*, וואָס זאָלן געבן ווי ווײַט מעגלעך אַ בילדערישע (און אפֿשר טאַקע אַ *בילדלעכע*) פֿאָרשטעלונג פֿון דעם באַגריף. די אַסאָציאַטיווע עלעמענטן, וואָס זייער אויפֿגאַבע איז צו קאָנקרעטיזירן דעם באַגריף, דאַרפֿן האָבן אַ לאָגישע פֿאַרבינדונג – סײַ צווישן זיך און סײַ מיטן כאַראַקטער פֿון דער שפּראַך, אין וועלכער זיי ווערן אַבסאָרבירט. און, לסוף – זיי דאַרפֿן ווערן אָפֿט געניצט, כּדי דאָס אויער זאָל זיך צו זיי צוגעוויינען.

לאָמיר אויספּרובירן, למשל, אַזעלכע נײַע אָדער ביז איצט נישט געניצטע ווערטער, ווי: *דערגרײַפֿן, אַראָפּלאַנדן, אויספֿינדונג, טראַנסוואָרט, וועזנהייט, פֿרײַווילערישקייט* (אָדער: פֿרײַווילעריש), *גלײַכוואָג, איבעראַנאַנד, פֿאַרשולדיקט* (געוויינלעך געניצט אין אַ נישט ריכטיקער אָנווענדונג) אד״גל.

איך שטעל מיר פֿאָר ווי אויסטערליש פֿרעמד עס קלינגען מאַנכע פֿון די אויסגערעכנטע ווערטער אין אויער פֿון דעם לייענער מיט זייער ערשטן *אויסקלאַנג*. אָבער ווען דער לייענער (אָדער צוהערער) וועט זיך אין זיי אַרײַנטראַכטן און זיי אַנאַליזירן, וועט ער זיך באַפֿרײַען פֿונעם געפֿיל פֿון זייער אויסטערלישקייט און וועט – איבערחזרנדיק זיי אַלץ מער און מער – זיך פּאַוואָליע־ביסלעכווײַז צו זיי צוגעוויינען. ווײַל דאָס זענען ווערטער, וואָס רעפּרעזענטירן געטרײַ די באַטרעפֿנדיקע באַגריפֿן.

לאָמיר נעמען, לויט דער ריי, דאָס וואָרט ״דערגרײַפֿן״: דערגרײַפֿן מיינט – דערשלאָגן זיך, דערגרייכן טיף מיטן געדאַנק, אַרײַנדרינגען מיטן באַגריף טיף אינעם באַוווּסטזײַן; איר האָט דאָ אַ זיווג פֿון ״דערגרייכן״ און באַגרײַפֿן״.

״אַראָפּלאַנדן״ (אויף דער וואָג פֿון ״אַראָפּשיסן״): דאָס וואָרט העלפֿט, למשל, דעם נײַעס־רעדאַקטאָר פֿון אַ צײַטונג אויסצודריקן מיט צוויי ווערטער ״אַראָפּגעלאַנדעט געוואָרן״, די לאַנגע פֿינף־ (און נישט ״פֿינעף״) ווערטערדיקע שילדערונג וועגן אַן עראָפּלאַן, וואָס ״איז געצוווּנגען געוואָרן צו לאַנדן״, ווי מען

פֿלעגט אַמאָל שרײַבן אין אַ צײַטונגס־קאָפּ.

דאָס וואָרט "איבעראַנאַנד" ווערט געוויינלעך (אויך אין סטוטשקאָווס *אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך*) געגרעצט ווי אַ סינאָנים צו "נאָכאַנאַנד". לויט מײַן מיינונג איז "איבעראַנאַנד" דאָס ריכטיקע (און געוויינלעך פֿעלנדיקע) וואָרט פֿאַר "איין מאָל איבער דעם אַנדערן" (לסירוגין, אויף העברעיִש, alternately אויף ענגליש).

"פֿאַרשולדיקט": מ'זאָגט "ער האָט זיך פֿאַרשולדיקט" – מיט אַ חובֿ, מיט אַן עבֿירה אד"גל. אָבער אין געריכטשוועזן איז פֿאַראַן אַן אונטערשייד צווישן "נאשם" און "מורשע": צווישן אַ באַשולדיקטן און אַ פֿאַרשולדיקטן, ד"ה ווענמען *דאָס געריכט האָט אָנערקענט* (אָדער געפֿונען) *פֿאַר שולדיק*. אין די ייִדישע צײַטונגען נוצט מען אָט דעם גאַנצן זאַץ פֿון זעקס ווערטער אָנשטאָט די צוויי ווערטער "געוואָרן פֿאַרשולדיקט"... (צוערשט ווערט מען באַשולדיקט, און דערנאָך ווערט מען דורך דעם געריכט פֿאַרשולדיקט און פֿאַרמישפּט (אָדער פֿרײַגעלאָזט ווי אַן אומשולדיקער).

"אויספֿינדונג": אַ זאַך וואָס איז נישט געווען באַוווּסט, קאָן ווערן אַנטדעקט; אַ זאַך וואָס האָט נישט עקזיסטירט, ווערט דערפֿונדן; אַ פֿאַרלוירענע זאַך ווערט אָפּגעפֿונען. דאַקעגן אַ זאַך וואָס איז געווען פֿאַרהוילן און ווערט אויסגעפֿונען – איז אַן אויספֿינדונג (אַן אַרכעאָלאָגישע אויספֿינדונג, *למשל*. אויך אַ היסטאָרישע אויספֿינדונג, אַ פֿאַרהוילענע אינפֿאָרמאַציע, אַ פֿאַקט, וואָס ווערט אויסגעפֿונען אין רעזולטאַט פֿון אַ פֿאָרשונג, אַ טעאָרעטישער מסקנה אד"גל).

"טראַנסוואָרט", וואָס איך לייג פֿאָר ווי דעם פּאַסיקן עקוויוואַלענט פֿאַר דעם געגרעצטן ענגלישן "Message". עס קלינגט טאַקע זייער אויסטערליש. אָבער ווען מיר פּרובירן עס אַנאַליזירן, געפֿינען מיר עס אויף דער גלײַכוואָג פֿון דעם וואָרט "טראַנספּאָרט", וואָס קלינגט ביז איצט אַזוי נאַטירלעך אין אונדזער אויער, ווײַל צו דעם וואָרט זענען מיר שוין אַזוי שטאַרק צוגעוווינט. דערצו איז טראַנספּאָרט אינגאַנצן אַ פֿרעמדוואָרט, וואָס ווערט געגרעצט אין אַלע אייראָפּעיִשע שפּראַכן – אין דער צײַט ווען *טראַנסוואָרט* איז ווייניקסטנס האַלב ייִדיש. די סעמאַנטישע וואָג איז די זעלבע: אין טראַנספּאָרט רעדט זיך וועגן אַריבערפֿירן מאַטעריעלע זאַכן – סחורות, משׂאות, מענטשן; טראַנסוואָרט, דאַקעגן, באַשעפֿטיקט זיך מיט אַריבערפֿירן ווערטער. דאָס באַציט זיך, ווי געזאָגט, צום ענגלישן וואָרט "מעסעדזש", פֿאַר וועלכן עס איז ביז איצט קיין פֿולשטענדיק געלונגענער עקוויוואַלענט נישט געפֿונען געוואָרן פֿאַר אַ ייִדישער איבערזעצונג. העברעיִש האָט זיך גלענצנדיק אַן עצה געגעבן מיט דער הילף פֿונעם וואָרט *"מֶסֶר"*, וואָס קלינגט זייער ענלעך צום ענגלישן מקור און פֿאַרמאָגט אין זיך דעם העברעיִשן שורש פֿון "מסירה". איך האָב

פּרובירט זיך באַנוצן, ווי סינאָנימען, מיט די ווערטער: איבערוואַקס, אַריבערוואַקס, אָנוואַקס, אָנזאָג, אָנפּאַרזאָג, אָנרוף, איבעררוף, אַ פּניה, אַ בשורה, אַ מעלדונג, אַ פֿאַרלאַנג, אַ *שליחות־בריוו* – אויף דער וואָג פֿון "יחוס־בריוו" (גענוי אַזוי ווי "טראַנסוואָרט" איז אויף דער וואָג פֿון "טראַנספּאָרט"), אַ שליחות־וואָרט, כּוונה־בריוו, כּוונה־שריפֿט, וואָרטשריפֿט, אַ מיטטיילונג, *אַ שיקוואָרט, אַ מיסיאַזש* (פֿון דעם וואָרט "מיסיע").

ווי מיר זעען – אַ גרויסע רשימה פֿאַר אַן אויסוואַל. פֿון אָט די אַלע ווערטער, וואָס יעדעס איינע פֿון זיי האָט זײַן אייגענע וואָג, זײַן אייגענעם ניואַנס און באַדײַטונג (מאַנכע נוצן דאָס וואָרט "אָנדײַט" – אָבער דאָס באַדײַט (אָדער באַטײַט) אַ רֶמֶז). – האָב איך אָבער נישט געפֿונען קיין בעסערן, קיין גענויערן, קיין מער פֿולווערטיקן עקוויוואַלענט פֿאַר דעם ענגלישן "מעסעדזש", ווי אָט דאָס אויסטערליש, אָבער אַזוי נאַטירלעך קלינגענדיקע וואָרט "טראַנסוואָרט" (וואָס איך בין דערווײַל נאָך דער איינציקער וואָס נוצט עס בײַ יעדער מעגלעכער געלעגנהייט)...

און לאָמיר באַטראַכטן נאָך אַן אויסטערליש קלינגענדיק וואָרט פֿאַר אַ באַגריף, וואָס איז אויפֿגעקומען אין דער לעצטער תּקופֿה: *דאָס וואָרט פֿרײַווילעריש*. דערווײַל קלינגט עס טאַקע ביז גאָר אויסטערליש. אָבער כּדי אַ נײַ וואָרט זאָל זיך אָננעמען און זאָל אַרײַנגיין אין דעם גערעדטן לשון, מוז עס באַשטיין, ווי געזאָגט, פֿון אַסאָציאַטיווע קאָנאָטאַציעס, און אין דעם וואָרט איז פֿאַראַן: סײַ פֿרײַהייט, סײַ פֿריוואָל, און סײַ ווילונגיקייט – און דאָס אַלץ צוזאַמען. אויף דעם אופֿן בלײַבט אויך דאָס וואָרט נייטראַל, אָן אַ שטעלונג צו דער עצם דערשײַנונג, וואָס אויף העברעיִש הייסט זי "מַתִּירָנוּת" און אויף ענגליש permissiveness און וואָס האָט נאָך נישט קיין צוגעפּאַסט וואָרט אויף ייִדיש. ווײַל די בוכשטעבלעכע איבערזעצונג, וואָס וואָלט געווען "דערלויבערישקייט", רעפּרעזענטירט נישט דעם באַגריף ווי געהעריק און אין זײַן פֿולן און פֿילטײַטשיקן זין.

## אויף דער לונג און אויף דער צונג

אַ באַזונדערע מי האָבן די "פּוריסטן" געווידמעט דעם קאַמף קעגן די סופֿיקסן (סוף־יקסן) *"זאַם"* און *"ונג"*, ווען דיק באַפֿרײַען דאָס ייִדיש־לאַנד פֿון די באַלאַסטנדיקע צוויי מאָל דרײַ אותיות, כּדי מען זאָל מער נישט דאַרפֿן זאָגן *"אויפֿמערקזאַמ(קייט)"*, נאָר *"אויפֿמערק"*, און נישט *"באַמערקונג*, נאָר *"באַמערק"* אד"גל. ...וואָלט איך

דעריבער געווען אַ בעלן צו זען וואָס מ'קען מאַכן, למשל, פֿון די פֿאָלגנדיקע ווערטער, כּדי זיי צו "אַנטדײַטשן": אײַנזאַם, וואַכזאַם, ווירקזאַם, לאַנגזאַם, אויפֿמערקזאַם.

אָדער למשל: צײַטונג, פֿאַרשפּרייטונג, באַדײַטונג, באַגלייטונג, דערגרייכונג, ריכטונג, דיכטונג, פֿאָרמירונג, באַזירונג, פֿאַסירונג, באַריכטונג, דענערווירונג, בעסערונג, ענדערונג, צערודערונג; פֿעלשונג, דערקוויקונג, אַנטציקונג, דערפֿרישונג, אָפּפֿרישונג – און נאָך אָן אַ שיעור אַזעלכע און אַנדערע ווערטער, וואָס פּאַסן זיך נישט אַרײַן אין דעם קאַנאָן פֿון די גדולי הפּוסקים און משגיחים איבער די תּקנות פֿון דעם "נאָרמאַטיוון ייִדיש".

(אַזויאַרום וואָלט מען דאָך אויך, לויט דער־אָ "נאָרמאַטיווער" לאָגיק, געדאַרפֿט אפֿשר אַרײַננעמען אין אָט דער חבֿרותא – פֿאַרוואָס נישט? – אַזעלכע ווערטער, ווי למשל: *אַ שפּרונג, אַ שווונג, אַ קלונג,* און – "וואָס אויף דער לונג, איז אויף דער צונג"). נעמט אַראָפּ פֿון אָט די ווערטער דעם "ונג" – און דאָס לשון וועט בלײַבן אָן אַ צונג. און אויך מער נישט יונג...

אין דער ריכטיקער, אין פּרינציפּ, טענדענץ זיך צו באַפֿרײַען פֿון ווערטער, וואָס קלינגען צופֿיל "דײַטשמעריש", איז די זאַך בײַ אייניקע ייִדיש־געלערנטע, ווי שוין פֿריִער געזאָגט, – דורך גוטע כּוונות – דערגאַנגען, לויט מײַן מיינונג, ביז צו אַן איבערגעטריבענער אָבסעסיע, אַפֿילו ביז צו... אָרטאָגראַפֿיאָמאַניע.

דאָס איז נישט קיין וויסנשאַפֿטלעכער אַנאַליז, נאָר באַמערקונגען און פֿאָרשלאָגן (אָדער "פֿירלייגן", לויטן פּוריסטישן נוסח). מיט אָט די ספּאָראַדיש אָנגעוואָרפֿענע מחשבֿות מיינען מיר נישט זיך ווידער אַרײַנצולאָזן אין דער אומזיניקער לינגוויסטישער מלחמה – נאָר צו באַוועגן די פּראָפֿעסיאָנעלע לינגוויסטן און די באַרופֿענע נאָרמירערס פֿון דער שפּראַך זיך ערנסטער פֿאַרטראַכטן און צו נעמען אין באַטראַכט איר לאָגיק, דעם חוש פֿאַר דער שפּראַך און דעם שׂכל הישר ווי אומבאַדינגטע אַרגומענטן אין זייערע מאָטיוון – כּדי דאָס ייִדישע לשון זאָל חלילה נישט ווערן פֿאַרטרוקנט, זאָל נישט ווערן אויסגעדרענגט פֿון זײַנע קוואַליקע זאַפֿטן. און, דער עיקר – כּדי ייִדישע ווערטער זאָלן נישט זײַן פֿרעמד אין מויל און אין אויער פֿון ייִדישע מענטשן.

*"טאָפּלפּונקט" נומ' 4*, **יוני 1999**

(מיט לײַכטע דערגאַנצונגען)

**מייַן דאַנק און אָנערקענונג:**

די קינסטלער **יאָסל בערגנער** און **משה סחר**,
**בני מר**, רעדאַקטאָר פֿון "דווקא", פֿאַר זייַנע קלוגע
און זאַכלעכע עצות;
דעם שומר הלשון **אליעזר ניבאָרסקי**
פֿאַר זייַן אָפּגעהיטענער קאָרעקטור,
די פֿען־קאָלעגן **יהודה גור־אריה** און **אהרון גאַראָן**, און
די אַלע וואָס האָבן מיר געהאָלפֿן "מיט ראַט און מיט טאַט"
און מיט פֿינאַנסיעלער שטיצע, ווי אויך
**מייַן טאָכטער אורית** –
פֿאַר דער גראַפֿישער פֿאָרמירונג פֿון דער הילע
און **מייַן פֿרוי אסתּר**, וועלכע האָט אויסגעטראָגן
די עיקרדיקע לאַסט בייַם צוגרייטן די צוויי ביכער צום דרוק

לזכר

מײַן פּאַרטיליקטער היים אין וואַרשע,
מײַן אומגעברענגטער משפּחה, מײַנע
חבֿרים פֿון אַמאָל, מײַן אויסגעמאָרדעט
ייִדיש פֿאָלק און מײַן פֿאַרשניטענער
קינדהייט און יוגנט.

אַרטיקלען פֿון יצחק לודען האָבן זיך געדרוקט
אין די פֿאָלגנדיקע צײַטונגען און צײַט־שריפֿטן:

| | |
|---|---|
| לעבנס־פֿראַגן | תּל־אָבֿיבֿ |
| לעצטע נײַעס | " |
| פֿאָרווערטס | ניו־יאָרק |
| אונדזער צײַט | " |
| קולטור און לעבן | " |
| ייִדישע קולטור | " |
| די גאָלדענע קייט | תּל־אָבֿיבֿ |
| בײַ זיך | " |
| ייִדישוועלט | " |
| יוגנט־וועקער | " |
| פֿאָרויס | מעקסיקע |
| אונדזער וואָרט | פּאַריז |
| ייִדישע העפֿטן | " |
| אונדזער געדאַנק | מעלבורן |
| די גרינע מדינה | אַמסטערדאַם |
| טאָפּלפּונקט | תּל־אָבֿיבֿ |
| דאָס ייִדישע וואָרט | וואַרשע |
| די פּען | לאָנדאָן |
| ירושלימער אַלמאַנאַך | ירושלים |

# אינהאַלט פֿון צווייטן באַנד

## אין געיעג נאָך מאָמענטן



### די אייביקע רגע...



### מענטש, ווער ביסטו?

## קעגנאיבער דער גלעזערנער שטײַג

## פֿון נאָענטן אַמאָל



## אַן אַרויסבליק אין דרויסן



## אַן אַרײַנבליק אין קונסט



## דאָס לעבן דערציילט



## און בלײַבן אַ מענטש: אידעען, פּאָלעמיק, מחשבֿות



## פֿון דעם מחברס איבערזעצונגען

# *די ביכער פֿון יצחק לודען*




***קעמפֿער פּאַראַד*** – 19 ״מאַקאַמעס״ פֿון **חיים חפר** אין דער אויטאָריזירטער ייִדישער איבערזעצונג פֿון יצחק לודען אילוסטרירט פֿון דעם דאַדאַ-קינסטלער **מאַרסעל יאַנקאָ**. מיט אַן אַרײַנפֿיר־וואָרט פֿון דעם פּרעמיער **לוי אשכול** צו דער ייִדישער אויפֿלאַגע.

גרויסער אַלבאָם־פֿאָרמאַט, 56 קאַרטאָן־זײַטן. פֿאַרלאַג ״עמיקם״, תּל אָבֿיבֿ 1968 .




***פֿון חלום צו שלום*** – **די דראַמע פֿון דעם שלום־פּראָצעס מיט עגיפּטן.** רעפּאָרטאַזשן פֿון דעם מחברס באַזוך אין מצרים מיט דער זשורנאַליסטן־דעלעגאַציע גלײַך נאָך פּרעזי' סאַדאַטס ״שלום־דעסאַנט״ אין ירושלים אין נאָוועמבער 1977 – און ביז דעם שלום־אָפּמאַך מיט קאַיר.

238 זײַטן. פּ״ג לעצטע נײַעס, תּל אָבֿיבֿ 1979. די הילע און פֿאָטאָגראַפֿיעס אין בוך אויסגעפֿירט פֿון דעם מחבר.




***פערל פֿון גן־עדן*** – **וועגן קונסט און וועגן קינסטלער.** אַרטיקלען, עסייען און שמועסן וועגן געשיכטע דער קונסט און וועגן 90 ישׂראלדיקע, ייִדישע און אוניווערסאַלע קינסטלער. אילוסטרירטע פּראַכט־אויסגאַבע.

328 זײַטן גרויסער אַלבאָם־פֿאָרמאַט מיט 500 בילדער – 32 קאָלירטע פּלאַטן. פֿאַרלאַג ה. לייוויק, תּל־אביב 1987. (צווייטע אויפֿלאַגע: 1988).




***מחווה ליידיש*** – **די כּנסת סאַלוטירט פֿאַר ייִדיש.** פּראָטאָקאָלן פֿון דער ספּעציעלער זיצונג געווידמעט דער ייִדישער שפּראַך און קולטור. פּלענום־זיצונג מאָנטיק י״א בטבת התשנ״ג ( 4־טער יאַנואַר 1993). צוויי- און דרײַ-שפּראַכיקע בראָשור איבערגעזעצט, צוגעגרייט און דערלאַנגט צום דרוק : **יצחק לודען.**

אַרויסגעגעבן דורך דעם ״וועלטראַט פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור״ און דעם ייִדישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פֿאַרבאַנד אין ישׂראל. 50 זײַטן (+25 ז״ז ענגליש). ירושלים תשנ״ג 1993.




די באַרימטע פּאָעמע ***דער לאָקאָמאָטיוו*** פֿון פּוילישן דיכטער **יוליאַן טווּוים** אין דער ייִדישער איבערזעצונג פֿון **יצחק לודען** – אין אַ קינסטלעריש אילוסטרירטע ביכעלע, אַרויסגעגעבן פֿון דעם שולקאָמפּלעקס פֿאַר פּלאַסטישער קונסט אין טשענסטאָכאָוו, פּוילן, ווי אַ דיפּלאָם־אַרבעט פֿאַר דעם אַרויסלאָזיאָר 1995.

## ביכער רעדאַגירט, באַאַרבעט און צוגעגרייט צום דרוק דורך יצחק לודען:




***מעדעם סאַנאַטאָריע בוך*** – אָנדענק־בוך פֿון דעם איינציק־אַרטיקן פּעדאַגאָגיש־ געזונטהייטלעכן מוסטער אַנשטאַלט די "מעדעם־ סאַנאַטאָריע" הינטער וואַרשע – אַ קינדער־רעפּובליק מיט ייִדיש ווי די אומגאַנג־ שפּראַך. געגרינדעט אין יאָר 1926 און ליקווידירט דורך די נאַצי־דײַטשן אין אויגוסט 1942 צוזאַמען מיטן פּערסאָנאַל, וואָס איז פֿרײַוויליק מיטגעגאַנגען מיט די 250 קינדער צום אומקום אין טרעבלינקע.

462 זײַטן, האַרטער אײַנבינד. פֿאַרלאַג "מנורה", תּל־אָבֿיבֿ 1976.




***יוסף בולאָוו: פֿון אַלטן מאַרקפּלאַץ*** – איינע פֿון די שענסטע ליטעראַריש־קינסטלערישע ־ ווידמונגען דער פֿאַרטיליקטער ירושלים ד׳ליטא. דער גרויסער מײַסטער פֿון דער ייִדישער בינע אַנטפּלעקט זיך אין דעם בוך ווי אַ גרויסער מײַסטער פֿון ייִדישן ליטעראַרישן וואָרט. מיט אַ באַגײַסטערטן נאָכוואָרט פֿון **שלום ראָזענפֿעלד**.

338 זײַטן. פֿאַרלאַג י.ל. פּרץ. תּל־אָבֿיבֿ 1995. (אויך די הילע פֿאָרמירט פֿון יצחק לודען).




***און דאָך – דעם מאָרגנרויט אַנטקעגן***, עסייען פֿון **אַרטור לערמער** (1908 – 2003), פּראָפֿעסאָר אין מעק־גיל אוניווערסיטעט אין מאָנטרעאָל, מיטגליד פֿון וועלט־קאָאָרדינירקאָמיטעט פֿון "בונד", אַקטיווער אינטע־ לעקטועלער טוער פֿאַר ייִדישער קולטור און פֿאַר דעם בונדישן סאָציאַלדעמאָקראַטישן געדאַנק. פֿאָרוואָרט פֿון **ד"ר העשיל קלעפּפֿיש** און אַ נאָכוואָרט פֿון **יצחק לודען.** הילע : **יאָסל בערגנער.**

420 זײַטן. פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אָבֿיבֿ תשנ"ט – 1999



איך האָב פֿאַרלאָזט מײַן געבורט־לאַנד פּוילן און געקומען קיין ישׂראל סוף 1948 – און זשורנאַליסטיק איז נישט געווען דער טרוים פֿון מײַן יוגנט. כ׳בין „אַרײַנגעפֿאַלן" צו איר גאָר צופֿעליק, געמיינט דאַן בלויז אויף צײַטווײַליק, וואַרטנדיק, ווי אַ „נײַער עולה", אויף אַ צוגעזאָגטער אַרבעט אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטח. אָבער – אויך אין מײַן פֿאַל האָט זיך באַשטעטיקט דער כּלל, אַז עס איז נישט פֿאַראַן קיין סטאַבילערע זאַך, ווי די צײַטווײַליקייט. אַזוי ווי דאָס לעבן אַליין.

אין מײַן „צײַטווײַליקייט", וואָס האָט געדויערט 40 יאָר אין די „לעצטע נײַעס" אונטער דעם גרינדער און רעדאַקטאָר מרדכי צאַנין, האָב איך די אַלע יאָרן מיטגעמאַכט די געשיכטע פֿון אָט דער ייִדישער צײַטונג, אָנהייבנדיק פֿון מערץ 1953 ביז מײַן פּענסיאָנירן אין די אָנהייב 90־ער יאָרן.

ווי אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע האָב איך אין די פֿערציק יאָר באַגלייט דעם אויפֿשטײַג, און מיט ווייטיק אויך צוגעזען די ירידה פֿון דער דאָזיקער צענטראַלער און פּאָפּולערער טריבונע פֿון דעם ייִדיש־וועזן אין ישׂראל, ווען זי איז צום סוף אַרײַנגעפֿאַלן אין נישט פּראָפֿעסיאָנעלע הענט, וואָס האָבן דערפֿירט צו איר אונטערגאַנג.

איך האָב אָבער נישט פֿאַרלאָזט מײַן צווייטע פּובליציסטישע היים – דעם זשורנאַל „לעבנס־פֿראַגן", און ווי דער רעדאַקטאָר זינט דעם טויט פֿון זיין גרינדער און רעדאַקטאָר יששׂכר אַרטוסקי אין דעצעמבער 1970 ביזן הײַנטיקן טאָג (אויך קרובֿ פֿערציק יאָר), ווי אויך די לעצטע צען יאָר ווי אַ קאָלומניסט אין „פֿאָרווערטס"– האָב איך צוגעזען און מיטגעמאַכט די קליינע שׂימחות און די גרויסע ווייטיקן, די פֿריידן און לײַדן פֿון דער ייִדיש־וועלט פֿון נאָכן חורבן.

אַקטועלע זשורנאַליסטיק פֿון הײַנטיקע און נעכטיקע טעג

**א**ין ערשטן באַנד פֿון דעם בוך האָבן מיר פּרובירט ברענגען אַ גרעסערע צאָל מוסטערן פֿון אונדזער בסדר זיך ענדערנדיקער, און בסדר זיך איבערחזרנדיקער ווירקלעכקייט – יעדעס מאָל אין אַן אַנדערער פֿאָרם.

דער צווייטער באַנד אַנטהאַלט נישט בלויז אויפֿגעכאַפּטע מאָמענטן, נאָר אויך אויפֿגעכאַפּטע געדאַנקען, ווי אַ טייל פֿון מײַן פּובליציסטישער באַשעפֿטיקונג. ווען זיי קומען אין די ראַמען פֿון דער זשורנאַליסטיק, זענען זיי געוויינטלעך נישט אַלעמאָל ליטעראַריש סטיליזירט, היות ווי עס דאָמינירט אין זיי דער אינפֿאָרמאַטיווער עלעמענט. איך האָב אייניקע פֿון זיי אַרײַנגענומען אין מײַן בוך מיטן געדאַנק, אַז אויך מחשבֿות געהערן צו די מאָמענטן, נאָך וועלכע עס יאָגט זיך דער פּובליציסט – און עס איז כּדאַי זיי אויפֿצוכאַפּן און פֿאַרשרײַבן.

דאָס בוך *"אין געיעג נאָך מאָמענטן"* שטעלט מיט זיך פֿאָר – אין זײַנע ביידע בענדער – אַ פּרווו פֿון אַ רעטראָספּעקטיוון איבערבליק איבער אָט דער דורכגעמאַכטער תּקופֿה – דורך אַ געזאַמל און אַן אָפּקלײַב פֿון די אויפֿגעכאַפּטע מאָמענטן פֿון דעם געזעלשאַפֿטלעכן און פּאָליטישן לעבן אין מדינת־ישׂראל – ווי אַן עדות און אַ פּובליציסטישע דאָקומענטאַציע פֿון אַ ביז גאָר דראַמאַטישער תּקופֿה אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק.


9789657348116